# מײַן אויצער



אלעקסאנדער גוביניצקי



פארלאג
„סאָוועטסקי
פּיסאטעל"

מאָסקווע · 1973

С(Евр)2
Г 93

אלעקסאנדער גובניצקי געהערט צו די סאָוועטישע ייִדישע פּראָזאיִקער, וועלכע זײַנען געקומען אין דער ליטע־ראטור אין די דרײַסיקער יאָרן. אויסגעוואקסן אין א שטוב פון ייִדישע באלמעלאָכעס און אליין לאנג זײַענדיק א שאָ־פער, מאָלט דער שרײַבער אין זײַנע ווערק מענטשן, וואָס האָבן פארשטאנד פאר שעפערישער מי און מאזלבראָכעדי־קער האָרעוואניע. גובניצקיס דערציילונגען און נאָוועלן ציי־כענען זיך אויס מיט עמאָציאָנעלער אָנגעגליטקייט און פאַר־שטעס.

Г $\frac{733-401}{083(02)-73}$ 193—73



# מײַן ייִכעס

## איך ברען און טרינק זיך

געבוירן בין איך, כאַלילע, ניט קיין זיבעלע. די מאמע האָט מיך אויסגע־טראָגן אַלע נײַן כאַדאָשים און געבראַכט אױף דער װעלט צװישן ראָשע־שאָנע און יאָמקיפּער. דער גוף מײַנער איז אַ גוף, די נעשאָמע — אַ מענ־טשישע, אָבער געהירן — דאָס, זײַט מויכל, טוט אַ פרעג בא נאָשע דעם רויפע. ער האָט זיך געהאַט זײַן מעשוגאַס, אָט דער רויפע פונעם שנאַ־רער־געסל: װי נאָר עס װערט געבוירן אַ קינד אין שטעטל סטרי, װאַרפט ער גלײַך אַ מעװױנישן קוק דורך זײַן קישעף־ברִיל און שאַצט אָפּ, צי פאַר־מאָגט דער נעפעש געהירן... מיטאמאָל כאַפּט רעב נאָשע ארויס אַ שערל און שנײַדט מיר אָפּ דעם פּופּיק...

געמאַכט די „אָפּעראַציע”, שנײַצט רעב נאָשע אויס זײַן פּיצל נעזל, װישט אָפּ מיט אַ װינדעלע, װאָס פּאַקט זיך אים אונטער דער האַנט, דאָס שװײַסיקע פּאָנעם, און פון מיר רינען דערװײַל ריקעס בלוט...

דער זיידע מײַנער, מייער באַלנעס, װאָלט אים, נאָשען, דערװאָרגן מיט זײַנע פאַרגרעבטע סאָלדאַטישע הענט. נאָר דער רויפע, װי ניט אים

וואָלט מען געמיינט, פאַרענדיקט געשיקט זײַן אײדל שטיקל אַרבעט און קוקט שוין דורך זײַן קישעף־בריל, מע זאָל גיכער באַצאָלן.

מייער באַלנעס טוט אַ פרעג מיט קאָס באַם רויפע, צי וועל איך נאָך לאַנג זשיפּען נאָך זײַן אָפּעראַציע. רעב נאָשע בינדט איבער מיט אַ קויטיקן ווישלשנור דאָס רענצל, נעמט דעם שטעקן און קרעכצט אַרויס:

— טע־טע־טע, רעב מייער... פון טויזנטער קאַרפּן, זאָלט איר וויסן, וואָס שפּרינגען און רײַסן זיך פון וואָלעק באַ דעם פישער, טרעפט נאָר איין פיש צוריק אין טײַך אַרײַן.

— אָבער וואָס איז מיקויעך לאָשן? — האַלט ניט אויס דער זיידע. — דאָס קינד איז שטום?!

איך שווײַג: פאַרוואָס זאָל איך שרײַען, אַז מע האָט מיר שוין באַשאָטן מיט קראָכמעל די ליטקעס און ס'איז מיר טרוקן — אַ מעכײַע. טאַטע־מאַמע מאַכן זיך פון מיר אַ קליינעם צימעס — איך בין ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער באַ זיי. דער כעזשבן איז דערווײַל ניט קיין גלײַכער — דרײַצן פּיקערס...

די באָבע טראָגט מיך אַרויס פונעם פינצטערן אַלקער.

אין דרויסן שײַנט מיר די לעוואָנע גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן: אָט פּיקט זי מיר אין גראָבן נעזל און אָט אין שטערן. קוק, הייסט עס, מאַמזער, אַף מײַן ליכטיקער וועלט.

באַם פענצטער שטייט שוין סטעפּאַן סטראַזשניק: גיב אים טשינש פאַר מײַן געבוירן ווערן — אַ גלעזל מאַשקע, מער דאַרף ער ניט, צאַפּן בלוט וועט ער שפּעטער...

איינמאָל, ווען איך בין שוין אַלט געווען עטלעכע וואָכן, בין איך געשלאָפן באַם זיידן אין סוקע. דאָס ליכט ברענט דאָ, אין מייער באַלנעס' רעזידענץ, גאַנצע מעסלעסן: ס'איז יאָרצײַט נאָך אַ פאַרשטאָרבענעם.

טרוקענע שטענגלעך פון פשענעטשקעס דעקן צו דעם דאַך, אויסגעזעכערטע קאָנאָפּליעס פאַרפּוצן די ווענט.

פּלוצעם — מע קלאַפּט, מע דונערט אין טיר:

— רעב מייער, די סוקע ברענט!

— שיקעלע! — טוט מיך אַ כאַפּ אַרויס פונעם שטרויענעם וויגעלע הערש־וואָלף דער מעשוגענער. — אויב דו וועסט אַזוי ליגן און דריגען מיט די פיסלעך, קאָנסטו דאָך אַפּנעמעסן פאַרברענט ווערן...

ער לויפט אַוועק צום טײַך, און איך אַף זײַנע הענט טליִע ווי אַ האָלעוועשקע...

— טיץ, טיץ אין וואַסער... — שרײַט דער מעשוגענער. איך מאַך דרייקעפּלעך, טויוולט זיך הערשל אויך אונטער און כאַפּט מיך אַרויס פון וואַסער. אויסגעטרייסלט מײַנע אויערן, טוט ער מיר אַ קוועטש דאָס באַקעטע קעפּל, און — הערט נאָר, וואָס עס קאָן פּאַסירן: אַ סוואָרע, אַז

הערש־וואָלף האָט פון מיר דעמלט, פאר קיינעם געדאכט, ארויסגעטרייסלט די געהירן...

אין דער היים, בא דער סרייפע, דרייט זיך שוין ארום נאָשע דער רויפע. ער קוקט אף מיר דורך זײַנע פענסנע, ווי ער וואָלט זיך גע־קווענקלט: ארײַנלייגן די געהירן דעם פיפערנאָטער צוריק אין מויעכל, צי לאָזן אים אף דער וועלט געוועלטיקן אָן געהירן?..

מע זאָגט, אז ער האָט זיי מיר צוריק ארײַנגעפּראוועט, נאָר, ווײַזט אויס, ער האָט עס געמאכט, דאָס געשעפט, ניט אינגאנצן קאָשער. צי עפּשער גאָר האָט א בייזע כוואליע א פּאָר געהירן צעשווענקט. עלע ניט, איז וואָס זשע לויף איך אזוי אלע נאכט צום שרײַבטיש?..

...א שאָד, וואָס די דאָזיקע נאכט גייט שוין צו גרונט — עס טאָגט שוין, און איך זיץ בא מײַן שרײַבטישל, די גרייס ווי א גענעץ, און אין הארצן ווערט מיר אלץ ווארעמער, כאָטש דער דרויסן בלאָזט זיך און הוידעט די ביימערשע קרוינען, בלעטער פארדעקן די ערד, ס'איז אָסיען־צײַט. איך שרײַב וועגן מײַן קינדהײַט, וואָס כאָטש זי איז אויסגעוואלגערט אין שטויב פון דער גאס, איז זי דאָך פול מיט ליכט און מיט זיסע כאלוימעס...

דער זיידע מײַנער איז געווען ווײַט ניט קיין צאדיק, קיין באל־טוירע אויך ניט, נאָר מײַסעס האָט ער געוווסט א יאם. טאקע אין אזא אָסיען־נאכט פלעגט ער זיך אוועקזעצן מיר דערציילן זײַנע ווונדער־מײַסעלעך:

— אמאָל איז געווען א בער...

— אמאָל איז געווען א באָבעצע...

— שווימט אין יאם די באסמאלקע...

— אמאָל האָט געלעבט א מענטש...

דעם זיידנס מויל קוקט ארויס פון דער געדיכטער באָרד, ווי פון קראטער א פלעמל: יעדעס וואָרט שרעקט באנאכט און וועקט מאכשאָוועס נאָך מאכשאָוועס, דער מאמעס מילך ווערט פארקילט אין מיר, און איך פלי פון בערג, פאל אין טיפע טאָלן — איך ברען און טרינק זיך...

## דעם רועכס טויץ

— וואָס האָסטו זיך דאָרט צעגראגערט, טאכשיט מײַנער? געווג, וואָס דער זיידע דײַנער איז א שמאטניק, — בורטשעט די מאמע, — קריך אראָפּ פונעם אויוון! גאנצע טעג כאליאטשעט ער דאָרטן...

די זון אין הימל איז ענלעך אפן געלן טשאָלנט־ברעטל, וואָס דעקט צו דעם אָנגעהייצטן אויוון.

שפּעטער אָסיען. דער ערשטער שניי פאלט זיך, ניט געכאפּט, אפן טרוקענעם שליאך, אף שטאכעטן פון פּארקנס, בלײַבט ליגן, ווי שאָפּענע פּעלעכלעך.

— מע זאָל נאָר ניט געפרווווט ווערן, ריבוינעשעלוילעם, — פּארשאַרט די מאמע מײַנע א פּאָר גלײַענדיקע קוילן ארום דעם קריגעלע אָקרעפּ, —

טוט נאָר א קוק, ווי ער האָט זיך עס צעלייגט און טאראבאנעט די באַ־סיאטשנע לידלעך זײַנע...

בא אונדז אין שטוב, אז מע הייצט נאָר אײַן דעם אויוון, צי די הרובע, ווערט אזא רויק, כאָטש עפּן ביידע טירן און דעם זיידנס טויער פון דער שאַפע. דער טשאד הענגט אונטער דער סטעליע, ווי דער באָבעס קאָלדרע אויף דער אלקער־טיר — אונדזער שירהאמײַלעס, אזוי צו זאָגן, פון א גוט־אויג דער קימפּעטאָרן...

איך בין, קיין אײַנהאָרע, דער דרײַצנטער — איינער פונעם רועכס טוץ. שלינג איך רויק איניינעם מיט פרישע פּיפּאָלעקלעך און וואקס צוביסלעך. מײַן הוילעך: א פּאָר קורצע מײַטקעלעך אָן קנעפּלעך, פיר לאַטעס, זעקס לעכער...

איך וואקס אין דעם פארטשאדעטן פּאלאץ אונדזערן. די מאמע בא דעם פּריפּעטשעק — די ברידערלעך און שוועסטערלעך, אלע צוועלף, האָט מען אָפּגעשיקט אף קעסט צו נאָענטע און ווײַטע קרויווים. נו, און דער טאטע? פאר די אויגן שטייט ער מיר מיטן שעלראָש אפן שפּיץ שטערן און שעל־יאד אף דער לינקער האנט. אין שטוב איז האלב פינצטער, א מאָרעשכוירע הענגט איבער אונדז. אונטער דער סטעליע בלײַבט הענגען דער מאמעס וויינענדיק קאָל:

— אף וועמען לאָזסטו מיך איבער, מאַטיע?..

דאָס איז די מילכאָמע פארפלויגן צו אונדז... די גאנצע וועלט האָט געשמעקט פון איר שוין זומער־צײַט, און איצט, אין אָסיען, איז זי געקו־מען צו אונדז, אין שנאָרער־געסל...

מיר מאָלט זיך טאקע אויס, אז דער הימל פאלט צו דער ערד, קיינמאָל וועט שוין די זון ניט ווארעמען. נאָר פונדעסטוועגן שלינג איך דערווײַל א הייסן פּיפּאָלעק, און די מאמע, א קליינטשינקע, א דארינקע, מיט רויטע אויגן פון רויך און פון דאכקעס, זיצט אפן באנקבעטל, ארבעט א זאָק און טײַנעט מיט רוגזע צום טאטן:

— א ייד זאָל אָנלאָזן א פולע שטוב מיט רויך, ניט וועלן פאריכטן דעם קוימען... ווי א ביידער־ייִנגל לויפט ער צום טײַך כאפּן פישן!..

דער טאטע מײַנער כאפּט פיש ניט פאר זיך. פאר א קויש פלאָטעצעס צאָלט אים זיסיע פישער צוויי גראָשן. טוט זיך עס אין שנאָרער־געסל: פאר א פישל איז מען גרייט איינער דעם אנדערן כאפּן פארן גאָרגל.

פּיטש־נאָס, פון איין וואסער ארויס, אין א צווייט וואסער ארײַן, קומט דער טאטע א פארגליווערטער, נאָר מאמעש א גליקלעכער — אין גרויסן עמער וואָרפן זיך פרישע פלאָטעצעס. די מאמע אָבער איז גאָר ניט אזוי ניספּאָעל:

— דרײַ וויידעלעך געבראכט... אלע יאָרן ביסטו אים אן אומזיסטיקער מעשאָרעס.

פול מיט קנייטשן איז דער מאמעס פּאָנעם. אלע פּרימאָרגן איין דײַגע: ווו נעמט מען א קערבל?.. שלאָפן שלאָפט זי נאָר מיט איין אויג, דאָס צווייטע קוקט — וואָס טוען די קינדער?..

איז וואָס טאקע טוען זיי, די קינדער?

זומער איז מײַן פאַרגעניגן באָדן פרעמדע פערד: ארויספּלי̇ען מיט דעם גניאדע פונעם טײַך אָדאָם־נאקעט, ווי די מאמע האָט מיך געהאט, און גאלאָפּ, גלײַך צום וואָגן פון אונדזער שאָכן פּראָקאָפּ.

— שטשאָב טאָבי, האָלאָפּופּניק, פּאָווילאזילאָ!.. — שרײַט אף מיר פּראָקאָפּס ווײַב יארינע. — זדוריוו, מאָטיעוויטש, טשי שטשאָ?[1]

נאקעט, פארדעקט מיט א ביסל גרין גראָז דעם פּופּיק, ליג איך אונטערן וואָגן, ביז פּראָקאָפּ אליין ברענגט מיר ניט פונעם טײַך די מײַטקעלעך...

און נאָך איין כאלאס האָב איך: א גאנצן טאָג אָפּליגן אפן בוידעם באם דושניק מיט א טאָרבעלע הירזש און האָדעווען די טײַבעלעך.

פארשטיין זייער לאָשן — איז דאָס גרעסטע פאַרגעניגן מײַנס.

דרייט דער „ער” זיך שטיל ארום „איר”, ווייס איך, אז טייקעף זעצט „זי” זיך אף די אייעלעך... וואָרקען אלע טײַבעלעך מיטאמאָל, פיל איך שוין, אז עס לופּעט זיך פון שאָלעכץ א נײַגעבוירן טײַבעלע: צוערשט דאָס פּיסקעלע, דערנאָך א פיסל, נאָך איינס...

אז דער „טאטע” מיטן פּי̇אָלעטאָוון טשוביק איז אומרו̇יק און דערשראָקן, פארשטיי איך, אז עס דערנעענטערט זיך א סוינע צום דושניק. קריך איך ארויס פון סטריכע שטרוי און בין גרייט, דער קאפּטשיק זאָל מײַן אייגן הארץ אויספּיקן, נאָר די טײַבעלעך ניט טשעפּען...

דאָס איז — זומער, און אָסיען... אָסיען־צײַט ציטער איך באזונדער פאר ראבטשיקן, דער אלטער היצעל זאָל אים ניט כאפּן. דרייט זיך ראבטשיק ארום מיר, האווקעט אונטער צוליב היימלעכקײַט, פּאָכעט מיטן קורצן ווידעלע אָדער ליגט גלאט אזוי שטיל הינטערן טויער, הריזעט א ביין... טראָגט עס אָן דעם היצעל, וואָס פארווארפט אָן ראכמאָנעס די קליוטשקע מיטן צעביסענעם שטריקל, — אף וועמען? אף ראבטשיקס אויסגעדייוועטן העלדזל...

לויף איך שוין מעשוגענערווײַז צום פּאָפּערעטשנע יאר, איין זעץ מיט א שטיין אין דער טיר־קליאמקע פונעם היצעלס פורגאָן — און עס פלי̇ען פון דאָרטן גלײַך אין פּאָנעם ארײַן ווילדע קלאָווים מיט פארשמאכטע ציינגער, און מײַן ראבטשיק צווישן זיי...

— טרייפענע קישקע! — טרייסלט מיך דער טאטע, ווי מע טרייסלט טערפּקע בארלעך. — שוין א היצעל געוואָרן!

אין דרויסן איז שוין טונקל. פון הייליקן אָרט דערטראָגט זיך אהער אין געסל אזא וואונדערלעכער ניגן:

---

[1] די אויגן זאָלן דיר ארויסקריכן, דו הוילער פּופּיק איינער!.. דו ביסט מעשוגע געוואָרן, צי וואָס?

נע כעליס, יאוויר,
טאי נא וואָדו!..

צעלייג איך זיך אפּן גראָז, ווי שימשן־האגיבער, די גוווּרע שפּארט פון מיר, ווי פון דעם שינדער אין בוינע. און אין מיר צעגייט זיך די ליד...

נע זשוריס, קאזאק,
נא קאָנעווי —
סאמאָ סערדצע נויע...

צו מײַן אויער דערגייט דאָס קאָל פון הינדע באָן — פון דער גרעסטער יאכנע פון שנאָרער־געסל:

— האָסטו אים ניט געזאָלט קליינערהייט אזויפיל קעצקען, טויזנט מאָל אין טאָג אים געבן זויגן... — אזוי זאָגט זי צו מײַן מאמען, און איך פאַרשטיי, אז זי מיינט עס מיך.

פרילינג־צײַט מאכט זיך א טאָג מיט א פריילעכער מינע. איך זיץ אין א זײַט, הער זיך צו צו טאטע־מאמע און צייל די ניס, וואָס די באָבע האָט מיר געשענקט אף פייסעך. זאָלן שוין גיכער ווערן סטעזשקעס אין דרויסן. גראָבט מען דעמלט אויס א גריבל, מע שפּילט אין ניס. פאַרשפּילט? גייען קאשטאנעס אין קאָן — זיי ליגן צווישן בעט און קאסטן.

דאָ, אין קישעף־קאסטן, ליגט דער באָבעס פארמעגן: צוויי טאָרבעס וועלשענע ניס, קאבאק־קערלעך. שטילערהייט, מײַנע הענט זאָלן נאָר ניט אָפּדארן פאר גאנווענען, נעם איך זיך באלעבאטעווען אין קאסטן, און עס בלײַבן דאָרט ליידיקע טאָרבעלעך און א בארג לושפּײַקעס. סע הייסט: מײַז עסן קערלעך און קנאקן ניס... „די ווערעם זאָלן זיי פרעסן" — שילט די באָבע.

— נאָך יאָמטעוו, אימיר־רצעהאשעם, — זאָגט די מאמע, — נעם איך א לערער, די קינדער זאָלן כאָטש קענען לייענען און שרײַבן, ניט אויסוואקסן קיין פארגרעבטע דאָמאָוויקעס.

— שרײַבן! — טו איך פריילעך א בריקעווע, גיס אָן אין טינטערל בלאָווע באליע־וואסער און שרײַב קאָטשערעס מיט לאָפּעטעס...

אף דער מאמעס פּאָנעם ווערן אלץ מער און מער קנייטשן... אלע פרימאָרגן איין דײַגע: ווו נעמט מען א קערבל?.. שלאָפן שלאָפט זי נאָר מיט איין אויג, דאָס צווייטע קוקט — וואָס טוען די קינדער...

אָט דאָס טאקע איז זייער גאנץ טועכץ... מע בריקעוועט...

אָבער איצט, אז די מילכאָמע שפּארט שוין אָן פון דער זײַט בריקל, וועט שוין דאָס לעבן זײַן א ביסל אנדערש...

מע כאפּט שוין ניט קיין פּלאָטעצעס, מע באקט שוין ניט קיין פּיפּאָלעקעס...

# מײַן וועלט

דער לייטער שאָקלט זיך. דרײַ לײַסטלעך זײַנען אויסגעבראָכן, ווי די פוילע ציין באם זיידן אין מויל. נאָר קוים האָסטו אָנגעכאַפּט זיך פארן דרענגל, וואָס סטארטשעט פונעם בוידעם, ביסטו שוין באם קוימען.

דער קאָפּ אין בוידעם־פענצטער ארויסגעשטעקט, ביידע זשמעניעס אָף ארוף. אָט־אָט, נאָך איין ווערשקע, כאפּסטו אָן דעם הימל...

פליט א שווארצע וואָראָנע, נעמסטו א שטיינדל און צילסט אין איר. הע, ניט געטראָפן, ס'איז ארײַן אין די כמארעס...

פון אונדזער שטוב ביזן פוילן בריקל — עטלעכע שפאַן. דאָ איז שוין מײַן מעדינע: דורכן בריקל פירט מען בורעקעס. א שטאָך מיטן צוואָק, וואָס אפן לאנגן שטעקן, צוויי בורעקעס — מײַנע.

זומער, נאָכן גרויסן מאבל, שווענקט עס אראָפּ אונדזער בריקל, דאָס שנאָרער־געסל בלײַבט אָן ברויט, אָן קרויט, אָן בארלעך און אָן פלוימען. ניט אין מיל צו פּיניע אלביטער צו פאָרן, ניט צום באן, ניט צום טויק, ניט צום צוקער־זאוואָד — אָפּגעשטעלט זיך די גאנצע מאשינעריע פונעם לעבן.

ווען מע האָט אָנגעשאָטן דעם נאסיפּ, ברוקירט מיט שטיינער דעם שליאך, צונויפגעקלעפּט אזא ווונדערלעך בריקל — דאָס ווייסט קיינער ניט. ווייסן ווייסט מען איצט איין זאך, אז צוריק אופשטעלן דאָס בריקל איז ניט פון די גרינגע זאכן. מע ברעכט דעם קאָפּ און מע זיצט דערווײַל אָן ברויט, אָן קרויט, אָן רינדער...

דאָס בריקל איז דער צענטער ניט נאָר פון מײַן מעדינע. אהער קומען קינד־און־קייט. וואָסי? א שטאָט זאָל ניט פארמאָגן איר אייגענעם קלאָ־זעט, — אלע לויפן דורכן בריקל צו פּראָקאָפּס לעוואדע...

אָן דעם קלאָזעט וואָלט מען נאָך געקאָנט לעבן, אָבער דאָס שטעטעלע סטרי האָט א סאך אנדערע מײַלעס: פאלט אַײַן אין דער איינציקער באָד די וואנט צום טײַך, קראצט מען זיך פלייצעס א גאנצן ווינטער בא אָנגע־הייצטע הרובעס... פאלט ארײַן א קאץ אין קרענעצע, מוז מען טראָגן וואסער דרײַ ווערסט, אזש פון דער זאוואליע... כאפּט איין קינד א לופּט, צעהוסטן זיך, צעניסן זיך, צעקאכיקען זיך אלע נעפּעשלעך אין שנאָרער־געסל...

קיין גרויסע געשעעניש, צווישן אונדז גערעדט, איז די מאגייפע ניט פארן שטעטל: ווער עס וויל, שטארבט, ווער עס וויל, בלײַבט א קאליקע אָף אלע יאָרן...

אויך אָף סימכעס האָט סטרי זײַנע מײַלעס:

ווי נאָר עס טוט א שפּיל בעניע קלעזמער אָף זײַן טרובע, אזוי גייט דאָס גאנצע שנאָרער־געסל אוועק א טאנץ, גלײַך מע האָט אלע פאר־זעסענע מוידן כאסענע געמאכט... און מיידלעך בא אונדז — פארליבטע אויגן, שווארצע לאנגע צעפּ, אויסגעצויגענע נעז, ווי מע וואָלט זיי אלע צוגעשניטן בא יאָסל שנײַדער אפן געווענטענעם טיש...

שאדכאָנים אין שנאָרער־געסל? מע קאָן זיך באגיין אָן שאדכאָנים:

צעבראָכן א טעלער און אָפּגעשפּילט די כאסענע... ערשט געווען די כאַ־סענע, זיצן שוין אין וויגעלע די יאָרשים...

דאָס שטעטעלע סטרי וואקסט, ווי אף הייוון: א גאנץ יאָר ווארפן באַלעבאָסטעס ארויס דאָס מיסט צום בלאָטע־טײַך, ווערט די בלאָטע גע־דיכטער און די גאס — העכער...

פיר קארטאָפליעס צעשניטן אף אכט כאנעקע־לײַכטערלעך. בא דער דאָזיקער מענוירע פליקט מען פעדערן, מע וויקלט איבער קינדער, מע פאראָשטשינעט ברויט, מע פארמערעזשעט א זאָק, בא דער קנאפּער שײַן סילעט מען ארײַן א נאָדל־פאָדעם, מע באווײַזט אויך אויסוואשן די קעפּ־לעך און אפילע פארפלעכטן צעפּלעך...

מיטאמאָל טוט א שאָט די זון אירע גלײַענדיקע שטראלן, און עס ווערט פריידיק אפן הארצן... גראָזן הייבן אָן קריכן פון דער ערד, אקאציע־ און עפּל־צוויט מאכן ווײַס די וועלט, ווײַנשלביימער בלײַען ווי שיינע מיידלעך און קוקן ארײַן אין פענצטער. ווײַבער זעצן זיך אוועק האלב־נאקעט אף די פריזבעס און גיבן זויגן די קינדער...

אך, מײַן וועלטעלע: דאָס פוילע בריקל, זשאבעס און פּיאווקעס אונטער די קלאדקעס, בערג מיט מיסט באַם ברעג פון טײַך, דרײַ לײַסטלעך אפן קרומען לייטערל, מיידלעך פרינצעסנס מיט אויסגעצויגענע נעזער און מיט שווארצע צעפּ... ווי ליב און נאָענט דו ביסט מיר...

אָט איז אונדזער כורווע אין דעם שנאָרער־געסל...

מע דארף גיין צום טאלנער רעבן. יאָסל דער שנײַדער האָט שוין געבראכט דאָס קאָרטענע מיצעלע, געשווירן זיך בא זײַנע קינדער:

— איך, מאָטיע, דארפסטו וויסן, אויב טאנדעט — מאך איך פארן סאָ־קאָליוועקער זוואָנאר... אָבער פאר דײַן מיזיניק מוז איך שוין נייען דין, געדיכט, פארמאָצעוועט, ניט אָנרוקן אים, דעם באָכער דײַנעם, א יאָלעם איבער די אויגן, ווי רוועלע פארך, איך בעט איבער דײַן קאָוועד...

אין שטוב בא אונדז טרינקט מען פארן קאָרטענעם מיצעלע. מאָרגן איז שאבעס, קומט דאָך אוואדע און אוואדע א גלעזל ווישניק...

יאָסל דער שנײַדער פארבײַסט מיט געלע קיכלעך, וואָס קרישלען זיך אונטער די ציין:

— מוז איך שוין, מאָטיע, נייען דיך, געדיכט, פארמאָצעוועט, ס׳איז דיר ניט רוועלע...

יאָסל וויל זיך שוין נעמען צום קאָרבנמינכע, ווײַזן, אז מע איז גאָרניט פון די גראָבע יונגען, נאָר דער טאטע שטופּט אים ארויס פון אלקער, שלעפּט מיך ארײַן און נעמט זיך צו מיר מיקויעך גיין צום טאלנער רעבן.

מיר איז געפעלן די גאנצע מײַסע מיטן טאלנער רעבן. ס׳איז טשיקאווע צו זען כסידים מיט פארגלאָצטע אויגן, וואָס שאָקלען זיך, ווי מעשוגאָים, און קערן אויס מיט די לאנגע קאפּאָטעס די ווײַבערשע שול.

— מעשומעד איינער, — שרײַט די באָבע, — רוק ניט דאָס מיצעלע איבער די אויגן, ביסט ניט רוועלע...

— מיר זאָלן אים דערלעבן פירן צו דער כופּע, — זאָגט די מאמע און טוט מיר אָן דאָס פּליושענע גארניטערל, פון איר אלט סאקל אופגעבייט. עס טוט א טרישטשע אונטערן ארבל — א נאָט האָט געפּלאצט.

— ניט קיין שטוב, נאָר עפּעס א זשמיקע־מעשאלקע, — בייזערט זיך דער טאטע. ער וויל שוין נעמען מיך שלאָגן, נאָר די מאמע שטעלט זיך איין פאר מיר:

— ווילסט מאכן יאָמקיפּער אין שטוב?

מײַן בריקעווען זיך גייט מיר דאָס מאָל אָפּ גלאט. זיץ איך מיר, ווי א סטאטיקל, קײַ א בײַוועלע — די מאמע פארצירעוועט דעם נאָט.

אפן וועג צום רעבן טרעפן מיר אָן שײַע דעם בלינדן, זאָגט די מאמע:

— שפּײַ אויס דרײַ מאָל...

אָט דאָס פארשטיי איך שוין אינגאנצן ניט: א גאלעך אָדער א קסיאָנדז זאָל איבערגיין דעם שליאך, איז שלים־שלימאזל, אָבער שײַע דער בלינ־דער, וואָס זינגט אף כאסענעס, האָט א שעם פון א מענטשן א דימענט, איז — שפּײַ אויס דרײַ מאָל?..

עס יאָגט אונדז אָן יאָסעלע דער שנײַדער, בעט באם טאטן, אינמיטן גאס, א פּערציקער אף א שקאליק.

דער טאטע איז אָנגעטאָן אין שווארצן סורדעט, אין ווײַסן הערצל, פארגינט זיך אָט דער שנײַדערוק מאָנען א פּערציקער!..

צינדט זיך אָן אין מײַן טאטן דאָס בלוט, כאפּט ער ארויס דאָס אייב־ציקע קערבל, וואָס מע מוז געבן דעם רעבן אין שיסל, טוט עס א וואָרף יאָסלען.

אָבער מייער באלנעס׳ זון, אויב ער גייט שוין יאָ צום רעבן, וועט ער פארזעצן די קאפּאָטע, נאָר דאָס פּאָנעם ניט פארשווארצן. ווו זשע נעמט מען א קערבל פארן רעבן?

פארהייבט די מאמע דאָס הינטערשטע קליידל, שלעפּט ארויס פון דאָרט איר דראָשעגעשאנק, דאָס זילבערנע קערבל, וואָס ליגט פארנייט שוין א יאָר פערצן...

באקלעפּט מיט כסידים בא א לאנגן טיש, זיצט דער טאלנער רעבע. מענוירע־ליכט גויסען. מיר עפענען די טיר, פארלעשט זיך א ליכטל.

— שאָלעם־אלייכעם, רעבע!

מע שטעלט מיך אף דער באנק, כסידים האלטן מיך אונטער, און עס ווערט אזוי שטיל, אז נאָר די פליג אף דעם טעלער מיט געבעקס הערט מען זשומען...

— ווי אלט ביסטו, יינגעלע?

— פיר יאָר.

— זאָגסטו מוידע־אני?

— איך קען כאדגאדיאָ.

— ווער לערנט מיט דיר?

— באלעגאָלעס דאווענען...

— באלעגאָלעס? הערסטו זייערע זידלערײַען?..

— איך פארשטעל זיך די אויערן.

דער רעבע איז אנציקט פון מײַן כאָכמע, און ער לייגט אויס א כעזשבן דעם טאטן, אז אויב מע גיט מיך אָפּ פאר א כאָסידל צום רעבן, מאכט ער פון מיר א טאלמיד־כאָכעם.

— ניין, רעבע, — נעמט מיך דער טאטע פארן הענטל, — ווי׳אזוי גאָט וועט פירן... זאָל ער וואקסן מיט טאטע־מאמע...

— נו, זאָל זײַן מיט גליק, — און דער רעבע שטעקט מיר ארײַן א פּײַג גלײַך אין מויל ארײַן. — א יינגל אף כאריפעס, מאָטיע בען מייער. געוואָלט האָב איך, אייגנטלעך, מאכן פון דײַן קינד א מענטשן...

— א פערד, רעבע, פאָרט אויס די גאנצע וועלט און בלײַבט א פערד, — און ער טוט א קלאפּ מיט דער טיר, גלײַך מע וויל אים דאָ באראבעווען...

אפן אויוון, צי אָנגעשפּארט אין דער אָנגעהייצטער הרובע, זיצט מייער באלנעס, לערנט מיט מיר סייכל.

קאשעס בא מיר — טויזנט: וויפל וועסט איז צום הימל? צי קאָן מען מאכן אזא לייטער און ארופקריכן? אויב מע האָט מיך געקויפט אין קלייט, בא פיניע אלביטער, איז וויפל קאָסט אזא, ווי איך?

— צוויי מעשענע לײַכטער...

— אזוי וואָלוול?!.. צי קאָן מען קויפן נאָך אזא אנטיקל בא דעם טרעלבוך?

— ניין, שיקעלע, דאָס ניט...

איך דעק אײַן דעם זיידן מיט דער קאָלדרע די פיס זײַנע, און ער מאכט צו די אויגן. ער ציט צונויף די פארוואקסענע ברעמען:

— זעסט, שיקעלע, דאָס שערל אפן טיש? ווען מע וואָלט געקאָנט אויסשערן דעם נאר פון קאָפּ, ארויסלאָזן די גאל, זעקס גראָבע הויטן אָפּשינדן און איבערלאָזן נאָר די נעשאָמע בא דעם מענטשן, — אָ!.. די וועלט איז אן עפּעלע, דארף מען קענען עס צעטיילן אף גלײַכע כאלאָקים... איינער באם צווייטן זאָל פארשפּאָרן רײַסן פון מויל דעם ביסן... דער טאלנער רעבע פאסקנט שײַלעס, גלעט זיך אויס זײַן ווײַסע באָרד, לייגט ארײַן טיף אין קעשענע דאָס קערבל, וואָס מע שענקט אים. נאָר קעדיי צעטיילן יענץ גאניידן־עפּעלע אף גלײַכע כאלאָקים, פארמאָגט ער צו לעפּישע פינגער... אין סיביר, זאָגט מען, לעבט יאָ אזא גאָלדענער מענטש, פארקאָוועט די הענט אין קייטן... הע, שיקעלע, ווען מע צעפענטעט זיי אים — ווערט גאָר אן אנדער דער דעך אין שטוב.

איך דערלאנג דעם זיידן א שטיק גריפּעל, נעמט ער און מאָלט אָן אפן טישל א קליין פינטעלע.

— זעסט א פינטעלע? דאָס ביסטו. וועסט אויסוואקסן, שרײַ קיינמאָל ניט, אז דו ביסט, שיקעלע, א גרויסער קנאקער — ביסט מער ניט, ווי א קליין פינטעלע אף דער ערד, צו וואָס דארפסטו גרויסע האסאָגעס?.. האָסט יויך מיט קאשע? — גוט...

דער זיידע פארטראכט זיך און זאָגט ווײַטער:

— אין ווינקל שטייט א בעזעם, וויפל שווייס האָט מען פארגאָסן, ביז

די פּרוטיקלעך וואַקסן אויס... גייט פּראַקאָפּ טשאַרנאַדיד אין וואַלד אַרײַן, האַקט זיי אונטער, טראָגט זיי אַף זײַנע פּלייצעס אין דאָרף, זיצט גאַנצע נעכט, פּלעכט די פּרוטיקעס, טאַסקעט דעם קלומעק בעזעמער אין מאַרק, קויפט מען אַזאַ שטיק סכוירע פּאַר אַ שיבעש. און נאָך אַלעמען, אַז מע האָט שוין אויסגעקערט די שטוב, איז איינס פון דיביידע: אָדער מע וואַרפט דעם אויסגעריבענעם בעזעם אין מיסטקאַסטן אַרײַן, אָדער מע הייצט מיט אים אויס די הרובע...

מע קאָן אַזוי אָפּזיצן מיטן זיידן גאַנצע ווינטער־נעכט, הערן און הערן.

די גאַנצע וועלט איז ־דער זיידע מײַנער, דער ניקאָלײַעווער סאָלדאַט, אויסגעפאָרן און אויסגעקראָכן, געקוקט אַף איר מיט ביידע אויגן, גע־שמייכלט און געוויינט, געלאָפן און געפאַלן...

פּלעגט אים אָנכאַפּן אַזאַ נאָגעניש, כאָטש וואַרף אַראָפּ די קאַזיאָנע שטיוואַלעס, לויף אַהיים — צוריק אין אָט דעם וויסטן שנאַרער־געסל...

...קווייטן שפּראָצן אַף די פענצטער, ווי קראָפּעווע אַף פּראַקאָפּס לע־וואַדע, — מאָרגן וועט זײַן אַ פראָסט...

## אין שטוב שמעקט מיט עסיק

זאָל אײַך דער קאָפּ פּאַר מיר ניט ווײ טאָן, מע האָט מיך שוין פאַר־קנאַסט מיט דער קוזניע: זונטיק, אימײַרצעהאשעם, הייב איך אָן מײַן שווערע אווידע — פּאַר אַ גילדן אַ וואָך וועל איך קאָווען אקסן בא מאַטאָנע דעם קאָוועל.

אַפן טיש קאַלויצעט מען פּיר גלעזער טיי אָן צוקער. איך שטיי באַם פענצטער, די סימכע איז אין סאַמע ברען. „שמאָרע ניט מיט דער נאָז, געליימטער כאָסן!“ — טוט מיך אַ טאָרקע דער טאַטע.

דאָ אין שנאָרער־געסל דינגט מען זיך ניט לאַנג — מייער פּאַלאַטש פון דער שטאָט־קאַפּעלע שפּילט שוין אַף דעם גרויסן פּויק און טעצלט אונטער מיט ביידע מעשענע טאַצן.

אָן אָרעמע יעסוימע מאַכט מען אַזוי פּריילעך ניט כאַסענע, ווי מיך פּאַר מאַטאָנע קאָוועל.

מאַטאָנע איז אַ געלינקטער, פּאַלט מיר דער האַמער דאָס ערשטע מאָל אַפן פוס...

ליג איך שוין אַפן רויטן קושעטקעלע אָן איבערגעבונדענער.

די מאַמע פּאַנקעוועט מיך מיט מאַלינע־סאָק און מיט זיסע הינער־יײַכלעך...

בא אונדז אין אַלקער זיצן נאָוואַבראַנצעס, קנאַקן קערלעך „אַף אָפּ־ציִען זיך“. זיי לאָזן ניט שלאָפן איינער דעם אַנדערן. כאַפּט זיך איין נאָוואָבראַנעץ ביגנייווע אַרײַן אין קיך, ניורעט זיך אײַן באַם פּריפּעטשעק, הייבט אָן כראָפּען. אין אַלקער דערשמעקט מען, אַז ס׳איז עפּעס גרינגער געוואָרן צו עטעמען... עס פעלט אַ פּאַרשוין? אָפּגעזוכט אים אַ שלאָפנדיקן, שטעלט מען אים אַרײַן אַ שקאַרמיצל צווישן די פינגער און מע צינדט

עס אָן. כאַפּט ער זיך אויף, דער נאָוואָבראַנעץ, ווי אַ דולער, פּונעם שלאָף און „מאַכט אַ וועלאָסיפּעד".

אַזוי, נאַכט נאָך נאַכט, נאַכט נאָך נאַכט, קנאַקט מען קערלעך און מע לאָזט איינער דעם צווייטן ניט שלאָפן. אַבי אין קאַזאַרמע ניט אַרײַנפּאַלן...

דער גרעסטער פאַרגעניגן בײַ נאָוואָבראַנצעס: דער טאַטע מאַכט מיר אַ „האָרביקל" פון אַ קישעלע. אַלע זינגען, פײַפן און פּליעסקען: האָפּיי, האָפּיי, מאַמזערל!

נאָכן „מאַמזערל", ווען מע האָט שוין אויסגעקנאַקט צוויי זעק קערלעך, ברענגט טשאַרנאָדיד די עמעסע בסורע מײַן מאַמען:

— מאַזלטאָוו! מע האָט שוין מאַטיען אָפּגעקאָכט...

— אָפּגעקאָכט! איז ווי דער מאַמען מיט די קינדער איניינעם! — וויי־נען ווײַבער, קושן די מעזוזע, רײַבן זיך די שלייפן. אין שטוב שמעקט מיט עסיק: מאַמעס כאַלעשן...

גליקלעך איז נאָר איין מאַטאָנע קאָוועל. ער האָט באַצײַטנס זיך גע־מאַכט „אָן אויער", גיי רוף אים קנאַקניסל.

מאַטאָנעס „פּײַערטאָפּ" — דער בלאָזזאַק נעמט זיך צו דער אַרבעט ערשט פרײַטיק פאַרנאַכט, ווען פרומע ווײַבער בענטשן שוין ליכט... אויב אין שנאָרער־געסל דונערט, מע קאָוועט פערד און מע ציט אָן בײַ דער שײַן פון דער לעוואָנע שינעס, איז אַ סימען, אַז מאַטאָנע קאָוועל האָט זיך אָפּגעגעסן אַ נעם געטאָן צו דער אַווידע.

אויך איצט, אינמיטן געיאָמער, האָט זיך מאַטאָנע פּלוצעם צעקלונגען, ווי דער זוואָנאַר אין קלויסטער. פון איין זײַט — ווײַבערשע קלאָגערײַען; פון דער צווייטער — דאָס קלאַפּן פון אײַזן אָן אײַזן. און איך? איך ליג פאַרטויבט אויף דעם רויטן סאָפּקעלע און קאָן דעם אָטעם ניט כאַפּן. דעם טאַטן נעמט מען צו... דעם טאַטן נעמט מען צו...

אין דער רעגע פאַרגעס איך אין מײַן פּוס — עס ציט מיך אין קוזניע. איך שאַר זיך אַרויס אין גאַס. פון שטוב שמעקט מיט עסיק, אין דרויסן שעמערירט די לעוואָנע.

## די קינדער פירן מילכאָמע

אַלעקסאַנדער מוקדן האָט אַוודע ניט געהאַט אַזויפיל פאַרגעניגן פון זײַנע מילכאָמעס, ווי מיר, די באָרוועסע כאַליאַסטרע, פון די געשלעגן.

די גאַנצע וועלט איז פּריטשמעליעט. און נאָר אין סטרי טראָגט זיך אום אַ וויכער: שטיינער פליִען פונעם מאַרק אין שנאָרער־געסל, פונעם שנאָרער־געסל — אויף דער זאַוואַליע.

היי, שטאָט־באַלעבאַטים! איר זאָלט אַפילע ניט פּרוּוון עפענען די לאָדן, אַראָפּנעמען די אײַזערנע פּרענטעס פון די קלייטן, אויב איר ווילט נאָר בלײַבן גאַנץ... און אַז מע פירט אַרויס אַפן מאַרק איידעלע סכוירע: אייער, געפּאַקעוועט אין שטרוי, ליימענע קריגלעך, מאַקרעטעס, טעפּ, טעלער, ווערט פון אָט דער האָרעוואַניע שערבלעך, שטיקער צעבראָכן גלאָז, אייער־שאָלעכץ...

ניטאָ אזא קויעך אף אײַנצוהאלטן אונדזער קאס, שטילן די סינע פון איין גאס צו דער צווייטער.

עס פאלט די זון טיף באם האָריזאָנט, ריטשקעס בלוט רינען פון איר. זאָגן קלויז־יידן מעווינעס: אויב קינדער האלטן צווישן זיך מילכאָמע און די שקיִע גייט אָפּ מיט בלוט, איז פארפאלן, די עמעסע מילכאָמע איז שוין אָט־אָט באם צווינטער...

שאבעס באטאָג, ווי געווײנלעך, שפילט מען טעאטער בא פּראָקאָפּ טשאָרנאָדידן אין קלוניע. נאָר אָט פליט ארײַן א שטיין אין סטריכע. רײַסט מען איבער די שפיל אין סאמע מיטן, מע לויפט ארויס, ווי ווילדע טיגרען, מיט פּראָקאָפּס שווארצן הונט, און מע לאָזט זיך אראָפּ־בארג, צו די ווער־בעס. מע קומט אף דער לעוואדע, וווּ עס ליגן שטיינער, גלאָזווארג, פּרענטעס, זאווערס, פארזשאווערטע שוואָרענס, דישלעס, בלעך, שטעכיקע דראָט, צוימלעך, קליאמקעס...

געפאקט דעם סוינע פארן קאָלנער, ווארפט מען אים, ריישיס־כאָכמע, ארײַן אין טיפן הני. ליגט ער, דער געפאנגענער, מיטן פּאָנעם אראָפּ, שמעקט זיך אָן מיט לעבעדיקע ווערעם.

קוים ביסטו אין געפאנגענשאפט, מוזטו געבן קאָנטריבוציע: רײַכע גיבן געלט, אָרעמע — אויב ניט די קלינגערס, איז א שטיק קאָרן־ברויט, גע־פּרעגלטע פּלאָטעצעס, א פּאָר ציבעלעס, זויערע אוגערקעס, זיסע מערן. און ברענגסטו א שטיקל קוילעטש, בארן־צימעס, שטרודל, — גיי זיך פרײַ אהיים.

שווערדן, אויסגעשניצטע פון ווערבע־צווײַגן, רעוואָלווערן פון שטיקער אײַזן. פּעך און שוועבל ברענט גוט. מע טראכקעט פון שליסלען, עס גייט אזש א פײַער!

אונטערגעקלאפּט אן אויג, צי אויסגעבראָכן זיך א פוס, — דאָס איז בלאָטע, דעריקער — זיך ניט פּאקן אין פרעמדע הענט...

זונטיק — גלײַך ווי נעכטן וואָלט גאָר קיין מילכאָמע ניט געווען. כעוורע שטייט מיט איבערגעבונדענע פּענעמער. דער מארק קאָכט, מע קנאקט קערלעך. מע ווינקט זיך איבער מיט מיידלעך. און אָט האָט א כעוורע פארפירט א שפּיל: טרעפסטו ניט, ווער האָט א פּאטש געטאָן אין דער דלאָניע, — שטעל זיך!

דער שטאָט־מעשוגענער כאצקעלע בעץ, הערש־וואָלפס קאָלעגע, האָט ארײַנגעלייגט ביידע הענט אין די קעשענעס פון זײַן טאטנס פארשמאָל־צעוועטער קאפּאָטע און גלאנצט מיט די דולע אויגן. ער לאָזט ארויס א גאוורער פונעם מויל, שרײַט איבערן גאנצן מארק:

— אוי, אוי, אוי, גיב אהער די מעלניטשקע!..

דער מעשומעד פון שנאָרער־געסל בערעלע קניפּ דערזעט כאצקעלען און ווערט פריילעך:

— דו נעם, כאצקעלע, א דישל און לייג זיי ארײַן די יאָרן, דער שפּאנא... — נאָר כאצקעלע שלאָגט ניט, ער פארקוקט זיך אף א פערד, וואָס פרעסט געשמאק פון א בינטל היי, — כאצקעלע האָט דערפון האנאָע, ער קײַט אליין אויך א שטעכיקע שטרוי...

# היישעריקן

די וועלט ענדיקט זיך באַם פּוילישן קאָסטיאָל. וויַטער שטייען שוין ציילעמס, דאָרט יאָגן ארום שיידים.

— מיר זיַינען גאָטס קינדער, — זאָגט די באָבע.

— גאָטס גאנאָווים, — פאַרמאַכט דער זיידע די לאָדן פאַרן גיין שלאָפן.

— ווּעסט אריַינפאַלן אין געהענעם אריַין, מייער, — קרעכצט די באָבע, שלעפנדיק דעם צעבער אַף באנאַכט פון פירהויז אין קיך אריַין...

— אויב די־וועלט איז דער גאנײדן, וויל איך אַף יענער־וועלט פאַר־זוכן דעם טאַם פון געהענעם, — טוט אויס דער זיידע זיַין קאַמזויל.

פאַרן שלאָפן רעדט מייער באַלנעס וועגן געלט:

— פּאַפּירענע אסיגנאַציעס, — טוט ער א זאָג גלאַט אין דער וועלט אריַין, — קאָן מען דאָך נאָכמאַכן... נו, און דער קייסער? פּרווו אויסמאָלן אזא מאָרדע, ווי באַ ניקאָלאַשקען.

— שרעק ניט דאָס קינד אַף באנאַכט, — לעשט אויס די באָבע דעם פאַרייכערטן לאָמפּ.

— ניקאָלאַשקע? — באָמבלען זיך מיר א גאַנצע נאַכט עפּאָלעטן, שפּאָרן, רימענע נאַהיַיקעס, אוריאַדניקעס און רעוואָלווערן...

די לעוואָנע שיַינט א סאַך מאָל ליכטיקער פונעם פאַרטשאַדעטן לעמפּל. ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען יעדע שטוב זאָל האָבן איר לעוואָנע...

— זיידע, — זאָג איך, — פאַרוואָס שלאָגן זיך עס מענטשן?

— א מענטש האָט א קישקע אָן א דנאָ, שיקעלע...

— איז זאָל נאָכמען באַנדער אריַינשטעלן...

— ע־ע, ביסטו דאָך פון די כעלעמער כאַכאָמים, קינד מיַינס, — קרעכצט דער זיידע.

פונעם אַלקער הערט זיך דער מאַמעס קאָל:

— דער האָן וועט שוין באַלד קרייען, שלאָפט שוין!

דער זיידע רעדט שטילער:

— גאָט קאָמאַנדעוועט ניט נאָר מיט מאַלאָכים, אויך מיט היישעריקן... מאַלאָכים זיַינען אין הימל, — פאָנפעט ער, — היישעריקן אַף דער ערד...

— צווייפיסלדיקע? — מישט זיך אריַין די באָבע.

הייבט אָן מייער באַלנעס אויסצורעכענען אַף די פינגער:

— פּיניע אַלביטער, דאָס איז זייער אטאַמאַן, מוישע מוטשניק, בע־רעלע קניפּ...

— אבי איך האָב געמיינט, אז היישעריקן קריכן אַף פיר פיסלעך.

— פּיניע אַלביטער — זייער אטאַמאַן?

— אויב גאָט איז א פאָטער, פאַרוואָס זשע, זיידע, שענקט ער די היי־שעריקן מילן, מוישע מיטשניקן גילדענע צענערלעך... זיי האָבן מילן, און מיר באָרגן מעל אַף שאַבעס...

מייער באַלנעס שלאָפט שוין. פון דעם אָפּגעריבענעם באַנקבעטל טראָגט זיך זיַין שווערע כאָרכלעריַי.

אין קווייטנדיקן פענצטער קוקן אַרײַן דעם היישעריקס אויגן. ניט אַנ־דערש, אַז די זון טוט זיך איבער, אַזוי לאַנג פֿאַרהאַלט זי זיך אין דער פֿינצטערניש הינטער די כמאַרעס.

דער אָסיען האָט זיך שוין אַזוי אײַנגעגעסן אין די ביינער, אַז כאָטש נעם און צעלייג פֿײַער אױף דער גאַס, די מענטשן זאָלן זיך דערוואַרעמען...

קאַיאָר וואַלגערט זיך די לעוואָנע אין הימל, ווי נאָכמען באָנדערס אַ רייף פֿון אַ דייזשקע...

אױף דרײַצן קינדער — צוויי פּאָר פּוישטעלעך, פֿיר שקראַבעס: איין פּאָר פֿון זיידנס פּיס, די צווייטע — פֿון דער באָבעס...

אַז דער טאַטע טוט אָן דעם וואַטאָווע פּידזשאַק, זיצט די מאַמע באַם אויוון. גייט די באָבע נאָך באָרשטש, מוז דער זיידע זיך וואַלגערן אױפֿן באַנקבעטל.

הײַנט גייט קיינער ניט אַוועק פֿון שטוב. זיצן מיטן זיידן איז פּאָשעט אַ פֿאַרגעניגן. ער הייבט אָן פֿון באָנאַפּאַרטן, ראָטשילדן, יאַפּאָנער געפּאַנ־גענשאַפֿט און לאָזט אויס, אַז עס שמעקט שוין מאַמעש אין דער נאָז מיט פּולווער... די שטאָט איז פֿול מיט סאָלדאַטן: מע זעט זיי אין גאַס, אין מאַרק, אין באָד, אַפֿילו אין בעסמעדרעש...

— פֿאַרוואָס בוצקען זיי זיך, ווילהעלם מיט ניקאָלקען, האַ, זיידע?

מייער באַלנעס פֿאַרדרייט די זאַקרוטקע:

— אין דעם, פּידסוויניק מײַנער, איז דער סאָד פֿון דער פּאַסקודנער וועלט, וואָס מע שיקט דײַן טאַטן אין פֿײַער אַרײַן און ווילהעלם מיט ני־קאָלקען מאַכן דערוויל קידעש...

פֿון דעם זיידנס ציגאַר ווערט אין שטוב נאָך געדיכטער דער רויך. די מאַמע נייט פֿאַרן טאַטן אַ טאָרבע. מאָרגן בלײַבן מיר אױף דער מאַמעס צוויי אויסגעדייוועטע הענט — דרײַצן פּיקערס...

אומזיסט געקנאַקט גאַנצע נעכט געזשאַרעטע יאָדערן אױף אָפּצי׳ען זיך, סײַווי האָט מען דעם טאַטן אָפּגעגעבן פֿאַר אַ סאָלדאַט.

פֿאַרנאַכט ווערט מיר פֿריילעכער, ווען סאָלדאַטן שפּיליען אָפּ זייערע רימענס, טוען אויס די שטיוול, פֿאַרײַסן די פֿיס צו דער סטעליע, הייבן אָן זינגען לידער. דאָס גאַנצע שנאָרער־געסל דרייט זיך אַרום זיי און זינגט אונטער.

— זאָלסט ניט גיין צו פּעטשײַעווער מיידעלעך, — פֿאַרציט בערעלע קניפּ.

אים איז גוט אױפֿן האַרצן: באַקומען אַ ווײַסן בילעט, איינער אַליין אַ האַלב זעקל יאָדערן אויסגעקנאַקט.

לויפֿט ער אַרײַן צום טאַטן מײַנעם און נעמט אים מינטערן:

— נו, מאָטיע, גאַרטל זיך אונטער, און גיי שלאָג זיך „זאַ צאַריאַ אי אָטעטשעסטוואָ!..״

ניין, ניט קיין מענטשן רעגירן מיט דער וועלט, — גאַזלאָנים, היישע־ריקן, צי עפּשער גאָר די מעשוגאָים כאַצקעלע בעץ און הערש־וואָלף...

## שאנעוועט די מאמע

באנאכט ווארפט די מאמע ארויס א פֿאַרטל: זי פֿאַרגלאָצט די אויגן, ווערט געל, ווי וואקס, געזעגנט זיך מיט אלע דרײַצן קינדער...

שלאָפֿט מען שוין ניט ביז טאָג, מע האָט אײַנגעהייצט דעם אויוון, אופֿגעזאָטן אָקרעפּ מיט מילך. איין ווארעם־פלאש צו די פיס, די צווייטע — צום הארצן. מע ראטעוועט די מאמע.

נאָך דער דאָזיקער נאכט האָט דער טאטע צונויפֿגערופֿן דאָס געזינדל — פויעלן בא אונדז, מיר זאָלן שאנעווען די מאמע.

די באָבע איז געזעסן אָן א זײַט אין איר גראָוון פֿאַריק, גרייט אונדז אײַנשלינגען...

דערווײַל הייבט אָן דער טאטע זײַן דראָשע:

— שלאָגן שלאָגט מען פֿערד. איך, קינדער, וויל מיט גוטן — היט אָפּ די קראנקע מאמע...

הייבט זיך אָן אן איבערקערעניש: מע פֿאַרעט די וואנצן, מע וואשט די דילן מיט די פֿענצטער, דאָס אש ווארפֿט מען ארויס אין סעדל ארײַן, דאָס מיסט — אף דער לעוואדע, שטיקער גלאָז פֿאַרגראָבט מען טיף אין דער ערד, מע זאָל זיך ניט צעשנײַדן די באָרוועסע פיס...

נאָר אויסשאָבן די בלאָטע פֿונעם דיל — דאָס איז פֿון די סאמע שווערסטע מעלאָכעס: צוויי זאסטעפעס העלפֿן ניט. עס גייט אוועק אין גאנג דאָס האקמעסער, די שארפֿע קאָסע, דעם באָנדערס אלטער סטריג, הינדע באָנס גרויסע לאָפּעטע...

ערשט דעמלט, ווען מע הענגט ארויס אפֿן שטריק אונדזערע שמאטעס, דערזעט דאָס שנאָרער־געסל מאָטיעס פֿארמעגן, זײַן גאנצן דאָברע־מאזל...

וואָס הענגט ניט אפֿן שטריק! דער מאמעס פליושן סאקל, דער באָבעס „וואָכע", פּראָקאָפּס מאטאָנע — אן אלטע סוויטקע, איין פֿוישט א ווײַסער, דער צווייטער א שווארצער. ארויסגעטראָגן דעם גאנצן סקארב אין דרויסן ארויס, אנטלויפֿן די קינדער פֿון הויף. אונדזער האָב־און־גוטס מעג הענגען צוואנציק יאָר, גאנוועט קיינער עס ניט אוועק.

אין גאס איז מען העפֿקערדיק־פֿריילעך: אראָפּגעוואָרפֿן דעם יאָך און געלאָפֿן זיך שפּילן. אָט דאָס האָט געהייסן בא אונדז שאנעווען די מאמע.

— נו, א באנדע, אויסגעסאָכנעט זאָל זי ווערן! — שילט די באָבע.

— פֿארנאכט באָד אויס די קינדער! — זאָגט דער טאטע און ווערט אנשלאָפֿן מיט זײַן מידן שלאָף. באם וואשן זיך הייבט זיך ערשט אָן דער עמעסער טארעראם. פֿון דער קרענעצע ציט מען ארויס דאָס גאנצע וואַסער, מע זעט שוין דעם דנאָ: א געפֿייגערטע קאץ, דערטרונקענע עמער, שטיקער בלעך, שטיינער, רייפֿן, בלעטער פֿון הוישײַנעס, אן אלטער שקראב... ס׳איז ניט פֿון די גרינגע זאכן — דרײַצן קינדער אויסבאָדן, אָנטאָן פֿרישע העמדעלעך, אָפּשנײַדן די נעגל, צעקעמען און פֿארפֿלעכטן די צעפּ.

מיידלעך באָדט מען באזונדער, ייִנגלעך — באזונדער. טראָגן זיך בעזנאָסע גוואלדן, עס פליִען פּולקעס, עס ווערט א דערטרינקעניש. ריטש־

קעס רינעז אין אלקער אריַין, פארטרינקען די שטוב. אָט דאָס הייסט א שוויצבאָד, א קאפּאָרע געדאליע דער בעדער מיט זײַן שמוציקער מיקווע איניינעם.

אויסגעוואשן די פּארצעפּס און אויסגעשנײַצט מיטן גאנצן הארצן די גראָבע נעז, ווערט מען אזוי הונגעריק, אז א ברויט שלינגט מען אײַן אין איין אָטעם. דערנאָך הייבט מען אָן נודען די נעשאָמע:

— באָבע, א פּלעצעלע...

נאָר די באָבע — ווען האָט זי געבאקן פּלעצעלעך? הייבט זי אָן דערציילן מײַסעס. מע לייגט זיך אויס אױף דער סידעלע, צוקאָפּנס, צופוסנס, אפן אויוון, אפן באנקבעטל, און מיט פארקישעפטע נײַגעריקע אויגן הערט מען דאָס וויפלטע מאָל: סאָראָקא וואָראָנא, אקיש פונעם פריפעטשעק...

מע קוקט זיך אום: די לעוואָנע איז שוין ווײַט הינטער פראָקאָפּס קלוניע. אזויפיל שײַן אין קליינעם פענצטערל. באנאכט איז גוט די מאזיקים פונעם שנאָרער־געסל.

איך איינער ליג מיט אָפענע אויגן, הער דער מאמעס כליפּען, קוק אין פענצטער, ווי דער מוילעד טרינקט זיך אין שוואליאָם־שווימענדיקע כמארעס, באווײַזט זיך און ווערט ווידער אנטרונען...

מײַן מויעך טריקנט מיר אויס: ווען די ערד וואָלט דורכויס זײַן א בייזע כײַע־ראָע, וואָלט זי דאָך, לעמאָשל, אין אזא קאלטן אָסיען ניט געווארעמט די ביימער, ניט פארהיט זיי פון בייזע ווינטן.

אינדערפרי גייט דער טאטע אוועק אױף דער מילכאָמע. בא דעם קיךפענצטער שטייען סאָלדאטן אין טאלעס־און־טפילן. מײַן טאטן האָט מען שוין אָנגעטאָן אין שטיוול מיט פּאָדקעוועס, אין א גרויסן שינעל. דער גאנצער סקארב זײַנער איז אין טאָרבע.

פון דער זאוואליע דערטראָגט זיך כאצקעלע בעצס מעשוגענע שטים, עס גרילצט אזש אין די אויערן:

— אוי, אוי, אוי, גיב אהער די מעלניטשקע!..

## שטאָט־מעשוגאָים

אין שטעטל זײַנען פארבליבן ווײַבער, מעשוגאָים און גוירים...

בא פיניע אלביטער שמעקט מיט געבעקס. באטאָג און באנאכט שפּילט אין דער גוירישער שטוב דער גראמאָפאָן. גלעזער און טעלער קלינגען, מענטשן לויפן ארום הין־און־צוריק, מע טאנצט, מע הוליעט.

אין פיניע אלביטערס דראטש הירזשען פערד, עס טראָגט מיט הני. עס רײַסן זיך פראָסע־זעק, לאָזן איבער געלע סטעזשקעלעך.

פיניעס טאָכטער, דינע, טוט זי נאָר א פיפּס, אזוי פלי איך אױף די טרעפּ, דורכן דראטש צום בוידעם, ווו עס ליגט איר טאטנס פארמעגן — הורבעס פראָסע, ווייץ און קאָרן. פון דאָרט לאָז איך זיך אראָפּ אין הויף, זוך אָפּ כאצקעלע דעם מעשוגענעם און גיב אים איבער דינעס צעטעלע צו הערשל דעם רויטן...

הערשל דער רויטער ווייקט בא פיניע אלביטער פעל אין ביטן, שאָבט

מיט דער קאָסע די האַרטע האָר, שיט איבער די פעל מיט דוב, זאַלצט אַזוי לאַנג, ביז עס הייבט אָן צו שמעקן מיט דעמבענער קאָרע.
בא דער אַרבעט איז כאַצקעלע בעץ דער מעשוגענער ניט פון די לעצ־טע; ער שלעפּט זעקלעך רויטן דוב, טאַסקעט די פעל צום טײַך.
איצט איז ער דער שאַליַעך בא א פאַרליבט פּאָרל.

צוויי מעשוגאָים אין שנאָרער־געסל — דאָס איז א געוויינלעכע זאַך.
אין שטילן פרימאָרגן, שאַבעס, ווען אלע לאָדן זײַנען נאָך צוגעמאַכט, פאַרהאַקט טיר־און־טויער, דערגייט פון יענער זײַט בריקל כאַצקעלעס געשריי. ער איז שטענדיק אין באַוועגונג! הערש־וואָלף, פאַרקערט, — אויסגעבעטן פרײַטיק א פּאָר פיש־קעפּ, ליגט ער שוין, ווי א לעדאַשטשער שטוב־הונט, אף א באַנק אין דער ווײַבערשער שול.
דער גאַנצער שטאָט איז כאַצקעלע אַן אומזיסטיקער מעשאָרעס: ער טראָגט א ייִנגל אין כיידער אַרײַן, פירט די קו צום בוהײַ, ברענגט צום שויכעט קוילען אַן אָף, פאַרוויגט א קינד, וואַרפט אַרויס א געפייגערט מײַזל, טראָגט אַרויס דעם צעבער, גייט אין אַפּטייק נאָך א רעפּוע, צינדט אָן דעם איינציקן שטאָט־לאַמטערן, גיט א פּלייצע אין באָד.
— אוי, אוי, אוי, גיב אהער די מעלניטשקע!..
דאָס דאָזיקע לידל פאַרציט דער מעשוגענער אפילע בעשאַסן טראָגן א מעס אַפּן בעסוילעם.
כאַצקעלע פליקט מיט די באַלעבאָסטעס פעדערן, לאָזט דערבײַ ניט אַראָפּ זײַנע ווילדע אויגן פונעם קליידל... ער פירט דעם כעזשבן פון פאַרליבטע פּאָרלעך, שלאָגט מיטן שטעקן צונויפגעטשעפּעטע הינט, צע־טרײַבט קעץ, האָט פײַנט כאַזיירים.
הערש־וואָלף, אַז ער דערזעט א סרייפע, לויפט ער אין טײַך אַרײַן. כאַצקעלע, פאַרקערט, — ער איז גליקלעך, בא אים איז יאָמטעוו:
— אוי, אוי, אוי, גיב אהער די מעלניטשקע!..
אָן די מעשוגאָים וואָלט מען אין שנאָרער־געסל געשלאָגן טאַפּליעס, אַזוי נודעט די נעשאָמע.
מעשוגאָים בלײַבן מעשוגאָים, אָבער פיניע אלביטערן האָבן זייביידע פײַנט. כאַצקעלע וואָלט אים דערוואָרגן, דעם גוויר: שאַבעס באַטאָג שטייט ער, פיניע דער טרעלבוך, אויסגעפּאָפּן, אויסגערוט און וואַרפט שטיינדלעך אין די טײַבעלעך...
אָט טאַנצט שוין איינס אף א קרום פיסל, כאַפּט עס כאַצקעלע, קושט עס אין פיסקעלע.
— וואַרט, וואַרט, — סלינעט ער אף פיניען, — דײַן זײַדענער טאַלעס וועט זיך שוין, אימײִרצעהאַשעם, וואַלגערן אין די שמאַטעס...
ביז הײַנטיקן טאָג געדענק איך, מייער באַלנעס׳ אייניקל, מײַן קינדערשן פאַרלאַנג: צונעמען בא פיניע אלביטערן די מיל מיטן דראַטש, אָפּנעמען בא אים די געשאָבענע פעלעכלעך, וואָס הערשל דער רויטער האָט אויס־

געארבעט, און זאָל ער, פּיניע אלביטער, ארומלויפן, ווי כאַצקעלע בעק, און שרײַען:

— אוי, אוי, אוי, גיב אהער די מעלניטשקע!..

## לוי סיגנויוו

איך מוז זיך מוידע זײַן, אז דער מאמעס פּלעצעלעך, וואָס זי גיט אליין מיט אירע הענט, זײַנען גאָר ניט אזוי געשמאַק, ווי יענע, וואָס דו לאַקכנסט צו. קריכסט אפן טיש, פונעם טיש אפן בענקל, פונעם בענקל אף דער שאפע, דאָס לעקעכל צעגייט זיך אין מויל, קרישלט זיך, יעדעס מאַנדעלע איז צוקער־זיס...

— לוי סיגנויוו, זאָלסט ניט גאַנווענען! — זאָגט מיר מוסער די מאמע. צו דער מאמעס מוסער־זאָגן בין איך שוין געוווינט. גרעסערע צאָרעס האָב איך געהאַט פון אנדערע זאכן. לעמאָשל, פון מײַן נעקאָמע נעמען אין פּיניע אלביטערן. טאָג און נאכט האָט מיך געמאַטערט דער פאַרלאַנג אָפּצאָלן דעם נאָגיד פאר זײַן ווארפן שטיינער אין מײַנע טײַבעלעך.

שאבעס באַטאָג, ווען באַלעבאַטים שלאָפן זייער פרומען שלאָף נאָכן טשאָלנט־קוגל, קריך איך ארײַן דורכן פענצטער אין אלקער צו פּיניע אלביטערן. דער נאָגיד כראָפּעט ווי א כאַזער. זײַנע צוויי טעכטער — דינע און די פאַרקריפּלטע אושאַנעטע — זײַנען מיטן הארבארניק הערשל דעם רויטן הינטערן דראַטש. מע מאכט צורעכט אושאַנעטעס באַנקבעטל. איצט איז טאַקע פּונקט די מינוט, ווען איך קאָן זיך צערעכענען מיטן בלוטצאפּער. ניט הארגענען אים בין איך געקומען, נאָר אָפּטאָן דאָס, וואָס האָט זיך אנומלטן ארויסגעכאַפּט פון כאַצקעלע דעם מעשוגענעמס מויל. איך ווייס גוט דאָס אָרט, ווו עס ליגט פּיניעס זײַדענער טאַלעס. טו איך אים א כאַפּ, ווארף זיך צוריק ארויס דורכן פענצטער און לויף שוואַליאָם צום שמאַטניק: אויסבײַטן דעם טאַלעס אף א פּוגאַטש.

אפן גאַנעוו ברענט דאָס היטל. נאָך ניט באוויזן אויסשיסן פונעם פּו־גאַטש, שטיי איך שוין א דערשלאָגענער פאר דער מאמען.

— לוי סיגנויוו... — שיסט זי מיר גלײַך אויס אין פּאָנעם ארײַן. — מע טאָר ניט גאַנווענען!..

מוידע זײַן זיך — דאָס ניט! כאַטש רײַס פון מיר שטיקער. שטיי איך אָן אָנגעבלאָזענער, רויט ווי א בורעק, און דערזע פּלוצעם, ווי עס גייט ארײַן צו אונדז אין שטוב אליין דער געליטענער.

— גוט־מאָרגן!

— גוט־יאָר.

— אָט דאָס איז דער גאַנעוו?..

— רעב פּיניע, זײַט מויכל... — בעט זיך די מאמע, — טשעפּעט אים ניט... א קינד נאָך...

פונקען פליִען פון מײַנע קעצישע אויגן. איך האָב אים פײַנט און וויל זיך פאר אים ניט בוקן. געגאַנוועט, איז געגאַנוועט. זאָל ער אפילע גע־שוואָלן ווערן!..

— א שיינעם ברויטגעבער האָט מאַטיע אויסגעפּאסעט... בעסער וואָלט איר אים אָפּגעגעבן צו מיר אין דראטש אריַין...

אָט, זעסטו, אָנגעבלאָזענער טרעלבוך, דאָס וועסטו ניט דערלעבן!

פּיניע אלביטערס דראטש איז קעגן אונדזער שטוב. זונטיק, א וואלד מיט פורן, הינער פלאָנטערן זיך אונטער די פיס, שווארצע וואָראָנעס פּיקן פון צעטרענטע זעק פראָסע. אויך מיַינע טיַיבעלעך פּיקן דאָרט, פּיקן. נאָר אָט שטייט מיר ווידער פאר די אויגן פּיניע דער נאָגיד: אופגעהויבן א שטיין און א וואָרף אין מיַינע טיַיבעלעך.

— איך האָב אים פּיַינט! — שריַי איך, אזש די פענצטער ציטערן, און לויף ארויס אין דרויסן. עס טראָגט מיך פארביַי דעם אלטן בעסמעדרעש. און מיט דעם פוילן בריקל — גליַיך צו מאטאָנען אין קוזניע אריַין.

## פיר זי אָפּ אפן „באָרוועסן קרעשטשאטיק"

יונגלוויַיז איז מאטאָנע געווען אין דער מאָדע. געקלאפּט אקסן בא דאָוויד דעם קאָוועל פאר א גילדן א טאָג, געזשליאָקעט פערוואק פון פינ־גער־גלעזער, דערנאָך פלעגט ער מיט פארגעניגן איַינשלינגען אן אסטרא־כאנער הערינג איניינעם מיטן קאָפּ, פארטרינקען מיט ווישניק און, אויס־פוצנדיק זיך אין א קלאָר הערצל און אין וויַיסע מאנזשעטן, אוועקלויפן אין טאנצזאל קושן מיידלעך.

שפּאצירנדיק איינמאָל אפדערנאכט אין שטאָט אפן „באָרוועסן קרע־שטשאטיק", האָט מאטאָנע מיט זיַינע פארקוילטע אויגן אויסגעזוכט צווישן אנדערע קאָשערע נעשאָמעס זיַין באשערטע מאליע — די וואָבלע. דעם טיַיערן אנטיק האָט ער געפּאקט, ווי א געשווילעכץ, אזוי לאנג זיך געוואָדזגעט מיט איר, ביזוואנען מ'האָט געבראָכן טעלער.

מאליע — א לאנגע, א דארע, א שיינע, נאָר אָן ציין.

— ריבוינעשעלוילעם! — האָט בערעלע קניפּ זיך געקניַיפּט אין דער ליטקע. — געפּאקט א צורע אין באָרשטש, מיַין וויַיב הינדע באָן איז א גאָלד קעגן איר.

מיט ציין, צי אָן ציין, נאָר וויבאלד כאסענע געהאט — איז פארפאלן. אויס טאנצזאל, פארגעסן אין אסטראכאנער הערינג, אין דער גלאָז בראנפן. גאנצפרי א זופּ געטאָן א ביסל זופּעכץ און — הײַדא אין קוזניע אריַין. מאַ־ליע וויל לאָדעטשקעס אָף הויכע אָפּצאסן.

יאָמים־נוירואָים, סוקעס, סימכאסטוירע, טישעבאָוו און אויך שאבעס רײַסט מאטאָנע איַין די וועלט: קאָוועט בריטשקעס, קלאפּט אקסן. מאטאָ־נעס פלייצע ווערט קײַלעכיקער, סוטולער. מאליע די וואָבלע ווערט טרי־קענער און העכער. זי האָט שוין א פול מויל אײַזערנע ציין, געפּארבטע באקן — פע, א כויזעק!

— שויטע! — קנײַפּט זיך בערעלע קניפּ אין ליטקע. — פיר זי צוריק אָפּ אפן „באָרוועסן קרעשטשאטיק"...

א שווער לעבן האָט ער געהאט, מאַטאָנע קאָוועל. נאָר אוועקוואַרפֿן זײַן וואָבלע — דאָס ניט. בעסער וואָלט ער זיך אַליין אַף דער קוואַלדע אוועקגעלייגט — אַזוי האָט ער זי ליב.

דערצו נאָך האָט מאַליע א שאָט געטאָן מיט קינדערלעך, מע זאָל ניט זינדיקן מיט די רייד. און מאַטאָנע, דער מוירעדיק־געזונטער קאָוואַליוק, האָט אָנגעהויבן טרינקען טיי אָן צוקער, בראַנפֿן אָן הערינג, און איז שוין געוואָרן קימאַט א לעמעלע... עך, מאַטאָנע, מאַטאָנע! וואָס האָט זי געמאַכט פֿון דיר, דײַן קליפּע!.. דאָס שנאָרער־געסל בענקט נאָך דײַן פֿריילעך קאָל און הילכיקן דזין־דזין פֿונעם קאָוועלשן העמערל...

אין דער היים איז מאַליע דאַפּקע א גוטע באַלעבאָסטע, א בעריע אַף אָפּקאָכן א געשמאַק מײַכל, יעדעס ווינקעלע אין שטוב שעמערירט. די קינדער פֿירט זי ריין, מיידלעך מיט פֿאַרפֿלאָכטענע צעפּעלעך, ייִנגלעך אויסגעוואַשענע, צוגעקעמטע. פֿון מאַליען אַליין שמעקט. נאָר גייט זי אַרויס, ווי איר שטייגער איז, אַפֿן וויהאָן שפּאַצירן, אַזוי כאַפּט מאַטאָנע די ניכפּע. דאַן איז ער שוין די מאַמע. מאַטאָנע ניאַנטשעט די קינדער, טאָסקעט וואַסער, טראָגט אַרײַן האָלץ. נאָך דער שווערער האָרעוואַניע אין קוזניע איז ער מאַמעש א שטוב־מויד: קאָכט וועטשערע, וואַשט דאָס געפֿעס, פֿאַרמאַכט די לאָדן, מעלקט די בעהיימע, טראָגט אַרײַן זשאָם אַף באַנאַכט, פֿאַרמישט דעם צעבער, בעט אויס פֿרישע שטרוי...

פֿאַרן גאַנצן שטעטל איז מאַטאָנע געוואָרן א באַל־אייצע. בא אים קאָן מען זיך דערוויסן, וואָס פֿאַר א בלעך טויג פֿאַר א קאָרעטע, צי דאַרף מען אײַנזאַלצן פֿלייש פֿאַרן אַראָפּטראָגן עס אין קעלער, ווי־אַזוי אויסהיילן א בײַכל בא א קינד. אַלצדינג ווייסט מאַטאָנע דער קאָוועל. און דאָך איז ער, ווי אַן אָפּגעריבענער שרויף, אַף וועלכן די הײַקע האַלט זיך ניט.

אָבער וואָס איז שײַעך טאָך־זאַכן, מוז מאַטאָנע זיך צוהערן צו אַנדערע. מײַן זיידע, מייער באַלנעס, האָט ניט איין מאָל אים געזאָגט:

— מע דאַרף זיך ניט מאַכן קיין אויער, מע דאַרף ניט קיין פֿינגער פֿונעם פּוס... נעם די ביקס בא ניקאָלקען... דאָס איז א מיטל אַף צו ווערן א באַלעבאָס איבער זיך...

נאָר מאַטאָנע האָט מוירע געהאַט איבערלאָזן מאַליע די וואָבלע, זי זאָל, כאָלילע, זיך ניט אונטערזוכן אַן אַנדער מאַן.

און אַז מאַטאָנע איז שוין האַלב טויב געוואָרן און אָנגעהויבן הינקען אַפֿן רעכטן פֿוס, איז וואָס האָט ער דערמיט געפּויעלט? ער האָט זי סײַוויסײַ ניט צוגעבונדן צו זיך. ער האָט קיין אַנדער ברײַרע ניט געהאַט, ווי לאָזן, זי זאָל אויסצאַפּן בא אים דאָס לעצטע ביסל בלוט.

מענטשן האָבן עס צוגעזען און געשאָקלט מיט די קעפּ: „אַזא גוואַר, און זי האָט אים אײַנגעבויגן".

דעם איינציקן אויסוועג פֿאַר מאַטאָנען האָט געזען בערעלע קניפּ:

— פֿיר זי אָפּ אַפֿן „באָרוועסן קרעשטשאַטיק", זאָג איך דיר...

זיך צעשטורכעט מיט דער מאַמען איבער דער גנייווע בא פּיניע אַלביטערן, בין איך א פֿאַרסאָפּעטער אַנטלאָפֿן צו דער קוזניע...

די אלטע אָפּגעריבענע ווײַסע שטיינער ליגן ארום טײַך, ווי שלאָפּנ־
דיקע שאָף. די שטיינער זײַנען געקאָוועט מיט אײַזערנע רייפֿן. דאָ האָט
מאטאָנעס זיידעס זיידע בלוטיק שווייס פארגאָסן. ציִען אָף די דאָזיקע
שטיינער שינעס, בייגן דישלעס, אויסקלאפּן ציין אָף סערפּן איז געווען
פון דאָר־דוירעס דאָס דאָברע־מאזל פון שמידן.

אויך מאטאָנע פלעגט זיך טאָפּטשען אפן בריקל, אײַנרײַסן די וועלט,
טראָגן פּרענטעס אײַזן אָף די אקסל, ציטערן מיט דער נעשאָמע, עס זאָל,
כאָלילע, קיין איבעריקער לעפּל קוילן אין האָרן ניט ארײַנפאלן. א מידער
פלעגט ער זיך דערנאָך צוזעצן אָף דער קלאָץ קעגן האָרן, ארײַנקוקן
מיט זײַנע קלוגע אויגן אין פײַער ארײַן און פארציִען א ליד:

אפן האָרן ברענט א פײַער,
און דאָס אײַזן טוט זיך שמידן,
און דער האמער דזין־דזין־דזין...

איצט, לויפנדיק צו דער קוזניע, באמערק איך מאטאָנען לעבן בריקל,
נאָר ניט צווישן די קאָוועלשע שטיינער. ער שטייט אָנגעשפּארט מיט דער
ברוסט אָף דער פּאָרענטשע, קוקט אפן פארשנייטן ברעג, גלײַך כאצקעלע
דער מעשוגענער וואָלט געשטאָרבן און אים איז איבערגעגעבן די ארבעט
פון ציילן די שטיינער.

דערזען מיך, טוט מאטאָנע אָף מיר א לאנגן קוק. און, ווי איך וואָלט
שוין אים אָף עפּעס ענטפערן, שרײַ איך אויס:

— נו, האָב איך צוגעגאנוועט בא אלביטערן דעם טאלעס! קומט מיך
דערפֿאר הארגענען?..

מאטאָנע שטעלט אָן די פארלאָשענע אויגן און נעמט מיך אָן פאר די
אקסל:

— קום אין קוזניע ארײַן.

די קוזניע איז שטארק פארלאָזט, לויפט דאָרט אפילע באטאָג דורך א
מײַזל.

לעבן די טויערן, באם ארײַנגאנג, ליגן צעקלאפּטע רויטע טשערעפּי־
צעס. עס רינט דער דאך, דאָס ריטשקעלע אינמיטן קוזניע טריקנט גאָר
ניט אויס.

אָבער גייט נאָר מאטאָנע ארײַן אין קוזניע, ווערט פריילעך: דאָס
פײַער, דוכט זיך, צינדט זיך אָן פון זיך אליין, צעצוויטעט זיך מיט בלויע
פלעמעלעך, דער בלאָזזאק הייבט אָן עטעמען, פונקען שפּריצן אָף די
לעדערנע פארטעכער. דאָס פײַער טאנצט ארום אים, ווי ארום א ניטגוטן.

— פּארנאָסע, שיקעלע, קומט אָן א קאָוועל שווער, מיט ביטערן שווייס.
נאָר גאנוועגען...

מאטאָנע זאָל מיר א וואָרף טאָן די אָנגעגליטע אקס אָף די פּיס, וואָלט
מיר אזוי ניט געבראָטן. נאָר ער האָט קיין ראכמאָנעס ניט אָף מיר, ער
רעדט ווײַטער:

— פּיִניע אלביטער, אים איז אלציינס, ווער עס שלעפּט דעם דראטש:

כאצקעלע בעץ, די בלינדע שקאפּע, צי מאָטיעס קאָדעש... דאַרף מען אים דערפאַר אַריַינוואַרפן אין פַיַער אַריַין, נאָר גאַנוועַנען?..

פּיניע אַלביטער זאָל אצינד אָנקומען אַהער, וואָלט איך אים אַ טיצע געטאָן אָט דעם־אָ עמער קוילן גליַיך אין פּאָנעם אַריַין:

— בלוטזויגער, לעק אויס מיט דער צונג!..

נאָר מאַטאָנע רעדט מער ניט וועגן פּיניע אַלביטערן, ער רעדט וועגן מיר. אָרעמע קינדער, זאָגט ער, איז אַ גוואַלדאָווּנער קויעך. אַף מיַין נעשאָמעלע, לויטן קאָוועלס רייד, טאָר אפילע קיין שטויבעלע ניט פּאַלן. אַזאַ ריין פאַרהאָרעוועט לעבן וואַרט אַף אונדז, אָרעמע קינדער...

„לוי סיגנוויוו״... מע טאָר ניט גאַנוועַנען, — רייד איך צו זיך אַליין, — איידער אַ גאַנעוו זיַין, איז בעסער אין דער ערד אַריַין. „אוי, מאַמע, אַ גאַנעוו איז ניט גוט״...

מאַטאָנע קערעוועט זיך אַפּ צו דער באַליע אויסלעשן אַ שטיק איַיזן. איך בליַיב אַליין לעם האָרן. די רעכטע האַנט ליגט שוין אַף דער קוֹ־וואַלדע. מיט דער לינקער כאַפּ איך אָן אַלטע קאָסע, איין שניט — און פאַר גאַנוועַנען זיַידענע טאַלייסים וועט מייער באַלנעס׳ אייניקל בליַיבן אַ „בעזרוקע״.

ניין, שושקעט מיר עמעצער אין אויער אַריַין, פּיניע אַלביטערן וועסטו מיט איין האַנט ניט ביַיקומען.

— דערלאַנג נאָר די מעשאַנקע! — זאָגט דער קאָוועל, — די וועלט, שיקעלע, איז ניט מעשוגע. עס וועט זיך אַזוי לאַנג דרייען, ביזוואַנען עפּעס וועט זיך אויסדרייען.

מאַטאָנע טרינקט אויס, פאַרבײַסט מיטן פאַרשמאָלצעוועטן אַרבל. איך טו אויף אַ לעק אַ ביסעלע, ווערט מיר וואַרעם אין אַלע אייוורים. מיר צעבלאָזן אַזוי דאָס פיַיער, אַז צען אַלביטערס וואָלטן זיך געקאָנט אָפּ־בראָטן.

פונקען, בלוילעכע פלעמעלעך פליִען אַרויס אין דרויסן, צום הימל, מאַכן ליכטיקער די שיינע וועלט...

## פּראָקאָפּ טשאָרנאָדיד

איבערגעקערט די סוויטקע אַף דער לינקער זיַיט, שפּאַנט ער, אונדזער שאָכן, פונקט ווי ניט סטעפּאַן סטראַזשניק, נאָר ער, פּראָקאָפּ טשאָרנאָדיד, וואָלט געווען שטאָט־באַלעבאָס.

יאָסל דעם קירזשנערס טעכטערל ליובע, מיט וועלכער איך שפּיל זיך אונטער אַלע פאַרנאַכט, האָט מוירע פאַר טשאָרנאָדידן, פאַר כאַצקעלע בעץ, פאַר מייער פּאַלאַטש, פאַר בערעלע קניפּ... פאַר אַלעמען האָט זי מוירע, ליובע. נאָר וואָס איז דאָס שרעקן זיך, אויב אפילע פּראָקאָפּ זעצט זיך אַוועק אָפּן דאַך? זיץ און שריַי קוקאַרעקו, הוידע מיט די פיסלעך, ביז מע וועט דיך אַראָפּנעמען. מיט מיר מאַכט ער נאָך שענערע קונצן: ער פאַרדרייט זיַינע שוואַרצע וואָנצן, כאַפּט אַראָפּ פון מיר דאָס היטל,

הייבט אוף דעם באליק פונעם זיידנס נאכלע און לייגט אוועק אונטער דער קלאָץ דאָס מיצעלע מײַנס — רוף אים קנאקניסל.

יארינע האָט ניט געקינדלט אכט יאָר נאָכאנאנד. דערנאָך, ווי אַן אָנשיקעניש, הייבט זי אָן שיטן מיט מוידן, גיט אים ניט, פּראָקאָפּן, קיין איין זון אַף נאסיניע... איז ער אַרײַנגעפאלן אין א גרויסער מאָרעשכוירע, האָט אָנגעהויבן ניט אַף קאטאָוועס שפּילן אין קאָרטן. ס׳איז דערגאנגען צו אזא קארטיאָזש, אז פונקט אין יענער נאכט, ווען דאָס ווײַב איז אים נאָכאמאָל געלעגן געוואָרן, האָט ער פארשפּילט די בידנע כודאָבע, די שעפּעלעך מיט דער רויטער טעלעצע, אפילע יארינען אליין האָט ער אויך פארשפּילט...

צו איר גליק האָט זי אים אין יענער נאכט געוווּנען א כלאָפּעץ...

טשאָרנאָדיד איז געוועזן, ווי מע זאָגט: „שוועץ, אי זשנעץ, אי נא דודו איגרעץ״. ס׳האָט בא אים קיין ווערט ניט געהאט פאריכטן זיסיע דעם פּישער דעם וואָלעק, אָפּשמירן מיט סמאָלע דאָס שיפל, אוועקטראָגן צו פּיניע אלביטער א זעקל מעל פון דער מיל, אויספּארבן א דאך, אָנרײַסן בעזעמער, אויספלעכטן א קינדער־וועגל, אָנהאקן פאר עמעצן האָלץ אפן גאנצן ווינטער, אויסגראָבן א קעלער, איבערוואַרפן א וואנט, אָפּהיטן קאצאָווישע קלייטן...

גאָלדענע הענט בא טשאָרנאָדידן, און גיין גייט ער אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן.

אפן דאך פון זײַן שטוב וואלגערן זיך אָן ארבעט א קײַלעכדיק יאָר ווילעס און גראבליעס, ווײַל שנײַדן היי לאָזט ניט דער פּאָרעץ, פארזייען קאָרן לאָזט ניט דער אָביעזדטשיק. א בידאָווע באטראטשאָק איז פּראָקאָפּ טשאָרנאָדיד. נאָר זײַן אייגענעם כעזשבן פארלירט ער ניט מיט דער וועלט. זונטיק פארנאכט, פּראָקאָפּ שלאָפט, דוכט זיך, אין קלוניע מיט די הינער, דערהערט מען מיטאמאָל:

— דזין, דזין, דזין!..

— דער טויק ברענט!..

— וועמעס ארבעט?..

— ע, סע ברענט ניט שלעכט, ס׳א דײַגע...

אויך צו אים, צו פּראָקאָפּן, האָט אין איינעם טאָג אָנגעקלאפּט די מילכאָמע אין פענצטער:

— טו אָן, זײַ מויכל, דעם שינעל.

— פאר וועמען זיך שלאָגן?

— נעם די ביקס, טשאָרנאָדיד, — ווינקט אים דער זיידע, — טאם פּאָ־באטשימאָ.

נאָך א לאנגן שווערן ווינטער שטייען די ביימער באָרוועס־נאקעט. בלעטער ליגן צעטראָטענע אין פארקאָוועטער בלאָטע. ניט קיין שוועמל וואקסט באם וואָרצל, ניט קיין קווייטן שעמערירן אינעם גראָז, זשוקלעך קריכן פויל ארויס מיט א שטילער זשומערײַ:

— געהערט? גענעראל גראַמאַדין פֿאַרט...

דער באָבעס ציג אַפֿילע איז שטיין געבליבן אפֿן בערגל מיט אירע נארישע בעלמעס, אויסגעגיורעט דאָס צאַפּישע בערדל אין קאָרענעם קלײַען — מעלק זי אויס...

קינד־און־קייט זיצט אַף דעכער, אַף פּאַרקנס, אַף גאנעקעס. ס'איז שוין לאנג אזוי פֿריילעך אין שטעטל ניט געווען.

זומער, מאכט זיך, קומט דער היצעל, כאַפּט זיך אראָפּ דער קאַטע־רינשטשיק מיטן שווארצן בער. ווינטער, אײַנגעשפּאַנט צוויי ראַבע שקאַ־פֿעס, ווארפֿט זיך ארײַן איינמאָל אין א יויוול דער פּריסטאַוו. נאָר א לעבעדיקן גענעראל — דאָס האָט נאָך דאָס שנאָרער־געסל ניט געזען.

שײַע דער בלינדער, וואָס זעט שוין יאָרנלאַנג ניט די ליכטיקע שײַן, איז אויך ארויס אין איין טאַלעסקאָטן באגעגענען דעם גאסט. מע איז געשטאַנען אַף טיש און אַף בענק. מיט ארויסגעשטעקטע צינגער, ווי נאַ־רישע קעלבלעך, האָט מען זיך געטאָפּטשעט אינמיטן מארק: די ווײַבער אויסגעשמירט אין סאַזשע, די קינדער פֿארסמאַרקעט.

אָפּגעגליקט אפֿאַנעמעסן האָט איין־און־איינציקן מענטשן — טשאָרנאָ־דידן. ער אליין האָט געכאַפּט א שמועס מיט דער סטראַשידלע.

אָנגעטאָן שוין אין א סאָלדאַטסקי הוילעך, איז פֿראָקאָפּ פֿארקילט געשטאַנען אינמיטן מארק.

— סלוזשיט אידיאָש?

— טאַק טאָטשנאָ, וואשע בלאַגאָראָדיע!

ווי פֿון אונטער דער ערד איז אויסגעוואקסן מייער פּאַלאַטש מיט דעם מעשענעם פּויק און מיט די טאַצן, די כאַליאַסטרע האָט ארומגערינגלט גראַמאַדינס בריטשקע. כאַצקעלע דער מעשוגענער, פּונקט ער וואָלט גע־ווען דעם גענעראַלס א פֿערזענלעכער פּויקער, לויפֿט פֿאַרויס די פֿערד און שרײַט:

— אוי, אוי, אוי, גיב אהער די מעלניטשקע!..

טשאָרנאָדיד האָט בלויז איין וואָרט גערעדט מיטן גענעראַל: „סלוזשיט אידיאָש?” „טאַק טאָטשנאָ, וואשע בלאַגאָראָדיע!” דוכט זיך, איין וואָרט, נאָר טשאָרנאָדיד איז בא אַלעמען אין די אויגן העכער געוואָרן אַף צען קעפּ. דאָס גאנצע שטעטל האָט אזש א קרעכץ געטאָן, ווען פֿון גראַמאַדינס סוויטע האָט זיך א שטעל געגעבן א פּראַפּאָרשטשיק, באהאַנגען דאָס גאנצע הארץ מיט ציילעמלעך און בליאַשקעס, און א בלאָז געטאָן אין די וואָנצעס:

— וועמען לאָזסטו איבער, קאזאק?

פּראָקאָפּ האָט דערזען פֿאַר די אויגן דעם יורעש, וואָס יאָרינע האָט אים ערשט נעכטן געבוירן, ער האָט נאָך ניט באוויזן עפּעס צו זאָגן, ווי אין פּראַפּאָרשטשיקס אויער האָט פּיניע אלביטער אײַנגערוימט:

— ס'א קראַמאָלשטשיק, אַן אונטערצינדער, וואשע בלאַגאָראָדיע...

דעם פּראַפּאָרשטשיקס וואָנצעס האָבן זיך אופֿגעשטעלט פֿון רעציכע:

— היי דו, קאזאק פֿאַרדריפּעטער! האָסט א לאנגע צונג און טרייפֿענע הענט, זאָגט מען!..

— טאַק טאַטשנאָ, וואַשע בלאַגאָראָדיע...

אין דער מינוט האָט גענעראַל גראָמאַדין פאַרענדיקט דעם אָבכאָד איבערן מאַרק און פאַרבײַגעגאַן טשאָרנאָדידן. דערהערט פון אים דעם „טאַק טאַטשנאָ", האָט ער מיט זײַן באַס אַ באָמקע געטאָן:

— מאָלאָדיעץ...

און איז אין איין אָטעם אויסגערונען פונעם שטעטל מיט זײַן גאַנצער סוויטע.

מיר, קליינוואַרג, זײַנען, נאָכיאָגנדיק, פאַרלאָפן ביז צום וואַלד.

זײַ געזונט, פראָקאָפּ! מער וועסטו שוין ליובען ניט אַוועקזעצן אויפן דעכל און מײַן קאַשקעט ניט אונטערלייגן אונטערן באַליק פונעם זיידנס נאַכלע.

## רינגעלע, רינגעלע־רויגעז

אויף דער ברייטער וואָלגע הייבט זיך אָן די וועסנע אַזוי: דער הימל פאַרציט זיך מיט רויך פון שיף־קוימענס, עס שווימען אין אומריינע וואַסערן שטיקער אײַז, מע שלעפּט אַרויס די ווינטערדיקע פּליטן אויפן ברעג.

באַ אונדז אויף דעם בלאָטע־טײַך טוט די וועסנע אַ שפּיל אויף איר אייגענעם אויפן: אַ וועלט מיט זשאַבעס און זשאַבקעלעך קריכן אַרויס זיך וואַרעמען אויף דער זון, ציִען אויס זייערע גרינע פּיסלעך און ליגן ווי פאַרסאַמטע. דער אָטשערעט גרינט, דאָס וואַסער פאַרטרינקט פּראָ־קאָפּס לעוואַדע.

מיר, קינדער, שפּילן אין „רינגעלע, רינגעלע־רויגעז, ווער אויף מיר באַרויגעז". איך האָב מיר מײַן פּאָר: יאָסל דעם קירזשנערס באַסיעכיד־קעלע, ליובען. אונטערשטעלן איר אַ פּיסל, אַראָפּרײַסן די סטענגע פונעם קאָפּ, צעפלעכטן דאָס שוואַרצע צעפּל, אַרויסשלעפּן אַ האָרנאָדל, — דאָס זײַנען מײַנע באַליבטע שפּיצלעך.

מיידלעך פאַרבאַהאַלטן זיך הינטער ביימער, יינגלעך פאַרטײַען זיך באַם טויער. דערנאָך שפּילט מען אין טאַטע־מאַמע: פון ליים אַן אויוון, אָנגעלייגט שפּענדעלעך, אופגעריבן אַ שוועבעלע און עס קאָכט זיך שוין די וועטשערע.

הילצערנע לעפל, ליימענע קריגלעך. לאָקשן פון גראָז, טעלער פון לאָפּוך — און פאַרטיק דער טיש. דערנאָך גייט מען שלאָפן אין קורין, ווּעלכן מיר האָבן נאָך פאַראיאָרן זומער אויסגעפלאָכטן פון ווערבענע ריטלעך. אויף קישעלעך פון מאָך לייגט מען זיך צו.

שלאָפן מיט ליובען איז אַ גרויס פאַרגעניגן. פון איר מויל זעצט אַזאַ מעכײַעדיקע וואַרעמקײַט, זי פאַרוואַרפט אויף מיר איר נאַקעט הענטל, קוועטשט מיך צו צו דער וואַנט: „טו זיך אַ רוק..." און פונעם באַרג הערט זיך שוין מײַן מאַמעס קאָל: „שיקע! שיקעלע!"

פאַרנאַכט נאָיעט די „קוקושקע", דער צוקער־זאַוואָד פײַפט, רופט די נײַע מישמוירע. ליובע שלאָפט אַזוי געשמאַק, אַז ווען זי איז אַן אווירע...

די שטערן פאַלן אין טײַך אַרײַן, די לעוואָנע שפּיגלט זיך אין שיטע־רער בלאָטע, און ליובע קוקט מיר אין די אויגן:

— קום אַהיים...

אין דער היים פרעגט מיך די מאַמע:

— ווו ביסטו געווען?

איך שווײַג.

פאַראָשטשינעט די דייזשקע ברויט, פאַרוקט די פאַרהענגלעך אויף אַלע דרײַ פענצטערלעך, אויסגעטאָן דעם פאַרטעך, קוקט די מאַמע אויף מײַן פאַרפּאַליעט פּאָנעם:

— האָסט היץ, מײַן קינד?

אָ, ווען זי ווייסט, וויפל פאַרגעניגן איך האָב ערשט געהאַט פון שפּילן אין טאַטע־מאַמע, אין „רינגעלע, רינגעלע־רויגעז, ווער אויף מיר באַ־רויגעז”... מע קאָן עס דען דערציילן?

לאַנג קאָן איך ניט אײַנשלאָפן, עס פלאַמען מיר נאָך מער די באַקן. זאָגט ווידער די מאַמע:

— דאָס קינד איז, דוכט זיך, קראַנק געוואָרן...

ליובע פאָרט צוגאַסט. ערגעץ אין גראַנעוו האָט זי אַ זיידן מיט אַ באָבען.

אוי ווילט זיך מיטפאָרן, אַרײַנלייגן זיך לעבן איר אין שטרוי.

אָן ליובען ווערט אַזוי אומעטיק אין שנאָרער־געסל, גלײַך ווי מייער פּאַלאַטש מיט זײַן גרויסן מעשענעם פּויק וואָלט אויף אייביק פאַרשווונדן.

געקויפט אין קלייט בא הינדע באָן פיר צוקערקעס, לייג איך זיי אַרײַן אין די הויזן־קעשענעס און לויף אַוועק צו ליובען, נאָר זי איז שוין אַוועק־געפאָרן.

צוקערקעס עסן מיר אַזוי: ליובע טוט אַ טשמאָקע, גיט מיר אויך אַ לעק טאָן, שמעקן שוין די צוקערקעס מיט ליובעס ליפּן.

אונטערגעטשעפּעט זיך הינטער יאַנקל סאָסקעס בריטשקע, פלי איך צום באַן. הײַנט דאַרף זי קומען.

ראַבטשיק מײַנער זאָל אײַנעמען אַ מיסע־מעשונע! ווען ער זאָל זיך ניט געווען באַווײַזן דעם באַלעגאָלע פאַר די אויגן, זיך ניט אַרויסשטעלן מיט זײַן בעריעשאַפּט, אַז ער לויפט בעסער פון יאַנקל סאָסקעס לע־דאַשטשע סוסים, וואָלט מען מיך ניט מעכאַבעד געווען מיט עטלעכע בײַטשן איבערן רוקן...

שטיי איך אָן אָפּגעשמיסענער אינמיטן שליאַך. דאָס פעלד איז פּוסט, עס ברענט אונטער מיר די ערד, סוסליקעס שטעלן אַרויס די פּיסקעלעך פון זייערע נאָרעס, הונגעריקע פליגן בײַסן מיר די פּיס. ראַבטשיק שטייט אויף דער צווייטער זײַט שליאַך, סקאַוווטשעט קלוימערשט.

איך וואַרט לעבן פּאָפּערעטשנע יאַר אַף ליובען. גלעקעלעך קלינגען ערגעץ גאָר נאָענט, עס דערהערט זיך דאָס בענקענדיקע הירזשען פון פערד. איך שטעק שוין אויס דעם האַלדז צו באַגעגענען יאַנקל סאָסקעס עקיפּאַזש, ערשט די גלעקעלעך ווערן מיטאַמאָל פאַרטויבט פון אַ ווילדער הוקעניש און פּײַפּעניש, און, ווי די שיידים, טראָגן זיך דורך דרײַ פאַר־שטויבטע בייזע סאָלדאַטן אַף גרויע שקאַפּעס... ראַבטשיק שטעלט זיך „סלוזשען", און איך טו אַ טראַכט: „האַ, די מילכאָמע גייט..."

אָבער לאַנג שטיין פאַרמאַלעכט לאָזן מיך ניט די גלעקעלעך, וואָס דערהערן זיך ווידעראַמאָל. ליובע מאַכט צו מיר מיט די הענט פונעם פאַעטאָן — זי פאָרט!

אינעם קירזשנערס שטוב וויל איך שוין אַרויסנעמען די פיר צוקער־קעס. נאָר ניין, טראַכט איך זיך, גלײַכער העלפן אַראָפּנעמען פון בריטשקע די שווערע ניי־מאַשין, וועט מיר עפּשער ליובעס טאַטע אַ קניפּ טאָן אין בעקל, געבן אונדז, מיר מיט ליובען, אַ גראָשן אַף זעלצערוואַסער...

באַ דער שוועל פאַרטשעפּע איך זיך, טו אַ פאַל, לאָז אָפּ די מאַשין... נאָך מיר טוט זיך אַ טשמעליע יאָסל קירזשנער, צעטרענט אַזש, פאַלנדיק, זײַן זשילעט, און קאַטשעט זיך אַראָפּ פון אַלע טרעפּלעך.

— פאַר מײַנע אויגן זאָל ער מער ניט קומען, דער שמאַטניק! — שרײַט דער קירזשנער.

ליובע לייגט מיר צו פּלאַסטערלעך צו דער וווּנד — לאַכט און וויינט...

מאָרגן איז דינסטיק, וועט זײַן אַ גרויסער יאַריד, קויף איך ליובען אַ גאַנצע גלאָז קאַרשן — ניט אומזיסט האַלט איך שוין די צוואַנגען באַ מאַטאָנע קאָוועל.

## אַ גוטער יאַריד

אין שנאָרער־געסל הייבט זיך אָן דער פּרימאָרגן מיטן אופגאַנג פון דער זון. פייגעלעך פּישטשען, ראַבטשיק טוט אַ האָווקע, סאָלדאַטן — אײנע אין טפילן, אַנדערע צײלעמען זיך. האַרמאָניקעס דערלאַנגען צום קליינעם פענצטער אונדזערן פרײלעכע געזאַנגען:

> כאָטשעש — ליוביש, כאָטשעש — ניעט,
> או סאָלדאַטאַ דיענעג ניעט...

דאָס שפּילט מײער פּאַלאַטש אַף אַ סימכע, און סאָלדאַטן העפּען.

פערד קנאַקן מיט די קאָפּיטעס, קאַוואַלעריע פאָרט!

דאָרפישע מיידלעך אין קוויטלדיקע פּאַטשײלעס שמייכלען צו די סאָלדאַטן, דערנאָך גייט מען אַוועק פּאָרלעכווײַז אין גראָז אַף פּראָקאָפּס לעוואַדע...

טשאָרנאָדידעכע שיט איבער דאָס ביסל מעל, וואָס זי האָט אונדז גע־בראַכט, גלײַך אין דייזשקע. די מאַמע דאַנקט איר אָפּ, בעט פאַרזוכן מאַמאַליגע.

פון דער באָד טראָגט מען ארויס א מעס. שייַע דער בלינדער מאכט א מאָלע, און די באגרעבערס טראָגן די מיטע גלייַך אפן הייליקן אָרט. פערד שטעלן זיך אָפּ פאר דער בריק, לאָזן דורך די לעווייַע: סאָלדאטן בלייַבן סאָלדאטן.

מייַן וועלט ציט זיך שוין איצט אוועק ווייַטער פונעם פוילן בריקל, זי דערגרייכט ביז דעם פוילישן קאָסטיאָל, שנייַדט דורך דעם פּאָפּע־רעטשנע יאר, פּאָלאָנסקיס עקאָנאָמיעס,ביידע ווינטמילן, בארג־אראָפּ און בארג־ארויף...

אונטערן בארג, אפן וועג צום קניאזשער יאריד, ברעכן זיך דישלעס, פערד הירזשען, לאָשעקעס בריקעווען, ציגייַנערס טראסקען מיט די בייַטשן, כאזיירים קוויטשען, הענער שלאָגן זיך, זיי צעפּענטען די שטריק־לעך, רייַסן ארויס די פיסלעך, האלטן מילכאָמע — ביז בלוט...

אפן קניאזשער יאריד פאָרט מען ארויס אין יאָמטעוודיקע פאטשיילעס, אין סאָראָטשינצער קווייטלדיקע ספּידניצעס.

אָן אונדז, קינדער, לאָזט מען זיך ניט אוועק אפן יאריד. ס׳איז גרויס דאָס פארגעניגן זיך דורכפאָרן ביזן פוילן בריקל אף יאנקל סאָסנעס דראַ־בינע אָדער ליגן אין דער בויד, הערן לייבעלע טארערואמס וויאָקען און טשמאָקען. מיר פאָרן ביזן פּאָפּערעטשנע יאר, דערנאָך, מיט א פארקילטן אָטעם, לויפן מיר דורכן וויהאָן אהיים, האָבן מוירע זיך אומקוקן — עפּשער א פארבלאָנדזשעטער בער...

אינמיטנדערינען טוט א האווקע דעם קסיאָנדזס הינטל אָדער דער קוימען פון דער ציגעלניע גיט א רעווע — ווערט פארקילט אין אונדז דער מאמעס מילך. רוקסט אָן דאָס מיצעלע איבער די אויגן, די פיס אף די פּלייצעס — און אָט איז שוין דאָס שנאָרער־געסל. אָט זיצט ליובע, יאָסל דעם קירזשנערס טעכטערל! זי זיצט אפן גאנעק, ארום איר ווייַבער מיט צעשטעלטע קני — מע קלייַבט ווייַנשל...

שטיל מורמלט מען א ליד:

ווילט איר פון קינדער נאכעס האָבן...

ליובעס ליפּן שמעלצן זיך פון ווייַנשל־זאפט. איין ווונק, און מיר ליגן שוין אין דער קראָפּעווע. פון דאָרט גייט א סטעזשקעלע צום קניאַ־זשער יאריד. פונקט ווי לאָשעקעס, בריקעווען מיר, הירזשען אונטער, ביז מיר קומען צום בארג. פון דאָרט הייבט זיך אָן דער וואלד.

דאָס יונגע בערעזע־וועלדל רעכטס, ניסנביימער לינקס, צעצוויטעטע יאסענעס באם שליאך, עס פארטראָגט אונדז אלץ טיפער און טיפער אין יונגן בערעזע־וועלדל, דורך וועלכן מע זעט די בלויקייַט פון הימל...

— בערעזקעס וואקסן צוויי פון איין וואָרצל, סאָסנעס וואקסן איינ־ציקווייַז, — נעם איך דערציילן ליובען.

מיר זייַנען שוין אינגאנצן אויסגעווייקט אין ראָסע. מיר שפּארן אזש אָן אין סאָסניאק. כאַפּט זיך אריַין א בערעזקעלע צווישן די סאָסנעס, איז עס כיינעוודיקער, כאָשעווער באם וואלד.

— א טײַכל אינמיטן וואלד, — זאָג איך, — איז אלציינס ווי א מיידל צווישן הונדערט באָכערים...

ליובע לאכט. דעם בעסטן יאריד האָבן מיר געהאט, צוויי נארישע פארכאָלעמטע קינדער.

## די אושאנעטע

פון מאטאָנעס קוזניע קאטשעט זיך דער רויך איבערן שליאך, פארבײַ דעם פוילן בריקל, צווישן פיניע אלביטערס אקאציע־ביימער — און גלײַך צו אים אין שטוב ארײַן...

דאָ, באם נאָגיד, קאָכט מען אָנבײַסן, מע וואשט די דילן און מע רעדט וועגן יערושע.

פארטאָג, ווען די טעכטער שלאָפן נאָך, הייבט זיך פיניע אוף פון בעט, הערט זיך אײַן, קוקט אין שפארונע פון אלקער־טירל, וואָס טוען זײַנע קינדער...

די ייִנגערע טאָכטער דינע ליגט צונויפגעקנוילט, דאָס קעפּעלע אונטער זיך, ווי א יונג טײַבעלע, אָטעמט גרינג, וויל ארויס פון אונטער דער פּיקייענער קאָלדרע...

די עלטערע, די האָרבאטע פארזעעניש, וועלכע מע רופט די אושאַנעטע, ווארפט זיך, דרייט זיך אף אלע זײַטן, קראצט זיך די הויט, גלײַך ווי עפּעס וואָלט זי ניט געלאָזט רוען. עפשער איז עס דערפאר, וואָס נאָר זי איינע וויסט, ווו עס ליגט דאָס געלט בא פיניע אלביטערן, ווו גאָלד און צירונג איז באהאלטן.

גאנצע טעג האלט זי אין איין אויסקוקן, די אושאנעטע, צי די וואל־צאָווע מיל איז גאנץ, צי שיטן זיך ניט די צעלעכערטע זעק צוקער, וואָס זײַנען אויסגעהריזעט פון די מײַז. יעדן איינעם שפירט זי נאָך.

באזונדערס אופגעטראָגן איז די אושאנעטע אפן געזונטן ווערגעלעך הערשל דעם רויטן. אז די סארווערן טראָגט אים ארויס א שטיקל ברויט אין גראבארניע, וויסט שוין פארנאכט וועגן דעם פיניע אלביטער.

ערשט ניט לאנג האָט די אושאנעטע אליין געטראָגן הערשלען צו די ביטן געפרעגלטע בארן און עפל־פּאָווידלע אין שעלכל. זי האָט געוואַ־רעמט פייגעלעך אין בוזעם — הערשל וועט זײַן איר באשערטער. טרעפט טאקע, אז גאנצפרי, דער גראבארניק נעמט די האק אין זײַנע געזונטע הענט אף אָנצוהאקן האָלץ, קוקט זי, די האָרבאטע, פון אונטער אירע שווארצע ברעמען און ווערט צעשמאָלצן פון נאכעס, וואָס באם כאָסן אירן שפּראָצן שוין וואָנצעלעך, די נאָז ווערט פליישיקער... מע האָט שוין אין דער רײַכער שטוב אפילו אָנגעהויבן נייען כאסענע־קליידער פאר דער קאלע: די האָרבאטע מעסט שוין א פאריק, א שליאפע מיט א פעדער, א בלוי־רויטע רעטאָנדע. א שידעך טאָן מיטן גראבארניק איז געווען ניט נאָר איר באגער: פיניע אלביטער האָט ניט אומזיסט געפיקט

מיט זײַן שארפער צונג דער עלטסטער טאָכטער אין האָרביקל: האָדעווע אים אונטער, דעם רויטן.

הערשל דער רויטער דרייט זיך ארום אין שנאָרער־געסל א קײַלעכדי־קער יאָסעם, ברייטע פלייצעס באם באָכער און א פּאָנעם — מילך און בלוט. ווער, אשטייגער, וועט זיך אָפּ דער אושאנעטע ראַדעווען, אכוץ דעם באָרוועסן יונגאטש? דארף מען אים דאָך אוואדע פארשלייערן.

דערווײַל בייגט ער דעם רוקן, ווייקט די פּעל, שאָבט זיי טאָג און נאכט, זאלצט זיי מיט דוב. עס מאכט ניט אויס, וואָס הערשל דער רויטער איז ייִנגער פונעם האָרבאטן טעכטערל אָף אכט יאָר, זי וועט אים אײַנבײַסן.

נאָר גיי ריכט זיך, אז דינע, דאָס שיינע אקאציע־ביימעלע, אין וועמען א גאנצע שטאָט שפּיגלט זיך, זאָל זיך גאָר פארליבן אינעם גראבארניק.

איינמאָל, די אושאנעטע קומט צו צו דער מיל, זי טוט א קוק אָף די פורן, וואָס שטייען באם טײַך, זעט זי, אז הערשל דער רויטער, איר אויס־געטרוימטער כאָסן, זיצט מיט דינען אָף יארינעס וואָגן און קושט זי.

וואָלט עס געווען בא דער שטוב, גיסט זי, די האָרבאטע, זיי אָפּ מיט א צעבער אָדער מיט אָקרעפּ. אויס כאָסן — ניט מיר, ניט דיר.

נאָר מע זיצט דאָך באם טײַך, ווו ס׳איז ניטאָ קיין צעבער, ניטאָ קיין אָקרעפּ.

הערשל מיט דינען האָבן גאָרניט באמערקט, וואָס ארום זיי קומט פאָר. גרינע שאָטנס פאלן פון ווערבעס, פארשטעלן פארליבטע פון א בייזן קוק, פארהיטן זיי פון א שלעכט אויג. און זי, די האָרבאטע, איז נאָך מער געל געוואָרן. דער הויקער שפּארט שוין, דוכט זיך, אָן ביזן האלדז־און־נאקן, כאָטש זעץ זיך אָף אים רײַטנדיק. זי לויפט איבערן שליאך מיט אירע דארע פיסלעך, שווערע שליסלען קלינגען אָף איר גארטל...

## דעם קייסער אליין אָנשפּײַען אין פּאָנעם...

אָט שטייט ער מיר פאר די אויגן, מייער באלנעס, מיט דער טאָרבע שמאטעס אפּן אקסל, אין דער רעכטער האנט דער גראָבער סוקעוואטער שטעקן, אָף די פיס שטרויענע פּאָסטעלעס, אָנגערוקט דעם אלטן געלן קאפּעליוש איבער די אויגן.

מייער באלנעס, דארפט איר וויסן, איז א געבוירענער סאָלדאט, פאר־שפּאָרט מען אים וועקן גאנצפרי. פיר אזייגער איז ער שוין מיטן שמאַ־טע־זאק אָף דער צענטער גאס, אין אלע ווינקעלעך פון דאָרף. כאָלילע, ניט בעטלען קומט ער, נאָר אָנשטאָפּן געדיכטער דאָס שמאטענע און מעשענע „גאָלד", קעדיי אוועקטאסקען דעם אויצער צו בערעלע קניפּ אין סקלאד ארײַן.

טוט בערעלע כויזעקדיק א נעם פונעם זיידנס הענט א פארזשאווערטן לײַכטער:

— שפּינסט גאָלד, באלנעס?

מייער באלנעס איז דורכגעגאנגען סיביר מיט די אייגענע פיס, שפּארט פון אים די גוורע. ער וואָלט דעם קניפּ פארשטעקט דאָס טרייפענע מויל מיט א נאסער שמאטע. דעם טאָג האָרעוואניע אָפּגעבן אים כאָצי־כינאָם?!

די רעציכע ברענט באם זיידן. פון געפאנגענשאפט איז ער געקומען א צעיושעטער, א בייזער, פונקט ווי מע וואָלט אים דאָרט, אין כארבין, אָנגעפּאָיעט מיט שווארצן בלוט.

ניט איין מאָל, ווען ער איז געלעגן אין די קאזארמעס, פלעגט אים קומען אפן געדאנק דאָס שנאָרער־געסל, דאָס פוילע בריקל, דער בלאָטע־טײַך מיט די זשאבעס. „ס'איז עפשער גלײַכער, — האָט ער געטראכט, — אראָפּקומען פון יאפּאָנישער געפאנגענשאפט, אײַנפּאקעווען דאָס ביסל אָרעמקײַט און הײַדא אין טײַגע!..."

ניט איין צאָן האָט דער זיידע זיך ארויסגעריסן מיט מאטאָנעס קאָ־וועלשע צוואנגען, ניט איין קנייטש האָט זיך אײַנגעקארבט אין זײַן הויט, טראכטנדיק וועגן דער וועלטס טאכלעס.

שאבייסענאכטס בענטשט די באָבע „גאָט פון אווראָהאָם, פון יִיצכאָק און פון יאנקעוו", זאָגט בנייבּי מוסער דעם פארביטערטן סאָלדאט:

— יעדע שאָף דארף וויסן די טשערעדע אירע... אף קאפּאָרעס דארפסטו ניקאָלקעס מישפּאכטע.

מייער באלנעס נעמט ארײַן זײַן רויט בערדל אין דער זשמעניע, זאָגט מיט רעציכע:

— דרײַ הונדערט יאָר צאפּן זיי ריקעס בלוט, דישען דעם אוילעם. איז שוין, דוכט זיך, צײַט, אז די קנופּיע זאָל אָנלייגן מיטן קאָפּ!

— אויב דו ווערסט אזוי לערנען דײַנע אייניקלעך, וועלן זיי דעם קייסער אליין אָנשפּײַען אין פּאָנעם.

— נאָך א מין אָנשפּײַען!

נו, און פיניע אלביטער, דער שאָכן אונדזערער, איז דען ניט פון יענער טרייפער מישפּאכטע? מיט זײַן געניט אויג פון א רעקרוט זעט אים מייער באלנעס אף דורך און דורך.

ניט איין מאָל האָט ער געוואָרנט הערשל דעם רויטן:

— דו זע נאָר, רויטער קאנאריק, פיניע אלביטער זאָל דיר אינמיטן העלן טאָג ניט אונטערוקן די האָרבאטע.

ס'איז שוין יענער קרופּאָדיאָר, אָט דער אלביטער! טרוקענע פעלעכ־לעך טאסקעט ער אפן קניאזשער יאריד, קלעקט אים צו געבן דעם פריי־סטאוו א קערבל, דעם פּאָרעץ א פיזענעם טולעפּ, סטעפּאן דעם סטראָ־זשניק — א קעלישעקל יאש און דעם אָביעזדטשיק א רימען אף שלאָגן די הינטשלעגערס פונעם שנאָרער־געסל... דארף הערשל דער רויטער געדענקען, אז דעם באלעבאָס זײַנעם גייט מיט דער האנט. נאָר גאָט איז א פאָטער, האָט ער פיניע אלביטערן צוגעשיקט א בלאָטער — די אושא־נעטע...

— א גראָבער שטיק געוואנט די האָרבאטע, — האָט דער זיידע אײַנ־געקנעלט מיטן רויטן, — אָט זעסטו, הערשעלע, די קלענערע, דינע... צוליב אזא מויד איז שוין דאפּקע יאָ קעדײַ ווייקן אין די ביטן...

קיינמאָל ווערן מייער באַלנעס׳ אויגן ניט מיד צו קוקן אף דער שיינער וועלט, כאָטש ער זעט אין איר אויך פּאַסקודסטווע.

אָט גייט פּיניע אַלביטער פונעם באַרג, זיך אָנגעפּאַיעט מיט פרישער מילך בא דער מעלניטשקע.

מיסטאַמע האָט שוין דער גוויר געגומען א קאַפּעלע, ווײַל ער מרוקעט פּראָקאָפּ דעם שיקערס ניגן: „מאַלא יא מוזשא, מוזשא יא מאַלא, מאַלא יא מוזשא פּיוואניאַקאָ!"[1]

כאַצקעלע בעץ וואַקסט אויס פאַר אַלביטערס אויגן, פרעגט דער נאָ־גיד באַם מעשוגענעם, גלײַך ער איז זײַנער א שוטעף:

— וואָס הערט זיך אין מיל, כאַצקעלע?

— דער שטיין רײַסט די מעל, דער שטיין רײַסט די מעל.

— ביז מע וועט אָנקאָוועןן דעם שטיין, כאַצקעלע, כאַפּ זיך אַרײַן צו דער מעלניטשקע. מע קאָכט דאָרט סאַמאָהאָן. טו זי א קיצל, זי איז א גוטע, די מעלניטשקע.

דער מעשוגענער לאָזט אַזש די סלינע פון פאַרגעניגן.

— זשליאָקע זיך ניט אָן, כאַצקעלע, איין לעק פונעם גלעזל, צוויי קיצל. זי האָט עס ליב, די מעלניטשקע.

מיטאַמאָל קערן זיך כאַצקעלען איבער די אויגן, ער הייבט אוף דעם שטעקן, מיט וועלכן ער גייט איבערן דאָרף, וויל שוין א נערעק טאָן, נאָר עפּעס א קויעך שטעלט אים אָפּ. זײַן צורע ווערט צעקרימט פון צאָרן. ער האָט פאַרשטאַנען, דער מעשוגענער, אַז פּיניע אַלביטער לאַכט פון אים.

אין א מינוט אַרום איז שוין כאַצקעלע אין מיל, שטעלט זיך בא דער גרויסער ראָד און, ווי אַן אײַנגעשפּאַרטער אָקס, רוקט ער אונטער די געזונטע פּלייצע אף לאָזן אין גאַנג דעם פאַראָוויק.

מעשוגע, מעשוגע, נאָר עס ציט אים אין שטיבל צו דער מעלניטשקע. דאָרט איז די סטעליע פאַרייכערט פון קאָכן סאַמאָהאָן, אפן פענצטער א קנויט אין א שערבל, א פּעקעלע שוועבעלעך. באַם אויוון א האַק, אפן טישעלע — א שפּיגעלע. אף דער וואַנט, אף א צוואָק — א סוויטקע און כאַצקעלעס יאָלעם, וועלכן ער האָט נאָך נעכטן דאָ פאַרגעסן...

מעשוגע, מעשוגע, נאָר כאַצקעלע האָט זיך צעלייגט בא דער מעל־ניטשקע. העט־ווײַט אינדערנאַכט, דערזעענדיק, אַז עס גייט אַהער צו דער שטוב מיט גנייוויִשע טריט אַלביטער, באַגלייט די מעלניטשקע כאַצ־קעלען מיט א פויל געלענדערל:

— העט, העט, כאַצקעלע... דורי וו טעבע כוואַטע...[2]

לעבן דער סאַמע טיר שטויסט זיך כאַצקעלע צונויף מיט אַלביטערן. דער מעשוגענער טוט א קאַכיקע. דער נאָגיד קומט אַרײַן אין שטוב א ביסל פאַרשעמט, נאָר שטאַרק גראָביונגעריש, ווי א שיקער קאָן, דערצו

---

[1] געהאַט האָב איך א מאַן, א מאַן האָב איך געהאַט, געהאַט האָב איך א מאַן א טרינקער!

[2] גיי, גיי, כאַצקעלע... נאַרישקײַט וועט דיר קלעקן...

נאָך א גוויר. ער איז צופרידן, וואָס דער מעשוגענער קריכט צו דער מעלניטשקע פאר אלעמען אין די אויגן, און ער, אלביטער, גייט אין דעם מעשוגענעמס שאָטן. ס'איז כיטרע צוגעטראכט, דער שטאָט־שויטע זאָל דעם שטאָט־גוויר פארשטעלן פון פרעמדע אויגן. נאָר וויבאלד זיי האָבן זיך צונויפגעבוצקעט בא דער טיר, דארף איינער פארשווינדן.

גאנצפרי קומט פיניע אלביטער אריַין אין מיל, האלט זיך קוים אף די פיס. בא דער גרויסער ראָד שטייט כאצקעלע, שיט איבער פון איין האנט אין דער צווייטער א ביסל צעמאָלטע מעל און באָמקעט זיך אונטער דער נאָז:

— אוי, אוי, אוי, גיב אהער די מעלניטשקע!

פיניעס פּאָנעם ווערט רעציכעדיק רויט. ער קוקט זיך ארום, צי קיינער זעט ניט, און טוט א שטארקן שטופּ כאצקעלען, וואלגערט אים אום אף דער שווינדלענדיקער און שטארק פארשטויבטער ראָד...

— אוי, אוי, אוי, גיב אהער די מעלניטש...

און אין שטאָט איז געוואָרן מיט איין מעשוגענעם ווייניקער. פארומערט איז דאָס שנאָרער־געסל.

קיינער איז נאָך כאצקעלעס לעוויַע ניט געגאנגען, מייער באלנעס האָט אים פארוויקלט אין א רעדנע, וואָס יארינע טשאָרנאָדידעכע האָט געשענקט, און אים אוועקגעטאסקעט אפן בעסוילעם.

עפּשער בלויז מיט א היילִיקער זאך באגייט מען זיך אזוי. וויַיזט אויס, אז מייער באלנעס, נאָר ער איינער, האָט געפילט כאצקעלעס הארץ, — מיט אזא בייזן ווילן האָט ער די מיטע געטראָגן צו דער קווורע, פונוואַנען כאצקעלע בעץ וועט גיין צו דער פאמאליע־שעל־מיַילע אָפּגעבן כעזשבן פאר די גרויסע מוטשענישן.

## זיי האָט נאָר פארשאָטן...

יארינע טשאָרנאָדידעכע איז איינמאָל שאבעס געקומען צו לויפן, אָנגעזאָגט דער מאמען א וויסטע בסורע: טויט דער טאטע! איניינעם מיט פּראָקאָפּן דערהארגעט געוואָרן.

איך טו זיך א וואלגער, ווי א הינטל אין גראָז אריַין, וויין מיט בלוטיקע טרערן, וויין און וואָיע.

— שטייסטו אוף אינדערפרי, זון מיַינער, — האָט מיך דער טאטע געלערנט, — גיס אָפּ, ריישיס־כאָכמע, נעגלוואסער, טו עפּעס א קיַי, וועט גליַיך ווערן גרינגער אפן הארצן...

פיַינט געהאט האָט ער, דער טאטע, קוקן ווי די מיידלעך טוען נאָר א שווענק די נאָז, פלעגט מען זיי טאקע לערנען: פארפלעכטן א צעפּל, אויסוואשן די פיס, זיך אויסצוואָגן.

א מיידל מוז קענען שפּינען א זאָק, אריַינסילען א בײַוועלע אין א נאָדל, אָנטאָן א פינגערוט, אויסהעפטן א ציכל, א סערוועטל, א פּאָרהענגל,

אויסנייען א העמד, אָפּשמירן דעם פּריפּעטשעק, דעם ערדענעם דיל אין קיך, די פּריזבע.

און די יינגלעך האָט ער געלערנט: מאכן א שטײַגל פאר די גענדז, אָנשארפן דאָס מעסער, פארבן דעם דאך. צעשנײַדסטו זיך א פינגער — לייג צו שפּינוועבס, רײַסט אָן א בלאָטער — פארמיש געלע ליים מיט האשטאָנע און מאך זיך א קאָמפּרעס.

יינגלעך דארפן קענען אָפּהובלעווען א ברעט, ארופקלאפּן א רייף אױף דער דייזשקע, ארויסשלעפּן מיטן האטשיק אן עמער פון דער קרעניצע, אויספלעכטן א סיטקע, אָפּבראָטן א קארטאָפליע, זי זאָל ניט פארברענט ווערן, צעפירן א זעג און אָנשארפן מיטן פײַלעכל יעדער צאָן באזונדער.

און נאָך בארמיצווע איז שוין צײַט קענען אויסהאקן א פּאָלאָנקע, אונ־טערקאָווען א הילצערנעם קאָנעק, לייענען א בלאט און זיך כאסמענען.

און מיטאמאָל — דער טאטע איז טויט...

אזוי גייען אוועק עטלעכע טעג אין וויסטער בעהאָלע. נאָר אָט לויפט ווידעראמאָל ארײַן יארינע טשאָרנאָדידעכע און זאָגט אָן א נײַע בסורע:

— ער לעבט, דאנקען גאָט! מאָטיע לעבט, ער איז נאָר פארשאָטן געוואָרן... אָבער פּראָקאָפּ...

וואָס איז מיט פּראָקאָפּן? — טו איך א טראכט.

פּראָקאָפּ האָט מיך געלערנט: קוילען א כאזער, פּאשען פערד באנאכט, נעמען דאָס אָרט בא דער קו בעשאסן קעלבן זיך און פארגראָבן עס אונטערן טויער, ווי א הייליקע זאך. אויך צונויפקלאפּן א לייטער, אויס־גראָבן א גרוב אױף זשאָם, אָפּשנײַדן ווי געהעריק די היטשקע פון בורע־קעס, מאָלן מעל אין מיל, רײַסן אין דראטש גרויפּן, קוועטשן מאקוכעס אױף בוימל, קאָסען היי מיט דער קאָסע.

אלצדינג דארף קענען א כלאָפּעץ. דערפאר האָט פּראָקאָפּ אונדז גע־לערנט: באָדן פערד, אויסקעמען די גריוועס זייערע, אָנשמירן די אקס מיט סמאָלע, ארײַנקלאפּן א צוואָק, צעהאקן א סוקעוואטע קלעצל.

און מיטאמאָל — פּראָקאָפּ איז קאָנטוזיעט...

יארינע איז שוין אפּן בארג, מע זעט נאָר איר פאטשיילע מיט די רויטע פּליאמעס. מײַן קינדערש הערצל שלאָגט זיך אין דער ברוסט, ווי א קעלבל אין פּארקן:

— דער טאטע לעבט! פּראָקאָפּ איז שטארק קאָנטוזיעט!

מײַן טאטע, — אויב דער שניי דרייט גאנצע מעסלעסן, אין מארק איז קיין מעשוגענער הונט ניטאָ, די קלייטן פארשלאָסן, — טראָגט ער ארײַן אין שטוב פריש ברויט, ווארעמע מילך, א שיסל קרויט, צוויי מעסטלעך קארטאָפליעס: „עסט, קינדער!..״

נעכטן, ערשט נעכטן, זײַנען מיר דרײַצן נעפּאשעלעך געזעסן פאריאָ־סעמטע, פארוויינטע. הײַנט, דערהערט פון יארינעס מויל, אז דער טאטע לעבט, האָט די מאמע אָפּגעקאָכט א פולן טאָפּ קארטאָפליעס, געמאכט הרעטשענע לאטקעס און געגעבן יעדן קינד א פּיפּאָלעקל מיט שמאלץ.

מיידלעך וואשן די דילן, די פענצטער, אפילע דעם פּידאשעק, וואָס מע האָט זינט דעם אָנהייב פון דער מילכאָמע מיטן זאסטעפּ ניט געשאָבן.

הינדע באַן פּראַזשעט קערלעך. בערעלע קניפּ, דער קאָרעוו אונדזוערער, ברענגט אַרײַן אַ קריגל קוואס — ס'איז יאַמטעוו!

— דער טאַטע לעבט! דער טאַטע לעבט! — פרייען זיך קינדער, און מע שלאָגט דערוויַיל אויס אַ טאַפּליע, מע וואַרפט אַרײַן אַן עמער אין קרענעצע...

— ריבוינעשעלוילעם! — ברעכט די דאַרע הענט די מאַמע. — באָסיאַ־קעס, וואָס טוט מען מיט אײַך!

מיר פאַרשטייען אָבער, זי איז גליקלעך, די מאַמע, סײַוויסײַ איז זי גליקלעך.

— אימײַרצעהאַשעם, נאָך אַ וואָך, נאָך אַ כוידעש, אַבי ער לעבט, דער טאַטע, וועט ער קומען, — וויינט די מאַמע פון פרייד.

איך ליג אָפּן רויטן סאָפּקעלע, פאַרמאַכט די אויגן, דער טאַטע, ווײַזט זיך מיר אויס, זיצט באַם טיש, גיט מיר אַ לעק טאָן פונעם קעלישעקל אַ ביסעלע יאַש, איך פאַרקרים זיך, נאָר דער טאַטע שמייכלט:

— אַזוי איז דאָס לעבן אונדזערס ביטערלעך, קינד מײַנס.

דער טאַטע לעבט! — טו איך אַ בריקעווע אונטער דער באָבעס קאָל־דרע. — מײַן טאַטע לעבט! און ער וועט זיך נאָכאַמאָל מיט אונדז אַרומ־פירן, ווי אַ האָן מיט זײַנע הענדעלעך, ווײַזן ווו צו טאָן אַ פּיק, ווו צו טאָן אַ פּיק...

## וועלף

באַנאַכט הער איך, ווי דער זיידע קרעכצט. עפּעס האָט ער אַ טײַנע צו דער וועלט:

— עך, רעב מייער, געקומען די צײַט זיך איבערדעקן מיט דער קאָלדרע און לאָזן אַ טרער. דאָרט, ווו עס האָט געברענט דער בורעלאָם, וועט שוין קיין גרין גראָז ניט וואַקסן, דאָס אָרט וועט שוין בלײַבן, ווי אַ ליסינע...

די באָבע אונדזערע האָט אין איין שיינעם טאָג אָפּגעברענט, אויסגע־שאָטן אירע לעצטע קלאָלעס, אַלע וויסטע כאַלוימעס אויף סאָנימס קעפּ, פאַרמאַכט די אויגן, שטיל ווי אַ פּיצעלע קינד.

מײַן באָבע שטאַרבט, און מיר, אירע אייניקלעך, נאַקעטע פּופּעקעס, זינגען אַ לידל:

„דער באָבעס קנײַלעכל דרייט זיך, דרייט זיך, כאַימקעס זעקעלע מאַכט זי גרייט״.

גיי ווייס, אַז שײַע דער בלינדער וועט נאָך הײַנט פאַרנאַכט מאַכן אַ מאָלע, אָפּזאָגן קאַדעש נאָך דער באָבען, און דער זיידע וועט בלײַבן זיצן, ווי אַ זשאַבע אין גראָז, געל אין פּאָנעם, שוואַרץ אונטער די אויגן, גלײַך עס וואָלטן מיטאַמאָל אים אָפּגענומען אַלע אייוורים.

זיבן טעג און זיבן נעכט איז ער געזעסן שיווע באַם גויסעסדיקן ליכטל. און די געדאַנקען האָבן אים געטראָגן איבער זײַן אָפּגעקומען לעבן.

דער זייגער שטייט. אַף דער וואַנט הענגט אַ סאָלדאַטישער רימען אַף שאַרפן דאָס גאָלמעסער, די שטרויענע פּאָסטעלעס שטייען אין אַ זײַט.

פון זײַן ווינקל קוקט דער זיידע אַפן גווירישן הויז, באַנאַכט דוכט זיך אים, דערגייט צו זײַן אויער דאָס שווערע כראָפּען פון פּיניע אַלביטער.

האָסט אָפּגעלעבט אַ לעבן, שמאַטניק, געגעסן פּיסנע ברויט, אָפּגעדינט ניקאָלקען פינף און צוואַנציק יאָר. אין פּײַער זיך געוואָרפן, קיינמאָל ניט פאַרסטראַנעט אין קיין ליימיקער וואָראָנקע, בלויז אַ טרייסל געגעבן דעם שינעל, אויסגעליידיקט דעם פּאַטראָנטאַש ביז דער לעצטער קויל, געשאָסן און געפאַלן, אַ שטאָך מיט דער שפּיז און אַ נערעק מיט דער ביקס, מיטן אײַזערנעם סאָלדאַטישן לאָפּעטקעלע.

סאָלדאַטן זײַנען ווי געדיכטער אָטשערעט — פּלייצע צו פּלייצע, אַנ־דערש וואָלטן זיי ניט איבערגעטראָגן די בייזע ווינטן, די האָגלען און זאַווערוכעס, ניט אויסגעהאַלטן הונגער און דאָרשט.

מייער באַלנעס האָט ניט שטאַרק געהאַלטן פון דער אַכילע. „עסן, — זאָגט ער, — דאָס איז אַ כאַזערשע מעלאָכע. אָט, זעסטו, אויסטרינקען — „עטאָ דיעלאָ בלאַגאָראָדנאָיע!"

אין דער אײַזערנער ראָטע האָט מען געגעסן פון איין שיסל, געזשליאָ־קעט פון צינקעווע פּליאַזשקעס. פונדעסטוועגן האָט געסטײַעט קויעך קאָ־ווען פערד, גראָבן טיפע טראַנשייען, האַלטן פעסט די ביקס אין האַנט.

פאַרצויגן דאָס לידל „פּרי לוזשקי", אַרופגעצויגן העכער די כאָלע־ וועס, — און מע גייט, און מע גייט. פונקען פליִען אַזש פון די שטיינער. ראַשיק קלינגען געקאָוועטע קאָפּיטעס.

— וועלף, אַלע זײַט איר וועלף! — מייער באַלנעס געדענקט ניט, ווער עס האָט אַזוי אין קאַזאַרמע געשריִען באַנאַכט פונעם שלאָף, נאָר עס דובעט אים אין קאָפּ אַרײַן:

— וועלף, אַלע זײַט איר וועלף...

מיט די ציין, ווי די מעגעגעס, האָט מען מײַן זיידן איבערגעהריזעט דאָס לעבן, און ער האָט געמוזט טראָגן אַף זיך דעם רועכס פּעל — דעם רעקרוטישן שינעל, פינף און צוואַנציק יאָר געקראָכן פון איין גרוב אין דער צווייטער, געגראָבן מיט די נעגל די ערד, געוואָלט אַרויס אַף דער ליכטיקער וועלט, נאָר געבליבן איז ער זיצן שיווע. זיצט ער און טראַכט: „ווו זשע נעמט מען אַ דרײַערל אַף דער באָבעס טאַכריכים?!.."

## שנײַדן, נאָר שנײַדן

נאָך אַ גוסרעגן צי פאָר קניאַזשער יאַריד נעמען זיך צונויף די שטאָט־ באַלעבאַטים פונעם שנאָרער־געסל: פּיניע אַלביטער, מוישע מוטשניק, בערעלע קניפּ, מייער פּאַלאַטש. זיי שטייען אַפן הילצערנעם טראָטואַרל און באַריידן די שטאָט.

סאָלדאַטן שרײַבן בריוו, ווײַבער וויינען, און די שטאָט־צאַדיקים גלעטן זיך אויס זייערע בײַכער און שמועסן. מע רעדט, לעמאָשל, אַז מייער

באלנעס׳ זון כאליאטשעט נאָך אלץ אין לאזארעט, נאָר דינסטיק־מיטוואָך גייט ער שוין אוועק צוריק צו די אָקאָפּעס...

— א גאנצן ווינטער זיך געהיילט די קאָנטוזיע, איז ער טאקע ווידער, דער שמאטניק, ווי אָנגעמאָסטן פאר דער מילכאָמע... — טוט זיך א פאר־קרים בערעלע קניפּ.

— אוואדע האָט ער זיך שוין פארבענקט נאָך א נײַער קאָנטוזיע, — טרעפט אים צו מייער פּאלאטש.

— א געבוירענער סאָלדאט! — נעמט פּיניע אלביטער ארויס די טאַ־באקערקע.

— ער וויל גאָר ניט קומען אהיים, דער קאפּצעניוק, ער איז מיר נאָך שולדיק פאר מעל, — צעגיסט זיך מוישע מוטשניק און טוט א פּינטל מיטן קאסאָקע אייגל.

אָבער ניט דער טאטע מײַנער האָט איצט צונויפגעבוצקעט די שטאָט־באלעבאטים אינמיטן דער געדיכטער בלאָטע. אין שנאָרער־געסל וועט זײַן א לאָדעניש — פּניי וועט פּאסקענען וועגן מאטאָנע קאָוועל און זײַן ווײַב מאליע.

בערעלע קניפּ פירט דאָס רעדל:

— אין א באלעבאטישער שטוב שטופּט מען ארויס דעם מאמזער און שא־שטיל, און בא די זלידניעס מאכט מען א טומל, מע שילט, מע לאָדט זיך...

יאָ, מאטאָנע, האָסט זיך אף וואָס צו קלאָגן: אומזיסט זיך געמאכט „א פוס", „אָן אויער", געקויפט מאליע דער וואָבלע א זייגערל „מאָזער עט קאָמפּ". מיט זיבעצן שטיינער. מאליע איז געבליבן מאליע. פארנאכט זיך אויסגעקנאקט מיט די ציגײַנערשע אוירינגלעך, אין א זײַדענער פאטשיילע און ארויס אפן וויהאָן שפּאצירן.

— מאליע! — רײַסט מאטאָנע דאָס העמד אף זיך...

און איך, דער שייגעץ, „דער, וואָס אין דער קאָרט", איך האָב ליב בעשאס מאטאָנע קאָוועל טשיבעט זיך מיטן ווײַב, ארײַנקוקן אין א שפּאַ־רונע. און, טאנצנדיק מיט איין פיסל, אונטערזינגען: „שמועל באָק מיט איין זאָק". דערבײַ הער איך יעדעס וואָרט און מיר מאָלט זיך אויס, אז מע קוילעט זיך. אין א רעגע ארום לויפט ארויס דער געזונטער קאָוועל פון זײַן ווײַס־געפארבטער טיר, סוטולער נאָך, ווי געוועזן, אינגאנצן פריהלושעט...

מאליע, פארקערט, די וואָבלע, גייט ארויס פארקעמט, אויסגעצויגן, ווי א גרינע שלאנג, און שמייכלט.

איך פארלויף איר דעם וועג, קוק כוצפּעדיק ארײַן מיט די קעצישע אויגן מײַנע אין איר נעקייווישער צורע און זינג איר אין פּאָנעם ארײַן:

„פונעם בוידעם שיט זיך קאָרן, מוישע פארך, טו אויס די שפּאָרן, פוצער, פּוץ מיר אָפּ די שיך"...

בערעלע קניפּ, טראכט איך, איז עפּשער טאקע גערעכט: אין א באַ־לעבאטישער שטוב פּעקלט מען ארויס דעם מאמזער און שא־שטיל... און

בא די זלידניעס מאכט מען גוואלדן, מע שילט, מע לאָדט זיך. ניטאָ קיין ביזאָיען פאר דער וועלט.

מאליעס ארומשליאָנדרען זיך מיט אירע צוואנציק אוכאזשאָרן איז פוסטע כאלוימעס, דאָס אויסקאָמאנדעווען אירס אפן וויהאָן אָדער אין מארק בא די קלייטן, ווײַזט זיך גאָר ארויס, איז נאָר צוליב שפּילן אף מאטאָנעס קראנקע נערוון, ער זאָל ניט שלאָפן ווי א שטיק האָלץ: זי צוקאָפּנס, ער — צופוסנס.

— נו, איז וואָס מאָרדעוועט זי זיך אזוי, די יִדענע? — ווערט מייער פאלאטשס פלאטשיק פּאָנעם נאָך מער צעפלעטשט. — מע פארגייט דען אין טראָגן פון א קיצל?..

און מאטאָנע טײַנעט אויך:

— ביסט א קאָוועלס א ווײַב, זיץ אין שטוב, מערעזשע א זאָק, וואש אויס א שקארפעטקע, ניי צו א קנעפּל.

נאָר קאטעוועט זי, די וואָבלע, שליסט זי אין קייטן — דער שפּאציר אפן וויהאָן איז איר גאנץ לעבן.

מיט דער אייגענער מאמען איז זי אף מעסער־שטעך. טרעט זי נאָר אריבער די שוועל, די וואָבלע, איז גיב איר פּרעסן: א געבראָטענע קארטאָפּליע, א קאטשאן פון קרויט. טאָג און נאכט ציט זי, די וואָבלע, אף זויערס.

אָנגעפרעסן זיך, ארויסגעלייגט איר ביטער הארץ, דערזעט מאליע, ווי איך קוק זיך אונטער. הייבט זי אָן צו דערמאָנען מײַן יִכעס: ווער מייער באלנעס איז און אין וועלכע הענט, אז ווײַ צו אירע יאָרן, איז די מאמע מײַנע ארײַנגעפאלן... און ווי זי וואָלט זיך פון א שטריק אָפּגעריסן, שרײַט זי פון טיר:

— שמאטניקעס!..

איך שטיי דערבײַ, קאלופּע זיך די נאָז, און אין קאָפּ פּלאָנטערט זיך: „איז ווער איז טאקע פאָרט דער יִכעס מײַנער?״

אף מאָרגן נאָך דער לאָדעניש, ווען די „צאַדיקים״ האָבן זיך געשטעלט אף מאטאָנעס זײַט, איז די וואָבלע קראנק געוואָרן, אײַנגעפאלן, ווי א צעפוילטער בוידעם. און אָט פירט מען זי שוין, מאליען, אף יאנקל סאָסקעס שפּאן צום באַן. נאָשע דער רויפע, א פארפּינעטער, זאָגט מע־ווינעס:

— שנײַדן, נאָר שנײַדן!

אין דרײַ טעג ארום — נײַס אין שנאָרער־געסל:

— מאליע די וואָבלע איז שוין אָלעהאשאָלעם...

עס קומט אויס — מאטאָנע קאָוועל איז גאָר אופגעריכט געוואָרן.

## גיי ניט אף דער פּרימאנקע, זיידע

פארנאכט לויף איך אהיים מיט די גערטנער, דורך פּראָקאָפּס סאָד. ווי נאָר איך טו א שטעל דעם באָרוועסן פוס אין גראָז ארײַן, טוט א ברי די קראָפּעווע, מורעשקעס קריכן אזש אונטערן קאָלנער.

אין סאָד פאַלן בלעטער, לייגן זיך אף מײַן טשופּרינע, ריידן מיט מיר: טרעטסט אונדז מיט די פיס? אָט גייסטו אפן גרינעם גראָז, ווי אף א טעפּיך, און ווער וועט אף אונדז ראכמאָנעס האָבן און אופהייבן פון דער ערד?

אין דער היים, בעשאס דער זיידע שלאָפט, לייג איך ביגנייווע צו דעם אויער, ווי נאָשע דער רויפע, צו זײַן הארצן און הער זיך אײַן: טוק־טוק!

שוין עטלעכע טעג, ווי די מאמע באוויינט דעם זיידן.

— איצט, — זאָגט זי, — איז שוין אויס, א סאָף, דער זיידע איז טויט־קראנק, ער גייט אוועק פון אונדז...

מייער באלנעס איז נאָך דערווײַל לעבעדיק און ליגט אויסגעצויגן ווי אן עכטער ניקאָלײַעווער סאָלדאט. די באָרד איז פארגעלט פון רייכערן, די האָר סטארטשען, ווי דעמבענע געלע בלעטער.

— עס רוקט זיך א ווינטער איבער דער וועלט און שרעקט דעם אוילעם מיט ווינט און מיט קעלט, — קלינגען מיר דעם זיידנס ווערטער אין די אויערן. איך טוליע ווידער צו מײַן רויפע־קעפּעלע, הער זיך אײַן, ווי שוואך און שטיל עס קלאפּט זײַן אויסגעמוטשעט הארץ.

טײַערער זיידע! איניינעם מיטן הארצן וועלן זיך אָפּשטעלן דײַנע קלוגע געדאנקען. אזויפיל לידער און ווערטלעך טראָגסטו מיט זיך אוועק. האָסט פארביסן דײַנע ליפּן און קוקסט אף מיר, פרעגסט מיך עפּעס. איך בעט דיך, שטארב ניט, דערצייל מיר נאָך עפּעס.

מיטאמאָל דערזע איך אונטערן זיידנס אויגן א מין טויטע געלקײַט. ער פארמאכט ניט געכאפּט דאָס ווידע־סידערל, זאָגט ווי צו זיך אליין:

— האָסט געזען, שיקעלע, ווי העכט אָדער אָקונס גייען אף דער פּרימאנקע אפן האטשיק? פּונקט אזוי נארט אונדז, דעם נארישן מענטש, צו זיך דער מאלכהאמאָוועס.

ס׳טוען מיר א שניט אין מויעך דעם זיידנס ווערטער:

— א גוטע נאָז פילט דעם קולעק פריִער מיט א וואָך...

אויך אצינד, וועדליק ער רעדט אזוי קאלטבלוטיק וועגן מאלכהאמאָוועס, טײַטש איך עס אויס פּונקט, ווי די מאמע מײַנע, און שרײַ אויס אף א קאָל:

— זיידע, גיי ניט אף דער פּרימאנקע! — און דעק אים אײַן מיט דער באָבעס קאָלדרע די קאלטע פיס.

## אָוועס מײַנע, אָוועס

אפן פארקן ווייקט אונטערן רעגן דעם זיידנס טאלעסקאָטן, די שמאטע־קאָלדרע, א געלאטעט רעקל. דער באליק, וואָס שפּארט אונטער אונדזער שטוב, קריכט אלץ טיפער אין דער ערד ארײַן. מייער באלנעס׳ מעדינע האָט זיך א רוק געטאָן צום טײַך — אף דערטרונקען צו ווערן.

ערשט נעכטן, זיידעניו, האָסטו געלאכט, אז אויב א זאָקן פילט זיך

אין קויעך אופהייבן א זיפּ פּעדערן, איז ער נאָך א מאַנצבל. און היינט ליגסטו מיט פאַרגלאָצטע אויגן — טויט.

— דעם צעבער, — זאָגט די מאַמע, — טאָר מען ניט אַרויסגיסן, דאָס מיסט ניט אַרויסוואַרפן, די שפּיגלען דאַרף מען פאַרהענגען.

צאַנקט ערגעץ אין קיך־ווינקל א קאַרטאָפל־קאַנעצל, אין שטוב איז שאַ־שטיל, פּונקט ווי מע וואָלט דאָס קליינוואַרג אין דער באָבעס קאַסטן פאַרקלאַפּט. אויף כאַריפּעס, זאָל קאָטש א פליג א זשומע טאָן, ראַבטשיק זאָל טאָן א האָווקע, צי באַ יאַנקל סאָסקע אין שאָפע זאָל זיך צעהירזשען דער גניאַדע...

מיטאַמאָל הייבט אָן דער קוימען פון צוקער־זאַוואָד שיפּען מיט פּאַרע, גרילצן אַזוי, אַז עס דאַכט זיך, די מילכאָמע שפּאַרט אַהער, אין שנאָרער־געסל.

נאָר דאָ ליגט מייער באַלנעס אויסגעצויגן אויף דריי טאַבורעטקעס, איבערגעדעקט מיט זיין אויסגעדינטן שינעל, און שיין דער בלינדער „זאָגט".

— אָרעם איז ניט גוט, — וויינט די מאַמע מיט טרוקענע אויגן, — אָרעם איז ניט גוט... — שאָקלט זי מיטן קאָפּ.

אומגעריכט יאַוועט זיך אויף אונדזער שוועל ליובע. עס ווערט עפּעס מיטאַמאָל ליכטיקער, אין דרויסן האָט אופגעהערט צו מאַראַקען דער רעגן.

ליובע שטייט א ווײַלע דערשראָקן, זי זאָגט גאָרניט. נאָר אָט נעמט זי מיך פאַר דער האַנט, טוט א גרינגן שלעפּ צו זיך, און מיר אַנטרינען פון שטוב.

איבער פּיניע אַלביטערס פּאַרקן גיסט די אושאַנעטע אַרויס דעם עמער, גלאַנצן אין ריטשקעלעך ליסקעס פון קאַרפּ. די זון שיינט, נאָר זי וואַרעמט ניט. אָנגעשוואָלענע שוואַרצע כמאַרעס שווימען אַריבער דעם בעסוילעם־באַרג.

ליובע פירט מיך צו איר טאַטן, צו יאָסל קירזשנער אין שטוב אַריין. דאָרטן פּרעסט מען. אַפן פּריפּעטשעק ליגן צעגליטע קוילן. עס שמעקט מיט בערעזע, מיט איבערגעברענטן דעמב, דער איבערגעברענטער וואַלד קריכט דורכן קוימען צום הימל אויף דער פריי.

באַם קירזשנער אַפן הענגער — ערשט אופגענייטע זשופּאַנעס, סוויט־קעס אויף טאַנדעט, סאָלדאַטישע קאַשקעטן.

דערזען מיין הוילעך, פאַלט טייקעף באַ ליובעס טאַטן די בריל פון דער נאָז, ער שלעפּט אַראָפּ דעם מעטער פונעם דאַרן האַלדז, טוט א קלאַפּ אין טיש:

— וואָס טראָגט עס דיך אַהער, שמאַטניק?

— זיין זיידע איז געשטאָרבן, — וויינט שיר ניט ליובע.

דאָס בלוט ווערט אין מיר פאַרקילט. אין דרויסן, פון דער זאַוואַליע, רוקן זיך געדיכטע כמאַרעס, פערדישע פּאָדקעוועס קלאַפּן אַפן שליאַך. אינמיטנדערינען פּאַרט אָן פון א צווייטער זייט, פון דער נייער שטאָט, א כאַליאַסטרע מעכוטאָנים — איינער האָט זיך אויסגעפּוצט אין א גאַלאָ־כישער ריאַסע, א צווייטער אין ציגיינער־קליידער, און איבערגעקערטע

יאָלעמס, אינמיטן א מאטריאָנע, א צאדיק אין באָרד און פּייעס, — מע הוליעט און מע טאנצט, קלעזמער פאַרגייען זיך אף זייערע מעשענע טרומייטן.

אָן ליובען איז ביטער־שווער, כאַטש ווארף זיך אין טײַך אַרײַן.

— וואָס טראָגט דיך אהער, שמאטניק? — קלינגט מיר נאָך אלץ אין די אויערן.

איך זיץ איינער אליין הינטערן טויער, קוק צום הייליקן אָרט, פון דאָרט הערן זיך קוילעס, מיידלשע געזאנגען.

— שמאטניק! — דאָס איז דער יִכעס מײַנער.

— אָרעם איז ניט גוט, — דובען מיר אין קאָפּ דער מאמעס ווערטער. דאָס שנאָרער־געסל קלאָגט אָבער קיינמאָל ניט.

— ווען ס'איז באשערט אין גאניידן צו גיין...

— אוי, דומבא, דוניא, — דערטראָגט זיך דאָס געזאנג פונעם הייליקן אָרט.

וויסטע שלעק, וואָס האָט איר זיך צעזונגען, דער זיידע מײַנער איז געשטאָרבן, טויט, טויט...

— אוי, דומבא, דוניא, — קלינגט, ווי א ווידערקאָל, דאָס זעלבע לידל פונעם פוילן בריקל... דורך אָט דעם בריקל האָט מען ערשט ניט לאנג אוועקגעטראָגן די באָבע, מאָרגן גאנצפרי וועלן שאמאָסים אוועקטאסקען דעם זיידן...

אָוועס מײַנע, אָוועס!

פאַרגעסן אײַך קאָן איך ניט, און פון דערמאָנען אײַער געביין ווערט ווייטעקדיק שווער.

אָך, ווי עס ווילט זיך מיר אופשטעלן אין זיכאָרן מיט אלע פּישטשעווער קעס דאָס בידאָווע לעבן אײַערס אין אונדזער פאַרוואָרפן ווינקעלע.

טײַערע ערד מײַנע, נעמסט צו זיך צו סײַ גוטע מענטשן, סײַ שלעכטע. שלינגסט אין זיך אײַן רעגנס און שנייען. פון דיר קומען ארויס סײַ ווערעמלעך, סײַ קווייטן, אלץ קומט פון דיר און אלץ נעמסטו צו צוריק. איז צו וואָס האָסטו געײַלט צונעמען מײַן מייער באלנעס? נעכײַ וואָלט ער נאָך געלעבט א ביסל, ער וואָלט דאָך סײַווי געקומען אין דײַן רו...

## לעבעדיקע ווערעם

דער יִכעס מײַנער, ווי איר ווייסט שוין, ציט זיך פונעם זיידן מייער באלנעס. אין קעלער־שטיבל איז געווען די הויפּט־רעזידענץ זײַנע. אָבער זומער פלעגט ער וווינען אין דער אלטער סוקע, געפלאָכטן פון סאָנישני־קעס און געדעקט מיט סנאָפּעס קאָרענע שטרוי. איז ער טאקע געשטאָרבן, ווי א נאָווי: דרײַ צוניפגערוקטע טאבורעטקעס אָנשטאָט א בעטל, אויס־געבעט, ווי גאָט האָט געבאָטן, צוקאָפּנס דעם אלטן שינעל, וואָס האָט פינף און צוואנציק יאָר געדינט דעם קייסער, און צוגעדעקט זיך מיט א פּאָלע פון דעם זעלבן שינעל.

נאָך זײַן טויט, ווען שײַע דער בלינדער, דער כאזן פון דער שנײַדערשער שול, האָט שוין געהאלטן באם סאָף פונעם אייל־מאָלע־ראַכמים[1], דערמאָנט זיך מוישע דער מוטשניק, אז מײַן זיידע, אָלעווהאשאָלעם, איז אים שולדיק געבליבן פאר א קאָרענעם ווישקראָב. קיין געלט פארן ווישקראָב מאָנט ער ניט, אופעסן דעם ווישקראָב האָט מייער באלנעס געוויס ניט באוויזן, ער האָט אים גענומען אָקאָרשט א שאָ פארן טויט. מוישע וויל נאָר, מע זאָל א קוק טאָן אין סוקע.

— פארוואָס קומט עס מיר, — טײַנעט ער, — איך זאָל האָדעווען די הונגעריקע מײַז בא מייער באלנעס?

מוישע דער מוטשניק, ווען ער ווערט אלע זאָגן, אז ער קײַט דעם אייגענעם זאָדעק, האָט געהאט א טעווע ארײַנפערען א גילדן צענערל אין א פריש אָפּגעבאקענעם ווישקראָב און מיט א באזונדער סימען אוועקלייגן דעם ווישקראָב אף דער פּאָליצע — גיי זוך מוישע דעם מוטשניקס צענערלעך.

גראָד אין יענעם טאָג דערמאָנט זיך מײַן זיידע, מייער באלנעס, אז ער איז טויט־הונגעריק — עס כאלעשט אים פּאָשעט דאָס הארץ. כאַפּט ער זיך ארײַן צו מוישע דעם מוטשניק.

א פריש אָפּגעבאקענער ווישקראָב, אָנגעריבן מיט קנאָבל, איז בא מײַן זיידן געווען טײַערער פון א געפלאָכטענעם קוילעטש. פערעט מוישע דער מוטשניק אים ארײַן, דעם ווישקראָב, מיט די גילדענע צענערלעך.

גייט א שטאָט כאָדאָראָם. מער פון אלע פינעט בערעלע קניפּ.

— ייִדן, — שרײַט ער, — א שטאָט מיט מענטשן ווייסט, אז בא מייער באלנעס, דעם שמאטניק, איז אין סוקע קיין ברעקל ניט געבליבן, דערמאָנט ער זיך, אָט דער איוסוורף, אין א ווישקראָב. הערט א מײַסע! א פּאָטעפּאלנעסט פון א פארך — ניט לאָזן ברענגען א מענטשן צו קייווערייִסראָעל. וואָס זוכן, ווען זוכן?.. ניט אנדערש, דער טויטער דארף זיך אופהייבן פון דער מיטע און זיך אוועקשטעלן אין די טאכריכים באקן ווישקראָבן, ווײַל אזוי וויל רעב מוישעלע דער מוטשניק.

האָט מען ארומגעוואשן דעם מעס און אים געבראכט צו קייווער־ייִסראָעל. שוין נאָך אלעמען, נאָך דער לעווײַע, האָט מוישע דער מוטשניק איבערגעקערט די סוקע מיטן קאָפּ אראָפּ, מיט די פיס ארוף און דעם ווישקראָב ניט געפונען. ניט אנדערש, אז מייער באלנעס האָט אים אין קייווער ארײַן מיטגענומען. א נאכט איז ער ניט געשלאָפן, מוישע דער מוטשניק. קוים דערלעבט פארטאָג, איז ער אוועק צו כעווורע קאַדישע.

— סטײַטש, — האָט ער געטײַנעט צו זיי, — וואָס האָט איר צו מיר? דער שמאטניק האָט מיך בעדיל־האדאל געשטעלט. פינף גילדענע צענערלעך האָב איך ארײַנגעפּערעט אינעם ווישקראָב, אזוי ווי אין א וואַרעניק. איר פארשטייט, פינף גילדענע צענערלעך! הײַנט זאָגט אליין, צו וועמען

---

[1] אל מלא רחמים — א טפילע, וועלכע מע זאָגט נאָך א פארשטאָרבענעם.

זאָל איך לויפן, אויב ניט צו אײַך? א דרײַערל, איז א דרײַערל — גראָבט אים אויס, איך וועל ברענגען א דאָקטער און ראטעווען די צענערלעך.

כעוורע־קאַדישע אײַלט זיך ניט.

— אויב איינס פון די צענערלעך וועט זײַן זייערס, איז מאכטייסע, גראָבט מען אים אויס. קיין גרויסע צאצע איז בא אונדז מייער באלנעס קיינמאָל ניט געווען... נאָר טאָמער זײַנען די צענערלעך גאָר אינגאנצן בא אים אין די קישקעס ניטאָ? ווער וועט דעמלט באצאָלן פאר צוויי מאָל מעקאבער זײַן דעם שמאטניק? ווילן מיר דעריבער קלאָרע דיבורים: צי מע וועט יאָ געפינען, צי ניט געפינען — נאָר עס וועט קאָסטן א צענערל...

— גאזלאָנים, באגרעבערס וואָס איר זײַט! אײַך א צענערל, דעם דאָקטער א צענערל... נאָר כאפט אײַך דער רועך. נעמט די לאָפּעטעס.

ווי נאָר דער מוטשניק האָט געבראכט דעם דאָקטער פּאלמעסן מײַן זיידן, איז די שטאָט זיך צונויפגעלאָפן. „צוליב פינף צענערלעך זאָל מען אויסגראָבן און צעשנײַדן א מעס! — האָט די שטאָט געטײַנעט. — א צאר־באלעכאַים, נעבעך. אָפּגעלעבט א לעבן און ניט געוווּסט פון קיין כײַעס אף דער וועלט. עסט ער אוף א ווישקראָב מיט קנאָבל און שטארבט אוועק. איז שוין, דוכט זיך, גוט, וואָס וויל מען נאָך פון אזא מענטשן? אויסגראָבן א טויטן און נישטערן בא אים אין די קישקעס! צו אזוינס קאָן זיך דער־טראכטן נאָר מוישעלע דער מוטשניק”.

איז א שטאָט מיט מענטשן געשטאנען באם טארע־שטיבל און געוואַרט, צי וועט מען געפינען די צענערלעך בא מייער באלנעס אין די קישקעס.

א גאנצע שטאָט מיט מענטשן איז ניט קיין נאר. עפּעס איז שטארק ניט געפעלן געוואָרן בערעלע קניפּס פּאָנעם. מע ווייסט, אז ער פלעגט טאָגן און נעכטיקן בא מייער באלנעס אין דער סוקע.

— זײַן ארבעט, — האָט געטײַנעט די שטאָט.

— ניטאָ אפילע וואָס צו טראכטן! עס קאָן ניט געמאָלט זײַן, אז דער „קניפּ” זאָל ניט אָנשמעקן דעם ווישקראָב!

— שוין זאָלסטו אָפּגעבן, טרייפענע קישקע, דאָס ביסל קלינגערס! א ראכמאָנעס, נעבעך, אפן מוטשניק... ווילסט, אז דער פּאסקודניאק זאָל ארומלויפן אין די גאסן און רײַסן אף זיך דאָס העמד? — איז בערעלען דערגאנגען די יאָרן הערשל דער רויטער.

בערעלע קניפּ האָט זיך געמאכט ניט ווויסנדיק. אייסעך־וואָס א שייגעץ א הארבארניק זאָגט! ניט ער, נאָר איך, בערעלע קניפּ, זיץ דערווײַל אויבנאָן. ניט ער, נאָר איך ווארף ארײַן, דאנקען גאָט, אין שיסל דעם פּײַנעם פּערציקער. ניט ער, נאָר איך עס א קאלט פּופּיקל, א לעבערל מיט גריוון. אייסעך־וואָס א שייגעץ פּלוידערט...

נאָר הערשל דער רויטער האָט געטײַנעט זײַנס:

— איך האָב זיי ביידע אין דער ערד — אי דעם קנופּניק אי דעם מוטשניק. ביידע זײַנען זיי פון איין טייג געקנאָטן. ביידע בלוטצאפּערס. מיך ארט נאָר איינס: צאפּט איר בלוט פון א לעבעדיקן, קאָן א לעבעדיקער זײַן שטעטל באשטיין. אָבער צעקארדאשען א מעס, און אלץ צוליב קליינגעלט, זײַט איר דאָך ניט קיין מענטשן, לעבעדיקע ווערעם זײַט איר...

סאָפּקאָלסאָף האָט בערעלע קניפּ ניט אויסגעהאַלטן און גענומען סטראַ־שען הערשעלע דעם רויטן:

— דו רויטער אינדיק, טשעפּע זיך בעסער אָפּ, זאָגט מען דיר... דעם יִכעס דײַנעם קענען מיר, און וואָס פּאַר א פויגל דו ביסט, ווייסן מיר אוואַדע! לאָזן „רויטע הענער״ מיט טשאַרנאָדידן איז ניט פון די קאָשערע זאַכן. ס׳איז נאָך דאָ א לעבעדיקער סטראַזשניק, א סימביר אױף דער וועלט, און א כעזשבן בלײַבט א כעזשבן.

## א וועלט מיט וועלטעלעך

א גאַנצן זמאַן אָפּקנעלן בא לייווי דעם קאַזאַק איז ניט קיין שפּילכל. נאָר ווערט ער די קאַפּאָרע, דער רעבע מײַנער, פּאַר איין מינוט זיך שפּילן מיט ליובען און וואָלד. די איינציקע שאָ, ווען מיר פלעגן א ביסל פרײַער אָפּעטעמען, איז געווען דעמלט, ווען דער רעבע פלעגט אויסשטעלן דער רעבעצנס קראָם — די געלע און שוואַרצע קינדער־שיכעלעך, מיט וועלכע זי פלעגט האַנדלען, — און אָנהייבן אין זיי זיך שפּיגלען:

— וואָס זאָגט איר עפּעס אױף די ליאַמקעלעך, אױף די ראַנטעלעך, אױף די אָפּצאַסלעך, פּויליאַקעס, מאַמזיירים וואָס איר זײַט!

איז אוועק א סעדרע שיכעלעך:

— מאַמע...

— וואָס איז, שיקעלע?

— שיכעלעך...

קוקט זי אױף מיר, די מאַמע מײַנע, גלײַך ווי ניט איך, נאָר הערשל־וואָלף דער מעשוגענער זאָל שטיין פּאַר איר און בעטן זײַן באַליבט מײַכל — א קאָפּ פון א קאַרפּ.

— פון זינען ביסטו אַראָפּ? א קינד זאָל רײַסן שטיקער פון א מאַמען. דער טאַטע פוילט אין די אָקאָפּעס — און אים קויף שיכעלעך. און נאָך בא וועמען? בא דער רעבעצן. זי קאָן דאָך אָפּשינדן פון א לעבעדיקן די הויט...

איך צערעווע זיך, ווי א הונגעריק ביקל, נאָר אין א מינוט אַרום ליג איך שוין, ווי א לעמעלע, אין דער מאַמעס פּאָדעלעק און הער צום הונ־דערטסטן מאָל די מײַסע וועגן זיידנס פלען...

א גוטע נעשאָמע האָט זי געהאַט, די מאַמע מײַנע. און מיר, די קינדער, האָבן שוין געוווּסט, אז מיט קיין פינגער וועט זי קיינעם ניט אָנרירן. אפילע ווען מיר זאָלן אופּעסן א האַלבן טשאָלנט און אויסזשליאָקען דעם גאַנצן באַרג צימעס, וואָלט זי אויך ניט געזאָגט קיין שלעכט וואָרט. איר מוטערלעכע ליבע איז ניט איבערצוגעבן. קריכן שווער די ציין בא א קינד — טוט וויי דער מאַמען; טוט דעם קינד ווײ דאָס בײַכל — שפּאַלט די הימלען די מאַמע. טוט א קינד אָן איבעריקן גענעץ — לויפט די מאַמע צו דער שפּרעכערן. מיט דער גרינער גאַל איז איר אויסגעקומען אויס־צוהאָדעווען א שטוב מיט קינדער, זיך קיין איין מאָל ניט געקלאָגט אױף דער וועלט. פון מיר איינעם אויסצושטיין האָט מען געדאַרפט זײַן שטאַר־קער פון אײַזן. וויפל טרערן פלעגט זי, אַשטייגער, פאַרגיסן, איך זאָל לאָזן

צורו דעם דאָקטער... „וואָס בײַטסטו אים איבער אלע אפדערנאכט די טאַ־בליצע? ער איז דאָך פאָרט א דאָקטער. גייסטו און הענגסט אים אוף אף דער טיר נעכעמיע שוסטערס טאבליצע מיטן רויטן שטיוול...״

אומעטום בין איך פול, אין יעדן ווינקל שוין אויסגעווען. אפילע אפן „אינדזל פון ליבע״, ווו הערשל דער רויטער רופט צונויף זײַנע סכאָדקעס. ניט אומזיסט, פארשטייט איר דאָך, האָב איך דער מאמעס לעצטן גריוועניק אָפּגעטראָגן מייער פאלאטשן, אים אָפּגעצאָלט מעזומען, ער זאָל מיך אויסלערנען ארײַנלייגן צוויי פינגער אין מויל און געבן דעם עמעסן פײַף.

וועגן וואָס הערשל דער רויטער האָט זיך דאָרטן, אפן „אינדזל פון ליבע״, געשושקעט מיט זײַנע כעוורע, איז מיר ווייניק אָנגעגאנגען. דעריי־קער זײַנען געווען די דרײַ פײַפן, וואָס איך פלעג דארפן געבן, ווען א פרעמדער באווײַזט זיך. איינס האָב איך פארשטיין ניט געקאָנט. שוין אײַנגעגעניורעט אין בעט, פלעג איך נאָך אלץ טראכטן און טראכטן: וואָס דארף מען זיך אויסבאהאלטן אפן „אינדזל פון ליבע״ צווישן די קאָנאָפּ־ליעס, אז זיי פרוּוון זיך אפילע ניט ארומנעמען, די געליבטע?

ברענט אָבער די ליבע זייערע שטארקער פון דער סארפענדיקער זון, און ניט זיי הערן, ניט זיי זעען, אז באַרג־אראָפּ צום טײַך לויפט שוין די אושאנעטע...

פארן סטראזשניק האָט ער אזוי ניט מוירע, הערשל דער רויטער, ווי פאר דער אושאנעטע, כאָטש אין קייטן פענטען וויל אים דער סטראזשניק שוין גאנץ לאנג. איך לייג ארײַןביידע פינגער אין מויל, ווי מייער פאַ־לאטש האָט מיך געלערנט, און גיב דרײַ מאָל א פײַף. טוט זיך הערשל א כאפּ אוף פון די קאָנאָפּליעס, קוקט זיך ארום, און טייקעף דערזעט ער די אושאנעטע מיט א גראבליע אין דער האנט.

אָ, ווען זי זאָל וויסן, וויפל געזונט עס קאָסט דינען דאָס נאָכשפּירן זי, וויפל זיסע, געשמאקע מינוטן האָט זי, די אושאנעטע, אָפּגערויבט בא דער אייגענער שוועסטער מיט איר נאָכגיין פּוסטריט, מיט איר טשאטעווען, אז דינע זאָל מיט הערשל דעם רויטן, דעם בונטאר, זיך ניט באגעגענען!

נאָר עס געשעט א נעס! צי פונעם לויפן באַרג־אראָפּ, צי פון דער היץ טוט די אושאנעטע פלוצעם א פאל, און גלײַך אף דער גראבליע. הערשל דער רויטער כאפּט די פארבלוטיקטע אושאנעטע, דעם ערגסטן סוינע זײַ־נעם, אף די הענט און לויפט באַרג־ארוף צו דינען אין שטוב ארײַן...

צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן איז הערשל אף אָט דער הייליקער שוועל — אף דער שוועל פון זײַן געליבטער.

פריִער פלעגט ער שטיין באם פארקן, רײַסן סטרוטשקעס, ווארטן, ביז דינע וועט א קוק טאָן אין פענצטער. איצט זעט ער מיט זײַנע אייגענע אויגן די מעבלירטע שטוב, די רײַכע אלטע מעדינע, ווו ס׳איז אויסגע־וואקסן זײַן מעכײַעדיק, געשמאק מיידל, מאָלע־טאם. אפן פליושענעם באנקבעטל ליגט די אושאנעטע און שמייכלט צו הערשלען, צום רויטן אינדיק, צו הערשלען דעם הארבארניק, צום סוינע אירן...

# די מאמע פירט מילכאָמע — דער טאַטע קומט פון דער מילכאָמע

מייער באַלנעס איז קיינמאָל פאר זײַן גאַנץ ביטער לעבן אין זינען ניט געקומען איבערוואַרפן א וואַנט צי פאַרבײַטן א באַליק אין דער סטעליע. איז דעם זיידנס מאַיאָנטעק טאַקע געשטאַנען אף הינערשע פיסלעך, קרום געקוקט אין טײַכל אַרײַן: אָט וועט ער א פאַל טאָן אין דער קאַליוזשע.

גלײַך נאָכן זיידנס טויט הייבט זיך בערעלע קניפּ אָן האַרגענען און שלאָגן פאַר דער יערושע.

כאַדאָשימווײַז ציט זיך די לאָדעניש. מענטשן פּאַסקענען, אז דעם איינ־איינציקן אַרויסגאַנג אין דרויסן פון אונדזער שטוב דאַרף בערעלע קניפּ פאַרקלאַפּן און שטעלן א וואַנט.

שאַבעס באַטאָג יאָוועןן זיך אַרײַן אין זייערע שוואַרצע סורדוטן מוישע דער מוטשניק, מייער פּאַלאַטש און שײַע דער בלינדער.

די מאַמע שטעלט ווישניק אפן טיש, א פּאָר געפילטע שטיקלעך פיש, א ביסל רויטן ווײַן.

באַלעבאַטיש זיצט מען אזוי, מע כאַפּט זיך ניט, און באַם אוועקגיין זאָגט מוישע דער מוטשניק:

— די קאַדיישים פון מייער באַלנעס מעגן טאַנצן דורכן פענצטער, די כאַליערע וועט זיי ניט נעמען, די שמאַטניקעס.

אף מאָרגן, זונטיק גאַנצפרי, מיט דער ראַשטשינע, ברענגט בערעלע קניפּ באַלמעלאָכעס, און ביז האַלבן טאָג בלײַבן מיר אָן א טיר, כאָטש גיי דורכן בוידעם. אונדז, קליינע פּיפּערנאָטערס, איז דעם קאָרעווס שפּיצל גאָר געפעלן: מיר שפּילן אין לאַפּטאַ, און די מאַמע קוקט אף אונדז, גיסט טרערן, באַוויינט אונדז, קינדער, וואָס מיר זײַנען גאָר אינגאַנצן געבוירן געוואָרן.

נאָר וויפל קאָן מען שפּרינגען, ווי די ציגן, דורכן פענצטער? א שטוב בלײַבט א שטוב: מע דאַרף אַרײַנטראָגן אָן עמער וואַסער, א שײַט האָלץ. הייבט זיך אָן א מילכאָמע. דעם טאַטנס פוילן אין די אָקאָפּעס איז, דוכט זיך, קאַבאַק קעגן אָט דער בלוטבאָד.

הערשל דער רויטער זיצט פּונקט באַם בלאָטע־טײַך מיט דינען. די אוי־שאַנעטע לויפט שוין מער ניט שפּאַלטן זיי די קעפּ, גאָט האָט זי גע־שטראָפט, כאַליאַטשעט זי אפן פּליושענעם באַנקבעטל. אָטעמט אָפּ פרײַ די שיינע פאָר, מע זינגט שטיל א לידל:

וואָס האָסטו מיר אָפּגעטאָן,<br>
טײַער לעבן מײַנס,<br>
וואָס מײַן האַרץ ציט אזוי צו דיר...

די מאַמע כאַפּט דעם טאַטנס שווערע באַנדערשע באָרדע און האַקט אונטער דעם אונטערשטן באַליק פון בערעלעס שפּאָגל־נײַער וואַנט.

דעם טאַטנס שאַרף מעסער ליגט בא מיר באַהאַלטן צווישן אויוון.

טאַמער רירט דער קניפּ אָן די מאמע מײַנע מיט א פינגער, שנײַד איך אים איבער דעם טרייפּענעם האלדז.

שטייען זיי ביידע, ווי די הענער. האָדי מיט מוישע דעם מוטשניקס שיינע ריידעלעך: טויט אָדער רויט!

און כאָטש די מאמע איז א קלייניטשקע, א דארינקע, דאָך האלט זי פעסט בערעלען, דעם שיינעם קאַרעוו אונדזערן, פארן זשילעט.

מיר איז געפעלן, וואָס די מאמע נעמט דעם ווערד, קריך איך ארײַן דעם קניפּ מיט מײַנע גרויסע נעגל אין פּאַנעם און כאַפּ דערבײַ א קוק אין ווינקל צום טאטנס שארפן מעסער.

נאָר אָט טוט די מאמע א פאל אף דער ערד, בערעלע זיצט רײַטנדיק אף איר אויסגעדייוועוערטער ברוסט...

מיטאמאָל דערהערט הערשל דער רויטער די גוואלדן, כאפּט ער זיך אוף אינײנעם מיט דינען, און מע לויפט.

מיר געפעלט, ווי הערשל שלאָגט זיך. ווארפן הענט — איז פאר א ייִדענע.

מיטן רעכטן פוס דערלאַנגט ער דעם קניפּ צוויי־דרײַ קאדויטשעס, און יענער קומט צו־זיך, עפנט זײַנע כאזערשע אייגעלעך און האָט שוין כאַ־ראָטע:

— איך דארף ניט די וואנט. אף קאפּאָרעס דארף איך די וואנט... לאָז מיך אָפּ א לעבעדיקן, רויטער אינדיק.

נאָר מער פון אלץ טוט מיר דינע אָן פארגעניגן: אלביטערס טאָכטער שטייט בא מייער באַלנעס אין יערושע־שטיבל.

אָ, ווען זי ווייסט, וויפל געזונט ס'איז מיר פון דעם צוגעקומען!

א גאנצע נאכט בין איך דעמלט ניט געשלאָפן. פאר מײַנע אויגן שטייט דינע אלביטער, זי טרייסט מײַן מאמע, די שכיינע אירע, ווי אָן עכטע גע־טרײַע שוועסטער, און פארשפּיליעט איר דאָס צעריסענע קאָפּטל...

פון יענעם טאָג אָן ווערט פּיניע אלביטערס טאָכטער אָן אָפטער גאסט בא אונדז. מיט איר ארײַנקומען אין אונדזער כאַרעוון אלקערל באלויכט דינע, ווי א שיינע זון, יעדעס ווינקעלע.

נאָך ביז הײַנטיקן טאָג גייט מיר פון קאָפּ ניט ארויס אונדזער שטיבל: דאָס קליינע פענצטערל האָט דער טאטע געטרײַ ארומגעשמירט מיט ווײַ־כער ליים נאָך פאר דער מאָביליזאציע. באזונדערס שטייט מיר פאר די אויגן דאָס שמאָלע טירעלע, פארפּוצט מיט ניט קיין געפארבטע אויסגע־שניצטע לײַסטעלעך באם ארײַנגאנג. אפילו דעם פארזשאווערטן טשוואָק, בא וועלכן אונדזער שאָכן פראָקאָפּ פלעגט יעדעס מאָל א ציפּע טאָן זײַן אלטע סוויטקע, קאָן איך ניט פארגעסן. דאָס, וואָס ער האָט צעפּליקט די סוויטקע, האָט אים ניט אזוי פארדראָסן, ווי די באגעגעניש מיט בערעלע קניפּ. ווי פון א ניטגוטן אָדער פון א פּייגער, אזוי פלעגט ער זיך אויס־קערעווען און דרײַ מאָל אויסשפּײַען:

— ביסאָווא דושא, ליכא האָדינא...[1]

---

[1] דער שווארציאַר זאָל אים נעמען, דעם טײַוול...

דאָס מאָל איז פּראָקאָפּ געקומען מיטן קאַראַבין זײַנעם, וואָס ער האָט פון די אָקאָפּעס געבראַכט, און נאָר איין פאַרלאַנג געהאַט: אַרײַנשיטן דעם קניפּ אין בײַלעק אַרײַן אַ פּאָר שטיקלעך בלײַ...

דינע מיט הערשלען זײַנען געשטאַנען בײַ דער שוועל און אײַנגעטײַנעט מיט פּראָקאָפּן: אײַנגיכן וועט מען בערעלען צען קוילן אַרײַנשיסן, נאָר ניט הײַנט!

איך בין געזעסן אויפן קלעצעלע הינטערן אַלקער־טירל, צום ערשטן מאָל האָט מײַן אויער געכאַפּט אַ וווּנדער־שיין וואָרט — באָלשעוויקעס...

אַלץ וואָלט געגאַנגען אויף אַ דערעך, ווען ניט די אושאַנעטע, דינעס שוועסטער. זי זאָל בעסער געווען אָנלייגן מיטן קאָפּ, אײדער זי האָט אין איינעם אַ פאַרנאַכט דערזען דינען בײַ מײַער באַלנעס אין שטיבל.

אָט דעמלט ערשט הייבט זיך אָן די עמעסע בעזאָלאָווליע:

— דאַרפסט ניט הערשל דעם אינדיק, דעם האַרבאַרניק, דעם רויטן טשיזשיק, פאַר קיין כאָסן!

בערעלע קניפּ האָט געגאָסן בוימל אין פײַער אַרײַן:

— דער כעזשבן וואַקסט, הערשעלע, דער כעזשבן ווערט גרעסער, סטעפּאַן דער סטראַזשניק האָט אַ שאַרף אויג...

טאָג און נאַכט פּלעגט דער קניפּ זיך סוידען מיט דער אושאַנעטע, קײַען, ווי אַ קאַלב, אַ סטרוטשקע בײַ פּיניע אַלביטערס פּאַרקן און צושמייכלען...

נאָר דאָ האָט אונדז אַלעמען אויפגערודערט אַ גליקלעכע נײַס: דער טאַטע איז אומגעריכט געקומען פון דער מילכאָמע.

— ראָטאַ, סטאָי! — האָט מײַער פּאַלאַטש אַ קאָמאַנדעווע געטאָן צום טאַטן. — ראָטאַ, סטאָי! אַ ציצע זעט זיך בײַ דיר אַרויס, מאָטיע...

די לעוואָנע הענגט אינמיטן הימל, ווי אַן אַרויסגעדרייטער לאָמפּ, שיקט כײַנעוודיקע ליכט אין אונדזער קליינעם פענצטערל, באַגריסט די מאַמע מיט איר ליבן גאַסט און שמייכלט אונטער צו דער ביקס, וואָס דער טאַטע האָט פונעם פראָנט געבראַכט. „זי וועט צוניץ קומען, מאָטיע", — קוועלט, דוכט זיך, אָן די לעוואָנע.

שוין שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן, ווען בערעלע קראַצט זיך הינטער דער וואַנט אין אויסגעדייווערטן העלדזל, די פעל ציטערט אויף אים, ער שלאָפט אין אָנטאָן, — קוקט נאָך אַלץ אַרײַן די לעוואָנע אין דער רעזידענציע פון מײַער באַלנעס, נאָר איצט שוין, ווי אַ גויסעסדיק קאַנעצל... אין שטוב שלאָפן שוין אַלע מיט אַ מידן שלאָף. איך איינער ליג מיט אָפענע אויגן: מיר איר אַזוי גוט אויף דער נעשאָמע פון דעם טאַטנס מאַטאָנע: אַ פּאָר בולפּענע שטיוועלעך, אַ רויטער קוטאַס און אַ כאַקי־העמדל, ווי אָנגעמאָסטן אויף מיר פון עפּעס אַ סאָלדאַט אַ קאַרליק, זאָגט דער טאַטע. מאָרגן וועל איך דורכגיין דאָס שנאָרער־געסל, ווי סטעפּאַן דער סטראַזשניק. פאַר וועמען מוירע האָבן, פאַר מוישע דעם מוטשניק? נו, און די ביקס אויפן בוידעם, צווישן די מאַקרעטעס, דאָס איז אַ שפּילעכל?

אויף מאָרגן איז אַפילע הערש־וואָלף דער מעשוגענער געקומען צוגאַסט. די מאַמע האָט אַרויסגענומען צוויי אָפּגעקאָכטע קאַרפּן־קעפּ, דערלאַנגט

זיי הערש־וואָלפן. ער האָט אפילע קיין דאנק ניט געזאָגט, אָפּגעגעסן און ווי ניט געווען.

טײַנעט די שטאָט, אז יענעם טאָג האָט הערש־וואָלף געהאט דעם עמעסן יאריד: העכער פופציק קארפּן־קעפּ האָט אים דאָס שנאָרער־געסל גע־שענקט, — פונעם פראָנט האָבן זיך אומגעקערט א סאך סאָלדאטן...

## וואָס קענסטו, ייִנגעלע?

א מאָדנער שוסטער דער גריגאָריטש!

פיליפּ לאטוטניק און יאקים דער לאנגער שינדן אָפּ פאר איין לאטע צען הויטן. און דאָס דאָזיקע נאָוויטנע שוסטערל מאכט א נײַעם אָפּצאס פאר א שיבעש — האלב אומזיסט.

מוישע דעם מוטשניק געפעלט עפּעס ניט, וואָס גריגאָריטש האָרעוועט אָפּ א קײַלעכיקע וואָך, באנייט דאָס גאנצע שנאָרער־געסל און פארדינט דערבײַ א נאָדל מיט א לאָך. „עפּעס ליגט דאָ גאָר אן אנדער רועך אינעם אָטשערעט“, — טראכט ער.

— מירן לעבן, וועלן מיר זען, — טוט מוישעלע דער מוטשניק זיך א קראַץ דעם רויטן קארק.

נאָר בערעלע קניפּ ווייסט דעם אלטן קלאָל: שוסטערס זײַנען גרויסע שיקורים, און דער דאָזיקער זיצט אָפּ גאנצע טעג א ניכטערער!

— לאָמיר זײַן געזונט... — טרינקען זיי אויס צו קעלישקעלעך ווײַן און כקירען ווײַטער...

ניין, בערעלע קניפּ מוז מאָרגן אָנשמעקן, וואָס פאר א שוסטערל זיצט דאָ אין געסל און מאכט זיך טאמעוואטע, פונקט ווי זײַן גאנץ לעבן וואָלט באשטאנען נאָר אין סילען א דראטווע און קלאפּן פלעקעלעך...

באלעבאטים פון שטאָט ריידן, כקירען, און מיר, קינדער, זיצן אויף די פריזבעס, אויף פידאשעקעס, אויף צעבראָכענע גאנעקלעך, פאר א נויט כאַפּט מען זיך ארײַן צו מייער באלנעס אין סוקע און מע זינגט שטיל:

> געסעלע, געסעלע מיט דײַנע גרויסע מויערן...
> גייט א ייִד און ברעכט די הענט,
> וואָס זשע זוכסטו, זונעניו?..

פלוצעם טוט הערשל דער רויטער א טאנץ ארײַן אין סוקע:

— שיקעלע... — רופט ער מיך.

א גאנצן אפדערנאכט זוכט ער מיך, הערשל, און קאָן מיך ניט געפי־נען. אָן ווערטער רעדט ער צו מיר, גלײַך מיר וואָלטן צווישן זיך אפּרײַער אָפּגעמאכט. אָט זײַנען מיר שוין ביידע בא פּיניע אלביטערס שטוב. אָט שטיי איך שוין אויף הערשלס אקסל, טאנץ ארײַן אין דינעס פינצטערן אל־קערל. פון דאָרט גייט א שמאָל קאָרידאָרל. אויף אלע פיר קריך איך שטיל, אָן א שאָרך...

דינע ליגט פארשלאָסן אין סאמע עקסטן פינצטערן צימערל. דאָס איינ־ציקע פענצטערל גייט ארויס ניט אויף דער גאס, נאָר אין שמאָלן קאָרידאָרל.

א גאנצן פאק מיט פלוגבלעטעלעך טראָג איך אויך. מאָרגן וועט זײַן אין געסל אַן אַבלאווע, גרייט זיך גריגאָריטש אופנעמען די אומגעבעטענע געסט.

דינע כאפּט מיך ארום, טוליעט מיך צו צום הארצן.

— וואָס קענסטו, ייִנגעלע? — פרעגט מיך דינע. נאָר ווו נעמט מען לאָשן, מיט וועלכע ווערטער דערמונטערט מען א מיידל, וואָס זיצט אין געפענקעניש בא איר אייגענעם טאטן?

— פון זינט איך בין צו מײַן סייכל געקומען, האָב איך ליב שאָלעם־אלייכעמס „מעסערל"... — רײַסט זיך ארויס בא מיר.

איך גיב צו:

— „מעשוסעלעך" קען איך אויך אף אויסווייניק...

— איך וועל דיך לערנען שרײַבן, — שעפּטשעט דינע און טוט מיך א קוש אין שטערן...

שפּעטער לויף איך אוועק אפן צוקער־זאוואָדל. פּראָקאָפּ טשאָרנאָדיד, וואָס איז אָקאָרשט געקומען פון פראָנט, טוט אויס די סוויטקע, וויקלט מיך אײַן, און איך שטיי, ווי א פריטשמעליעטער, שטופּ מיטן שטעקן די בורעקעס אין קאָרעטע, דער עלעוואטאָר זאָל ניט בלײַבן שטיין.

— שטורכײַ, שטורכײַ, מאָטיעוויטש.

דאָס קאלטע וואסער שפּריצט מיר אין פּאָנעם. פּראָקאָפּ קריכט אף אלע פיר אין זשאָלאָב ארײַן, שטופּט מיטן פוס די בורעקעס, וואָס שווימען אק־שאָנעסדיק ארוף צו די מעסערס, די מעסערס מאכן לאָקשן פון זיי. דער־נאָך פאלן זיי ארײַן אין קעסלען, ווו עס קאָכט זיך זיסע יויך. די ווײַזער־לעך ווינקען: פּארטיק, פּארטיק דער צוקער...

הערשל דער רויטער זאָגט, אז אין מײַנע מײַטקעס קאָן ארײַן א פּוד בלעטלעך.

אַן אנדערער אף מײַן אָרט וואָלט אָנגעשאָטן פולע פּליודערן מיט צו־קער און געבראכט אהיים.

נאָר די מאמע שאָקלט בייז מיטן קאָפּ און זאָגט מיר טויזנט מאָל אָן:

— טשעפּע ניט, קינד מײַנס, בעסער טיי מיט זאלץ, אבי ניט גאנ־ווענען...

אָבער פלוגבלעטלעך אָנשטופּן פולע קעשענעס און דורכגיין די בוד־קע, גלײַך ווי איך וואָלט זײַן פיניע אלביטערס אייניקל, — דאָס איז גאָר אַן אנדער זאך.

גריגאָריטש לערנט מיך:

— ווען דו גייסט, שיקעלע, דורך דעם הויף פונעם צוקער־זאוואָד, זע־סטו שטיין צוויי רויטע טשאַנען רעכטס, פיר קלענערע — לינקס. איז קוק זיך ניט ארום, ווי א גאנעוו, נאָר פארקערעווע גלײַך צווישן ביידע רויטע טשאַנען. דאָרטן ארבעטן די קלעפּאלשטשיקעס. לייגסטו זיי ארויס אין פּליודער און דאָס איבעריקע טראָגסטו ווײַטער, צום עלעוואטאָר.

„וואָס קענסטו, ייִנגעלע?" — קומט מיר אפן געדאנק, ווען איך שטיי שוין באם עלעוואטאָר.

איך צעטייל מײַנע פלוגבלעטלעך. און ווען איך קום צוריק אין שטאָט אַרײַן, פרעג איך זיך אַליין:

„וואָס נאָך קענסטו, ייִנגעלע?"

איך קען סווישטשען, נאָר דאָ אין שנאָרער־געסל פּאַסט ניט סווישטשען, ווי דאָרט אויפן „אינדזל פון ליבע". בא גריגאָריטשן אין שוסטער־שטיבל דאַרפסטו באַווײַזן, שיקעלע, גאָר אַנדערע קונצן: אויב בא דער שטוב באַווײַזט זיך אַ פּאַרעך, וואָס קומט אַראָפּנעמען אַ מאָס, דאַרף מען קוואַקען ווי אַ קוואַטשקע, קודאַכקען ווי אַ הון, כרוקען ווי אַ כאַזער, האַווקען ווי פּראָקאָפּס שוואַרץ הינטל זשוטשקע... נאָר אַז דו דערזעסט דעם שיקער סטעפּאַן דעם סטראַזשניק אונטערן פּענצטער, צעוויין זיך, שיקעלע, ווי אַ זויגקינד, רײַס שטיקער פון דער מאַמען, זי זאָל געבן קאַשע...

הינדע באָן דאַרף די שקראַבעס אויף צען קאָפּאָרעס. נאָר אַ שמעק טאָן מיט איר לאַנגן שמעקער, וואָס עס טוט זיך באַם שוסטער, דאָס איז איר קרענק.

— הינדע, עס שווינדלט מיר אין די אויגן... — זאָגט בערעלע קניפּ. הייסט עס, אַז אַ מענטש איז דורכגעגאַנגען פאַרבײַ זייער פּענצטער.

צוואַנציק מאָל אין טאָג לויפט זי, הינדע באָן, צום שוסטער לײַען אַ שוועבעלע, אַ ביסל זשאַר אין סאַמאָוואַר, צורעכט מאַכן אַ שוך...

אין קליינעם כײדערל זיצט גריגאָריטש מיט אַ „קוינע", דאָס צווייטע כײדערל פאַרהענגט מען מיט אַ רעדנע, און מע האַלט זיך אין איין שושקען דאָרט...

אָנגעמאָסטן די שעוראָווע שטיוול, הייבט דער „קוינע" זיך אָן דינגען מיט גריגאָריטשן:

— אַכט קאַרבוצן, מער אַ קאָפּעקע גיב איך ניט.

נאָר גריגאָריטש, וואָס רעדט ייִדיש ניט ערגער פון מייער פּאַלאַטש, האַלט זיך בא זײַנס:

— גיב נײַן, טאַ ס'באַהאָם!

פון אײַנגעשפּאַרטקײַט טוט ער אַ טופּע, טרעט אָן הינדע באָן אויף דער לאַפּע, טוט יענע אַ קוויטש:

— נימעסע בריִע, גאַזלען, געזונט, ווי אַ פערד!.. — און לויפט אַרויס פון גריגאָריטשן, ווי אַ פאַרסאַמטע מויז...

## נעשאָמקעלע, נעשאָמקעלע

דער טאַטע מײַנער, בעטעווע אַ דימענטענער מענטש, כ'האָב קיינמאָל אויף זײַן פּאָנעם קיין רעציכע ניט געזען, האָט דאָס מאָל, קומענדיק פון פּראָנט, זיך געגומען אַרומקוקן אויף אַזעלכע ווערעמדיקע מענטשן, ווי מוישע דער מוטשניק און בערעלע קניפּ. עס האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט בעדייע, ניט אָפּלייגנדיק אין דער לאַנגער באַנק אַרײַן, גלײַך זיך צערעכענען מיט דעם מוטשניק פאַרן זיידן מייער באַלנעס און מיט בערעלע קניפּ — פאַר דער מאַמען.

זאָל מאַטאָנע דער קאָוועל אים אופהערן זינגען קאַל־מעקאַדעש, זאָל ער אים ניט אייַצען פאַרגראָבן די ביקס, נעמען די באַרדע און טעסען קלעצער. דער זון פון מייער באַלנעס איז ניט אף קאַטאָוועס אהיים געקומען. אויב אזא שוואַכע ייִדענע, ווי דאָס ווייַב זייַנס, האָט אייַנגעוואַלגערט אזא וואַנט, אונטערגעהאַקט דעם אונטערשטן באַליק, דאַרפן מיר, מאַנצבלען, נעמען העק און אונטערהאַקן דעם אייבערשטן באַליק, וואָס שטייט אף פוילע סטויפּעס, ס׳הייסט ניקאָלקען מיט זייַן מישפּאָכע. מער טאָר ער ניט געוועלטיקן, אויב אפילע דאָ, אין פאַרוואָרפענעם שנאָרערגעסל, שמעקט שוין מיט סאָלדאַטישער מאַכאָרקע, מיט אָקאָפּנעם שווייס און מיט פאַרזאָטן בלוט פון מילכאָמעס.

דרייַ יאָר געפוילט אין די אָקאָפּעס, געשלאָגן זיך „זאַ צאַריאַ אי אָטעטשעסטוואָ״, נאָר באַלד ווי מע האָט זיך דערוווּסט פון גריגאָריטשן, אַז לעניִן זאָגט: „מילכאָמעס דאַרפן בורזשויען״, ווייסט מען שוין וואָס צו טאָן.

דער טאַטע האָט פון דער דאָזיקער מילכאָמע געבראַכט אַ טיפן שראַם אפן פּאָנעם און עטלעכע שפּליטערס אין דער ליטקע פון לינקן פוס. און נאָך האָט ער געבראַכט אַ פאַרביטערטן קאַס אפן קייסער, אף די רייַכע לייַט.

האָט מען טאַקע אַרייַנגעשטעקט די שפּיזן אין דער ערד אַרייַן און מע איז געלאָפן פון די אָקאָפּעס צו ווייַב און קינד.

מאַטאָנע קאָוועל דערציילט אַ מייַסע: וואָסי, אַ ייִד דאַרף מאַכן שעהעכעיאָנע, אָפּלייענען קרישמע, לייגן זיך שלאָפן איביינעם מיט די הינער, וועט אים קיינער ניט טשעפּען...

— עך, מאַטאָנע! — טוט אים דער טאַטע אַ זאָג. — ביסט דאָך בלינדער פּונעם פערד, וואָס גייט אפן דראַטש...

דער טאַטע ווייסט, אַז מיט גוטע ריידעלעך קאָן מען נאָר אָפּקומען באַם טאַלנער רעבן. פּאָטער ווערן פּונעם קייסער קאָסט בלוט. הערשל דער רויטער, כאָטש ער איז אַ יונגער צוציק, נאָך קיין פּולווער ניט געשמעקט, אָבער אין די קליינע אויסיִעלעך פאַרשטייט ער גאַנץ געזונט, דער האַרבאַרניק.

— אַ ליגנער איז ערגער פון אַ מעשומעד, — פלעגט דער טאַטע טייַנען, ווען ס׳איז געקומען צו רייד וועגן בערעלע קניפּ.

מיטן טאַטנס אָנקומען פון פראָנט איז בערעלע אייַנגעשרומפּן געוואָרן. כעוורע־קאַדישע פלעגן אים דערגייִן די יאָרן.

— פונוואַנען גייסטו, בערעלע?

— פון מאַרק.

— און מיר האָבן געמיינט, אַז דו ביסט אַנטלאָפן פון טאַרע־שטיבל...

זיי האָבן לאַנג אזא קויהען ניט באַגראָבן. מע וואָלט אים מעטאַהער געווען אָן אַ קאָפּעקע געלט, זאָל ער נאָר כאַפן אַ שטאַרב...

נאָר בערעלע קריכט טיפער אין בלאָטע, מאַסערט, קויפט און פאַרקויפט, לאָזט ניט אַראָפּ קיין אויג פון הערשל דעם רויטן און פון גריגאָריטשן.

מיר געפעלט, וואָס בא גריגאָריטשן צוקאָפּנס הענגט א בילד „אליאָ־נושקע". אפן טישל שטייט א קווישעלע מיט פּאַפּירענע קווייטן, א שפּיגע־לע, א זייגער, באַם פענצטער — א שאַפּקעלע מיט ביכער...

אָנגעהערט זיך מיט מײַסעס, פול ווי א פויק, קום איך אהיים מיד, ווי נאָך א כאַסענע.

און בא אונדז אין שטוב איז ווי געוויינלעך: די קאַץ וואַשט זיך, באַ־לעקט אירע לאַפּקעס; מײַן רויטער קוטאַס — אפן הילצערנעם הענגערל; די ווײַסע פֿאַליצקע מיט ווײַסן פּאַפּיר פאַרשפּרייט; דער קאַצס שעלעכל שטייט אונטער מײַן בעטל; מײַן פּאַלאַנעקל הענגט אפן טשוואָק.

ס'איז אזוי פינצטער פונעם קליינעם פענצטערל, אז די אויגן קריכן מיר שיר ניט ארויס.

— ס'וועט נאָך זײַן ליכטיק, מײַן קינד, — זאָגט דער טאַטע. ער לייענט אלע טאָג א בלאַט, דערציילט דער מאַמען פרישע נײַס, און איך קוועל אָן, ווען זיי קוקן איינער אפן אנדערן מיט בענקענדיקע אויגן...

באַלד פאַלט צו די נאַכט, און דער טאַטע טראָגט ארײַן דעם געלאַ־טעטן זאַק, א פולן מיט שפּענער, רײַבט אָן א שוועבעלע, הייצט אײַן די הרובע. עס ווערט אזוי גוט, אז עס פאַלט אזש אָן אף מיר א דרעמל, און דורכן שלאָף הער איך דעם טאַטנס ווייכע שטים:

— נעשאָמקעלע, נעשאָמקעלע...

דעמלט איז מיר שווער געווען צו פאַרשטיין, וויפל ליבשאַפט און בענקשאַפט עס לייגט דער פאָטער ארײַן אין אָט די צוויי ווערטער.

## גוט־מאָרגן, געסעלע

מיר דוכט זיך, אז בא אלעמען קלאַפּן דאָ שטאַרקער די הערצער און די לונגען אָטעמען טיפער, ווי מאַטאָנע קאָוועלס בלאָזזאַק. אין אלע פיר ווינקעלעך פונעם קאָוועלס הויף שטייען פורלעך. די באַלעבאַטים קלאַפּן אליין אָן נײַע ספּיצעס אין די רעדער, דער טאַטע מײַנער קאָוועט א פערד, פּראָקאָפּ שאַליעוועט א דראַבינע, גריגאָריטש שטייט בא דער קאָ־וואַדלע, און, ווי מוישעלע דער מוטשניק אין קלויז באַם אָמעד, רופט ער אלעמאָל אויס א נײַעם פאַרשוין און טײַנעט מיט אים עפּעס אײַן.

איין וואָרט דערגייט צו מיר:

— לעניין...

אהא, דינע ווייסט נאָך מיסטאַמע גאָרניט! איך לויף ארויס פון דער קוזניע, טראָג זיך מיטן סטעזשקעלע דורכן בריקל, אראָפּ־באַרג, פאַרבײַ דער קליינער קרענעצע. אריבער דעם פּאַרקן דערזע איך, ווי דינע און הערשל קלײַבן זיך שוין גיין צו מאַטאָנע קאָוועלס קוזניע. פון אלע פיר זײַטן אײַלן מענטשן. ווי בייס א גרויסן יאַריד רײַסן זיך אָרלאָוער ריסאַ־קעס אין שטאָט ארײַן. באַם קלויסטער שטייען ביידע גאַלאָכים מיטן פּוי־לישן קסיאָנדז, קוקן צום אָרט, ווו דער שליאַך איז שוואַרץ פון פורלעך. זיי פאַרשטייען ניט, וואָס קומט דאָ פאָר: צום קלויסטער אפילע פּאָרט

מען ניט אזוי צעהיצט, ווי אהער, צו דער קוזניע. גלײַך א רעגן וואָלט געגאנגען פערציק טעג מיט פערציק נעכט און אלע רעדער וואָלטן צע־בראָכן געוואָרן.

כעווריע פון שנאָרער־געסל זעצט זיך רײַטנדיק אף נאָך ניט געקאָוועטע פערד:

| | |
|---|---|
| (קאָליא, קאָליא, ניקאָלײַ, | Коля, Коля, Николай, |
| אף דײַן קרוין־שטול טו א שפּײַ...) | От престола удирай... |

מוישעלע דער מוטשניק קוקט אף בערעלע קניפּ: כאַטש לויף צום זעמ־סקי, שרײַב דעם ארכיִערײ, האלט זיך אַן אײַצע מיטן רעבן — גריגאָ־ריטש דער שוסטער נעמט דעם ווערך! דוכט זיך, א טשאכאָטאָטשניק, פּו־נעם מויל גיסט זיך שווארץ בלוט, און ער שטייט פעסט אף די פיס. נאָך א מין שטיין! א נײַער קייסער אין שטעטל. א סוואָרע, אז מע האָט אים געזען, גריגאָריטשן, אף איין פאָרטרעט מיטן הײַנטיקן גרויסן קאָמי־סאר — מיט פרונזען!

נאָך א שלאַקסרעגן זײַנען די ריטשקעלעך אין שנאָרער־געסל פריי־לעך־אופגעבלאָזענע. נײַע באלעבאטים גייען ארום אין שטאָט מיט ביקסן אין די הענט, מיט פּאטראָנטאשן אף די אקסל און ארום גארטל. גליקלעכע גלאנצן זייערע אויגן:

— גוטן־אָוונט, געסעלע!

— מיר גייען ווײַטער זיך שלאָגן... מאָרגן קומען מיר צוריק.

וויפל בלוט האָט זיך געגאָסן, זאָלסט הערן אזעלכע הארציקע רייד, מײַן טײַערע־טײַערע היים!

הויך און הילכיק, פאר דעם גאנצן שטעטעלע, זינגט דער סיביריאַק מאקסים גריגאָריטש זײַן ליד:

Есть на Волге утес...[1]

נאָר איך, שיקעלע, האָב שוין לאנג מײַנע שמאַד־שטיקלעך אוועקגע־וואָרפן, איך שפּיל שוין ניט אין צורקע־פּאַלקע, לויף מער ניט אויסבאָדן פּראָקאָפּס בלינדע שקאפּע, וויל שוין ניט טראָגן די קורצע מײַטקעלעך אָן קנעפּלעך, פיר לאַטעס — זעקס לעכער...

אײַ, שנאָרער־געסעלע, אײַ, מאמעניו מײַנע! מײַן מאמע האָט אף איר האלדז ניט געטראָגן קיין גאָלדענע קייט, ווי הינדע באָן, און ניט געטאַ־סקעט אהיים קיין פולע קאָשעקעס זיסע בארן...

שטיל איז אין געסעלע, כאָטש פארוואָרף א וואָלעק און כאפּ פיש אינמיטן גאס... אָט טוט ערגעץ א מעקע דאָס רויטע קעלבל. א פײַף פון צוקער־זאוואָד צערײַסט די שטילקײַט. ווי נאָר עס טוט א קוויטשע דאָס פארכווישעכטע פאראָוויקל בא פיניע אלביטער, ווייסן שוין אלע — באָל־שעוויקעס האָבן געלאָזט גיין די מיל.

[1] פאראַן אף דער וואָלגע א פעלדז... (פון א ליד).

איינטאָניק קלאַפּט דאָס פּאַראָוויקל, א שוואַרצער רויך טשמעליעט פונעם קוימען, און דאָרפישע מענטשן, אָנגעפּאַרענע פון אלע פיר זײַטן, דרעמלען אף זייערע זעקלעך טוווע.

איין מיל אין שטעטל, איין צירולניק, איין באָד, איין קרעטשמע. די שאָ זאָל ניט זײַן, פאלט אַרײַן א קעצל אין קרעטשמע, בלײַבט דאָס שנאָרער־געסל פאַרשמאכט, כאָטש לויף אין בלאָטע־טײַך שטילן דעם דאָרשט.

צוויי לאמטערנס לעבן דער קלויז: טוט א בלינדע שקאפּע א קראַץ די קרעציקע פעל באם לאמטערן, בלײַבט דאָס שנאָרער־געסל אין פינצטער־ניש פאַרוואָגלט — קריך, זײַ מוחל, אף אלע פיר...

נאָר עפּעס איז גרינגער און פרייליכער געוואָרן אין שטעטעלע. הויך און הילכיק זינגט דער סיביריאַק גריגאָריטש זײַן ליד:

Есть на Волге утес...

מאקסים יעמעליאנאָוויטש האָט אף די איינזאמע סיבירער שליאכן גע־זען פירן ניט איין קאָלאָנע באָלשעוויקעס, פּאַרקאָוועטע אין קייטן. האָט ער טאקע פאַרלאָזט די היים און זיך געלאָזט אין דער וועלט אַרײַן דער־ציילן די אוקראַינער באַטראַקעס דעם לויטערן עמעס: ווער איז לענין און וויאַזוי ער, לענין, וויל די וועלט איבערמאכן. אופגעוועקט האָט גריגאָ־ריטש א פאַרמיסטיקט שטעטעלע, זיך אויסבאַהאלטן אין דאָרפישע קלוי־ניעס, ניט דערעסן און ניט דערטרונקען, אָן שלאָף און אָן רו —

Есть на Волге утес...

ניטאָ אף דער וועלט אזא סאָד, מאקסים יעמעליאנאָוויטש זאָל אים ניט דערגיין.

...„צוועלף טויזנט קאָמונאַרן זײַנען אומגעקומען. פּער־לאשעז איז פול געוואָן מיט הארוגים. אין דער וויסטער קאזאַרמע לאָפּאָ האָט מען דער־שאָסן אומשולדיקע מענטשן״...

ס'איז שוין טאָג, נאָר הערשל מיט דינען און אויך איך, שיקעלע, זיצן קעגן גריגאָריטשן און הערן מיט פאַרכאַפּטן אָטעם זײַנע רייד...

גוט־מאָרגן, געסעלע!

פויערים קומען פון ווײַטע דערפער זיך דורכשמועסן מיט מאקסימען, דערציילן אים וועגן זייערע זאָרגן. און אויך מײַן שנאָרער־געסל וואַרט, ער זאָל זאָגן, ווי אויסצוראַמען די טרייפענע קאָמפּאַניע, זיי זאָלן שוין מער ניט צאַפּן פון מייער באַלנעס' שייוועט דאָס קאַרגע ביסל בלוט.

גוט־מאָרגן, געסעלע! דער טאָג זאָגט צו זײַן א זוניקער, מיט מער מאזל.

## בערעלע קניפּ

צוליב פּאַרנאָסע מעג מען אפילע אינמיטן מאַרק אָפּשינדן א פעל, אָפּ־שמײַסן אין באָד א פלייצע, טראָגן שיינע באַלעבאַטים שאַלעכמאָנעס, אויס־געריסן ווערן זומער און ווינטער אף די יאַרידים — וואָס טוט ניט א ייִד צוליב פּאַרנאָסע?

שעדריק־פעדריק, דײַ װאָרעניק...— איבערקערן די סוויטקע אַף דער לינקער זײַט, שרעקן געגנדז אַפֿן בוידעם, אויסשפּילן מיט אַלע פּישטשעוו־קעס „דאָס זעקסטע ווײַב", „פינף קאַלעס" און „צוויי קונילעמלעך"...

בערעלע קניפּ, אָט דער באַלטויווע און פּורים־שפּילער, ווערט אין איין שיינעם טאָג פאַרפאַלן, קיינער ווייסט ניט, ווו זײַן געביין איז אַהינגעקו־מען. נאָר אַז ער יאַוועט זיך, טוט מען אים אַ פרעג:

— בערעלע, לעבסט נאָך, בריקעוועסט?

ענטפערט ער אַ ביסל פאַרשטעלט:

— וואָס טוט ניט אַ ייִד צוליב פּאַרנאָסע?

נעמט אים מאַטאָנע קאָוועל אָן פאַרן גערגעלע, שטעלט אים אַוועק קעגן באַלעגאָלעס, שוסטערס, שנײַדערס:

— זײַדענער יונגערמאַנטשיק! בריקעוועסט? פינעסט אַרום? ווער ביסטו, בערעלע קניפּ?

גאָט צו דאַנקען, דער קאָרעוו אונדזערער, בערעלע קניפּ, מאַכט גע־שעפט. ער פירט פּי, אוקראַיִנער אָקסן, געפּאַקט אין פורגאָנעס, אין דער גרויסער שטאָט אַרײַן... דעריבער, הייסט עס, ווערט ער אַזוי אָפּט פאַרפאַלן. נאָר דער אוילעם גלייבט ניט זײַנע רייד. מע זאָגט עס ניט אַרויס, נאָר מע גלייבט ניט:

— האָסט כאָטש געבראַכט דעם ווײַבל אַ פוטער פון קאָזי פּוך? — לאַכן באַלעגאָלעס.

— ווייסט ניט, וואָס עס הייסט קאָזי פּוך? — מישט זיך אַרײַן אַ שנײַ־דער־יונג. — אונטערן אונטערשלאַק, עס זאָל דעם ווײַבל וואַרעמער זײַן לעבן אַזאַ באָק, ווי דו...

בערעלע האָט פּײַנט קלאַל אין דער וועלט אַרײַן פּלאַפּלען מיט דער צונג, רײַסט ער זיך אַרויס פון מאַטאָנעס קאָוועלשע הענט.

נאָר יענער טוט אים ווידער אַ נעם פאַרן צעריסענעם קאָלנער:

— ביסט טויב געוואָרן, קניפּ ווערעמדיקער? וואָס הערט זיך אַף דער וועלט?

טאַראַשטשעט בערעלע אויס זײַנע קליינע אייגעלעך:

— די שיף שיפט זיך... מע שיסט...

דער שמועס קומט פאָר אין דער ווײַבערשער שול, ווו מע האָט זיך צונויפגענומען אַפן „אָבכאָד". באַ יעדן „היטער" — אַ בולעווע מיט אַ סוק אָנשטאָט אַ ביקס, אַ שטיקל דאַרע קישקע מיט ברויט אין קעשענע — אכילע אַף דער גאַנצער נאַכט.

מע ווייסט שוין ווויל, אַז ניט אין כאַפּן די באַנדיטן גייט עס, נאָר אין אָפּהיטן זיך פון זיי: פּונקט ווי מע צעלייגט אַ פײַער קעגן וועלף, זיי זאָלן זיך האַלטן אָן אַ זײַט.

זיצט מען אַזוי שטילערהייט, דערנאָך פאַרציט מען אַ לידל:

א גאַזלען, אַ גאַזלען, אַז ער קוילעט אַ מענטשן,
קוילעט ער אים מיט אַ מעסער...
אוי, האָט פּעטליורע אונדז אָפּגעקוילעט —
קאָן שוין ניט זײַן בעסער...

הײַנט שלאָפֿט מען אָן דײַגעס, מע טוט אויס די שיך אַף באַנאַכט, מע וואַרט הײַנט ניט אַף טשובאַקן — אַ גליקלעכע נאַכט אָן גאַזלעוואַי.

דערוויַל ברעכט די „אַבאַראָנע" זיך דעם מויעך: טאַקע אַזאַ קישעפֿ־מאַכער איז ער, טשובאַק דער קוילער, וואָס איז גלײַך אַרײַן צו הערשע־וואַלפֿעכע אין בוזעם און אַרויסגענומען פּופּצן גילדענע צענערלעך...

— בערעלעס קישעף, — זאָגט מאַטאַנע קאָוועל, — מע דאַרף אים אונ־טערהאַקן די פֿיס און די לאַנגע צונג פֿאַרוקן אין טשאָלנט...

— אַ גרויסן כיסאָרן האָט ער, בערעלע: בעסער וואָלט ער געווען אַ גאַנעוו, איידער אַ מאָסער...

ווי פֿון אונטער דער ערד טראָגט עס אָן הערשל דעם רויטן אין צע־כראַסטעטן שינעל, מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט:

— אַרויסלאָזן וועל איך דיר דײַן פֿוילע נעשאָמע, קניפּ איינער! טשו־באַק ראַבעוועט, קוילעט קליינע קינדער, און דו ביסט אַ מאָסער!..

נאָר בערעלע פּײַפֿט אַף דער וועלט און פֿאָרט אַף דער קאָנקע — פֿאָרט אַ קניפּ, ניט קיין שלייף. נעמט ער זיך טאַקע פֿאַריידן אַ גאַנצער שטאָט די ציין. איינוועגס שיקט ער אָן די גרינע קוטאַסן, די באַנדיטן — און אליין באַהאַלט ער זיך אויס אונטער אַ סטריכע.

הערשל דער רויטער שווערט זיך, אַז ער וועט מאַכן מיטן קניפּ אַ סאָף. בערעלע ווייסט, אַז אויב דער רויטער שטעלט צו דער וואַנט, איז עס ניט מאַטאָנע קאָוועלס „בענקעלע" — הערשל מאַכט כיק אָנעם שויכעט, ער האַלט זיך אָן אייצע נאָר מיט זײַנע אייגענע כסידים — מיט די באַלעגאָלעס, שוסטערס, האַרבאַרניקעס, מיט די, הייסט עס, מיט וועמען די באָלשעוויקעס זײַנען איין נעשאָמע.

...ווען מע טרײַבט שוין אָפּ טשובאַקן מיט זײַנע כעווריע, כאַפּט פּראָ־קאָפּ דער לאַנגער אין זײַנע הענט אַ לושניע פֿון דער דראַבינע און וואַרפֿט זיך אַף בערעלע קניפּ. בערעלען ווערט טייקעף דער מאַמעס מילך פֿאַר־קילט, פֿאַלט ער אַרונטער אונטער אָן אויסגעשפּאַנטן וואָגן, שרײַט אַף קוילע־קוילעס:

— ייִדן, נעמט אים צו, פּראָקאָפּן, איך וועל אים האַרגענען!

פֿון פּראָקאָפּן און פֿון הערשל דעם רויטן דרייט ער זיך דאָס מאָל אויס, דער וואָרעם. אָבער עס וואַרט אַף אים נאָך אַ גרעסערער איבער־שרעק — הינדע באָן! פֿאַרן ווײַב ציטערט ער, דער קניפּ, איימאָס־מאָוועס.

— אַ בייזווונדער אַף דיר, בערעניו, פֿליסט אין דער וועלט אַרײַן!

קאָלזמאַן עס האָט געפֿידלט און בערעלע פֿלעגט אַלע טאָג ברענגען הינדע באָן אַ מאַטאָנע, איז די ייִדענע זיך מעיאַשעוו געווען: מיילע, שלאָפֿט זי אָן אַ מאַן... אָבער אַז דער שלימאַזל אירער — ווו ער טאָגט, דאָרט נעכטיקט ער ניט, דאַרף זי אים אַף צען קאַפּאָרעס!..

מאַטאָנע קאָוועל מאַכט לייצאָנעס פֿון בערעלען:

— אַף איין זאַך בין איך דיר מעקאַנע, האָסט אַ כיינעוודיק ווײַבל... אַזאַ יאָר אַף אײַך ביידן.

דער קאָוועל ווייסט ניט, אַז בעשאַס בערעלע האָט דאָ געטראַסקעט מיט דער אַבאַראָנע, איז הינדע באָן געווען פֿאַרנומען מיטן קניפּס שוטעף

מוישעלע דעם מוטשניק... אין גרויס אײַלעניש האָבן זיי ארויסגעפירט פֿורנעם וואלד אָנגעראבעוועטע װארשעװער לעדער, צעלניק, צירונג. בײַ װעמען נאָך קאָן מען כאַפּן אזא מעציאה — אויב ניט בײַ טשובאקן דעם קוילער, וואָס מאכט אלע נאכט פיר נאליאָטן... איצט איז דאָס שטיקל ארבעט אָפּגעטאָן, איז זי געקומען מיט א געמאכטן בארויגעז — אוועקפירן אהיים דעם מאן אירן פון מאטאָנען. דער קאָוועל מאכט איבער בערעלע קניפּ לייצאָנעס:

— זי איז שטארק כיינעוודיק, דאָס ווײַבל דײַנס...

בערעלע ענטפערט, ווי זײַן טעווע, פארשטעלט:

— וואָס טוט ניט א ייִד צוליב פּארנאָסע?

# בלוט

אין שטעטל איז א מישמאש:

אין שנאָרער־געסל האָט דער היצעל פארוואָרפן די קליוטשקע, די געכאפטע הינט זײַנען זיך צעלאָפן פון פורגאָן.

בערעלע קניפּ איז גאָר ניט צו דערקענען, אזוי פאסט אים דער רויטער באנט און די פאָן, וואָס ער לאָזט ניט ארויס פון די הענט.

עס הילכט אָן אופהער די פײַפערײַ פונעם צוקער־זאוואָד און די קלינגערײַ פון די גלעקער פון אלע פיר קלויסטערס.

אפן קניאזשער יאריד לאָזן ליווראנטן אָפּ די ווישקעס, און ציגײַנערס כאפן די גאָלדענע מינוט — קויפן פאר האלב אומזיסט דעם בעסטן שפּאק. היבער לייגן זיך טאקע דאָ אונטערן וואָגן, גלײַך דאָ וואָלט געווען זייער סידעלע; כאזיירים קריכן מיט אויסגעניאָרעטע מאָרדעס אין פרעמדע זעק קארטאָפליעס, ווי די באלעבאטים וואָלטן אויסגעשטאָרבן. דער יאריד קאָכט, ווי קיינמאָל ניט: פאר איין פוד ווייץ צאָלט מען א האלבן פוד קערענקעס, מע שטופּט אָן פולע זעק געלט, ווי מיט קאָרענער שטרוי.

מיר, קליינווארג, זיצן פון גאנצפרי אף א דאך, מע שפּילט אף דער אלטער באלאלײַקע, מע קנאקט קערלעך און מע זינגט.

פונעם דאך זעט מען, ווי צו דער שטאָט לאָזן זיך די בודיאָנאָווצעס. אויסגעפּוצטע פערד אין רויטע קווייטן, טאטשאנקעס מיט פּוליעמיאָטן. ס׳ווערט אזוי גוט אף דער נעשאָמע: אונדזערע פאָרן, אונדזערע פאָרן!..

אין א רעגע ארום זיצן מיר שוין אונטערן בריקל, קאלופּען זיך די נעזלעך אוןווארטן אף די רויטע. אָן עלטער ייִנגל דערציילט, אז אונטערן בארג, ניט ווײַט פונעם טײַך, שטייט א גאנצער פּאָלק.

מיטאמאָל לויפן אָן צוויי טשובאטע כעוורע, באפוילן אונדז ארויסקריכן פון אונטערן בריקל, זעצן אונדז אף זייערע פערד, און גליקלעכע פאָרן מיר מיט זיי אוועק צו די בודיאָנאָווצעס אָנזאָגן די בסורע, אז דער וועג איז פרײַ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין שנאָרער־געסל קאָסיעט דער טיפוס די מענטשן, ווי שניטער דעם

ווייץ. נאָר דאפקע די אושאנעטע גייט ארום אף די פיס, קיין כאָליערע נעמט זי ניט. דינע, נעבעך, ליגט אין גרויס היץ. הערשל איז אויך קראנק.

...וואָלט דער פאָלק געשטאנענען דעם גאנצן ווינטער, וואָלט איך געהאט ווייניקער זאָרג, ווײַל פאר מײַן אויסזינגען לידלעך און אויסטאנצן טענץ לייגן מיר אָן די סאָלדאטן א פולן קאָשעק מיט סוכארעס, זויערע אוגער־קעס, קרויט. איך טראָג עס אלץ די קראנקע. פאר דינען באקום איך אלע טאָג א קריגעלע מילך בא אונדזער שאָכן פראָקאָפּ טשאָרנאָדיד. האָט אָבער דער פאָלק פארלאָזט דאָס שטעטל.

מיט די בודיאָנאָווצעס איז אויך אוועק דער טאטע מײַנער...

פונעם „הייליקן אָרט״ שיסן שוין די ווײַסע...

אָט שלעפּט מען די מאמע אין אופראווע ארײַן. די אושאנעטע זיצט דאָרט אויך. מע וויל, זי זאָל אויסזאָגן, ווו דינע געפינט זיך, נאָר זי דרייט מיטן קאָפּ אף „ניין״, און פון דער נאָז רינט איר בלוט.

צוויי ווערטער שרײַט די אושאנעטע אין איין אָטעם: „צאר־באטיושקא״, „צאר־באטיושקא״... הײַנט גיי פארשטיי, וואָס זי מיינט.

אָט שנײַדט מען זי מיט רימענס, די אושאנעטע, אָט נעמט מען אויך הינדע באָן אפן צימבל, און די מאמע ליגט שוין אין א ווינקל מיט א צעמאזיקט און פארבלוטיקט פּאָנעם...

מיר וואַרפט מען אויך ארײַן עטלעכע שמיץ, נאָר איך פיל קימאט ניט דעם אראפּניק. „זאָל מען, — טראכט איך זיך, — מיך א טאָג מיט א נאכט שלאָגן, אבי די מאמע, מײַן קלייניטשקע דארינקע מאמע, זאָל מען מער ניט טשעפּען״.

בערעלע קניפּ, דער געבראָטענער זוילעל־וועסויוועניק, האָט שוין פון לאנג אראָפּגעכאפּט פונעם שאבעסדיקן סורדעט דעם רויטן באנט און פירט ווידער זײַנע מעסירעס, טײַטלט די גאזלאָנים מיטן טײַטל, באווײַזט, ווו מענטשן באהאלטן זיך אויס. איין דײַגע האָט ער נאָר: ווו געפינט מען הערשל דעם רויטן?..

נאָר הערשל שלאָפט ניט. ווײַזט אויס, אז די געפאר האָט אים אויס־געהיילט, לאָזט ער די גאזלאָנים דעם קאָפּ ניט אופהייבן: ס׳איז אײַך ניט סאָקאָליוועק, ווו איר האָט אויסגעשניטן א גאנצע שטאָט אומשולדיקע מענטשן. דאָ אין שנאָרער־געסל נעמט הערשל דער רויטער פיר באנדי־טישע קעפּ פאר איין אָרעמען נעפעש...

אפן „אינדזל פון ליבע״ ליגט דינע אין א הייל. ס׳איז איר שוין א ביסל גרינגער, זי טרינקט א גלאָז טיי, און ווען כעווורע גייט אוועק אף אן אָפּעראציע, זעצט זי זיך שוין אוף און סילעט פּאמעלעך אָן די סטענגע קוילן...

באנאכט איז, ווי פייגל פון די ווארעמע לענדער, ארײַן אין שטעטל די „אָבאָראָנע״ — הערשל דער רויטער, גריגאָריטש און פראָקאָפּ מיט זייער אָטריאד. זיך ארײַנגעריסן אין דער אופראווע, האָבן זיי באפרײַט די מאמע מײַנע, די אושאנעטע, הינדע באָן און מיך אויך בעסויכעם. מיך האָט הערשל באשטאט אפן „אינדזל פון ליבע״ לעבן דינען.

שטאָט־באַלעבאַטים האָבן זיך געביטן אָפּטער, ווי דער טאָג מיט דער נאַכט. אָט קומען די רויטע, אָט טראָגט עס אָן די ווײַסע... אָט זיצט שוין ווידער כעוורע אויף די דעכער, שפּילט אַ ווירוואַר די בודיאָנאָווצעס... פּוי־ערים טראָגן אַנטקעגן ברויט מיט זאַלץ... און איך, שיקעלע, פֿאַרפּוץ זיך אין מײַן אוניפֿאָרם, וואָס דער טאַטע האָט מיר געבראַכט פֿון פֿראָנט: אין די בולפֿענע שטיוועלעך, אינעם רויטן טורעקל — און גיי אויך באַגעגענען די רויטע סאָלדאַטן.

נאָר פּלוצעם טראָגט עס אָן טשובאַקס נאַליאָטשיקעס...

עס ברענט אונטער די פֿיס, בלוט רינט טײַכנווײַז... צופֿוס און אויף פֿורלעך אַנטלויפֿן די מענטשן פֿונעם שטעטל.

אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט האָט זיך אַראָפּגעכאַפּט פֿון זײַן רויטאַרמייִשן טייל דער טאַטע. ער וועט אונדז אָפּפֿירן אויפֿן פּאָלוסטאַנאָק, ווו עס שטייט זײַן עשעלאָן.

— וואָס נעמט מען מיט זיך, מאָטיע? — פֿרעגט אים די מאַמע.

— נעם דאָס שנירל פּערל, נעם...

איך ווייס ניט, צי ער טרײַבט לייצאָנעס, דער טאַטע, צי ער זאָגט עס אויף אַן עמעס. נאָר צום עשעלאָן דערטראָגט מען דער באָבעס קישן, אַ געל מעשן פֿענדל און דער מאַמעס צירונג אויפֿן האַלדז — דאָס פֿאַלשע שנירל פּערל, וואָס דער טאַטע האָט עס אַזוי ליב.

ווער געדענקט ניט די אוקראַיִנער פּאָלוסטאַנקעלעך, פֿאַרפֿאָראָשעטע מיט קוילן־שטויב און אויסגעמורזעטע אין בלאָטע: די פּאָלוסטאַנקעלעך כריסטינאָווקע, פּעטשאָנאָווקע, סאָקאָליווקע. אויף איינער אַזאַ סטאַנציע, ווו אָדערן־רעלסן קרייצן זיך איבער און ווערן ערגעץ ווײַט־ווײַט פֿאַרפֿאַלן, האָט זיך צונויפֿגענומען אונדזער גאַנץ געזינדל אַרום אַן איבערגעקערטער טעפּלושקע.

פּאַוואָליע, ווי ער וואָלט גיין אויף דראָטן, קריכט דורך אַ פֿאַרמורזער־טער פֿאַראָוואָזיק, קרעכצט, לאָזט אַרויס די פּאַרע פֿונעם בויך, עס זאָל גרינגער זײַן אַ נעם טאָן די געקייטלטע וואַגאָנעס.

די ווײַסע שיטן מיט סנאַריאַדן, אַ שוואַרציאַר אויף זייי.. נאָר אין דרויסן ווערט שוין פֿינצטער, אַלע וואַגאָן־דעכער זײַנען באַזעצט מיט סאָלדאַטן. זיי שלינגען דעם רויך און זינגען לידלעך.

איך מיט דער מאַמען דרעמלען אויפֿן דאַך. נאָר ווען עס דערלאַנגט אַ דונער אַ סנאַריאַד, רײַסט זיך אַרויס בײַ אונדז ביידן אַ געשריי, דאָס שנירל פּערל אויף דער מאַמעס האַלדז צעשיט זיך, דאָס פֿענדעלע קאַטשעט זיך אויסגעשמירט אין בלוט — פֿון מיר צו דער מאַמען, פֿון דער מאַמען צו מיר. וועמעס בלוט?

— בינדט איבער דער מאַמען די ווונד!

און דאָ אַ קאָמאַנדע:

— פּאָ וואַגאָנאַם!

דער עשעלאָן פֿאַרלאָזט די סטאַנציע. מיר פֿירן מיט זיך אַ ליידיק מעשן פֿענדעלע, אַ שנירעלע צעשאָטענע פֿאַלשע פּערל און די מאַמע — אַ פֿאַרוווּנדעטע.

דער טאַטע האַלט די ביקס צווישן די קני און באַרויִקט אונדז:
— אין א וואָך אַרום וועלן מיר, אימי־ירצעהאשעם, צוריק זײַן אין דער היים...

## דער קנופּ צעקניפּט זיך

ניט איין וואָך און אפילו ניט איין כוידעש איז דורכגעגאַנגען, ביז־וואַנען מיר האָבן ווידער דערזען אונדזער שנאָרער־געסל.
איצט האָט אין שטעטל שוין פאַראָנדקעוועט דער סאָוועט. ס'איז גע־וואָרן שטילער און שטילער אויף די גאַסן. נאָר אין די אַרומיקע וועלדער האָבן זיך נאָך אַרומגעדרייט איינציקע פון טשובאַקס קוילערס.
הערשל דער רויטער און דער טאַטע מײַנער האָבן זיך אונטערגענומען ברענגען טשובאַקן א לעבעדיקן.
זאָגט בערעלע קניפּ:
— צוליב וואָס דאַרף די אָבאָראָנע לויפן נאָך די גאזלאָנים? זיי וועלן זיך אויסהונגערן אין וואַלד, וועלן זיי אליין, אימי־ירצעהאשעם, אָנקלאַפּן אין פענצטער...
דערזען, אַז צו זײַנע רייד הערט מען זיך ניט צו, איז בערעלע ווידער פאַרפאַלן געוואָרן.
דאָס שטעטל האָט באַקומען א פאַראָרדענונג מיט די אייגענע קויכעס אויסראַמען די באַנדע. די פאַראָרדענונג איז געקומען פון גריגאָריטשן — דעם פּאָרזיצער פון אויעזדנעם סאָוועט.
עטלעכע באַוואָפנטע אָבאָראָנצעס זײַנען אַוועק מיטן שליאך צום וואַלד. דאָס שנאָרער־געסל האָט זיי אַרויסבאַגלייט מיט אָפּשײַ:
— אויף הערשל דעם רויטנס קאַראַטעלנע קאָן מען זיך פאַרלאָזן...
פאַרלוירן די סטאַדע זײַנע, צעיושעט, ווי א וואָלף, וואַלגערט זיך טשובאַק אין א טיפער באַלקע, לעקט זײַן אייגענע פעל...
פּראָקאָפּ טשאָרנאָדיד פאָרט לעבן מײַן טאַטן:
— טאַם פּאָבאַטשימאָ...[1]
דער טאַטע זאָגט פּראָקאָפּן, אַז ס'וואָלט גוט געווען טשובאַקן אָנטאָן א זאַק אויפן קאָפּ און א לעבעדיקן אים ברענגען אין שטאָט אַרײַן, נאָר פּראָקאָפּ טײַנעט זיך זײַנס:
— טאַם פּאָבאַטשימאָ...
נאָך א רעגן איז די לופט אין וואַלד פרישער. לויכטן זיך דורך די שיטערע יאַסיען־צווײַגן. א קיל ווינטעלע, וואָס טראָגט מיט זיך דריבנע טראָפּנדלעך, פרישט אָפּ דאָס לײַב, און דער וועג צום אַטאַמאַנס קורין ווערט קירצער און קירצער.
הערשל דער רויטער רײַט פון פאָרנט. אָט דאָ אין וואַלד האָט אים דינע געלערנט לייענען און שרײַבן.

[1] מיר וועלן דאָרטן זען.

דער טאַטע זאָגט פּראָקאָפּן: בעסער וואָלט דער אַטאַמאַן געזעסן דאָרט מיט זײַן גאַנצער באַנדע, וואָלט מען זיך איין מאָל א גוטן שאָקל געד טאָן — און אויס. נאָר פּראָקאָפּ כאַזערט זיך זײַנס:

— טאַם פּאָבאַטשימאָ...

אין קורין איז דאָ א שפּאַלט, קוקט הערשל אַהין אַרײַן און הערט זיך צו, ווי טשובאַק כראָפּעט. נעכטן האָט מען פונעם וואַלד אַרויסגעפירט א היפּש ביסל לעדער, וואַלגערט זיך טשובאַק א שיקערער.

נאָר אָט הייבט ער זיך אויף, טוט א שמאָרע מיט דער נאָז, זעצט זיך צו אויף דעם טאָפּטשאַן, טרינקט אויס נאָך א ביסל יאַש, דרייט מיטן קאָפּ...

דער טאַטע מײַנער מיט פּראָקאָפּן שטייען פאַרקילט, וואַרטן, הערשל זאָל טאָן א ווונק...

מיטאַמאָל הייבט פּראָקאָפּ טשאַרנאָדיד אָן צו ניסן, כאַפּט טשובאַק דעם רעוואָלווער און גייט שווער צו צו דער שפּאַרונע.

אין דער זעלבער רעגע טוט הערשל דער רויטער א שפּרונג אַרײַן אין קורין. א בינטל שטריק וואַלגערט זיך בא טשובאַקס פיס. כאַפּט פּראָקאָפּ דעם עק פון דער שטריק, מאַכט א שלייף, שרײַט צום טאַטן:

— מאָטיא, וויאַזשי!

צוגעבונדן דעם באַלעבאָס פון קורין צום פּלאָקן, זאָגט הערשל, אַז דאָס גוטס, וואָס טשובאַק האָט אָנגערויבט, דאַרף מען גלײַך פּאַקעווען, ווײַל אויב די כעוורע טשובאַקס, די מעשאָרסים זײַנע, לויפן אָן, וועט ווערן א שיסערײַ און ווער ווייסט, מיט וואָס עס קאָן זיך ענדיקן.

טשובאַק באַטראַכט הערשל דעם רויטן:

— האָסט מיך, הייסט עס, געפּאַקט, הערשקאָ?..

— געפּאַקט.

— וועסט מיך שיסן?

— ניין, אײַנזאַלצן.

— פונעם וואַלד לעבעדיק וועסטו ניט אַרויסגיין, לאָז מיך אָפּ.

— שרעק ניט די געגנט.

— טאַם פּאָבאַטשימאָ, — זאָגט פּראָקאָפּ און לייגט דערווײַל אַרײַן טשובאַקן אין קאָלנער א פּאָר פּריקלאַדן. דערנאָך שטופּט ער אים אַרײַן א שמאַטע אין מויל, וואַלגערט אים אַרום אויף די פּלייצעס. — פּאָיעכאַלי...

מײַן טאַטע העלפט אַרופלייגן דעם טשובאַקסטע קוילער אויפן זאָטל, מע בינדט אים צו צום פערד מיט זײַנע אייגענע שטריק, און מע לאָזט זיך אין שטאָט אַרײַן.

ווען די פּראָצעסיע קומט אָן אין שטעטל, באַווײַזט זיך פון דער העלער הויט בערעלע קניפּ:

— אַזאַ שטיקל אַרבעט קען נאָר הערשל דער רויטער אָפּטאָן, — רײַבט ער איין האַנט אין דער אַנדערער...

נאָר הערשל דער רויטער, ווי נאָר ער דערזעט בערעלען, גייט ער צו צו אים און טוט אים א טאָרקע מיט דער ביקס:

— נעם צונויף די שמאַטעס דײַנע און שטעל זיך אוועק לעבן דעם קוילער... געקומען די צײַט, מע זאָל דיך אויך א טרייסל טאָן...

בערעלע האָט געוואָלט עפּעס דערווידערן, נאָר פּראָקאָפּ איז צו צו אים און אריַינגעשלעפּט אין קאָן אריַין. וויַיטער איז שוין בערעלע קניפּ געגאַנגען אליין, טוליענדיק זיך צו דער מאָרדע פונעם פערד, אַף וועלכן עס איז געלעגן טשובאַק...

איך שטיי אַף דער וואך בא דער טיר פון דער אוקראַיִנישער שול, וואָס איז אויסגעלייגט פון רויטן ציגל. איך שטיי מיט א ביקס אין האנט. דערצו נאָך איז די ביקס מיט א באגנעט — צוויי מאָל גרעסער פון מיר אליין. טו מיר אָן שפּאָרן, זעץ מיך אוועק אַף פּראָקאָפּס פערדל, בין איך, דאָס אייניקל פון מייער באלנעס, א פּאַרטיקער בודיאָנאָוועץ...

אַף דער וואך האָט מיך געשטעלט אליין הערשל דער רויטער, און געוואָרנט האָט ער מיך, אז אויב בערעלע קניפּ מאכט די פּלייטע, פאַר־ציט מען א שלייף אַף מיַין מאָגער העלדזעלע.

שטיי איך אַף דער וואך, איין אויג קלעפּט זיך שוין, אזוי ווילט זיך שלאָפן... איך קיַי א שטיקל דאַרע קישקע אָן ברויט, און דאָס האַרץ קלאַפּט פון פריידן: איך בין שוין הערשל דעם רויטנס אדיוטאנט, פונקט ווי אלע, בין איך אויך א סאָלדאט פון דער רעוואָליוציע!..

באנאכט, ווען קניפּ קרעכצט, האָב איך מוירע. עס דוכט זיך מיר, אז אָט טוט ער א שפּרונג אַף מיר, כאַפּט אויס די ביקס און מאכט פון מיר א וויַיניקן עפּל...

— שטייסט נאָך אַלץ אַף דער וואך, שיקעלע?

— יאָ, הערשל...

— און מיר האָבן ערשט צעביטן טשובאַקן...

דאָס ליבסטע אין מיַין לעבן איז אדהיַיעם בא מיר דאָס שנאָרער־געסל און דער „אינדזל פון ליבע". א גרין, סוידעסדיק לאָנקעלע, ווו הערשל מיט דינע אלביטער האָבן געשפּילט זייער פּיַיערדיקע ליבע...

אין טיַיכל שפּיגלען זיך ווערבעס, אויסגעכאָליעטע קליאָנען... אהער קום איך אויך איצט זיך דערמאָנען אין די וויַיטע ברויזנדיקע קינדער־יאָרן. פונקט ווי לעבעדיקע, דערזע איך דאָ, אָפּגעשפּיגלטע אינעם וואַ־סער, די איַינגעבאקענע אין האַרצן געשטאלטן פון יענע יאָרן, דעם יִיכעס, פון וועלכן איך שטאַם, — דעם זיידן מיַינעם מייער באלנעס; דעם טאַטן מיט דער מאַמען; אונדזער שאָכן פּראָקאָפּ, הערשלען און דינען; די אושאנעטע און הערש־וואָלף מיט כאצקל דעם מעשוגענעם...

לעבעדיקע ווערעם פונעם שנאָרער־געסל: בערעלע קניפּ, הינדע באָן, מוישע דער מוטשניק, מייער פּאלאטש, פּיניע אלביטער — אויך זיי שטעלן זיך אוועק פאַר מיר, נאָר צעקוועטשטע, אָפּגעווישטע פון דער ערד.

און איבער דעם גאנצן קליינשטעטלדיקן אוילעם שוועבט ארום דאָס געשטאַלט פון א רוסישן מענטשן, א שוסטער, אָן אנטלאָפענער קאַטאָר־זשאַן, אָן אָראַטאָר און א פּאָדפּאָלשטשיק. אָט דער מענטש — גריגאָריטשן

מיין איך — האָט געלערנט מײַן קינדהײַט שטעלן די ערשטע טריט אין דער נײַער וועלט.

...האָט זיך עס א ביסל אָפּגעטאָן אין שטעטל:

— שיקע מאָטיעס פאָרט אוועק! שיקע מאָטיעס פאָרט אוועק!

באַם לייענשטיבל האָט מייער פאלאטש גענעריקט מיט צוויי שפּי־לעוודיקע שטעקעלעך אין זײַן גרויסן פויק, גלײַך מע וואָלט מיך כאַסענע געמאכט. מאטאָנע קאָוועל האָט אינמיטן וואָך פארמאכט די קוזניע, אָנ־געטאָן זײַן שאבעסדיקן סורדעט און געקומען באגלייטן זײַן טאלמיד־כאָכעם, וועמען, פריִער גאָט און דערנאָך ער, האָבן געשטעלט אַף די פיס — א באָכער מיט ביינער, קען גוט די מעלאָכע פון א קאָוועל.

— ווערסט, שיקעלע, — זאָגט ער צו מיר, — ניט פארפאלן ווערן, ביפראַט אין דער טײַגע, אזויפיל גאָלד מיט זילבער איז דאָרט פאראַן. דו פויל זיך נאָר ניט, ברענגסטו אהיים די שיינע פויטעקע.

מע האָט מיר אָנגעווינטשעוועט, איך זאָל אפן וועג ניט פארבלאָנדזשען קיין כארקאָוו, ווי מאניע מיט מענדלען, וואָס זײַנען יענעם כוידעש גע־פאָרן אַף אוראל.

אנדערע בעטן, איך זאָל לעמאנהאשעם אָנשרײַבן א פּאָדראָבנעם בריוו, וואָס און ווען — זייערע קינדער רײַסן זיך אויך אין דער וועלט ארײַן. צי גיט מען ארויס שטיוול, פּליודערן, וואטאָווע לײַבלעך.

מאטאָנע זאָגט מיר אָן, איך זאָל אָנשרײַבן, וויפל פארדינט א קאָוועל, גלײַך ער וואָלט מאָרגן זיך געקליבן פאָרן אהין.

— איין הימל, איין ערד, אומעטום זײַנען מענטשן, — שרײַט מייער פאלאטש און צערײַסט שיר ניט דעם פויק אַף שטיקער:

ווער מיר פעטער, וואָס מיר מומע,
טאנצט, קינדער, ווײַל איך שפּיל...

דער סעקרעטאר פון ראיקאָמיוג שטעקט מיר ארײַן אין לאָץ פונעם רעקל דעם „קים", נעמט מיך אָן פאר די אקסל:

— נו, שיקע, פארשעם אונדז ניט דאָס פּאָנעם. אָפּקאָווען א לעמעך קענסטו, אקערן וועט מען דיך יאקאָס אויסלערנען, ווערסט זײַן א גוטער טראקטאָריסט.

דער גלאָק פונעם פּאָלוסטאנאָק סטרי טוט אזא קלונג, אז ער פארר־טויבט אזש אלעמען די אויערן. דער פּאראָוויק מיט די צוויי וואגאָנעס פירן מיך אוועק ניט אַף איין טאָג פונעם שנאָרער־געסל, עפּשער אַף שטענדיק.

די רעדער קלאפּן, אוז מיר קלינגט אלץ אין קאָפּ דאָס לידל, וואָס כעוורע האָט פריילעך געזונגען:

מיטוואָך נאָך דעם בוקער,
דאָנערשטיק נאָכן פלוג,
פרײַטיק נאָך דער באָראָנע,
שאבעס אין קאָמיוג.

האָב איך מיר א טאטן,
האָט ער א פּאָר פערד.
און אפילע שאבעס
אקערט ער די ערד.

# קאַלינע

שטילער אמור! עס בלאַנדזשען פישעלעך באַ דיר אין וואַסער, ווי שטערן אין הימל. קאָסיאַקעס פישעלעך מיט גאָלדענע רוקנדלעך שווימען נאָך דער גרויסאַרטיקער שיף „פעליקס", מיט וועלכער כעוורע קאָמסאָ־מאָלצעס פאָרן ביז נאַגיבאָוו.

דאָרטן, באַם פלאַכן ברעג, פאַרפלייצט מיט באַרקאַסן און גליסערס, צווישן אויסגעוואַשענע שלײַפשטיינדעלעך, שטייט זיך טשאַדענדיק דער אַלטער וועטעראַן, דער אויסגעהאָרעוועטער דאַמפער „אישטשענקאָ".

„פעליקס" שווימט אויפן אמור, ווי אַ באַרימטער לינקאָר. און „אישטשענ־קאָ" האַלט זיך מיט אַ זײַט, נעענטער צום ברעג, גלײַך ער וואָלט מוירע האָבן דערטרונקען צו ווערן.

„פעליקס" לאָזט מילך־רויך פון זײַנע ווײַס־אויסגעפּאַרבטע ברייטע קוימענס.

דער אַלטער „אישטשענקאָ" טשאַדעט אַזוי, אַז דער אמור ווערט אַזש מוטנע־שוואַרץ.

דאָ, אויף דעם־אָ זלידנע שיפל, וועט דיך קיינער ניט פרעגן, צי האָסטו אַ בילעט. זעכציק יונגע כעוורע מיט פּוטיאָווקעס פון אוקראַיִנער צ.ק. פונעם קאָמיוג זײַנען די באַלעבאַטים. קאָנסט פרײַ אָפּשנײַדן אַ שטיק געזאַלצענעם פיש, וואָס הענגט אויף דער פּאַלובע, נעמען אַ קווערטל אָק־רעפּ, איבערכאַפּן דעם הונגער אָן אַ קאָפּעקע געלט.

באַם אַנקער אויף די גראָבע קייטן, מיטן וואַטאָווע לײַבל צוקאָפּנס, שלאָפט מיט צעוואָרפענע הענט דער מעכאַניקער קעשקע. אויף זײַן רעכטער האַנט דרעמלט די בלאָנדע ווײַטמיזרעכדיקע קאַזאַטשקע קאַלינע. מיר, יאַטן פון אוקראַיִנע, ווייסן שוין, אַז קעשקע פאָרט אויך אויפן דריטן באַ־צירק. די האַרמאָשקע ליגט באַ זײַנע פיס, גלײַך זי האָט אירס שוין לאַנג אָפּגעשפּילט.

קעשקעס קורנאָסע נעזל, זײַן ברוין פּאָנעם, די גראָבע ליפּן, די צוויי קנייטשן אויפן שטערן זאָגן איידעס, אַז דאָס איז אַ גוטער רוסישער באָכער.

אויפן פּריסטאַן נאַגיבאָוו איז טומלדיק: „פעליקס" שליסט זיך פּאַמעלעך אויף פונעם ברעג, הייב־מאַשינעס גרילצן, שלעפּנדיק דעם אַנקער, דעם גרויסן האַטשיק, וואָס קריכט שווער, ווי אַ העלפאַנד, פונעם טײַך.

פאַרבלײַבט געזונט, קאַפּיטאַן, און איר, פריילעכע מאַטראָסן. דאָ, אין די זויבערע שיף־קאַיוטעס, פאַרפּוצטע מיט גרינעם פּליוש, האָב איך, שיקעלע, דאָס אייניקל פון מייער באַלנעס, דערזען אַזאַ שיינע וועלט.

דרײַסיקער יאָרן! אַלץ איז געבליבן באַ מיר אין זיקאָרן: די פינצטערע טונעלן, דער בלויער בײַקאַל, דאָס פאָרן כאַדאָשימווײַז אין טעפּלושקעס, דאָס אָנפרעסן זיך אין אָמסק מיט גאָרטשיצע.

גאָרטשיצע! ווער האָט דען באַ אונדז אין סטרי געלעקט די פינגער פון אָט דעם מײַכל?

צום שטיקל זאַדעק־פלייש פלעגט דער טאַטע מײַנער ליב האָבן אַ ביסל האַרבן כריין, אַ זויערע אוגערקע, אַ שיסעלע קרויט פון צעלעכערטן

דייזשקעלע. נאָר גיי, שיקע, זײַ א נאָווי, אז אין אָמסק אױף די טישן אין דער גאָרקיך שטייט ניט דער זיסער אוקראַינער סטעלניק, נאָר יענע בארימטע ביטערע גאָרטשיצע, וואָס האָט אונדז, כעוורע, אזוי שטארק באם הארצן געכאפּט — שיר צו קיוועריִיִסראָעל ניט געבראכט... צוויי טעג האָט מען אונדז, קליינשטעטלדיקע יאָלדן, געראטעוועט אין שפּיטאָל פון אָט יענעם געשמאקן „האָניק”.

קעשקע מיט נאָך צוויי מאטראָסן טראָגן זיך ארום אין א שיפּל איבערן אמור. זיי טרײַבן ווילדע ציגן צום ברעג פון נאגיבאָוו.

ציגן־פלייש, אז מע פרעגלט עס צו אפן שײַטער, האָט עס אלע טאמען. די נאכט פאלט צו, „אישטשענקאָ” פארשווינדט אין דער פינצטער, און ווײַל די טראקטאָרס פונעם דריטן באצירק וועלן קומען נאָך אונדז ערשט גאנצפרי, פראווען מיר דערווײַל א מאזלדיקע וועטשערע, וואָס אפילע יעמעליאן פּוגאטשאָוו מיט זײַנע קאזאקן האָבן געמעגט מעקאנע זײַן. ביפראט, אז קעשקע נעמט די הארמאָשקע אין זײַנע הענט און קאלינע גייט אוועק א טאנץ, זינגענדיק דערבײַ פריילעך א לידל:

Мне бы рюмочку винца,
Я бы его выпила,
Мне бы желтые ботинки,
Я бы дроби выбила!..

(גיט מיר א גלעזעלע ווײַן,
טרינק איך עס אויס אינגאנצן.
גיט מיר געלע שיכעלעך,
גיי איך מיר אוועק טאנצן!..)

דער שײַטער פלאקערט, דער אמור פינקלט מיט זײַנע זילבערנע שטילע כוואליעס, קעשקעס הארמאָשקע פארגייט זיך, פּונקט ווי אמאָל אין שטעטל בעני דעם קלעזמערס פידעלע... קאלינע טאנצט און זינגט — אפן הארצן ווערט אזוי פריילעך, און עס ווילט זיך, אז דער יאָמטעוו זאָל זיך גאָר ניט ענדיקן.

נאָך די געזאלצענע פיש, נאָך דעם געבראָטענעם ציגן־פלייש שלאָפט זיך אזוי געשמאק, כאָטש כאפּט אונדז פאר א פּולקע און ווארפט אונדז אין וואסער ארײַן.

די נאכט איז אריבער. מע הערט שוין, ווי די טראקטאָרן רוישן. בלויע פלעמלעך וױמלען צווישן ביימער, פּונקט ווי פון דאָרטן וואָלט דער פּארטיזאנער גריגאָריטש מיט זײַנע קוילנווארפער־טאטשאנקעס אָנגעגרײַפט...

צום ערשטן מאָל, מאמע טײַערע, זיץ איך ניט מיט ליפּע וואסערפירער אױף דער קעלניע, נאָר אױף א ריזיקן טראקטאָר. דער מאָטאָר שלינגט דעם ליגראָיִן, פארכלינעט זיך אזש, און דער קאיאָר איז מאָלע־כיין. אין הימל פלאקערן זײַנע צוגעניטעטע באקן: דער אמור איז שטיל, כאָטש וועק אוף א הינטל, ס'זאָל א האווקע טאָן...

# קעשקע

די שטילע אמורער ברעגן דערמאָנען מיר אַלץ אָפטער און אָפטער פּראָקאָפּס נידעריקע װערבע־ביימער, די גרינע לאָנקע אַרום זײַן שטוב. פּעטע פּאַזאַנעס — דעם שאָכנס ראַבע הינער. טײַגע־דעמבעס און צעדערן זײַנען ענלעך אַף די אוקראַיִנער יאַסיענעס. אַלץ אַרום דערמאָנט מיר מײַן ערד, װוּ איך בין געבוירן. איז מיר דערפאַר דאָ ליב יעדעס װינ־קעלע, עס ברויזט אַזאַ גוט געפיל אין מײַן נעשאָמע, עס נאָגט באַ מיר ניט דאָס האַרץ: די בענקשאַפט נאָך אוקראַיִנער לאָנקעס פאַרבײַט מיר די אַמורער שטילקײַט, דער פײַף פון די שיפן „פעליקס״ און „קאַרל מאַרקס״. איך האָב אַפילע מער ליב באַקומען דעם װעטעראַן „אישטשענ־קאָ״, דעם פּויליאַק, װאָס רײַסט קוים אָפּ די שטומפּיקע נאָז פון נאַגי־באָװער ברעג.

נו, בין איך דען שולדיק, װאָס קעשקע דער מעכאַניקער האָט גלײַך דעם ערשטן פרימאָרגן מיך, שיקעלען, דאָס אייניקל פון מייער באַלנעס, אװעקגעזעצט לעבן זײַן קאַלינע? און זי מאָסטעט זיך אײַן אַפן אַקער און לאָזט מיר איבער דעם רודער פון „קאַטערפּילער״.

ביין, מאַמע, דו װייסט גאָר ניט דעם פאַרגעניגן, װען צװיי אַקערס קריכן שװער נאָכן טראַקטאָר, שנײַדן די נײַערד, װי פּריש ברויט.

קעשקע קומט אָפּט אין פעלד אַף זײַן װײַסן פערד, שטעלט אָפּ דעם טראַקטאָר, הייבט אוף העכער די לעמעכן, פאַרדרייט די נאָדל אין קאַר־ביוראַטאָר, ציט אונטער די מופטע. קוקנדיק, װי קאַלינע ציט אויס די הענט צו מיר און העלפט מיר אַראָפּשפּרינגען פון טראַקטאָר, װערט ער, דוכט זיך, מאָגערער. די גרינע אויגן קריכן אים אַלץ טיפער אין קאָפּ אַרײַן...

פאַרנאַכט, װען מיר באַגלייטן אַרויס קעשקען פון אונדזער „קלױן״, טאַנצן מיר אַרײַן אין אַמור אויסבאָדן זיך.

דאָרטן, אין אַמור, װער איך אויס יִינגל און קאַלינע אויס מיידל: זי שװימט, װי אַ װילדע ציג, און שלעפּט מיך טיפער אין װאַסער. מיר דעריאָגן איינעם פון די פּליטן, װאָס שװימען טאָג און נאַכט מיטן װאַסער אַראָפּ צו בלאַגאָװעשטשענסק.

דערנאָך טאַנצן מיר פונעם פּליט, װי דאָרט אין שטעטל פון די פּאַליעס, און שװימען צוריק צום ברעג.

קאַלינושקאַ, װאָס טרייבערסטו מײַן נעשאָמע?.. קעשקע האָט דאָך אַ שענערע נאָז פון מיר און ניט אַזעלכע גראָבע ליפּן. קעשקע האָט אַ שיין מויל, גרינע אויגן — אַ באָכער מיט אַלע זיבן זאַכן!..

איך האָב אים ליב, קעשקען! װען ער נעמט פאַרנאַכט אין זײַנע שפּי־לעװודיקע הענט די האַרמאָשקע און טוט אַ פאַרצי „קאַלינושקאַ״, פאַרגייט מיר אַזש דאָס האַרץ. יעדער אייװער װערט באַ מיר פאַרקילט. װי־אַזוי לערנט מען זיך אויס שפּילן? קאַלינע זאָל מיט אימפּעט אַ װונק טאָן צו מיר: „דערלאַנג, שיקעלע!״ — און אַװעק אין אַ טאַנץ און זינגען דערבײַ:

Ой, не страдай, король бубновый,
У меня страдатель новый,
У меня страдатель Мишка,
Лет восемнадцати мальчишка...

(וויין ניט, וויין ניט, נאר דו אייגער,
כ'האָב שוין, אוי, א נײַעם וויינער.
דאָס איז א באָכער שיין און פײַן,
אים מוז געוויס שוין אכצן זײַן).

## א שאָפער וועל איך סײַווי ווערן

ברייט זײַנען די מיזרעך־פעלדער, עס שמעקן די הויכע גראָזן. אָנגע־כמורעט קוקן ארויס די מאנטשזשוריער סאָפּקעס.

די נאכט קריכט פון די רויטע יאסיען־ביימער, פון שווארצע צעדערן, פון אלט־באוואקסענע דעמבעס, וואָס הערן דעם רויש פונעם טראקטאָר און רופן קאלינען אין טיפעניש פון וואלד.

איך זיץ אפן אקער. עס דערגייט צו מײַן אויער דער פײַף פון אונדזער אלט־באקאנטן „אישטשענקאָ״.

דאָס איז ער געקומען צו שווימען, דער וועטעראן, אוועקפירן די קור־סאנטן פון דריטן באצירק אין קאָרייער דאָרף בלאגאָסלאָווענע. קאלינע פאָרט אויך מאָרגן גאנצפרי אף שאָפער־קורסן, וואָס געפינען זיך טאקע אין קאלינעס געבורטס־דערפעלע דאָברע, ווו דער אלטער זיידע אירער לעבט איינער אליין אינעם גרין־געפארבטן שטיבל.

מײַן הארץ ציט שוין לאנג צו אָט דעם מיידל. קאלינעס געשטאלט לויערט נאָך מיר, לאָזט מיך ניט שלאָפן. נו, און ליובע?

דאָרטן אין שטעטל האָבן מיר מיט איר געשפילט א ליבע, און ס'איז פאר קיינעם ניט געווען קיין סאָד.

ליובע פלעגט ליב האָבן גיין אין שול ארײַן פארבײַ דעם קלויסטער, פארקערעווען צום אײַזנבאן־בודקעלע, אריבערגיין די ליניע און ארײַנ־קריכן דורכן אויסגעבראָכענעם שטאכעט אין שול־הויף. נאָר קוים דערזע איך איר אָנגעקראָכמאלעט ווײַס קעלנערל, גיי איך איר נאָך, ווי א שאָטן. דאָס מיידל פלעגט גלײַך דערפילן מײַנע טריט, זיך ניט אומקוקן — סײַוויסײַ ווייסט די מאמזערעס, אז שיקעלע טשאטעוועט זי נאָך.

דורך דעם גערויש פון טראקטאָרס הער איך שטענדיק קאלינעס קאָל, דורך דעם גרוילעכן שטויביקן נעפּל, וואָס גייט אף מיר פון צוויי אקערס, זע איך איר קורנאָסע נעזל מיט אירע וועלפישע גרויסע אויגן, וואָס ווילן מיך, דוכט זיך, אײַנשלינגען... דער מאזוט־פלעק אף קאלינעס פּאָנעם פאסט איר שטארק, און כ'בענק נאָך אָט דעם אויסגעניאָרעט מיידלש־קיינעוודיקער צורע.

צוויי יאָר געאקערט מיט קאלינען אף איין אקער־שפאן, אײַנגעשלונ־גען אין זיך דאָס גערוך פון זאפטיקער רויערד, געלאכט און אויך געוויינט, געוויינט, ווען קעשקע פלעגט זי נעמען אין טײַגע ארײַן אף באנאכטיקן געיעג... מיר פלעגט ווערן אזוי אומעטיק, כאָטש הענג זיך אוף אפן בוים באם ארײַנגאנג פון דער פאלאטקע.

דערפאר אָבער, ווען קאלינע פאָרט מיט מיר ארויס אף דער גאנצער

זומער־נאכט אקערן, זיצט קעשקע אף די נארעס, האלט די הארמאָשקע אף די קני, דריקט זי פון בענקשאפט צום הארצן, אז עס גייען אזש דורך מורעשקעס איבער דער הויט.

נאָך האלבער נאכט מוז קעשקע קומען אין פעלד אריַין, פונוויַיטן זעט מען שוין ווינקען זיַין לאמטערנדל: איך גיי, איך גיי, איך גיי...

אך, שניַידן דעמלט די לעמעכן! דאָס בלויע פלעמל פונעם טראקטאָר זעצט פון קוימען, ווי בליצן וואָלטן זיך דורכגעטראָגן פאר מיַינע אויגן.

הירשן אין די בערג רעווען אזוי, וויַיזט אויס, ווי מיַין טראקטאָר, ווען ער דערפילט קעשקעס דוך. ער הייבט אָן טראסקען, און שולדיק אין דעם בין איך. די לעמעכן קריכן טיפער, מיַינע הענט ווערן געליימט, לאָזן אָפּ אף העפקער דעם אקער, און דער טראקטאָר בליַיבט שטיין.

היַינט איז די לעצטע נאכט, וואָס מיר זיַינען מיט קאלינען צוזאמען. מאָרגן גאנצפרי נעמט זי „אישטשענקאָ" אף זיַין פאלובע און פירט זי אוועק פונעם באצירק.

זעץ זיך, שיקעלע, אפן טראקטאָר, אָן א פלוגאטאָר וועסטו ניט בליַיבן. דער אלטער קאָרייער צכיי מיטן ציגענעם בערדל וועט זיַין דיַין געהילף. האָסט הונדערט מאָל נאָכגעטשאטעוועט, וויאזוי קאלינע נעמט דעם לאָמיק, טוט א מעסט אין באק דעם ליגראָין, דערנאָך צאפּט זי אָן אין קאָנסערוון־פּושקעלע בענזין, פארגיסט דעם קארביוראטאָר, טוט א דריי, און עס ווערט פריילעכער אפן הארצן — די מאשין צאָקעט: צאָק־צאָק־צאָק...

„אישטשענקאָ" שווימט קימאט באם ברעג. טשאדע ניט אזוי, קעלעוו איינער, עפשער וועל איך זען דאָס גרינע סאקעלע אירס מיטן רויטן קאָסינקעלע.

זיַי געזונט, קאזאטשקע מיַינע טיַיערע, סיַיווי וועל איך, קוקנדיק אף דיר, אויך אינגיכן קומען אין דערפל דאָברע און וועל ווערן א שאָפער.

# א באגעגעניש

דער ווינטער איז געקומען אומגעריכט, ניט ווי בא אונדז אין אוקראַינע, — עס פאלט אויס א שניי, איַיז־ליכטלעך הענגען אראָפּ פון די סטריכעס, דינע פליווקעלעך איַיז פארציַען דאָס וואסער, די פענצטער ווערן אויסגעקווייטלט. ניין, דאָ, אפן וויַיטן מיזרעך, הייבן אָן בלאָזן פון די סאָפּקעס בייזע, טרוקענע, ביַיסיקע ווינטן.

אויסגעלאָשן ליגט דער טראקטאָר מיַינער אף א זיַיט אין פארפרוירענעם טיַיכל סאמארקע. טראקטאָריסטן אייצען, איך זאָל אים לאָזן דאָ ווינטערן...

קעשקע אָבער שלעפּט שוין אף זיַין „אינטער" באלקעס, קלאפּט צונויף א הילצערן בריקל, טשעפּעט אָן באם דישל פונעם „קאטערפילער" א גראָבן טראָס. ער פרוווט ארויסשלעפּן מיַין טראקטאָר. נאָר נעכטיקע טעג...

ביז עפּעס־וואָס פאלט צו די נאכט, און מיר פאָרן אין דאָרף כאפּן א דרעמל.

דאָס טשוהונענע אייוועלע פֿײַערט א גאנצע נאכט, עס נעמט א גוטער פֿראָסט, — פֿארפֿאלן מײַן טראקטאָר!

ווינטער איז דאָס דערפֿעלע דאָברע סײַ א היים, סײַ א רעמאָנט־באזע, ווו מע גרייט צו טראקטאָרס צו וועסנע.

מיט אָפֿענע אויגן זיך איך, דאָס אייניקל פֿון מייער באלנעס. דאָס הארץ וויינט אין מיר: אזויפֿיל האָרעוואניע האָט קאלינע אין מיר ארײַנ־געלייגט — געלערנט און געלערנט, מיט אזא גאדלעס די פֿעדאלן פֿונעם טראקטאָר מיר פֿארטרויט, און איצט ליגט ער, דער טראקטאָר, אין סאָ־מארקע און וועט דאָרט, מיסטאַם, ווינטערן...

די טראקטאָריסטן קוקן בייז אף מיר, זאָגן גאָרניט, נאָר אין זייערע פֿארזאָרגטע פּענעמער לייען איך איבער:

„האָסט ניט געקאָנט נעמען רעכטס, בלײַענער פֿויגל? קאלינע איז טויזנט מאָל די סאמארקע דורכגעפֿאָרן, און דו?”

העט שפּעט אין דער נאכט, ווען איך צי אראָפּ פֿון זיך דאָס העמד, קעדיי עס אויסטריקענען באם טשוהונקעלע, פֿאלט ארויס מײַן העפֿטל מיט די רויטע טעוועלעך: מיט דריבנע אויסיעלעך איז דאָרט פֿארשריבן מײַן ערשטע דערציילונג.

נאָר דער קאלעס טיכעלע נעמט מען אזוי פֿאָרזיכטיק פֿון אירע הענט, ווי איך האָב אופֿגעהויבן פֿון דער ערד דאָס פּיטש־נאסע העפֿטל.

קעשקע לאָזט מיך ניט פֿאלן. ווײַזט אויס, אז דער שלאָף נעמט אים אויך ניט, פֿרעגט ער בא מיר:

— וואָס באשרײַבסטו דאָרט?

— אונדזער לעבן, — זאָג איך שטיל.

קעשקע טאנצט אראָפּ פֿון די נארעס, נעמט דעם העפֿט אין די הענט, קוקט א ווײַלע.

— ליטעראטורא?

ביז טאָג ריידן מיר וועגן זשול ווערנען, פּושקינען, לערמאָנטאָוון. קעשקע נעמט מיך גוטברודעריש ארום, טרייסט מיך:

— גאנצפֿרי נעמען מיר לאָמען, מירן ארומהאקן דעם טראקטאָר, מאכן א סטורקאטש און דערווארעמען אים דאָס לײַב, וועט ער ארויסשפּרינגען, ווי א ליאלקע. דאָס איז גוט, שיקעלע, וואָס אין דרויסן איז א פֿראָסט, פֿאָלג מיך.

איך שלעפּ ארוף די יוכטענע שטיוול אף מײַנע ווארעמע פֿיס, גארטל זיך אונטער, ווי ליפּע דער וואסערפֿירער, וויקל אײַן דאָס רויטע העפֿטל אין פֿערגאמענט־פּאפּיר, וואָס קעשקע האָט מיר געשענקט, און מיר פֿאָרן צו דער פֿארקאָוועטער סאמארקע.

ביז האלבן טאָג האָבן די טראקטאָריסטן אָרודעוועט מיט לאָמען, לאָ־פּעטעס און קירקעס: דערווארעמט די אייוורים פֿונעם טראקטאָר און ווי אן אויסגעבאָדענע קאץ אים ארויסגעשלעפּט אפֿן ברעג.

קאלינע האָט אונדז באגעגנט. אָנגעטאָן איז זי געווען אין יעגערשע שטיוועלעך, באפּוצטע מיט ווײַסן פֿוטער. די שיינע קאזאטשקע האָט

געלאכט און געשטיפּט, ווי אַ קינד. מיט אירע וועלפישע גרויסע אויגן איז זי גרייט געווען אײַנשלינגען אונדז ביידן — מיך און קעשקען.

ס'איז מיר אַצינד שווער זיך צו דערמאָנען, ווען האָט קאַלינע דעם ערשטן ארומגעכאַפּט קושן פאַר פרייד: מיך צי קעשקען. איך געדענק נאָר דאָס וועלפישע פּאָנעם קאַלינעס, וואָס איז פאַרויטלט געוואָרן, זיך אָנגעצונדן, ווי די גאָרד־שײַן.

— קומט צו מיר טרינקען טיי! — האָט זי אַ קאָמאַנדעווע געטאָן. די פאַלדן פון איר וואָלענעם קלייד האָט אַ ציפּע געטאָן דער ווינט, און זי איז אוועק צום דערפל דאַבערע.

ווילסט, טײַערע קאַלינע, מיר זאָלן ביידע גיין צו דיר אין שטוב, איז וועמען האָסטו פאַרט ליב? אויב דיר געפעלט בעסער קעשקע, וועל איך אַלץ זיך ארויסשלאָגן פון קאָפּ, ווײַל ער איז מיר טײַערער פון אַן אייגענעם ברודער. דעמלט וועל איך בעסער אַ פאַל טאָן אין סאַמארקע, און זאָל מיך דער שטראָם אראָפּשווענקען אין קאָכיקן אײַנגוס סונגארי...

אַ שטאַכעט־פּלויט, ווי די אוקראַיִנישע געפלאָכטענע ווערבע־פּארקנס, פענצטערלעך מיט געשניצטע קארניזן אפן רוסישן שטייגער, דאָס גאַנעקל באַ דער שטוב אַ געפּארבטס, אַן אויסגעטאָקטס, — דאָס אַלץ האָט אונדז באַגעגנט ווי אָנגעלייגטע געסט.

אַ טשוהון הייסע טיי דערלאַנגט צום טיש קאַלינעס זיידע: אַן אַלטער קאַזאַק, וואָס האָט נאָך אַמאָל געשיפט זיך צו דער סאָפּקע, ווען דער אַמור פלעגט זיך צעגיסן און ארויס פון די ברעגן.

יעדער ביסן ווייצן ברויט, וואָס איז געבאַקן אַף בלעטער, דערמאָנט געשמאַקן קאָרענעם לעקעך. אַ לעוויאַסן־פיש שטעלט מען אויבנאָן אפן טיש.

איך קוק זיך צו, צי זײַנען די אויגן באַם אַלטן ענלעך צו קאַלינעס אויגן. מיר האָט אַזש דאָס האַרץ פאַרקלעמט, ווען קעשקע האָט אַ זאָג געטאָן:

— נו, קאַלינע, אַ שיינעם דאַנק פאַר „ברויט מיט זאַלץ”, מע דאַרף אַ קוק טאָן צו מײַן קאַלע...

פאַרטריקנטע בלעטער טוטין האָבן, דוכט זיך, אין ווינקל אפן שטריקעלע אָנגעהויבן זיך שושקען...

די באָזשע־מאַטקע האָט פון ווינקל געקוקט מיט אַ רויט פײַער אַף מיר, אַף קאַלינען, וואָס טוט שוין אויס אירע שטיוועלעך. דער באַגער פון דער הייליקער מוטער איז, ווײַזט אויס, געווען — איך זאָל שוין גיין שלאָפן, ווײַל די אויגן קלעפּן זיך פון מידקײַט...

באַנאַכט פיל איך: עמעצער דעקט מיך אײַן מיט אַ פעלץ. איך עפן מײַנע פאַרשלאָפענע אויגן — קאַלינע...

גאַנצפרי קומט קעשקע צו לויפן און איז מוידיע, אַז אַף סונגארי ליגן אינעם פרישן, דורכזיכטיקן אײַז פאַרפרוירענע פיש.

מיט די לאָמען און קירקעס, מיט וועלכע מע האָט נעכטן אויסגעקאַלופּעט דעם טראַקטאָר, האַקט מען ארויס יעדן קאַרפּ, און מע טאַסקעט אים צום זיידן. קאַלינעס זיידעשי זאָל אָפּרעגלען. אַפּדערנאַכט זיצן מיר ארום טיש, ווי אַף אַ כאַסענע.

# מײַן ערשטע װעסנע

באַ אונדז אין שטעטעלע סטרי איז אװאַדע דער בלאָטע־טײַך ניט אַזױ גרױס, װי דער שטילער אַמור.

פֿרילינג, אױב די געבענטשטע זון װאַרעמט שױן יאָ, װי אַן אײגענע מוטער, װערט דאָס װאַסער לעכאַטכילע מוטנע. אױפֿן לױזן אײַז זײַנען אָנגעװאָרפֿן שטײנדלעך, מיסט. און אָט װאַלגערט זיך מײַן הילצערנער קאָנעק אַן אַ שטריקל. ער שטעקט, װי אַ פֿױלער צאָן אין אַן אַלט מױל.

דאָ, באַם שטילן אַמור, טרישטשעט דער פּלאַסט אײַז, קאָרטשעט זיך און מינעט זיך, גלײַך װי דער יאַם האָט אים, אָט דעם רױקן זאַקן, די קריזשעס אַ בראָך געטאָן: טראַך, טראַך!.. דונערט און דונערט אַ גאַנצע נאַכט... און מיר דוכט זיך — עמעצער שיסט פֿון די מאַנטשזשוריער בערגן, װײַל פּונקט דעמלט, אין די דרײַסיקער יאָרן, האָט דער יאַפּאַנער ניט געקאָנט רױק זיצן אױף קײן אָרט...

און אינדערפֿרי — װאָס איז געשען? מע לױפֿט צום טײַך אָנקוקן, װי דאָס גליװער־אײַז פֿירט אַ מילכאָמע מיט דער װעסנע.

שאָענלאַנג שטײט מען באַם אַמור, קלײַבנדיק נאַכעס, װי דאָס אײַז רירט זיך.

און מאָנטיק זיץ איך שױן אין „גאַזיק", װאָס פֿירט אונדז, טראַקטאָריסטן, אין די אַלטע באַקאַנטע ערטער אַקערן די נײַערד. מיר זײַנען אין די היגע ייִשװוּים דאָ צוגאַסט געװען, געשטעלט טעאַטער, שײנע נעכט פֿאַרבראַכט.

איך געדענק דאָס זײער גוט.

גאַנצפֿרי איז דעמלט געװען, װי עס מאַכט זיך אין אוקראַינע, אַ גרינג פֿרעסטעלע; נאָר איצט בײַסט דער װינט די אױערן, דאָס ביסעלע שנײ, װי אַ נעדאָװע פֿון דער טײַגע געשענקט, פֿאַרפֿאָראָשעט די אױגן...

איך באַמי זיך אָפּשטעלן, עס זאָל מיך דאָס װינטל אַזױ ניט פּאַטשן אין פּאָנעם. ס'איז אומעגלעך. עפּעס ציט מיך צום אַמור. כאָטש דער טײַך איז נאָך פֿאַרקאָװעט, טראָגט עס מיך, װי דער ניטגוטער. װער שטײט עס דאָרט מיטן אױפֿגעהױבענעם פֿאַרשנײטן קאָלנער? ליובע!..

— שיקעלע!..

אָן װערטער, אַ פֿאַרכידעשטער, שטײ איך ניט װײַט פֿון איר, און די נעשאָמע פֿליט שיר מיטן בײזן װינטל ניט אַרײַן אין אַמור...

— ליובע!

— נו, װאָס קוקסטו אַזױ אױף מיר...

איך פֿאַל צו צו איר און קאָן זיך גאָר ניט אָפּרײַסן פֿון אירע ליפּן.

— װאָס האָסטו זיך אַזױ צוגעכאַפּט, באָכער מײַנער?..

אַ מײדל בלײַבט אַ מײדל. ליובע װײסט נאָך ניט, אַז איך באַלעבאַטעװע שױן אַלײן איבער אַ טראַקטאָר.

מיר שפּאַצירן באַם אַמור, און איך פֿיל שױן גאָר ניט דעם בײזן װינט. ליובע איז צופֿרידן, װאָס איך בין אַזאַ אײַנגעשפּאַרטער: געזאָגט און גע־

טאָן. זי געדענקט, די מאמזערעס, וויאַזוי איך האָב באַם קלויסטער גע־שווירן, אַז איך פאָר אפן ווייַטן מיזרעך.

ליובע לאַכט מיר גלייַך אין פּאָנעם אַריַין, און אירע ראָזעווע בעקלעך ווערן נאָך שענער פונעם געשמאַקן געלעכטער:

— געדענקסט, ווי דעם גאַלעכס הינטל האָט דיר צעריסן די פּליודערן?

וואָס עמעס, איז עמעס: דעמלט, בעשאַס מיר זייַנען געשטאַנען באַם קלויסטער, האָט זיך אונדז ביידן פאַרגלוסט אינמיטן העלן זומער־טאָג זעצן זיך אפן גראָז און פּראַווען „לאַגבוימער".

איך קריך דער ערשטער, פאַרטשעפּע מייַן יאָמטעוודיק רעקל אין א טשוואָק פון שטאַכעט, און דעם גאַלעכס הונט, א ווייַסער מיט געלע פלעקן, כאַפּט מיך אָן פאַר דער ליטקע...

ליובע זאָל דעמלט ניט געווען אוועק צום שליאַך, ניט כאַפּן א שטיין — צערייַסט ער מיך אף שטיקער, ריאַבטשיק...

ליובען געפעלט, וואָס איך וועל וועסנע־צייַט אַרבעטן דאָ אפן פעלד.

— שלאָפן וועסטו בא אונדז... — און זי פירט מיך אוועק צו זיך אין שטוב אַרייַן, קעדיי באַווייַזן טאַטע־מאַמע אירע, וועמען זי האָט באַגעגנט באַם שטילן אַמור.

דאָס פרישע פלעצל מיט געבריטער מילך דערמאָנט מייַן מאַמעס מייַכל. עס איז מיר אַזוי גוט, פריילעך, דאָס האַרץ איז איבערפולט מיט גליק.

— טרינק נאָך א גלאָז, פאַרזוך דעם האָניק, — בעט מיך איר אַלטע גראָווע מוטער, — מיר האָבן, קיין אייַנהאָרע, צוויי בעהיימעס, זשאַלעווע ניט.

„מאַמע טייַערע! — טראַכט איך. — אָט דאָס איז יענע מאַרק־יִדענע, וואָס פלעגט מיר אַמאָל פאַרקויפן בייגעלעך?.."

— זונעניו, נו, און דו, וואָס טוסטו דאָ, ווו אַרבעטסטו?

— אין סאָווירט.

— א טראַקטאָריסט?

— יאָ!

— זייער פייַן. — ליובעס אַלטער טאַטע באַטראַכט מייַנע יוכטענע שטיוול: — אַזעלכע שטיוול, יונגאַטש איינער, האָבן בא אונדז, אף קניאַ־זשער יאַריד, געקאָסט אַזוי גרויס...

— טאַטע, לאָז אונדז א ביסל ריידן, — און ליובע נעמט מיך אָן פאַר דער האַנט, פירט מיך אַרייַן אין אַלקער.

ליובע, מייַן קאַלע, איז דאָ א לערערן אין יישעוו, פאַרבעט זי מיך דינסטיק קומען אין שול, זיך זעצן אף דער לעצטער באַנק. מיר איז טשי־קאַווע, צי די טאַלמידים האָבן אָפּשיַי פאַר זייער יונגער לערערן, מייַן ליו־בען.

אין עטלעכע טעג אַרום קומט ליובע אין פעלד. די לערערן לויפט איבער דער פרישער מעזשע א באָרוועסע, ווי אַמאָל אַרום דער קלומבע פון שטעטלשן פּאַרק. די מאַשין שנייַדט די נייַערד, ווי קאָרענעם לעקעך. זי וויל, איך זאָל זי אויסלערנען פאָרן, האַלטן דעם רודער. נאָך מייַן

טראַקטאָר טוט א בריקעווע, פאַרכלינעט זיך, ווי א קליין קינד, און, אַרויסלאָזנדיק א געדיכטן רויך פון קוימען, בלייבט ער שטיין.

דאָ, אין פעלד, בא דער שיין פון שייטערס, איז ניט שלעכט נאָכאמאָל א פרעג טאָן ליובען:

— ליובע, האָסט מיך ליב?

— ביסט מעשוגע! — לאַכט זי פון מיר.

— האָסט מיך ליב?

— ביסט פון זינען געווירט...

און זי טאַנצט אַראָפּ פונעם טראַקטאָר, פאַרטשעפּעט איר זיידן קאָפּטל, בלייבט ליגן אונטער דער ראָד...

— גאָט האָט דיך געשטראָפט, — לאָז איך אויס מיין ביטער האַרץ. נאָר בעסער וואָלטן מיך די לעמעכן צעשניטן, מיינע אויגן זאָלן ניט זען אירע טרערן...

ס'איז שוין שטאָקפינצטער, ווען מיר קומען אהיים. ליובע גיסט וואַרעם וואַסער אַף מיין קאָפּ און וואַשט מיט אירע ווייכע מיידלשע הענטלעך מיין פאַרשוואַרצטן האַלדז. די מאַמע קוקט אַף אונדז ביידן. זי שעפּט נאָכעס פון איר טאָכטערס באַשערטן.

נאָר אָט באַמערקט ליובע עפּעס א בריוו אַפן טיש. זי עפנט שמייכלדיק דעם קאָנווערט, לאָזט מיך ניט אַריינקוקן אין בריוול, לייענט פאַר זיך, פאַרבייסט די ליפּן. פון די אויגן גיסן זיך טרערן, גלייך עמעצער וואָלט געשטאָרבן...

מיך לייגט מען אַפן רויטן סאָפקעלע. ליובע זיצט אַף מיין געלעגער, דעקט מיך איין מיט דער רויטער פּליושענער קאָלדרע און טוט מיך אומגעריכט א פרעג:

— ווער איז די קאַלינע?

מיט א שוסטערשער נאָל, ווען זי טוט מיך א שטאָך, וואָלט דאָס האַרץ מיינס אזוי זיך ניט אָפּגעריסן.

— מיר האָבן געאַרבעט אינייִנעם...

— פאַרוואָס זשע בענקט זי אזוי נאָך דיר, כאָכעם מיינער?

די נאַכט איז אַריבער, ביידע זיינען מיר ניט געשלאָפן. דאָס בריוול האָט מיך זייער טייער געקאָסט.

קאַיאָר, ווען ליובע איז אוועק אין אַלקער צו דער מאַמען זיך אויס־וויינען איר שווער האַרץ, האָב איך א לייען געטאָן דאָס בריוועלע און בעסוֹיכעם זיך דערוווּסט, אַז קאַלינען האָט מען אָנגענומען אַף שאָפער־קורסן.

און אָט בין איך ווידער אין נאַגיבאָוו, ווו קאַלינע האָט מיר צום ערשטן מאָל געגעבן די באַראַנקע פונעם אוטאָמאָביל אין די הענט, — און עס האָט מיך ווידער שוין פאַרשלעפּט אין אַמור אַריין.

ניט דאָס ערשטע מאָל בין איך אין אָט דעם שוימענדיקן האַסטיקן שטראָם, נאָר דאָס מאָל עק איך זיך שיר ניט פון ווייטעק.

— גיי פאַרפיר דעם „גאַזיק"! — באַפוילט קאַלינע.

בלײַב איך זיצן, טו פאר זיך א קלער: װײַזן איר דאָס רויטע העפטל צי מאכן א שװײַג?

— נו, קריך אין װאסער.

כאַפּ איך ארויס פון בוזעם דאָס העפטל:

— נא, האלט, עס װעט פארנעצט װערן.

דער מאָטאָר צאָקעט שוין, מאטראָסן לאכן, „אישטשענקאָ" קריכט, באװעגט זיך קוים, פּונקט װי פריִער מיט דרײַ יאָר. קאלינע קוקט פאר־װוּנדערט אף מיר, דערנאָך אפן רויטן העפטל:

— מיך האָסטו דאָ אויך באשריבן? װיאַזוי הייסט דײַן ראָמאן?

קאלינע שטייט באם בופער, איר ברוסט באװעגט זיך שטארק, זי קוקט אף מיר און שמייכלט. זי װייסט גאָר ניט, װאָס פארא צאָרעס איר קליין בריװעלע האָט מיר פארשאפט.

אף די שאָפער־קורסן אינעם דאָרף בלאגאָװעשנע האָב איך אָפּט גע־טראכט װעגן זיך מיט קאלינען. צוליב איר איז מיר דאָ געװען גוט און גרינג, זי האָט מיט מיר אײַנגעכאַזערט אלץ, װי א גוטער לערער. נאָר װען ליובע האָט זיך װידער באװיזן, האָב איך פארשטאנען, אז קאלינע איז פאר מיר נאָר א גוטערפרײַנט. און איך האָב געמיינט, אז דאָס איז ליבע.

## מיידלשע שפּיצלעך

ליובע דארף קומען, פּוץ איך אויס די מאשין מיט קװייטן, פארב אָפּ די קאבינע מיט שװארצער פארב. קעשקע כאַפּט א קוק צו קאלינען, װי איינער רעדט: „זעסט, דײַן כאָסן סטארעט זיך, קלײַב נאכעס".

ניט איך, ניט קאלינע װייסן ניט, צי האָט קעשקע דאָרט, אין דערפל דאָברע, א קאלע, צי רופט ער מיטן נאָמען קאלע די בריגאדע זײַנע, װײַל זינט יענער נאכט, װען ער איז ארויס פון קאלינעס שטוב, זײַנען אים די קאזאקישע אויגן נאָך מער ארײַן אין קאָפּ. ער האָט זיך געעלטערט, צװיי קנעפּלעך פעלן אף זײַן קורצן לעדערן טוזשורקעלע, ער שטייט פאר־טראכט און רייכערט.

נו, איז אויב ליובע דארף קומען, נעמט קעשקע אליין דעם שליסל, פארציט די מוטערקעס פון דער פאָדערשטער ראָד, מיט צװיי פינגער פּרוּװט ער דעם רודער. ער האָט געפונען ערגעץ א סיגנאל פון א „לימו־זין", גענומען די דריליע, אויסגעבויערט א לעכל אין קראָנשטיין און אים פארפעסטיקט — מײַן פאָלוטאָרקע זאָל אויסזען גרויסארטיקער.

נאָר װאָס שמייכלט עפּעס אזוי גיפטיק מײַן אינסטרוקטאָר קאלינע?

אין פאלאטקעלע, װוּ זי שלאָפט, הענגען שוין קלאָר־װײַסע טיולענע פאָרהענגלעך, ביידע ציכעלעך אף די קישנס שעמערירן, און עס שמעקט ניט מיט װעש, נאָר מיט בלומען. א פישעלע אין סלאָיִקל אפן פענצטער פּאטשט מיט די פליגעלעך, פליושקעט זיך און טאנצט...

אָנגעטרונקען זיך באַ איר מיט קאלטן װאסער, לויף איך װידער צו מײַן מאשין, װאש און רייניק זי. װיש אויס מיטן נאָזטיכעלע די פארעס —

די אויגן, הייסט עס. דוכט זיך, אלץ פארטיק. נאָר אָט באַווײַזט זיך קאַלינע פון איר פּאַלאַטקעלע, קוקט אױף מיר און שמייכלט...

„פעליקס" קומט אָן צום פּאָרט נאָגיבאָוו איין מאָל אין דרײַ טעג. לויפן טראַקטאָריסטן, שאַפערן אײַנקױפן א גוטע פלאַש וויין, קאָנסערוון, טרוקענע פישלעך, פּאַפּיראָסן, שוועבעלעך.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווי געשמאַק קאַלינע האָט זיך צעקושט מיט ליובען. גענומען בא איר דאָס רענצעלע, און איך בין געבליבן אַן איבעריקער — א פינפטע ראָד צום טראַקטאָר.

מײַן גרעסטער פאַרגעניגן פלעגט זײַן די שאָ, ווען „פעליקס" קומט צום ברעג מיט זײַן ראַשיקן הודען, מיטן גרילצן פון די קייטן, בעשאַס דער אַנקער קריכט טיפער צום גרונט אין אמור אַרײַן... און הײַנט זעט אויס די שיף אין מײַנע אויגן, ווי אַן אלטער זאַקן מיט שוואַרצע באַקנבאַרדן...

נו, וואָס טוט מען? זיך צעקושן, פּאַסט ניט פאַר קאַלינען. גיי איך זיי נאָך, ווי א געליימטער באָק, ווי א שטומער.

קאַלינע שמועסט מיט ליובען. זי דערקלערט איר, צוליב וואָס מע דאַרף דעם ווענטיליאַטאָר באַם מאָטאָר.

איך טאַנץ אַרײַן אין פאַרמאַכטן קוזאָוו, פאַרפּוץ זיך אין בלאָוון קאָרטענעם גאַרניטער, וואָס ליגט אין קעסטל, — דער גאַנצער באַגאַזש מײַנער ליגט אין קוזאָוו.

ביידע מיידלעך קוקן אױף מיר, בא זיי איז אַזאַ מינע אױף די פּענעמער, ווי פאַר צעקושן זיך.

קאַלינע זעצט זיך אין קוזאָוו, ליובע, ווי א גאַסט, אין קאַבינע. וואָס זאָל דאָס הייסן? עס שיסט שרעקלעך פון קאַרביוראַטאָר. ליובע לאַכט, קאַלינע קאַטשעט זיך אױפן בויך. עס גייט כאַדאָראַם די מאַשין, איך נעם אײַן א מיסע־מעשונג. וואָס האָט זי מיר אָפּגעטאָן פאַר א שפּיצל?

— דער שיינער שאָפער... — לאַכט ליובע, און זי ווייסט ניט, אַז מיט מעסערס שנײַדט איר יעדעס וואָרט.

די קאַזאַטשקע פאַרגייט זיך דאָרט פון געלעכטער. זי קלײַבט זיך אפילע ניט אויסזאָגן מיר דעם סאָד, די מאַשין זאָל אופהערן אַזוי הוסטן, פײַפן און שלוקערצן...

— איידער פאָרן אױף אַזאַ מאַשין, איז שוין בעסער גיין צופוס, — שפּרינגט ליובע אַרויס פון קאַבינע.

— קום, קאַלינע, — און מע לאָזט מיך איינעם אליין, ווי א קאַליקע אָן פיס, אינמיטן שליאַך.

פייגעלעך קומען שוין פון דער טײַגע פּיקן האָבער באַם „ווייער", עס נעמט טאָגן, און איך, א דערשלאָגענער, גאַנווע זיך צו קאַלינעס פּאַלאַטקעלע. מיט צוויי פינגער פאַרוק איך דאָס טיולענע פאָרהענגל, קוק זיך אײַן: ביידע מיידלעך שלאָפן געשמאַק אַרומגענומען, ווי זיי וואָלטן א צווילינג געווען אָדער שוין לאַנג איינע די אַנדערע געקענט.

שטיל, אױף די שפּיץ פינגער, פאַרשווינד איך פון דער פּאַלאַטקע, קריך צו זיך אין קוזאָוו, וויקל זיך אײַן אין וואַטניק און ווער אַנשלאָפן.

מיטאמאָל עפּנט זיך דאָס טירל. אַ וואַרעמע מיידלשע האַנט רירט אָן מײַנע האָר. אָט שטאַרב איך דאָ אָפּן אָרט! ווער קאָן דאָס זײַן — ליובע, קאַלינע?

— האָסט ניט פאַרנעצט דאָס העפטל?

— אַלץ איז אין אָרדענונג, קאַלינע. לאָז שלאָפן.

אומזיסט זשמורע איך די אויגן, סײַווי זע איך איר ראָזע קין. ווי זאָל איך זי ניט אַ קוש טאָן פאַר איר איבערגעגעבנקייט?

אָפטמאָל פלעגט זי מיך לערנען אַף איר אויפן די טוירע פון אַ שאָפער. אַמאָל שלעפּט קאַלינע אַרויס דאָס דרעטל, שטופּט אַרײַן אַ סעגמענט אין קעשענע און גיי פּרוּוו זײַ אַ בעריע!

נאָר איך בין איר אַלץ מויכל, דער קאַזאַטשקע, כאָטש עס האָט מיר ניט איין מאָל דאָס פּאָנעם געפּלאַמט פאַר ביזאַיען. ערשט נאָך אַלע אירע שפּיצלעך, שטיפערײַען און אויסלאַכעניש פּיל איך זיך מײַסע־באַלעבאָס באַם רודער: פּאָר אַפּילע ביז מאָסקווע, ביז דעם שטעטעלע סטרי... ניטאָ וואָס מוירע האָבן, אַז די מאַשין זאָל אינמיטן וועג בלײַבן שטיין.

איר מיינט, איך שלאָף? מיט אָפענע אויגן ליגט אַ פאַרליבט באָכערל און קאָן זיך ניט פאָרשטעלן, פאַרוואָס קושן זיי זיך, ליובע מיט קאַלינען? איינע איז אָפּגעגאַנגען מיט טרערן צוליבן בריוול, די צווייטע האָט מיר אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, קעדיי ווײַזן ליובען, אַז איך בין גאָר ניט אַזאַ פויגל־דיקער באַלמעלאָכע, זאָל זי זיך דערמאָנען, הייסט עס, וואָס פאַר אַ ספּעציאַליסט איר טאַטע דער שנײַדער איז געווען, — וועט זיך איר איבער־גלוסטן צו וועלן אַ שאָפער אַ קאַליקע...

אָבער ניט צו קאַלינען איז דאָך ליובע געקומען...

מע מוז נאָכאַמאָל זי אַ פרעג טאָן, ליובען:

— האָסט מיך ליב?..

געװנוג זיך שפּילן אין קאַץ און מויז.

ווי אַפּצולאָכעס גייט ליובע אַרויס פון קאַלינעס פּאַלאַטקע און קוקט, ווי מע שלעפּט מײַן מאַשין. קאַלינע לויפט אויך אַרויס, שטעלט אָפּ דעם „עשעלאָן”, פאַרײַסט דעם קאַפּאָט פון דער פאָלוטאָרקע, טוט זיך דאָרט אַ פאָרע, שפּרינגט אַרײַן אין דער קאַבינע, קוועטשט אָן אָפּן סטאַרטיאָר, און דער מאָטאָר הייבט אָן ריידן ווערטער, קלאַפּט ווי אַ גוטער זייגער.

נאָר וואָס טשאַדעט עס אַזוי? מע האָט דאָך אונדז געלערנט אַף די קורסן, אַז אויב עס קאָפּטיעט אַזוי פונעם מאָטאָר, הייסט עס, אַז די מאַשין איז אָן וואַסער...

ניין, קיין אַנדער שטראָף דאַרף ניט קיין מענטש, סײַ אַ פאַרליבטער, סײַ ניט קיין פאַרליבטער.

קאַלינע שלעפּט מיך אַראָפּ פונעם בופער און לעשט אויס דעם מאָטאָר. עס ווערט שטיל אַרום. ס'דוכט זיך, אַז מע קאָן הערן, ווי עס קלאַפּט מײַן האַרץ.

ביז פאַרנאַכט בין איך אַרומגעגאַנגען אָן אויסגעווייקטער אין מאַזוט.

— פאַרשטייסט, שיקע, — זאָגט ליובע און קוקט אַף מיר קאָסע, ווי

א ריכטער, וואָס וועט באַלד אַרויסזאָגן זײַן אורטייל דעם שולדיקן: — געקומען בין איך מיט דיר זיך געזעגענען...

...און אָט בין איך ווידער אין נאַגיבאַוו. „פעליקס" טוט א פּײַף און שווימט אָפּ קיין כאַבאַראָווסק, איך שטיי באַם ברעג אָן א בילעט, אָן מײַן קעסטל, אָן ליובען...

ניין, עס קאָן ניט זײַן, אַז דו זאָלסט פאָרן זיך לערנען אין פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט און איך זאָל בלײַבן דאָ אין יישעוו. איך וויל אויך קיין מאָסקווע — בויען די מעטראָ...

געזאָגט און געטאָן.

שוין דעם דריטן טאָג, ווי באַ מיר אין קאָפּ רוישט פון קאַלינעס און קעשקעס כאַסענע. איך ליג אין טריום פון דער גאָלעס־לאַנגער פּראַכטשיף „טיכאָ" און רוק זיך אַלץ נעענטער, נעענטער צו כאַבאַראָווסק. נאָך איין מאָל אָנלאָדן קוילן, און מיר זײַנען באַם ציל.

טרעפט אָבער, אַז דער גורל טוט זיך אַזוי א דריי, אַז צוטראַכטן אַזוינס איז ניט שײַעך. לאָזט זיך אויס, אַז „פעליקס" שטייט אָן א רודער, אַן אומבאַהאָלפענער. ביז מײַן „טיכאָ" דערלאַנגט אים ניט פיר טראָפּן, און אַלע זײַנע פּאַסאַזשירן פּעקלען זיך אַריבער צו אונדז אַף דער שיף.

דער נעפּל איז גרויס, כאָטש שטעך זיך אויס די אויגן, נאָר ליובען דערזע איך גלײַך. אָט שטייט זי פאַר דער פאָרענטשע.

— ליובע!

— שיקע!

איך גיב איר די האַנט, און, ווי קינדער, וואָס האָבן באַקומען אַלצייַנע „פינפן" אַפן עקזאַמען, פרייען מיר זיך.

מיט קייטן און גראָבע טראָסן געפּענטעט, גייט נאָך „פעליקס" אַפן בוקסיר. דער הימל האָט זיך אויסגעלײַטערט. א באַשאָטענער מיט שטערן, ווי צײַטיקע ווײַמפּערלעך, הענגט ער איבער אונדזערע קעפּ און לאַכט פון אונדז.

וולאַדימיר דאַל האָט צונויפגעזאַמלט טויזנטער ווערטער אין זײַנע ווערטערביכער, נאָר מיר פעלן ווערטער צו באַשרײַבן אָט די שיינע זומער־נאַכט, ווען מיר, צוויי פאַרליבטע, זײַנען געזעסן אַף דער פּאַלובע צוגעטוליעט איינס צום צווייטן און געוואַרט אַפן קאַיאָר. גאַנצפרי נעמען מיר בילעטן און פאָרן אין דער הויפּטשטאָט: זי, ליובע, הערשל דעם שנײַדערס טעכטערל — לערנען זיך אַף פּיראָגאָווקע אין פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט; איך, שיקע, דאָס אייניקל פון מייער באַלנעס — בויען די שענסטע אין גאָר דער וועלט מעטראָ.

## מאַן און ווײַב

א שטילע כאַסענע. עס רימפּלען ניט קיין קלעזמער אין קאָפּ.

מייער פּאַלאַטש רײַסט ניט קיין שטיקער פונעם מעשענעם טעצל. מיר שטייען מיט ליובען אין קאָלווירטניקעס־הויז אַף נעגלינקע, קוקן איינער

אפן אנדערן און ווייסן ניט וואָס צו טאָן. זאָגן, אַז מיר זײַנען מאַן און ווײַב, צי עפּשער אַזוי זיך אַ פּאָר יונגע ווילד־פרעמדע קאָלווירטניקעס פון ווײַטן מיזרעך.

אויב מאַן און ווײַב, באַקומען מיר אַ בראָן אַף אַ צימערל, כאָטש אַ קליינס, אָבער אַ צימערל, און אויב מיר זײַנען כאָלאָסטיאַקעס, מעגן מיר שלאָפן אפילו אַפן צוועטנאָי בולוואַר...

— מאַן און ווײַב, אַוואַדע מאַן און ווײַב! — שיסט אויס ליובע אומגע־ריכט פאַר מיר.

איך בלײַב זיצן, גלײַך זי וואָלט מיך אָפּגעגאָסן מיט אַ שעפּעלע זודיקן וואַסער.

— נאַרעלע איינער, — זאָגט זי מיר, אויסשטעלנדיק אַפן טישל איר מיידלשן טואַלעט, — זאָל זײַן מאַן און ווײַב, אַבי אַ דאַך איבערן קאָפּ.

אײַ, שיקע, שיקע! קליינשטעטלדיקער יאָלד וואָס דו ביסט. נאָך אַצינד, אין אַזויפיל יאָרן אַרום, בין איך זיך ווידער מודה, אַז ליובע איז קליגער פון דיר.

באַנאַכט, ווען דער קרעמל־זייגער שלאָגט צוועלף, שלעפּט מיך ליובע כאָטש מיט איין אויג אַ קוק טאָן אַף דער שיינקייט פון דער גרויסער שטאָט מיט אירע סקווערן, בולוואַרן און סעדער.

אין די טיף־באַנאַכטיקע שאָען זעט מאָסקווע אויס גרויסאַרטיק, אפילו עטוואָס שטרענג־אָפּיציעל: אויסגעפּוצטע וויטרינעס פאַרבעטן צו זיך. אָבער קוקן גלאַט אַזוי, שלינג־און־שלאַנג, אין די גרויסע פענצטער באַפאַלט עפּעס אַ שרעק... באַנאַכט ראַמט מען די גאַסן, ווי עס פירט זיך אין באַ־לעבאַטישע הײַזער: אָפּראַמערנס, ווי די פאַרפּאָרעטע סאַרווערנס אָדער ווי שפּיטאָל־סאַניטאַרן, אויסגעפּוצטע אין קלאָר־ווײַסע פאַרטעכער, פאַרקערן מיט בעזעמער די גאַסן. פון קריוואָקאָלענע ביז טרובנער טופּיק הערט זיך, ווי בעזעמער קערן. פּונקט ווי מע וואָלט געקאָסיעט באַנאַכט אַ לאָנ־קע...

אָט גייען מיר אַרום און פילן ניט, אַז מיר טרעטן אַף דער ערד. אונד־זערע שאָטנס שווימען אין לעוואָנע־ליכט און אין דער שײַן פון מיליאָנען עלעקטרישע לאָמפּן.

באַטאָג זײַנען די טריט אונדזערע האַסטיקער. מיר שמעלצן זיך מיט ליובען פון פאַרגעניגן, ווי די סענטיאַבער־זון איבער אונדזערע קעפּ. וואָס ווײַטער אַ טאָג, שלינגען מיר ביסלעכווײַז אײַן אין זיך מאָסקווע, מיר ווערן אַנדערע, אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין געענדערטע. איך האָב ליב, ווען ליובע, שפּאַצירנדיק מיט מיר איבער די גאַסן, דערקלערט מיר מיט אַ באַ־זונדער טאַם, ווי עס קומט אַהער, אַפן רויטן פּלאַץ, וואַסילי בלאַזשעני. זי דערציילט מיר וועגן דעם טורעמל פון איוואַן דעם דריטן, וועגן פּושקינס דענקמאָל. זי דערציילט אַלץ מיט אַזאַ געניטקייט און איבערצײַגעוודיקייט, פּונקט ווי זי וואָלט שוין דאָ, אין אָט דער מאָסקווע, געלעבט אַ יאָר הונ־דערט.

מענטשן זאָגן, אַז מע האָט ליב, איז אַזוי גרינג, זיס, ליכטיק אַף דער נעשאָמע. ס'איז דען עמעס?

באַ מיר איז אַלץ פאַרקערט: די הענט ווערן שווער, די פיס האַקן זיך אונטער, איך שטיי ווי געליימט לעבן מײַן ליובען, צוויי שיידים האַלטן מיך פאַר די אַקסל און וואָרענען מיך: יונגאַטש איינער, היט אָפּ דעם טײַערן שפּיגל, וואָס איז אין דײַנע הענט אַרײַנגעפאַלן. טאָפּטשע מיך, טאָפּטשע מיך, ליובעניו, מיט דײַן געלן לאָדעטשקעלע, איך וועל דיך אַלץ, אַלץ פאָלגן. מיט געזאַנג אין די אויערן טופּען מיר מיט ליובען איבער די מאָסקווער שטיינער, קנעטן דעם אַספאַלט. די סענטיאַבער־זון ברענט הייס און היימיש, ווי באַ אונדז אױף אוקראַיִנע אין כוידעש טאַמעז.

אָנגעשפּאַצירט זיך פאַרן טאָג, שלאָפט ליובע מיד, אַזוי ווי נאָך אַ כאַסענע. איך אָבער שטיי לעבן איר געלעגער, דער אָפּשײַן פון טיש־לאָמפּ פאַלט אױף איר שמייכלענדיק פּאָנעם, וואָס איז אַ ביסל ברוין פאַרסמאַליעט; די בעקלעך רויט, די אונטערשטע ליפּ, ווי אַ קאַרש, טוט פון שלאָף אַ גרינגגן ציטער.

אינדערפרי שפּאַנען מיר אַוועק אױף פּיראָגאָווקע. איך האָב דערלאַנגט ליובעס דאָקומענטן אין דער אופנעם־קאָמיסיע. ביטע, טײַערע מײַנע, ווער אַ סטודענטקע. אָבער טאָמער פאַרליבסטו זיך מיטאַמאָל אין אַ דאָצענט, אַ שענערן פון מיר, קריך איך אַרויף אױפן דאַך פון מעטראָפּאָל און וואַרף זיך אַראָפּ אױפן ברוק...

— וואַרט, — לייגט ליובע מיר צו אַ פינגער צו די ליפּן, — דו רעדסט שוין, דוכט זיך, ווידער נאַרישקײַטן! — דערבײַ פאַריכט זי מיר מיט גרויס ליבשאַפט דאָס קעלנערל פונעם העמדל.

ליובע ווייסט, אַז אין בוזעם־קעשענע ליגט באַ מיר אַ פּוטיאָווקע פון כאַבאַראָווסק.

— פאָר בעסער אין צעקאַ פון קאָמסאָמאָל, — זאָגט זי.

דאָס לעבן איז געשמאַק טאַקע דערפאַר, וואָס מע ווייסט ניט און מע וויל ניט וויסן, וואָס פאַראַ מאַטאָנעס טראָגט עס פאַר דיר אונטער דער פּאָלע. גיי ווייס, אַז מיר איז צוגעשריבן אַרבעטן אין שאַכטע.

איך שטיי ביז די קני אין וואַסער באַ אַ פאַרטרונקענעם טראַקטאָר. אָט האָסטו דיר דאָס נעגלינע־ריטשקעלע, עס שמײַסט אין פּאָנעם מיט זאַמד און קיזלשטיין, — גיי פּרוּוו עפּעס טאָן. אַ ביטער טײַכל. און וואָס איז דער כידעש, אַז מע האָט עס אַזויפיל יאָרן אונטער דער ערד געהאַלטן.

ראַיעווסקי, דער בריגאַדיר פון מעטראָבוי, שרײַט:

— וואַרפט אַראָפּ די וואַטאָווע לײַבלעך!

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז שוין באַ מיר אין קעשענע געלעגן אַ מאָסקווער פּאַס, אין וועלכן עס איז רייַן אַרײַנגעשריבן מײַן שפּאָגל־נײַער נאָמען — אַלעקסאַנדער.

די פּאַספּאָרטיסטקע האָט מיך געפרעגט, וויאַזוי זעצט מען איבער שיקע אין רוסיש. זאָל איך אַזוי וויסן פון בייז. ליובע קען בעסער ריידן פון מיר. באַ איר שיט זיך פּערל פון מויל: רוסיש, אוקראַיִניש, ייִדיש.

בא מיר איז די צונג שווער, ווי א שטיין. טאטע־מאמע האָבן מיר אזוי גיך ניט צוגעטראכט מײַן נאָמען, ווי די פּאספּאָרטיסטקע:

— אלעקסאנדער!

א נאָמען, הייסט עס, האָב איך שוין, נאָר, ערשטנס, דארף איך זיך אליין צו אים צוגעוווינען. ס׳איז דאָך ניט קיין היטל — ס׳איז א נאָמען. צווייטנס, וועלן אלע פּלאָנטערן: שיקע־אלעקסאנדער, אלעקסאנדער־שי־קע...

די פּראָפעלערס דרייען זיך אין שאכטע, דער קעסאָן פארלייגט די אויערן. שטאָלענע באראבאן־היטלעך אין די אויערן דארף האָבן א זאַבאָישטשיק אף ניט טויב ווערן פון די דרילן פון דעם קעסאָן.

סאָקאָלניקער ראדיוס איז א שפּילכל קעגן נעגלינקע. דאָרט האָט מען פּאָשעט געגראָבן מיט לאָפּעטעס, ווי מע גראָבט א ברונעם.

מאשינעס נאָך מאשינעס פאָרן אונטער, בריגאדע נאָך בריגאדע ווארפן אין די קוזאָווס דעם געלן זאמד, און די מאשינעס קריכן שווער פונעם מעטראָ־טונעל, ווי דער טראקטאָר פון א בלאָטע.

דאָ אָבער, אף נעגלינקע, מאבלט מיט שטיינער. פונוואנען נעמט זיך אזויפיל וואסער! הונדערט יאָר האָט געדרעמלט אָט די זלידנע ריטשקע נעגלינקע, זעט אָבער, וואָס זי ארבעט אויס! אזא רעוועז, אזא בושעווען! וויפל מע פארשטופט איר ניט דאָס מויל, העלפט ניט. זי פּליוכעט, שפּײַט אין פּאָנעם:

„ראיעווסקי, גיב זיך אונטער!..״

ליובע וויל זען, וויאזוי מע לאָזט אונדז, שאכטיאָרן, אראָפּ אין שאכטע.

ביטע, קום, מײַן אויצער. איך דארף נאָר זאָגן איין וואָרט ראיעווסקין, שרײַבט ער אויס דער קאלע מײַנער א פּראָפּוסק. נאָר גיי דערקען מיך, איך זע אויס ווי א טונגוס אין מײַן שאכטיאָרישן קאפעליוש.

ליובע וואָלט מיך געוויס ניט דערקענט, נאָר איך האָב אָנגעהויבן זינגען:

Капитан, капитан, улыбнитесь...[1]

— שיקעלע, — זי רופט מיך נאָך אלץ שיקעלע, און מײַנע קאָלעגן אָדעסיטן, א רועך אין זייער שווארצן יאם ארײַן, צעצײַען נאָך איר:

— שי־קע־לע!

— ביסט א ייִדן?

— און וואָס האָסטו געמיינט?

— דײַן קאלע?

— מײַן קאלע.

— א שיינע.

מע דרייט זיך שוין ארום איר, ווי די בינען ארום האָניק.

---

[1] קאפּיטאן, קאפּיטאן, גיט א שמייכל...

מיך פארקלעמט אזוי פארן הארצן! צוליב וואָס האָב איך זי געבראכט אהער, צו אָט דער אָדעסער באנדע? נאָר מײַן ליובע האלט זיי אין ארבל — שמייכלענדיק, לאָזט זי זיך אראָפּ אין טונעל, ווי אַן עמעסע שאכטיאָרקע. נאָר פּלוצעם דערהערט זיך א ווילד געשריי פון דער שאכטע־טיפעניש:

— עס ברענט! עס ברענט!

די שאכטע ברענט!

אלץ האָט זיך אויסגעמישט. וווהין לויפט מען, וועמען פרעגט מען? די שאכטע איז פול מיט שווארצן רויך, מענטשן פאלן אונטער באלקנס, עס כליופּעט די שיטערע ליים, און די פּיס, שווערע אזעלכע, קריכן אלץ טי־פער...

— ליובע! — שרײַ איך ניט מיט מײַן קאָל, נאָר קיינער הערט ניט. ראיעוווסקיס שטרענגע קאָמאנדע פארהלושעט מײַן קאָל:

— נעם די טאטשקע!

וואָס טאטשקע, ווען טאטשקע! איך וועל דען קאָנען אײַנהאלטן א לאָפּעטע אין די הענט?

איך בלײַב שטיין, האלט זיך פאר די רישטעוואניעס, טרערן גיסן פון מײַנע אויגן: צי פון דעם רויך, צי פון ווייטעק, וואָס איך האָב אזוי נאריש פארלאָרן ליובען.

וואָלט איך געזען א פלאם, ווארף איך זיך ארײַן און וואָלט זי ארויס־געטראָגן אף מײַנע הענט.

דער קאָפּ ווערט שווערער, פאר מײַנע אויגן ווערט די שאכטע אלץ טיפער און טיפער. דער קאָפּ הייבט זיך אָן דרייען. ליובע, ווו ביסטו, ליובע?

וויפל, מיינט איר, ברענט א שאכטע, ווען גרויסשטאָטישע פײַערלע־שער־מאשינעס רינגלען זי ארום און לאָזן אין גאנג זייערע פּאָמפּעס, העקלעך און קאָלערליי אנדערע מאכשירים?..

פרישע סאָסנע־ברעטער שמעקן שוין אין נאָז ארײַן. העק טעסען קלע־צער, העמערלעך קלאַפּן טשוועקעס, און דער עכאָ פון ראיעוווסקיס קאָל דערגייט צו מײַן אויער:

— דער טראָס איז אראָפּגעשפּרונגען. דער ליפט ארבעט ניט.

אין שאכטע ברענען שוין ווידער גאזלעמפּעלעך.

טיף אין דער שאכטע קורעט זיך נאָך א האָלעוועשקעלע. נאָר עס זעט אויס אזוי, ווי קאיאָר די לעוואָנע אין הימל.

פארטשאדעטערהייט דריי איך זיך ארום אין שאכטע, עס לאָזט מיך ניט רוען, א פײַער סארפּעט אין מיר — ווו בלאָנדזשעסטו, ליובע?

אָט ליגט א לאָפּעטע אָן א הענטל, א וואטניק אָן אן ארבל. פארקוילט און פארבלאָטיקט... און דאָס וואָס איז? א לאָדעטשקע? ליובעס געלע קור־נאָסע טופלקע...

ווען קעשקע האָט צופעליק אמאָל אפן דריטן באצירק, דאָרטן אין נא־

גיבאָוו, מיר פֿאַרשאָטן מיט זאַמד די אויגן, ווייס איך ניט, צי עס האָט אַזוי געשמאַרצט, ווי איצט, ווען איך האָב דערזען ליובעס שיכּל ליגן אַ טויטס פֿאַר מײַנע אויגן...

בלײַב איך זיצן, ווי אַ שאָטן, לעבן דער טופּלקע. דאָס בענדעלע ווערט אַ גאָלד־שנירל, וואָס בינדט מיך צונויף מיטן פֿאַרגאַנגענעם, דאָס ביסל וואַסער אונטער מײַנע פֿיס — אַ יאַם מיט שוימענדיקע כוואַליעס, וואָס טראָגן מיך אַריבער, ווי אַ גאָלדן פֿישל, אין יענעם זוניקן פֿאַרנאַכט, טאַקע דאָרטן אין נאַגיבאָוו.

— ליובע שלאָפֿט אָפּן בוידעם, — זאָגט איר מאַמע.

דער זון־פֿאַרגאַנג טוט אַ שפּיל אויף מײַן מאַזל, אין הימל הענגען כמאַרעלעך, ווי ווײַסע פֿאַרהענגלעך, און עס הייבן זיך אָן זאַמלען נײַע געסט — גרעסערע וואָלקנס. עס ווערט פֿון טאָג נאַכט, עס בליצט און עס דונערט... איך קריך אָפּן לייטער. אויף אַלע פֿיר שאַר איך זיך צו צו יענער זײַט לעזשאַק, וווּ ליובע שלאָפֿט... אַ ווײַלע קוק איך אויף אירע צוגעניטעטע באַקן, אָפּן אויסגעטאָקטן נעזל, קליינע אויערן, אָפּן גרויסן מאַנצבלשן שטערן, נאָר דאָס שענסטע זײַנען דאָפּקע אירע האַלב־דרעמלענדיקע אויגן, וואָס עפֿענען זיך אויף אַ ווײַלע און פֿאַרמאַכן זיך באַלד. נאָר איין האַנט, די לינקע, וואָס איז נעענטער צום האַרצן, וואַרפֿט ליובע אַרויס, ווי זי וואָלט מיר אַ צייכן באַוויזן, איך זאָל זיך לייגן אויף איר מאַמעס רויטער פֿליר־שענער קאָלדרע...

לאַנג טראַכטן טאָר מען ניט. וויפֿל קאָן נאָך דויערן דאָס דונערן און בליצן?.. לאַנג וועט מען אונדז אָפּן בוידעם ניט לאָזן אינצווייען: איך טו אַ הייסן קוש ליובען אין איר אונטערשטער קאַרשן־ליפּ, זאָל זי דערנאָך זײַן באַרויִקט.

— דו שלאָפֿסט? — פֿרעג איך זי שטיל, נאָר ליובע עפֿנט ניט די אויגן.

צום ערשטן מאָל ליג איך אַ גליִענדיקער לעבן איר. נאָך אַ קוש און נאָך אַ קוש... ליובע שמייכלט. נו, צעעפֿן דײַנע קלוגע אויגן, ליובע, אַניט דוכט זיך מיר, אַז עס כאָלעמט זיך מיר אַלץ.

ניין, ליובע האָט דעמלט טאַקע די אויגן ניט צעעפֿנט. איז טאַקע געבליבן יענער פֿאַרקישעפֿטער אָפּדערנאַכט, ווי אַ שיינער כאָלעם אין מײַן האַרצן. עס נעמט שוין טאָגן. איך זיץ לעבן ליובעס קליינינק טופּלקעלע. וווּ זשע איז ליובע?

## איך ווער צוביסלעך אַ מענטש

אין מײַן שאַכטיאָרישן קאַפּעליוש ליג איך מיר אָפּן סווערדלאָוו־פּלאַץ און באַטראַכט דערווײַל דעם הימל, דערמאָן זיך, ווי איך האָב דאָס ערשטע מאָל פֿאַרלוירן ליובען. דער טשײַניק איז בײַ איר, און דאָס מעשענע קוווערטל בײַ מיר. ליובעס סאַקעלע מיטן גרויען קעלנערל ליגט אויף מײַן לינקער האַנט, און דאָס היטל בײַ איר.

ראַיעווסקי קומט אָפּט אַרײַן אויף פּיראָגאָווקע, ברענגט ליובען זיסע

זאכן. דרײַ מיידלעך וווינען זיי אין צימער, ווייס איך ניט גענוי, צי גע־
פעלט אים ליובע אָדער איינע פון אירע כאַוועוטעס.

נאָר בא ראיעווסקין נעמט ליובע ניט קיין איין צוקערקעלע, בא מיר
נעמט זי. מיט אים גייט ליובע ניט שפּאַצירן, מיט מיר גייט זי.

ליובע שפּאַרט זיך אָן אין מײַן אַקסל. פּאָרזיכטיק פיר איך זי אַראָפּ
פון די טרעפּ. דאָ, אין דרויסן, גייט זי שוין אַליין אױף אירע צוויי מילי־
צעס. זי שטעלט זיך אָפּט אָפּ, קוקט מיר אין די אויגן, נאָר איך פיל, אַז עס
טוט איר נאָך גוט וויי, ליובען.

ס'האָט זי, ווײַזט אויס, שיין א קוועטש געטאָן דעמלט אין שאַכטע,
נאָר איך בין גליקלעך, וואָס זי איז לעבן געבליבן.

אָ, ווען זי זעט מיך איצט אין שאַכטע, ווי איך אַרבעט געשיקט מיט
דער דריליע און קנעט דערבײַ די ליים מיט די גומענע שטיוואַלעס. מײַן
אַרבעט טו איך ניט ערגער פון פּירסאָוון, דעם אָדעסער שאַכטיאָר.

איר דערצייל איך ניט, ווי עס האָט מיך אָנגעשראָקן די לאָדעטשקע,
וואָס האָט זיך געוואַלגערט אין שאַכטע.

ווערט ליובע נאָר געזונט, פאָרן מיר צו זען זיך מיט אונדזערע זעמ־
ליאַקעס, וואָס וווינען אין מאָסקווע. זי האָט שוין צוויי אַדרעסן.

דערהערט, אַז איך לערן אױפן אָוונט־אַרבפאַק, האָט ליובע מיך אַרומ־
געכאַפּט קושן. ליובען געפעלט אפילע ניט, וואָס מע האָט מיך אויסגע־
קליבן פאַר א קאָמסאָרג. „עס וועט דיר שטערן צום לערנען”, — זאָגט זי.

שלאָף איך ווינציקער, גיי איך נאָר איין מאָל א וואָך אױף פּיראָגאָווקע.
ליובע ברויגעזט זיך א פּאָר מינוט, דערנאָך הייבט זי אויף אױף מיר אירע
אויגן. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי איז ניט גערעכט. שפּאַרט זי זיך אָן אין
מײַן אַקסל, און מיר גייען שפּאַצירן.

מאָרגן פאָרן מיר קיין טושינאָ, מע וועט לערנען די שאַכטיאָרן
שפּרינגען מיט א פאַראַשוט...

ליובע קוקט מיר לאַנג אין די אויגן, צעלאַכט זיך:

— דו וועסט אויך שפּרינגען? די דאָקטוירים זײַנען פון זינען אַראָפּ,
האָסט דאָך א שוואַך האַרץ!

אַלץ ווייסט זי, ליובע, פון איר עפּעס אויסבאַהאַלטן איז אומעגלעך.

איין דאָקטער האָט מיך טאַקע פאַרבראַקירט, בין איך אַוועק אין דער
קאָמיסיע, דאָרט איז געווען אַן אַלטיטשקע גראָווע דאָקטערשע, א ביסל
געראָטן אין דער באָבע מײַנער:

— לאָזט מיך דורך, — האָב איך זיך געבעטן.

זי קוקט לאַנג אױף מיר, די אַלטיטשקע, אױף מײַן בלייך געוואָרענעם פּאָ־
נעם, דרייט מיטן קאָפּ — ניין, באָכער, מיטן פאַראַשוט קאָנסטו ניט שפּרינ־
גען...

— וואָס האָסטו זיך אַזוי אָנגעטשעפּעט אין פאַראַשוטן, פאַרשטיי איך
ניט, — זאָגט ליובע.

— וואָס הייסט? איך זאָל שטיין אױף דער ערד, קוקן מיט א פאַריסענעם
קאָפּ, ווי אַלע שאַכטיאָרן שפּרינגען פון אַעראָפּלאַן?..

נאָר אָט האָט מען געבראַכט צוויי „אַמפיביעס” אין שאַכטע, לערנט

מיך פירסאָוו מאכן קונצן מיטן קליינעם טאנק. ער ווייסט נאָך ניט פונעם סאָד, אז מאָרגן פאַר איך אף פּיראָגאָווקע מיטן טאנק, זאָל ליובע זען אליין מיט אירע אויגן, מיט וועמען זי האָט צו טאָן...

דרײַ מיידלעך שטייען באם פּלויט פון נאָוואָדעוויטשי מאָנאסטיר. ליו־בע איז שוין אָן די קוליעס, נאָר איך העלף איר זיך זעצן אין מײַן „אמ־פיביע". דער מאָטאָר טוט אזא רעוועו, אז דער מיליציאָנער דערשרעקט זיך אזש פאַר אָט דער כײַע־ראָע אף די מאָסקווער גאסן.

מיר ווילט זיך ארײַן אין טײַך, באוויַזן ליובען, וואָס פארא שטיק מע קאָן מאכן מיט אָט דעם טאנק, נאָר דאָס פּעלעכל ציטערט אף מיר, איך זאָל, כאָלילע, ניט אָנהייבן שלוקערצן, ווי דאָרטן, באם אמור, מײַן לאָשעק זאָל ניט בלײַבן שטיין אינמיטן וואסער...

נעכטן האָט פירסאָוו מיך געלויבט, ווען איך האָב נאָך דער ארבעט אין דער ספּעצאָווקע פון א מעטראָבויער זיך געלאָזט פאָרן מיטן טאנק פארבײַ סאָלאָמינע סטאָראָזשקע, פארבײַ דעם מיטשורין־סאָד, טימיריאַ־זעווס דענקמאָל צו דער הרעבליע...

און, שווימט זי, מײַן „אמפיביע", ווי א שיף אפן אמור... נאָר מײַן מאזל ווייס איך שוין: זעצט זיך נאָר ארײַן א מיידל צו מיר אין קאבי־נע, אזוי בלײַבט שטיין די מאשין. בא ליובען ארבעט בעסער דער קאָפּ.

— ווייסט, שיקע, — זאָגט זי, — וואָס איך לייג פאָר?

— אשטייגער, כאכאָמע מײַנע?

איר פלאן איז זייער א פּאָשעטער. דאָ ניט ווײַט ווינען צוויי זעמליאַ־קעס אונדזערע. אמאָל פלעגן קליינשטעטלדיקע כעוורע זיך ארויפיאוועז אומגעריכט אף א כאסענע אין א שיינעם שפּאן, מיט גלעקלעך, מיט א טראסק און מיט א וויאָקען. איז פארוואָס טאָרן זיך הײַנטיקע כאסאנים ניט יאווען צוגאסט אף אן „אמפיביע"?..

דאָס געפעלט מיר דאפקע. דערזען דאָס אייניקל פון מייער באלנעס אין א טאנק, האָט דער אלטער בונים, דער געוועזענער שאמעס, זיך אײַנ־געבויגן, באטראכט די באשעפעניש און א זאָג געטאָן:

— עס שווימט, זאָגסטו, שיקע, אין וואסער, ווי א מיאטשיק, און עס ווערט גאָר ניט פארנעצט?

און עס האָט זיך אָנגעהויבן אן אמפערניש.

איינער זאָגט, אז מע קאָן כאפּן פּיש מיט דעם־אָ טאנק, א צווייטער כאָכעם כקירעט, אז בא אונדז אין שטעטל וואָלט יעדער שטוב באדארפט האָבן, פונקט ווי א מעזוזע, אזא מאשינדל, וואָלט מען פארשפּאָרט קוואטשען די בלאָטע און די שטיוול וואָלטן געבליבן גאנץ.

די „אמפיביע" האָט נאָך קיינמאָל אזוי ניט געפידלט, ווי דאָס מאָל. מײַנע זעמליאקעס האָבן זיך אָנגעשלונגען מיט א שיין ביסל געדיכטן רויך, זיך געווישט די טרערן פון די אויגן, נאָר געקליבן נאכעס פונעם אלטן בונים, וואָס זיצט מיט מיר אפן טאנק. און צווישן אלעמען שטייט א צופרײַ־דענע, א שמייכלענדיקע, קימאט א גליקלעכע מײַן ליובע.

— וועסט זײַן א מענטש! — זאָגט רעב בונים און טוט מיך א קוש, ווי אן אייגן קינד.

— נו, ליובע, ווי דו ווילסט, נאָר שטיין בא דער הרעבליע און זיך ניט אויסבאָדן דארף מען זײַן פון אײַזן.

אָפּגעשטעלט די „אמפּיביע", אויסגעשפּאנט דעם שפּאן, דאָס הייסט אויסגעטאָן זיך, ווי מע טוט זיך אויס אף א פּליאזש, שפּרינג איך ארײַן אין טײַך מיט דעם זעלבן פארגעניגן, ווי קינדווײַז אין בלאָטע־טײַך. דאָרט פלעג איך „מאכן קעפּלעך", גראָבן מיט דער נאָז די שערבלעך, מאכן קאטשקעלעך, שרעקן דעם „טשערנאָוז" מיט דער לאנגער נאָז, און ארויס פון בלאָטע־טײַך מיט אזא שיינער צורע, ווי פּראָקאָפּס כאזיירים...

ליובע נעמט א שיפל, פּאָרט מיר נאָך, און איך באווײַז איר קונצן: אָט שווים איך ליגנדיק אף דער פּלייצע, און אָט אף א זײַטל. נאָר וואָס איז ליובע אזוי בלייך געוואָרן? עפּעס שרײַט זי, מאכט צו מיר מיט די הענט, ווארפט די וועסלעס, קערט זיך שיר ניט איבער מיטן שיפל אין טײַך ארײַן...

ליובע וויינט, דוכט זיך, צי עס ווײַזט זיך מיר אויס? מיר ווערט מלאָס־נע אפן הארצן, טו איך א שווים צום ברעג און דערזע שוין אליין מיט מײַנע אויגן א רויטן פּאס...

אין רעכטן פוס קיצלט עפּעס, פונקט ווי עמעצער וואָלט מיט א שטרוי מיר געקיצלט די פּיאטע. מיטאמאָל פארדרייט זיך מיר דער קאָפּ. דוכט זיך, אז איך גיי צום גרונט.

איך ליג אפן וואסער, מאך אומבאהאָלפן מיט די הענט, שווים צום ברעג מיט פארמאכטע אויגן... נאָר ארויס פונעם טײַך האָב איך שוין קיין קויעך ניט — צופיל בלוט האָט דער טײַך בא מיר אויסגעצאפּט.

ליובע שלעפּט מיך ארויס אפן ברעג, ווי אן אויסגעווייקטע קאָנאָפּליע. מיט אירע ווארעמע הענט טאפּט זי מיר ארום דאָס לײַב, די באקן, דעם שטערן, און מיר איז אזוי גוט...

כעוורע דערציילט מיר נאָכדעם, וואָס מיט מיר איז געשען.

אינעם טײַך, לעבן דער הרעבליע, ליגט א פארלוירענע גענעראלסקע שווערד. ניט מיך דעם ערשטן האָט זי צעמאזיקט.

ליובע בינדט מיר איבער דעם צעשניטענעם פוס. איך זע, ווי זי רײַסט אף שטיקער דאָס קאָפּטעלע אירס. ס'איז א ראָזעווע, ווי דער קאָליר פון איר פּאָנעם.

דער מענטש זאָל וויסן, ווו ער וועט פאלן, וואָלט ער באצײַטנס אויס־געשפּרייט אן איבערבעט.

ערשט נעכטן איז ליובע געגאנגען אף קוליעס, איצט שלעפּט זי מיך אף אירע פּלייצעס אין דער טימיריאזעווער אקאדעמיע, דאָ וועט מען מיר איבערבינדן דעם צעשניטענעם פוס.

א הויכוווקסיקער דאָקטער מיט צוויי גוטע אויגן קוקט אף מיר.

— דאָקטער, — פרעג איך שוין באַם געזעגענען זיך, — מע זאָגט, אַז איך האָב אַ שוואַך האַרץ, זאָל מען זיי גלייבן, די „קאָנאָוואַלן"?

ער לייגט צו דאָס טרײַבל צו מײַן ברוסט, גלעט זיך אויס די שיינע באָרד, קוקט אױף מיר בייז:

— אײַער האַרץ, יונגערמאַן, איז אַ געזונטס. עמעס, ס'איז אַ ביסל העכער, ווי מע דאַרף. נאָר שפּרינגען מיט אַ פּאַראַשוט מעגט איר.

די „אַמפיביע" שטייט פאַריאָסעמט. ווײַזט אויס, אַז כעוורע קונדייסים האָבן זיך שוין געפּאָרעט אין אירע געדערים.

ליובע בלײַבט זיצן אין טאַנק, און איך פאָר אַוועק מיטן טראַמווײַ. מע העלפט מיר אַראָפּקריכן, אַרײַן אין שאַכטע, און איך טו אַ זאָג צו פּירסאָװן:

— די „אַמפיביע" איז באַ דער הרעבליע...

פּירסאָוו שיקט ראַיעווסקין צום טײַך ברענגען דעם טאַנק, און מיר פאַרקלעמט אַזוי באַם האַרצן, אַז איך פאַרגעס שוין אינעם ווייטעק, הייב אָן שפּאַנען גלײַך. דאָס בלוט פון רעכטן פוס רינט און רינט.

## זשאָרזש ראַיעווסקי

אין ליימיקן טונעל קאָכט אַזוי, ווי אין אַ דאָנבאַסער דאָמנע: מיידלעך בונטעווען, זיי ווילן אַרבעטן נאָר אין דער קעסאָן־גרופּע.

— מאַזאָלקעלעך, זעט אויס, האָט איר זיך שוין אָנגעריבן?

— דערפאַר, — ענטפערט ליובע, — זײַנען די קלײַען פונעם פּאָנעם אַראָפּ.

אָנגעטאָן אין װאָלענע זאָקן און אין גרויסע קאַפּעליושן, באַגעגענען סטודענטן פון פּיראָגאָווקע זייער בריגאַדיר זשאָרזש ראַיעווסקי, פּונקט אַזוי ווי די פּאָלינעזן מיקלוכאָ־מאַקלײַען.

אַרום דער שאַכטע „ביס" בלײַען רויזן, נאַסטורציעס און שמעקנדיקע אַרבעסלעך.

זשאָרזש אַליין האָט געבראַכט אַהער אין שאַכטע די מיידלעך. זאָלן די סטודענטקעס אָפּאַרבעטן צוויי וואָכן, פאַרזוכן דעם טאַם פון קעסאָן, וועלן פריילעכער אַדורך די קאַניקולן.

אָדעסיטן באַגעגענען די מיידלעך אױף זייער אויפן. די געקנייטשטע פּי־לאָטקעלעך זײַנען געצייט אַפּן מאָלדאַווישן שניט, די פּענעמער באַ די כעוורע זײַנען אָפּגעצויגענע, די באַקן אײַנגעפאַלן.

— זע, מוסטאַפאַ! -- שרײַט אויס ליובע, אָנכאַפּנדיק מיך פאַרן אַרבל פונעם ברעזענטענעם רעקל.

— עמעס, אַ ביסל כאַפּט ער טאַקע דעם אָנבליק, פּירסאָוו, פון דעם העלד פונעם באַרימטן פילם וועגן די פאַרוואָרלאָזטע, אָבער אַ שאַכטיאָר איז ער אַ גוטער.

די מיידלעך שטעלט מען אַרבעטן באַ די שליוזן.

זשאָרזש ראַיעווסקי, דער בריגאַדיר, לאָזט זיי אַפּילע ניט אַ שמעק טאָן פֿונעם קעסאָן.

— דאָס איז ניט פֿאַר אײַערע ציין, ליובע.

— ניט קיין צוקערקעס סמאַקעט מען דאָ, באַרישניע, — מישט זיך אַרײַן מיט זײַן ביטער ווערטל פּירסאָוו.

אַזוי איז עס שטענדיק: ווי נאָר עס קומט אַ פֿרישער פּאַרשוין אין שאַכטע, אַזוי הייבט אָן פּירסאָוו קאָמאַנדעווען.

— קענסט אַרבעטן ווי אַ מענטש! — רוקט ער מיר אָן דעם קאַפּעליוש איבער די אויערן.

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אַרבעט! — ווערט ער מאָלע־רעציכע, ביי־פּראַט נאָך, אַז ער פֿילט, אַז ער נעמט אויס בא די מיידלעך.

די מיידלעך קווענקלען, און פֿון מיר גיסט זיך דער שווייס: פּירסאָוו כאַפּט אַרויס פֿון מײַנע הענט די לאָפּעטע, באַווײַזט מיר גוטבערודעריש, שוין אָן קאַס:

— אָט ווי מע האַלט אַ לאָפּעטע אין דער האַנט, פּאָעט מײַנער! צום ערשטן מאָל רופֿט מען מיך אָן פּאָעט.

די סטודענטקעס גרײַפֿן אָן אויף ראַיעווסקין:

— אָבער פֿאַרוואָס, זשאָרזש, לאָזסטו אונדז פֿאָרט ניט אין קעסאָן?

— וואָס פֿרעגט איר מיך, — מאַכט זיך דער בריגאַדיר טאַמעוואַטע, — געזעצן שרײַבט דאָך אונטער קאַלינין. איז כאַפּט זיך אַרײַן צו מיכאַיל איוואַנאָוויטשן און בעט אים, ער זאָל אָפּשאַפֿן דאָס געזעץ.

דערווײַל קומט אָן נאַטשאַלסטווע.

— די סטודענטקעס פֿון פּיראָגאָווקע פֿירן אַרויס פֿאַר אַ וואַכטע צוויי הונדערט זעכציק טאַטשקעס! פֿײַער, ניט קיין מיידלעך.

— אַזאַ מיידל, זשאָרזש, — ווײַזט דער שעף פֿון דער שאַכטע אויף ליו־בען, — וואָלט איך אויף דײַן אָרט שוין ניט אָפּגעלאָזט.

שאַכטיאָרן לאַכן, און ראַיעווסקי ווישט אויס מיט דער הוט די ליים פֿונעם פּאָנעם:

— געלט פֿאַרדין איך גענוג, כאָווער נאַטשאַלניק, כאָטש הייך דערמיט די הרובע, אָבער כאַסענע האָבן קאָן איך ניט.

— איך ווייס, ראַיעווסקי, וואָס עס קוועטשט דיך. דאַרפֿסט אַ צימער. זאָג איך דיר, אַז אָט הער מיך, מעגסט כאַסענע האָבן, — ער צעלאַכט זיך און טוט אַ זאָג: — אָבער פֿאַרגעס ניט, זשאָרזש, מיך רופֿן אויף דער כאַסענע, פּירסאָוו האָט אונדז שוין אָפּגענאַרט...

— ווי מיינסטו, ליובע, אַ צימער וועט זײַן? — פֿרעגט ראַיעווסקי.

— אויב דער נאַטשאַלניק זאָגט צו, וועט ער האַלטן וואָרט.

— צוגעזאָגט, ניט צוגעזאָגט, נאָר כאַסענע האָבן האָט ער געהייסן אומבאַדינגט...

זשאָרזש נעמט גרינג אַרום ליובען און פֿרעגט בא איר:

— אין וועמען זשע איז די מעניע?..

„אוך, דו פֿערדאַטש! — צעשמיר איך אַזש פֿון קאַס די בלאָטע איבערן פּאָנעם. — מע האָט דיך נאָך ווינציק אָנגעלערנט. שטיק ליים וואָס דו

ביסט, צוליב וואָס האָסטו באַדאַרפט נעמען ליובען אין דער פאַרשאָלטע־נער „אמפיביע“, לויפן זיך באָדן, צעשנײַדן א פוס און דערנאָך לאָזן ליוּ־בען היטן דעם טאַנק... קענסט ניט פירסאָווס שטיק?..“ איצט פאַרשטיי איך שוין — דאָס האָט ער געשיקט ראַיעווסקין צו ליובען אין דער „אמפי־ביע“... זי שמייכלט צו זשאָרזשן.

און ער, זשאָרזש, זיצט זיך אין דער דוש־קאַבינע, זינגט זיך זײַן באַ־ליבט לידעלע:

Мустафа дорогу строил, Мустафа по ней ходил...[1]

איך קוק אף אים, דעם שיינעם שלאַנקן באָכער, און טראַכט מיר מײַנס: אַליין איז ער פון לענינגראַד, זשאָרזש. נאָר פאַר א מענטשן האָט אים געמאַכט דער מעטראָבוי.

פירסאָוו האָט אים אוועקגעשענקט זײַן וואַטאָווע לײַבל, א פּאָר פאַר־שמאָלצעוועטע פּליודערן, פינף יאָר האָט ער אָפּגעאַרבעט אין אָט דעם הוי־לעך. און אצינד טראָגט דער באָכער ברייטע ברעזענטענע הויזן, ווי טאַ־ראַס בולבא, און שרײַט אף מיר, ווי פּיאָטער דער ערשטער אף מענשי־קאָוון...

און אויב ער איז בריגאַדיר, דאַרף ער שמייכלען אזוי אָפט צו ליובען?

ס׳איז שוין באַלד טאָג. די פייגל פאַרגייען זיך אין א געזאַנג און פרייען זיך, שפּרינגען פון צווײַג אף צווײַג, פּיקן מיט די פּיסקעלעך, און מיר פּיקט אויך אזש אין קאָפּ. פירסאָווס דעמבן קאָל דערגייט צו מיר פון דוש. ער שרײַט אף ראַיעווסקין, אז ער, זשאָרזש, איז אַן אָקס, פאַרשטייט אפילע ניט, אז מיט אופרײַס־שטאָף קאָן מען בײַקומען דעם האַרבן גרונט און נאָך הײַנט זאָלן ביידע שאַכטעס זיך צונויפשליסן.

אין א רעגע אַרום איז שוין ראַיעווסקי ווידער אין זײַן ברעזענטן רעקל, וואָס איז פאַרשפּיליעט מיט זעקס מעשענע קנעפּ.

לעבן דוש זיצן אויסגעוואַשענע כעוורע. ריין אָנגעטאָן. נאָר קיינער גייט ניט אוועק. זשאָרזש ראַיעווסקי לאָזט זיך ווידער אַראָפּ אין שאַכטע. וואָס טוט זיך מיט דעם בריגאַדיר פון דער ערשטער וואַכטע?

— גייען מיר, שיקע!

ווי א וויכער טראָגט עס מיך אַראָפּ פונעם אָרט, און איך לויף אינעם נײַעם גאַרניטער נאָכן בריגאַדיר.

גרינע שטראַלן פון דעם לאַמטערן שנײַדן מיר אין די אויגן. און איך, איך זע שוין, ווי עס יאָגן צוגן אין די באַלויכטענע טונעלן, עס גרילצן די טאָרמאָזן, עס קרעכצן די שפּאַלעס, עס זינגט דאָס האַרץ פון פרייד...

פירסאָוו שטייט און קוקט, ווי איך, שיקע, דאָס אייניקל פון מייער באַלנעס, צעוויקל דעם שנור, שרײַ אף א קאָל:

— היט זיך, מוסטאַפאַ, באַלד וועלן דיר דײַנע אויערן פּלאַצן!..

זשאָרזש דרייט אויף דעם שליוז־אַפּאַראַט, עס דערהערט זיך א שיפּען פון געפּרעסטער לופט...

---

[1] מוסטאַפאַ האָט דעם וועג געבויט, מוסטאַפאַ איז מיט דעם וועג געגאַנגען...

פּירסאָוו רוקט זיך אָפּ ווײַטער פון דער קעסאָן־קאַמערע און זאָגט צו מיר:

— אַן אָרדען ווילסטו פאַרדינען?

— לאָז אים צורו, פּירסאָוו! — שרײַט ראַיעווסקי. — האָסט שוין ניט וואָס צו טאָן? לייג זיך בעסער גיכער; אויב ניט, וועסטו בלײַבן אָן אַ קאָפּ, פּירסאָוו.

פינף אופרײַסן, איינער נאָכן אַנדערן, צעשמעטערן די פעלדזיקע וואַנט.

אַרויסקריכן דורכן דושניק אַפן דאַך צי דורכשמוגלען זיך דורך דעם קוימען, זיך אַויסניאָרען, ווי אַ רועך, אין סאַזשע — דאָס איז בײַ מיר געווען אַ שפּילכל.

פאַר אַ גויט פלעגן מיר אין אַ זומער־טאָג אַרײַן אין דער גרויסער פאַרזשאַווערטער רער, וואָס איז יאָרנלאַנג געלעגן אין דער באַלקע און אויסגעזען, ווי עפּעס אַ ריזיקער קוימען. כעוורע פונעם שנאָרער־געסל פלעגט איינער דעם אַנדערן זוכן און גאַנצענע טעג רײַסן דעם גאָרגל:

— ווו ביסטו?..

אָבער איצט, ווען מיר האָבן דערלעבט די מינוט, אַז ביידע שאַכטעס באַגעגענען זיך און ווערן איין ליכטיקער טונעל, אַזוי אַז כאָטש גיי שפּאַצירן פון סאָקאָלניקי ביז אָכאָטנע, פילן מיר זיך, ווי פליגל וואָלטן בײַ אונדז אויסגעוואַקסן.

מיט גרויס כשיוועס קוקן מיר, שאַכטיאָרן, אַף די קישעפּמאַכערס — אַף די מאַרקשיידערס, וואָס זײַנען דאָ, אין מעטראָ־שאַכטע, ווי די שטורמאַנס אַף די שיפן. זיי פירן צונויף אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, מעסטן אַהער און מעסטן אַהין, ניט אַפן אויג און ניט מיט דעם שנור, ווי כאָנע דער שנײַדער... נאָר אויסגערעכנט ביז אַ פּינטעלע. צוליב איין סאַנטימעטער קאָן איין עק שאַכטע אַוועק אין אוליסיע, דער צווייטער קיין אוסטריסיע.

פּירסאָוו פלעגט בייז קוקן אַף די אונטערערדישע לאָצמאַנעס און טראַכטן: ליידיקגייערס... אָבער הײַנט, אינעם טאָג, ווען די שאַכטעס האָבן זיך באַגעגנט, גייען די מאַרקשיידערס אַרום ווי כאָסנס צאַד.

— זעסט, דו נאַריש פּאָנעם, — זאָגט פּירסאָוו צו זיך אַליין, — אַ טאַפּליע שטעלט זיך אַזוי ניט אַרײַן אין פענצטער, ווי דער טיובינג אין זײַן נעסט. דערפאַר איז אָט די מינוט אַזוי הייליק, ווי די מינוט, ווען דער כאָסן טוט אָן דער קאַלע דאָס גאָלדענע פינגערל...

— יאָ, מאַרקשיידערס, אומזיסט קיין ברויט עסט איר ניט, — קוועלט אָן פּירסאָוו, באַטראַכטנדיק יעדע שפּאַרונע.

די פרייד, ווען עס קומען זיך צונויף שאַכטעס, קאָן מען נאָר פאַרגלײַכן צו דער פרייד פון שיפבויער, ווען זיי לאָזן אַראָפּ צום ערשטן מאָל אַ שיף אַפן וואַסער, — זאָלן די צורעס פאַרשמירט זײַן מיט ליים, די לויכטנדיקע פרייד רײַסט זיך דורך אַפילע דורך צען בלאָטעס, זי פליט אַרויס פון דער שאַכטע־טיפעניש און זאָגט אָן די נײַס:

— די וואנט איז דורכגעבראָכן!

זשאָרזש צעבלאָזט זײַנע גרויסע נאָזלעכער, קוקט מיר אין די אויגן און זאָגט:

— ביסט א כוואט! ווילסט, שיקע, באקען איך דיך מיט מײַן שוועסטערל!

פאר מיר איז עס גאָר א נײַס: ראַיעווסקי האָט א שוועסטערל אין מאַלאכאָווקע! ווײַזט זיך ארויס, אז פאראיאָרן האָט זשאָרזש זי געבראכט פון קיִעוו און הײַנט פראוועט זי איר געבורטסטאָג. זיבעצן יאָר ווערט דעם מיידל.

פירסאָוו סוטולעט זיך. אים ווילט זיך אויך פאָרן, נאָר זשאָרזש קוקט ניט אף אים. באלד דערמאָנט ער זיך, אז פירסאָוו האלט די שליסלען פונעם גאראזש, ווו עס שטייען ביידע „אמפיביעס״ און א צענעריקט „ביוּיִקל״, וואָס איז אויסגעפארבט אין א גרינעם קאָליר. נאָר דאָס מאַשינדל איז, נעבעך, א קאליקע, מיט א צעפליקטן קאפּאָט, און עס טשאַדעט, ווי דער קוימען פון דער סטריִער באָד.

ראַיעווסקי פארגעסט באלד זײַן בארויגעז און טוט א קנאק פירסאָוון אין פלייצע:

— הייסט עס, פאָרן מיר?

אויב אזוי, וועט שוין זײַן וואָס אויסצוטרינקען און וואָס צו פארבײַסן.

מיר איז אפילע אפּן געדאנק ניט געקומען, אז ראַיעווסקי מיט פירסאָוון האָבן שוין זייער פּלאן: ארײַנפאָרן אף פּיראָגאָווקע, נעמען ליובען און מיך פארקנאסן מיט זשאָרזשס שוועסטערל...

פּירסאָוו האָט שוין ארופגעכאפּט אף זיך זײַן שווארץ לעדערן טוזשורקעלע, פארקעמט מיטן בערשטעלע די שווארצע וואָנצעלעך, ארויסגעשלעפּט פון קעשענע א שטיקעלע סאמעט, קעדיי מאכן דעם שיינעם גלאנץ אף זײַנע שעווראָווע שטיוועלעך, און טייקעף פאָרן מיר ארויס מיט אונדזער „ביוּיִקל״.

...סאדאָווע איז איצט א ברייטע, שיינע גאס. ערשט ניט לאנג האָט מען אראָפּגעטראָגן די הילצערנע אלטע שטיבלעך, דעם פארלאָזטן בולוואר. איצט איז דאָ א ברייטער שליאך, וואָס רינגלט ארום די גאנצע שטאָט. טויזנטער מאשינעס, סוועטאָפאָרן ווינקען מיט גרין, רויט און געל — פאָרט, שאָפערס, פאָרט און האָט א גוטן שליטוועגס. אָבער די שאָפערס זײַנען נאָך שטומפּיק אין דער איוורע. זיי רוקן זיך נאָך אלץ צו די טראָטוארן, פארטשעפּען א פערד־און־וועגעלע.

כאָטש ראַיעווסקי האָט געהאט די שאָפערישע טעוועלעך, אָבער די מעלאָכע האָט ער געקענט קנאפּ, ער זאָל ארויס גאנץ פון דעם מישמאש אף סאדאָווע. דערבײַ האָט זיך אים נאָך געוואָלט א באָכער טאָן פאר ליובען, וואָס זיצט אין „ביוּיִקל״ אָנגעשפּארט אף זײַן רעכטן אקסל. ראַיעווסקי האָט גאָר פארגעסן, אז אונדזער „ביוּיִק״ איז אָן טאָרמאָז, קוים וואָס די נעשאָמע האלט זיך אין דעם, און האָט אָפּגעלאָזט די ווישקעס. ער האָט ניט באוויזן זיך ארומקוקן, ווי מיר האָבן זיך צעבוצקעט מיט א טעלעגראף־סטויפּ.

איצט דערצייל איך דאָס אלץ ווי א שיינע מעשׂה. אָבער דעמלט האָב איך געכאפּט דעם פּיינעם נערעק. געקומען צו־זיך בין איך ערשט אין שפּיטאָל אין א ווײַסער פּאלאטע, אף א ווײַס בעטל.

## פּריינט

אין שפּיטאָל הער איך אָפּט קאלינעס קאָל. ווי נאָר איך פארמאך די אויגן, שטייט זי פאר מיר ווי א לעבעדיקע.

אָט זיצן מיר מיט איר אין פעלד אפן טראקטאָר. נאכט. קאלינע טו־ליעט זיך צו מיר. ווען די טײַגע מיט אירע וועלף ווארפן אָן אף איר א שרעק, קוקט אף מיר קאלינע מיט אירע גרויסע אויגן, פארציט שטאר־קער דעם רימען ארום איר וואטניק און נעמט דערציילן:

— איך בין אלט געווען דרײַצן יאָר. איינמאָל שטיי איך אזוי און גראָב קארטאָפל. לויפט צו מיר צו די גרויסע כאזערטע אונדזערע, מאשקע, און מיט דער מאָרדע אירער ראַיעט זי אויס יעדער איבערגעבליבענע קאר־טאָפל פון דער ערד. שטעלסט זיך גאָר ניט פאָר, שיקע, וואָס פארא ווונ־דערלעכע שיינע טעג עס גיבן זיך אויס אפן אמור אָסיען־צײַט, און אלץ איז, דוכט זיך, גוט און ווויל. נאָר פלוצעם הייב איך אוף די אויגן און דערזע — א וואָלף!

ווינטער הריזען זיי, די וועלף, אפילע די פּאָסטראָמקעס פון דישל, נאָר אָסיען־צײַט שפּאצירן זיי ווי מעכוטאָנים. א הינדל, א שעפּעלע, א קעלבל איז בא א וואָלף א מין דעסערט...

עמעצנס א האנט טרייסלט מיך פאר אן אקסל.

— לאָזט שלאָפן, — בעט איך זיך. נאָר די האנט ליגט אלץ אף מײַן אקסל.

— גענוג שוין שלאָפן, שיקע!

אף דער האנט באמערק איך באקאנטע דרײַ אויסיעס. קעשקע האָט זיי אמאָל אויסגעקריצט קאלינען אף דער האנט. ק.מ.ס. — קאלינא מיכײַלאָוונא סמאָלינא.

איך מאך צו די אויגן. עס ווערט מיר אזוי גוט, פּונקט ווי די מאמע מײַנע וואָלט מיר געגעבן אין מויל ארײַן א לעפל אײַנגעמאכטס.

— קאלינא!

— שיקע!

דער קלאָר־ווײַסער כאלאט פּאסט איר, דער קאזאטשקע.

אין דער האנט האלט זי א סלאָיִקל.

— איך ווייס דאָך, שיקע, נאָך געגנדזענער שמאלץ וואָלסטו געגאנגען צופוס ביז כאבאראָווסק.

קאלינע לאכט אזוי געשמאק, אז עס ווילט זיך, זי זאָל גאָר ניט אוועק־גיין פונדאנען.

— קעשקע לאָזט דיר גריסן, — זאָגט זי שטיל.

איך באמערק, אז דער בויך איז בא איר קײַלעכיקער געוואָרן... זי פּאָרט איצט אין א סאנאטאָריע פאר שוואנגערע. צוריקוועגס וועט קאלינע זיך אָפּשטעלן אין מאָסקווע אַף א פּאָר וואָכן, איך וועל שוין דעמלט זײַן געזונט, וועל איך איר ווײַזן די מעטראָ, די הרעבליע און די שענסטע ערטער פון דער הויפּטשטאָט. אָבער לאנג ריידן מיט קאלינען לאָזט ניט די קראנקן־שוועסטער. זי קוקט אפן זייגערל און זאָגט:

— שוין צײַט, כאווערטע סמאָלינא.

קאלינע איז אוועק, און אין דער פּאלאטע איז געוואָרן עפּעס פינצטערער און אומעטיקער.

ליובע קומט ניט צו מיר אין שפּיטאָל. די כעוורע, וואָס זײַנען מיך מעוואקער־כוילע, דערמאָנען זי ניט קימאַט, איך פרעג אויך גאָרניט. אָבער צווישן א וואָרט מיט א וואָרט פארשטיי איך שוין, אז ליובע דרייט שוין אן אנדערן דעם קאָפּ.

מיילע, טראכט איך מיר, זאָל זי לעבן, ווי איר געפעלט.

...קינדער־יאָרן, ווײַטע קינדער־יאָרן. עס בענקט דאָס הארץ נאָך מײַן אוקראַינע. אך, ווי גוט וואָלט געווען זיך א וואלגער טאָן אינעם טיפן גראָז אַף פּראָקאָפּס לעוואדע! דוכט זיך, אז דאָרט בריט אפילע ניט די קראָפּעווע. ניין, ס׳איז גאָר קיין קראָפּעווע ניט, נאָר ווײַנשל־בלעטער, מיט וועלכע די מאמע מײַנע פלעגט זאָרגזאם אײַנדעקן די אוגערקעס אין די דייזשקעלעך.

אין יענע טעג, ווען ליובע האָט אינגאנצן פארגעסן אָן מיר, וואָלט איך זיך ניט ספּראוועט מיט אלע אומגליקן, וואָס האָבן זיך א שאָט געטאָן אַף מײַן קאָפּ. א דאנק אײַך, מײַנע טײַערע פרײַנט ראיעווסקי און פירסאָוו, פאר אײַער איבערגעגעבנקײַט, אײַער געטרײַשאפט.

ראיעווסקין האָב איך דערציילט אלץ, אפילע וועגן דעם, אז ניט ווײַט פון פּראָקאָפּס לעוואדע רינט דאָס ריטשקעלע, אין וועלכער מיר, כעוורע פון שנאָרער־געסל, האָבן זיך געלערנט שווימען אפן בויך, „לאָזנדיק" און אף א זײַט. דאָרטן האָבן מיר מיט ליובען זיך געשפּריצט מיט קאלטן וואַסער יעדן אינדערפרי, און יעדעס מאָל, ווען זי האָט מיך אָפּגעגאָסן פון קאָפּ ביז די פיס, איז עס געווען פאר מיר ווי א קוש.

נאָך א ניט־דערשלאָפענער נאכט, מיט רויטע געשוואָלענע אויגן, גיי איך קאיאָר ארויס פון דער שאכטע, וואש זיך לאנג אונטערן דוש, און פון דעם אליין ווערט מיר ווארעמער אַף דער נעשאָמע. איך גיי אוועק צו מײַנע זעמליאקעס. דער אלטער בונים באקוקט מיך פון אלע זײַטן, באטראכט מײַן נײַעם גארניטער פון א מעטראָ־מאשיניסט און פרעגט:

— וואָס מאכט עפּעס דאָס אייניקל פון מייער באלנעס?

— ס׳איז אלץ אין אָרדענונג, רעב בונים, — ראפּאָרטיר איך אים אָפּ, — מע ארבעט, מע לערנט, מע לעבט!

— ווען שײַע דער בלינדער פון אונדזער שנאָרער־געסל וואָלט א קוק געטאָן אַף דײַן הוילעך, וואָלט ער זעענדיק געוואָרן.

ערשט אצינד האָט מיך מיט א נײַעם קויעך א ציי געטאָן אין די מעקוימעס פון מײַן פארגאנגענהײַט, צו די ברעגן פונעם בלאָטע־טײַך.

# באם בוג

אין מעטראָ־שאַכטע האָב איך זיך אָנגעגעסן מיט מאָסקווער באָרשטש און מיט פּעטע ווינעגרעטן און בין געוואָרן געזונט, מאָווערדיק, א באָכער, ווי מע זאָגט, צו גאָט און צו לײַט.

מיטראָפאַן מיטראָפאַנאָוויטש פּירסאָוו האָט מיך אויסגעלערנט ניט בלויז האלטן די לאָפּעטע אין האנט, נאָר אויך פירן דעם „שילד", דערגראָבן זיך צום טיפן גרונט אף נעגלינקע. ער האָט מיך אויך אויסגעלערנט פאָרן אף דער „אמפּיביע", כאפּן פיש אין קליאזמע, אָנצינדן א שײַטער אפן שפּיץ נאָז פון דער שיף, אָנגלײַען שטיינער און ווארפן זיי אין טײַך, אזש דאָס וואסער זאָל אָנהייבן קאָכן ביזן דנאָ, און דעמלט שלאָג מיטן שטעקן די העכט — נעם זיי אין טאָרבע!

טאקע דאָ, באם טײַך קליאזמע, האָט מיך א צי געטאָן אהיים.

בא מײַן שווערער ארבעט אין מעטראָ האָב איך צעריסן עטלעכע פּאָר ברעזענטענע הויזן, וואטאָווע לײַבלעך, גומענע שטיוול און אין שנאָרער־געסל געקומען מיט א זאק סעכערס, אָנגעטאָן אין א קאָרטענעם גארניטער.

עס איז געגאנגען דאָס 1933־טע יאָר. אין דער היגער עמטעס האָט שוין געווארט אף מיר א פארלאטעטער „זאכאר". פיר איך הני אין פעלד, ווייץ אין מיל ארײַן, שטרוי אין די שטאלן.

ווי זאָגט מאטאָנע קאָוועל: ס'איז קיין גאנג ניט צו שטארבן פון הונגער. ביסטו א באָסערוועדאָם, איז גראָב מיט דער נאָז די ערד, געפין דײַן שטיקל ברויט.

נאָכן ערשטן רעגן פרישט זיך אָפּ די ערד, די בלעטער הייבן אָן גרינען און מענטשן גייען פריילעכער, אפילו מעני־ראָכל די טוקערן לויפט גיכער אין מארק ארײַן.

אפן שליאך צווישן צוויי וועלדער שטעל איך אָפּ מײַן מאשין. הונדערטער ניגונים זינגען אויס די פייגעלעך, שפּילעוודיק פליט דער בלויפויגל פון איין צווײַגל אפן צווייטן, שפּערעלעך פּאָרן זיך, הענער קרייען, הינט האווקען ערגעץ דאָ ניט ווײַט. און מײַן „זאכאר" פּאָרט ווײַטער און ווײַטער, ווי אמאָל ליפע דער וואסערפירער מיט זײַן שקאפּע.

די יונגע בערעזקעס האָבן זיך אָנגעטאָן אין גרינע מאלבושימלעך ביז אריבער די קני, זיי שעמען זיך ווײַזן דעם אינדרויסן די נאקעטע פולקעלעך.

פארנאכט־צו שמעקט דער וואלד מיט בעז, מיט טשעריאָמוכע. איך פארכלינע זיך אזש פון דעם געדיכטן אראָמאט: צו קליינע נאָזלעכער בא מיר, אז איך זאָל קאָנען ארײַנציִען אין זיך אזויפיל רייכעס.

אין אוקראַינע מאכט זיך, אז די לעוואָנע טרינקט זיך, פארשווינדט אין צעפּאטלטע וואָלקנס. אינדערפרי שטייט אוף די זון — אויסגעוואשן, ווי א קאלע־מויד, פארנאכט־צו ווערט זי שעמעוודיק־רויט.

איך האָב ערגעץ געהערט, אז דער לעפארד פונעם קעצענעם שייוועט לויפט גיכער פון אלע כײַעס — העכער הונדערט ווערסט א שאָ, דער

לייב — בא די אכציק ווערסט, דער אייזל און שאקאל — א ווערסט פער־ציק, נאָר מײַן „זאכאר״, וואָס מע האָט מיר געגעבן אין דער עמטעעס, קריכט ניט גיכער פון ליפּעס שקאפּע.

— ווּהין פאָרסטו, שיקע? — פרעגט ליפּע דער וואסערפירער.

באם עלעוואטאָר שטייט מען פיר שאָ. גייט א רעגן, ווערט א געדיכטע בלאָטע. עס קומט אָן דער דירעקטאָר:

— אינגאנצן איין רייס פארן טאָג געמאכט? מאָסקוויטש מײַנער!

האָב איך זיך א נעם געטאָן צו דער אווידע: וואָס איז מען געקומען אהער, די בלאָטעס טאָפּטשען?

ס׳איז א כארפּע צו קומען פארנאכט מיט איין רייס. נעכטן צוויי פוד מעל דאָך באקומען, ס׳איז שוין אראָפּ דאָס געשווילעכץ פונעם טאטנס פּיס.

האָב איך געפונען א סגולע, ווי ארויסצופירן דעם גערשטן אין פעלד, — מיט צוויי פּריצעפּן. געדענקסט דאָך, ווי פּירסאָוו פלעגט פירן די וואפּנע אין שאכטע? מע דארף דאָ אײַנפירן אזא סיידער, ווי אין מעטראָ, ווען שאָפערן עסן בולקע מיט פּוטער.

פארנאכט זיצט מען באם טיש, דער טאטע קוקט אף מײַן גליקלעך פּאָנעם:

— ביסט אויסגעוואקסן, קינד מײַנס, פארשאפסט מיר קאָווער. ווי לאנג, אז דו האָסט גערעוועט ווי די קאלבּ, געטאנצט איבער פּראָקאָפּס פּארקן, געריסן בארלעך, יארינע טשאָרנאָדידעכע האָט דיך געשלעפּט פאר די האָר, זאָלסט ניט ברעכן דיביימער. הײַנט רעדט מען דיר שוין א שידעך...

אָט לויפט מעני־ראָכל די טוקערן מיט א פרישער בלאט, אירע רויטע האָר זײַנען צעשויבערט:

— מאָטיע, — שרײַט זי דעם טאטן גלײַך אין פּאָנעם, — זע, דײַן בע־נאָק, וואָס טוט ער דאָרטן אזוינס, אין דער עמטעעס, וואָס מע לויבט אים?

— גערשטן פירט ער, מעני־ראָכל, גערשטן.

הייבט זי אָן, די טוקערן, ציילן אף די פינגער:

— א פעטער פאר א פלעמעניצע מעג יאָ כאסענע האָבן, א מומע איר פלעמעניק טאָר ניט נעמען, צוויי שוועסטער מעגן נעמען צוויי ברידער...

— אָבער דער ראָוו זאָגט... — לאכט דער טאטע.

הייבט די שאדכנטע אָן צו קרייען, ווי א האָן:

— לאָזט צורו דעם ראָוו מיט דער רעבעצן, מאָטיע, אבי די קינדער זאָלן לעבן אין אוישער און אין קאָווער. מאטאָנע גיט נאדן — א קו מיט א קאלבּ.

אינמיטנדערינען דערהערט זיך פון מאטאָנע קאָוועלס שטוב אזא פריי־לעכער ניגן, אז עס פארשלאָגט מיר אזש דער אָטעם:

— אָווינו מעלעך — דאָס הארץ איז מיר פריילעך... — מאטאָנע איז שוין בעגילופן. די מיזינקע אויסגעגעבן!..

דער גרין־געפארבטער דאך פונעם קאָוועלס שטוב שײַנט מיטן גלאנץ פון א רײַכער דירע, און וואָס מער מע זינגט, ווערט מיר אלץ אומעטי־קער, — איך האָב פאָרט ליב ליובען, גוטע, ווילע שכיינים מײַנע.

— העכער, בעסער, די ראָד, די ראָד מאַכט גרעסער, זעט נאָר, זעט נאָר, ווי זי גייט אין אַ נײַ, אַ שיין קלייד. די מיזינקע אויסגעגעבן!
דאָס געזאַנג לעכערט מיר די אויערן.

דער אוקראַיִנער הימל איז, דאַכט מיר, רײַכער פון אַלע הימלען אין דער גאָרער וועלט. מיליאָנען שטערן, ניט איבערצוציילן. פאַר איך אין פעלד אַרײַן פּאַשען די פערד.

באַנאַכט קומט ריסל, מאַטאָנע קאָוועלס מיידל, אַפּן וויפּאַס. דרייען זיך פויל די פליגל פון דער אַלטער מיל, פאַלן שטערן אין טײַך אַרײַן, שווימט די לעוואָנע באַם ברעג, ציטערט ריסל. אײַנגעוויקלט אין מײַן רעקל, בעט זי מיך, איך זאָל זי דערוואַרעמען...

פון די אַרומיקע לאָנקעס שמעקט מיט פרישן היי, פון טײַך שלאָגט אין דער נאָז אַרײַן מיט פיש־רויג. עס טראָגט מיך איבער גאָר אין אַנדערע וועלטן. ריסל קושט זיך אַזוי, אַז אַ פאַרע גייט פון מיר.

קאַיאָר וויקלט ריסל אַרום מיט איר דינן זײַדן שאַרפעלע מײַן האַלדז, זי פאַרציט מיך ביז צום דערווערגן, און מיר פאָרן אַהיים.

וואָס איך האָב צו טאָן זונטיק גאַנצפרי, ווייס איך שוין גאַנץ גוט: דער טאַטע האָט באַשטעלט בײַ מיר אַ „פּערטעלע". זיצן מיר באַם פענצטער צווישןביידע ווײַנשלבײמער, די מאַמע טראָגט אַלעמאָל אונטער אַ טעלער קרויט, גרויסע ציבעלעס, אָנגעריבענעם רעטעך מיט געגנדזענער שמאַלץ — געשמאַק, אַ מעכײַע.

— לעכאַיִם, מײַן זון, — זאָגט דער טאַטע (די מאַמע קוקט, ווי איך טרינק, און ווישט די טרערן). — קענסט שוין נעמען אַ קאַפּ בראַנפן, מעגסטו שוין כאַסענע האָבן.

דער ביסן בלײַבט מיר שטיין אין האַלדז, האַרציק־באַנק טוט מיר, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אַ נאַכט מיט ריסלען אַפּן וויפּאַס...

נעכטן האָט מען געשמועסט: מאַטאָנע קאָוועל האָט אַ פײַנע טאָכטער, צוויי כאַזיירים, אַ קו מיט אַ קאַלב, דער בלעכענער דאַך איז אויסגע־פאַרבט אין גרין, אַלץ פאַרגרייט צו דער כאַסענע.

די מאַמע טײַנעט זיך אַירס:

— ליובע איז, עמעס, אַ גאָלדענער בעכער, נאָר פול מיט טרערן...

אין אוקראַיִנע גייט אויף די זון און פאַרגייט מיט גרויס האַנאָע: פריִער רויטלט זי זיך, ווי מאַטאָנע קאָוועלס טעכטערל, דערנאָך, אין איין רעגעלע שפּעטער, טוט זי אָן איר מאַלכעס־קלייד פון ווײַסע כמאַרעלעך: שײַנט און שטראַלט איר פּאָנעם, ווי ריסלס פינקלדיקע אויגן. ניט אַנדערש די זון האָט געזען שפּאַצירן די לעוואָנע מיט אַ שוואַרצכיינעוודיקן באָכער.

— ריסל איז אַ יעסוימע, ניט געדאַרפט מיט איר אַזוי זיך באַגיין. ליובע שפּײַט דיר אין פּאָנעם, אַ ווײַניקן עפּל האָט זי געמאַכט פון דיר, — רעדט די מאַמע צו זיך אַליין. — אַ באָכער, קיין אײַנהאָרע, צו גאָט און צו לײַט: געזונט, שיין, געלערנט. דאַרפסטו, זון מײַנער, אויף קאַפּאָרעס די דאָזיקע שפּיצלמאַכערן, — אַזוי טאָטשעט מיך די מאַמע.

— לאָז צורו, — בעט זי דער טאַטע און גיסט אָן דעם שאָכן טשאַר־נאָדיד א פריש גלעזל.

— נו, מאָטיעוויטש, דאי באָזשע, טילקע אי בליסנע![1] — וואַרפט פּראָ־קאָפּ אַרײַן דאָס גלעזל ווײַן, זאָגנדיק מיט ווייטעק אין האַרצן, ווי איך וואָלט געווען זײַן בענאָק: — מאַטאַנעס מויד? זאָל דער קאַוועל זי פאַר־קוואַשען אין זײַנע דייזשקעס. טילקע אי בליסנע, — כאַזערט ער איבער דעם קאָס, ווערט אַנשוויגן, באַטראַכט מײַנע מעטראַ־קנעפּ פונעם רעקל. ער כאַפּט א ברעקל פונעם טיש, ווי א הון פאַר די הינדעלעך. — אזא באָכער, ווי דו, דאַרף א ווײַב איינער אליין, ניט קיין שוטפעסדיקס... דעם וואָלף האָדעווען די פיס, א מענטשן — זײַנע הענט, — שטעלט ער אָן צוויי בייזע אויגן אפן טאַטן. — דער וואָלף, מאָטיע, קריכט אויס — נאָר די פּאָ־וואַדקעס זײַנע בײַטן זיך ניט. — פּראָקאָפּ שטייט אויף פונעם בענקל. — מענטשן ווילנען א שטוב צו א שטוב, און מע ווייסט ניט, אז מאַטאַנעס נעקייוועלע האָט פאַראיאָרן מאַפל געווען...

— שכיינים ווייסן, וואָדען, מע ווייסט ניט, — רעדט פּראָקאָפּ ווײַ־טער. — פאַרוויקלט אין א שטיקל צעראַטע, איז ריסלס מאַמזער געלעגן אין מיסטקאַסטן.

— די הויט ברענט נאָך ניט אף מיר, — זאָגט די מאַמע צום ליידיקן טעלער און הערט שוין ניט, וואָס טשאַרנאָדיד דערציילט. — מײַן זון קאָן נעמען דאָס שענסטע מיידל.

איך כאַפּ זיך אַרויס אין סעדל. דער קאָפּ דרייט זיך מיר פון פּראָקאָפּס ווערטער, שפּאַר איך זיך אָן אין פּאַרקן.

פאַרן אוועקפאָרן ווילט זיך מיר נאָך איין מאָל אַרויסכאַפּן אף קניאַ־זשער יאַריד. איך האָב זיך פאַרבענקט נאָכן טומל פון דער טאַרהאָוויצע, נאָכן הירזשען פון פערד, נאָכן קוויטשען פון כאַזיירים, נאָכן ציגײַנערס טראַסקען מיט דער פלאַקסענער בײַטש.

אין פענצטער זעט מען די בלויקײַט פונעם הימל, ווערבע־בלעטער ציטערן פון יעדן מינדסטן ווינטעלע און פאַלן גלײַך צו פּראָקאָפּן אין קרענעצע.

צוגעגאַנגען צום אויוון, זע איך נאָכאַמאָל, ווי די מאַמע איז פאַרפאַ־רעט, זי האַלט דעם לעפל קוילן און דער זשאַר גליט, מינעט זיך אין די אויגן, ווי א צעשטערנטער שטיק הימל. נאָר גיי ריכט זיך, אז דאָס זע איך מײַן מאַמע צום לעצטן מאָל.

מיר ווילט זיך אַרײַן אין ציבוליעוווער וואַלד, סמאָקען זויערע אַגרעסן, קנאַקן ניסלעך, אָנעמען א פול מויל מיט ווײַמפּערלעך.

מיר ווילט זיך, פאַרן אוועקפאָרן פון דער היים, אַרויסרײַסן א פּליושן שטעקעלע פון אָטשערעט, מאַכן קאַטשקעלעך אין טײַך, נעמען א גרינע פלוים אין מויל און זיך פאַרקרימען פון זויערקײַט, אָנשיטן פולע קעשע־נעס מיט קאָרן, לייגן זיך אין פעלד, צווישן די זאַנגען, דערטרונקען ווערן אין געלן גערשטן. איך זיץ מיר אפן פּידאַשעק און זינג דאָס לידל:

---

[1] אן אוקראַיִניש ווערטל. דער בוכשטעבלעכער טײַטש: עס טוט נאָר א גלאַנץ.

— אוי, דו פויגל, שווארצע וואָראָנע,
שפּרייט די פליגל און פלי צו מײַן מאמע...

יענע ליבע־נאכט מיט ריסלען אפן וויפּאס האָט מיר געעפנט די אויגן. ע, ליובעניו, האָסט געצאַפּט מײַן קינדעריש בלוט, דערנאָך, ווען מיר זײַנען אונטערגעוואקסן, האָסטו געזויגן דעם מארך פון מײַנע ביינער, פון די אָדערן, געצויגן די קליי פון אלע אייוורים.

ריסל האָט מיך אופגעוועקט פון שלאָף, ארײַנגעשפּריצט אין מיר עפּעס אזוינס, אז דאָס הארץ האָט גאָר אנדעריש אָנגעהויבן צו קלאפּן, עס פּלאָ־טערט שוין ניט אזוי, דערמאָנענדיק דעם נאָמען ליובע.

געדאנקען פּלאָנטערן זיך מיר: געוואָרן א מאנצבאל, ווייסטו אף געוויס, באָכער, מיט וואָס מע עסט עס?

נו, און זי, ליובע, עפּשער האָט זי שוין פון לאנג פארזוכט פונעם אייך־האדאס... נאָך דאָרטן, באם אמור, ווען זי איז דעם גאנצן זומער געשלאָפן אפן בוידעם, אין היי, אליין, אָן טאטע־מאמע...

האָסט געשפּילט מיט מיר, שאָדן־ווינקל, געשאָטן מיר אין פּאָנעם ארײַן זאמד מיט שטיינער, און איך בין געפאלן, ווידער זיך אופגעהויבן, געגאנגען, ווי א בלינד פערד, קיינמאָל האָסטו ניט געפּרוווט מיר זאָגן, ווי א מענטש א מענטשן, גלײַך אין פּאָנעם:

— ניין, באָכער, אומזיסט איז דײַן טירכע, איך האָב דיך ניט ליב, פּלאָנטער זיך ניט אונטער די פיס.

ביסט בא מיר געווען, ליובע, געשעצט און געקרוינט, כ'האָב דיך גע־היט פון א מינדסט ווינטעלע, גרייט געווען צו זײַן א שירעם איבער דײַן קאָפּ, קיין רעגן זאָל דײַנע האָר ניט נאס מאכן.

קום איך אומגערן אהיים, דאָרט, ווו מיר זײַנען געוואקסן, זע איך, ווי א שלאקסרעגן האָט אָפּגעוואשן דאָס אלטע, דאָס שימלדיקע, און דאָס נײַע, דאָס מאזל אונדזערס, שלאָגט זיך דורך א וועג.

פארנאכט גייען מענטשן אין ליקבעז, לערנען זיך לייענען און שרײַבן, ס'זאָל איינגאנצן ליכטיק ווערן אין די אויגן.

ריסל ליגט מיר אף דער צונג און אף דער לונג:
וואָס אזוינס האָט זי מיט מיר דעמלט אָפּגעטאָן — אין סטעפּ?

נו, און מאטאָנע קאָוועל, ריסלס פאָטער, — ער איז פאר מיר גאָר א מין גאָט געווען: געלערנט מיך האלטן דעם האמער אין די הענט, ניט ארויסלאָזן דעם אָנגעגליטן שטיק אײַזן פון די צוואנגען, שטיין אפן פּראָסט אין איין העמד, קאָוועָן פערד, צירן שינעס, שאליעווען דראבינעס, עפּע־נען גאנצפרי דעם טויער פון קוזניע און אים פארמאכן, ווי דאָס אײַז בא דער שוועל זאָל ניט געווען זײַן אָנגעבראקנעט.

מאטאָנע האָט מיך געלערנט ניט מוירע האָבן פאר פונקען. א גאנצן זומער ברענען און בראָטן די הויט, פארסמאליעט ווערן, ווי א געבראָ־טענער בורעק, קריכן אין שניי, ארויסכאפּן אן עמער וואסער פון פּאָ־לאָנקע, צעבלאָזן דעם בלאָזזאק קאיאר, ווי די מאמע די הרובע. אלץ ער — ריסלס טאטע.

מיט ריסלען האָב איך ניט איין מאָל געשפּילט אין רייפּל, דעריאָגט זי, האָב איך שוין געקאָנט אָנעמען זי פאַר דער האַנט און הערן, ווי איר דויפּעק קלאַפּט, כאַפּן א קוק אויף אירע פאַרברוינטע, נאַקעטע קני־עלעך. קליינערהייט האָט זי שוין געצויגן צו זיך, ווי א מאַגניט.

פאַר ליובען בין איך גרייט געווען טראָגן הונדערט עמער וואַסער ארויף־באַרג, פאַרבינדן די שנירלעך פון אירע שיך, צעדראַפּען די הויט באַם אַריבערשפּרינגען דעם גאַלעכס פּאַרקן, קעדיי ברענגען איר א גלאָז קאַרשן, — ליובען האָב איך קיינמאָל זיך ניט דערוועגט אָנצורירן אַפילע מיט א פינגער. זי איז פאַר מיר געווען דאָס קווייטעלע „פאַרגעס־מיך־ניט"...

און זי האָט שטענדיק כויזעק געמאַכט פון אונדזער ליבע. ס׳האָט זי גאָרניט געאַרט, וואָס זי פלעגט צונעמען דעם שלאָף בא מיר, מײַן רו, די שיינע קינדער־יאָרן מײַנע.

פּלוצלינג האָב איך דערזען, אַז כ׳בין אַן אַלטער באָכער. צו זעכצן־זיבעצן יאָר האָב איך זיך דעם קאָפּ פאַרקלאַפּט מיט ליובען. מיר איז אָבער געווען גרינג אויסצופאָרן די גאַנצע וועלט, אַבי זי זען, פילן, אַז זי, דער שאָדן־ווינקל, איז ערגעץ דאָ נאָענט בא מײַן עלנבויגן.

ריסלס פאַרכאָלעמטקײַט, איר ליבע, האָט שיר דאָס האַרץ מײַנס ניט געעריצט. זי פלעגט שוין היימיש אַרײַנקומען צו אונדז אין שטוב, פאַר־קאַטשען די אַרבל און וואַשן מײַנע פּלודערן, אין אַלקער זיך אַרײַנכאַפּן צו מיר, ווען טאַטע־מאַמע זײַנען זונטיק אין מאַרק.

— מיט מאַטאָנען, — זאָגט מעני־ראָכל די שאַדכנטע צו דער מאַמען, — דאַרף מען גיין, ווי מיט אַן אָנגעשפּאָלטן איי. ער האָט זיך אײַנגעשפּאַרט, מאַטאָנע, אַז נאָר מאָנקען וויל ער פאַר אַן איידעם, דעם בוימל־קוועטשער.

איך מיט ריסלען זיצן אין אַלקער און הערן זיך צו, ווי מעני־ראָכל רעדט אונדז׳ בײדן א שידעך.

מעני־ראָכלס זון האָט א ווײַב א ליטוועטשקע, ווינטשעוועט איר די טוקערן, אַז ערעוו שוועס, ווען די שנור וועט נעמען וואַשן די פענצטער, זאָל זי אַראָפּפאַלן פון יענער זײַט...

— וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, מאַטיעכע, אַז מע האָט א ווײַב א ליט־וועטשקע (דערווײַל קוקט די שאַדכנטע אַרײַן צו אונדז אין אַלקער), לויפט מען נאָך דער כאַסענע פרעגן בא דער שוועסטער, ווי מע קאָכט א באָרשטש. ביז די ליטוואַקעס מאַכן דיר ניט פויל די לונג, טשעפּען זיי זיך ניט אָפּ, — אַזאַ אומע.

די מאַמע וויל זי שוין אַרויסמעשאַלייעכן, נאָר די טוקערן רײַסט זיך אַרײַן אין אַלקער און טוט א קרומען שמייכל:

— אײַ, רעדט ניט, מאָטיעכע, דער קוינע איז טרייף, דערפאַר איז דאָס קערבל קאָשער. זעט, ווי מע קושט זיך עס א ביסל... — און זי ווערט נעלעם.

...— נאָך גוט, וואָס פּראָקאָפּ, דער שאָכן, ווייסט ניט פונעם ביזאָיען, — האָט די מאמע אָנגעהויבן זינגען איר לידעלע, — טשאָרנאָדיד וועט אים, מאָטיען, דעם דאָזיקן יאַמפּערד, קיינמאָל ניט מויכל זײַן: א ייִד גייט ארום אָן דײַגעס, אָן זאָרגן — דאָס קינד איז געקומען ראַטעווען טאַטע־מאמע, זיך אײַנגעשפּאַנט, ווי ליפּעס פערד, שלעפּט אױף זײַנע פּלייצעס אזא מאַסע. דאָרטן, אין מאָסקווע, איז ער דאָך מיסטאמע געווען א נאַ־טשאַלניק אין מעטרא. מע זעט דען ניט לויט די קנעפּ?

טאָג־אויס — טאָג־אײַן איז די מאמע ארומגעגאנגען אין טרערן, געהריזעט דעם טאַטן:

— ריסל קען פאַרדרייען שענערע קנאַקערס דעם קאָפּ, אפילע דעם פּינינספּעקטאָר, זי האָט מאַטאָנעס צונג, סאַליע דער וואַבלעס פּוילע שטיק. איר מאַמציע האָט מיידלווײַז קיין איין סאָלדאַט ניט דורכגעלאָזט... און זי, ריסל, לויפט נאָך א באָכער, ווי נאָר זי דערזעט, אז עס שפּראָצן בא אים וואָנצעלעך.

ווייכער איז די מאמע געוואָרן, אז איך האָב איר געוויזן א בריוו פון מאָסקווע, ווו מע רופט מיך דרינגענדיק ארויס אױף ארבעט אין מעטרא.

די מאַרעשכוירע איז אראָפּ פון איר פּאָנעם, זי האָט אָנגעהויבן באַקן מײַנע באַליבטע מײַכאָלים — לאַטקעס, פּיפּאָלעקעס, קנישעס.

איין זאַך האָט די מאמע יאָ מוירע געהאַט, אז מאַטאָנע זאָל ניט כאַפּן דעם האַמער און שפּאַלטן מיר דעם קאָפּ:

— גיי, מײַן קינד, דורך פּראָקאָפּס גאָרטן, מײַד אויס דעם קאָוועלס שטוב.

נאָר ריסל, וואָס האָט געפילט, אז איך בין דאָ שוין די לעצטע מינוטן, האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן דעם, אז מיר דאַרפן זיך פאַרשרײַבן. זי וועט קומען צו מיר אױף דער שאַכטע, ארבעטן מיט דער לאָפּעטע קען זי, און שלאָפן וועט זי, ווו עס וועט זיך מאַכן, אבי מיט מיר איינעם.

ליפּע דער וואַסערפירער קומט ארײַן צו אונדז אין שטוב. ער מאַכט זיך קיין צימעס ניט דערפון, וואָס ער לאָזט איבער נאָך זיך גרויסע שטיקער בלאָטע:

— פאָלג מיך, באָכער, טראָג אָפּ דײַנע ביינער, ביז מאַטאָנע האָט זיי דיר ניט צעבראָכן.

וואָס טיפער אין זומער, ווערן די כמאַרעס געדיכטער, די פאַרנאַכטן קילער, די זשאַבעס קוואַקען נאָך מער און דויבען אין קאָפּ ארײַן: פאָר, פאָר, פאָר!

ווײַהי האַבויקער — און ס'איז געקומען דער פרימאָרגן, ווען מאַטאָנע קאָוועל האָט, גייענדיק גלײַך אױף מיר מיט דער ווילע, א זאָג געטאָן:

— קום נאָר אהער, דאָס דאַנקסטו מיר אזוי אָפּ? איך בין ניט פּיניע אַלביטער, און די טאָכטער מײַנע איז ניט פּיניע אַלביטערס האָרבאַטע מויד. ריסל וואַקסט אָן א מוטער, שכיינים טאָרן ניט שפּײַען אײַנער דעם צווייטן אין פּאָנעם... אפילע פּראָקאָפּ טשאָרנאָדיד, אז ער פלעגט לעשן די ליכט, האָט מען אים געגעבן א שטיקל קוילעטש. הײַנט מיר, וואָס האָט פאַר דיר אויסגעכאָוועט אזא ריסל, קומט אוואַדע א גלעזל בראָנפן,

צי עפשער איז מײַן האָרעוואַניע אומזיסט? — מאַטאַנע שטעלט די ווילע פאר מײַן נאָז. — האָסט זי געגומען, ריסלען, אף פּראַקאַט, צי אפן גאַנצן לעבן? טאָמער לאָזסטו זי מיר איבער מיט א בײַכל, ווארף איך דעם קלומעק ארײַן דײַן מאמען אין שטוב, זאָל זי זיך ניאַנטשען. מיט מיר, ווייסטו גוט, שפּילט מען זיך ניט, איך קען די ווילע ארײַנשטעכן אין בויך און רוף מיך קנאַקניסל.

דאכט זיך, אז אין דער מינוט איז דער הימל געפאַלן צו דער ערד, אזוי האָט זיך מיר דער קאָפּ פארדרייט.

פארנאכט שײַנט דער ציבוליעוועער וואלד מיט ראָזעווע פארבן. געזע־גענענדיק זיך, טוט די זון נאָכאַמאָל א שווים ארויס פון די געדיכטע ביימער־שאָטנס, ווי זי וואָלט אוועק שלאָפן אפן גאַנצן זומער.

— פליגן שפּילן זיך, — זאָגט דער טאַטע, — וועט נאָך זײַן ווארעם.

אָט דאָ, צווישן די ניסביימער, פלעגט דער טאַטע ארומפירן מיך אין וויגעלע. הייבט ער אוף א שלאָף־עפּעלע און רעדט צו זיך אליין:

— יאָרן, יאָרן, איר פליט, ווי בארג־וואַסערן.

פון אָט דעם וואלד איז ער אמאָל געקומען אהיים, זיך א וואלגער געטאָן אפן דיל, ווי ער וואָלט די שווארצע קרענק געכאַפּט:

— מאַמע, איך האָב נאָך שוועס כאַסענע.

— זאָל זײַן מיט מאזל, זון מײַנער, — האָט די באָבע אָנגעהויבן שפּרעכן. זי האָט געמיינט, אז מע האָט דעם באָכער אָפּגעטאָן עפּעס א קישעף־שפּיצל. — וואָס עס דארף דיר זײַן, מײַן קינד, זאָל פאַלן אף די סאָנימס קעפּ...

— ווּהין די נאָדל, אהין דאָס בײַוועלע. זי וועט זײַן מײַנע, מירן געבוירן א שאָק מוידן, צוויי טוץ באָכערים, מיט גראָבע נעזלעך, וועל איך זיי טאַסקען אין ציבוליעוועער וואלד.

דער זיידע האָט אף זײַן לעבן ניט איין פעל אָפּגעשוונדן, נאָר אָפּשינדן מאָטיען די זיבעטע הויט פארן דאָזיקן שידעך איז שוין געווען צו שפּעט.

שפּאַצירט ער אצינד מיט מיר, דער טאַטע, קומט צום בוים, אונטער וועלכן די מאַמע פלעגט ליב האָבן זיך צוזעצן. ער קוקט אפן בוים און טײַנעט צו זיך אליין:

— אזוי, אזוי, מאָטיע, האָסט געפוילט אין די אָקאָפּעס, געשלאָגן ני־קאָלקען... ווּהין זשע וויקלסטו זיך איצט, קנײַלעכל?

פיניע אלביטער ווייקט שוין ווידער פעל. דרײַ בלינדע פערד דרייען דעם דראַטש, ער איז קוצעניו־מוצעניו מיטן אקציזניק. נו, פארברענט זאָל עס געווען ווערן, דאָס שנאָרער־געסל.

ניין, מע האָט אים ניט אויסגעמאָלקן, דעם צאַפּ, פיניע אלביטער, דער מאַקאַקע פרעסט שלײַען, געפעפערטע פיש, קרעפּלעך מיט אייער, און דו, מאָטיע, באַלעק זיך, שמאַטניק.

א ביסעלע אויסגעטרונקען, איז דער טאַטע זיך צעגאַנגען. ער ווישט

אָפּ די ליפּן, פאַרקרימט זיך, ווי ער וואָלט, זיצנדיק אפן פניאַק, אַראָפּ־געשלונגען מאָרער.

— ווייסט דאָך, מײַן זון, אַז איך טרינק נאָר דעמלט, ווען ס'איז מיר שווער אפן האַרצן. אַצינד איז מיר שטאַרק אָנגעזאָלצן...

דאָס ערשטע מאָל, זינט איך בין צוגאַסט געקומען, זיצן מיר אינצווייען מיטן טאַטן אין וואַלד.

— שפּילסטו, הייסט עס, מיט ריסלען, אין איין און צוואַנציק, — האָט דער טאַטע אַ בייזן קוק געטאָן אָף מיר. — ריישיס־כאָכמע, באָכערעץ, זײַ וויסן, אַז אַפילע אַ הונט בילט ניט און בײַסט ניט קיין היימישע. ביפּראַט אַ מענטש. געקומען ביסטו פון דער גרויסער שטאָט, דאַרף מען גוט באַטראַכטן, וואָס מע האָט צו טאָן, — קאָנסט אַזוי פאַרשפּילן די באַנק: שטעלסט אַין קאָן דעם קאָוועד פון דײַנע ברידער און שוועסטער.

דער טאַטע לאָזט דערבײַ אַ טרער, אַזוינס האָב איך פון אים אָף מײַן לעבן ניט געזען.

— מאַטאָנע האָט אונדז אַמאָל שלעכטס געטאָן? — פרעגט דער טאַטע. — נאָך סאַליעס טויט איז ער געבליבן אַן אַלמען מיט זעקס קינדער.

דאָ שטעלט ער זיך אָפּ, דער טאַטע, ווישט אויס די אויגן. די באָרד, באַמערק איך, איז שוין גראָוו, אין פּאָנעם קיין טראָפּן בלוט, דער שטערן בלאַס.

— ריסל, — זאָגט ער, — אַרבעט אין מאַסלאָבויקע. עמעס, אין קאָמסאָ־מאָל האָט מען זי ניט אַרײַנגענומען. וואָס איז? זי האָט זיך ליב צו פּוצן, טראָגט אַ שפּילקע אין די האָר, אַ פינגערל אפן פינגער. אַזוי, זעסטו אַליין, איז זי נישקאָשע פון אַ מיידל, ריין, ציכטיק, באַלעבאַטיש. מאַלע וואָס מע זאָגט! האָסט שוין געזען אַ מיידל, וואָס זאָל ניט וועלן כאַסענע האָבן? דו, מײַן זון, ביסט אַ ווילער באָכער: קאָנסט גוט די מעלאָכע שאָפערײַ, קוקסט אַרײַן אין די קליינע אויסיעלעך, קענסט ריידן מיט אַ מענטשן, ביסט אויסגעוואוען אַ וועלט, אָבער קעגן ריסלען האָסטו גע־האַנדלט, ווי אַ מעשומעד: מימאָנעפּשעך, טראַכסטו כאַסענע האָבן, איז זאָל זײַן מיט גליק. נאָר פאַרוואָס האָסטו ריסלען באַשפּיגן, טיו־טיו — אָפּגעטאָן דײַן טרייף שטיקל אַרבעט, אָנגעפּײַפט און אַוועקגעפאָרן?

דער טאַטע הייבט אויף אַ דריקל און זאָגט שוין האַרבער:

— באַטראַכט זיך גוט, מײַן זון, וואָס דו האָסט צו טאָן, און מיט מאַ־טאָנען וועל איך אַליין איבערריידן, ער האָט אַ גוט האַרץ, מיר טאָרן אים ניט אָנטרעטן אָף זײַנע וווּנדן.

די טעג פליִען, וואַסערן שווימען, דאָס לעבן אַקערט איבער גרעסערע שטיקער פעלד, נאָר דעם טאַטנס רייד אין יענעם שאַבעס פאַרנאַכט גייען מיר פון קאָפּ ניט אַרויס — ביז הײַנטיקן טאָג.

אַ פּאָר מעסלעס פאַרן אָפּפאָרן גייען מיר מיטן טאַטן אין באָד אַרײַן. ווי אַמאָליקע יאָרן, שמײַסט מיך אויס דער טאַטע מיטן ווערבע־בעזעם די פּלייצע, גיסט מיך אָפּ מיט אַ פּאָר קאַלטע שעפעלעך וואַסער, דערנאָך נעמט ער מיך פעסט אָן פאַר ביידע נאַקעטע עלנבויגנס, קוקט מיר גלײַך אין די אויגן און זאָגט:

— האָסט הענט מיט פיס און פעסטע ביינער, ס׳איז ניט קיין שלעכטער מאיאָנטעק, זון מײַנער.

כעוורע שפּילן בופּאַנאַדעס, זינגט דער אוילעם זייערע לידלעך.

נאָך דער באָד טרינקט מען זעלצערוואסער, זינגט זיך נאָך בעסער:

און ציִען זיך א דרעטל
וועט איבערן שטעטל...

די טוקערן מעני־ראָכל גייט אונדז איבער דעם וועג, שטעלט זי אָפּ דעם טאטן און פּלאפּלט עפּעס אָף איר אויפן:

— געפין איך מײַן מאַנצלען א מיידל שיין ווי גאָלד, פײַנע עלטערן, א בעריע, ארײַנגיין צו איר אין שטוב, דארף מען די שיך אראָפּנעמען. נאָר איין כיסאָרן — די קאלע רעדט וואָלעכיש. גיי פארשטיי זי... פאראיאָרן בין איך געלעגן אין גיפס, האָט מײַן מאַנצל געבראכט אין שטוב ארײַן א יעפייפיִע. שכיינים זאָגן — א מילגרוים, אן אישע, וואָס מע דארף אויסזוכן א וועלט. דאכט זיך, א דאָקטערשע. מאַנצל, מיינט איר, מאָטיע, איז פון די גיירים, כאָלילע, ניט קיין געמאלעטער, ער דאוונט אין טאַ־לעסקאָטן?..

דער טאטע קאָן זיך בעשום־אויפן ניט ארויסרײַסן פון דער טוקערנס קלאמערן, זי פארווארפט אים מיט רייד.

— איז די דאָזיקע דאָקטערשע לאנג געלאָפן צו אים אין מאסלאָבאָיקע, דערנאָך אל האמיטאָ — גלײַך אין בעט ארײַן... זײַט זיכער, מאָטיע, אויב סע וועט זיך מאכן א מעציִע, קום איך טייקעף צו לויפן. ריסל איז דען א סכוירע פאר אײַער שטאלטנעם באָכער? האָט מיר א גוטן טאָמיד.

— גאם־אטעם, — זאָגט דער טאטע און צעלאכט זיך: — אזא אָנשיקעניש, קוים פּאָטער געוואָרן פון איר.

געקומען אהיים, טרעפן מיר פּראָקאָפּ טשאָרנאָדידן אפן גאנעק. ער איז געקומען זיך געזעגענען מיט מיר. נאָר ליפּע שפּאנט נאָך ניט. און וואָס איז די כאפּעניש, זאָגט ער, מע פירט דיך אפן טאָרג?

— דאָס לעבן האָט אונדז אויסגעזויגן, מאָטיע, ווי דער שפּין, — הייבט אָן פּראָקאָפּ, ווי ער וואָלט פאָרזעצן מיטן טאטן דעם נעכטיקן שמועס. — זיך ניט באוויזן ארומקוקן, זײַנען די קינדער אונדזערע אונטערגעוואקסן.

טשאָרנאָדיד פארציט זײַן ליולקע, נעמט די אָנגעגאָסענע גלאָז טיי פון דער שאָל אין האנט ארײַן.

— פּאָרסטו, הייסט עס, מאָטיעוויטש, אוועק פון אונדז. — ער בײַסט אָפּ א שטיקל צוקער. כאַפּ איך א קוק אין פענצטער און לאָז זיך צו דער טיר.

ס׳איז מיר אזוי גוט אצינד אין טאטנס סעדל, צווישן ביידע ווײַנשלביימער, וואָס וואַקסן באם אלקער־פענצטער: איך הער, ווי די פייגל זינגען, אפילע די בלעטער שטעלן אָן זייערע אויערן און הערן זיך אײַן.

פון שטוב דערגייט דאָס דריבנע קלאפּן פון דער ניי־מאשין, די מאמע שטעפּט פאר מיר א טאָרבע אין וועג ארײַן.

גיבעניטשטער זומער־טאָג! מעגסט זיך ציִען און שלעפּן, ווי די פּאַר־נאַכטיקע לויזע שפּינוועבס.

פאַלט צו דער אָוונט, ווערן דער זונס ליפּן רויטער, רויטער, ניט אנדערש, זי האָט זיך געקושט מיט דער ערד פאַרן שלאָפן גיין.

נאָר עפּשער ברענט גאָר א שײַטער ערגעץ ווײַט־ווײַט, באַם גע־שלענגלטן בוג, צווישן צוויי סאָסנעס.

— גוסליאַרן! — שלאָגט מיר פּראָקאָפּ איבער מײַנע געדאַנקען. — טוט נאָר א שפּיל!

— טשויעש סורמי זאגראלי, טשאס ראזפּלאטי נאסטאוו[1]... — פאַרציט דער טאַטע, און ליפּע וואַסערפירער רוימט מיר דערוויײַל אײַן א סאָד אין אויער: — טראָג אָפּ די ביינער, קאָלזמאַן זיי זײַנען גאַנץ. מאַטאָנע שטייט שוין מיט דער ווילע... — און מיר פאָרן צו דער באַן.

## ווידער אין שאַכטע

ניט באַוויזן זיך ווי געהעריק אויסשלאָפן פון וועג, שטיי איך שוין באַם שאַכטע־בונקער. ליובען געפעלט ניט, לעמײַ איך לערן שוין דעם דריטן זמאַן, און — גאָרנישט. זינגט זי מיר לידעלעך.

שויטע, דײַן ארבעט
האָט אלעמען פארהיט
פון גרויזאמען ווינטער,
נאָר דיך אליין ניט...

וואָס מיינט דער פּאָסעק? — טראַכט איך אזוי, זיצנדיק מיט איר זונטיק אין סעדל. ליובע שײַנט קעגן דער זון, זי האָט מיר אָנגעפּײַפּט סײַ אין היטל, סײַ אין קוויטל.

אָט זעצט זיך לעבן מיר א „זי״ אין פּלודערן, עס טוט מיר אזש א טיאָכקע אין הארצן: אלע יאָרן, טײַערע, גייסטו אין די הויזן. ליובע לערנט, זי וועט באַקומען א דיפּלאָם, די שפּיצלמאַכערן, רעדט מיר אין דער גאַל, כאָטש נעם און וויקל זיך ארום מיט א נאַסן האַנטעך, דער קאַס זאָל א ביסל אָפּגיין.

— וואָס האָסטו מוירע רירן דײַן נעשאָמקעלע, — טוט ליובע פּלוצלינג א זאָג, — קאָנסט ווערן אן אקטיאָר, שוין לאַנג צײַט ארויסקריכן פון מעטראָ. וויפל איז דער שיר צו גראָבן ערד, זיך ארומדרייען אין מיקלוכע־מאַקלײַס שליאַפּע?

גאַנצפרי הייבן די קוימענס אָן צו טשאַדען, פאַררייכערן די שטאָט. איז מײַן קאָפּ פון ליובעס רייד ווי א ליידיקער טאָפּ, דער ווינט קלינגט מיר אין די אויערן:

---

[1] פון דער אוקראַיִנישער איבערזעצונג פונעם „אינטערנאַציאָנאַל״.

„וואָס האָסטו מוירע רירן דײַן נעשאָמקעלע... וויפל איז דער שיר צו גראָבן ערד — קאָנסט ווערן אַן אַקטיאָר"...

דאָס פישל גייט ניט צום פישער, מע דאַרף אַליין פּאַרקאַטשען די אַרבל, עפּעס אופּטאָן אַזוינס, ליובע זאָל מיר ניט וואַרפן אין פּאָנעם אַרײַן: „גראָבן ערד"!

דינסטיק, אויפן דריטן טאָג, גיי איך אָפּגעבן עקזאַמען אין טעאַטראַלן טעכניקום.

מיכאָעלס זיצט אויפן בענקל, איך שטיי פאַר אים, ווי פאַרן „קיניג ליר". כאַצקל דאָברושין גלעט מיך מיט זײַנע גוטע מאַמע־אויגן. אָנגעשפּאַרט אויף זײַן שטעקן, פרעגט ער בא מיר, צי האָב איך אַמאָל געשפּילט טעאַטער.

— באַטווין, — שיס איך אויס אין איין אָטעם.

— נו, — זאָגט מיכאָעלס צום פּראָפעסאָר דאָברושין, — זאָל ער דורכ־לייענען באַטווינס מאָנאָלאָג „פאַרן עשאַפאָט".

ליובע שטעלט זיך מיר פאַר די אויגן, זי שלעפּט מיך פאַרן מינדסטן פינגער אַרויף־באַרג, זי ווערט גאָר קיינמאָל ניט מיד, קוים וואָס איך טאַסקע מײַנע פיס.

— נו, באַטווין, איז באַטווין, — וועקט ער מיך, ווי פון שלאָף, מיכאָעלס.

„...אויב עס וואָלט געשען א נעס, און איך וואָלט אפסנײַ אופגעשטאַ־נען פון טויט, וואָלט איך אָן שרעק געלייגט מײַן קאָפּ... איך זאָג עס אײַך צוליב דעם, איר זאָלט פאַרשטיין, אַז אינגאַנצן אײַער מי איז גאָר אומזיסט: די טליע איז גרייט, מײַן האַלדז איז גרייט און מער שטעלט מיר קיין פראַגן ניט".

מיכאָעלס פאַרשטעלט מיט זײַנע פינף אַקטיאָרישע שפּילעוודיקע פינגער זײַן גרויסן שטערן, כאַפּט א בליק אויף מיר, ווי א מיידל בא די שפּאַרונעס פון אַלקער. איך שטיי פאַר אים, ווי א כאָסן.

— נו, כאַצקל, — פרעגט מיכאָעלס בא דאָברושינען, — עס וועט פון דעם שאַכטיאָר זײַן עפּעס א טאָלק?

אָקטיאַבער, די זון וואַרעמט שוין מער דעם הימל, איידער די ערד, נאָר מיר איז הייס, מיר איז הייס דערפון, וואָס עמעצער זאָגט מיר אָן די גדולע:

— אָנגענומען...

פון צווייטן צימער הערט זיך שפּילן פּיאַנע, אַקטיאָרן שרײַען איבער איינער דעם אַנדערן:

ליולינקע, מײַן פייגעלע,
ליולינקע, מײַן קינד,
איך האָב אָנגעווירן אַזא מין ליבע,
ווי איז מיר און ווינד...

איך קוק אין פענצטער, געזעגן זיך מיט דער מעטראָ, מיט ליובען, מיטן אַרבפּאַק. מאָרגן פאָר איך אויף סטראָמינקע, אָנזאָגן ליובען די פרייד, אַז מע האָט מיך אָנגענומען אין דער טעאַטראַלער שול.

אף סטראָמינקע איז פאַראַן א גליטש־פלאַץ. נעמען מיר זיך פאַר די הענט, ווי קינדער, און גליטשן זיך ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן. מיר זײַנען צוויי סטודענטן, זײַט אונדז מעקאַנע.

איך קריך אַרויס פון טראַמוויַ, לויף מעשוגענערוויַז, זינגענדיק איבער די טרעפּ אַפן דריטן שטאָק. לינקס, באַם פענצטער, שטייט ניט קיין אַנדערער, נאָר מײַן בריגאַדיר — זשאָרזש ראַיעווסקי.

ליובע שפּילט זיך מיט זײַן גילדן קנעפּל פונעם מעטראָ־רעקל, שמייכלט אַזוי גליקלעך, אַז זינט איך קען זי, האָב איך נאָך אַזאַ פריידיק פּאָנעם בא איר ניט געזען.

בא דער פּאָרענטשע שטיי איך פאַרקילט. לויטער, ווי בורשטין, איז ליובעס געזיכט, צוגעפאַרבט די ליפּן, נײַע ציגײַנערישע אויערינגלעך, דאָס כיין־פינטעלע בא דער נאָז — אַפן אָרט.

ניין, ליובע, דו דאַרפסט ניט קיין אַקטיאָר, ביסט אַליין א גוטע באַ־לערינע.

— צוריק אין שאַכטע, גראָבן ערד, איך זאָל דײַן צורע מער ניט זען!

מיינט איר, אַז אַזוי גיך גייען מיר אָפּ די זאַשפּערעס?

ביסט גאָר א ליגנער, זשאָרזש ראַיעווסקי, סודעס־מיצווע פלעגסטו פאַר מיר פּראַווען אין רעסטאָראַן „יאַקאָר", פּאַיען מיך מיט פּאָרטוויין, געבן זויגן א שטרויעלע, צי׳ען ווערטער, צי קלײַבן מיר זיך גיין מיט ליובען אין „זאַגס", ווער זײַנען אירע עלטערן? ניין, זשאָרזש, מע טאָר ניט זײַן קיין גוטער: האָסט מיר יאָרנלאַנג פאַרעדט די ציין, צוגעשריבן א פּאָר ווערשקעס פאַרטיקן טונעל, געשיקט אף באַנאַכטיקע סמענעס, און אַליין געלאָפן מיט ליובען אף קאַרנאַוואַלן. אָנגעטאָן די מאַסקע און זי ניט אַראָפּגעוואָרפן נאָך דער שפּיל...

אצינד קען איך דיך אין פּאָנעם, ראַיעווסקי! פּוצער, מאַכסט א גוטן גלאַנץ, נאָר א נעשאָמע האָסטו א קויטיקע!

א וואָך צײַט גיי איך אַרום, ווי א דולער. פּירסאָוו האָט מיך שוין לאַנג געוואָרנט: צווישן מענטשן, ברודער, זײַנען פאַראַן פאַרשיידענע סאָרטן — פאַלשע מענטשן זײַנען פון דריטן סאָרט, פון זיי דאַרף מען זיך האַלטן אף א מײַל. ביסט פאַרליבט אין דײַן שאַכטע, שלאָפסט אַפן דאַך פונעם דוש, דײַנע הויזן זײַנען פאַרשמירט מיט ליים און מיינסט אַוואַדע, אַז דו געפעלסט ליובען. טו א קוק, ווי זשאָרזש פּוצט זײַנע שיך, פּרעסט דאָס ווײַסע העמדל. ער נייט זיך א שוואַרצן גאַרניטער, האָט געקויפט א שאַרפעלע, א פּעטראָווע שליאַפּע. צו וואָס טויג איר דײַן פאַרליבטע נעשאָמע!

שאָדן־ווינקל, ליובעניו! א שאָד, וואָס איך האָב קליינערהייט נאָר די קעמעלעך בא דיר פון קאָפּ געשלעפּט, באַדאַרפט געוועזן אַרויסרײַסן אַלע דײַנע האָר, וואָלסטו אצינד ניט געדרייט דײַנע געלע קוטשערן, געשמירט די ליפּן. האָסט אָנגעטאָן שיכעלעך אף הויכע קנאַפּל, ראַיעווסקי זאָל זיך ניט דאַרפן אָנבייגן דיך א קוש טאָן.

נו, פריצעניו, אָדער מיטן פוס אין די סטרעמענעס אָדער מיטן קאָפּ אין פּניאָק. שווארצע האָר וואקסן בא מיר, מאך איך זיך א שרונט, ווּעסטו, ליובע, צעזעצט און צעשפּרונגען ווערן קוקנדיק.

מיט וועמען ווילסטו גיין אין שפּאן? זשאָרזש ווייסט, עמעס, ווו א לעק טאָן, ווו א האווקע טאָן, נאָר דער אָדעסער דעך איז נאָך פון אים ניט ארויס. ווּעסט בא אים לעקן האָניק, באלערינע.

צי ווייסטו, וויפל בריוועלעך פון מיידלעך באקומט ער, זשאָרזש?

האָסט געהאט א באָבע, ליובע, איַינגעבויגן אינדריַיען. מיט דער ערד פלעגט זי זיך שוין קושן, אזוי אלט און צעקנייטשט איז זי געווען, נאָר קיינער האָט אף איר קיינמאָל קיין קרום וואָרט ניט געזאָגט, וואָרעם ניט די באָבעס און ניט די מאמעס אונדזערע האָבן זיך נידעריק ניט אראָפּ־געלאָזט; דאָס טיכל פון קאָפּ פאר א מאנצבל ניט אראָפּגענומען.

יאָ, עמעס, ליובעניו, דער רועך אליין טאנצט פאר געלט, נאָר ווי פלעגט דיַין באָבע זאָגן:

— שטרוי קיַיען, נאָר דעם קאָפּ ניט בייגן.

א מעשוגענעם הונט איז קיין שום שטרעקע ניט וויַיט, אפילע הונדערט ווערסט. אזוי וואָגל איך ארום ביז טיפער נאכט.

פירסאָוו האָט מיך געלערנט שטעלן פיס, ווארפן א שטעקן, טאנצן איבער גריבער, נאָר סיַיווי טאָר מען אים, דעם „מוסטאפא", ניט דער־ציילן, וואָס מיט מיר איז געשען, — ניט זיַין מאמעס אייסעק: ליובען פארשפילט, איז פארשפילט!

איז דען די מאמע מיַינע ניט גערעכט, ווען זי שריַיבט מיר: „מיַין זון, ביסט שוין, קיין איַינהאָרע, אן אלטער באָכער, און לאָזט זיך נאָך קאָכן אין באָרשטש?.."

אוי, מאמע, דיַינע ווערטלעך און בריוועלעך!

באנארישט זיך, אזוי באנארישט זיך! ראיעווסקי איז אן ערלעכער באָ־כער, האָט זיך מיר געדוכט, נאָר אין די זאכן, אָקס־שעבעאָקס, זיַינען דען פאראן צאדיקים? האָסט אים ניט געדארפט, זשאָרזשן, פירן מיט זיך, ניט וויַיזן די טיר אף פיראָגאָווסקי, וואָלט ער, אוואדע, אויך אהער, אף סטראָמינקע, ניט געוווּסט דעם וועג. יעדערן גלייבסטו, ביק איינער.

אזוי גאנצע נעכט ריַיס איך אף זיך די הויט, לויף צען מאָל פאר דער נאכט וואשן דעם קאָפּ מיט קאלטן וואסער.

נו, באלערינע מיַינע, האָסט מיר אָנגעצונדן מיַינע לונגען, ליגט שוין א שארף מעסערל אין קעשענע, איר זיַיט דען ניט ווערט, מע זאָל צע־בראָקן איַיערע ביידנס פענעמער אף לאָקשן?

איך שטיי שוין באם בונקער פון דער שאכטע. שפאלעס און רעלסן ליגן אין שטאבעלן פאר דער ערשטער מעטראָ־ליניע. סע שמעקט מיט קאלך, צעמענט, פרישע ציגל, ערשט געבראכטע פון די ארומיקע מאָסקווער זאוואָדן.

פירסאָוו, ראיעווסקי און די מארקשיידערס אין זייערע ברייטע שאכ־טיאָרישע שליאפּעס לאָזן זיך אראָפּ אין אונטערערד, ווו ליובע האָט פארלוירן איר שיכעלע. דאָס וואסער כליופּעט, פון דער סטעליע פאלן

טראָפּנס טרערן, אין שטרעק קריכט א שווארצער רויך אין די אויגן. איך שליאָפּע ארום אין דער שיטערער ליים, קוים וואָס איך האלט זיך אף די פיס, ווי דעמלט, ווען די שאכטע האָט געברענט.

אין טונעל שטייען שוין די טיובינגען, און אין די אויערן קלינגען מיר ניגונים:

ליולינקע, מײַן פייגעלע,
ליולינקע, מײַן קינד,
איך האָב אָנגעוווירן אזא מין ליבע,
ווײ איז מיר און ווינד...

זײַ וויסן, באלערינע, אז מײַן קאלע וועל איך אינגיכן אָנטאָן א פינגערל.

טאָג נאָך טאָג גיי איך אין שאכטע, פאָר אין מעטראָ מיט הונדערטער מענטשן. איך שטיי א רעגע בא יענער באליוסטראדע, ווו מיר מיט דיר זײַנען אמאָל געשטאנען און נאכעס געקליבן, ווי פירסאָוו לייגט אף די שפּאלעס דעם ערשטן רעלס.

פּופּציק קילאָמעטער א שאָ פליט דער צוג, דרײַ מאָל גיכער פונעם טראמווײַ, צוויי מאָל גיכער, איידער אין פאריזשער מעטראָ. מײַן וועג איז פרײַ...

— אהא, טוסט שוין אָן דער קאלע דאָס פינגערל, — טאָרעט מיך פירסאָוו נאָך דער סמענע, ווען איך שלאָף אײַן, ווי א טויטער. — א בריוו פון דער היים, — לאכט ער לייצאָנעסדיק, ניט אנדערש, אז ער אליין האָט יענץ שלימאזלדיק בריוול אָנגעשריבן.

איך רײַב די אויגן, לייען, אין האלדז ווארגט מיך: „זײַ וויסן, מײַן קינד, — שרײַבט די מאמע, — אז ריסל, מאטאָנע קאָוועלס מויד, האָט געהאט א צווילינג"... „א צווילינג איז ניט איינס, צוויי באָכערים, ווי די פּעטע כאזיירימלעך"... — הער איך שוין דער מאמעס ווערטער. מיך טרייסלט, ווי אין קאדאָכעס, שווארצע טיי טרינק איך, נאָר דער בויך טוט וויי, גלײַך מע האָט מיך אָנגעהאָדעוועט מיט זשאבעס.

— נו, איינס איז נאָך צו דערלײַדן, אָבער צוויי — א צווילינג? — לאכט פירסאָוו. ער רײַסט די קישקעס, לאכט אזוי, אז מיר ווילט זיך אים אויס־דראפּען די אויגן.

בייזע וויסטע כאלוימעס זויגן דאָס בלוט פון די אָדערן. מיר ווײַזט זיך שוין אויס, אז ריסל ברענגט צו פירן ביידע קינדערלעך, לייגט זיי אוועק אף מײַן בעטל — „נא, טאטע, ניאנטשעו!"

בלײַענע כמארעס רוקן זיך, אין דרויסן ווערט וואָס א טאָג טונקעלער. מאכשאָוועס, מאכשאָוועס, מאכשאָוועס...

און פירסאָוו גיסט אלעמאָל אונטער בוימל אין פײַער:
— גליטשן זיך האָסטו ליב, און פירן דאָס שליטעלע?

נו, זאָל זײַן, אז ריסל פאלט אריין מיט ביידע ברעקעלעך אין שאכטע, לייגט זיי אוועק אף מײַן בעט און סטײַעט ניט... ניין, פארקערט, זי הייסט ברענגען א צינקעווע מולטער, פון דעם קוב — זודיק וואסער, נעמט זיי, ריישיס־כאָכמע, אויסבאָדן, שיקט דעם טאטן אין מאָסטאָרג אײַנקויפן ווינדעלעך, צוויי בעטלעך, צוויי קאָלדרעס, צוויי קאפערלעך... טרינקסטו דעמלט, באָכער, בארלעך־יויך!

כוץ אלעמען, דארף מען מיט ריסלען ווערן מאן און ווײַב, אריינ־שרײַבן אין פאס ביידע מאמזיירימלעך... יאָ, ווי׳אזוי זשע רופט מען זיי? ביניאָמין און סענדערל. איי, גוט, — ביניאָמין און סענדערל!

ריסל נעמט די לאָפּעטע אין די הענט, ארבעט באנאכט אין שאכטע, בלײַבט עס, דאָס פּאָרל, אפן טאטנס הענט.

א שיינע מײַסע! נו, און געבן זויגן? דארף מען שוין אן אם, צאָלן איר כוידעש־געלט. נאָר פּירסאָוו כעזשבנט טייקעף אונטער, אז אויב ארבעטן צוויי סמענעס אפן „ענגלישן שילד", קאָן מען זיך אפילע פארגינען האלטן צוויי אמען: א באָנע, וואָס קאָרמעט, און א דינסט, וואָס וואשט און ראמט...

מיילע, זאָל כאָטש פירסאָוו אײַנעמען שטומעניש, זיך ניט ארויסכאפּן פאר דער אָדעסער כעוורע.

הינטן האווקען, הענער קרייען, גענדז בייזערן זיך, אין די אויערן פײַפט מיר א סירענע: פײַל־אויסן־בויגן פליט דורך א באָכערל אף א מאָטאָציקל, ניט אנדערש, ער וויל וואָס גיכער אָנזאָגן די גוטע בסורע: ריסל פאָרט!

דער דאך אויסגעפארבט אין גרין, מאטאָנע שענקט מיר די קו מיט דער קאלב, צוויי קוואלדעס, דעם בלאָזזאק. שטעל זיך אין קוזניע, ווער א טאטע דײַנע קינדער.

— אוי, אומגליק מײַנער, — וועט מעני־ראָכל עפענען איר פּיסק, — דײַן מאמע האָט אויסגעכאָוועט א שאָק קינדער, און דיר איז גרויס אין די אויגן איין צווילינג.

— אלע שטיבער געדעקט מיט טשערעפּ, אָבער בא מאטאָנע קאָוועלס איידעם — מיט גרינעם בלעך.

א פּאלאץ, ניט קיין שטוב: לינקס א טײַך, מע וואשט גרעט; רעכטס — די עמטעעס, זעץ זיך אפן „זאכאר", פּארדין פּאפּע פאר דײַנע קינדערלעך.

— אישאק איינער! — קלאפּט מיר עמעצער אין קאָפּ אריין: — וואָס שטופּסטו זיך אין דער היץ ארײַן? ווו שטייט געשריבן, אז דו ביסט דער טאטע פון אָט די צוויי נעפּעשלעך? מאָנקע דער בוימלקוועטשער האָט זי ליב, ריסלען, מעג זי אפילע געבוירן א טוץ קינדער פארן זמאן, וועט עס אים דען ארן? פארקערט, מיט אזא פּלייצע, ווי בא מאָנקען, איז וואָס שווערער די מאסע, אלץ גרינגער צו טראָגן.

און די מאמע מײַנע ווערט גאָר ניט מיד, זי שרײַבט בריוועלעך:

— בענטש גוימל, זונעניו, וואָס ריסל האָט געבראכט אף דער וועלט צוויי יינגלעך. איר מאמציע, סאליע די וואָבלע, פלעגט שיטן מיט מוידן, מאטאָנע קאָוועל איז פאר דער צײַט האָרבאטע געוואָרן.

פירסאָוו הייבט פאַרזיכטיק אוף פון דיל א שטיקעלע ברויט, ציטערנ־דיק איבער דעם, ווי איבער גאָלד, טרײַבט לייצאָנעס, רעדט אין דער גאָל אַרײַן:

— א טאטע פון צוויי קינדער דאַרף וויסן די פּרײַז פון א שטיקל ברויט.

בייזע כאלוימעס, גענוג יאָמערן און קלאָגן! קומט זי, ריסל, קויף איך א דעמבן בעט, די מאמע שיקט מיר ארויס מײַן איבערבעט. כאַסענע געהאַט, דאַרף מען זײַן א באַלעבאָס.

פאַרטיק נאָך א קוואַרטאַל. מעטראָבויער וווינען אין נײַע דירעס. מיך ציט אין וואַלד אַרײַן. מאָרגן לאָז איך זיך ווידער אראָפּ אין שאַכטע. פון די קאַלעס, וואָס מע האָט מיר אין דער היים גערעדט, איז שוין לאַנג א ווינעגרעט בא מיר אין קאָפּ.

מעני־ראָכל די טוקערן קומט מיר אַפן זינען:

— דאָרט האָט מאָטיעס בען געבערענט און דאָ ניט אָפּגעבערענט, עס וואָלט שוין געוואַקסן גראָז אף מיר, איך זאָל וואַרפן מײַנע שאַדכאָנעס־געשעפטן... מאָרגן פאָרסטו אוועק, — דערמאָן איך זיך אירע רייד. — מאָסקווע איז גרויס, ווי דער אָפּגרונט, דאַרפסטו אין אויסרײַסעניש אַרײַנ־פאַלן — נעמען א מויד, וואָס שפּריצט היפּנאָז אין די אויגן...

מעני־ראָכל — א קליין פּענעמל, א היפּשע נאָז און דאָס העלדזועלע, ווי בא א הינדעלע פון אינקובאַטאָר, נאָר זי האָט אָפּגעזויכט די קנאָפּקע און ווייסט, וווּ א קוועטש טאָן:

— וואָס ווײַטער, מײַן טײַערער, גייען ערגער מײַנע געשעפטן. די ליטוועטשקע שטייט מיר נאַ־פּערעפּוטיע, איך קאָן קיין אַרטיסטקע ניט זײַן.

אף מעני־ראָכלען ברענט שוין דאָס פּעלעכל, — כאָטש נעם זיך, זאָגט זי, ווי עליע, מאָטל פּייסי דעם כאַזנס ברודער, און מאַך פּעסער טינט.

— ווען א הונט טוט א לעק מײַן האַרץ, סאַמט ער זיך. — און מעני־ראָכל ווערט פאַרשוווּנדן אינײַנעם מיט איר היפּשער נאָז...

אין שאַכטע איז הייס, ווי אין קוזניע בא מאַטאָנע קאָוועל. ווען מע שמידט אַקסן, ברענט דאָס פײַער אין האָרן גאָר אַנדערש, עס קלינגען אַלע גרויסע און קליינע העמערלעך, די קוואַלדע איז אָנגע־גליט.

די מעטראָ־ליניע ווערט אײַנגיכן פאַרטיק, טיובינגען קרעמפּעווען צונויף די טונעלן, נײַע סטאַנציעס האָט מען שוין אין מירמל אויסגעפּוצט. מענטשן שלאָפן באַנאַכט, הערן זיי ניט, ווי די „שילדן" קרעכצן, הריזשענ־דיק טיף אונטער דער ערד מיט זייערע שאַרפע שטאָלענע ציין די מאָ־סקווער ליים, פּונקט ווי די שאַכטיאָרן אין שאַכטע הערן ניט, ווי קינ־דער־ווײַגעלעך סקריפּען אויבן, אף דער ערד.

באנדאזשירן, איז באנדאזשירן, לייגן שפּאלעס, איז לייגן שפּאלעס. רייכערן טאָר מען ניט, קיין אש־בעכערס שטייען דאָ ניט. גייט די ארבעט אזוי, אז א פּארע זעצט פון פּלייצע. פון טאָג צו טאָג ווערט ריינער אין טונעל, ליכטיקער, שענער, כאָטש שטעל אויס פּאלמעס אף יעדער מעטראָ־סטאנציע.

ווער מיר ליובע, וואָס מיר ליובע — אראָפּ־בארג, צום מעטראָ־ייִשעוו, ווו איך ווין, קומט מיר אנטקעגן ניט קיין אנדערער, ווי ריסל, מיט ביידע קינדערלעך — מיטן צווילינג...

— באָנים־אל־באָנים, מײַנע יאָרשים! — איך נעם זיי אונטער די פּאכ־וועס, צעכראַסטע דעם בושלאט, ווי איך וואָלט געגאנגען, זײַענדיק דער גרעסטער מעכוטן, פון דער סאמע גרויסארטיקער כאסענע.

איך טראָג זיי, מייער באלנעס׳ אייניקלעך, מײַנע קאבאקעלעך, אָנקוקן מאָסקווער מעטראָ, אין וועלכן עס ליגט אויך זייער טאטנס האָרעוואניע.



# די „ייִדישע שטוב“

ערשטער טייל

העכער דרײַסיק יאָר, אז דו ביסט א שאָפער און א שרײַבער: וואַנדערסט איבער שטעט און דערפער, טראָגסט אויף ערלעך און שווערלעך דעם שרײַבער־ציילעם, זוכסט, אמאָל אין זיקאָרן און אמאָל בא דעם פאָרן, א פאָשעט אויסיעלע, א גאָלדן וואָרט. אָפט איז דיר שווער זיך צו דערמאָנען, — טו זשע א פרעג, זײַ מויכל, באם שאָכן דײַנעם, וואָס מע רופט אים בינעם „וואָלף“. ייִצכאָק־לייבוש פערעצן קנאקט ער אפילע אף אויסווייניק:

— „...און א היילקי פײַער האָט זיך אָנגעצונדן אין דער קאַץ, דאָס פײַער פון פינכאָס בען עלאָזאָר בען ארן האקויהען... און זי איז אראָפּגעשפרונגען אפן טיש, ווו די שטײַג מיטן זינגפייגעלע איז געשטאנען, און — עס פליִען שוין פעדערן אין צימער...

דער סאָד איז, אז מע טאָר ניט טייטן! אז מע דארף ליב האָבן, מויכל זײַן... אז ניט מיט ארבע מיסעס בעסדן[1] פארבעסערט מען די זינדיקע וועלט!

[1] ארבע מיסעס בעסדן — פיר מינים טויט, צו וועלכע מע פלעגט, לויטן ייִדישן רעליגיעזן געזעץ, צומישפעטן פאר שווערע פארברעכנס.

מע דאַרף מאַכזיר־לעמוטעוו זײַן[1], מוסער זאָגן, צום האַרצן ריידן! אַ קאַנאַריק אַ באַלטשוווע קאָן קומען צו אַזאַ מאַדרייגע, צו וועלכער די פּרימסטע קאַץ וועט נישט דערגרייכן!..

מע האָט די קאַץ געשמיסן"...

איך האָב אַמאָל אָנגענומען די שמיץ פאַר ליב, בין איך מיר אַצינד אויך אַ האָן און בריקעווע אין קאָשעק... ווער עס פאַלט אַף אַ געדאַנק, ווער אַף דער נאָז, נאָר מיך האָט באַפאַלן אַזאַ מעשוגאַס: באַשרײַבן די „ייִדישע שטוב", אין וועלכער איך לעב נעפּעש־אַכעס מיט די מענטשן. מעכעטייסע, איך לעב ניט פון מיצוועס און מײַסים־טויווים. שטאָק־נאַכט זע איך די זינדיקע לעוואָנע, ווי זי ווערט געבוירן אין כוידעש סיוון. נעם איך אַרויס, ווי דער זיידע, פון קעשענע אַ ביסל מינץ, צו באַווײַזן איר, דער מאַלקע, אַ סימען — געלט זאָל זיך מערן...

דאָ ניט ווײַט, קעגן דער וואַנט פונעם דאָזיקן הויכן מויער, איז געשטאַנען אַמאָל מײַן קליין כורוועלע, ווו מיר האָבן געלעבט, שטודירט ביכער, געזונגען לידער.

מיר איז דעמלט געווען ראַפּטאָם איין און צוואַנציק, און געענדיקט האָט זיך עס אין דעם יון־טאָג, ווען איך בין מיט אַלע מענטשן אַוועק אין פײַער שלאָגן קאַפּאָרעס מיט היטלערן.

די מילכאָמע איז אַריבערגעלאָפן, ווי אַ זאַווערוכע. אַלע מײַנע אייגענע זײַנען דאָרט פאַרפאַלן געגאַנגען, און די איינציקע באַ מיר זײַנען פאַרבליבן — שכיינים.

פון שטענדיק אָן פאָר איך מיר צו צו דער „ייִדישער שטוב" אַזוי ווי אַ שטאָט־באַלעבאָס, כעווערלײַט קלעפּן אַרום מײַן נײַעם „זיל", און איך טו אַ פרעג גלאַט אַזוי באַ דער בוידעכעס אייניקל:

— וואָס האָט איר הײַנט געלערנט, גרישעניו?

— אַף שפּיצבערגען האָט מען געפונען לאָרבער־בלעטער.

— איז עס אַ סימען, אַז דער קלימאַט, ווי אַ האַרץ, גייט אָפּ.

איך פלעג דעם באָכערעץ אַרײַננעמען אין קאַבינע און דורכפאָרן זיך מיט אים אַ ביסל — פאָרט מײַן כאַווערס קאַדעש.

אָפּגעשטעלט די מאַשין, אויסגעלאָשן דעם מאָטאָר, האָב איך געעפנט דאָס טירל, גענומען אים, גרישען, אַף מײַנע הענט, צוגעלייגט אים צום האַרצן, ווײַל דער פאָטער זײַנער, ראָמאַן גריגאָריעוויטש כײַפּעץ, וועט זײַן באָכער שוין ניט נעמען אין די אָרעמס, אומגעקומען איז ער, ער־געץ אונטער נאַראָפאָמינסק, די מוטער — געשטאָרבן, דאָס קינד איז אַ יאָסעם.

[1] מאַכזיר־לעמוטעוו זײַן (אַ זינדיקן) — אומקערן אַפן גוטן וועג.

נאָר די באָבע זײַנע, וואָס אַלע שכײנים רופֿן זי די בוידעכע, האָט געפֿירט אים ריין, ער איז, כאַלילע, ניט געווען הונגעריק, ניט ארומגע־גאנגען מיט צעריסענע שיך. און דאָך...

— ווער ווייסט, וואָס פֿונעם דאָזיקן פֿידסוויניק וועט ארויס, — האָט פֿאַרייכערט דער „וואָלף" זײַן פּיפּקע, געטשאַדעט אזוי, אז מע האָט באַדאַרפֿט אַפֿילע אין הימל עפֿענען א פֿאָרטקע, — זיי וואַקסן, די מאַ־זיקים, ווי קראָפּעווע.

א קינד דרייט זיך ארום, און ס'נעמען זיך פֿון אים שיטן שפּיצלעך: ער וואַרפֿט א שטיינדל אין פֿענצטער, שרײַבט מ׳עסע זאַכן אף די ווענט, שלעפּט ארויס בא פֿרעמדע א יידיק פֿלעשל פֿונעם קאָשעק, דערהאַרגעט דעם געשטופּלטן פּראָפֿעסאָרס ווײַס־טשובאַטע הינטל און וואַרפֿט עס ארײַן צו מיר אין קוזאָוו — פֿיר, הייסט עס, שאָפֿער, דעם פּייגער...

און ווען עמעצן איז אײַנגעגאַנגען דעם ווײַסכעוורעניק צו באשטראָפֿן, פֿלעגט קומען די באָבע צו לויפֿן מיט אירע געשרייען:

— וואָס הייסט, גרישע איז א יאָסעם!

פֿון יענעם טאָג אָן, ווען גרישע איז מיט מיר געוואָרן יאַדאַכעס, פֿלעגט ער שטילערהייט צוגיין צו מײַן מאַשין, קוקן, ווי איך קעכל זי און רייניק.

— ס'איז עמעס, — טוט ער בא מיר איינמאָל א פֿרעג, — איר זײַט געווען גוטע פֿרײַנט מיטן טאַטן?

יאָ, ס'איז לויטער עמעס.

גרישעס פֿאָטער, ראָמאַן גריגאָריעוויטש כייפעץ, איז געווען א פּראָפֿע־סאָר טאַקע דאָ, אין דעם הויף, ווו איך וווין.

דעם טאַטנס צוואָע, פֿאַרשטייט מען, איז א קלאָרע: פֿאַר געוויס האָט ער געוואָלט, אז גרישע זאָל זײַן א מענטש. נאָר אָט ווײַזט זיך גאָר ארויס, אז דאָס איז ניט אזא גרינגע זאַך. די עמעסע בעזהאָלאָווליע האָט זיך אָנגע־הויבן ערשט דעמלט, ווען בא דער בוידעכעס נאַכעס האָבן אָנגעהויבן שפּראָצן וואָנצעלעך, ער גאָלט זיך שוין, טראָגט באַקענבאַרדן, לויפֿט אין קינאָ, דרייט גאַנצע טעג פּלאַסטינקעס, שפּילט אין קאָרטן...

די באָבע בלאָזט אָבער נאָך אַלץ אף איר טאַכשיט. ווען עס דאַכט זיך איר אויס, אז אָט וועט ער לויפֿן אף דער צעלינאַ, ברעכט זי אירע אַלטע אויסגעהאָרעוועטע הענט:

— סיביר? ווער ווייסט, צי איז דאָרט דאָס וואַסער געשמאַק? אין דער פֿרעמד, ווער וועט אים אויסוואַשן א העמד, צונייען א קנעפּל, צורעכט מאַכן א שוך.

— ברויט וועט ער זייען, דער יאָסעם, — צעכליפּעט זיך די בוידעכע, — גרישע האָט אף זײַן לעבן א בײַוועלע ניט ארײַנגעסילעט, דעם קאַראַנדאַש אַליין ניט פֿאַרשניצט.

אין טאַשקענט לעבן איז פֿאַר גרישען צו הייס, דאָס וואַסער זידט אין דייזשקע פֿון דער היץ. אין סיביר ברעכן זיך די צווײַגן פֿונעם פֿראָסט, אין דער אַנטאַרקטידע — צו ווײַט...

— אין דער היים, — זאָגט די באָבע, — רוען אָפּ סײַ די הענט, סײַ די פֿיס. צו וואָס דאַרף גרישעניו לויפֿן אין דער פֿרעמד?

די בוידעכע איז געווען א טאָכטער פון א דאָרפס־ייִד, ביז היינטיקן טאָג גייט זי ארום מיטן אָפּגעריסענעם פינגער, — א סימען, וואָס דאָס קעלבל האָט איר איבערגעלאָזט.

אין דאָרף האָט די בוידעכע קיינמאָל קיין בארמינען ניט געזען. מע פלעגט שטארבן שטיל, אָן קלעזמער. און ארויסגערופן האָט עס פונקט אזעלכע רייד, ווי באם אָפּהאקן בא א האָן דאָס קעפל, באם אָפּסמאליען אים און דערנאָך באם ארופנעמען פונעם קעלער א קריגל מילך — צו פאר־טרינקען.

מע האָט ניט געטרונקען די שווארצע ציקאָריע, ניט געזופט שאבעס נאָכן שלאָף די טשאָלנט־יויך, קאלטבלוטיק האָט מען געלעבט, קאלטערהייט געשטאָרבן.

באצאָלט עטלעכע קאָפּעקעס דעם שאמעס, טראָגט ער דעם מעס אוועק, אָן א קרעכץ — אזש ביזן גאלעכס וועלדל.

א מאָדנע לעבן האָט מען געלעבט — א לעבן צווישן טויבשטומע, געווען איז מען פאָשעטע כיי־וועקייעמס, טוווע־הענדלער, טאנדעטניקעס, שלימא־זאָלים, שטריקלדרייער, היצעלס, גלאט לעקישעס. כסידים, מיסנאגדים — פלעגט מען זיצן אין בעסמעדרעש, ארויסקוקן פון אונטער די געדיכטע ברעמען, צי גייט ניט פארביי עפּעס א נייער מענטש, צי האָט עפּעס ניט געטראָפן...

און דאָ האָט געלעבט די בוידעכע, און דאָ, קאָן מען מיינען, איז זי עס געוואָרן אזא געשלייערטע אריסטאָקראטקע.

— הער מיך אויס, — זאָגט צו איר דער אלטער בינעם „וואָלף", — וואָס, מישטיינסגעזאָגט, האָט דיין אייניקלס זיידע געזען בא זיך אין פאר־וואָרפענעם דערפל: איין מאָל אין טאָג פלעגט ער קאָכן א קולישעקל, אראָפּלאָזן אפן שטריקעלע דאָס שטיקעלע פעטס, — ס'ווערט פעטער די יויך, כאפט ער עס ארויס, מע זאָל, כאָלילע, קיין איבעריק שמאלץ־אייגל ניט אופעסן.

בינעם צעשפּיליעט זיין זשילעט און פאסקנט אָפּ מיט א ניגנדל:

— ווי שטייט דאָרט אין פּאָסעק געשריבן: די נעשאָמע דארף אומעטום זיין און אלץ מיטאנאנדער וויסן, בוידעכע. איז לאָז אים אָפּ, דעם כייפּעצל, אפן אוראל, וועט ער זיך אָנשמעקן מיט טאבאק. וואָס איז, אונדזער שאָכן מוראשאָוו איז פון אנדער טייג געקנאָטן?

אין דער „ייִדישער שטוב" וווינט דער מעטאלורג איוואן וואסיליעוויטש מוראשאָוו. ווי בא אונדז אין הויז פירט זיך, איז איוואן וואסיליעוויטש אויך א מעטופּל מיט קינדער. זיינע כעוורע — אלע רויטינקע, געזונטע, וווקסי־קע. די פענעמער אָנגעשיטע מיט קלייען. אָן אנדערע איז די מיזינקע, אס־קע — ווי פון ריינעם שטאָל איז זי אויסגעגאָסן.

— נו, ניוסיע, — פלעגט מוראשאָוו פרעגן בא דער אלטער זיינער, — אצינד ביסטו שוין צופרידן?

יאָ, ניוסיע האָט נאָך דער מילכאָמע געכאלעשט האָבן א מיידל. איצט

גייט שוין אסקען דאָס אכצעטע, מע געדענקט זי דאָ, אין דער „ייִדישער שטוב", ארומגיין מיטן סאָסקעלע אפן האלדז, סע פלעגט זיך טעלעבענדען, אָנזאָגן יעדן באזונדער: דאָס קינד האָט, ניט וויסנדיק וואָס־ווען, אויסגעטרונקען א גלאָז עסיק, איז עס א שוואכינקס, דאָס קינד.

אָנגעזויגן זיך מיט מילך, היגערשע ייַכלעך, עפּל־זאפט, האָט מוראשאָוס מיזינקע אראָפּגעוואָרפן פונעם האלדז דאָס שטריקעלע מיטן קישקעלע, אָנגעטאָן א רויט ציצן קליידל, פארצויגן מיטן ליפּטשיק די הויכע, שטייַפע בריסטלעך. גרישע כייפּעץ האָט דער ערשטער באמערקט אסקעס שיינקייַט, די צוויי גוטע נעשאָמע־אויגן אירע. טאקע דאָ ליגט דער סאָד פארבאַרגן, וואָס ער פוצט זיך אזוי, שטייט אָפּ גאנצע שאָען קעגן אסקעס טיר, ווארט, זי זאָל ארויס אין דרויסן.

אין דער „ייִדישער שטוב" פארשפּאָרט מען אויסצובאהאלטן, ווער אין וועמען עס איז פארליבט. דערפאר טאקע הערט בינעם דער „וואָלף" ביט אוף אייַנטייַנען מיט דער בוידעכע, אז ווען איר אומגליק, גרישעניו, פאלט אריַין אין די הענט צו מוראשאָוון, ארבעט אָפּ מיט אים א פּאָר יאָר, כאפּט דעם סמיק, וויאזוי צו מאכן שטאָלענע פּאָרמעס, — ווען סע געשעט מיט גרישען אזא זאך, וואָלט ער אָן סאָפעק געוואָרן א מענטש. „אז ער וועט זיך אָנמאָרדעווען באם שמעלצן שטאָל, — טייַנעט דער „וואָלף", — וועלן אים ניט קריכן אין קאָפּ אריַין קיין פּוסטע כאלוימעס..."

בינעם זאָגט, אז דער גאראזש, וווהין מע שאדכנט איצט גרישען, איז ניט יענער געוואונטשענער קאנטשיק, וואָס גלייַכט אויס די ביינער. מענטשן זעען דען ניט, אז שכיינים פּראָפעסאָרן נעמען אראָפּ די שליאפּע, באגעגענדיק איוואן וואסיליעוויטש מוראשאָוון. מיינט טאקע בינעם, אז מאכן „האמויצע" איבערן באָכערל דארף נאָר מוראשאָוו. מיט אים וועט גרישעניו פארדינען כאסענע־געלט. שטאָל שמעלצט מען בישכיינעס מיטן אינסטיטוט־הויף. דאָרט דרייען זיך ארום סטודענטן, די לופט אליין טרייַבט צום לערנען זיך — גרישע דארף ארבעטן און לערנען. „ביסט דאָך א קלוגע ייִדענע, — זאָגט דער „וואָלף" צו דער בוידעכע: — עסן קען ער, נאָר דעם אלעפבייס — ניט. שטומפּיק איז ער אין דער איוורע..."

— שאָפעריַי פאר גרישען, — כאזערט איבער בינעם, — איז אלציינס, ווי גראָבן א קרענעצע דאָרט, ווו סע איז קיין וואסער ניטאָ.

דער אלטער בינעם לעבט שוין לאנג, קיינער ווייסט ניט, וויפל עס איז אים יאָר, דעם זאָקן מיטן באוואקסענעם פּאָנעם פון א וואָלף, מיט די אויגן, וואָס שטעלן זיך מיטאמאָל אָפּ און קוקן אזוי, אז אומעגלעך איז אויסהאלטן דעם קוק, — באנאכט לייַכטן אָט די אויגן, ווי דער גלי־וואָרעם...

די שכיינע מעג זיך פארלאָזן אף רעב בינעמען, ער וועט מאָרגן מיט מוראשאָוון איבערריידן, רעבע־געלט נעמט ניט איוואן וואסיליעוויטש דערפאר.

— צי ווייסט די בוידעכע, — שטייט שוין בינעם בא דער טיר, — אז איוואן וואסיליעוויטש מוראשאָוו האָט אפילע דעם פליען ארויסגעשטעלט א צונג. איינמאָל קומט צו זיי אין לאגער — ווער מיינט די שכיינע? —

א מענטש פון וולאסאָוון, דעם טרייפענעם גענעראַל, וואָס האָט גאַנצע צוויי אַרמייען פאַרפירט אין פּסקאָווער בלאָטעס, אַראָפּגעפירט פון גלײַכן וועג יענע, וועער עס איז, ווי בלינדע קעצלעך, געגאַנגען נאָכן יאָלעם זײַנעם...

— טויט א טויווע, — בעט ער, הייסט עס, דער דאָזיקער וולאסאָוו, — זויגט בא די פּלעניקעס דעם מאַרך פון די ביינער, מע זאָל העלפן היט־לערן גויוועער זײַן די מאַטושקע רוס.

מוראַשאָוו, פאַרקליבן זיך ערגעץ אין א ווינקל, טראַכט: ניין, הער וולאַסאָוו, פאַרקויפטע נעשאָמע, מיך וועסטו ניט פאַרנאַרן אין טאָרבע. איוואַן וואַסיליעוויטש זאָל זײַנע ברידער שלאָגן פונעם דײַטשישן אָקאָפּ?! — און איז טאַקע אין דער זעלבער נאַכט פון יענעם לאַגער אַנטלאָפן.

מוראַשאָוו איז א געזונטער מענטש, — זאָגט בינעם, — זיבן אָקסן, דאַרף זי וויסן, די בוידעכע, האָט ער שוין אופגעגעסן, וועט ער יאַקאָס אַזא קאַלב, ווי גרישע, דעם אַכטן אַראָפּשלינגען.

איך בין גליקלעך, פּאָשעט גליקלעך, וואָס איך ווין אין אָט דער „יִדִי־שער שטוב". וויפל, אשטייגער, זוכט א שרײַבער, ביז גאָט העלפט אים א ביסעלע שטאָף, מע זאָל קענען לייענען דאָס, וואָס ער שרײַבט אָן, — עס זאָל זיך לאָזן עפּעס הערן.

אָט דערמאָנט בינעם דער „וואָלף" מיט זײַן שאַרפער צונג דעם דאָק־טער פרידמאַן. איז זאָלט איר וויסן, אַז דאָקטער פרידמאַן, וואָס וווינט בא אונדז אין דער „יִדישער שטוב", מיט מיר אונטער איין דאַך, איז ניט אַבי־וועער, ער איז ניט יענער רויפע, וואָס אים איז גרינגער אף מאַמע־לאָשן אָנשרײַבן הונדערט קוויטלעך דער כעוורע קאַדישע, איידער אָנשרײַבן אין אַפּטייק צוויי געציילטע ווערטער אף לאַטײַן.

פאַרגעסט ניט, אַז פרידמאַן איז אַן אַמאָליקער זעמסקי דאָקטער, וואָס פוילט זיך ניט אופשטיין אינמיטן דער נאַכט און לויפן צו א כוילע אין אויסרײַסענעש אַרײַן.

דער זעמסקי דאָקטער טאַפּט ניט באַם דויפעק, לייגט ניט צו דעם אויער צום קראַנקנס האַרץ, אַלץ — אַפּן אויג, פאַר א ווערסט, דורך די ווײַבערשע ברילן. אין יעדער שטוב נעמט ער אָן טינט אין זײַן באַזילבערטער פּען, זי זאָל פאַרמאָגן קויעך אָנצושרײַבן אַזויפיל רעצעפּטן...

ביזוואַנען פרידמאַן נעמט אָן זײַן „פּעסעלע" טינט, דערציילט ער אײַך צוואַנציק מײַסעס. עמעס, אויך וועגן אים דערציילן בייזע צינגער אַן עמע־סע מײַסע. נאָר דאָס איז שוין א גאָט־זאַך, א ליבע־געשיכטע, ווי מע זאָגט בא לײַטן. דער דאָקטער פרידמאַן, זאָל ער אונדז מויכל זײַן, איז, ניט גע־קוקט אף זײַן אַסטמע, נאָכגעלאָפן א ציגײַנערן גאַנצע צען יאָר, און אין לעצטן סאַכאַקל טאַקע מיט איר כאַסענע געהאַט...

פרידמאַן איז א קאָהאָל־מענטש, און ווײַל ער נעמט ניט קיינע מאַטאָנעס פאַר די טויוועס, וואָס ער טוט, קומט אויס, אַז ער לעבט גאָר לויט אַן אומ־זיסטן כעזשבן און די וועלט איז טאָמיד אים עפּעס שולדיק.

„גוטמאָרגן — גוט־יאָר!” וואָס גייט עס אים אָן אזוי, אויב, לעמאָשל, גרישע כייפעץ האָט מיט דאשען, וואָס ווינט טאקע דאָ אין דער „ייִדישער שטוב”, אָפּגעטאָן אף טערקיש — געקומען צום ווײַבל אין דער סאמע שווערער צײַט, ווען איר מאן האָט מען אויסגעשניטן א לונג, — גענומען האָט דער מאן זי פון ערשטן קוק, געוואשן איר די פיס, — קומט דער בוי־דעכעס יונגאטש, צעשטערט אזא גליקלעך לעבן.

— שטומפּיקע קעפּ אָט די ווײַבער! — בייזערט זיך שוין דער דאָקטער אף אן עמעס: — האָ־שע מאָראס דאשע! — קלאפּט ער נאָך אלץ טינט אין באזילבערטן הענטלפּען. — דײַן מאן ליגט אונטערן מעסער, טראָגסט אים זעקעלעך מיט מאראנצן, וויינסט הינטער דער טיר, — און דאָ באלד גייסטו, דאשינקע, אוועק פונעם שפּיטאָל קושן זיך מיט כייפעצן...

— מאָראל, ווו איז מאָראל!

דער דאָקטער פרידמאן לויפט שוין פון די טרעפּ, ער האָט נאָך א סאך קראנקע צו באטראכטן, און גרישע כייפעץ באקומט כיישעק אים נאָכ־שרײַען:

— סאָלאָמאָן יאקאָווליעוויטש! און צען יאָר נאָכלויפן נאָך א ציגײַ־נערן — דאָס איז מאָראל?..

דער בוידעכע וואָלט גאָר אזוי שווער ניט געווען, זי זאָל אזוי ניט שפּרייטן אירע הענט, פארשטעלנדיק די שמאדשטיק פון גרישען, און בע־סער א פּרוּוו טאָן, ווי רעב בינעם זאָגט, איבעריידן מיט מוראשאָוון. פרײַער גאָט, דערנאָך איוואן וואסיליעוויטש קאָן מאכן איר אייניקל פאר א מענטשן.

גרישע כייפעץ — צו זײַנע צאָרעס פארמאָגט ער נאָך א מײַלע: אז מע רעדט מיט אים ווי מיט א מענטשן, ווייסט ער, ווי־אזוי צו הערן.

גרישעס ראכמאָנעס־פּאָנעם זעט איצט אויס, ווי ארויפגעלאָזט אין א טהאָם. אײַנגעשרומפּן שטייט דער באָכער פאר מוראשאָוון, גלײַך ער וואָלט זיך ערשט מיטאמאָל דערמאָנט, וויפל רייד עס האָט שוין אין אים ביז הײַנט ארײַנגעשאָסן איוואן וואסיליעוויטש.

גרישע כייפעץ קען שוין קימאט אף אויסווייניק, וויפל מוראשאָוו האָט געוויגן נאָכן פליען — פערציק פונט, ארויפגערעכנט אפילע די אויסגעשלאָ־גענע ציין. אזוי איז עס טאקע, אזוי. אָבער די שינעל זײַנע האָט ער פאר די היטלער־הינט ניט אונטערגעשפּרייט — א פּײַג!

דער באטיע מוראשאָוו רעדט — א מעכײַע צו הערן:

— קאטיושעס שיסן קאָס־נאקאָס, אלציינס מע מעלקט בעהיימעס... ס׳צעשפּרייט אירע פליגל די ערד; ציינד מיך, בראָט מיך און ברען, נאָר אויב מע וויל וויסן, ווי־אזוי איך עס זיך אײַן אין עפּעס, דארף מען מיך ארויסקאלופּען פון די הילצערנע שיך, מיט די געקאָוועטע אָפּצאסן..

— איוואן וואסיליעוויטש, זאָגט, וואָס טוט זי אָן מיט איר שיסן, די קאַ־טיושע? — האלט ניט אויס גרישע.

— דער שניי, ווי ווײַס־קלאָרער כאזער, שיכט צו שיכט, ווערט קוילן־

שווארץ, אויסגעמישט און צעשמאָלצן... דעם עמעסן געפּילדער מאַכט זי, די קאַטיושע... אזא מוזיק האָבן די דײַטשישע גענעראַלן נאָך ניט געהערט... פונעם האַרצן, פון דער ערדס טיפֿקײַטן רײַסן זיך אַרויס אירע קרעכצן...

בא מוראַשאָוון אין צימער הענגען אויף דער וואַנט אַ פּאָר בילדער: טיאָרקין מיטן רויטן קיסעט, פּאַרדרייט אַ ציגאַר, דערציילט עפּעס אויף טשיקאַוועס די סאָלדאַטן. און נאָך: מע וואַלגערט די סוואַסטיק־פּאָנען צום קרעמל.

אַ רעגע פאַרקוקט זיך גרישע אויף די דאָזיקע בילדער, באַמערקט ער ניט, ווי איוואַן וואַסיליעוויטש גיסט אָן צוויי קעלישעקלעך:

— כאַווער כײפעץ, פּאַרשטיי אַלץ מיטן קאָפּ אַליין...

גרישע מאַכט זיך טויבלעך, טוט אַ פרעג:

— הייסט עס, איוואַן וואַסיליעוויטש, צו הונדערט פּופּציק גראַם?

— צו הונדערט פּופּציק, — שמייכלט מוראַשאָוו, — נאָר שלאָפקײַטן אין דער „ייִדישער שטוב" אײַנצופירן דאַרפסטו ניט.

מוראַשאָוו מיט גרישען קערן איבער די גלעזלעך.

— טרינקען, זע איך, טרינקסטו, גרישע, ווי אַ באָכער, נאָר לעבן לעב־סטו ווי אַ קעצל — דראַפּעסט זיך... אַלע מענטשן גייען אויף דער אַרבעט, גרישע, נאָר דו איינער...

זיצנדיק אזוי מיט מוראַשאָוון און הערנדיק זײַנע אָפּגעהאַקטע ווערטער, פילט גרישע, ווי אָט דאָ אויפן אָרט, מאַמעש איצט, אין אָט דער רעגע, בלאָזט אַראָפּ די שטויבעלעך פון זײַן נעשאָמע אָן אײַנגעשפּאַרט, פּריש ווינטל. שניי אַפילע, ווען מע טאָפּטשעט אים ניט גלאַט אזוי מיט די פיס, סקריפּעט אונטער אויף זײַן אויפן, בעשאַס דער ווינט בלאָזט אָפּ פון אים איעדער שטויבעלע, דער פּראָסט פּרירט אויס איעטווידער שוואַרצקײַט. און זע נאָר, זע: כאָטש קנעט פון אים טייגלעך, כאָטש ווײַס אים אויס פון אינווייניק, אזוי לויטער ווערט זײַן דירע.

איוואַן וואַסיליעוויטש וועט נאָך בא גרישען אַ פרעג טאָן:

— וואָס שפּילסטו, באָכער, מיט מײַן אָסקען אין פוטבאָל? ליבסטו אַ מיידל, ליב ווי גאָט האָט געבאָטן...

דערווײַל אָבער טוט ער אַ פרעג:

— „איִדע", ווערדיס, האָסטו געהערט?

— געהערט, מיר זײַנען מיט אָסקען געווען אין „באָלשאָי".

— אהא, מאַזיקים, פאַרמאָוועט ווערן אין די סקאַלעס, נאָר אײנײנעם...

גרישע, וועלנדיק באַווײַזן, אַז מע איז אויך ניט אַבי־ווער, זאָגט ער גאָדלדיק:

— אַמנעריס, זי האָט דאָך אויך, איוואַן וואַסיליעוויטש, פײַערדיק גע־ליבט ראַדאַמעסן...

— נו, ברודער, דאָ קען אײַך קיינער גאָרניט העלפן...

מוראַשאָווס ווערטער האָבן אים, גרישען, אַ ברי געטאָן. אין זײַן בייזן אויג האָט זיך באַוויזן אַ טרער.

— נאָך הונדערט פּופּציק גראַם — טרערן?! איך קען אײַך ניט העלפן, כאַוועך כײפעץ, אַפילע, מײַן קינד, דיך ברענגען אַהין, וווּ מע שמעלצט

שטאָל, איז מיר א ביזאַיען, אויב דײַנע אויגן זיצן אַף א נאס אָרט. איך האָב מוירע, זאָלסט מיך ניט אונטערפירן...

גרישע לויפט ארויס פון מוראשאָוון. שיקער? ניין, נאָר ניט שיקער. אין קאָפּ בא אים באָמבלט זיך: ליבן — איז ליבן, ווי ראדאמעס...

אין גאראזש טוט מען מיך א פרעג:

— וואָס קומט ניט דער קאדעש דײַנער? א ספּריטנע באָכערל...

מײַנע קאָלעגן ווייסן, אז גרישע כייפעץ איז ניט פון יענע כסידים, וואָס צו בארמיצווע גייען זיי שוין אין דער סטאדע בלינדערהייט. א נעכטיקער טאָג... ווינטער זיך געבאָדן, זומער זיך געגליטשט. גיי ווייס זײַנע דראָכים. אָט שפּילט ער א ראכמאָנעס־פּאָנעם, און אָט שטעלט ער ארויס א צונג...

ענטפער איך זיי, די קאָלעגן מײַנע, מיטן אלטן בינעמס א וואָרט. דער „וואָלף" זאָגט, אז גרישע כייפעץ איז א מין שפּעטע וועסנע — שווער שפּראָצן גראָזן, דער שניי ליגט, אלציינס מע האָט אים אײַנגעזאלצן.

— ס'איז א מין הירש מיט געדרייטע הערנער...

בא דער „יִדישער שטוב" באווײַזן זיך אפן טאָוול הארבע ווערטער: דעם פּערצעטן מארט אין רויטן ווינקל אַף אן אויספּאָרשונגס־סעסיע פונעם ראַ־יאָנעם געריכט וועט זײַן דער מישפּעט איבער דעם טונעיאדעץ גריגאָרי ראָמאנאָוויטש כייפעץ. אָנהייב פּונקט אזייגער.

א שווערע לאסט אַף מײַן נעשאָמע. קיינמאָל אין לעבן האָט מיך אזוי ניט באריִרט, ווי דאָס מאָל, ווען איך האָב איבערגעלייענט אָט די מעגילע אפן טאָוול.

שטיקער רײַסט ער, גרישע, פון מײַן הארצן: ראָמאנס זון, מײַן אומגעקומענעם כאווערס יוירעש. דער פּסאק פאלט אַף אונדז, לעבעדיקע, הייסט עס. טכיִעס־האמייסים וועט גרישעס פאָטער ניט אופשטיין...

בינעם דער „וואָלף" איז קיינמאָל ניט געווען צווישן די פארשײַטע קאפּצאָנים. אלע זײַנע יאָרן האָט ער געצויגן דאָס שטיקל ברויט פון זײַנע צען פינגער, יִנגלווײַז געראטשקעוועט בא כאִים שטריקלדרייער, געצויגן די שטריק פון איין ברעג לעוואדע ביזן צווייטן ברעג. כאסענע געהאט, האָט בינעם געוואָרפן זײַן בידנע געשעפט — שטריקלדרייערײַ, אויסגעלערנט זיך בא נאכמען באָנדער ארײַנשטעלן א קלעפּקע, אָנציִען א רייף, מאכן א ציבער, אפילע א הילצערנע מולטער.

אזוי, שפּאנענדיק מיט זײַן קלאפּערגעצײַג איבער שטעט און דערפער, האָט בינעם, ארײַנפאלנדיק איינמאָל פּרײַטיק אין כוטאָר ראָמאשקע, געפונען דאָרט פאר זיך א „ראָמאשקעלע" — א קאלע, הייסט עס, דעם שוי־כעטס טעכטערל. לעבט זי אָפּ מיט אים קנאפּע דרײַ יאָר און געבוירט אים, דעם יונגן באָנדער, פיר קינדער — צוויי צווילינגען. שמייכלען די בייימער — באטאָג פון דער זון, באנאכט פון לעוואָנע־שײַן, שושקען זיך וועגן דעם, וויִאזוי בינעם דער באָנדער „פלעכט" — צוויי קינדער פאר איין מאָל...

מענטשן פארזעצן ביימער, פלאנצן סעדער, אז מורעשקעס און בינען זאָלן שפינען פאר זיך א נעסט. בינעם האָדעוועט זײַנע קינדער, בויט א שטוב אין כוטאָר ראָמאשקע, טוט די קינדער אָן רײנע לײַוונטענע העמ־דער, אז אפילע דער שויכעט אליין האָט אים פאר גרויס אָפּשײַ געגעבן שמעקן טאבעקע פון זײַן זילבערנער פושקע.

לעבט ער, בינעם, מיט זײַן „ראָמאשקע", ווי צוויי בארן מיט רויטע בע־קעלעך — אים א ביס, זי א ביס... הינטער דער שטוב — א טײַך. ווערט דערטרונקען א קינד, איז אין כוטאָר א יעלאָלע. הייבט די שויכעטקע אָן צובינדן די קינדער פארן טישס פיסל, ווי געפּענטעטע הינער.

אך, שמעקן די פעלדער אין אוקראַיִנע, אלע זומער פּאָראָסיען זיי זיך אָפּ, ווארפן ארויס מיליאָנען פוד ווייץ און קאָרן, פּראָסע און הרעטשקע, — פיקט, קינדער!

שמעקט בינעם טאבעקע פונעם שווערס פושקע, הערט ער, דעם שווי־כעטס איידעם, אז מע קוילעט ערגעץ מענטשן, — הע, מע מיינט ניט מיך...

די ערד ברענט, מע שלאָגט שוין מיט ייִדן קאָפּאָרעס, — הע, מע מיינט ניט מיך...

און ווען מע האָט אים דאָס דריטע מאָל שוין געשטעלט צו דער וואנט, די שפּיז אין בויך שיר ניט ארײַנגעשטעקט, דאָס ווײַב מיט די קינדער אויסגעשאָכטן, דעמלט האָט בינעם מער זיך ניט געמאכט טאמעוואטע:

— הע, מע מיינט טאקע מיך!

אנטקעגן וואָס דערציילט ער עס אים, גרישע כייפעצן? דער „וואָלף", בינעם, וויל אים געבן צו פארשטיין, אז בעשאסן גרויסן צאָרן, היטלערס מאגייפע, האָט ער ניט איין מאָל געבראָטן זיך אין פײַער. נאָר דער גוף האלט זיך אף די פיס, ווײַל די נעשאָמע איז בא אים אן ערלעכע נעשאָמע.

דער יאם, — זאָגט בינעם, — וועט ניט קאליע ווערן פונעם הונטס לעק...

— אָט אימעני טשעלאָוועטשעסטוואו![1] — קלאפּט דער „וואָלף" גרישען אין פּלייצע, — אָט אימעני טשעלאָוועטשעסטוואו זאָג איך דיר, ראָמאן גרי־גאָריעוויטשעס בכאָר: ווארף אוועק דײַנע שטיק, ווער א מענטש!

גייט ער הײַנט, בינעם, צום געריכט מיט א קאס אפן טונעיאדעץ און מיט א מיין איבערצוריידן מיט איוואן וואסיליעוויטש מוראשאָוון, דעם אָרטיקן דעפּוטאט, דעם טײַערן שאָכן, ער זאָל בעטן מעכילע פאר דער בוידעכעס אייניקל.

איוואן וואסיליעוויטש מוראשאָוו האָט אָנגעהויבן אפן געריכט זײַן רעדע פון דעם, אז שולדיק, וואָס א בוים וואקסט קרום, איז אויך דער גערטנער. מע דארף, נאטירלעך, דעם באָכער אָנרײַסן ווי ס'געהער צו זײַן די אויערן, נאָר אפן זינען קומט אויך, אז בייס דער מילכאָמע מיט אזא שלאנג, ווי היטלער, איז דאָך געווען א מינוט, ווען נעמען דעם פּערעקאָפּ, שטייענדיק

[1] אין נאָמען פון דער מענטשהײַט.

מיטן פּאָנעם צו די עסעס־דיוויזיעס, איז געווען ניט פֿון די געשמאַקע זאַכן, און אונדז איז אויסגעקומען נעמען דעם פּערעקאָפּ פֿון הינטן־אַרום.

אויך אַזוי איז, לויט מוראַשאָווס מיין, מיט כּייפּעצן. איוואַן וואַסיליע־וויטש האָט נעכטן איבערגערעדט מיט זײַנע כּעוורע, וואָס ווילן בעפּיירעש נעמען גרישען אין בריגאַדע, אַף זייער אייגענער אַכרײַעס.

די ווענט האָבן געציטערט, אַזוי האָט דער אוילעם אין זאַל געפּליעסקעט: פּראַווילנאָ.

אַך, בוידעכע, בוידעכע, בענטש גוימל, וואָס מוראַשאָוו, דער שאָכן, האָט אַזאַ גוט האַרץ, עלע ניט וואָלט גרישעניו געהאַט צו זינגען און צו זאָגן...

פֿון גרויס פֿרייד גייען מיר מיט גרישען זיך באָדן. אַף צוריקוועגס זע איך: מײַן סאַמאָסוואַל שטייט צווישן אויסגעבויגענע „וואָלגעס", ווי די „לענין־שיף" באַם פֿאָרט — צווישן ראַקעטעס.

יאָרנלאַנג בין איך געפֿאָרן אַפֿן אַלטן „זאַכאַר", ניט איין באַלאָן געביטן פֿאַר אַ סמענע. ווינטער פֿלעג איך זיך לייגן אונטערצי׳ען די מופֿטע, — רײַסט דער ווינט דעם שליסל פֿון די הענט. ווו איך טאָג, דאָרט נעכטיק איך ניט.

פֿאָרנדיק איבער די פֿעלדער, פֿלעג איך זען מיט מײַנע אויגן, ווי ווײַ־בער אַקערן, שלעפּן דעם פֿאַרזיי אַף זייערע פּלייצעס. איצט גיי איך זיך אַזוי פֿונעם טײַך, גיי אַהיים מיט גרישען — דעם געזונטן יונגן באָכער. גיין גיי איך צו זיך אַהיים. גרישע כּייפּעץ, אַ צעהיצטער, ווי נאָך אַ שווערער באָד, גייט אַהיים צו זיך. איך טראַכט, אַז מײַן סאַמאָסוואַל וועט נאָך אַ שאָ דרײַ־פֿיר צוואַרטן אַף מיר ביז אינדערפֿרי, ווען איך דאַרף אַרויספֿאָרן אַף דער ליניע, וועט ער אַף מיר וואַרטן. און איצט דאַרף איך זיך זעצן צום טיש, אָנשרײַבן, וואָס איך ווייס וועגן דער „ייִדישער שטוב", אין וועלכער איך לעב שוין אַזויפֿיל יאָרן, און אויך, פֿאַרשטייט זיך, ניט פֿאַרשעמען די בוידעכע און בינעמען, און אוואַדע ניט אים, ראָמאַן גריגאָריעוויטשעס זון — גרישע כּייפּעצן.

בינעם דער „וואָלף" איז, ווײַזט אויס, צוליב דעם געבוירן געוואָרן, ער זאָל וויסן אַלע שווערע הערצער.

אָט, לעמאָשל, ווינען קעגן בינעמס פֿענצטער, אין אַ צווייִשטאָקיקן הילצערנעם הויז, די קאָמבינאַטאָרן. שפּירט דער „וואָלף" זיי נאָך, באַגלײַך ער פּאַשעט באַ זיי אַ טשערעדע שעפּעלעך...

באַ די קאָמבינאַטאָרן, אָדער טריקאָטאַזשניקעס, ווי מע רופֿט זיי, קאָנט איר קריגן טאַלעס־און־טפֿילין, ברילִיאַנטן, וואָלענע לײַבלעך, זײַדענע זאָקן, לעשאָנע־טויווע־קאַרטלעך, לועכס (אָנהייבנדיק פֿון פֿינף טויזנט זיבן הונ־דערט פֿינף און צוואַנציק און אַף צוריק — אַ יאָר פֿינף[1])...

באַ די קאָמבינאַטאָרן דאַוונט מען, מע ווינטשט זיך אַ גוט יאָר, — און פֿאַריינוועגס דערוויסט מען זיך די פּרײַז פֿון אַ גילדן קנעפּל.

---

[1] התשכ״ה (לויט דער ייִדישער רעליגיִעזער צײַט־רעכענונג) — 1965.

כאיִם שלאק, דער באלעבאָס פונעם צווייִשטאָקיקן הויז, קומט אהער בלויז צו זאָגן ייִזקער, זיך „אויסוויינען" און אויך קעדיי איבערציילן דאָס מעזומענס, וואָס די צוועלף קווארטיראנטן, די קאָמבינאטאָרן, ווארפן אים אריַין רעבע־געלט.

די „וואָלגע" ברענגט אים, כאיִם שלאקן, און די „וואָלגע" פירט אים אוועק. כאיִם שלאק לעבט אף א דאטשע מיט אן אישע, וואָס איז ייִנגער פון אים אף גאנצע פינף און צוואנציק יאָר.

ביידע טעכטער כאיִם שלאקס, ניט פאר קיין שום מענטשן געדאכט, פאָנפען אונטער דער נאָז, אָבער קאלע־מיידלעך זיַינען זיי, און שאדכאָנים שלאָגן אָפּ די טירן: ווער וויל זיך ניט מעשאדעך זיַין מיטן באלעבאָס פון אזא גרויסער שטוב און אזא שיינער דאטשע?

— אָפּגעריסענער נאר! — שריַיט די בוידעכע צו איר אייניק. — ס'איז א שמאלץ־גרוב!

אָבער בינעם שפּירט דורכן פענצטער, ווי קימאט אלע טאָג קומט מען צוגאסט פון אָבעכעעס[1], כאָלילע, מע שלאָגט איר ניט אונטער, דער כאיִם־שלאקעכע, די אויגן, נאָר ס'איז א ראכמאָנעס צו קוקן אף איר פּאָנעם...

— ניפטער ווערן, — זאָגט שוין דעמלט די בוידעכע צו בינעמען, — איז מיר ליבער, איידער אזוי־אָ...

גיי פארשטיי זי, די בוידעכע, גיי ווייס, אין וועלכער זיַיט איר צונג וועט זיך דרייען...

בינעם אָבער פארשטייט די מיַיסע: וויפל דאָס ביַיוועלע ציט זיך ניט, א סאָף פארמאָגט עס...

די בוידעכע, מיט איר קליינעם סייכל, האלט אין איין טיַינען: אזא געזונטע מעלוכע, סאָוועטסקע וולאסט, דעניקינען מיט פּעטליורען — גוייווער געוועזן, טיוטיוניק מיט מאכנאָען — אויסגערייכערט, היטלערן דעם קוילער — געמאכט די קאַץ... און אזא כאיִם שלאק פירט זי בא דער נאָז!

ווען עס קומט סוקעס, טוט בינעם א קוק: אהא, די „וואָלגע" שטייט שוין באם טויער, א יונגערמאן אין שווארצע ברילן גייט נאָך כאיִם שלאקן, ווי א קאלב נאָך א קו. הייסט עס, אז גאָט האָט צוגעשיקט א כאָסן.

קנייטשט די בוידעכע איר לאנגע נאָז:

— ניין, מע טראָגט נאָך ניט ארויס בא זיי די בעבעכעס...

גרישע, איר שיַינדלינג, מוז שמעלצן שטאָל, די סאזשע פון די אויגן וואשט ער קוים אָפּ, אזוי טיף קריכט אריַין אין זיי די שווארצקיַיט. און פאר זיי, פאר די שלעק, שפּילט דאָס מאזל!..

...מע האָט איבערגעווינטערט, גאָט צו דאנקען, אין צווייִשטאָקיקן הילצערנעם הויז, מער ניט, דער שטיין, וואָס ליגט באם פּארקן, איז פארוואקסן געוואָרן מיט א ביסל מאָך. דאָס בלעך אפן דאך זשאווערט. מע זעט שוין

[1] די ראָשעטייוועס פון Отдел по борьбе с хищениями социалистической собственности — אָפּטייל פון קאמף קעגן גאנוועגען סאָציִאליסטיש אייגנטום.

ניט דעם איידעם אין די שווארצע ברילן. די „וואָלגע" פאָרט מער ניט צו. שא־שטיל.

— אהא, מע טראָגט שוין די בעבעכעס, — פרייט זיך די בוידעכע.

אויך בינעם דער „וואָלף" זעט, ווי עס האלט שוין אָפּן די כאַזמ־שלאַ־קעכע איר מויל אָן ציין, פּונקט ווי א פוילן פּניאָק.

קארקעט ערגעץ א וואָראָנע, פייגעלעך זינגען פריילעכער. וועלן זײַן נײַע באלעבאטים — אויס קאָמבינאטאָרן. פליגעלעך שפּילן זיך, ס'וועט זײַן ווארעם. אין הויף ארום דער „יידישער שטוב" שמעקט מיט פרישׂ גע־וואשן גרעט. מוראשאָווס טעכטערל, אסקע, שמײַעט ארום. שכיינים בא־מערקן, אז בא אסקען זײַנען די ליפּן געוואָרן אָנגעשוואָלן — זאפּטיקער, רויטער.

נאָכן מישפּעט איבער גרישען, וואָס איז איצט שוין געוואָרן קימאט א גאנצער שטאָלגיסער, שטייט זי אָפּטער מיט אים באם אלטן פּארקן. ווײַזט אויס, אז צווישן איוואן וואסיליעוויטשן מיט זײַן טעכטערל איז געווען א שמועס.

מוראשאָוו ווייסט פונעם סאָד: וויפל מע זאָל אים, גרישען, ניט שלײַפן דעם מויעך, נאָר אויב אסקע וועט זיך ניט אויסדרייען צו אים מיטן פּאָנעם, וועט גאָרנישט ניט העלפן.

איוואן וואסיליעוויטש זאָגט: עס מאכט זיך, אז דער פישער דארף גאָר ניט די פיש, ער איז פאָשעט צוגעווינט צום טײַך...

מע טאָר אים, גרישען, איצט ניט זאָגן: טרינק זיך אָן מיט קאלטן וואַ־סער — פארגעס אין דײַן ליבע. א ביימעלע בעשאסן בליִען — טשעפּע עס ניט, דער צוויט קאָן אראָפּפאלן.

באם פענצטער צוויטעט שוין די טשעריאָמוכע, דער קליאָן צעלאָזט די פּיפּקעלעך, ייִנגער ווערט דער אלטער דעמב פון נאכעס, וואָס ביידע קינדער שטייען פּאָנעם־על־פּאָנעם, באגאָסן מיט פרילינג, מיט זון־שטראלן.

די בוידעכע האָט זיך געוואָלט א מײַסע אָנטאָן. געצויגן פון זיך די אָדערן, געקעכלט אים, גרישען, געניאנטשעט, מיט קאטשקעלעך געהאָדע־וועט, געווען אים א מאמע און א טאטע, געצויגן פון זיך די קליי, — און איצט זאָל איר אייניקל קנעטן ליים מיט גלאָז?

מוראשאָוו איז אים געוואָרן שוין ניט קיין טאטע. מע שמועסט, אז ער וויל גרישען פאר אן איידעמל, געפּאקט דעם עמעסן זיוועג פאר זײַן אסקען.

געווען איז גרישע א באָכער צו גאָט און צו לײַט, אײַ מע האָט אים אמאָל געזען אין א שלעכטער קאָמפּאניע, איז ווער ווייסט דען ניט, אז באלעבאטישע קינדער גייען ניט אלעמאָל מיטן גלײַכן וועג.

מאזלטאָוו! דער בוידעכעס אייניקל שמעלצט שוין שטאָל. ס'איז אוואדע בינעמס אויסטראכטעניש, דער מיזיניק פון די כייפּעצעס זאָל ארומגיין פארשמאָלצעוועט, ווי א טרעגער, און אויסגעריסן ווערן אין פלאם־פײַער־דיקן צעך.

די ייִדענע האָט געקאָכט, און אַפֿילע ווען זי איז שוין געוואָרן אַ ביי־סעלע שטילער, פֿלעגט זי טליען, ווי אַ האַלאָוועשקע, אָפּסאַמען אַלע נייַן שטאָק פֿון דער שטוב.

מע האָט גרישען קוים מיט צאָרעס אַרויסגעשלעפּט פֿון דער שלעכטער קנופּיע, מוראַשאָוו וויל פֿון אים מאַכן אַ מענטש, לאָזט די בוידעכע ניט לעבן, פֿאַלט אָן אויף איוואַן וואַסיליעוויטשן, מאַכט אים יעדן פֿרימאָרגן אַ מישעביירעך:

— לאָז אים אָפּ, פּינכאָס בען עלאָזאָר! — שרייַט זי אויף קוילע־קוי־לעס. — זייַ אים ווייניקער געטרייַ, גרישען.

איינמאָל טוט מוראַשאָוו אַ פֿרעג בײַ רעב בינעמען:

— איך בעט אײַך, וואָס איז די טײַטש: פּינכאָס בען עלאָזאָר?

איוואַן וואַסיליעוויטש ווינט שוין אַזויפֿיל צײַט אין דער „ייִדישער שטוב”, האָט ער נאָך אַזאַ זידלוואָרט ניט געהערט. געשיקט זיך, אַז זי לויבט אים, מוראַשאָוון?

— הע, — מאַכט בינעם אַ געלעכטער, — וואָס די בוידעכע קען אויס־טראַכטן... פּינכאָס בען עלאָזאָר בען אַרן האַקויהען האָט זיך אָנגענומען גאָטס קריוודע און האָט דערשטאָכן זימרין צוזאַמען מיט זייַן געליבטער...[1]

אָ, אויב אַזוי, וועט מוראַשאָוו שוין דערווייַזן דער ייִדענע, וואָס עס וועט אַרויס פֿון איר ליב איייניקל.

רעב בינעם וואַרט, ביז די בוידעכע לויפֿט אַרויס פֿון שטוב נעמען מילך. ער טוט זי אַ שטעל אָפּ, אָנקלאַפּנדיק איר אין פּלייצע, ווי אין אַ טיר.

— יאָ, וואָס האָב איך דיר געוואָלט דערמאָנען, — קוקט ער איר פֿון הינטן־אַרום אין געקנייטשטן פּאָנעם אַרײַן, — דער רעבע האָט געהייסן פֿריילעך זײַן, נאָר ניט מעשוגע זײַן...

גרישע כייפעץ שמעלצט שטאָל. צי ניט דערפֿאַר שפּאַרט פֿון אים אַזוי די גוווּרע? דאָס ייִדישע ייִנגל גרישע כייפעץ קוועטשט ניט די באַנק אין בעסמעדרעש, ער איז ניט געל, כאַלילע, אין פּאָנעם, זײַן „פּאַנצער” איז ניט דער טאַלעסקאָטן מיט די ציצעס. שאַט, שאַט! גרישע גייט שוין אויף פּאַרנאַכטיקע לעקציעס אין אוניווערסיטעט! מוראַשאָוו, איוואַן וואַסיליע־וויטש, האָט אים אַרויסגעריסן פֿון די שוואַרצע נעגל, מעג זיך די באָבע בייזערן, פֿירן ווייַבערשע כעזשבוינעס. אין לעצטן כעזשבן האָט עס אַ קליינע ווערט.

— אײַ, אײַ, אײַ, גרישע וועט זײַן אַ מאַנצבל אַ בענטוירע, פֿון ליימענע הענט וועלן ווערן גאָלדענע, פֿון אַ פֿאַרשטאָפּטן קאָפּ — אָן אָפּענער. זאָל זײַן אין אַ מאַזלדיקער שאָ, ייִדענע! — קוועלט אָן דער אַלטער בינעם.

מײַלע, די באָבע איז אים מויכל, מוראַשאָוון, נאָר זי ציטערט מיט דער נעשאָמע, ער זאָל גרישען ניט אָוועקזעצן אויפֿן קראַן.

---

[1] לויט דער ביבל־לעגענדע האָט אַרן האַקויהענס אייניקל פּינכאָס ניט געקאָנט צוזען, ווי איינער אַ זימרי איז מעזאַנע מיט אַ פֿרוי, און האָט מיט אַ שפּיז דורכ־געשטאָכןביידע זינדיקע.

— נו, באָבעשי, — צעלאכט זיך איוואן וואסיליעוויטש, — דו מיינסט, אז ס׳איז א קינדער־שפּיל — ארבעטן אפן באשענעם קראן. צוליב דעם מוז מען האָבן א קוויטל פון דער קאָמיסיע, לערנען א פּאָר יאָר אף קורסן, ווי דאשע, די קראנאָוושטשיצע, לעמאָשל...

— טפו־טפו... — שפּײַט אויס די בוידעכע, ווען זי דערהערט, אז מע פארגלײַכט איר גרישעניו מיט אָט דער דאשע קראנאָוושטשיצע.

און אויב שוין זאָגן דעם עמעס, האָט נאָך איין זאך די באָבע געוואָלט בא מוראשאָוון א פרעג טאָן:

— וואָס טראכט ער, איוואן וואסיליעוויטש, וועגן איקער?..

— זייער פּאָשעט: קינדער גייען אין קינאָ, זאָלן זיי גיין...

מיט אן אנדער מענטשן וואָלט די בוידעכע אזעלכע שמועסן ניט גע־פירט, נאָר מיט מוראשאָוון מעג מען. עס קאָן אפילע הייסן, אז זי האלט זיך מיט אים אן אייצע. איוואן וואסיליעוויטש איז אין גאנצן הויף דער איינציקער דעפּוטאט, קומט מען צו אים פון אלע דירעס — ווער אײַנאָר־דענען דאָס קינד אין קינדערגאָרטן, ווער דערמעגלעכן א סטודענט צו לער־נען זיך באטאָג, אויך אויסיַישעוון זיך, ווען צו פארבן דעם דאך, ווו שפּילן א כאסענע, אָדער נעמען קוואטערשאפט, אָדער א נאָמען געבן דעם נײַ־גע־בוירענעם יוירעש.

און איך, דער איינציקער שאָפער אין דער „יִדישער שטוב", בין אויך דערבײַ, ווײַל דער שמועס קומט פּאָר אפן גאנעק, איך זיץ באם סאמאָ־סוואל מײַנעם און דריי מיר די מוטערקעס. באפאלט זי מיך, די בוידעכע:

— איר הערט?.. איר האָט געהערט?..

מײַן זאך איז הערן, זען און שווײַגן... און פארשרײַבן, נאטירלעך...

אין הויף ארום דער „יִדישער שטוב" פּילט זיך שאבעס פארנאכט: די צעשויבערטע ווערבעס טוען זיך א שפּיל מיטן ווינט, און מיטאמאָל שא־שטיל, צינד אָן א שוועבעלע, לעשט עס זיך ניט אויס.

א ביסל שמעקנדיק גרעט פארגייט אזש אין דער נאָז ארײַן. די ריי־טשקע לויפט אונטערן בריקל.

אנו, מאך נאָר צו דאָס לינקע אויג, שרײַבער, דו זעסט דעם שפּינ־וועבס אף די ביימער? עס איז דאָ אזוי דאָרפיש, אז, דאכט זיך, קיינער וועט דיר ניט גלייבן, וויפל דו זאָלסט ניט שרײַען, אז די „יִדישע שטוב" קאָכט שטאָל.

צווייטער טייל

נו, דאנקען גאָט, גרישע כײפּעץ שיידט שוין אונטער שאמאָטנע ליים פון טאמבאָוווער. איוואן וואסיליעוויטשן געפעלט, וואָס גרישע מאכט אליין דעם זאקוואס, טוט ארײַן א ביסל טאמבאָווער ליים, זי איז מער שטײַפער, און זעענדיק, אז פונקט ווי מיט קליי האלטן זיך די פאָרמעס, נעמט ער פעסטער אין די הענט די סטאנינע, אזוי, ווי עס טוט אן עמעסער שטאָל־גיסער.

כעוורע, נאָרוואָס געקומענע פון די ארבעטס־רעזערוון, פרעגן באַם געהילף־מײַסטער כײַפעצן, וויפל צײַט צו זיפּן די ערד, וואָזוי זיך נויהעג זײַן מיט דער דריליע. צי יאָ, צי ניט באַזאָלצן די ווענטלעך. אפילע דאַשע, די מאַמזערעס, יישעווט זיך, וווהין איבערצושטעלן דעם קראַן, וועלכע „צאַצקעס" נעמען אַפּן האַטשיק, וועלכע ארויספירן פון דער „ליטייקע", אין וואָסער ווינקל אויסלייגן גרעסערע שטיקער שטאָל און ווו קלענערע. דאַשע פאָלגט אים, דעם געהילף־מײַסטער.

— מע דאַרף פּילן די האַנט, — זאָגט כײַפעץ מיט ווירדע פון א מענטשן, וואָס פאַרשטייט א טאָלק אין זײַן פאַך, — אין אלע ווינקלען שיט גלײַך, סע זאָלן ניט ווערן קיין שישקעלעך...

מוראַשאָוו הערט זיך צו, וואָזוי גרישע לערנט דאָס קליינוואַרג. איוואַן וואַסיליעוויטש האָט גרויס האַנאָע, כאָטש ברענג די בוידעכע אהער, זי זאָל מיט די אייגענע אויגן זען, וואָס פונעם צעלאָזטן יונגאַטש איז געוואָרן.

אויב זיך בעסער צוקוקן צו איוואַן וואַסיליעוויטשן, איז ניט שווער צו דערזען, אז ער איז ניט מיט אַלעמען. נעכטן איז ער ארומגעגאַנגען מיט זײַן מיידל, אַסקען, געזוכט פאַר איר א פּאַניאַרל, ווײַל אפילע בלינדע זעען שוין, אז דאָס בײַכל בא אַסקען איז ניט קיין מיידלש, עס ווערט אַלץ גרעסער, שכיינים הייבן שוין אָן צו ארומריידן דעם ביזאָיען...

„גיי טרעף, ווער עס איז דאָ פאַרמישט", — טראַכט מוראַשאָוו, קוקנ־דיק, ווי גרישע כײַפעץ פאַרקאַרבט אין זײַנע געזונטע הענט די סטאַנינע. אין צעך שפּריצט מיט פײַער, קראַנען גרילצן מיט די קייטן, און אים, מוראַשאָוון, ווילט זיך פאַרצײַען א שלייף אַפּן האַלדז.

קוזנעצאָוו, דער באָכער, וואָס איז איצט אין אַרמיי, האָט, פּונקט ווי דערפילנדיק, אז גרישע וועט אים ניט שטערן — ער איז פאַרנומען אין צעך, — גענומען אַפגיך און זײַטלדיק שפּאַצירן מיט אַסקען, און וויפל איוואַן וואַסיליעוויטש פלעגט בא אים ניט פרעגן, איז געווען איין ענטפער:

— מירן זיך פאַרשרײַבן... מירן זיך פאַרשרײַבן...

אַסקעס פאַרגיין אין טראָגן האָט מוראַשאָוון אונטערגעהאַקט די פיס. ער, דער באַלעבאָס פונעם שטאָל־צעך, שטייט מיט אראָפּגעלאָזטע הענט און ווייסט ניט ווו אײַן ווו אויס. קוזנעצאָוו איז פאַר אים ווי א בלינדער רעגן, די זון שײַנט און פונעם הימל גיסט...

מע האָט פאַר קוזנעצאָווס אוועקפאָרן צערוקט דעם טיש. גרישע האָט פאַרשטאַנען, אז דאָס פײַערלעכע ארויסבאַגלייטן קלינגט אים אין די אויערן, ווי א פרעמדע כאַסענע. דער סערוואַנט שטייט נאָך „ניכטער", גיסט מען באַלד אָן די קעלישעקלעך, און מענטשן ווערן שיקער. גרישע פאַרפירט דעם גראַמאָפאָן, טרינקט אויס א גלאָז בראַנפן, עס זאָל אים אזוי ניט טריקענען אין האַלדז. אַלע, ווער עס ווייסט גרישען, האָט אין יענעם אָוונט באַוווּנדערט זײַן שטילקײַט און אפילע, קאָן מען זאָגן, די באַדאַכטקײַט זײַנע. אזוי פירט זיך עס שוין: די ליבע ברעכט אײַזן.

גרישע קוקט אצינד אַף מוראַשאָוון. דעם אַלטן ברעכן די קריזשעס פון שטיין לאַנג געבויגן, אָן אופהער נאָכקוקן נאָך דער צעשמאָלצענער לאַווע. אין האַרצן ברענט, ווי דאָס פלעמל פון אווטאָגען. ניין, ניטאָ קיין

ליכטיקע כמארעס. מוראשאָווס פּאָנעם ווערט פון טאָג צו טאָג שווארצער. וואָלט ער כאָטש עמעצן געזאָגט, נאָר גרישע פארשטייט, אז אזא מין זאַך זאָגט מען ניט...

אויב א קוימען שלעפּט ניט די טיאגע, שטעלט מען אוועק א צווייטן, נאָר צושפּאנען איוואן וואסיליעוויטשן נאָך איין הארץ, ער זאָל קאָנען איבערטראָגן די צאָרעס, וואָס אסקע מיט איר פארגיין אין טראָגן האָט אים אָנגעטאָן, איז אומעגלעך.

איוואן וואסיליעוויטש מוראשאָוו איז א פּאָטאָמסטווענע שטאָלגיסער. זעט ער אצינד אויס, ווי דער גאַנער מיט איבערגעהאקטע פיס אינמיטן שליאך: פּאָר אים איבער, צעטרעט אים מיטן בלאָטיקן שטיוול — ווייטער גיין קען ער ניט, כאָטש לייג זיך מיטן פּאָנעם אין שטאָלענעם בלאָק, די דריליע זאָל דיך צערייבן.

גרישע זעט, ניין, ניין, עס קאָן ניט זיין: מוראשאָוו נעמט ארויס פון קעשענע א פּעקל „פּאמיר", פאררייכערט.

איוואן וואסיליעוויטש האָט באם סאָף פון דער מילכאָמע געוואָרפן רייכערן, נאָכן ווייבס טויט ווידער געשלונגען דעם ניקאָטין, שפּעטער נאָכאמאָל געוואָרפן — דער קאָפּ פלעגט זיך אים דרייען, נאָר דעם פּלאָקן אין מויל האָט ער א לאנגע צייט אקשאָנעסדיק ניט גענומען. און היינט האָט נאָכאמאָל מוראשאָוו פארצויגן אין זיך דעם רויך — פון דעם איז דאָס פּאָנעם זיינס געוואָרן נאָך שווארצער.

בא די קראנען הענגען ביידע האטשיקעס, ווי ווען מע שפּאנט אויס א פערד פון דער שלייע. צי דען איז שוין נאָך האלבן טאָג — סאָף סמענע?

גרישע, גייט ער נאָר אין שטוב אריין, הייבט אים אָן די באָבע הריזען:

— נאָר זי, אסקע, איז אין פענצטער? אונטערן פענצטער זיינען נאָך מיידלעך פאראנען...

רייכערן — איז רייכערן. איוואן וואסיליעוויטש לויפט שפּעט באנאכט אויסבעטלען בא עמעצן א ציגאר, אפילע באם „וואָלף" בינעמען כאָפּט מוראשאָוו א פּאָר צי פון דער פּיפּקע. פאריינוועגנס הערט ער אויס אן אייצע:

— דאָס ערשטע קינד אָפּוואָרפן? ביסט, איוואן וואסיליעוויטש, פונעם זינען אראָפּ!

בינעם דארף אים לערנען סייכל, דעם סטאלעוואר! די גאנצע „יידישע שטוב" ווייסט, אז גרישע כייפעץ, לעמאָשל, וואָלט שוין פון לאנג דעם איניען געלייזט, און טאקע אזוי, ווי זיין הייסער קאָפּ קאָן, — ווען ניט די באָבע זיינע, די יידענע פון אלטן שניט. נאָר בינעם מיינט, אז מע קאָן זי, די בוידעכע, איינבייגן.

— גרישע איז אסקעס זיוועג, — און ער דערלאנגט מוראשאָוון אין האלב־נאכט די פּיפּקע זיינע, — וועסט, איוואן וואסיליעוויטש, א קאָ־פּעטשקע פארטשאדעט ווערן...

אויב אזוי, טראכט דער „וואָלף", אויב מוראשאָוו שווײַגט, הייסט עס, אז עס גייט דאָס געשעפט. כאָלילע, שאדכאָנעס־געלט נעמט בינעם ניט, פענסיע באקומט ער, ווי אָן עמעסער פראָפעסאָר, ניט אומזיסט ווינט ער צווישן די „ראבע פאסאָליעס", ווי מע רופט דאָ די באברילטע כאכאָמים.

בלײַבט איבערריידן מיט גרישען, און דאָס נעמט אף זיך בינעם. אסקען אײַנבייגן מוז דער טאטע אליין, ווײַל קיין שום רועך, אפילע אליין פריד־מאן דער דאָקטער, איז ניט בעקויעך אײַנצוימען איר קינדערשן האָנער.

בינעם דערלאנגט מוראשאָוון נאָך איין מאָל פארציִען די פּיפּקע, ווען יענער כאפּט א קוק אפן זייגער און דערשרעקט זיך: אוי, טאטע טײַערער, ס'איז שוין האלב דרײַ!..

— שלאָפן, — בארויִקט אים בינעם, — איז ניט שײַעך, ווען עס גייט אין לעבנס־זאכן.

א ווײַלע זיצט מען אָן ווערטער. שטיל איז אין דער „ייִדישער שטוב", ניט אנדערש, די פראָפעסאָרן האָבן אראָפּגענומען די טאלייסים פון זייערע „וואָלגעס" און אוועקגעפאָרן אף דאטשע.

בינעם דרייט די „איזוועסטיע" אין זײַנע באוואקסענע הענט, ער מוז מוראשאָוון איבערלייענען, וואָס עס שטייט געשריבן אונטערן קעפּל „אין געריכט־זאל".

— אינדערעמעסן, — זאָגט בינעם, — דארף דער מענטש זיך פאר־טראכטן אף זײַנע טועכצן... א ייִד איז דיר א באלן, מאכן א געשעפט אין מעשוגאָיִם־הויז, האנדלען מיט לײַבלעך, וואָס עס נייען, קעדיי זיך אײַנע־מען א ביסל, די מעשוגאָיִם...

— מיר האָבן ניט געהאט קיין פראוואָזשיטעלסטווע, טעוויע דעם מיל־כיקן האָט מען, ווי א הונט, געטריבן פון דער שטוב, די קינדער זײַנען זיך צעלאָפן, האָדל אפילע איז אוועק אין סיביר, צו איר פעפערל... דארפט איר, ייִדעלעך, זיך מעשוגע מאכן, לייגן זיך אין די קלײַען?

נאָר איוואן וואסיליעוויטש האָט הײַנט זײַן אייגן פּעקל. בײַ שוין בינעם די יאָצרעס:

— שפּײַ זיך אויס, מוראשאָוו. פּראָווע די כאסענע. דער רועך האָט די בוידעכע ניט גענומען — שטרודל באקט זי גוטן...

גרישע כייפעץ שטייט שוין מער ניט, ווי דער בעטלער, בא אסקעס טיר, ביזוואנען זי וועט אויסלערנען די אוראָקן צי אויספּרעסן איר גע־פאלדעוועט קליידל.

הײַנט שטייט גרישע אין קיך. אסקע וואשט גרעט, כאפּט זי א שמייכל צום באָכער, ווי איינער רעדט: געקומען, גרישע, ביסטו צו דער צײַט...

זינט מע זעט אָן דאָס בײַכל, זיצט זי, אסקע, אין שטוב, ווי א פייגעלע אין שטײַגעלע. אָנגעטאָן ווײַבעריש, מיטן טיכל אפן קאָפּ, זעט זי אויס בא גרישען אין די אויגן נאָך שענער.

מיטאמאָל ווארפט אסקע איר ניט־דערוואשן ציצן קליידל, ווישט אָפּ די מילינקעס און פירט צו גרישען צום אָפענעם פענצטער. עס ווײַזט

זיך ארויס, אז דאָס האָט זי מיך דערזען, און זי וויל, אז אויך גרישע זאָל זען, ווי איך פּאָרע זיך אונטער דעם פענצטער בא מײַן סאמאָסוואל, און ביידע זאָלן זיי מיר אָפּדעקלאמירן דאָס לידל, מיט וועלכן אסקע באַגעגנט מיך שטענדיק:

Мне душно в четырех стенах,
Я к дому не привык,
Я весь дорогами пропах,
Как старый грузовик...[1]

גיב איך א ווונק צו די צוויי קונדייסים, און עס ארט מיך ניט, ווען עס טוט א קלונג אסקעס שטים:

— וויפל, מײַנסטו, גרישע, איז אים יאָר, דעם שאָכן אונדזערן, וואָס פירט שווערע סאמאָסוואלן?

— אפן נײַעם געלט? — צעלאכן זיי זיך ביידע, ווי קליינע קינדער.

— האָסט זיך אויסגעפּוצט, — נעמט ער זי אָן פאר די הענט, — מאָרגן קאָן בא אונדז זײַן דער לעצטער קלונג... אויב דו ווילסט אוועקפאָרן אין א גוט לעבן ארײַן...

— מאָרגן, זאָגסטו, דער לעצטער קלונג? — קוועלט אסקע.

גרישע נעמט זי אָן פארן מינדסטן פינגער, קוקט איר ארײַן אין פּאָנעם:

— האָסט געהערט, אסקע, וואליע טערעשקאָווע האָט געבוירן א קליין קאָסמאָנאווטעלע...

— יאָ, איך ווייס... — פארקרימט זי זיך, גלײַך זי וואָלט דערפילט נאָכווייעניש...

די בוידעכע האָט זיך דערוווּסט פונעם סאָד, צעוואלעט זי מאמעש די „ייִדישע שטוב". א מעובערעסטע דארף ער, דער טיפּעש... גרישע קען, כאָלילע, ניט נעמען דאָס שענסטע מיידל... יענער, דער „טאטע", קוזנע־צאָוו, קערט ער זיך אום פון דער ארמיי, ווער ווייסט, צי ער וועט זיך ניט כאפּן פארן מעסער? פאָרט אייגן בלוט און פלייש, מאלע וואָס מע האָט זיך ניט פארשריבן, פארשרײַבן קען מען זיך אין אלע צײַטן, ניט אזא מויד, ווי אסקע, ווארפט א באָכער אזוי גרינג — פאר דרײַ יאָר דינסט וועט מען יאקאָס דעם סאָלדאט דאָס מעשוגאאס פון קאָפּ ארויסשלאָגן...

די בוידעכע וויל נאָך איבערריידן מיטן דאָקטער, פאָרט אירער אָן אל־טער פרײַנט. פרידמאן וועט דערבײַ מערער שרײַבן רעצעפּטן, ווינציקער ריידן. קאָן די באָבע דעמלט דערגיין א טאָלק, ווו איז דער עמעס.

דער טאָג איז קליגער פון דער נאכט.

קוים הייבט נאָר אָן שאריִען, אזוי רעוועט שוין דער רעאקטיוו אין הימל, ווערטאָליאָטן שטעלן זיך קימאט אפן דאך פון דער „ייִדישער שטוב", דרייען די „מיל" מיט ביידע פליגל, זעצן זיך אפן בויך, ווי שווימענדיקע קאטשקעס.

---

[1] ס'שווער מיר צווישן ענגע ווענט,
אין וועג מיך ציט אציִנד.
פונקט ווי מײַן אלטע לאסטמאשין,
כ'בין דורכגעזאפּט מיט ווינט.

בערעזקעלעך, איַינגעפּלאנצטע, ארומגעשוירענע, באגרינטע, באזונגענע פון דער פויגל־וועלט, שמייכלען קעגן דער זון, ווי בלי̇ענדיקע, שיינע, נאָרוואָס אויסגעצוואָגענע מיידלעך. פארשפּילט זיך דער פרימאָרגן־שאָטן מיטן כיינעוודיקן צוויַיגעלע, וואָס צעלאָזט די פיַיכטע בלעטער, ווי א קאלע באם טיַיך דעם צאָפּ אירן.

גרישע, ער שלאָפט דען? מיט דער באָבען איז ער טויט בארויגעז, צוליב וואָס האָט זי באדארפט אָנשטעלן דעם דאָקטער? פרידמאַן האָט זיך נעכטן פארשלאָסן מיט אסקען אין אלקער, אלץ געמאָצעט מיט זיַינע לעפּישע פינגער, געקנייטשט אסיען דעם בויך, ווי מע טאַפּט אָן א קעלבל, טויזנט מאָל געוואָרנט, זי זאָל זיך ניט דערוועגן קליַיבן אין וועג אריַין, ארויסשלאָגן זיך עס פון קאָפּ: ווער פאָרט עס בעשאסן טראָגן אף קוראָרט, ניט פרעגנדיק באם דאָקטער?

די בוידעכע, פון איר זיַיט, האָט אויך איר אייניקל צוגעשטעלט דאָס גוטע צעטל: א באָכער, קיין איַינהאָרע, אין די יאָרן, פארשטייט ער ניט, אז מענטשן וועלן טיַיטלען מיט די פינגער: וואָס הייסט, ער וויל פירן א פרעמדע מעובערעסטע אף קוראציע? און טאָמער, אויסער אלע גליקן, טאָמער, די שאָ זאָל ניט זיַין, אסקע איז מאפל, אין לעבן מאכט זיך אלץ, אָט האָט מען נעכטן איבערגעגעבן דורך ראדי̇אָ: א פרוי האָט געבוירן אין אעראָפּלאַן...

מאָנעפשעך, גרישע זאָל זיַין דער עמעסער טאטע, איז ער באלעבאָס — מיַין גליק, מיַין אומגליק. אָבער די גאנצע שטוב ווייסט: קוזנעצאָוו, דער פּארברענטער פיזקולטורניק, האָט זי איבערגעלאָזט, אסיען, מיטן בײַכל, שריַיבן שריַיבט ער ניט, א סאָלדאט פארגעסט דעם אדרעס...

די באָבע מוז שוין פאסקענען האלב אהער, האלב אהין. קעדיי ארויס־שלאָגן זיי פון קאָפּ דעם קוראָרט, פּאקעוועט זי איַין אין קוישל אייער, רעטעכלעך, סמעטענע — פּאָרט, קינדער, שפּאצירן, זעצט זיך אפן אווטאָ־בוס, פירט ער איַיך אוועק אפן פליאזש. לעמאנעשעם, זאָגט אָן מיט א בארויגעז פּאָנעם די באָבע, אסקע זאָל זיך ניט דערוועגן באָדן און גריי־שעניו זאָל זי ניט שלעפּן אפן שיפל...

בינעם שטייט אפן גאנעקל, הערט יעדער וואָרט. אים טוט באנק, וואָס ער קאָן ניט פאָרן מיטן יונגווארג, מע ברענגט היַינט פּענסיע.

...גרישע טראָגט דעם קאָשעק, אסקע די קאָלדרע, ניט אנדערש, מע פירט זי אין שפּיטאָל אריַין ראָדיען.

א גאנצן טאָג מוטשעט זי אים, אסקע: קוזנעצאָוו, קוזנעצאָוו...

אָט דאָ האָט ער זי געקושט, דאָרטן, אין וועלדל, איבערגעדעקט מיט זיַין מאנטל, דער רעגן זאָל זי ניט נעצן. גרישע פּילט, אז די פּיס האקן זיך אים אונטער פון אסקעס רייד, זעצט ער זיך צו אפן בערגל קעגן קאריער, ווו מע בויט עפּעס א גרויס געביַי. דאָרטן שטייען די עקסקא־וואטאָרס, ווי אויסגעלאָשענע ליכט, מאשינעס לויפן ניט הין און הער. זעט זי אויס, די טיפע גרוב, אלציינס א פארוואָרפענער בעסוילעם.

— קוזנעצאָוו, קוזנעצאָוו...

גרישע האָט שוין א פרעג געטאָן באם „וואָלף“, וואָס ווייסט פון אלע שווערע הערצער: פונוואנען האָט ער זיך גענומען, אָט דער באָכער — קוזנעצאָוו?

— האָסט נעכטן, פארשטיי איך, באקומען די פּאָלוטשקע, — איז בינעם ארוף אף זײַן פארשטעלטן לאָשן, — וועט קלעקן, גרישע, דעם גאַלעך פאר זינגען און דיר פאר מעקען. קוזנעצאָווס טאטע, דארפסטו וויסן, איז געווען א באַוווסטער מענטש, א העלד פון דער מילכאָמע, און דער זיידע זײַנער — וועגן אים האָסטו דען ניט געהערט? — אף דער שיפּקע נאָך האָט ער באקומען דעם געאָרגיעווסקע קאַוואַליער. שטייט עפּשער דײַן באָבען ניט אָן דער שידעך פאר אסקען?

בעסער דערוואָרגן ווערן מיט דער אייגענער צונג, איידער ארײַנ־פאלן צו בינעמען אין מויל ארײַן.

— בא די קוזנעצאָווס, — זאָגט ווײַטער דער „וואָלף“, — איז מען אלע יאָר געשלאָפן מיט ביידע אויגן, און דאָך האָט מען גאָרנישט ניט פארזען...

און מיטאמאָל — דער סאָלדאט איז געקומען! אָט גייט ער, דער סאָלדאט!

איוואן וואסיליעוויטש, אז ער האָט דערזען בא זיך אין שטוב ניקאָלײַ קוזנעצאָוון, האָט ער זיך געגעבן א שטעל אוף אנטקעגן אים און ארויס־געגעבן פון זיך קורצע עטלעכע ווערטער:

— רעד מיט מיר ווי מיט אן אלטן סאָלדאט: ווילסט זײַן א טאטע דעם קינד?

— יאָ, איוואן וואסיליעוויטש.

אסקע קומט ארײַן, שטעלט זיך אָפּ בא דער שוועל, די ליפּן פאר־שמאכט, די אויגן אין טרערן. ניקאָלײַ לויפט צו, נעמט זי ארום.

בינעם איז שוין דאָ.

— אסקע־לעבן, האלט זיך דערווײַל אײַן, ווײַל טוסטו א כליפּע, זאָגט מען, אז דו ווײנסט; טוסטו א ווײן, זאָגט מען, אז דו כליפּעסט...

די זאך טוט זיך אָבער גיכער, איידער די מײַסע לאָזט זיך דערציילן. אין א שאָ צי צוויי ארום שטייען שוין ביידע פארן טאטן; לאָז אונדז, פּאָטער, גיין איניינעם אף דער ערד, מירן זיך ניט שיידן.

— הינדעלעך מײַנע, — כאפּט מוראשאָוו זיי ארום, — אז מע נעמט זיך פאר די הענט, איז די ערד א מאמע. גייט, גייט אף איר געזונטערהייט...

די „יידישע שטוב“ טראסקעט מיט די טירן. בינעם „וואָלף“ גייט ארום פון שטאָק צו שטאָק, זאָגט .אָן די בסורע:

— אסקעס סאָלדאט איז א באָכער — אזא יאָר אף מיר.

די בוידעכע איז צופרידן. בינעם האָט זי דערפרייט. מעקײַעם געוואָרן איר ווונטש: דעם קוואס זאָל טרינקען דער, ווער עס האָט אים פאר־קוואסעט...

גאנץ לאנג האָט דער „וואָלף“ ניט געהערט, די בוידעכע זאָל זינגען, נאָר אצינד לויפט ער פון אלע טרעפּ זיך צוהערן, ווי די אלטע ראבע קו האָט זיך עס א ביסל צעמעקעט:

— אוי, מײַן מאַן,
דײַן באָרד זאָל מיר זײַן,
דערצייל מיר ניט אהין,
דערצייל מיר ניט אהער,
גוואלד, אף דײַן באָרד
איז געלעגן א שער...

נו, און גרישע? וואָס איז מיט אים געשען? אין דער אייגענער צײַט, ווען בא מוראשאָוון זשומעט זיך, ווי אף א כאסענע, ליגט גרישע און סאָפּעט שווער אין הויכן גראָז פֿון דעם דערבײַיקן פּאוולאָווער וואלד. פון שטוב דערגייען אזש ביז אהער די קוילעס. גרישע כייפּעץ איז גע־קומען צו די ביימער, קעדיי באטראכטן: אוועקפּאָרן אפן טאגיל צי אָנטאָן זיך א קויעך און בלײַבן אין דער „ייִדישער שטוב"...

ווען פולע בערג מיט גאָלד כ׳זאָל האָבן
און אויכעט פולע טײַכן ווײַן... —

רײַסט עמעצער דעם גאָרגל בא אסקען אין שטוב. צווישן אָט די קוילעס ברענגט דאָס קילע ווינטל צו גרישעס אויער א ווילד היסטעריש קווי־טשערײַ, גלײַך מע וואָלט עמעצן דאָרט באוויינען...

גרישע טוט אזש א ציטער. ער פארשטייט, אז מיט דעם, וואָס בא די מוראשאָווס קומט פאָר, בינדט זיך בלויז פרייד. אָבער מע וויינט דאָך פאָרט...

זיצט כייפּעץ אזוי אין פּאוולאָווער וועלדל, באטראכט דעם איניען, וואָס צו טאָן. און איידער עפּעס־וואָס, טוט ער א קלער וועגן דער באָבען, וואָס וועט גאנצע טעג טײַנען אירע טײַנעס:

„ווײַזט אויס, אז ס׳איז באשערט, גרישעניו, זאָלסט האָבן אייגענע קינדער, ניט האָדעווען א פרעמדן מאמזער... דאַרפסטו מוראשאָווס „אל־מאָנע" אף קאפּאָרעס... איך דאנק דעם וואָס לעבט אייביק — אראָפּגענו־מען א שטיין פון מײַן הארצן..."

אזוי אַן ערעך מיט די דאָזיקע טפילעס, שטעלט ער זיך פאָר, גרישע, וועט אים די באָבע באגעגענען שטאָק־נאכט און גאנצפרי. מיט די איי־געגע ווערטער — ארויסבאגלייטן.

נאָר די בוידעכע ווייסט דען, וויאזוי סע ברענט אים, איר אייניקל, לונג־און־לעבער? אין קאָפּ — א מישמאש, די פיס גייען ניט. מיט פאר־געניגן וואָלט גרישע אצינד, אזוי ווי ער שטייט און גייט, אויקער געוועזן פון דער שטוב, מער ניט צו באגעגענען אסקען, קוזנעצאָוון, איוואן וואַ־סיליעוויטשן, בינעמען...

יאָ, בינעם דער „וואָלף"... דאָס האָט ער דאָך געזאָגט גרישען די ווערטער:

— מאָנעפּשעך, האָסטו אף אַן עמעס ליב אסקען, ביסטו איר א פרײַנט, דאַרפסטו, פארקערט, זיך פרייען, וואָס דער טאטע פון איר קינד איז צו

דער צײַט געקומען, אַראָפּגענומען די שאַנד פון איר, דאָס קינד וועט האָבן א טאַטן... ווײַל סײַווי, גרישע, א שטיפטאַטע בלײַבט א שטיפטאַטע...

דאַכט זיך, גוט, בינעם האָט באַטאָג גערעדט צו דער זאַך, נאָר אין ברוסט קלאַפּט ווילדערהייט דאָס האַרץ, שווער זײַנען די פיס, כאָטש נעם קוליעס צו דערגיין מיט זיי אַהיים.

שטיל צוויטען באַנאַכט די קווייטן אין וואַלד, א גיטאַרע דרינדזשעט ערגעץ דאָ ניט ווײַט אין די קוסטעס. ווילדע ניסלעך, וואָס הענגען איבער גרישעס קאָפּ, זעען אויס ווי קאַרשן.

דאָס געזאַנג אין דער „ייִדישער שטוב", אויסגעמישט מיט געוויין, דערגייט נאָך שטאַרקער צו גרישעס אויער.

גרישע קוקט זיך אײַן אין די דורכלויכטן צווישן די שטאַמען און געפינט אף יענער זײַט וואַלד די אײַזנבאַן־ליניע. אין דער נאַכט קוקן די סווע־טאָפאָרן מיט זייערע גרינע אויגן, ווי פאַרבלאָנדזשעטע קאָטערס. דער לאָקאָמאָטיוו פליט דורך, ווי דער ספוטניק אין הימל. מיט פאַרגעניגן וואָלט גרישע אַרײַן אין פולמאַן, זאָל ער אים פירן אפילע אין אויס־רײַסעניש.

דורך די ביימער זעט גרישע, ווי דער סטרעלאָטשניק גייט אום מיטן לאַמטערן איבער די שפּאַלעס. די לעוואָנע איז אַרײַן אין די כמאַרעס, גלײַך זי האָט אָפּגעטאָן דעם סטרעלאָטשניק א מיִעסע זאַך...

גרישע ליגט נאָך א ווײַלע פאַרטײַעט. עס גרילצט אים דאָס גרילכל אין אויער:

— געבליבן ביסטו, גרישע כײיפעץ, אָנעם באַראַבאַן, נאָר מיטן גראָבן שטעקעלע...

מיט אָט די געדאַנקען קומט ער צו דער שטוב. יאָ, מע ווײַנט פאָרט אפן פערטן שטאָק. די פענצטער זײַנען מיט שוואַרצן פאַרהאַנגען.

— דאַשעס מאַן געשטאָרבן...

ווער האָט עס אים געזאָגט, גרישען? בינעם, אוואַדע בינעם, בלויז דער „וואָלף" שלאָפט ניט אַזוי שפּעט, ער איז דער שוימער און דער שויפער פון אַלע נײַעס.

אַזוי פירט זיך שוין פון קאַדמוינים אין דער „ייִדישער שטוב": פרייד נעמט מען אָן פאַר פרייד, צאָרעס — פאַר צאָרעס.

דאַשע פוצט זיך אויס אין שוואַרצן סאַקעלע, שמירט אָן מיט רויטן די ליפּן, שווימט דורך אף דינע „שפּילקעס", גלײַך זי גייט ערשט פון א קנאַסמאָל.

בינעם באַגלייט זי אַרויס מיט זײַנע צוויי וועלפישע אויגן און טוט דערבײַ א ווונק צו גרישען:

— איידער פאָרן קיין סיביר...

נאָך גוט, וואָס די בוידעכע מאַכט קליאָצקעס. זי איז פאַרנומען אין קיך, הערט זי ניט. עלע ניט, וואָלט זי, ווי געוויינלעך, א זאָג געטאָן:

— שמעקסט שוין מיט צווינטער, בינעם, וואָלף איינער!

— אמאָליקע יאָרן פלעגט אזא ייִד, ווי דו, בינעם, ברעכן דעם קאָפּ איבער דער געמאָרע, — קוקט דער דאָקטער פרידמאַן ארויס פונעם פענצטער; ווײַזט אויס, אז ער האָט געהערט די אזעספּאָנעמדיקע ווער־טער בינעמס, — און דו פארנעמסט זיך מיט גאָרנישט...

פארציט בינעם א ניגון:

— אוי, דודוניו...

דאָקטער פרידמאַן מאכט פּאַוואָליע צו דאָס פענצטער, זאָגט בייז:

— אין הוילן סטעפּ שליאָנדרעווען עפּשער ארום אזעלכע בײַסיקע וועלף, ווי דו, בינעם וואָלף!

געלעכערטע אויערן האָט די בוידעכע, ווײַל צווישן דער פארפאָרעט־קײַט אין קיך איז פאָרט דערגאנגען צו איר עפּעס־וואָס פון בינעמס ריידערײַען. דערפאר האָט זי אזוי געפּילדערט, אז גרישע זאָל גיין צום טיש עסן זײַנע קליאָצקעס, זי וועט אים דערציילן די מײַסע אף איר אויפן:

— אויסגעגליטשט זיך דער שידעך מיט אסקען, ווילסטו קריכן נאָך טיפער, ברענגען מיר אין שטוב ארײַן די צווייטע „מאנדאָלינע״ — דאשקען?..

גרישען איז געבליבן שטיין א קליאָצקע אין האלדז — ניט צעקײַען, ניט אראָפּשלינגען.

— ווידער, באָבעניו, צעבלאָזטו א געגעם־פײַער! — האָט ער זיך שיר ניט דערוואָרגן.

טיר צו טיר, שוועל צו שוועל. ווי׳אזוי זשע גייט מען ניט ארײַן א קוק טאָן אף מײַן ליבלינג — אסינקע? איך האָב זי ניט איין מאָל אף מײַנע הענט געטראָגן, ביפראט ווען דאָס מיידעלע מיטן קישקעלע אפּן דארן העלדזעלע איז געבליבן נאָך דער מוטערס טויט זיצן א האלב יעסוימעלע. אזויפיל קינדער אין הויף, נאָר אסינקע איז געווען דעמלט א ריס פונעם הארצן.

בינעם זאָגט, אז זי איז אין נײַנטן כוידעש, אָבער דאָקטוירים ווייסן בעסער: פרידמאַן קוקט אפּן „וואָלף״ דורך זײַנע ווײַבערשע ברילן, ווײַל אים אײַנשלינגען. א דאָקטער בלײַבט א דאָקטער, דערלאָזט ער ניט, מע זאָל גיין לויטן אייגענעם סייכל. אומזיסט אסקען געפירט נעכטן אין שפּיטאָל, געווען באדארפט פרעגן, ניט כאפּן זיך העגדום־פּעגדום ארויס־צורופן די מאשין מיטן צײלעם.

דער סאָלדאט זיצט אין קיך, שיילט קארטאָפליעס, אסינקע שטעלט פאר מיר ארויס דאָס בײַכל, ווי איינער רעדט: וואָס טראָג איך, פּעטער, א ייִנגל צי א מיידל?

א קלוגער באַכער קווּנעצאָוו: אויגן פּאַרליבטע, שטענדיק מיטן שמייכעלע, ליפּן געשלאָסן, נאָר ער פאַרשטייט, אַז אצינד בין איך א שרײַבער, ניט קיין שאָפער, ווײַל איך וויסן, וואָס הערט זיך פון יענער זײַט גרענעץ, פאַרוואָס האָט ער ניט געשריבן...

עס קומט ארײַן איוואַן וואַסיליעוויטש. ער קוקט מיט ניט פאַרבאַהאַלטענעם נאַכעס אַף די קינדער, פאַרשעמטע טרערן רוקן זיך אָן אַף די אויסגעוויקטע אין שטאָל אויגן.

און איך — איך קוק אַף זיי אַלעמען, אַף מײַנע שכיינים: א בוים מיט א בוים האָט זיך אַרומגענומען. רויש, דובראַוושקאַ, רויש!..

פאַר דאַשען, דער שכיינע מיטן שוואַרצן סאַקעלע אין הייסן זומערטאָג, איז גרישעס ארײַנקומען אין האַלב־נאַכט צו איר אַפּן פערטן שטאָק געווען אַן אומגעריכטע זאַך, ווײַל זינט דעם מאַנס טויט און גרישעס שפּאַצירן מיט אַסקען, וואָס דאַשע פלעגט מיט אַזא האַרץ־קלעמעניש נאָכשפּירן אין קיך־פענצטער, האָט די הײַנטיקע באַגעגעניש זי סײַ געעקערט, סײַ געפרייט און סײַ געשראָקן.

גאַנצע נעכט טראַכטן פון גרישען און אין דער זעלבער צײַט אײַנדעקן דעם מאַנס פאַרקילטע פיס, ארײַנלויפן אין קיך, כאַפּן א קוק אין פענצטער — זען, ווי „זיי" זיצן, שעפּטשען זיך און קריגן זיך...

דאַשע האָט שוין איינמאָל געוואָלט אָט די באַנק קעגן קיך־פענצטער פאַרברענען, צעהאַקן, עס זאָל ניט א קיל טאָן אין האַרצן, ווען עס קומט דער אָפּדערנאַכט.

גרישעס כייפעץ האָט זיך אין צעך פאַרדינט אַף א שיינעם גאַרניטער, מער גייט ער ניט אין געלן לעדערנעם רעקעלע, מיטן בערעטל, אין די אויסגעקרימטע שיך, צעכראַסטעט.

אויסגעגאָלט, אין אַן אָנגעקראָכמאַליעט אויבערהעמדל, מיט צוויי מאַנצבלשע אויסגעהונגערטע אויגן, איז ער געשטאַנען בא דאַשעס שוועל, פרעגנדיק:

— מע מעג?

— זע, אַזוי שפּעט, גרישע, נו, קום ארײַן.

א פּאָר מאָל ווישט ער אויס די פּאָדעשוועס, קעדיי באַווײַזן, אַז שטאָלגיסער טראָגן שיך מיט שמאָלע נעז, הויזן לויט דער מאָדע, שקאַרפּעטן מיט גומענדלעך. נאָר איין זאַך פאַרשטייט זי ניט, דאַשע: ווער האָט אים, גרישען, אויסגעבונדן דעם שניפּס — ניט אַנדערש די באָבע.

א שמייכל געטאָן, אים אָנגענומען פאַרן לאַץ, דערנאָך פאַרן האַלדזטוך, פירט זי אים אין קיך ארײַן. די שכיינים זײַנען אַף דאַטשע, פראַוועט זי א לעבן, אָטעמט אָפּ א ביסל פון די קריגערײַען: דאָ גיי ניט, דאָ שטיי ניט...

— נו, דערציייל, וואָס האָט דיך געבראַכט אַזוי שפּעט צו מיר? — פרעגט זי בא גרישען, ארײַנקוקנדיק אים גלײַך אין פּאָנעם ארײַן.

אַראָפּגעלאָזט די אויגן. צעשפּיליעט דעם פּידזשאַק, ווי סע וואָלט אים

הייס געוואָרן פון אירע ווערטער, שטעלט ער זיך קעגן איר, נעמט זי אָן פאַר די אַקסלען, זאָגט איר גלײַך:

— איך האָב כאַסענע פאַר דיר, דאַשע...

זאָגן גלײַך „יאָ", ווי א נאַריש קינד? ניין, זי וועט אים דאָס דאָזיקע פאַרגעניגן ניט אָנטאָן. פאָשעט, ס'איז איר פאַרדראָסיק, לעמיי מענטשן, ווען עס ווערט זיי שווער, זוכן זיי א שוואַכע באַשעפעניש, ווען עס האָט אן אומגליק געטראָפן, קעדיי צולייגן די פרישע ווונד צו אן אנדערנס ניט־פאַרצויגענעם שראַם און מיט דעם זיך מאַכן גרינגער.

צי דען ווייסט זי ניט, דאַשע, וואָס מיט גרישען איז פאַר דער צײַט געשען: אַסקען האָט ער טאַקע ליב, ניט געשעמט זיך פאַר די שכיינים, אַרומגעגאַנגען מיט איר, ווען עס האָט בא איר געסטאַרטשעט דער בויך, גלײַך ער, גרישע כייפעץ, איז דער קאָמענדיקער באַלבריסניק און ניט דער סאָלדאַט.

דאַשע טוט א קוק צו דער באַנק, ווו גרישע פלעגט אויסזיצן גאַנצע נעכט מיט אַסיען, דאַכט זיך שטיל מיט איר גערעדט, נאָר אין דאַשעס אויערן קלינגט נאָך ביז הײַנטיקן טאָג:

— דײַן קינד איז מײַן קינד...

אַן אַנדער זאַך, ווען דער מאַן האָט געלעבט, עמעס, א קראַנקער, געגליכן צו א טרוקענעם שטעקן, אָבער אָנשפאַרן זיך אָף אים האָט זי געקענט, דאַשע. אונטער א נויט וואָלט גרישע אין א פאָר יאָר אַרום ניט געוואָרפן איר אין פאָנעם אַרײַן: איך האָדעווע דײַן קינד!..

בינעמען, דעם אַלטן בינעמען, קאָן זי שוין בעסער נעמען פאַר א מאַן, סע זאָל נאָר זײַן אין שטוב א דעך פון א מאַנצבל, זי זאָל האָבן מיט וועמען א וואָרט אויסצוריידן, שמעקן טאַבאַק פון זײַן אויסגעריי־כערטער ליולקע... אַלצדינג יאָ, נאָר ניט כאַסענע האָבן פאַר דער בוי־דעכעס אייניקל, די באָבע וועט זי פאַרשעלטן.

גרישע שווײַגט. וואָס זאָל ער איר זאָגן: אַז ער איז עלנטער פונעם אַלטן „וואָלף" אין דער מינוט? הייבט ער זיך אויף פונעם בענקל, אָף וועלכן ס'איז אים מוטנע געוואָרן צו זיצן, גייט אַרײַן אין וואַנע, לאָזט אָף דעם קראַן קאַלטן וואַסער און שטעלט אונטער דעם צעהיצטן קאָפּ. עס ווערט אים א ביסל גרינגער, ניט צו כאַלעשן. באַטראַכט ער די מײַכאָלים, וואָס שטייען אין אײַז־וואַסער — דאַשע גרייט זיך אופנעמען געסט, ניט אומזיסט ליגן פרישע אוגערקעס, פּאָמידאָרן, פיש.

בעשאַס גרישע קערט זיך אום אין קיך מיט צעשפּרייטע הענט, מע זאָל אים געבן א האַנטעך, שטייט שוין דאַשע פאַר אים אויסגעפּוצט אין א נײַ קלייד, צוגעקעמט די האָר, אירע פאַרבענקטע אויגן קוקן פאַרליבט אָפן געזונטן סטאַלעוואַר: אָט אַזאַ ווײַבל, גרישע, הייסט עס, וואָלסטו באַדאַרפט, ניט אַסקען...

דערנאָך שטעלט זי אָפן קיך־טישעלע א פלעשל ווײַן, צובײַסעכץ, זאָגט פאַרשײַט:

— נו, אָפּגעשמיסענער כאָסן, לאָמיר אויסטרינקען — דו ביסט אַן אַלמען, איך אַן אַלמאָנע...

אויסגעטרונקען, פארביסן, לאָזט דאשע, גרישע זאָל זי א קוש טאָן, און באגלייט אים ארויס:

— אריַינקומען פון צײַט צו צײַט — מעכעטייסע, נאָר ניט כאסענע האָבן, דאָס ניט.

אָפּגעזעסן א נאכט אין דער קיך אפן פערטן שטאָק, האָט גרישע פאַר־שטאנען: דאשעס נעשאָמע איז ניט פון קלאָטשע. און נאָך האָט ער ארויסגעטראָגן פון אָט דער קיך: טוט זי א קוש, דאשע, אין די ליפּן, ווערט אים זיס אין מויל, פון דאשען שמעקט מיט פרישע גראָזן. די זון האָט זיך איר טאָג, די לעוואָנע — איר נאכט, דעם הימלס שפּיגל איז דער יאם, דעם מענטשנס שפּיגל — די אויגן. דאשעס אויגן, אזעלכע ליכטיקע, שלינגען אים איַין, דעם אָפּגעשמיסענעם כאָסן. גיי דערצייל דער באָבען, אז דאשעס ווײַסע פינגער און אירע ליכטיקע אויגן פארשאפן גליק...

בינעם ווייסט שוין מינאסטאם, אז גרישע איז שאבעס באנאכט געווען בא דאשען אין קיך, ווייסט שוין אויך די בוידעכע, דער דאָקטער פריד־מאן, די גאנצע „ייִדישע שטוב".

„היילן אים, דעם באָכער, קאָן נאָר אזא מילך־פלײשיק ווײַבל, ווי דא־שע", — אזוי טראכט פרידמאן, ווען ער קוקט ארויס פונעם פענצטער, הערט זיך צו, ווי דאָס צוויטשערל שפּילט שוין פאר זיך אליין דעם פארטאָגיקן ניגן, דער אלטער פארקן איז פארוואקסן, אָנגעשטאָפּט זײַנען די שטאכעטן מיט געדיכטע בלעטער.

רעב בינעם שושקעט זיך אף די טרעפּ מיט גרישעס באָבע...

נו, און וואָס טוט א שאָפער קאיאָר, ווער וועקט עס אים אוף, ווער איז גאנצפרי באלעבאָס אין שטאָט?

מײַן זאך איז אונטערציִען די מוטערקעס, צושרויפן דעם טראנזיטנע נומער צום סאמאָסוואל, ארײַנזעצן זיך אין קאבינע, ווײַטער פאָרן איבער שטעט און דערפער — אויסצוזוכן שטאָף. און אויב, ניט פאר אונדזער צײַט געדאכט זאָל זײַן, עס איז אף דער וועלט גאָר א מאנגל אין שרײַ־בערישע געשיכטעס, איז אָט שטייט פאר מײַנע אויגן אזא געזונטער נײַנשטאָקיקער ביניען, פון וועלכן מע קאָן שלעפּן שטאָף פאר ניט איין לעבנס־ראָמאן...

דערוויַל, פאָרנדיק, טראכט איך מיר: ציגל ברענט מען, אויך גלאָז קומט ארויס דורך א פלאם, פײַער טרײַבט צו די שטערן קאָסמישע שיפן. אויך דו, מײַן ווײַסכעוורעניק, גרישע, וועסט זיך דורכטראָגן דורך ליבע־פלאמען...

שכיינים היטן אסקען. מע זיצט מיט איר אף דער באנק. בינעם דער־ציילט איר מײַסעס. קומט די בוידעכע, פארעדט איר די ציין, זי זאָל אזוי ניט פילן די ווייטעקן.

— מע האָט מיך שוין א פאָר מאָל פראָסוועטשעוועט, — מאכט פריי־

לעך די בוידעכע, — א קאָמיקער איז ער, אונדזער דאָקטער, ער הייסט מיר, זײַ מויכל, אײַנציִען דעם בויך...

בינעמען שטארבט אָפּ אַן אייוועך, ווען ער דערזעט, אז לעבן אסקען זעצט זיך צו די בוידעכע. ווי נאָר ער דערהערט איר קאָל, הייבט זיך אים אָן אזש טרייסלען דער קאָפּ, כאָטש ריידן רעדט זי צו דער זאך — ווענן ווינדעלעך, וועגן שנײַדערײַ: „שטופּ איך ארײַן, אסינקע, די נאָז אין געניי, זע איך קיין מענטשן ניט...״

צו וואָס ציילט זי, די בוידעכע, אַף די פינגער: טאמעז, אָוו, עלעל, טישרע, כעשוון, — איר אייסעק, ווען אסקע וועט א מאמע ווערן און וואָס נאָכדעם וועט זײַן!

קעדיי פארשלאָגן איר די רייד, געפינט בינעם, אז ס'וועט גלײַכער זײַן געבן אסיען צו וויסן, אז עס איז שוין דאָ א נײַער מעטאָד געבוירן קינדער.

— מע גיט דיר אין שפּיטאָל אַן עמער וואסער, קאָרידאָרן דאָרט גרויסע, וואשסטו די פּאָלן אזוי לאנג, ביז דאָס קינד קומט אַף דער וועלט...

מיטאמאָל ווערט אסקען שלעכט, זי נעמט זיך ווארפן פון ווייטעק, און די גאנצע „יִדישע שטוב״ הייבט אָן שרײַען, ווי אַף די ציין. באלד קומט דער סאָלדאט, נעמט אסקען אַף די הענט, טראָגט זי ארוף אפן דריטן שטאָק, וויל איר דערלאנגען א לעפּעלע אײַנגעמאכטס, נאָר די ווײַבער יאָוועןזיך און, לאכנדיק אין די קולעקעס, טרײַבט מען אים ארויס.

פארנאכט שלאָפט דער וואלד, עס וויקלען זיך צונויף די פרישע קוויטן, אגרעסן ווײַסן זיך ביז אינדערפרי די בעקעלעך, — סע קומט דאָרט פּאָר א לעבן. און דאָ, אין דער „יִדישער שטוב״, גייט אסיע צו קינד, — א מענטש ווערט געבוירן.

— נאָך איין קינד געבוירן! — פרייט זיך בינעם, אָנזאָגנדיק די בסורע יעדן שאָכן באזונדער.

ארויסגעלאָפן פון שטוב, טוט ער פארייניוועגס א קניפּ די בוידעכע.

— ביסט אויוועהבאָטל, בינעם, — זאָגט אים די אלטע, — ווען וועלן דיר אופהערן קריכן אין קאָפּ ארײַן טרייפע זאכן...

— סע מאכט ניט אויס, — נעמט בינעם ארויס דאָס פלעשעלע מיטן „הירש״, — קוקסט אָן אָט דעם רעצעפּט זשען־שען, טויג ער אפילע צום רעוומאטיזם...

— מיילע, — ווערט די בוידעכע שוין שטילער, — אז דער דאָקטער פרידמאן מאכט זיך מעשוגע, שלינגט פּראָשקעס, פארשטייט מען נאָך דעם סייכל — צוליב זײַן יונגער ציגײַנערטע... אָבער דו, אויסגעוווייקטער אָקס, א כוואָראָבע אַף דיר...

בינעמען פארדריסט ניט, לעמײַ דער דאָקטער פרידמאן שרײַבט אויס דער בוידעכע וואָך־בא־וואָך זיבעצן רעפּועס. מוירע האָט ער, דער „וואָלף״, פאר דער אכצעטער...

גרישעס קאָל הערט זיך פון די טרעפּ, ער איז מאָלע־געדולע.

— ווײַזט אויס, אַז דאשע האָט אים הײַנט צוגעלאָזט צו דעם געקעכטס אין איר קיך... — צעלאכט זיך דער „וואָלף״...

נאָר גרישע כייפּעץ פאַרקערעוועט צו אסקען, ער טראָגט דעם קינד אַ גלעקעלע.

ווערט די בוידעכע מאָלע־רעציכע:

— אַ באָכער גייט ניט צו קיין קימפּעטאָרן!

נאָר בינעם קילט איר אָפּ דאָס האַרץ, ער זאָגט מיט זײַנס אַ שטעכ־ווערטל:

— מיסטאמע גייט דײַן אייניקל נעמען קוואַטערשאַפט...

אָפּגעזאָגט עס, טוט ער אַ קוק אָפּן נײַנשטאָקיקן מויער פון דער זײַט. די „ייִדישע שטוב״ בלײַבט אַ „ייִדישע שטוב״, אַ מין וואָקזאַל: לעמפּ לעשן זיך ניט, מע שלאָפט באַ דער שײַן, עפּשער וועלן קומען קינדער פון דער ווײַט... גלעזערנע טירן, גלעזערנע פענצטער, מע הערט און מע זעט יעדן איינעם באַזונדער: שײַן באַ דער סטעליע, שײַן קריכט פון די ווענט, אַזויפיל באַטאָגיקע לעמפּ, מאַמעש אַ מאָסקווער וואָקזאַל.

אַזוי, צוביסלעך, קומט בינעם דער „וואָלף״ אין צעך אַרײַן, קעדיי אויך אַהער ברענגען די נײַס וועגן קינד, וואָס איז ערשט־אָ געבוירן געוואָרן.

אין צעך טוט בינעמען אַ שלאָג אין פּאָנעם דער טומל. פּאָנעם־על־פּאָנעם שטייען קראַנען, עס גרילצן קייטן, מע דאַרף פאַרמאָגן געלעכער־טע אויערן, קעדיי דערהערן עמעצנס אַ באַגער. די מאַכינע, וואָס ליגט דאָ אויף גרישעס פּלייצעס, קאָן, דוכט זיך, צוקוועטשן צו דער ערד אַ העלפאַנד.

— דערפאַר, — זאָגט בינעם, שטייענדיק באַ דער טיר, — לערנט די מעדיצין: אַרבעטן זאָלסטו זיצנדיק, רוען — שטייענדיק...

מיט פאַריסענע פּליגל שטייען די קראַנען, בעטן זיך אין הימל אַרײַן.

דאשע, די מאַמזערעס, זיצט זיך אָפּן בוידעמל און קוקט פאַר איין מאָל אין אַלע דרײַ אויסגעשלאָגענע פענצטערלעך, ווי אומיסטן — גרישע זאָל זען אירע אַשיקע אויגן.

נאָר גרישע איז הײַנט אָף דער סמענע ניטאָ, דער אַלטער בינעם האָט אים איבערגעלאָזט אין דער „ייִדישער שטוב״. איין זאַך איז ניט קלאָר: צי גרישע אַליין איז דער כוילע, צי אַרום אַ כוילע גייט ער אַרום? אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר אַ ביולעטען פאַר אַ קראַנקן האָט ער...

סאָף סמענע. דאשע, גאָר ניט צו דערקענען, פּונקט ווי זי וואָלט ניט געאַרבעט, אַזוי פריש און אויפגעלייגט איז זי, — גייט אַרויס פון צעך און טוט דערבײַ אַ קרומען קוק אָף בינעמען. דאָס דאַרף הייסן: זאָרג זיך ניט, אַלטער, ס׳וועט זײַן ווי באַ לײַטן...

זודיקע וואַסער רינט פון די קראַנען, סטאַליעוואַרן וואַשן זיך אַרום. באַם סאַמע אַרויסגאַנג פון צעך שטייט דאָס וועגעלע מיט גרייט־אויסגע־גאָסענע טשוהונענע „באַבעס״. קיינער ווייסט ניט, צי דאָס וועלן זײַן פּיסלעך צום אַעראָפּלאַן אָדער זילבערנע נעז צום ספּוטניק.

פארצויגן די גרויסע פאָרהאנגען אף די פענצטער, שטייט זיך די „ייִדישע שטוב״ באשיידן קעגן דער פאנפילאָוו־גאס. די סענטיאבער־זון טוט א שײַן מיט אירע לעצטע קויכעס, איז עס שוין געווען פארן הארצן, — מישטיינסגעזאָגט, וואָס נאָך באדארף דער אלטער „וואָלף״, אויב ניט א ביסעלע שפאצירן?

איינער אליין גייט בינעם צוריק צום שליאך אין דער ברייט און שארט זיך ארײַן אין וואלד, דעם פרישן אָסיען־טאָג צו באטראכטן. א קליין ווינטל טוט אָן אזוינס, וואָס זומער־צײַט וואָלט ניט געווען בעקויעך צו אָפּטאָן א גרויסער שטורעם: פון צעצווײַגטע קרוינען פאלן אָפּ די בלעטער, ווי ארויסגעצופטע פעדערן פון א גאנדז.

אין הימל הודען אעראָפּלאנען, טוען זיך זייער שטיקל ארבעט. פייגע־לעך פאקעווען זיך אין וועג ארײַן, צײַט שוין פליִען אין אנדערע מעקוי־מעס.

בינעם שפאצירט איבער די אלייעס, ער כאפּט זיך ניט, ער האָט נאָך צײַט, סע ברענט ניט, מע דארף נאָך דערלעבן מאָשיִעכס צײַטן.

די זון באהאלט זיך אויס הינטער די כמארעס, זי האָט, ווײַזט אויס, מוירע, אז, אן אויסגעקילטע פונעם הארבסט־טאָג, זאָל זי, כאָלילע, ניט א פראל טאָן צו דער ערד.

בינעם זעצט זיך אף אן אומגעוואלגערטן שטיין. שטיל איז הײַנט אין פאוולאָווער וואלד, ערגעץ נאָר ברעכט זיך א צווײַגל.

— הא, — טוט דער „וואָלף״ זיך א זשאָכע, — ניין, ניט מײַן צווײַגל, יענעמס בוים מיט דער בראָדעווקע...

— ביימער רעדן זיך דורך, — שמייכלט בינעם צו זיך אליין, — איז רעדט העכער, נאראָנים, סײַווי פארשטיי איך ניט אײַער לאָשן...

א פאָרפאָלק שווימט ארויס פון די קוסטעס פארויטלט...

— אייסעך, — גלאנצן בינעמס וועלפישע אויגן, — שעמט זיך ניט, בא מיר זײַנען שוין אויסגעקילט אלע אייוורים...

גאנצע זשמוטן געלע בלעטער הענגען, ווי אפּצולאָכעס, פאר בינעמס אויגן. ניין, ער וועט בעסער גיין צו זײַנע באליבטע רויטביימער, פון זיי פאלן כאָטש ניט די געלע בלעטער, וואָס שפּילן אף דעם „וואָלפס״ אלטע נערוון.

שפּעטער א ביסעלע, צעראשט פון דער בייזער פליג, גייט ער, בינעם, אויסטרינקען א גלעזל ביר און עפּשער טאקע א קעלישעקל „צינאנדאלי״.

און איידער ער פארלאָזט דעם וואלד, גייט ער צו פארשײַט, ווי א ייִנגל, צו דער רער פון דער וואסערלייטונג, וואָס סטארטשעט ארויס בא די סאמע ערשטע ביימער, דרייט אוף דאָס קרענטל און שווענקט זיך אויס דאָס מויל, גלײַך ער וואָלט ערשט אופגעגעסן עפּעס טרייפס...

פאר א מײַל שמעקט פון דער „ייִדישער שטוב״ מיט כאסענע: פיש קאָכן זיך, עס פּרוִעט די טשאָלנט־יויך, קאטשקעס שלאָגן אין דער נאָז מיט געפּרעגלטס, כאָלאָדעץ איז פארפראוועט מיט קנאָבל. די בוידעכע

האקט דאָס הינער־דרויב. ווער ווייסט, וואָס נאָך פאר א מײַכל זי פאר־טראכט...

בינעם גייט ארום פון טיר צו טיר, זאָגט אָן די בֿסורע:

— דער בוידעכעס מעכותּאָנים שטאמען פון אַריאַל, גאָלדענע הענט געווען באם שווער, ער האָט זיך ניט פארנומען מיט מאכן ציצעס צו טאַלעסקאָטנס...

— בינעם, — וואָרנט אים די בוידעכע, — פארשטער מיר ניט די סימכע.

גרישע מײַסטערוועט א לאנגן טיש מיט בענק בא די זײַטן. געוואָלט האָט מען לעכאַטכילע מאכן די כאסענע אין רעסטאָראן „פעקין", נאָר די בוידעכע האָט זיך אײַנגעאקשנט: ניין, אף צען קאפּאָרעס דארף זי „פעקין" — ניט אהער, ניט אהין. גלײַכער איז ארויסטראָגןביידע בעטן און צוגרייטן די כאסענע אפן אלטן אויפן. אין דער היים קאָן מען מאכן א זיסע פעציא מיט אן עסיקפלייש, אָנפעפערן די פיש, באקן שטרודל, קאָרענעם לעקעך, קומישברויט, אזוי ווי גאָט האָט געבאָטן.

פיר וואָכן האָט מען געשאָבן די ווענט, געפארבט דעם דיל מיט די טירן, געטרייסלט דאָס בעטגעוואנט, געוואשן און געפּרעסט. די גאנצע „יִדישע שטוב" איז געגאנגען כאָדאָראָם: גרישע כייפעץ האָט כאסענע!

גאנצע נעכט האָט מען געכקירעט, עס זאָל זײַן קלענער דער אוילעם, גרעסער די סימכע. נאָר וויפל מע האָט ניט געמעקט, קומט אויס דער כעזשבן: העכער הונדערט מעכותּאָנים.

גרישעס בריגאַדע, קיין אײַנהאָרע, פערציק פּיקערס, דאשעס — פינף און צוואנציק. הײַנט איוואן וואסיליעוויטש מיט זײַנע קרויווים, בינעמען מוז מען רופן, דעם דאָקטער פרידמאן מיט זײַן ציגײַנערן, א צענדליק פּראָפעסאָרן פון דער „שטוב".

האקלאל, ס׳וועט סטײַען אוילעם...

גרישע האָט פײַנט אָפּקומען. פּראווועט ער אפן הויכן שניט. מאשינעס פאָרן אָפּ און אוף. אָט האָבן די שטאָלגיסער געכאפּט פרישע פיש — א גאנץ וויגל. געגנדז מיט קאטשקעס, הינער און אייער זײַנען געקומען פון אַריאַל. קעסטלעך ווײַן, א פעסעלע קוואס — פונעם גאסטראָנאָם, וואָס שטייט לעם דער „יִדישער שטוב".

שאבעס איז די כאסענע, וועט מען פרײַטיק פירן דעם כאָסן אין באָד ארײַן. איוואן וואסיליעוויטש מוראשאָוו מוז אים, גרישען, אָפּשמײַסן א פּלייצע, אויסטרינקען מיט אים א טוץ ביר נאָך איידער דער סימכע. דאָס זעלבע וויל אָבער אויך בינעם דער „וואָלף". ריידן זיך צוויי אלטע לײַט צונויף, אז גיין וועט מען אינדרײַען.

דער „וואָלף" לערנט דערווײַל גרישען סייכל:

— צוליב דעם זײַנען מיר געבוירן געוואָרן, מיר זאָלן ציילן די יאָרן, ווי די טרעפּ... ניט אומזיסט לייגט די מאמע א שלאָף־עפּעלע צוקאָפּנס דעם קינד, זאָל עס זיך אויסשלאָפן... וואקסט מען אויס, מוזטו, גרישע, ווי דער טאטע דײַנער, קענען ארײַנקלאפּן א צוואָק, אליין אויסשטעלן א כאסענע, פארמאָגן א קערבל אין קעשענע, בעיאַד האָבן פאר אלץ צו באצאָלן, ניטאָ הײַנט קיין פּראָצענטניק...

בינעם גייט זיך דורך שפּאַצירן, ווײַל נאָך דער באָד וועט ער אַרײַנ־קריכן גלײַך אין בעט אַרײַן.

אָנגעבראַקנעט זײַנען מיט נאָסקײַט די צווײַגן, שווערער געוואָרן צו טראָגן דעם אָל אױף זיך. די שטראַלן פֿון דער זון לייגן זיך אויפֿן וואַלד, מאַכן אים ליכטיק־גליקלעך, קושן זיך מיט די סאָסנעס, ניט אַנדערש, מע געזעגנט זיך אויפֿן גאַנצן ווינטער.

צווײַגן העגנגען שוין, ווי קרומע שירעמס, בלעטער פֿאַרשטעלן מער ניט די ביימערס וווּנדן. איצט זײַנען שוין די בלעטער אַראָפּגעשמיסענע, ס'איז אָבער צו זען, אַז געווען זײַנען זיי שיינע, לאַנגפּיסיקע, ברייטביי־נערדיקע.

נאָדעלעך ליגן שטומפּיק־צעטראָטענע, ערשט ניט לאַנג האָבן זיי באַ־שיינט דעם בוים.

די האַרבסטיקע זון, ווי אַן אַלטער בריליאַנט, מאַכט איידעלער דער סאָסנעס פֿאַרסמאַליעט פּאָנעם. די וואָרצלען פֿונעם בוים ליגן אויפֿן סטעזש־קעלע, ווי בלויע אָדערן אויף בינעמס פֿוס.

דער הימל האַלט פּאַסאָן: די זון צעטרײַבט די כמאַרעס, פֿאַרפּוצט די הייך אין בלויע זומער־קאָלירן. עס הייסט — שפּיגל זיך, מענטש!

מאָרגן, מירצעשעם, וועט בינעם זײַן אַ מעכוטן. שווער איז אים אָנ־געקומען כאַסענע צו מאַכן גרישע כייפעצן...

די בוידעכע געדענקט, אַז באַ איר האָט מען געשטעלט די כופּע לעבן דער קלויז, פֿיר שטעקנס, צוויי קלעזמער. דער ראָוו און דער שויכעט, דער גאַבע מיטן שאַמעס. דער כאָסן שטייט אויף די שפּיץ פֿינגער. ס'וויינט דער קאַלעס מאַמע, ווישט מיט דער אַלטער שאַל די אויגן. סע מאַראַקעט אַ רעגן, עס קאַפּעט אין קאָלנער אַרײַן. און דאָ דאַרף מען שוין זאָגן דעם „האַריי אַט״, קושן די פֿרעמדע צוויי ליפּן — איינגאַנצן איין מאָל האָט די קאַלע ביז דער כאַסענע געזען דעם כאָסן...

הײַנט, שאַבעס, פֿאָרן גרישע און דאַשע אין „זאַגס״ זיך פֿאַרשרײַבן.

גרישע גייט אָנגעטאָן אין שוואַרצן גאַרניטער, אָנעם היטל, האַרגע אים, ווײַל ער ניט נעמען די שליאַפּע, כאָטש אין דרויסן בלאָזט שוין דאָס סענ־טיאַבער־ווינטל.

אין איין אויטאָמאָביל זיצט כאָסנס־צאַד, אין דעם צווייטן — קאַלעס־צאַד. קווייטן, קווייטן — באַם אַרײַנגאַנג, באַם אַרויסגאַנג.

באַ איין טישל באַשטעלט איוואַן וואַסיליעוויטש שאַמפּאַניער ווײַן מיט קאָנפֿעטן, באַם צווייטן שרײַבט מען שוין דאָס קוויטל, אַלץ ווי באַ לײַטן.

גרישע כייפעץ, מענטשן קוקן אויף דיר, ביסט שיין און געזונט, באַ דאַ־שען גלאַנצן די אויגן, זי איז גליקלעך, זי איז פֿאַרליבט. נאָך אַ מינוט, איז זי שוין דער בוידעכעס שנור, גרישע כייפעצעס ווײַב — אויף אייביקע יאָרן!

דאָ מאַכט מען איינס און צוויי:

— בײַט זיך מיט די פינגערלעך! צעקושט זיך...

דאשען קומט אָן שווער ארופצי̇ען אף גרישעס גראָבן פינגער דעם רונג, דערפאר טוט ער איר גרינג אָן איר רינגעלע. שי̇ינען נאָך גליק־לעכער בא דאשען די אויגן.

דערנאָך טרינקט מען צו באָקאלן שאמפאניער. איוואן וואסיליעוויטש זאָגט א פּאָר ווערטער, נאָר מע באוויי̇זט זיי נאָך ניט דערהערן, ווי עס שארט זיך צו בינעם און נעמט די ווערטער איבערזעצן אף י̇ידיש. אף זײַן לאָשן הייסט עס איבערזעצן, נאָר זאָגן זאָגט ער גאָר עפּעס אנדערש:

— זאָלסט וויסן זײַן, גרישעניו, אז מיט זײַן מויל רעדט אסקע... זי איז צופרידן פון דיר, האָסט געטאָן גוט...

צוביסלעך ווערט די ערד קילער, קילער, דאָס גרילכל גרילט שטילער, שטילער...

ווערט קעלטער אין דרויסן, האלטן זיך פייגעלעך אינײנעם — אין די ווארעמע לענדער פליט דאָס פטאשקעלע ניט אליין, נאָר סטײַעסווײַז.

בינעם דער „וואָלף" זיצט בא דער בוידעכע, טרינקט א גלעזל טיי, צו דערווארעמען די נעשאָמע, און בעשאס די אלטע פּלאפּלערן פּלאפּלט עפּעס, קוקט ער ארויס אין פענצטער און דער קוק זײַנער דערגרייכט אזש ביז צום פּאוולאָווער וואלד. פּארבליבענע גרינע בלעטער אף דיביימער ווארטן אף זייער גוירל, דער הארבסט איז פאר זיי נאָך ערגעץ אין וועג. קומט אָבער אָן יענץ אָסיען־ווינטל, וואלגערן זיך שוין אויך יענע בלע־טער אף דער ערד.

לעם דער „י̇ידישער שטוב" בויט מען נאָך א שטוב. שטיינער ווארע־מען זיך אָן פארן טאָג. באנאכט אָבער, ווי מענטשישע הערצער, קילן זיי זיך אויס.

מיין ניט, טײַערער לייענער, אז מיט דעם פארענדיקן מיר דאָס סיי־פערל. ניין, מיר הייבן עס ערשט אָן.

ווי̇אזוי לעבן דאָרטן ווײַטער די קאָבינאטאָרן קעגן דער „י̇ידישער שטוב"? און צי זײַנען זיי קלאל נאָך דאָ אף דער וועלט?

און וואָס פאר א נײַע שטוב בויט מען דאָ? ווער וועט דאָרט לעבן? ווי̇אזוי וועלן זיי זיך באגיין איינע מיט דער צווייטער: „די י̇ידישע" און זי, „די נײַע"?

און דאָ, אין דער „י̇ידישער שטוב" — צי וועט אסקע ליב האָבן דא־שען, ווי̇אזוי וועט גרישע קוקן אף אסקעס מאן, דעם סאָלדאט?

און מאלע־וואָס פארא פראגעס עס קאָנען נאָך אופקומען, ווען די וועלט איז א וועלט און די ערד דרייט זיך...

געלע בלעטער שלאָגן זיך דערווײַל מיטן אָסיען־ווינט און פאלן, נע־בעך, פאלן, ווי אָפּגעפּליקטע פעדערן.

זשומען זיי, די בלעטער, בא מײַן פענצטער, זאָגן אָן דעם אוילעם:
„פארקאטשעט, זײַט מויכל, די ארבל, כאפט גיכער אראָפּ פון די ארו־מיקע פעלדער דאָס האָב־און־גוטס, ווײַל די זון שענקט נאָך איצט געגוג ווארעמקײַט".

## דריטער טייל

איוואן וואסיליעוויטש מוראשאָוו שטייט באם שמעלץ־איוון, ווי א גוטער בעקער, וואָס האָט מוירע, די געפלאָכטענע בולקעס זאָלן ניט צו־געברוינט ווערן. קאָמאנדעוען קאָמאנדעוועט גרישע כייפעץ. ער איז שוין ניט קיין לערן־יינגל, וואָס שטייט הינטערן מײַסטערס פּלייצעס. ער איז מוראשאָווס געהילף.

יאָ, ביסט געוועזן, גרישע, מיט די גאנאָווים, שלעפּער און סטיליאגעס אין איין קאָמפּאניע, אָבער אצינד פארטרויט מען דיר, ראָמאן כייפעצעס זון, ווי דעם שיפסקאפּיטאן, — מענטשן, וואָס קאָכן שטאָל. האלט זשע פעסטער אין דײַנע הענט דעם שטורוואל, די שיף זאָל ניט ארוף אף א שטיין!.. באוויײַזן איוואן וואסיליעוויטשן געקאָרטשעטע פלעצלעך, ניט קיין ריינעם שטאָל איז אלציינס ווי אָנשפּײַען אים אין פּאָנעם ארײַן.

אפן זאוואָד פירט מען שטיקער שטאָל פון איין צעך אין צווייטן. האָט גרישע באמערקט: מע שליסט ניט צו די באָרטן פון די מאשינעס. ניטאָ קיין צײַט צוקייטלען, אָפּקייטלען: יעדער מינוט איז טײַער. דארף מען דעם אלטן מארטען אויך א גוטן טרייבער טאָן, ער זאָל באווײַזן, וואָס ער קאָן. ניט אומזיסט האָט מען אים אריבערגעפירט אף סאראטאָווער גאז.

גרישע כייפעץ האָט מיטן סייכל באנומען, וואָס דאָס באטײַט. פּאָרט מוראשאָווס א טאלמיד.

ווער־ווער, נאָר בינעם „וואָלף", וואָס איז ניט איין יאָר אָפּגעשטאנען דאָ אפן זאוואָד באם פרעזער, ווייסט גוט, ווי איוואן וואסיליעוויטש קנעלט מיט זײַנע טאלמידים. דער אלטער שטאָלגיסער קוקט ניט ארויס אף קיין טעלערלעך פונעם הימל. אָנגלאָזן די אויסגעשלאָגענע פענצטער דארף מען זומער. פרישע ליים, ווײַסער זאמד, ווי פינקלענדיקע פּערל, ליגט שטענדיק פארגרייט. זשומעט זיך דעריבער בא די שמעלץ־איווענס, ווי ארום א פריילעכער כאסענע. אָבער דאָס זאָל זײַן די גאנצע טוירע, דאָס וועט קיינער דעם „וואָלף" ניט אײַנריידן. דער „וואָלף" קוקט גרישען גלײַך אין פּאָנעם ארײַן און קנעלט אליין מיט אים אײַן:

— אָט קומט, מירצעשעם, דער זמאן, גיי זיך לערנען. ווײַל אָן טוירע וועסטו, באָכער, די כאָכמע אָנווערן, די נעשאָמע פונעם שטאָל איז גאָר ניט אזא פּאָשעטע, ווי דו מיינסט... וועסט געדיכט ניט פארקאלויעצן, אויב אין קאָפּ איז פוסט.

און נאָך קנעלט ער מיט אים:

— אש, ארום־און־ארום איז אש... זע זשע, באָכער, עס זאָל דיר ניט

פאַרפאַראַשען די אויגן. און, באַהיט דיך גאָט, כאַטש דײַן פאָטער איז געווען ראָמאַן גריגאָריעוויטש כײַפעץ, דו זאָלסט פאַרטײַסן די נאָז!

ער איז דאָ אַן אָפטער גאַסט, דער „וואָלף", אינעם זאַוואָד. אין די אַלײעס, טאַקע דאָ, לעבן די גרויסע קאָרפּוסן, שטייען פּאָנעם־על־פּאָנעם גלײַכע שורעס בערעזקעלעך. בעשאַסן פאַרזעצן האָט בינעם ניט איין מאָל גע־מאָסטן מיטן ווירעלע פון אייןביימל צום צווייטן. וואַקסן זיי איצט שטאָם צו שטאָם, ווי אַ סטרונקע. בינעם איז אַן אַלטער וואַלד־מענטש, ווייסט ער דעריבער, וויפל קאַלי אונטערשיטן דעם ביימעלע, די יונגע וואָרצלען זאָלן ניט פאַרוויאַנעט ווערן.

גייט ער זיך אַזוי פּאַוואָלינקע איבערן זאַוואָד, בינעם, און באַטראַכט זײַנע בערעזקעלעך, ביז ער קומט צום שטאָל־צעך. דאָ פאַרקוקט ער זיך אויפן בוידעמל פונעם קראַן, ווו גרישעס ווײַבל, דאַשע, שפּילט זיך מיט דער פּײַל. גרויס פאַרגעניגן האָט ער שטענדיק, בינעם „וואָלף", פון איר אַרבעט. ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז דעם מענטשנס האָרעוואַניע איז שענער פון גאָטס וווּנדער, אַלץ איז בא איר אויסגעכעזשבנט, אויסגע־רעכנט. צוויי מאַנצבלען, מעג ער שווערן, בינעם, וועלן עס ניט באַווײַזן, וואָס די מאַמזערעס אַרבעט עס אויס מיטן קראַן.

— בינעם! — שרײַט זי שטיפעריש. — אידו נא גראָזו!..[1]

אָפּגעענטפערט דאַשען מיט אַ שמייכעלע, גייט דער „וואָלף" אויס־יִישעווען זיך מיט מוראַשאָוון, דעם דעפּוטאַט, מע זאָל אויפן הויף באַ־צײַטנס מאַכן טישעלעך מיט בענקעלעך, די קינדער זאָלן זיך ניט פּאָרען אַ גאַנצן זומער אינעם שטיינערנעם זאַק אַרום דער „ייִדישער שטוב". און דעריקער גייט ער אַ טאָפּ טאָן, וואָס טראַכט מוראַשאָוו וועגן דאַשען טאַ־קע. פון טאָג צו טאָג ווערט איר שווערער, דער מעובערעס, דראַפּען זיך אויפן בוידעמל.

עס גלוסט זיך אים, דעם „וואָלף", אַ טשיבע טאָן זיך מיטן מײַסטער. מילכאָמע־צײַט האָט ער דאָ באַם פרעזער דעם טשוב אָנגעווירן. נאָר אַ ביסל האָר, אויף איין געשלעג, וועט אים נאָך סטײַען.

— אַ גוט־העלף, איוואַן וואַסיליעוויטש.

מוראַשאָוו גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ.

— די לעוואָנע, ברודער, איז פאַרשנייט, מיסטאָמע איז געווען אַ זאַווערוכע אין הימל — ספּוטניקעס פליִען אָפּ און אויף... — מאַכט בינעם דעם אויסרייד, קעדיי ניט אָנהייבן גלײַך פונעם איקער.

— נו?.. — פרעגט מוראַשאָוו בייז. אַז ער שטייט באַם שמעלץ־אויוון, נעמט ער ניט אויף קיין געסט.

די באַטאַגיקע לעמפּ שפּילן אין די טונקעלע פענצטער, ווי די ווײַסע קעץ...

בינעם האָט אים וואָס צו ענטפערן, איוואַן וואַסיליעוויטש, אויף זײַן

---

[1] איך לאָז זיך קעגן געוויטער (רוס.).

„נו״, נאָר ניט דאָ, פאַר אלעמען אין די אויגן, איז דאָס אָרט. זאָגט ער אים פארשטעלט, ווי קעסיידער:

— ניט דער יאַם דערטרינקט די שיפן, נאָר דער ווינט...

ער זעט שוין, דער „וואָלף״, אז היינט וועט ער זיך דאָ ניט דורכשמו־עסן מיט איוואַן וואסיליעוויטשן.

ער גייט אוועק צום בוידעמל א שמועס טאָן מיט דער שכיינע. אויב דאשע וויל האָבן געזונטע קינדער, דאַרף זי, ריישיס־כאַכמע, ווארפן אף א שטיקל צייט דעם קראַן, זי באַדאַרף מער ארומגיין, דאָס פעטקייט זאָל זיך ניט אָפּלייגן, וועט זי גרינג און גיך געלעגן ווערן. וואָס פאַר א בוים, אזעלכע פרוכטן.

קינדער האָט אים זיין פלוינעסטע געבוירן, בינעמען, ווי די פעטע ביק־לעך, נאָר געטראָגן, אָלעהאשאָלעם, האָט זי שווער... — נעמט ער איר דערציילן, דאשען, ביזוואנען כעווורע טשעפּעט אונטער די מאסע צו די האטשיקעס. א גאנצן ווינטער פלעגט זי, נעבעך, דאָס ווייב זיינס, זיצן מיט קישנס ארומגעלייגט, ווי די קוואָטשקע אין פעדערן, געוואַרעמט דעם בויך, די נעפּעשלעך זאָלן, כאָלילע, ניט פארקילט ווערן.

— פארשטייסט, דאשע, — זאָגט ער איר, אז ער לאָזט זיך שוין אראָפּ פונעם בוידעמל, — רו איז וואסער, אומרו — האָניק. — ער קומט ארײַן ווידער אין צעך.

— טאַנע, — קלאַפּט דער „וואָלף״ גרישען אין פּלייצע, — פאָרסט, זאָגט מען, אף קוראָרט, פארגעס זשע ניט, טאַנע, אז דו לאָזסט איבער א יונג ווייבל, און מוראַשאָווס איידעם, ניקאָליי קוזנעצאָוו, בלײַבט דאָ.

קוזנעצאָוו האָט זיך געמאַכט א טעווע, פארנאַכט קומט ער געוווירע ווערן צו דאשען... ער האָט צוגעזאָגט גרישען מאַכן פונעם טעלעוויזאָר א קאָמבײַן. צומאָנטירן א ראַדיאָ און א מאגניטאָפאָן, — קוק, הער און רעד אליין.

ביז גרישעס קומען פונעם קוראָרט וועט ער אים אונטערטראָגן, דעם כאַוווער זיינעם, א מאַטאָנע.

דאשען אָבער דאַרף מען קיין פינגער אין מויל ניט ארײַנלייגן...

קוזנעצאָוו דערציילט דאשען א מײַסע, אז ווען זיי האָבן מיט בינעמען אָסיען־צייט פארזעצטביימער, פלעגט ער, ניקאָליי, קלוימערשט זוכן א שוועבעלע אף צוררייכערן, נאָר אינדערעמעסן לויפן קוקן, ווי דאשע ארבעט אפן קראַן.

— ניקאָליי־ניקאָלאַשע, — טוט אים דאשע א זאָג, — ווילסט שפּילן מיט מיר א ליבע? קומסטו, ווען דער מאַן איז אף קוראָרט. האָסט מוירע, שוואַך באַשעפעניש, פאר גרישען, קוקן אים, ווי א מאנצבל, אין די אויגן: „אזוי און אזוי, איך בין פארליבט אין דײַן ווײַבל, טו מיט מיר, וואָס דו ווילסט״.

דאָס, וואָס אים געפעלט איר ארבעט אפן קראַן, איז דאשען דאפקע

אָנגענעם. דעם „קאָמבײַן" דאַרף זי אַף צען קאָפּאָרעס. גרישע וועט קו־מען, דערזען דאָס דאָזיקע „שפּילצײַג", וועט ער טײקעף פרעגן:
— באַטאָג האָט איר עס מאָנטירט צי באַנאַכט...
די שײנע „מאַטאָנע" וויל אָט דער ניקאָלײַ אונטערטראָגן גרישען.
איז אָט, אויב ער וויל ניט פליִען פון די טרעפּ, זאָל ער ביז גרישעס קומען ניט דערוועגן זיך אַ פוס שטעלן אַף איר שוועל.
בינעם „וואָלף" איז אויך מאָלע־רעציכע. פון זײַן גענעט אויג וועט אַ פליג אין דער „ייִדישער שטוב" זיך ניט אויסבאַהאַלטן.
— באָכער, — שטעלט ער אָפּ ניקאָלײַען אין הויף, — אַז דו האָסט זיך זאַנאַדיעט צו דאַשען, מײנסטו, הײסט עס, אַז קײנער הערט ניט דעם סקריפּ פון דער טיר... צי װײסטו, אַז שעפּעלעך טאָרן ניט טרינקען קײן קאַלטע וואַסער, ווײַל זײ בלײַבן אָן צײן?..
דער „וואָלף" טוט אים אַ טרײסל, ניקאָלײַען, פאַרן אַקסל:
— וואָס האָסטו צו מוראַשאָווס טאָכטער? אַסקע האָט דיר געבוירן אַ מײדל — דאָס, אײגנטלעך, איז איר כעט, און דו זשליאָקעסט בראַנפן, ניט אַנדערש, דײַן ווײַב האָט געהאַט אַ מאַמזער.
צוויי מײדן, מיטאַמאָל, האָט אים, בינעמען, זײַן ווײַב געבוירן, און ווי ער זעט, ניקאָלײַ, גאָט צו דאַנקען, דעם וואָלפס פעל איז אַמאָל טײַערער פו־נעם בערס... די ערד, דאַרף ער געדענקען, מוראַשאָווס אײדעם, געבערט פאַרשײדענע זיסע פּײרעס און אויך ווילדע גראָזן, קראָפּעווע. אַזוי אויך צווישן מענטשן.
— נעם, יונגערמאַן, אַף דײַנע פּלײצעס אַזויפיל, וויפל דו קענסט דער־טראָגן. האָסטו געזאָלט מאַכן אַ באָכער...
— אַסקע... — פּרוּווט זיך קוזנעצאָוו עפּעס זאָגן.
— נו, וואָס אַסקע? זי אַרבעט, זי לערנט, אַסקע. זי איז ניט קרום, ניט טויב, ניט שטום. מוראַשאָווס מײדל איז ווי דער בלאַט פונעם קליאָן, וואָס שטײט באַם פענצטער. זע, ניקאָלאַשע, אַמינע בלעטער, ליכטיקע, ברײטע, ווי לאָפּעטעס, — אײנס און אײנס!
בינעם „וואָלף" קאָן אים ניט זאָגן, קוזנעצאָוון, פאַרוואָס, לעמאַשל, האָט מען פאַרברענט אין רוים, אַפן „פּלאַץ פון די בלומען", דזשאָרדאַנאָ ברונאָ. נאָר פאַרוואָס פּושקין האָט זיך געשאָסן מיט דאַנטעסן, דאָס ווײסט די גאַנצע וועלט.
— „וואָלף" דו אײנער! — מורמלט שיקערלעך קוזנעצאָוו.
מער פעלט ניט אין דער „ייִדישער שטוב", ווי נאָר די בוידעכע, גרי־שעס באָבע, זאָל זיך דערוויסן פונעם סאָד, אַז מוראַשאָווס אײדעם האָט באַקומען לאַנגע פּיס און טרעפט אַזש אָן מיט זײ באַ דאַשען.
מענטשן טראַכטן פון טאָך־זאַכן, וויִאַרום קומען צו דער לעוואָנע, — און ער, דער מאָנטיאָר, שפּילט צולאָכעסן מיט זײַן ווײַב, טרינקט זיך אָן, גײט צו פרעמדע ווײַבער, וואָסי? ער וויל נאָר, אַז אַסקע זאָל אים געווי־נען אַ ייִנגל.
בינעם קוקט נאָך, ווי ניקאָלײַ גײט איבערן הויף און שאָקלט זיך.
— דאַרפסט וויסן, ניקאָלאַשע, — צעלאַכט זיך דער „וואָלף", — גע־

בוירן ווערן איז א צופאל. שטארבן, זעסטו, איז א מוז. וואָס גאָט גיט ניט, דארף מען מיט גוואלד ניט בעטן. — און גלײַך, ווי עס וואָלט קיין שום רייד ניט געווען, גייט ער, בינעם, ווײַטער. אָנקוקן, ווי מע קוקט אָן א נײַ קלייד, דעם נײַ־צוגעבויטן פליגל.

איבערגעציילט די פענצטער פון דער נײַער שטוב, קוקט ער זיך ארום, דער „וואָלף". אים איז טשיקאווע, וועלכע נײַע שכיינים פון די אלטע דירעס וועלן זיך אהער אריבערפּעקלען.

אָט, לעמאָשל, קומט אים אנטקעגן יענער פארשוין מיטן פאָר־כאלאט, וואָס די בוידעכע רופט אים — „סאכאלינער". עפּשער ער? אָדער — ארכיפּאָוונע, די געוועזענע סאניטארקע, וואָס שפּאנט ארום איבערן הויף אף קוליעס.

— זי שטייט אוף נאָך פריִער פונעם פּאָטשטאליאָן, — זאָגט וועגן איר די בוידעכע, — פריִער נאָך, ווי נאטאן בערקאָוויטש אוניצקי.

עפּשער טאקע גאָר וועט אָט דער בארימטער בריווטרעגער זיך איבער־קלײַבן אין דער נײַער שטוב?

אין פּאוולאָווער וואלד הייבט נאָר אָן דער זיאבליק זײַן קאָנצערט, הערט דער ערשטער אוניצקי דאָס געזאנג. ווײַל האלב פינף איז ער שוין אף די פיס. קיינער וועט אים ניט וואגן צו זאָגן, דעם פּאָטשטאליאָן, אז ער ווערט פארפאלן ווי דער שווארצער פעפער.

מילכאָמע־צײַט פלעגט מען אים ארײַנקוקן, אוניצקין, אין די פארזשמור־רעטע אויגן:

— פאר מיר, נאָטע, האָט איר עפּעס?..

טאָג־אײַן, טאָג־אויס איז ער ארומגעגאנגען, דער פּאָטשטאליאָן, מיטן לעדערנעם בריוו־טאש, וואָס האָט זיך אײַנגעקארבט אין זײַנע טרוקענע אקסל און וואָס איז נאָך מער אָפּגעבליאקעוועט, ווי דאָס שווארצע רעקל זײַנס, און געהאלטן צוגעשלאָסן די ליפּן. מיט אונטערגעהאקטע פיס איז ער ארומגעגאנגען. גלײַכער א באגרעבער צו זײַן, איידער אָנזאָגן דער בוידעכע די וויסטע בסורע:

— דײַן זון — ראָמאן גריגאָריעוויטש כייפעץ — איז געפאלן הינטער נאראָפאָמינסק...

יאָ, פון הונדערט אָדערן איז ער געפלאָכטן, דער פּאָטשטאליאָן.

נאָטע בערלס געדענקט זיך נאָך פאר א ייִנגל. מיטן זיידנס יאָלעם אפן קעפּל, דרײַ בייגל אף דער האנט, איינער איז שוין אָנגעביסן. געמאכט א קולעקל, פארשלאָסן דעם גראָבן פינגער: „נא דיר, הייסט עס, קלוגע וועלט, א פײַג". פאר קיינעם האָט ער קיין מוירע ניט געהאט. און קיינעם איז ער ניט מעקאנע געווען, כוץ איין מענטשן אין דער וועלט: דעם האלב־בלינדן בריווטרעגער, וואָס פלעגט ברענגען מענטשן בסורעס. אך, יענץ גרין־געפארבט דעכל פונעם בריווקעסטל! וויפל סוידעס ס'האָט פאר־מאָגט! ער פלעגט לעם דעם אזויפיל שטיין, ביז איינמאָל האָט דער פּאָטשמייסטער ראכמאָנעס געקראָגן אפן יונגאטש:

— נא, נאָטקע, טראָג אָפּ א בריוול!

מע געדענקט אים נאָך, נאָטען, פון דער אַלטער פּאָטשט. ער פלעגט שטעמפּלען די קאָנווערטן און בעשאס־מײַסע זיך אונטערזינגען:

אוי, א כאָלעם, מאמע, האָט זיך מיר געכאָלעמט, אוי־ווײ, ווײ,
אוי, א כאָלעם, מאמע, פרײַטיק אפדערנאכט...

אָט דער בריווטרעגער, אוניצקי, איז נאָך מער בעריע, איידער בינעם „וואָלף", דערוויסן זיך נײַס אין דער „ייִדישער שטוב".

בינעם „וואָלף", אז אוניצקי ברענגט אים די פּענסיע, צעשרײַבט ער זיך, טוט אויס צופרידן די ברילן און פרוווט פארהאלטן דעם פּאָטשטאַ־ליאָן אף א פּאָר מינוט:

— אנטקעגן דעם, נאָטע, וואָס שטענדיק לויפסטו, — בינעם פּאריי־כערט זײַן אויסגערייכערטע ליולקע, וואָס טשאדעט דערבײַ, ווי דער קוימען פון זאוואָד. — אָן אלטער האָן לויפט נאָך דער קוואָטשקע, זאָגט זי אים: „אויב דו וועסט מיך כאפּן, טו איך דיך א קוש!" — „אויב איך כאפּ דיך ניט, — ענטפערט דער אלטער האָן, — וועל איך זיך כאָטש דערוואַרעמען..."

בינעם נעמט ארויס א פלעשל „ספּאָטיקאטש", נאָר נאָטע כאפּט דעם קלומעק בריוו, רוקט אָן דאָס היטל מיטן גלאנציקן דאשעק איבער די ברעמען און טוט א קרעכץ:

— אָן אָקס, מײַן פרײַנט, רופט מען צוגאסט ניט האָניק טרינקען, נאָר וואסער פירן. ווי זאָגט ער דאָרטן, יורי גאגארין, פארן ארויספליִען: פּאָיעכאלי![1]. — דאָס אײַלט ער, אוניצקי, צו דער בוידעכע מיט א דעפּעשע, נאָר פונדעסטוועגן טרינקט מען אויס לעקאָוועד דער פּענסיע.

בינעם פארקרימט זיך. ער הייבט זיך אָן צו קלאָגן. געבליבן איינער אליין, טאָמער, די שאָ זאָל ניט זײַן, ברענגט עס צו טראָגן דעם ניטגוטן...

— וואָס איז דיר ביטער אין פּיסק, בינעם? — זאָגט אוניצקי. — וואָסי, די בוידעכע בלײַבט, כאָלילע, פון דיר טראָגנדיק, מאכסטו א שטארב, וועט נאָך קאָהאָל האָבן א פּעקל?

— ע, — קנייטשט ער זיך, דער „וואָלף", — דאָס פלעשעלע מיטן „הירש" העלפט שוין אויך ניט...

— יאָ, בינעם, ביסט אין טינטער!

אוניצקי כאפּט דעם קלומעק בריוו אפן אקסל, ער לויפט פון די טרעפּ, ווי א ייִנגל, וואָס האָט פארשפּעטיקט אין שול ארײַן.

צוויי טעג פאר פּורים שטייט די בוידעכע אין קיך און מאכט פארפל. ניט צוליב יאָמטעוו, כאָלילע, זי וואַרט אפן אייניק. גרישע דארף אינ־גיכן קומען פונעם קוראָרט.

די בוידעכע איז זיך פּאָשעט מעכײַע, וואָס בינעם קומט ארײַן. ס'וועט זײַן מיט וועמען א וואָרט אויסצוריידן. ווען זי האָט קויעך, מאכט זי

[1] געפאָרן! (רוס.).

פלאָדן, קוילעטביידע הינער, וועלכע זי האָדוועט אין שטײַגל. פון דאָר־דורעס פירט זיך בא איר אַזוי, אַז ס'דאַרף קומען אָן אָנגעלייגטער גאַסט.
אַמאָל פלעגט די מאַמע אירע אין אַפּטייקל באַקומען פיר קערבלעך מיט אַ גילדן אַ כּוידעש. וואָס זשע פאַרא רייד האָט געקאָנט זײַן פון פאָרן אַפן לימאַן? גרישען, דאַנקען גאָט, אַכוץ דעם ליטער מילך, וואָס ער באַקומט יעדן טאָג, גיט מען אים, דעם שטאָלגיסער, אַלע יאָר אַ פּוטיאָווקע, מיט פּרעמיעס, און דערצו נאָך קאָוועד אַ פולער זאַק.
דער „וואָלף" האָט ניט ווו אַ וואָרט אַרײַנצושטעלן. נאָר גאָט העלפט און ס'טראָגט אָן דעם פּאָטשטאַליאָן אוניצקין. ער האָט שוין ווידער גע־בראַכט צו טראָגן אַ דעפּעשע: גרישע קומט הײַנט צו פאָרן.
אין קיך ווערט גאָר פריילעך. נאָטע אוניצקי דערמאָנט זיך אין אַמאָ־ליקע יאָרן, ווען ער איז געווען אַ שטיקל מענאַגן, און הייבט זיך אָן צו גערגלען:
— בין איך מיר אַ פורמאַן, האָב איך אַ פּאָר פערד, אוי פערדעלעך, אָדלערלעך צוויי... — צעזינגט ער זיך, אוניצקי דער בריווטרעגער.
— אַ פערד מיט אַ טאָרבע... — העלפט אים אונטער בינעם.
— פאַרמאַך דײַן פּיסק, — צעלאַכט זיך נאָטע און כאַפּט אַ פרישע לאַטקע, וואָס די בוידעכע דערלאַנגט אים. ווײַזט אויס, אַז זי באַצאָלט אים, אוניצקין, פאַר דער דעפּעשע.
די בוידעכע פּליעסקעט צופרידן מיט די הענט, אַרויסבאַגלייטנדיק דעם פּאָטשטאַליאָן און דעם „וואָלף".
ווען עמעצער פון די שכיינים טוט אומיסטן אַ פרעג: „בינעם, וואָס האָט דיך אַזוי פרי געבראַכט צו דער בוידעכע?" „נאָר דו איינער, — וואָלט דער „וואָלף" געענטפערט, — גאָרניט..."
אין דרויסן איז אַ שטילער ווינטער־פרימאָרגן. די בערעזעס שטייען פאַרקאָוועט, ווי סטאַטיקלעך, עס ווײַזט זיך גאָר אויס, אַז די זון, אינגאַנצן אַ פאַרפרוירענע, אַנטלויפט ערגעץ פון יענער זײַט שטאָט. נאָר סע שמעקט שוין סײַווי מיט וועסנע.

אין דער „יידישער שטוב" האָט קיינער קיינמאָל ניט געזען, בינעם „וואָלף" זאָל זיצן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אָדער מיט מוטנע, אויסגעלאָשענע אויגן.
הײַנט אָבער איז עס מיט בינעמען געשען. און וויפל די בוידעכע האָט בא אים ניט געפרעגט, רעדט ער ניט, דער „וואָלף", ער האָט אָנגענומען אַ פול מויל מיט וואַסער, כאָטש קיצל אים די פּיאַטעס.
— וואָס איז געשען? — טרעט זי ניט אָפּ פון זײַן נעשאָמע, די בוידע־כע. — איך אַ שיינע מיידעלע, איכן שווײַגן... — ווערטלט זי זיך.
די גאַנצע מילכאָמע האָט זי געלעבט אױף דער קיך, ניט געהאַט קיין מאָקעם־מענוכע. דעם זון האָט מען דערהאַרגעט, גרישע איז געבליבן אױף אירע הענט. אָפּטמאָל נעמט בא איר אָפּ דער רעכטער פוס. דער רעוומאַ־טיזם האָט זי געמוטשעט און מוטשעט, נאָר זי, די בוידעכע, איז גרישען געווען ניט קיין באָבע, נאָר אַ מאַמע. און אַ מאַמע, ווייסט מיסטאַמע בינעם,

איז א גאָלדענער שלאָס אין שטוב. ווײַל זי ווייסן: וואָס איז געשען?.. זי ווייסט דאָך, אַז ער איז ניט פּאַשעט אַזוי אַרײַנגעקומען.

— ס'איז א לייטערל, מײַן פרײַנט, — האָט ער קוים פון זיך אַרויסגע־קוועטשט, בינעם, — דאָס לעבן איז א לייטערל, מײַן פרײַנט, איינער קריכט אַרויף, דער צווייטער אַראָפּ...

דראַפּע איר אויס די אויגן, האַק איר אונטער ביידע פּיס, דער בוידעכע, פאַרשטייט זי ניט, וואָס עס קומט פאַר מיט בינעמען.

— דאַשע... — האָט זיך פון זײַן האַרצן אַרויסגעריסן. נאָר ווי איר טעווע איז, דער בוידעכעס, האָט זי באַלד איבערגעדרייט אויף אירן.

— ס'איז ניט אַמאָל. טאָמער פּלעג איך אויף איין רעגע אַראָפּכאַפּן דאָס טיכל פונעם קאָפּ, אָדער, כאָלילע, אַרויסלאָזן פונעם טשיפּעק מײַנע שיינע, קוטשעראַווע האָר, — דערבײַ טוט זיך די בוידעכע א פאַרקעם מיט דער האַנט, ווי מיידלווײַז, — האָט דער טאַטע מיך אַזוי געשלאָגן...

— הער אויף צו גראַגערן, אָפּגעריסענער נאַר! — שרײַט בינעם אויס.

— איך ווייס אַדהײַנט ניט, — קאָן זי זיך ניט אָפּשטעלן, — וואָס איז אים, דעם טאַטן מײַנעם, ניט געווען אַזוי צום האַרצן מײַנע שוואַרצע הע־רעלעך־פּערעלעך?

— פאַרשטעק דײַן טשוביקל, — צעשרײַט זיך אויף איר בינעם און לאָזט זיך אַוועקגיין.

— גאָם זע יאַווער, סע וועט איבערגיין, — פאַרהאַקט זי די טיר אונ־טער בינעמס נאָז. בלײַבט ער ווידער, דער „וואָלף", מיט זײַן ווייטעק איי־נער אַליין.

אין קאָפּ באַ אים באַמבלט זיך: „א מאַמע אין שטוב איז א גאָלדענער שלאָס... טאָמער פּלעג איך אויף איין רעגע אַראָפּכאַפּן דאָס טיכל פונעם קאָפּ... גאָם זע יאַווער, סע וועט איבערגיין"...

די „ייִדישע שטוב" איז מיטאַמאָל אין בינעמס אויגן געוואָרן פינצטער, מיט אויסגעשלאָגענע פענצטער... די קראַנען שטייען מיט אַראָפּגעלאָזטע מאָרדעס, ווי זיי וואָלטן אויך, איניינעם מיט בינעמען, געוווּסט פונעם סאָד: דאַשע איז אַראָפּגעפאַלן פונעם לייטערל...

בינעם האָט נאָך קיינעם ניט געזאָגט, נאָר דער ווייטעק וואַקסט באַ אים אין האַרצן. דאַשע שטייט אים פאַר די אויגן: צוגעשמירט די ליפּן, אין שוואַרצן סאַקעלע, גלאַט, ווי סאַמעט, לויטער איר שיינע צורע...

נו, פאַרוואָס האָט ער זיי אַזוי ליב, די מענטשן פון דער „ייִדישער שטוב"?!

בינעם דערמאָנט זיך דער בוידעכעס ווערטער, וואָס זי האָט אים פאַר ראַשעשאָנע געזאָגט:

— אַזאַ ייִד מעג זיך פאַרגינען גיין אין שול אַרײַן, אויסבעטן באַ גאָט א גוט יאָר, ניט קריכן צו די שמעלץ־אויוונס...

— ע, שכיינע טײַערע, ווער ווייס לעבט, דעם גאָט דינט ער.

בינעמען קלאַפּן אין מויעך אַרײַן פּערעצעס „קלאָץ־געשיכטן":

„פּאַרצײַטנס פלעגט א ייִדענע האַלטן אַן אורייניקל באַם פּאַרטעך, און

איר אייגנס — בא דער ברוסט; הײַנט נאָכן דריטן, העכסטנס, נאָכן פערטן מאָל — קראַנק, דאַרף מען שוין דאָקטוירים״...

דאַשען האָט דער קאָפּ זיך פאַרדרייט, טוט זי אַ פאַל פונעם לייטערל...

איוואַן וואַסיליעוויטש מוראַשאָוו, דער באַלעבאָס פונעם שטאָל־צעך, האָט זיך צעקריגט מיט זײַן געהילף — גרישע כײַפּעצן. „נעם אַראָפּ דאַשען פונעם קראַן, — האָט ער געזאָגט גרישען, — זאָל זי זיך זעצן שלײַפן פאָרמעס״.

האָט ער זיך געמאַכט טויבלעך, גרישע, כאָטש שיט אים שרויט אין די אויערן.

מע וועט זאָגן: „אָט, ערשט כאַסענע געהאַט, נעמט ער זי שוין, זײַן ווײַב, און שטעלט זי אין אַ קיל ווינקעלע״... און כּוץ דעם, פון רייד וועסטו קיין באַרשטש ניט אָפּקאָכן, מע דאַרף האָבן קרויט מיט פלייש. אויפן קראַן פאַרדינט דאַשע ניט שלעכט. נאָך זײַן כעזשבן נאָך, איז זי ערשט אין פינפטן כוידעש.

— נאַר איינער, — האָט אים מוראַשאָוו דערויף געענטפערט, — דעם מענטשנס מויעך, לעמאָשל, קאָן לעבן טויזנט יאָר, נאָר דאָס האַרץ זײַנס, גריגאָרי ראָמאַנאָוויטש, וועט ניט אויסהאַלטן.

ס׳איז איר שווער געוואָרן, דאַשען. איוואַן וואַסיליעוויטש זעט דען ניט, ווי זי פאַרסאָפּעט זיך, קריכנדיק אויפן לייטערל.

— אַ בראָדעוועקע אויפן לײַב, גרישע, איז אויך אַ צוגאָב — הײַנט אַ קינד אין בויך...

דאַשע, אַז זי אַרבעט, איז שטיי בעסער ניט לעבן קראַן. פונקען פלי׳ען פונעם האַטשיק, אַזוי קונציק שלעפּט די קראַנאָווטשיצע די מאַסע, דייזשקעס מיט אַרץ, פאַרטיקע פאָרמעס. פאַר אַ סמענע האָרעוועט מען זיך אָן, אַז סע דרייט זיך דער קאָפּ, אפילע ווען מע איז ניט טראָגנדיק.

בינעם איז גרייט דוירעס צו זײַן גרישען:

— אַ רויצייעך ביסטו!

בינעם באַגלייט גרישען מיט זײַנע וועלפּישע אויגן, ער זעט, ווי ער פאַרקערעוועט צו דער בוידעכץ.

„אַ ייִדענע, — טראַכט בינעם, — בלײַבט אַ ייִדענע. זי קאָכט קאַשע מיט יויך. נאָר סײַווי וועט איר גרישע מוזן זאָגן, דער באָבען, אַז דאַשען האָט מען אוועקגעפירט אין שפּיטאָל״.

בעשאַס דער מילכאָמע איז ער געשטאַנען, בינעם „וואָלף״, באַם פּרעסער. אויסגעטאָן דעם זשיליעט, פאַרקאַטשעט די אַרבל, פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ, איין אויג שלאָפט, דאָס צווייטע קוקט צום „פּרעזער״, ווײַל דאָס בלוט, אַז סע צינדט זיך אָן אינעם „וואָלף״, ברענט עס שטאַרקער פון ספּירט, וועט ער שטיין, ער זאָל אפילע פאַלן מיטן פּאָנעם צו דער ערד, ווי הײַנט דאַשע. האָט מען געדאַרפט, פלעגט בינעם אַרומגיין גאַנצע נעכט מיטן ביקסל, געלאָשן אויפן דאַך די „זאַזשיגאַלקעס״. אויסלאָדן וואַגאָנעס — איז אויסלאָדן וואַגאָנעס. אויפן זאַוואָד נעכטיקן — איז נעכטיקן.

איינמאָל האָט ער זיך אײַנגעשפּאַרט, ווי אַן עמעסער וואָלף:

— שיקט מיך אויפן פראָנט!

בינעם שטייט אזוי קעגן דירעקטאָר מיט רויטע אויגן פון ניט דער־שלאָפן די נעכט, הערט זײַנע קלוגע ווערטער:

— אפן פראָנט, בינעם שמאיִזן, וועסטו הארגענען איין פאשיסט. דאָ אָבער, אין צעך, ווו מע קאָוועט הארמאָטן־קוילן, שיסטו צען פריצן מיטאמאָל. מע באדארף עס קאָנען פארשטיין.

אעראָפלאנען אין הימל רעווען, זעניטקעס שפריצן מיט פײַער... און דאָ אין צעך פליִען פונקען פון די אויגן, נאָר מע שטייט באם „פרעזער״.

און קאָן מען שוין מער ניט אײַנשטיין אף די פיס, איז אויסגעבעט א ביסל שטרוי, דעם וואטניק צוקאָפּנס, א דרעמל געטאָן, איבערגעקײַט א פיסנע שטיקל ברויט, און מע קנאקט שוין ווידער „קערלעך״.

ווי די קערלעך, פליִען די קוילן אין די קעסטלעך, פריש־צאפלדיקע, ערשט פון דער נאָדל ארויס. ווארעמע, אַך, וועלן זיי בראָטן דעם פריץ די שווארצע לונגען!

העכער צוואנציק יאָר איז אריבער זינט יענע נעכט.

יאָ, א מענטש איז שטארקער פון אײַזן און געזינטער פון א לייב. ער, בינעם, אויך, אויב ער שטייט נאָך אף זײַנע פיס, לאכט און ווערטלט זיך, מאכט א קויסע, גייט אין באָד ארײַן, לייענט א בלאט, שפּײַט קלעק פון יענע פּאסקודניאקעס, וואָס מאכן שוין שאָלעם מיט היטלערס יאָרשים. זיי האָבן שוין פארגעסן. אזוי גיך אלצדינג פארגעסן.

און ער, בינעם, קאָן ניט פארגעסן. די פענצטער זײַנען געווען פארהאנ־גען מיט שווארצן, פונקט סע וואָלט אין שטוב געלעגן א מעס. די הרובע הייצט מען ניט, עס נעמט דיך ארום א גליווער, אין טשוהונענעם אייוועלע טליִען די קוילן, מע ווארט, לעוויטאן זאָל זאָגן א גוט וואָרט.

מיטאמאָל — א פרייד אין דער „ייִדישער שטוב״.

— וואָס איז געשען?

— מע פירט זיי...

עמעס טאקע, אפן שליאך גייען זיי, די מעכאבלים, אף הילצערנע קלעצ־לעך, אין ווײַבערשע שאלן פארוויקלט, אין פארדריפּעטע גרינע שינעלן, די באשליקן שלעפּן זיי זיך נאָך, ווי פערדישע ווײדלעך. יאָ, בינעם שמאיִזן, אזוינס צו דערלעבן, איז קעדײַ, באָדײַ נאָך א ווינטער שלאָפן אף שטרוי, עסן, וואָס עס מאכט זיך, אָפּפרירן די הענט אין צעך, אבי זען אים, דעם בלוטיקן סוינע, אין אזא הוילעך.

— די קאטיושעס האָבן זייערס אָפּגעטאָן, — האָט ער זיי נאָכגעקוקט, בינעם, — ארויסגעקאלופּעט אײַך פון די אָקאָפּעס. אצינד, קרעציקע, באַ־דארף מען אײַך אײַנדויבען אין די ליידיקע קעפּ, אז אלע מענטשן ווילן לעבן.

בינעם „וואָלף״ באטראכט די מעדאלן, וואָס ער האָט מילכאָמע־צײַט באַ־קומען. ס׳איז ניט קיין שטיקלעך בראָנזע, דאָס זײַנען וועקסלען אף אָפּצו־צאָלן, וואָס ליגן בא יעדן סאָלדאט אין טיש, ווי גאָלד אין באנק... אזא יאָמטעוו, ווי צוואנציק יאָר נאָך די מילכאָמע־יאָרן, וויל בינעם שמאיִזן פארברענגען מיט זײַן טײַערן שאָכן מוראשאָוון.

יאָ, ס׳איז גוט צו לעבן אף דער וועלט, מיט די אייגענע אויגן זען דעם

יאָמטעוו אין אלע ווינקעלעך. א ביסל האָט דאשע פארשטערט דעם יאָמטעוו, נאָר נישקאָשע, זי וועט, מירצעשעם, געזונט ווערן. ער לאָזט זיך שוין, בינעם, צו איוואן וואסיליעוויטשן, קומט אים אָן אנטקעגן כאַיִם שלאק. ווי א גאלעך, גייט אים איבער דעם וועג, א שאָכן האָט אים גאָט צוגעשיקט!

בינעם פארמאָגט א שארפן אויער, נאָר קוים האָט זיך כאַיִם שלאק איבערגעפעקלט פון זיַין צווייִשטאָקיקן הילצערנעם הויז אין רעכטן פליגל פון דער „ייִדישער שטוב", פארשפאָרט דער „וואָלף" אונטערשטעלן דעם אויער. דער קאָמבינאטאָר האָט מיט זיך פארשלעפּט די יערושע זיַינע, אלע זינד פארן גאנצן לעבן און בעמיילע, מאמעש טאקע אונטער דער נאָז, אונטערגעטראָגן בינעמען אלע זיַינע טרייפע געשעפטן.

אין דער „ייִדישער שטוב" איז פון שטענדיקע יאָרן אזוי: האָסטו געזאָגט א קרום וואָרט באנאכט, וועט מען סיַיווי ויסן וועגן דעם באטאָג; רוים איַין א סאָד אין פינצטערן אלקער, הערט מען אפן דאך...

בינעם „וואָלף" שעמט זיך ניט פאר כאַיִם שלאקן. זאָגט ער אים, דעם קאָמבינאטאָר, אָפן גערעדט:

— א בוים לאָזט זיַינע וואָרצלען, בליַיבן זיי. אָבער דו, כאַיִם שלאק, מעשומעד, געשטראָפט זאָלט איר ווערן, אלע קאָמבינאטאָרס פון גאָר דער וועלט, וואָס לאָזסטו איבער נאָך זיך, כוץ געשטאנק? ליימענע גוילעמס! מע ברענגט איַיך פרישע בולקעס אין שטוב אריַין, פלייש, הינער, אינדיקעס, און איר בלאָזט זיך אף סאָוועטסקע וולאסט, וואָס מע האָט איַיער צווייגאָרנדיק שטיבל, די אלטע כאזאָקע, צעוואלגערט און אויסגעבאָוועט א ניַיעם פליגל צו דער „ייִדישער שטוב".

— איר זענט פארגרעבט געוואָרן, — זאָגט בינעם כאַיִם שלאקן, — די אויערן איַיערע ווילן ניט הערן, וואָס מע רעדט צו איַיך, איר ווילט ניט זען מיט די אויגן, מיטן געדאנק באטראכטן, אז אזוי וויַיטער טאָר מען ניט.

איין זאך וויל בינעם פרעגן בא כאַיִם שלאקן:

— וואָס קומט איַיך ארויס, קאָמבינאטאָרס, אפילע, אז איר פארמאָגט אויצרעס, אויב איַיערע נעשאָמעס פוילן?..

די „ייִדישע שטוב", מוז כאַיִם שלאק געדענקען, איז אן ערלעכע, קיינער וועט ניט דערלאָזן מאכן פון איר אן אויסגעלאָזטע קרעטשמע. מענטשן זיַינען געגאנגען אפן עשאפאָט, אין שליסלבורג אף קאטאָרגע, קעדיי מיר זאָלן זוכע זיַין געניסן פון א גוט לעבן. קארג האָבן מיר, ייִדעלעך, עסיק געשמעקט! צוליב וואָס זיַינען מיר, אשטייגער, אף דער וועלט געקומען? בינעם „וואָלף" קאָן אים, כאַיִם שלאקן, אויסזאָגן פונעם סאָד: געקומען איז דער מענטש אף דער וועלט ניט אומצוברענגען איינער דעם אנדערן, ניט שינדן די הויט פון טויט און לעבעדיק, נאָר אופריכטן זי, די וועלט, פארטריַיבן די פינצטערניש, אויסראָטן פון איר רעציכע, גזיילע און גניוועס.

כאַיִם שלאק האָט ניט געהאט וואָס צו ענטפערן. עס ווייסט די קאץ, וועמעס פלייש זי האָט אופגעגעסן.

אָ, ווען בינעם קאָן אים מאַכן זעענדיק, כאָיִם שלאָקן, ער זאָל ניט טאַפּן, ווי א בלינדער, די וואַנט אַף דער עלטער, ניט גלייבן אין זײַן שוואַרצן „ציילעם". פינצטערע געשעפטן, נאָר פינצטערע געשעפטן גיב אים, כאָיִם שלאָקן.

ער גייט שוין, בינעם שמאַיִן, צום שאָכן ניט אַזוי פאַרברענגען דעם יאָמטעוו, ווי אויסריידן זיך זײַן ביטער האַרץ פאַר איוואַן וואַסיליעוויטשן, נאָר מוראַשאָוו, וואָס האָט מיט היטלערס ראָצכים זײַן אייגענעם כעזשבן, קאָן אים פאַרשטיין, בינעמען, ווי סע בראָט און סע ברענט אים אינווייניק.

דאָ, אין הויף, בא דער „ייִדישער שטוב", נעמען זיי זיך צונויף, די וועטעראַנען, אַרום זייער שאָכן, דעם אויסגעפּרוווטן סאָלדאַט — איוואַן וואַסיליעוויטש מוראַשאָוו.

אוניצקי, דער פּאָטשטאַליאָן, גייט שוין ווידער מיט א נײַ פּעקל בריוו. דערזען בינעמען, אַרכיפּאָוונע די סאַניטאַרקע, דעם „סאַכאַלינער", טוט ער, נאָטע בערלס, א קאָמאַנדעווע:

— מער פון דרײַ זיך ניט צונויפנעמען!..

אוניצקי באַטראַכט איוואַן וואַסיליעוויטשן, ווי ער איז הײַנט יאָמטעוודיק.

בינען האָבן ליב ריינקײַט, לופטערן זיי אַליין דעם בינשטאָק, פּאַטשן מיט די פליגעלעך, קענען ניט פאַרלײַדן דעם רייעך פון בראַנפן. אַזוי אויך מוראַשאָוו, וואָס גייט אַרום שטענדיק א ניכטערער. הײַנט אָבער איז א גרויסער יאָמטעוו, האָט ער, דאַכט זיך, אויך גענומען א ביסעלע. אָבער זײַנע טיף־שוואַרצע, ערלעכע אויגן זײַנען לויטער. טאַקע אָט דאָ ליגט דער סאָד פאַרבאָרגן פון מוראַשאָווס כאַראַקטער.

אוניצקי האָט א קאָמאַנדעווע געטאָן: „מער פון דרײַ זיך ניט צונויפנעמען", נאָר צום רעדל קומען אַלץ צו געוועזענע סאָלדאַטן, וואָס האָבן פריִער מיט צוואַנציק יאָר אַראָפּגעוואָרפן פון די פּלייצעס די אויסגעווייקטע אין זאַלץ שינעלן.

אַרכיפּאָוונע די סאַניטאַרקע און איוואַן וואַסיליעוויטש מוראַשאָוו זײַנען איינעם געלאָפן פון פּלעץ.

עטלעכע טויזנט געפאַנגענע האָט היטלער מאַניאַק פאַרשפּאַרט אפן עלעוואַטאָר, ניט ווײַט פונעם טײַך דאָניעץ. די פענצטער אויסגעשלאָגן, עסן גיט ער ניט, אַכוץ א ביסל זופּעכץ פון פערדן־פלייש.

אַרבעטן פירט מען זיי, די פלעניקעס, יעדער טאָג. פילסטו ניט אויס די נאָרמע, הענגט מען דיך אויף אַף הילצערנע רינגען, די שפּיץ פינגער פון ביידע פיס גרייכן ביז דעם פּאָל. אַזוי הענגסטו אַף די הענט א שאָ צײַט. דעם צווייטן טאָג פילסטו ווידער ניט אויס די נאָרמע, הענגסטו שוין צוויי שאָ. נאָר קיינער האַלט עס ניט אויס.

מוראַשאָווס זיידע האָט אַלע גראָזן און וואָרצלען פאַרשטאַנען. אונטערן דאַך פּלעגן זיי בא אים הענגען. מײַ כוידעש הייבט מען אָן צו רײַסן דעם פּאָדאָראָזשניק, אַשטייגער. האָט אויך וואַניע געוווּסט, וועלכע ווונדן מע היילט מיט די דאָזיקע בלעטער. אַזוינס, וואָס די היטלעראָווצעס האָבן

אין דעם טויט־לאגער געטאָן, קאָן קיין מענטש ניט פאַרשטיין. ווער איז זייער וואָרצל, וואָס פאַר א מוטער געבירט אזעלכע אויסוואורפן?!

דרײַ נעכט זײַנען זיי געקראָכן צום דאַניעץ. א ווילדער טײַך, דרייט ער זיך, ווי א צאָפּ מיט די הערנער. פּרוּוו אים אריבערשווימען, דעם טײַך, אז ער שלינגט מענטשן.

פון דרײַ זײַנען זיי געבליבן צווייען. דערנאָך איז מען געלעגן אין בלאָ־טע, די פיס ניט ארויסצושלעפּן. נאָר די וויסטעניש האָט מען אויך געמוזט אריבערקומען. שיסט מען א וואָראָנע, איז דאָ וואָס צו עסן. קריך, ארכי־פּאָוונע, נאָכן „מאָלצײַט”, ס'איז אָף דײַן גורל אויסגעפאַלן.

בינעם „וואָלף” ווייסט, וואָס ס'איז ווײַטער געווען. דערנאָך זײַנען זיי געווען בא סטאַלינגראַד. מינעס זײַנען געקראָכן אין פלייש ארײַן, מוראַ־שאָוו איז אין „בענקל” פון גיפּס אָנדערהאַלבן כאַדאָשים געזעסן, ארכי־פּאָוונע האָט ביידע פיס פאַרלוירן.

בינעם „וואָלף” — אומעטום איז ער דיר א גאַסט.

עס זײַנען געקומען צו די וועטעראַנען פּראָנטאָוויקעס פון דער באַרימ־טער גוואַרדייִשער דיוויזיע. כאַפּט ער זיך אויך ארײַן צו די סאָלדאַטן, וועלכע זיצן שוין גאַנץ לאַנג באַם טיש, וואָס ארכיפּאָוונע האָט הײַנט צו־געגרייט. טאַקע גאָר א געהויבענער מאָלצײַט.

נו, וויבאַלד מ'ע האָט אים שוין, בינעמען, גערופן צום טיש, וויל ער זיי, די גוואַרדייצעס, זאָגן א פּאָר ווערטער:

— אַלעקסאַנדער מוקדן, נאָך א באָכערל פון א יאָר צוועלף, האָט דערזען בא זײַן פאָטער, דעם קיניג פיליפּ, דעם באַרימטן אָגער „בוצעפאַל”, וואָס קיינער פון די מעשאָרסים האָט אים ניט געקענט פאַרצוימען, אָנטאָן דעם זאָטל.

„איך דאַרף ניט דאָס דאָזיקע ווילדע פערד, קיינער קאָן עס ניט פאַרצוי־מען...” — זשאַלעוועט זיך פיליפּ פאַר זײַנע דינער.

טאַנצט ארויס דער זון זײַנער, אַלעקסאַנדער, כאַפּט זיך ארויף אפן פערד. דער אָגער הירזשעט, רײַסט שטיקער פונעם צײַמל, נאָר דעם קייסערס זונדל האָט אים אײַנגעשטילט און פאַרצוימט, שטיי, הייסט עס, בוצעפאַל, דריי זיך ניט, ווי א וואָרעם, ביסט אין רעכטע הענט!

האַקלאַל, — לאַכט בינעם „וואָלף”, — דאָס איז געזאָגט אקעגן דעם, וואָס היטלער האָט געוואָלט פאַרצוימען די וועלט, נאָר ארויף איז ער ניט אפן זאָטל, נאָר אָף אן אָל, וואָס שטעכט.

עס קומען ארײַן נאָך שכיינים. אויך דער „סאַכאַלינער” מיט די מעדאַלן אָף דער ברוסט.

פאַראיאָרן, בעשאַס זיי האָבן כאַסענע געמאַכט די טאָכטער, האָבן די „סאַכאַלינער” אופגערודערט די „יידישע שטוב”, הימלען האָבן זיך גע־שפּאַלטן, זיי האָבן נאָר געוואָלט, די „סאַכאַלינער”, דעריקער זי, די אלטע, דאָס פּאָרפאָלק זאָל גיין אין קלויסטער.

פארלירן אזא מויד קאָן ער ניט, דער כאָסן. דרייט ער זיך, דער באָכער, אהער, דרייט זיך אהין, ביזוואנעץ מע האָט אים יאקאָס פארשלעפּט אין קלויסטער, אָנגעטאָן אים אפן הארצן דעם ציילעם, אנדערש לאָזט אים ניט די שוויגער צו דער טאָכטער אין בעט אריַין...

אצינד ווידער. די טאָכטער האָט געבוירן אן אייניק, וויל די אלטע נאָר טראָגן דאָס קינד אין קלויסטער. דער איידעם, כאָטש שיס אין אים, איינ־מאָל ניין, ביז געטן זיך — א סאָף!

א ראכמאָנעס איז אפן זיידן. ער גייט, נעבעך, ארום דערשלאָגן, דער „סאכאלינער". ער קאָן ניט צוטראכטן, וואָס צו טאָן מיט דער אלטער זיַי־נער, כאָטש דראפּע זיך אליין אויס די אויגן.

צוגעטשעפּעט צום פּידזשאק די מעדאלן, וואָס ער האָט בייס דער מיל־כאָמע באקומען, דרייט ער זיך ארום, דער „סאכאלינער", ווי א דולער. עס מאכט זיך, די מאמע אנטווייַנט איר קינד — שמירט די ברוסט מיט סאזשע. העלפט ניט, לייגט מען צו די בריסטן צו א שטעכיק בערשטל, און דאָס קינד געוווינט זיך אָפּ. זיַין אלטע אנטווייַנען פונעם קלויסטער איז אומעגלעך. די באָבע זאָל ניט שלעפּן דעם אייניק צום גאלעך טויפן — דאָס איז ניט פארן זיידנס קויכעס.

דעריבער גייט ער אזוי ארום דערשלאָגן, דער „סאכאלינער". אז ער טרינקט אויס א ביסל ספּירט, האלט ער מילכאָמע מיט זיַין אלטער:
— נאָר ניט כרעסטיען!

באם ניַיעם צוגעבויטן פליגל פון דער „ייִדישער שטוב" טאנצט ארום ארכיפּאָוונע אף אירע צוויי מיליצעס. קומט מען צו איר זוכן יוישער.

— איך האָב שוין, ארכיפּאָוונע, — קלאָגט זיך דער „סאכאלינער" א ניכטערער, — קיין קויכעס ניט קריגן זיך מיטן וויַיב. העלף, שכיינע טיַי־ערע!

— דאָס, וואָס שווימט אין טיַיך, ווערסטו ניט אויסכאפּן! — אויב זי הייבט שוין אָן, ארכיפּאָוונע, איז זי אָפּשטעלן שווער, מע קאָן באקומען פון איר מיט א קוליע איבערן קאָפּ. — ווער האָט געהאלטן היטלערן, וואָס פאר א פרומער קויעך? גאלאָכים האָבן אים פאר די פיס געהאלטן! — שריַיט די ארכיפּאָוונע אזוי, אז די אלטע זיַינע, דעם „סאכאלינערס", זאָל הערן.

— אויב א מענטש איז נאריש, איז עס אף אייביק, — זי טאנצט צו צום סעדל, זעצט זיך אף א באנק, — איך קען זיי גוט, די פרומאקעס, זיי וועלן דיר א טרונק וואסער ניט געבן. דיַין אלטע וויל פארוויגן דאָס לעבן אין טרערן? — קלאפּט זי מיט דער קוליע אין אספאלט. — הער מיך אויס, קאוואלער מיט די מעדאלן: אויב גאנוועַנען, איז א מיליאָן, און אויב שלאָפן — איז מיט דער קייסעריניע.

— בא מיַין עלטער זיך געטן? — ווערט דער „סאכאלינער" ניספּאָעל פון ארכיפּאָוונעס ווערטער.

— מאנצבלען האָבן דריַיצן קעשענעס. געלט פארמאָגסטו, ווי דער נאר מאכאָרקע. איך ווייס, אף סאכאלין האָסטו אָנגעשטאָפּט דעם ביַיטל, איז

וואָס שטעלט דיך אָפּ? — זי איז זיכער, די ארכיפּאָוונע, אז דעם „סאכאלינערס" אלטע הערט יעדער וואָרט. — שאָכן טײַערער, יעדערער האָט זיך זײַן פּעקל, נאָר ס'ניט קיין מוז זיך האלטן מיט דעם. טו א קוק אף אים, אָט איז מוראשאָווס איידעם, סע ווארפט אים אָן קאָרטן...

ניקאָלײַ קוזנעצאָוו גייט טאקע מאָלע־געדולע פון דער קאפע „טשײַקא". ער האָט, ווײַזט אויס, געמאכט דעם עמעסן „לעכאַים". לאָזט זי אָפּ, ארכיפּאָוונע, דעם „סאכאלינער" און באגעגנט קוזנעצאָוון אף איר שטייגער:

— צוליב וואָס זשליאָקעסטו? האָסט אסקעס מינדסטן פינגער ניט די ווערט!

בינעם „וואָלף" קאָן אויך ניט אָפּלאָזן קוזנעצאָוון אָן א וואָרט צו זאָגן:

— אין בראזיליע, האָסט געהערט, ניקאָלײַ, האָט איינע געבוירן פינף קינדער פאר איין מאָל, איז דער טאטע פון זינען אראָפּ...

די בוידעכע, דערזעט זי בינעמען אין הויף, לויפט זי שוין אויך אהער, זי כאפּט דעם שיקערן פאר א האנט, זי וויל אים אונטערפירן אהיים.

אמאָל, געדענקט בינעם „וואָלף", פלעגט א שיקער ליגן אין וואָגן, כראָפען אָן דײַגעס, קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט אף אים, דאָס פערד וועט אים מירצעשעם אליין ברענגען אין שאָפּע. הײַנט יאָוועט זיך פון אלע זײַטן בניי־ראכמאָנים. די שכיינע, די בוידעכע, העלפט ניקאָלײַען אופהייבן זיך אף די טרעפּ.

— אינגאנצן, נעבעך, שוואך געוואָרן... גאָט זאָל זיי געוועזן געבן א פּאָרל, א ייִנגל מיט א מיידל — וואָלט גאָר אנדערש געווען, — ברעכט זי פּיסקעס, די בוידעכע, אראָפּגייענדיק פון די טרעפּ, — געזונט מיט פּארנאָסע האָבן זיי, דאנקען גאָט, דאָס איבעריקע — אין מאָסטאָרג...

— שפּיגל־שלאפקײַט, — זאָגט ארכיפּאָוונע, — איז שוין גלײַכער, איידער שיקרעס.

— דערפאר האָט מוראשאָוו געפּאטערט א שטיקל סכוירע, — דרייט די בוידעכע דעם עק פון דער פאטשיילע, — וויפל נאדן האָט איוואן וואסיליעוויטש געגעבן פאר אסקען?.. אין כאפּעניש האָט ער געקוקט אף הירזש און געמיינט, סע איז גרויפּן.

גאָרניט פארשטייט ניט ארכיפּאָוונע, וואָס די בוידעכע מיינט דערמיט.

— מע וועט זיך איבערבעטן, — נעמט זי אירע קוליעס אף אופהייבן זיך פון דער באנק.

— ס'איז, שכיינע טײַערע, ווי מע זינגט אין יענעם לידל: לאָמיר זיך איבערבעטן, שטעל דעם סאמאָוואר...

אָט גייט שוין נאָטע מיטן קלומעק בריוו, וועט גאָר ווערן פריילעך.

אוניצקי דער פּאָטשטאליאָן קרימט זיך נאָך פרידמאנען דעם דאָקטער: „ניקאָלאשע — א גוטער באָכער!" אײַ, וואָס ער האָט דאָ, דער מאָנטיאָר, ניט וואָס צו טאָן, אין דער נײַער שטוב, ווו אלע אייוורים זײַנען שטארק־אײַזן? שלאָגט ער בײַדעקעס. אין דער „ייִדישער שטוב" טרעפט איינמאָל אין א יויוול, אז סע ברענט איבער א לעמפּל, זעלטן־ווען דארף מען צומײַסטרע־

ווען אפן דאך די אנטענע. און פארטיק. דאָס, מישטיינסגעזאָגט, איז זײַן גאנץ טועכץ. ס'איז דיר ניט אין קוזניע, ווו דער קאָוועל פלעגט שרײַען: „נאָטעלע, מײַן פרײַנט, קלאַפּ שטארקער, אבי גיכער!״

— אמער, שוין עטלעכע וואָכן, אז ניקאָלײַ פאָרט ניט אין באסיין, — וואקסט ווידער אויס דער „וואָלף״ ווי פון אונטער דער ערד, — אזא פאר־ברענטער שווימער.

— אסקע האָט געפּאקט א מעציע, — ציילט אוניצקי די בריוו.

— קיין ערגערע צאָרעס, נאָטע, זאָלסטו ניט פארמאָגן, — פארייכערט בינעם זײַן ליולקע. — אָט האָב איך בעסער אין „טשײַקע״ פארזוכט א שאש־ליקל, איז עס ניט צום צעקײַען, ניט צום אראָפּשלינגען.

— שאשליקן פעלט דיר, „וואָלף״ איינער? — בייזערט זיך דער פּאָטש־טאליאָן. — מאנע־קאשע דארפסטו עסן, אלטער קאטאָרזשאַן. דו קוק בע־סער, ווער סע גייט.

אָט גייט זי, אסקע. ערשט ניט לאנג, געדענקט מען, איז מוראשאָווס טעכ־טערל געווען א קינד, ארומגעלאָפן איבערן הויף מיט א ווײַס פארטעכל, וואָס האָט איר אזוי געפּאסט. איצט טראָגט זי שוין, אסקע, א ווײַבערש רעקל מיט ברייטע ארבל, פארפלעכט דעם קובלעק, ווי די מאמע ניוסיע.

— א ווײַבל, מײַן פרײַנט, — טוט בינעם א ווונק צום פּאָטשטאליאָן, — ווײַל זי אָטעמט, מוז זי זײַן א ווײַבל. זע, דאכט מיר, אז דער מאָנטיאָר האָט שוין ווידער פאראָשטשינעט...

אין דרויסן זיפּט זיך א וואַרעמער רעגן. גרינע גראָזן לעבן אוף אפילע בא דער בוידעכע אפן פענצטער. מיטאמאָל הערט ער אוף.

די בערעזעס האָבן פון פרייד, וואָס דער הימל האָט זיך אויסגעלײַטערט און די זון וואַרעמט אזוי געטרײַ, צעלאָזט זייערע בלעטער־קרעלן.

קינדער זינגען, טאקע דאָ אין סעדל בא דער „יידישער שטוב״, א לידל. עפּעס אזא, ווי מיר האָבן קינדווײַז געזונגען:

אין גרינעם וואלד,
אף א סאָסנע־בוים,
א וועווערקע געזעסן...

די בוידעכע זיצט אף א באנק מיטן דאָקטער פרידמאַן, באָמקעט אונטער:

האָט א ניסעלע צעקנאקט,
דעם יאָדער אופגעגעסן...

אסיע שטעלט זיך אָפּ לעם איר שוועל, זי האָט זיך פארקוקט אף די זינ־גענדיקע קינדער, גאָר אין דער וועלט וויל זי ניט, אסיע, נאָר געבוירן א יינגל, אָט אזא ווי יענער, וואָס בריקעוועט דאָ אין סעדל, ניקאָלײַ זאָל פריי־לעכער ווערן.

„מיט ניקאָלײַס שעוועליורע, מיט זײַנע בלויע אויגן, און מיט זײַן קאר־טאָפּל־נעזל...״ — אזוי טראכט זי, אסיע, אין דער רעגע, ווען סע טוט צו איר

א שמייכל בינעם „וואָלף“, וואָס נעמט אַף די הענט יענץ ייִנגעלע — דעם פּעמפּיק, אַף וועמען זי האָט זיך פאַרקוקט...

דער טאָג וואָלט באַם „וואָלף“ געווען גאָר א גליקלעכער, ווען דער דאָקטער פרידמאַן זאָל מער ווינקען צו זײַן אייגענער ציגײַנערן און ווייניקער זיצן מיט דער בוידעכע.

מיט דער בוידעכע, ווייסט די גאַנצע „ייִדישע שטוב“, מאַכט מען ניט קיין געשעפטן. אַפילע ווען זי איז מעסוקן פאַרפאַרעט, פרעגלט פּאָווידלע, זײַנען די אויערן באַ איר טויזנט מאָל געלעכערט.

מיידלווײַז איז זי געווען שוין איינמאָל א ווײַמפּערל. זי האָט ליב געהאַט שאָענווײַז שטיין קעגן שפּיגל, געפּוצט זיך אַזוי לאַנג, ביזוואַנען באַ איר אין די נאָזלעכער האָט אָנגעהויבן צו קיצלען... מע האָט זי געמוזט כאַסענע מאַכן פאַרן ערשטן באָכער, וואָס איז געקומען פאַר די אויגן.

אַף איר וויסט מאַזל האָט אַף דער אָזערע כאַסאַן זיך פאַרדרייט א זאַווערוכע. לאָזט דער מאַן זי איבער מיט א האַלב טוץ קינדער, פאָרט אַוועק זיך שלאָגן מיטן יאַפּאָנעץ, און מער האָט זי אים אין די אויגן ניט געזען.

גיב זיך שוין אַליין אַן אייצע, סאָלדאַטקע. וואַש פלעשלעך אין אַפּטייק. עפּעס אַזוי פּאָשעט ציט מען אויף קינדער? באָזשים דוכאָם?! מע דאַרף זיי קליידן, לערנען, כאַסענע מאַכן. ערשט דערנאָך האָבן זיי דער מאַמען אָנגעפײַפט: צעלאָפן זיך, ווי די פייגעלעך אין די וואַרעמע לענדער. נאָר ראָמאַן, דער מיזיניק, האָט ניט פאַרגעסן, אַז די מאַמע זײַנע לעבט און מוטשעט זיך, וואַרט אַף אים, ער זאָל איר העלפן.

ראָמאַן, קומט ער פון דער שטאָט, ברענגט ער איר, דער זון, א מאַטאָנע. עמעס, א קלייניקײַט, א גאָרנישט, א צוקערקע, נאָר פון זײַנע הענט — איז באַ דער מאַמען טײַער.

דערנאָך, אַז ראָמאַן איז אַוועק אין דער אָפּאָלטשעניע, שלאָגן זיך מיטן היטלער, בלײַבט די בוידעכע מיטן רעוועך — גרישעניו...

געלויבט איז גאָט, מוראַשאָוו האָט איר אייניקל פון דער בלאָטע אַרויסגעשלעפּט. מאַטערט זי, די באָבע, נאָר איין זאַך: ראָמאַנס אייניציקער יוירעש זאָל, כאָלילע, ניט בלײַבן בלינד, פאַרשעמען דעם טאַטנס נאָמען — וואַרפן דאָס לערנען.

כאַסענע געהאַט, שלעפּט ער, נעבעך, גרישע, א שווערן וואָגן. געווען א באָכער מיט צוויי פריילעכע אויגן, גייט ער אַצינד אַרום, גלײַך צען קינדער האָבן אים באַזעצט. דער דאָקטער פרידמאַן זאָגט גאָר, אַז דער קאָפּ טוט אים וויי, גרישען, זאָל ער וואַרפן דאָס לערנען.

דאַשע, ווייסט זי שוין, די בוידעכע, פון איר גרויסן אומגליק, איז אַראָפּגעפאַלן פונעם לייטערל. בלײַבט זי, כאָלילע, א קאַליקע, וועט ער מוזן, גרישע, שלעפּן דעם קלומעק.

צוויי אומגליקן אינײנעם וואַרטן אַפן דריטן... נעכטן האָט זי דאַשען געבראַכט אין שפּיטאָל א ייַכעלע, פאַרקרימט זי זיך, די שנור, ניט אַנדערש, זי טראָגט א פּאָרל.

בינעם „וואָלף“ מיט זײַן שמעקער ווייסט דיר פון אַלע שווערע הערצער. אַפילע פאַרוואָס גרישע מוז וואַרפן דאָס לערנען.

— נארישע ייִדענע, — ציט ער זײַן פּיפּקע, — ער וועט ניט וואַרפן דאָס לערנען. אַ קאָפּ איז ווי אַ וועג: וואָס מער מע פֿאָרט אױף אים...

מיטאמאַל כאַפּט ער זי אַרום, די בוידעכע, הייבט זי אָן דרייען, ווי דער וואָלף אַ שעפּעלע:

לאָמיר זיך איבערבעטן,
קויף אַ כופּע־קרענצל,
לאָמיר זיך איבערבעטן,
וועלן מיר גיין אַ טענצל...

דאָס איז ער איר געקומען, בינעם, אָנזאָגן די בסורע, אַז דאַשען איז גרינגער געוואָרן. נאָר כאַיִם שלאַק, דאַכט זיך אים, איז שוין מער אױף יענער־וועלט, ווי אויף דער.

שאַ־שטיל איז אַרום דער „ייִדישער שטוב״. ביידע בולדאָזערס זײַנען אַריבערגעפּאָרן אויף יענער זײַט אײַזנבאַן־אָנשיט, הערט מען שוין ווייניקער דאָס גראַגערן זייערס. דאָרטן, ווײַזט אויס, באַם סאָסנאָווע באָר, איז זיי גרינגער צו גראָבן די זאַמדיקע ערד.

כאַיִם שלאַק ליגט אויף זײַן אייגענעם בעט אינעם אָפּגעבליאַקעוועטן פּאַ־רוסינענעם רעקל. געל איין פּאָנעם. וואַסעריק אונטער די ווײַסלעכער פון זײַנע אייביק־מוטנע אויגן, וואָס האָבן יאָרנלאַנג געגאַרט אַ וועלט.

פאַרוואָס קוקט זיך דער נאַרישער מענטש אַזוי שפּעט אַרום?! האָסט שלעכט געלעבט, כאַיִם שלאַק! מענטשן קוקן אויף דיר, ווי אויף אַן אויסגעשעני־טענער מאַזאַליע. יעדער לעבעדיק באַשעפעניש, אַלע ווי איינער, זײַנען ערדיקע. קומט דער טאָג — איז גיי גיב אָפּ דין־וועכעזשבן, צערעכן זיך מיט דער וועלט. זײַ גרייט צו ענטפערן אױף אַלע קאַשעס, וואָס מע וועט באַ דיר, כאַיִם שלאַק, אויף יענער־וועלט אַ פרעג טאָן.

שאַקלסט זיך שוין פונעם ווינט, כאַיִם שלאַק. ווען עס קומט אַ טויז מיט אַ צענטל, און וועמען אַ „מאַלעך״... אָט גייט ער שוין צו דיר, כאַיִם שלאַק, דער מאַלעכהאַמאָוועס. געוויינלעך: מיטן שאַרפן כאַלעף, פאַרפּוצט אין שוואַרצן. אויסקויפן זיך באַ אָט דעם פאַרשוין איז אומעגלעך!

אָט אַזוי, כאַיִם שלאַק, געזעגן זיך מיטן ווײַנשלבײמל, וואָס די בולדאָזע־ריסטן האָבן געלאָזט ווי אַ זייכער פון דײַן צווייגאָרנדיק שטיבל.

אײַ, כאַיִם שלאַק, איז גוט צו לעבן ווי אַן עכטער מענטש, דעמלט איז אפילע שטאַרבן גרינגער.

מיטאמאַל הערט מען אַ געוויין פונעם רעכטן פליגל.

— געשטאָרבן...

— ווער?

— כאַיִם שלאַק.

—נו, מיילע, — זאָגט בינעם „וואָלף״ צו דער בוידעכע, — מיר זײַנען דאָ אַלע געסט... — אויב זי וויל, די בוידעכע, עפּעס שיקן דאַשען, איז מאַכ־טייסע, מאָרגן גייט ער צו איר אין שפּיטאָל געוויר ווערן.

אין שפּיטאָל, שטייענדיק באַם פֿענצטער אין איר פּאַלאַטע, האָט דאַשע שאָענלאַנג געקוקט אַפֿן וואַסער. דער הימל שפּיגלט זיך אין טײַך מיט אַלע זײַנע פֿאַרבן.

פּונקט אַזאַ פֿאַרקילט ריטשקעלע איז געווען לעם איר שטיבל, ווו זי האָט איר קינדהײַט פֿאַרבראַכט. דאָרט האָט זי געלייענט ביכער. אין קעלער זיך אַראָפּגעלאָזט, די באָבע זאָל ניט זען. נאָר איין זון־שטראַל פֿלעגט באַלײַכטן די פֿינצטערניש. אָבער וואָס הייסט ניט איבערלייענען מאָפּאַסאַנען פֿון אָנהייב ביז סאָף!

דאַשע געדענקט: אין יענעם טאָג, ווען מע באַשפּריצט די עפּל מיט הייליקער וואַסער, האָט די באָבע געגויסעסט.

ניין. מער האָט זי שוין ניט געקאָנט ארײַנקומען אינעם פֿינצטערן שטיבל, ווו איר באָבע איז געשטאָרבן... אין די אויערן קלינגען דאַשען דער אַלטערס ווערטער:

— ביסט אַ שיינע קאַלע, נאָר קיין מוזיקע איז ניטאָ...

זי איז אַרויס אין דרויסן. די זון ליגט אין הימל, ווי אַ פּאַרטריקנטע לימענע. ס׳איז איר קאַלט, דאַשען, בררר...

מיידלעך קנאַקן קערלעך, שטייען באַם פּלויט, ריידן זיך אָן פֿאַרן כאַסענע האָבן, שטשירען די ציין...

אַז מע האָט די באָבע באַהאַלטן אַפֿן דאָרפֿישן צווינטער, איז דאַשע אַרויסגעפֿאָרן פֿונעם דאָרף.

די ערשטע צײַט, עמעס, האָט דאַשע געבענקט נאָך דער צעפּוילטער ליפּע, וואָס איז געשטאַנען באַ דער באָבעס פֿענצטער. דאָס האַרץ נאָגט איר, דעם מיידל, יעדן פֿרילינג. ס׳ווילט זיך זען יענץ אויסגעטראָטן סטעזשקעלע, וואָס צעטיילט דעם נאָרוואָס פֿאַרזייטן גאָרטן אַף צוויי גלײַכע כאַלאָקים און פֿירט אַראָפּ־באַרג — צום טײַך.

אָנגעקומען אַרבעטן אין קאָטשעגאַרקע, האָט דאַשע גענומען די לאָפּעטע, פֿאַרשיט מיט אָפּגעברענטע קוילן די בלאָטע, געקערט און געראַמט, געמאַכט ריין, ווי אין אַ לייענזאַל, באַפּוצט די ווענט מיט די פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון אירע באַליבטע קינאָ־אַרטיסטן. פֿאַרנאַכט האָט זי שטיל געזונגען דאָרפֿישע לידלעך.

איוואַן וואַסיליעוויטש איז צופֿרידן. זאָגט ער איר, דער קאָנאַרייקע:

— אַפֿן קראַן, טאָכטער, ווילסטו גיין אַרבעטן?

בלײַבט זי שטיין, דאַשע, פֿאַרן מײַסטער, ווייסט אים ניט וואָס צו ענטפֿערן: יאָ גיין צי ניט גיין?..

אַפֿן קראַן? אָקסן שלעפּן אין דאָרף די שווערסטע מאַסע, אַצינד — דער קראַן.

צום ערשטן מאָל, ווען מע האָט דאַשען געבראַכט אַפֿן „בוידעם", און דער געשטופּלטער באָכער, דער קראַנאָוושטשיק, האָט איר געוויזן, ווי זי זאָל אופֿהייבן אַ שטאַבעל ציגל, האָבן די הענט באַ איר געציטערט, דער קאָפּ האָט זיך געדרייט, באַלד, דאַכט זיך דעם מיידל, פֿאַלט זי אײַנײַנעם מיט דער פֿײַל אין טײַך אַרײַן...

דער קראַנאָװשטשיק זעט, װי די הענט ציטערן באַם מײדל. מאַכט ער כװיזעק:

— מע דאַרף פּריִער אָפּשערן די נעגל פֿון די פֿינגער, אױסשנײַדן די מאַזאָלקעלעך...

מיטאַמאָל װערט ער קראַנק, דער געשטופּלטער. דאַשע בלײַבט אײנע אַלײן אױפֿן גרױזאַמען קראַן. האָבן איר אױפֿגעהערט ציטערן די הענט. עמעס, דער קאָפּ דרײט זיך, נאָר די פּײַל פֿאָלגט דאַשען, קריכט צום הימל, בוקט זיך צו דער ערד.

דאַשע קערעװעט אָפּ דעם קאָפּ פֿונעם פֿענצטער:

— איװאַן װאַסיליעװיטש!

— ניט געהאַט קײן צײַט, דאַשענקע, קומען פֿריִער. װיפֿל מאָל האָב איך זיך געקליבן פֿאָרן צו דיר אין שפּיטאָל, נאָר...

מוראַשאָװ כאַפּט אַ קוק אין פֿענצטער. דער רױך רינט פֿונעם קױמען, װי אַ ריטשקע. הינטן־אַרומער לײגט ער אַװעק דאָס פּעקל, דאַשע זאָל ניט זען. נאָר דאַשע זעט. זי קען אים, איװאַן װאַסיליעװיטשן, ער האָט פֿײַנט געבן אַ קלײנע מאַטאָנע — ער שענקט מענטשן זײַן גוט האַרץ.

און פּונקט װי ער װאָלט געװוּסט, פֿון װאָס זי האָט ערשט געטראַכט, שטײענדיק באַם פֿענצטער, זאָגט ער, מוראַשאָװ:

— ניט נאָר בײַ דיר, דאַשענקע, האָבן צום אָנהײב געציטערט די הענט.

אָט איז מען איבערגעגאַנגען הײצן מיט סאַראַטאָװער גאַז, פּלאַטערט אים דאָס האַרץ. אַקוראַט װי דעמלט, װען גרישע האָט נאָך פֿאַרמאָגט פֿלײ אין דער נאָז, פֿלעגט באַ אים, באַ מוראַשאָװן, די נעשאָמע פּלאַטערן, װען ער האָט געמוזט אױף אײן מינוט אים איבערלאָזן, כײפֿעצן, באַם שמעלץ־אױװן.

דאַשע לאַכט. מוראַשאָװ טוט זי אַ קוש:

— נו, װער געזונט, — זאָגט ער פֿאָטערלעך באַם אַװעקגײן.

קײן איבעריקע מינוט. פּונקט װי אין פֿלען, קאָן ער, איװאַן װאַסיליע־װיטש, דאָ ניט זײַן, אין שפּיטאָל.

די מוראַשאָװיכע, איװאַן װאַסיליעװיטשעס מוטער, פֿלעגט אַמאָל טראָגן צװײ עמער מילך פֿאַרן פֿאַרעך, האָט די קאָראָמיסלע זי צו דער ערד גע־בױגן. צוריק פֿון דער עקאָנאָמיע האָט די מאַמע זײַנע געטאַסקעט פֿולע עמער מיט שאָלעכץ, נאָר אַזאַ קאָטאָרגע, װי באַ היטלערן, האָט נאָך קײנער ניט צוגעטראַכט.

העכער צװאַנציק יאָר איז דורך, נאָר די פּיאַטעס גליִען אים דאָ אין שפּי־טאָל. װען ער איז אַרײַן צו דאַשען, האָט אים פֿאַרשמעקט מיט קאַרבאָלקע. דער רײעך האָט אים גלײַך דערמאָנט אין מילכאָמע־צײַט.

צוגעזעצט זיך אין סעדל, אַ פֿריטשמעליעטער, גלײַך די גאַנצע װעלט ליגט אױף זײַנע פּלײצעס, װיל מוראַשאָװ אַ ביסל אָפּקילן זײַן האַרץ.

גרישע כײפֿעץ שטײט באַם שמעלץ־אױװן, איז אים, איװאַן װאַסיליע־װיטשן, אַ ביסל גרינגער אױף דער נעשאָמע.

יאָ, ניט גרינג איז אים אָנגעקומען, גרישע כײפֿעצן, כאַפּן דעם סטרױ, װי צו שמעלצן שטאָל.

מוראשאָוו האָט מיט אים געלערנט די מעלאָכע און אים געלערנט לעבן:
— וואָס דו האָסט, באָכער, פארלוירן בייסן שניט, וועסטו באם מלויצען ניט געפינען!

איוואן וואסיליעוויטש טרייסלט מיט די שטוב־שליסלען גרישע כייפעצן פאר די אויגן:

— מיינסט אן עמעס, אז מוראשאָוו וועט צו דיין שלעסעלע דאָס פאַר־סיקע שליסעלע ניט געפינען? — ער נעמט פון גרישעס הענט דעם ראָהאטש און ווייזט אים, גרישען, וויאזוי מע שארט איבער די קוילן אין אויוון.

איוואן וואסיליעוויטש שטייט באם מארטען. אָפטמאָל זעט ער פאר זיך ניט דאָס בלויע פלעמל, נאָר דאָס שטיבל אין דאָרף, ווען ער איז פונקט אזא יונגאטש, ווי גרישע, געווען.

א צעצוויטעטער קארשנבוים באם פלויט, מיט געקארבטער קאָרע, ווי די הויט אפן זיידנס פאָנעם, — און דאָ האָב גאָר צו טאָן מיט אָט דעם באָכע־רעץ!

גרישע כייפעץ שטייט באם שמעלץ־אויוון. ארום אים שפריצט מיט פייַ־ער, ער אליין שווימט אין פונקען, עס שפריצט פונעם קויש, פון אונטערן טירל, פון דער קאָרעטע, דער מארטען בליצט און דונערט. פלאמען קושן זיך, געבירן רעגנבויגנס, ראנגלען זיך אין גרויסער היץ.

גרישע שטייט מיטן האטשיק, ווי דער דיריזשאָר מיטן שטעקעלע. די כעוורע רינגלט אים ארום, מע פרוווט דעם שטאָל, וואָס קאָכט זיך אף סאַ־ראטאָווער גאז, מיט דעם זעלבן ציטער, ווי די בוידעכע פארזוכט פונעם הילצערנעם לעפל מאלענע־סאָק, וואָס זי פרעגלט אפן טרינישקעלע.

איוואן וואסיליעוויטש שמייכלט פון גרויס פארגעניגן.

דאָס שטאָל, מיינט מוראשאָוו, איז שוין אינגאנצן פארטיק.

דער מייַסטער נעמט דעם ראָהאטש, טוט א מיש אין קאָרעטע דאָס ביסל פייַערדיקע „מאמעליגע”: יאָ, ס'איז פארטיק.

איינמאָל גאנצפרי איז מוראשאָוו געקומען וועקן גרישען, ער זאָל ארויס־גיין אף דער ערשטער סמענע. דאשע איז געלעגן מיט גרישען אפן בעט. אירע נאקעטע הענט האָבן געבליאסקעט. ליפּן צו ליפּן זייַנען זיי געשלאָפן...

אָט אזוי פלעגט איוואן וואסיליעוויטש אין דער יוגנט שלאָפן מיט זייַן ניוסיען — פּיסקעלע צו פּיסקעלע... פון איר מויל האָט געשמעקט, אזוי ווי פונעם אויוון פריש געבעקס. גיי ריכט זיך, אז זי וועט פון אים אזוי גיך אוועקגיין אף יענער־וועלט.

יאָ, אף צעברעכן א בוים דארף מען איין מינוט, נאָר אף אים אויסכאָוועז, ער זאָל אויסוואקסן, ווי זייַן אסקע, דארף מען יאָרן.

אין יענעם פרימאָרגן טאקע האָט איוואן וואסיליעוויטש בא זיך אין הארצן געפּויעלט: ע, כעוורע, איר זייַנט פון מייַנע לייַט. אויב איר האָט זיך בעעמעס אזוי שטארק ליב, וועט זיך בא אייַך אין לעבן אלץ מיטאנאנדער באקומען.

דאָס לייטערל שטייט זיך אין ווינקל, ווי א הונט, וואָס האָט א מענטשן צעביסן. דאַשע איז פון דעם דאָזיקן לייטערל אַראָפּגעפאלן. מער קריכט זי ניט אַפן „בוידעם".

— וואָס דרייסטו זיך, דאַשע, ארום לייטערל, ווי ארום א טשיריק... — האָט זי איוואַן וואסיליעוויטש באגעגנט דעם ערשטן טאָג, ווען זי האָט זיך אומגעקערט פון שפּיטאָל.

— איך וויל ניט שלעפּן קיין פאָרמעס, אַנטאָן דעם לעדערנעם פאַרטעך...

— אונדזערע אורעלטערן, דאַשע, האָבן געטראָגן לעדערנע קליידער, גע־געסן ווילדן האָניק...

מוראַשאָוו האָט פּײַנט צו שמועסן אינמיטן קאָן, רופט ער זי אין קאַנטאָר־קע צו זיך.

— אַף מײַן טיש, ווי דו זעסט, דאַשענקע, ליגט א שטיין מיט א שלאַנג, זי דראַפּעט זיך, די שלאַנג, ארויף א בארג, ווי איך אלע מײַנע יאָרן...

דאַשע האָט ליב ייִנגלש אַנטאָן. אָפּטמאָל טוט זי אָן א פּאָר הויזן. מיילע, זי וועט אַנטאָן א לעדערנעם פאַרטעך אויך. נאָר הײַנט איז זי נאָך פאַרפּוצט אין שווארצן סאקעלע. די ליפּן זײַנען אָנגעשמירט, די האָר שיין פאַרקעמט, ווי זי וואָלט געקומען אין טעאטער. אסקע איז איר שטענדיק מעקאַנע אַף איר שיין קליידן זיך.

אסקע שפּילט דען מיט קוזנעצאָוון אין א שפּיל: ער א פּאַטש מיט דער ראַקעטקע, זי א פּאַטש? זי דאַרף מיט אים אָפּלעבן א לעבן, מיט ניקאָלײַען.

וויפל מאָל איז ניקאָלײַ מיט איר געשווומען אין איין זומערדיק טײַכל, געהאלטן זי, ווי א פעדער, אַף זײַנע הענט, געקושט אירע נאָס געוואָרענע האָר, זי געדריקט צום הארצן. איז אסקע צוגעזאָגטן געוואָרן צו זײַן ברוסט, האָט ליב געקראָגן זײַן לײַב, זײַנע אויגן, ווי בא א שפּארבער. אָן שרעק שווימט ער איבער דעם טײַך אין דער לענג און אין דער ברייט. זעצט ער זיך מיט איר אין שיפל, פליט עס, אלציינס ווי א שטערן.

— אסקע, — נעמט ער זי אַף זײַנע געזונטע הענט, — ביסט גרינגער פון א קעצל, דראַפּע זיך ניט...

צוויי לעפל זופ פלעגט זי עסן מיידלווײַז פאַרן גאנצן טאָג, מיט א גלאָז טיי אָפּקומען, אבי ניט גראָב ווערן, ניקאָלײַ זאָל זי נאָך א פּאָר מינוט האלטן אַף די הענט.

יאָ, אין טײַך איז גרינג צו שווימען. אָבער אַף דער ערד?

זיי זיצן ביידע באַם טײַך. אסקע שטעלט אָן אַף אים אירע פאַרליבטע אויגן:

— פאַרוואָס הייסט דאָס טײַכל „גאָלדן קוועלכל"?

— „פאַרוואָס, פאַרוואָס", — קרימט ער זי איבער. — די פּריצע מאַרפע האָט דאָ פאַרלוירן א גאָלדן פינגערל... אכט מאָל איז אָט דאָס דערפל דאָ באַם טײַכל געוועזן באַם דײַטש אין די הענט. מע האָט אים שוין פון ניקי־טאָווקע ארויסגעשמיסן, מאָזשײַסק גענומען, און ער, דער פּריץ, ליגט נאָך אינעם קוימען פונעם ציגל־זאוואָד, עס גלוסט זיך אים ניט איבערלאָזן דאָס „גאָלדן קוועלכל", מאַרפעס פינגערל...

ניקאָלײַ לאָזט אראָפּ דאָס האטשיקל מיטן ווערעמל אין טײַך ארײַן, אסקע זיצט שטיל באם ברעג, און ער רוימט איר אין אויער:

— דער נאלים האָט א גוטן שמעקער, באטאָג פּילט ער פּאר א ווערסט דאָס „פּישל", מיט וועלכן מע וויל אים מעכאבעד זײַן. באנאכט פּרעסט ער זיי, ווי א היישעריק. פלאָטעצעס איז זײַן בעסט מײַכל, דעם נאלימס.

קוזנעצאָוו כאפּט ארויס א פליושענעם פּיש. דערפרייט זיך אסקע, ווי א קינד, טאנצט, נעמט אָן וואסער אין עמער, פאלט פון פרייד אין וואסער. ווארפט ער זיך, ניקאָלײַ, ווי א ווילדער הירש, נאָך איר אין טײַך ארײַן. קושט זי, לעקט אויס יעדער טראָפּנדל פון איר פּאָנעם.

א גאנצן זומערדיקן טאָג איז דער נארישער נאלים געלעגן צווישן די שטיינער, געהיט זײַן לעבערל. געררייצט די פּישער. נאָר באנאכט פּאקט ער זיך בעמיילע אָף דער ווענטקע.

אסקע זאָל זיך ניט געוועזן דערמאָנען, אז זי האָט פארגעסן אָנצוהאָ־דעווען די פישעלעך אין אקוואריום, געבן עסן די פייגעלעך באם פענצטער, וואָלטן זיי געזעסן באם טײַך א גאנצע נאכט. איר איז דעמלט אזוי גוט געוועזן מיט ניקאָלײַען. וואָס זשע קומט מיט אים פּאָר אצינד, נאָך דעם, ווען זי האָט געבוירן דאָס ערשטע קינד — א מיידל?

ער איז שוין מער ניט יענער ניקאָלײַ?

די שפּיל האָט געהייסן „דער יעגער און די ענטלעך". מע האָט זי דעמלט, אסקען, פארמישפּעט א קוש טאָן דעם שענסטן מאנצבל. האָט זי באָדײַ געוואָלט איבערלאָזן איר מאשקן — דאָס זייגערל, — נאָר קיינעם ניט קושן. כאפּט זי א קוק אין ווינקל: ניקאָלײַ זיצט פארכאָלעמט, איז זי צוגעלאָפן. מיט אירע מיידלשע פײַערדיקע ליפּן און פארן גרויסן אוילעם אין די אויגן א קוש געטאָן ניקאָלײַען. דאָס איז געוועזן איר ערשטער קוש.

אסקע מוראשאָווא איז געבוירן געוואָרן אָף פאנפילאָוו־גאס, באם פאוולאָווער וואלד, ווו די וואָלגע האָט זיך ארײַנגעשפּארט מיט אירע ברייטע קליבעס אין מאָסקווע־טײַך. זי פלעגט זיך, אסקע, דאָ באָדן, רײַסן ניסלעך, קלײַבן שוועמלעך, פארקרימען זיך פון די זויערע אגרעסן, אָנרײַסן קוויטן.

אסקע... ווער פון דער „ייִדישער שטוב" געדענקט ניט דאָס דארינקע מיידעלע? גאנצע זומער־טעג לויפט זי ארום אין ציצן קליידעלע, ווערט הייזעריק, נאָר זינגט סײַווי איר באליבט לידעלע:

А я не папина,
А я не мамина,
А я на улице росла,
А меня курочка снесла...[1]

[1] א רוסיש לידל:

און איך בין ניט דער מאמעס,
און איך בין ניט דעם טאטנס,
און איך בין אין גאס געוואקסן,
מיך האָט א הינדעלע געבראכט...

די מאמע ניוסיע פלעגט ציילן אירע ביינדעלעך בעשאסן באָדן. גאָ־טעניו, ווען וועט אסינקע שוין נעמען לײַב אף זיך? הויט און ביין. נאָר פונעם קלײַנדיק פּענעמל האָבן געקוקט צוויי קלוגע קוקערלעך — מוראַ־שאָווס אויגן: „ווארט, ווארט, מאמע, איך וועל אויסוואקסן. דערצו נאָך א שיינע מוידן!"

...אָט, זעט איר, די דאָזיקע שטיפערן, אסקע מוראַשאָווא, איז זי שוין א מאמע פון צוויי קינדער.

גרישע כייפעץ און דאשע זײַנען שוין טאטע־מאמע פונעם ערשטלינג. א באָכער האָט זי געבוירן, די קראַנאָוושטשיצע. נאָך א שטאָלגיסער וועט וואקסן בא דער „ייִדישער שטוב". און אסיע האָט ווידער געבוירן א מיידל.

אין יענעם פארנאכט, ווען קוזנעצאָוו האָט זיך דערוווּסט, אז אסקע האָט נאָכאמאָל געהאט א מיידל, איז ער פונעם שפּיטאָל געלאָפן קריגן פאר דער געווינערן פרישע בלומען. וואס זשע, ער האָט זי ניט ליב, אסיען? ער וועט נאָך א פּרווו טאָן א דריט מאָל זײַן מאזל, ניקאָלײַ. קיין פאר־וויאנעטע קווייטן דארף ער ניט. איז ער אוועק אין וועלדל. דערזען דאָרט בלימעלעך, פרישע, ווי די וועסנע אליין, האָט ער אָנגעריסן פאר אסקען א בוקעט, אז די שטערן וואָלטן געמעגט מעקאנע זײַן.

די ערד האָט זיך צעפּארעט פונעם וואַרעמען רעגן, ווי נאָך א באָד. דער באנאכטיקער הימל אפילע איז אויך היינט ליכטיקער ווי שטענדיק. בינעם „וואָלף" כאפּט א קוק אף דער ערשטער שײַן, וואָס קומט פונעם נײַ־אויסגעבויטן פליגל.

יאָ, טראכט בינעם „וואָלף", אז מע בויט, איז עס א גוטער סימען.

אין הימל פליט דער גרויזאמער „טו", און וואָס העכער דער אעראָ־פלאן הייבט זיך אוף, ציטערט מער די ערד.

„גוט צו פליִען אין דער וועלט ארײַן", — טראכט בינעם. ער איז מע־קאנע מיר, דעם שאָפער: פאָר ווּהין די אויגן קוקן...

...אָט אזוי לעבן די מענטשן אין דער „ייִדישער שטוב".

די „ייִדישע שטוב", וועלכע מע רופט שוין אזוי ווער ווייסט וויפל יאָרן, צי דערפאר, וואָס דאָ וווינען, קיין אײַנהאָרע, א וואויל ביסל ייִדן, צי עפשער ווײַל עמעצן איז פּאַשעט געפעלן געוואָרן אזוי זי אָנרופן (מוראַשאָוון, דעם מעטאלורג, לעמאָשל, שאט ניט די דאָזיקע צונעמעניש אויסשמעלצן א פּאָר מייעס טאָן שטאָל פאר א נײַעם ספּוטניק, וואָס דרייט זיך ארום דער ערד), — האקלאל, די „ייִדישע שטוב" פארמאָגט נאָך געזונג, וואָס מע זאָל באשרײַבן. ווי זאָגט בינעם „וואָלף", זיס איז ניט צו זאט, ביטער איז ניט צו שיקער.

דער פּאָעט מוישע טייף האָט מיסטאם געמיינט אונדזער שטוב, ווען ער האָט געזאָגט:

א גוטע ליד איז ווי א שטוב,
אווו עס ווילט זיך לאנג פארברענגען,
און ווען דו גייסט פון איר ארויס,
דו וועסט די שטוב נאָך לאנג געדענקען.



# שאָפּערן

ערשטער טייל

קאַפּיטל איינס

## דערבען־קאַלוגאַ

מיט אַ באַזונדער כיין פאַרגייט די זון אין קליינעם געסל. פון לינקס שײַנט אַ גליִענדיקער שטראַל אין פענצטער, פון רעכטס זיפּט זיך די זון דורך אַ שפּאַרונע אין שטוב אַרײַן, פאַרשפּילט זיך דאָרט מיטן שפּיגל און קערט זיך אום אין באַלויכטענעם דרויסן — אַ העזעלע. געדיכטע, באַוואַקסענע מיט האָריקע טשופּרינעס, שטייען פון ביידע זײַטן גאַס טאָפּאָלן. זיי זעען אויס פאַרשלאָפן, פּונקט ווי די פאַרנאַכטיקע זון וואָלט שוין אַף זיי קיין שליטע ניט געהאַט.

געוויינלעך קומט נאָר באַלאַנדין צו דעם געסל, שטעלט זיך זײַן מאַשין אָפּ, ווי, לעהאַוודל, אַ פערד בײַ אַ פאַרשאָלטן אָרט. דאָס האָט אַליין דער שאָפער ניט ווילנדיק אָפּגעשוואַכט די פּעדאַלן, ווײַל פאַר די אויגן האָט זיך אים אַ שטעל געטאָן דאָס דערפּעלע ראַקיטנע, וואָס דאָס קליינע געסל איז אַמאָל געווען זײַן איינציקער „פּראָספּעקט״. איצט ליגט עס, דאָס געסל, אינמיטן טאַראַראַם פון אַ נײַ־אויפגעבויטן ראַיאָן־צענטער, אַרומגעלייגט מיט שטיינערנע גאַסן, ווי אַן אַלט ריטשקעלע מיט יונגע ווערבעס.

אַמאָל זײַנען זעכציק האַלב־פאַרקוילטע שטיבלעך, ווי אָפּגעלאָשענע האָלאָווּעשקעס, געשטאַנען אין באַלאַנדינס געבורט־יִישעוו ראַקיטנע. דאָס שלעפּער־דאָרף פלעגט שעמען מיט זײַנע „פּאָגאָרעלצעס״[1]. און אַלטע שלייע איז דאָ געווען אַ מאַטבייע, אַ צעפּליקט פּעלצל — אַ מאַלבעש:

[1] ניסראָפים (רוס.).

איין פּאָסטעלע — פון שטרוי, די צווייטע — פון שמאטעס; הויזן — א לאטע אף א לאטע, רעקלעך אויסגעביסענע, מיט האלבע ארבל, היטלען — פון אויסגעקראָכענע שמויסן, אויסגעניאָרעטע אין הני... אויב מע זאָל אָנקומען בעטלען אין פרעמדע מעקוימעס מיט א גוטן שפּאן, וועט דאָך קיינער א דענעשקע ניט געבן. דעריבער האָבן אויסגעדייווערטע, פארטריבענע פערדלעך זיך אין ראקיטנע געשעצט מיט גאָלד גלײַך.

האָט מען זיך דאָס אויסגעפּוצט בעקאָוועדיק, ווי דאָס פּאסט פּאר אן אָפּגעברענט דאָרף, און מע איז מיטן סקארב ארויס אף דער וועלט, זוכן א ווינקל, ווו מע האָט נאָך פונעם שלעפער־דאָרף ניט געהערט — מע ווייסט נאָך ניט די שטיק זייערע...

פּאָגאָרעלצעס האָבן זיך אוועקגעלאָזט אין דער וועלט ארײַן שרײַען „דערבען־קאלוגאו!" — פלעגט מען זיי אין ארומיקע דערפער פאר א מײַל דערקענען — בעטלערס...

באָרוועס־נאקעט, קיינמאָל קיין ברויט צו זאט, האָט באלאנדין בא דעם דאָזיקן בעטלען באגראָבן ערגעץ אין דער פרעמד טאטע־מאמע, געבליבן א קײַלעכיקער יאָסעם.

טוט אים איצט א קאלופּע בא דער נעשאָמע, ווען, זיצנדיק אין דער מאשין, זעט ער, מיט וואָס פאר א באזונדער כיין, פונקט ווי אמאָל אין דער קינדהײַט, ס'פּארגייט די זון אין דעם קליינעם געסל. ער וואָלט עפּשער איצטער גאָר אינגאנצן אויסגעלאָשן דעם מאָטאָר, זיך אָפּגעשטעלט אין געדיכטן שאָטן פון א טאָפּאָל, איז דאָך אָבער שוין סאָף טאָג, און ער מוז גיכער קומען אין גאראזש, אויסשפּאנען זיך פונעם טאָג הארע־וואניע, און דערצו נאָך, ווי עס פירט זיך, ארומוואשן אין טײַך די מאשין.

אָט איז שוין דאָס געסל געוואָרן ברייטער, און אראָפּ־בארג ווערט פלוצעם געראָם און העכער די שטאָט, און די מאשין פארכלינעט זיך פון וועלן איבערשפּארן דעם טאָרמאָז — זיך א טראָג טאָן איבערן פרישן אספאלט אראָפּ־בארג, אראָפּ־בארג!

באם ברייטן גרין געפארבטן טויער פונעם גאראזש האָט באלאנדינען באגעגנט זײַן סטאזשאָר — א בלאָנד וווקסיק מיידל אין א געקווייטלט קאָפּטל, וואָס איז שוין עטוואָס אויסגעשמירט אין פעטס, און אין א ברייט געפאלדעוועט קליידל. דאָס מיידל האָט געהאלטן אן עמער אין דער האנט, און, אזוי־אָ שטייענדיק אין דער פארנאכטיקער פרישקײַט, א לײַכט אָנגעטאָנענע, האָט זי קלוימערשט ניט באמערקט, ווי באלאנדין איז אוועק זיך מעלדן צום דיספּעטשער. נאָר גלײַך ווי די קאליטקע האָט זיך פאר־האקט הינטער אים, איז זי ווי אופגעלעבט געוואָרן, מיט אימפּעט זיך ארײַנגעזעצט אין קאבינע און — אוועקגעפאָרן.

— סאשע, גיי כאפּ מארינען!... — טומלט דער גאראזש.

— נעם די פּאָזשארנע קישקע, באלאנדין, שיס איר נאָך!

— מע זעט גלײַך — זי וועט אים אײַנבײַסן...

לויפט ער איר נאָך און כאפּט זי אזש בא דער ריטשקע.

מארינע שטייט ביז די קני אין וואסער, פארשטעקט דאָס קליידל. ווערט באלאנדין פארשעמט, לייגט זיך צו אפן גראָז און וואַרפט פון דאָרט

גנייווישע בליקן צום שלאנקן מיידל, דעם סטאזשאָר זײַנעם. לעם דער מעגושעמדיקער לאסטמאשין, אליין עטוואָס העכער פון די רעדער, וואָס זינקען שוין אין טײַכל, זעט מארינע אויס, ווי זי וואָלט בא דער קלאדקע גרעט געשווענקען. באלאנדינען איז טשיקאווע: ווי־אזוי וועט זי עס ארומ־וואשן אָט די קויטיקע מאשין. און ער גיט אזש א מעכײַעדיקן שמייכל, ווען מארינע קריכט טיפער אין וואסער און סטארעט זיך דערלאנגען דעם לאנזשעראָן — די אונטערשטע מאשין־ראמע.

ניט געכאפט וואשט מארינע אויס די אייגענע הענט, טוט זיך א שפּילעוודיקן פליוך מיטן פּאָנעם אין וואסער, טוט א שפּריץ מיטביידע הענט אף באלאנדינען — און פארגייט זיך אין א הויכן, רייצנדיקן גע־לעכטער.

באלאנדין קערעוועט זיך פויל אויס אף דער צווייטער זײַט און קעדיי באווײַזן, אז דעם מיידלס כיינדלען זיך גייט אים ניט אָן, פארדרייט ער אפן פינגער א שטײַף זאפטיק גרעזל, רײַסט עס ארויס מיטן וואָרצל און הייבט עס אָן פּאמעלעך קײַען. פלוצעם דערפילט ער הינטער דער סאמע פּלייצע דעם הייסן אָטעם פונעם מאָטאָר: מארינע איז ארויסגעפאָרן אפן ברעג און שרײַט צו אים דורכן אָפענעם פענצטערל פון דער קאבינע:

— היי, באלעבאָס, זעץ זיך ארײַן, איך וועל דיך אָן א קאָפּעקע אונ־טערפירן...

אף דער שיינער מאשין איז ער דעמלט געפאָרן, באלאנדין. דער נאטשאלניק פונעם גאראזש מאלינין האָט אים בעקיוון אוועקגעזעצט אף אן אלטן דראָבאָוויק. „נעאפּאָלער ספּא״ האָבן שאָפערן די דאָזיקע „פּאָפּקע״ גערופן. רימפּל, ברודער! באלאנדין האָט געוויינלעך געקוקט קרום אף די פארשיידענע פעגירעס, וואָס די מילכאָמע האָט פארוואָרפן אף אונדזערע וועגן. בעשאס מארינע כאפּט זיך צום קאטאלאָג, וואָס וואלגערט זיך איניינעם מיטן מאזוט אין קוזאָוו, און סטארעט זיך מיט איר אייגענעם סייכל דערגיין די כאָכמע פון אזא מאשין, זעצט ער זיך היימיש צו און גיט א זאָג, ווי זײַן טעווע איז, ניט געכאפּט, צי׳ענדיק די ווערטער:

— אן אליומיניעווע פּאָפּקע — טשעפּע זיך אָפּ פון איר...

און טראכטנדיק א רעגע — נאָכאמאָל:

— אין נעאפּאָל, עפּשער, איז אזא קליאטשע א בעריע, אָבער בא אונדז טויג זי נאָר אף שמעלצן פון איר שטאָל...

מארינען איז צום הארצן, וואָס אף איר מאזל האָט זי זיך געפּאקט צו אזא געניטן שאָפער. וויפל אָבער איז דער שיר, — טראכט זי זיך, — צו זיצן אזוי אָפּגעפרעמדט אף די ווייכע קישעלעך און נאָר ריידן פון פּאָרשניעס מיט שאטונעס?

געקומען אין גאראזש ארײַן, האָט זי אוועקגעשטעלט די מאשין אף איר אָרט, אויסגעווישט די פארעס און די פענצטער און אומגעריכט זיך א קערעווע געטאָן אזעספּאָנעמדיק צו באלאנדינען:

— יויזל איינער!.. פארכאָלעמטער באָק, וואָס דו ביסט... אין דער „פּאָפּקע״ דײַנער ביסטו דאָך שוין באלד פארזשאווערט געוואָרן...

סטאַרטשעט סאַשע אויס אַף איר די אויגן, ווי איינער רעדט: ביסט פון זינען אַראָפּ, דו האָסט אין טײַך די געהירן אונטערגע־נעצט?..

מאַרינע אָבער טרעט ניט אָפּ:

— וואָלסט אין אזא שיינעם פאַרנאַכט שוין בעסער זיך דורכגעגאַנגען אין סעדל אַרײַן — דעם טשאַד פון זיך אַרויסטרײַבן...

באַלאַנדין, דער גוואַר, וואָס הייבט גרינג אוף אַן אַקס מיט רעדער, האָט זיך מיטאַמאָל פאַרלוירן. אַף זײַן לעבן האָט ער שוין ניט איין איבערשלאָג געהאַט אַף דער טראַסע און אַפילו אַוואַריעס, נאָר דאָס מאָל האָט אים מאַרינע ווי מיט אַ דאָלעטע אַ דויבע געטאָן אין קאָפּ אַרײַן. אַף זײַן בלאַס־געוואָרן פּאָנעם זײַנען בוילעטער געוואָרן די לײַכטע שטופּלען.

— טומל ניט, מאַרינע... אין סעדל... מיט דיר... דאַרף מען דען טומלען?..

ניין, ניט אין שטאָט־בולוואַר איז באַלאַנדין אַוועק מיט מאַרינען. אים האָט אַ ציִ געטאָן צוריק אין קליינעם געסל פון ראַקיטנע, און ווײַטער — פאַרבײַ די געדיכטע טאָפּאָלן, וואָס פירן אַרויס צום אַמאָליקן וויהאָן און גיסן זיך צונויף מיט אַ שיטער־געוואָרן וועלדל.

דאָרט, אינעם וועלדל, קוקן פאַרוועלקטע נעגעלעך אַרויס פון געדיכטע קוסטעס, און קוים טוט דאָס פאַרנאַכטיקע ווינטעלע אַ צעשויבער די אַראָפּגעהאַנגענע קוטשמעס, ווערן אַפילו פאַרוויאַנעטע בלימעלעך ווידער לעבעדיק. עס שמעקט געדיכט מיט צײַטיקער מאַלינע און מיט סמאָלע.

באַלאַנדין און מאַרינע זיצן אַ ווײַלע, גלײַך ווי דער וואַלד וואָלט זיי געפּענטעט. באַלאַנדין הערט זיך צו צו דער שטילקײַט, און עס דאַכט זיך אים, אַז פונעם געסל צי פונעם וואַלד דערטראָגן זיך פאַרטויבטע קלאַנגען: „דערבען־קאַ־לו־גאַ... דערבען־קאַ־לו־גאַ...”

— וואָס שווײַגסטו, סאַשע?

באַלאַנדין באַווײַזט ניט צו ענטפערן, ווי פון יענער זײַט קוסטעס גיט עמעצער אַ הוסט און עס קומט אַרויס דער אַלטער וואַלד־וועכטער מיטן רויטן צייכן אַפן אַרבל. דעם זיידעניוס אויגן קוקן אַפן פּאָרל גוטמוטיק און ווינקען צו באַלאַנדינען:

— סע קוקט אײַך נאָך אַ פאַרשוין, סאַשאָק.

איז אים טשיקאַווע, סאַשען, ווער קאָן עס אים נאָכקוקן? פּויעלט ער באַם אַלטן, ער זאָל אים באַווײַזן דעם פויגל. דער וועכטער פירט באַ־לאַנדינען דורך שטעכיקע גראָזן, און סאַשע דערזעט פאַר זיך דעם נאַטשאַלניק פון גאַראַזש מאַלינינען...

ווען ער קערט זיך אום צו מאַרינען, זיצט זי אַ פאַרגליווערטע, ווי זי וואָלט מיט איר מיידלשער נעשאָמע דערפילט אַ סאַקאָנע. אַפילו באַלאַנ־דין, בעטעווע אַ שווײַגער, באַקומט לאָשן:

— מאַרינע, וואָס פאַרא געשעפטן האָסטו מיט מאַלינינען? אַבי איך האָב געמיינט, אַז דו האָסט שוין געמאַכט אַ סאָף מיט אים...

קאפיטל צוויי

# דאָס ליבע־בריוועלע

פול־אָנגעפּאַקט מיט שאָפערן איז דער אָנגערייכערטער צימער פון דער אווטאָ־אינספּעקציע. באַם טיש זיצט דער קאַפּיטאַן סטראַכאָוו — אַ מענטש מיט קאַלטע, שטעכיקע אויגן און מיט אַ גוטמוטיק שמייכעלע.

יונגע שאָפערן באַקומען „פּראַוואַ"[1]. איינציקווייַז גייט מען צו צום טיש. סטראַכאָוו האַלט נאָך דערווייַל די האַנט אויפן סטאָס טעוועלעך, וואָס באַהאַלטן אין זיך די שאָפער־ביכלעך. ער הייבט אויף די אויגן, און ווי מיט צוויי שפּיזן לעכערט ער דורך דעם נעכטיקן סטאַזשאָר.

— אַ, מאַסליאָנקין! ס'איז עמעס, אַז דו האָסט ליב דעם ביטערן טראָפּן?

מאַסליאָנקין קנייטשט מיט די אַקסל און כאַפּט דערווייַל אַ גנייוויִשן קוק צו זייַן לערער מאַרגוליסן, וואָס איז געקומען אַהער בענטשן דעם טאַלמיד זייַנעם. סטראַכאָוו באַמערקט מאַרגוליסן. ער פירט אויף אים איבער דעם גוטמוטיקן שמייכל, נאָר די שטעכיקע אויגן לאָזט ער ניט אַראָפּ פון מאַסליאָנקינען.

— וואָס זאָגסטו, מאַרגוליס, ער וועט זייַן אַ שאָפער?

מאַרגוליס שטעלט זיך אויף: אַ הויכער, מיט לאַנגע געזונטע הענט, אַ ביסל אַ סוטולעוואַטער. מיט צוויי פינגער פאַריכט ער באַ דער נאָז די טונקעלע ברילן, וואָס מאַכן אים עלטער פון זייַנע דרייַסיק יאָר.

— מע דאַרף נאָך מיט אים גוט האָרעווען, כאָוועער קאַפּיטאַן. נאָר פירן די מאַשין קען ער שוין.

— נו און דו, מאַרגוליס, — די אויגן דינען דיר נאָך?

מאַרגוליס ענטפערט טרוקן:

— ווען די אויגן זעען באַ מיר ניט, וואָלט איר שוין לאַנג די „טעוועלעך" באַ מיר צוגענומען...

כעוורע שאָפערן צעלאַכט זיך, נאָר צוגעטויבט, אַזוי ווי מע לאַכט צוגאַסט באַ אַ שטרענגן באַלעבאָס.

סטראַכאָוו האַלט נאָך אַלץ די האַנט אויפן סטאָס שאָפער־ביכלעך, און, באַקוקנדיק אַזוי דעם אוילעם, טוט ער אָן כיישעק, ווי ער וואָלט דערמיט זיך אָנגעטאָן אַ העזעק, אַ כאַפּ אַראָפּ איין ביכעלע.

אין דרויסן וואַרט אויף מאַרגוליסן מיט מאַסליאָנקינען זייער מאַשין. דאָס איז די זעלבע „ספּאַ", וואָס נעכטן איז אויף איר געפאָרן באַלאַנדין: פרידל מאַרגוליס איז באַלאַנדינס פאָר, זייַן „סמענשטשיק".

אין קאַבינע, אויסגעצויגן די פיס אויף די פּעדאַלן, שלאָפט געשמאַק אַ באָכערל פון אַ יאָר זיבעצן.

מאַסליאָנקין דערלאַנגט אים פריילעך אַ שטורכע:

---

[1] רעכט. דאָ: רעכט אויף צו פירן אַן אווטאָמאָביל.

— נו, שליאָמקע, סדאיו טיעבע דיעלאָ[1]. אָט האָסטו דיר מײַן אלטן באלעבאָס מארגוליסן און די „פּאָפּקע" א צוגאָב.

דער נײַער סטאזשאָר טשוכעט זיך אויס פונעם דרעמל, דערלאנגט מאסליאָנקינען די האנט.

— אנאטאָלי, מאך זיך ניט טאמעוואטע. מע דארף הײַנט באנעצן די „טעוועלעך" דײַנע...

מאסליאָנקין קריכט ארײַן אין קאבינע און מאכט אן אָרט פאר מאר־גוליסן.

— רוק זיך אָפּ, זניקל, — שטופּט ער מיטן עלנבויגן שלוימען, — מיר וועלן נאָך אזוי באנעצן, אז דער גאנצער גאראזש וועט נאס ווערן... דערווײַל לאָז נאָר מיך צו צום „בייגעלע". דו ביסט נאָך, פּאצאן, אָן רעכט.

מארגוליס פארהאלט זיך א רעגע באם בופער, קוקט קלוימערשט ארײַן אין ראדיאַטאָר, און, זעענדיק, אז מאסליאָנקין דריקט שוין אָן אפן סטאר־טיאָר, שטעלט ער אים אָפּ:

— אײַל זיך ניט, מאסליאָנקין, מירן באלד פּאָרן...

ער טוט א ווונק שלוימען, יענער זאָל ארויסקריכן פון דער קאבינע, און גייט מיט אים אָפּ אין א זײַט:

— זאָגסטו, הייסט עס, שלוימקע, אז ראָכל איז שלאָף?

— זי פילט זיך עפּעס ניט מיט אלעמען... די מאמע האָט קוים אויס־געוויינט באם דאָקטער א ביולעטען פאר איר.

מארגוליס פארטראכט זיך, ניט געכאַפּט נעמט ער ארויס פון בוזעם־קעשענע א בלאָקנאָט, רײַסט ארויס א בלעטעלע פּאפּיר און שרײַבט אָן אף דעם עטלעכע ווערטער.

— נא, גיב איר איבער, נאָר זע, די מאמע דײַנע זאָל ניט אָנשמעקן...

שלוימע טוט מאמזעריש א קוק אף מארגוליסן, טאנצט אזש אונטער פון פארגעניגן, וואָס די מעלאָכע שאָפערײַ הייבט זיך אזוי גרינג אָן פאר אים.

— זאָרג זיך ניט, פרידל, איך וועל עס יאקאָס באוואָרענען.

אין א מינוט ארום זיצט שוין מארגוליס אין קאבינע און קוקט שטרענג אף מאסליאָנקינען, וואָס רײַסט שטיקער פונעם מאָטאָר, מאָרדעוועט מיט דער מאשין און קוועטשט אָן ראכמאָנעס אף די פּעדאלן.

— גרינגער, מאסליאָנקין... ביסט שוין אליין באלעבאָס... זשאלעווע די מאשין...

ביידע שאָפערן, וואָס זיצן איצט אין קאבינע, זײַנען ארײַנגעטאָן אין איין מאכשאָווע — אפּן וועג צום גאראזש וועלן זיי דורכפאָרן פארבײַ מאָטל דעם בלעכערס שטוב, ווו עס ליגט איצט א קראנקע ראָכעלע, דער דיספּעטשער פון דער באזע. מארגוליס טראכט: „שלוימקע האָט איר שוין מיסטאם אָנגעזאָגט די בסורע, אז איך פאָר, קוקט זי אוואדע דורכן

---

[1] איך גיב דיר איבער די איניאָנים (רוס.).

פענצטער ארויס..." מאסליאַנקין בײַסט די ליפּ און טראַכט צו זײַנס א פּאַרטל: בא ראָכעלעס שטוב אָפּשטעלן די מאשין און דורך דער הינטער־טיר ארײַנשפּרינגען בעטן אן עמער.

מארגוליסן זאָגט ער גאָרניט, ווײַל ער ווייסט, מאסליאַנקין, אז פרידל שפּילט שוין לאנג מיט ראָכעלען א ליבע... אים ציט דאָך אויך דאָס הארץ צו איר, מאכט ער אן אָנשטעל, אז ניט זיך מיינט ער, ער מיינט בלויז מארגוליסעס טויווע.

מאָטל דעם בלעכערס ווײַב, מאלקע, דערזעט פאר זיך דעם אויסגע־מורזעטן שאָפער מיט די שווארצע פארזשמורעטע אייגעלעך, מיטן צי־גײַנערשן טשוב אפן שטערן, פארלייגט זי די הענט אף דער הויכער ברוסט און שיט אויס אין איין אָטעם, ווי זי וואָלט א צעבער אויסגע־גאָסן:

— גייט פונדאנען, שאָפערניא, איין עמער האָט איר שוין בא מיר אנטליגן, ווילט איר נאָך איינעם?

מארגוליס, דערזעט ער ראָכעלעס מאמע, פארגראָבט ער זיך טיפער אין קאבינע און פון פארדראָס הייבן אים אזש אָן די אויגן ווי טאָן...

קאפּיטל דרײַ

## גיב אהער די האק...

אײַנגעקאָרניעט אין א צעוואקסענעם סאָד, ווי א פּליאם א רויטער אינמיטן טײַך, שטייט מאָטל דעם בלעכערס שטוב, די פענצטער ארומ־געפלאָכטן מיט ווייונעס, וואָס ציִען זיך — קריכן מאמעש פון דער הויט — פון דער ערד צום הימל, פונעם הימל צו דער ערד.

דעם סאָד ארום דער שטוב האָט מאָטל טאקע אליין מיט די אייגענע הענט פארזעצט א יאָר אכצן צוריק, ווען ער איז פונעם שטעטעלע אראָפּ־געקומען אין דעם וואקסנדיקן ראיאָן־צענטער. פונקט דעמלט איז בא אים געבוירן געוואָרן דער מיזיניק שלוימע.

„די סוקעוואטע" — אזוי האָט מען אין שטעטל פון לאנג שוין גערופן די בלעכערוקעס — האָבן, ניט הײַנט געדאכט, געוווינט בא א בלאָטע־ריטשקע, באם סאמע־סאמע אָטשערעט. יעדער ווערנע שווענקט קאלע־מוטנע וואסער די אונטערשטע באלקעס, פוילט נאָך מער דאָס אלטע יערושע־שטיבעלע, און באלעבאטים לאכן אין די קולעקעס:

— ער האלט זיך שוין אף איין סוק, דעם בלעכערס מאיאָנטעק...

איז אוועק א צונעמעניש: „די סוקעוואטע", „מאָטל דער סוקעוואטער".

נאָר ניט געקוקט דערויף, געבירט די מאמע מאלקע אלע יאָר צום זמאן א קינד, קיין אײַנהאָרע, און מאָטל דער באלבריסניק ענטפערט אָפּ א שטאָט מיט מענטשן בעקאָוועדיק און מיט גאדלעס:

— מאזלטאָוו! מיט מאזל זאָלט איר לעבן!

באטאָג שרײַט ניט די געווינערן אזוי שטארק, נאָר באדערנאכט, ווען דער שליאך הערט אוף צו רוישן, זשאבעס זינקען טיפער אין דער גע־דיכטער בלאָטע — דערגייען אירע קוילעס ביזן זיבעטן הימל.

דער רויפע מיט דער באָבען שטייען אונטערן „שיר־האמײַלעס", סוידען זיך, דרייען זיך אפן קאָרעק, ווייסן ניט, מיט וואָס פאר א נאשערײַ ארויס־נארן דעם אקשן פון מאלקעס בויך: ניט אנדערש, ער גייט פּאַפּערעק, ניט מיטן קאָפּ, נאָר מיט די פיסלעך.

— ביסט געגאנגען שווער, פּיפּערנאָטער, — גיט אים די באָבע א פּלעצל און ווארפט אים גלײַך ארײַן אין מולטער.

אן אנדער קינד, דערלאנגט מען דעם נאָר א פּאטש, און ביפראט נאָך, אז מע גיט עס א טוצע אין לעבלעכער וואסער, — מאכט עס גוואלדן. שלוימע אָבער איז דאָך שלוימע, טוט ער אלץ פארקערט — מאכט א שווײַג, ליגט פארמאלעכט, ניט געראשט. מיינט די באָבע — ער איז כאָלי־לע טויט. עפנט זי נאָר דעם „שיר־האמײַלעס", אָנזאָגן מאָטלען די שיינע בסורע, צערעוועט זיך דער סטאטעק: „איך בין פון דער־זײַט, טאטע!"

— באלד וועט זײַן א גלעזל וואָרעמס, — טרייסט דער טאטע די קימ־פּעטאָרן.

דאָס רויטע קריגעלע שטעלט מאָטל טיפער אין אויוון ארײַן. ער שארט צו א ביסל זשאר — סע זאָל זײַן אָקרעפּ מיט מילך פאר דער מאַ־מען.

איצט מאָסטעט זיך דאָס לעבן אײַן אינעם סוקעוואטע שטיבל און גייט זיך אוועק מיט זײַן געווײנלעכן גאנג. א גאנץ יאָר עסט מען שטעכעניש, נאָר קומט שוועס, באקט מען מילכיקע קנישעס, און שלוימע מיט ראָכלען פעסטען זיך אָן פאר א גאנץ יאָר. אבי געלעבט... דעם בלעכערס געזינדל ווייסט זיך שוין זײַן האָדיווּליע.

די כלאָפּאָטעס אינעם קליינעם שטעטל זײַנען פארביטן געוואָרן אף ניט קיין קלענערע כלאָפּאָטעס אינעם ראיאָן־צענטער, ארום דעם פארטשאדעטן גאראזש, ווו מאָטל איז איצט א שטאטנע בלעכער, ראָכעלע — דער דיספּע־טשער, און דאָס מיזיניקל שלוימעלע, זאָל לעבן, א סטאזשאָר.

איז שוין, דאכט זיך, גוט? נעמט אָבער ראָכעלע און פארליבט זיך אין בלינדן סאָלדאט מארגוליסן. שײַעך — בלינד... ניט אין דעם גייט עס. מאל־קען הריזעט דער יִכעס זײַנער: אוּוראָם מאַפּס, דעם סאָלדאטס טאטע, וואָס זשיפּעט נאָך ביז הײַנטיקן טאָג אין שטעטל, בא דער בלאָטיקער ריטשקע, איז ער איר דען א מעכוטן, דער סטעלמאך?

אף מאָרגן, נאָכדעם ווי מאלקע האָט אזוי פײַן ארויסגעמעשאלייעכט מאסליאָנקינען, איז זי העט־פּרי אראָפּ א צעקאָכטע פונעם בעט און מיטן הארצן דערפילט ארום זיך עפּעס א נײַ אָנשיקעניש: מאָטל איז שוין געווען אין סאָד און ארום אים האָט זיך שוין ארומגעדרייט ראָכעלע. עפּעס צו פרי איז דאָס טײַבעלע ארויס פון דער נעסט. מיט אן איבערגעבונדענעם האלדז, א קראנקע, האָט זי ניט אומזיסט פונעם בעט זיך ארויסגעגאנוועט.

מאלקע צעעפנט דאָס פענצטער, און אין שטוב ווערט מעכײַעדיק

פריש, ווי גלײַך א ראָשטשינע וואָלט אופגעגאנגען אין קיך, אזוי שמעקנ־דיק פארגייט אין דער נאָז מיט רייכעס פון פרוכטן און פון גראָזן.

מאָטל האָט הײַנט אין זינען אָפּצורייניקן א פּאָר פארטריקנטע עפּלביי־מער, שרײַט ער אין פענצטער ארײַן, מאלקע זאָל אים ארויסטראָגן די האק. און ביזוואנען מאלקע וואָזגעט זיך אין פאָדערהויז, רעדט ראָכעלע ארויס פארן פאָטער איר שווער הארץ.

— טאטע, איך האָב באקומען א בריוול...

מאָטל ווייסט שוין, פון וועמען זײַן טאָכטער באקומט בריוולעך:

— נו, נו, לייען, טעכטערל, די פּאָטשט דײַנע.

אויסגעהערט ביזן סאָף, לייגט מאָטל אוועק דעם זאסטופּ און זעצט זיך צו אף א פּניאָק.

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, טאָכטער... איך קיין יִכעס זוך ניט. מייַנסט עפּשער, אז מיר שטאמען פון עפּעס שענערס, ווי דער מאָפּס? די מאמע איז א ייִדענע, זוכט זי פון א געפּייגערט פערד פידקאָוועס... און איך קען אים, דעם סאָלדאט: א יִיכעס פון א פּראָנטאָוויק און פון א גוטן שאָפער אין גאראזש...

מאָטל האָט ניט באמערקט, ווי מאלקע איז שטיל צוגעגאנגען מיט דער האק אין דער האנט, פון פארדראָס א פארפאליעטע, ווי זי וואָלט ערשט פון באָד ארויס:

— באהאלט איר, הייסט עס, אויס פון א מאמע אזעלכע בריוועלעך? דו זעסט אָט אָ־די שארפע האק, מאָטל? — מאלקע האָט זיך אינגאנצן געביטן אין פּאָנעם. — איך וועל זיך ניט פוילן מײַן אייגן קינד איבערהאקן הענט און פיס, זי זאָל זיך ניט דערוועגן איבערשרײַבן מיטן מאָפּס!..

— גיב אהער די האק, מאלקע...

ראָכעלע איז פּלוצעם ארוף אף דער מוטערס האלדז מיט א פארצויגע־נעם כליפּע:

— מאמע, מאמעניו...

מאלקע צעכליפּעט זיך נאָך שטארקער:

— ניט דו ביסט שולדיק, טאָכטערוניו... דער טאטע דײַנער מיט זײַנע געגנגעלעך, ער וועט דיך פונעם וועג אראָפּפירן...

אומגעריכט צעשאָקלט זיך דער בוים, אונטער וועלכן זיי שטייען, און צוזאמען מיט צײַטיקע עפּל טוט זיך א וואלגער אראָפּ שלוימע.

מאלקע הערט גלײַך אוף כליפּען, און, פּונקט ווי זי וואָלט דאָ אין סאָד נאָכאמאָל מיט שלוימען געגאנגען צו קינד, הייבט זי אוף א געשריי.

נאָר דער מיזיניק לאָזט זי לאנג ניט גוואלדעווען. ער שטעלט זיך אוועק פאראקשנט קעגן טאטע־מאמע און גיט א שנאָרך מיט זײַן גראָבער ניאָניע:

— וואָס שטופט איר אײַער אלטן יִכעס!.. לאָזט אונדז דעכען!.. מירן שוין אליין אונדזער שטעטל באשטיין...

מאלקע באקוקט פון קאָפּ ביז פיס דעם בענאָק אירן, ווישט דערנאָך אויס מיטן פארטעך די פארוויינטע אויגן און מיט א געפאלן קאָל זאָגט זי צו מאָטלען:

— נא דיר די האק דײַנע, נא!

# א מיידל בלײַבט א מיידל

נאָך איידער מארינע איז געוואָרן א סטאזשאָר בא באלאנדינען, איז שאָפערײַ שוין געווען איר גוט אײַנגעבאקן אין דער נעשאָמע. ניט אומזיסט איז זי דאָך פּאכאָמאָווס אייניקל!

א ווערטעלע אויסצוריידן — קוזמא ווארלאמאָוויטש פּאכאָמאָוו! „פּראווא״ האָט ער נאָך אין דער מאָסקווער דומע באקומען. דעמלט איז א שאָפער געווען „קום קאָראָליו, בראט מיניסטרו״[1]. פּאכאָמאָוו האָט דעמלט „געפידלט״ אפן לויזן „ראָלס־ראָיס״, און געפירט האָט ער די שענסטע לײַט פון דער שטאָט.

פון זיצן לאנגע יאָרן באם רודער איז שוין באם אלטן דער האלדז־און־נאקן אוועק א ביסל אין א זײַט. פון אונטערן צעכראסטעטן ברעזענטענעם רעקל — פּאכאָמאָוו האָט אף דער עלטער אָנגעפרעגדעט אף זיך א מאלבעש פון א פּײַערלעשער — סטארטשעט בא אים ארויס דער רעכטער אקסל, ווי בא א פערד די קלובעס.

נאָר געבראָכן האָט אים ניט אזוי דאָס שאָפערײַ, ווי די שווערע ניסיוינעס, וואָס זײַנען אים אויסגעפאלן אין לעבן. ווי אן אלטער גרוזאָוויק[2] פארלירט צוביסלעך זײַנע צעשרויפטע אייוורים — פריער א צאפּפע, דערנאָך אן אקס, א ראָד און נאָך א ראָד, — אזוי האָט אויך פּאכאָמאָוו איינס נאָכן אנדערן פארלאָרן זײַן ווײַב מיט זײַנע קינדער, און געבליבן איז אים איין אייניקל — מארינע. דער גרוזאָוויק האָט שוין אלע אייוורים פארלאָרן, נאָר זײַן אײַנגעשפּארטער מאָטאָר הודיעט נאָך און קרעכצט, ווי ער וואָלט א גרויסע מאסע געשלעפּט. אזוי אויך קוזמא ווארלאמיטש: אף זײַן געקנייטשט פּאָנעם ליגן שווארצע סימאָנים פון אויסגעבראָטענער הויט, נאָר פון אונטער די ברילן קוקן ארויס ליכטיקע אויגן. עס פילט זיך אין אים דער אמאָליקער קויעך פון א דורכגעספּירטעוועטן שאָפער, וואָס האָט געליטן פון פרעסט און זאווערוכעס, פון רעגנס און שנייען, פון נעפּלען און פינצטערע נעכט און האָט פון אָט די אלע פּוראָניעסן ארויסגעטראָגן געזונטע לונגען און פעסטע, כאָטש א ביסל אויסגעדרייטע, פּלייצעס.

יעדער אלטער שאָפער האָט אין דער היים זײַנס א פארמעגן, עפּעס אן אנטיקל: איינער האָט צונויפגעשטוקעוועט א מאָטאָציקל פון זײַן אייגענער מארקע, א צווייטער שטעלט צו א כיטרע מאָטאָרל צו א וועלאָסיפּעד. קוזמא ווארלאמאָוויטש פּאכאָמאָוו האָט אויך זײַן אנטיקל — א מאָטאָציקל, וואָס אמאָל איז ער געווען א „צונדאפּ״, נאָר מיט דער צײַט האָט דער באלעבאָס אין אים אלע יאָצרעס פארביטן, האָט ער א פּאָנעם פון אן אלטער כאָליעווע מיט א סאך נײַע לאטעס. אָט אף דעם דאָזיקן „צונדאפּ״ פלעגט פּאכאָמאָוו אוועקזעצן מארינען און א פּאָר טאָן טאקע צו אָט דעם דאָזיקן וועלדל, וווהין זי איז איצט צום ערשטן מאָל מיט באלאנדינען אראָפּגעקו־

[1] דעם קיניגס א קאָרעוו, דעם מיניסטערס א ברודער; [2] א לאסט־אווטאָמאָביל.

מען. דאָ פלעגט ער איבערשטעלן די פעדאלן, דאָס אייניקל זאָל מיט אירע קורצע פיסלעך צו זיי קאָנען דערלאַנגען:

— דעריקער, מארינקע, לערן זיך אוועקזעצן. דערנאָך קויפן מיר א רויטינקן מאָטאָציקל, אַן „איזשעק", איז ער צו דײַנע פיסלעך ווי אָנגעמאָסטן.

זי איז דעמלט קוים אכצן יאָר אלט געווען, מארינע, נאָר דער נאטשאלניק פונעם גאראזש מאלינין האָט זיך שוין פארקוקט, ווען דאָס פייגעלע — די „סיניטשקע"[1], ווי דער זיידע האָט זי גערופן, פלעגט דורכפליִען פארבײַ דעם גאראזש און שפילעוודיק איבערשרײַען דאָס הודיען פונעם „צונדאפּ":

— זיידעניו, האלט זיך פעסטער פאר מײַנע אקסל!

מאלינין מאכט א פּאָנעם פון א פּארשוין, וואָס ווארט שוין לאנג, מע זאָל אים אונטערפירן, הייבט אויף די האנט, נאָר דער מאָטאָציקל טוט א מאָדנע רעווע און פארטשאדעט אים מיט א קנויל שווארצן רויך:

— פּריוועט, פּעכאָטאָ![2] — שרײַט פריילעך אויס דאָס בלויערל.

אזוי גייען זיך די טעג מיט די וואָכן, ביזוואנען קוזמא ווארלאמאָוויטשן פאלט ניט אײַן אין קאָפּ א געדאנק אײַנמאָסטען מארינען לעבן זיך אין גאראזש, זי זאָל זיך צוביסלעך צוגעווינען צו דער מעלאָכע שאָפערײַ. פריִער זאָל עס זײַן א גרינגע ארבעט, ווי פאר א מיידל פּאסט, דערנאָך וועט אויך דאָס „בייגעלע" פאר איר שווער ניט זײַן.

ער האָט יאקאָס אײַנגערעדט דאָס אייניקל, איז זי געוואָרן סעקרעטאר באם דירעקטאָר פון דער אווטאָבאזע.

מאלינין, דארף ער נאָר ארײַן אין קאבינעט פון זײַן שעף און דורכגיין דאָס צימערל פונעם סעקרעטאר, נעמט עס אים אָפּ דאָס לאָשן. ווּהין איז אהינגעקומען זײַן געוויינלעכער האָנאָר? ערשט איז ער, אָסיפּ סערגייעוויטש, ארומגעגאנגען מײַסע־באלעבאָס איבערן גאראזש, אף וועמען געשריגן, מיט וועמען זיך דורכגעווערטלט, און דאָ שטייט ער אָן ווערטער אנטקעגן דעם מיידל, און דער גאנצער געדאנק דינט אים נאָר דערוף, ער זאָל אין קאָפּ אונטערעכענען מארינעס און זײַנע אייגענע יאָרן: „מיילע, בין איך אף א יאָר צען עלטער פון איר, נאָר וואָס פאר א מאמאָשעס האָט עס?"

ווען ער גייט צוריק ארויס פונעם דירעקטאָר, פילט זיך שוין, אז דאָרטן האָט ער עפּעס פאר זיך זייער וויכטיקס געפּויעלט.

— פּאכאָמאָווא, — רעדט ער אויס קימאַט טרוקן, — דער „באטיא"[3] האָט באפוילן, דו זאָלסט מיר הײַנט סאָף טאָג א פּאָר בלאנקען אף דער מאשינקע איבערדרוקן...

מארינע ווייסט, אז שאָפערן גייען פאר מאלינינען אף די שפּיץ פינגער, נאָר זי מאכט זיך פון דעם א קליינעם צימעס.

— מע צאָלט מיר דען דערפאר, וואָס כ׳בין א מאשיניסטקע? איך בין נאָר א סעקרעטאר.

---

[1] בלויערל; [2] א גרוס, פוסגייער; [3] פאָטער. דאָ: דער שעף

מאלינינס אָנגעפּרעסן פּאָנעם צעשמעלצט זיך פון א געמאכט כאניפעלע:

— מאלינין קומט ניט אָפּ מיט קיין שאָקאָלאדקעלע. היינט, זאָגט מען, האָט דער אקטיוו פונעם גאראזש א באנקעטל אין „פילטער" — דער באַטיא פאָרט אוועק אף קורסן... גייען מיר מיט דיר אהין?..

מאלינין זיצט בא איר רעכטער האנט, מעקט עפּעס מיטן רויטן בלייערל אף די בלאנקען און קוקט ביגנייווע, ווי מארינע קלאפּט אויס אף דער מאשינקע אָס נאָך אָס, וואָרט נאָך וואָרט. פּאַרזיכטיק שטעלט ער זיך אוועק הינטער אירע פּלייצעס און נעמט זי אָן פאר די מיידלשע פעסטע עלנבויגנס.

— גייען מיר, הייסט עס, אין „פילטער", סיניטשקע?

זי דרייט זיך פלינק ארויס פון זיינע הענט און ענטפערט א ביסל אן איבערגעראשטע:

— איך וועל פרעגן דעם זיידן, כאָטש איך ווייס שוין פריער...

א מיידל בלייבט אָבער א מיידל... מארינע האָט גאָרנישט ניט געפרעגט בא דעם זיידן... מאלינין האָט עס מיט זיין פארשארפטן כוש גלייך דערפילט: „זי וועט ניט פרעגן, זי וועט גיין..." — איז ער געוואָרן שטארק בא זיך און מיט פרייד ארײַן אף א רעגע צו זיך אין דער באָכערשער קווארטיר זיינער זיך איבערטאָן. צוריק אין גאראזש האָט ער זיך אומגעקערט שוין אן אויסגעפּוצטער, א פראנט.

שאָפערן דארף מען ניט פּיקן די צונג: וויבאלד מאלינין איז פארפּוצט אין זיין אָנצוג פון ענגלישן באָסטאָן, וועט ער היינט מיסטאמע זיין אין „פילטער" מיט א מיידל.

אין רעסטאָראן איז ארום צוויי־דריי טישלעך געזעסן דער „אקטיוו". איין גאָט ווייסט, פאר וואָס מאלינין האָט מיט אזא נאָמען געקרוינט די שיקורים, וואָס זיצן דאָ. דער דירעקטאָר איז דאָ, פארשטייט זיך, ניט געווען, נאָר כעוורע שאָפערן האָט געטרונקען פאר זיין אָפּפאָרן אף די קורסן. פאר עפּעס מוז מען דאָך טרינקען.

מאלינין האָט אוועקגעזעצט דאָס מיידל ווייטלעך פונעם „אקטיוו" און אליין זיך צעגרילצט מיט זיין פארגרעבט קאָל, דער אוילעם זאָל וויסן, מיט וועמען מע האָט צו טאָן:

— צוויי עסקאלאָפּן פון כאזער־פלייש!

באם אלטן קעלנער ציטערן די קניִעס:

— בריזאָל פון הינערשער פילע, מער איז גאָר ניטאָ...

מאלינינען גייט עס גאָר ניט אָן:

— שעף! — שרייט ער גלייך אין קיך ארײַן.

די רעגע קוקט פון דאָרט ארויס א גלאנציק־פארשוויצטע צורע, שמייכלט פון פענצטערל, ווי א מאלפּע.

— זיסע מייכאָלים פאר מארינען... — ווינקט זיך מיט דער צורע איבער מאלינין. — עפּל־סאמבוק... סופלע פון שאָקאָלאד...

— א פּאָרציע מאָראָזשענע, — בעט מארינע.

מאלינין מעסט זי אָפּ מיט זײַנע פּײַכטע אייגעלעך, ווי איינער רעדט: א שיינע באַרישניע! און הייסט איר דערלאנגען א שאַרלאָטקע פון עפּל און א האלבן טוץ פּיראָזשנעס.

בא א געלעגנהײַט גיט ער איר א זאָג:

— סיניטשקע, פון מאָרגן אָן פאַרבײַט איך דעם דירעקטאָר. פאַר־שטייסט, וואָס דאָס הייסט, — דירעקטאָר פון דער גאַנצער באזע...

אינעם וועלדל, ווו מארינע זיצט מיט באלאנדינען אין הויכן שמעקנ־דיקן גראָז, וואָלט עפּשער אוואדע שטיל און מעכײַעדיק געווען מארינען אָף דער נעשאָמע, נאָר באלאנדין האָט איר דערמאָנט מאלינינס נאָמען און מיט אן אײַנגעהאלטענעם ווייטעק א פרעג געטאָן: „וואָס פארא געשעפטן האָסטו מיט אים?.. אבי איך האָב געמיינט, אז דו האָסט שוין געמאכט א סאָף...” קאלט און אומעטיק איז איר אין דער מינוט געוואָרן אָף דער נע־שאָמע... זי כאפּט זיך ניט אזוי גרינג עפּענען פאר סאשען איר צעבראָכן הארץ. ניין, ניט די געשיכטע מיט די בלאנקען, מיטן רעסטאָראן קלײַבט זי זיך דערציילן. וועגן דעם ווייסט ער שוין לאנג, באלאנדין. דער גאַנצער גאראזש ווייסט אויך, וויפל טרערן זי האָט פארגאָסן איבער מאלינינען. א קנאַפּ יאָר איז זי געווען מאלינינס ווײַב, נאָר זי טראָגט איצט אין זיך אזויפיל ווייטעק, גלײַך א בייזער הונט וואָלט איר דאָס לײַב צעביסן.

זי פארמאכט די אויגן און דערזעט מאלינינען מיט עפּעס א פרעמד מיידל אָף א באנק אין סעדל... שאָקלט זי זיך אָפּ פון אָט דער שווארצער דער־מאָנונג, נאָר גלײַך גיט פאר איר א שווינדל מאלינינס רויט פּאָנעם, אן איבערגעקרימטס פון רעציכע און סע שרײַט און סע שרײַט ארויס שיקערע מיִעסע זידלווערטער... נאָר אָט גיט דאָס פּאָנעם זײַנס א באַווײַז זיך פאר איר מיט פריקרע זיסקײַט אין די גנייוווישע אייגעלעך: ער האָט זי ליב, ער וועט פאר איר אלץ טאָן, פאר זײַן סיניטשקע... אָט, לעמאָשל, טראכט ער גיין זיך לערנען אין אָוונט־אינסטיטוט, סע זאָל אים אפילע קאָסטן דאָס לעבן. נאָר מארינע ווייסט דען ניט, אז אזא מענטש, ווי מאלינין, וועט זיך קיינמאָל ניט נעמען פארן ביכל, ער וועט ווי־עס־איז מיט פארשטעל־טע געננג ערגעץ דערביווען פאר זיך א דיפּלאָם... זי צעשמייכלט זיך אפילע, ווען עס קומט איר אפן געדאנק, מיט וואָס פאר שיינע דריידעלעך ער שרײַבט זיך אונטער, ניט וויסנדיק, וואָס אין פּאפּירל שטייט געשריבן. האָבן אים דען שאָפערן אנומלטן ניט אָפּגעטאָן אזא שפּיצל, אז דער גאַנצער גא־ראזש האָט געקלונגען? מע האָט אים דערלאנגט שווארץ אָף ווײַס אָנגעשריבן: „איך בעט מיך באפרײַען פון דער ארבעט, ווײַל איך שנאָרע בא די טישלעך אין „פילטער”, ווו שאָפערן זשליאָקען בראַנפן. איך, מאלינין אָסיפּ סערגייעוויטש, בעט אוואזשען מײַן ביטע”. האָט ער עס דען ניט אונטערגעשריבן, דאָס פּאפּירל?

— וואָס האָסטו זיך צעלאכט, מארינע? — פרעגט אומרויִק באלאנדין. — פון מיר לאכסטו, הא?

— ניט פון דיר, סאשע, — פון זיך אליין לאך איך: וואָס האָט עס מיך פארטראָגן צו אָט דעם מאלינינען?..

זי האָט אים טאַקע ניט געענטפערט, וואָס פאַרא געשעפטן האָט זי איצט מיט מאַלינינען, נאָר דערפילט האָט ער, באַלאַנדין, אַז נאָך טײַערער ווערט אים דאָס מיידל און נאָך שווערער דער האַס צום נעפּעש, וואָס האָט אָקאָרשט זיי נאָכגעשפּירט.

קאַפּיטל פינף

## באַם סטערטעלע היי

ראָכעלע איז אַרויס פון סאָד קימאַט שוין אַ קאַלע: כאָטש באַ דער מאַמען אירער איז נאָך דאָס האַרץ ניט ווייכער געוואָרן, נאָר פון דער געפאַלנקייט אליין, מיט וועלכער זי האָט אַ זאָג געטאָן צו מאָטלען: „נאַ דיר די האַק דײַנע", — איז ראָכלען וואַרעמער געוואָרן אויף דער נשאָמע.

שוין אָן באַהעלטערלעך, אָפן, ווי אַ פייגעלע, וואָס האָט שוין פליגעלעך און ווייסט אליין דעם וועג צו דער נעסט, איז ראָכעלע אַרויסגעגאַנגען פון דער פּירטקע און זיך געלאָזט אין דער פרימאָרגן־קילקייט אַראָפּ־גאַס צו די גערטענער, צום לאָנקעלע, וווּ איין־אליין, ווי גלײַך אַ פאַרגעסענער קאָשעק, ליגט אַ סטערטעלע היי.

פרידלס בריוועלע האָט זי אַהינצו געפירט. אַזוי האָט ער איר טאַקע געשריבן, דער באָכער: ווען ער זאָל קאָנען, וואָלט ער זי פרי באַגינען אַרויסגעגאַנוועט און זי אַוועקגעטראָגן אויף דער לאָנקע. נאָר ער ווייסט דאָך, אַז פון אונטער דער מאַמעס פּאָדעלעק זי אַרויסשלעפּן איז ניט פון די גרינגע זאַכן, וועט ער פּאַשעט אַזוי זיך דורכגיין צו דעם אָרט, זיך צולייגן אין פרישן היי, ניט ווײַט פון איר שטוב, פון איר נאַסידקעלע.

ער דרייט זיך אויפן קאָרעק, דער טײַערער באָכער, נאָר ראָכעלע האָט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס בריוועלע מיינט... שטיל, אויף די שפּיץ פינגער, מיט אַ קינדעריש־פאַרטײַעטן אָטעם גאַנוועט זי זיך אונטער צום סטערטעלע און פאַרשטעלט פּלוצעם פרידלען די אויגן מיט אירע צוויי מיידלשע וואַרעמע דלאָניעס.

שפּילנדיק זיך קינדעווײַז, האָט זי ניט איין מאָל פאַרמאַכט מיט אירע הענט ייִנגלשע אויגן. נאָר דאָס מאָל האָט איר אַ נאָג געטאָן באַ דער נעשאָמע: זי האָט מאַמעש מיט די אייגענע דלאָניעס דערפילט, אַז איין אויג באַ פרידלען איז אויסגערונען...

גלײַך ווערט איר אויפן געמיט לײַכטער, ווי זי וואָלט אָט ערשט איבערגעשווומען אַ ברייטן טײַך. אַזויפיל נעכט איז זי ניט געשלאָפן איבער דעם שווערן געפיל, אַז אַ בלינד אויג באַ אַ מענטשן איז עפּעס באַזונדערס אָפּגעפרעמדט, אפילו מיט פּאַכעד פאַרצויגן. און איצט איז איר גרינגער אַרײַנקוקן אים, פרידלען, גלײַך אין די אויגן אַרײַן...

זיצט מען אַזוי אָנגעשפּאַרט אין סטערטעלע היי, ווי צוויי קינדער, און מע דערציילט איינער דעם צווייטן, וואָס פאַר דער צײַט, זינט זיי האָבן זיך ניט געזען, איז באַביידן פאָרגעקומען. דערנאָך שושקעט מען זיך נאָך לאַנג. עס וועבט זיך אַ דערמאָנונג פון אַ יאָר פינף צי זעקס צוריק, ווען

פרידל איז נאָך א שאָפער געווען אין שטעטל, און זי, ראָכעלע, א יונג איי־פעלע, שוין ניט קיין קינד, אָבער נאָך אויך קיין קאַלע־מויד ניט.

...נאָך פאַר דער מילכאָמע איז דאָס געווען, אין קליינעם שטעטעלע, ווו פרידל האָט געלעבט בא זיַין טאַטן, אווראָם מאָפּס, און ווּהין ראָכעלע האָט זיך אנומלטן אראָפּגעכאַפּט צוגאַסט פון דעם אופגעקומענעם ראַיאָן־צענטער.

פרידל האָט געדרייט דאָס „בייגעלע" אין דער אָרטיקער עמטעעס. גע־דענקט ער, ווי ס'האָט אים געצויגן דורכפאָרן מיטן „גאַזיק" גראָד פאַר־ביַי דעם אלקער־פענצטער פון זיַין טאַטנס שטוב, קעדיי באַוויַיזן די מאַשין, און זיך, און די סכוירע, וואָס אין קוזאָוו.

דער „גאַזיק" מאַכט אזעלכע בייזע געשרייען, כאָטש פאַרשטופּ אים דאָס מויל מיט קלאָטשעס. צוויי געצייטלטע טריט אנטקעגן אלקער־פענצטער איז זי פאַרהריזנעט געוואָרן, די מאַשין, רעוועט ווי א קאַלב, וויל בעשום־אויפן ניט ארויסקריכן פון דער גרוב וואַסער. איבערגעברענטע רעזינע טשאַדעט, שלאָגט אין דער נאָז אריַין. „טשעפּע אונדז מער ניט, מאַרגוליס, מיר ברע־נען פון דיַין בוקסאָוווקעס!" — בעטן זיך ראַכמים די הינטערשטע שינעס...

בא דער זיַיט שטייט א שוואַרצכיינעוודיק מיידעלע פון א יאָר פופצן — ראָכעלע סמיקון, די אראָפּגעקומענע צוגאַסט פונעם ראַיאָנע צענטער, — זי שטייט און קוקט מיט פאַרדראָס אף דער פריטשמעליעטער מאַשין. פונקט דעמלט, ווען איר ווילט זיך אזוי זיצן באַנאַנד מיטן שאָפער, זיך דורכפאָרן איבער די ארומיקע פעלדער, שטעלט זיך אָפּ די קליאַטשע, כאָטש לייג איר אונטער הייסע קוילן.

— קינד מיַינס, — לויפט אווראָם מאָפּס צו צום פענצטערל פון דער קאַבינע, — מוטשע זיך ניט אומזיסט... עפּשער ברענגען א פּאָר באַלקעס צי שפּענער?

צוריק מיט יאָרן האָט אמאָל דער טאַטע דערלאַנגט פרידלען מיט א שטיק האָלץ איבער די קריזשעס פאַר קינדערשע שפּיצלעך, איצט אָבער ליגט בא פרידלען אין קעשענע א שליסל פון א מאַשין. קוקט אווראָם מיט אָפּשיַי אפן זונס פאַרדיַיגעט פּאָנעם, אפן אויסגעניאַרעטן טוזשורקעלע זיַי־נעם און פאַריינווועגס אויך אפן „גאַזיק", וואָס ליגט אזוי מיִעס־פּאַסקודנע אף א זיַיט:

— ביסט געוווינט צו די מאַנעווערעס, זון מיַינער...

און בא זיך אין הארצן טראַכט ער זיך: שכיינים עפענען די לאָדן, מע טוט א קוק אף דער מאַשין, ווי זי זיצט ביזן גאַרטל אין בלאָטע, וועט מען כויזעק מאַכן פונעם מאָפּס:

„א פיַינער באַלמעלאָכע, דער קאַדיש דיַינער... וואָלסט אים שוין בעסער פאַר א סטעלמאַך געמאַכט... א מעכאַניקער זיַין איז אָן איידל שטיקל אר־בעט, רעב אווראָם... א קאָפּ פון א מיניסטער דאַרף מען האָבן, ניט קיין לאָקשנטאָפּ..."

און בעשאַס פרידל טיַינעט זיך פריילעך אויס מיט ראָכעלען, באַפאַלט דעם טאַטן זיַינעם א בעהאָלע פאַרן ביזאָיען, וואָס דאָס שטעטל וועט אים באַלד אָנטאָן. לויפט ער אוועק צו יאַנקל „טאַראַראַם", דעם אָרטיקן באַלע־גאָלע, בעטן די צוויי גניאַדע אף צו העלפן ארויסשלעפן דעם פייגער.

ניט אזוי גרינג פויעלט מען באם „טאראראם”, ער זאָל ארויספירן די פערד פון שטאַל:

— זיי האָבן געגוג טראַקטאָרס אין עמטעעס, מאך ניט אזא קרום פּאָנעם, מאַפּס.

הייבט מען זיך אָן דינגען:

— וויפל, אשטייגער, קלערסטו מיר באצאָלן פארן שטיקל ארבעט?

— מירן יאַקאָס אויסקומען.

— אויסשאַליעווען דעם שליטן?

— אויסשאַליעווען דעם שליטן...

— א קופּילע אריַינשטעלן?

— אפילע אלע פיר, אבי שלעפּ אים ארויס, דעם שלאַק...

גייט דער „טאראראם” צו דעם פענצטער און דערזעט: ראָכעלע זיצט אין קאבינע און קוועטשט מיטן פוס אפּן גאז, און פרידל מיט א רעציכעדיק פּאָנעם שטייט אין דער בלאָטע און דרייט דאָס הענטל אָף צו פאַרפירן די מאשין. פלוצעם הייבט דער „גאזיק” אָן זיך מאָרדעווען, וואַרפט זיך פרידל אריַין אין קאבינע, קוועטשט מיט דער שטיוואַליע אָף ראָכעלעס פּיצל פּי־סעלע און הייבט אָן קערעווען דעם רודער. דאָס מיידל פליט ארויס פון דער קאבינע א דערשראָקענע... נאָר דאָס וויַיזט זיך נאָר אויס דעם „טאַ־ראראם”, וויַיל גליַיך זעט ער, ווי זי טוט א וואָרף א פאָר ברעטלעך אונטער די רעדער, און דער „גאזיק” טוט זיך עטלעכע הוידע: פאָרויס, צוריק, פאָ־רויס, צוריק... ארויספאָרנדיק פון דער גרוב, פארשפּריצט פרידל מיט בלאָ־טע ראָכעלעס קליידל און פארפאָראָשעט איר אָן אויג...

צעלאכט זיך באם פענצטער דער „טאראראם”:

— פארפאלן מיַין שליטן, מאַפּס... דיַין טאכשיט איז שוין אָף א דערעך.

מיט א באזונדער פארגעניגן טוט פרידל א פאָר צום אלקער־פענצטער, צו די צוויי ווערבעלעך, שטעלט אָפּ דעם „גאזיק” און לויפט צו צו ראָ־כעלען:

— וואָס איז דיר מיטן אויג?

פרידל האָט דעמלט קוים מיט בויכווייטעק געפּאקט דאָס שטיקעלע קויל. דאָס אויג האָט געשניטן, און זי, ראָכעלע, האָט אזוי געוויינט, אז ס'איז שווער געווען צו פארשטיין, צי דער ווייטעק וויינט אין איר, צי דאָס ערשטע אופגעוואכטע מיידלשע געפיל...

זיי וואָלטן לאנג אזוי געזעסן באם סטערטעלע היי, פרידל מיט ראָכע־לען, און ווי צוויי קינדער דערציילט איינס דעם צווייטן דאָס, וואָס ביידע געדענקען זייער גוט און וואָס איז דאָך פריש און שטענדיק ניַי פאר זיי... ראָכל וואָלט נאָך א זאָג געטאָן, מייַנענדיק פרידלס אויסגערונען אויג, וואָס איז שוין איצט איר ניט אָפּגעפרעמדט, נאָר עפּעס באזונדערס אייגן: „זאָל זיַין א פארפאָראָשעט אויג צי אפילע אינגאנצן אָן אויסגעשלאָגנס, — אבי דער קאָפּ איז גאנץ און דאָס הארץ איז א הארץ...”

זי האָט עס שוין געוואָלט זאָגן, נאָר אין דער פארטאָגיקער שטילקייַט דערגייט אהער דער מאמעס קאָל:

— ראָ־אָ־כ־ל־ל!..

דאָס מיידל לויפט אהיים איבער דער שלאָפנדיקער גאַס, א גליקלעכע, מיט א צעלאָזט שאלכל און פאלט גלײַך דער מאמען אױף דער ברוסט:
— איך האָב אים פאָרט ליב, דעם סאָלדאט, מאמעניו.
נו, גוט, האָט זי אים ליב, פארוואָס זשע איז אן אייגענע מאמע ניט זויכע צו זען אים, דעם באשערטן?.. אז ער איז מיט א מום, — דאָס ווייסט זי, מאלקע, נאָר, כאסוועכאָלילע, וואָס אין לעבן מאכט זיך, עפשער איז גאָר דער כיסאָרן אין דער נעשאָמע זײַנער...
— מאמע, טײַערע, ווייסט גאָר ניט, וואָס פאר א באָכער דאָס איז. איך האָב אים נאָך פון שטעטל ליב...
איז געבליבן, אז מאלקע וועט מיטן באָכער אליין זיך דורכריידן...

קאַפּיטל זעקס

# רוסלאַן איז אפן פערד

יאָרנלאנג, זינט מאלינין דרייט זיך ארום אין גאראזש, איז דער קאָפּ אים פארנומען מיט איין געדאנק: ווערן דירעקטאָר.
אָפּגעדעזשורעט די נאכט, פלעגט אָסיפּ סערגייעוויטש ליב האָבן קלאל אזוי זיצן א פּאָר שאָ באם דירעקטאָר אין קאבינעט. „ליאסי טאָטשיט"[1], — האָבן שאָפערן געטײַטשט מאלינינס וויזיט.
אצינד, אז אָסיפּ סערגייעוויטש איז, גאָט צו דאנקען, טאקע געוואָרן דירעקטאָר, שמועסט מען וועגן אים אנדערע דיבורים:
— דערזשיס, רעביאטא, רוסלאַן איז אפן פערד![2]
בעטעווע איז מאלינין גאָר ניט קיין שלעכטער מענטש. אויב א שאָפער האָט, לעמאָשל, א דראפּע געטאָן די מאשין, לויפט אָסיפּ סערגייעוויטש ארום איבערן גאראזש, זוכט א ביסל פארב, שמירט אליין מיטן בערשטעלע. פארנאכט פּוצט ער זיך אויס אין ווײַסן ראָק מיטן מאָדנעם קאפּעליושל, פאלט ארײַן אין „פילטער" מיט אזא פארשמאכט פּאָנעם, גלײַך ער וואָלט שוין א גאנץ יאָר אין מויל קיין טראָפּן ניט גענומען. דערבײַ עסט ער דעם אָנבײַסן ניט אנדערש, ווי אין דזעט־זאל, און פארבײַסט מיט א קאָמפּאָטל פון געטריקנטע עפּל.
אז שאָפערן זאָגן א ווערטל „רוסלאַן איז אפן פערד", ווייסן זיי מיסטאמע, וואָס זיי זאָגן. וועהאָרײַע, מאלינין איז נאָר געוואָרן דירעקטאָר, האָט ער גלײַך אָנגעהויבן אײַנפירן נײַע פּאָראָנדקעס. דער ערשטער באפעל זײַנער איז געווען — אראָפּנעמען דעם אלטן פּאכאָמאָוון פון דער ארבעט, ער טאָר קיין פײַערלעשער ניט זײַן.
נו, איז וואָס, אז ער איז אלט, מארינעס זיידע, טאָר ער ניט לויפן אלע פרימאָרגן מיט דער מאסקע אף מאנעווערס? נאָך א מין לויפן!
זאָגט אים אָבער מאלינין:

---
[1] פלאפלען, שארפן די צינגער; [2] האלט זיך, כעווריע, רוסלאַן (א לעגענדאריישער גיבער) איז אפן פערד.

— געגוג אין גאראזש מאַזאַליען די אויגן, רו זיך שוין אָפּ, אף פּענסיע גיי, פּאכאָמאָוו!

געגאנגען איז ער, דער אלטער שאָפער, צענדליקער יאָרן מיט אן אויסגעטראָטענעם וועג אין גאראזש אריין. איצט גייט ער אויך — ניט קליאַנטשען און ניט בעטלען, נאָר טאקע אונטערשטעלן זײַן אויסגעבויגענע פּלייצע אונטער דער שווערער לאסט, וואָס הונדערט צוואנציק מאשינעס פונעם גאראזש צעפירן טאָג און נאכט איבער די גאסן פון דער אויסגעוואקסענער שטאָט. רעכנט ער זיך נאָך פּאר א מענטשן — גיט מען אים אָפּ א גוט־מאָרגן...

קוזמא ווארלאמאָוויטש כאפּט א קוק אף מאלינינען דורך די ברילן, און יענער פארשעמט זיך אף א רעגע, ווײַל ער קאָן ניט אויסמײַדן דעם אלטנס פּאָנעם מיט די קנייטשן, די שווארצע סימאָנים פון אויסגעבראָטענע הויטן. נאָר ס׳איז דאָך מאלינין, כאזוערט ער מיט קאס איבער:

— אף פּענסיע! געגוג די אויגן מאַזאַליען! וועסט מאָרגן באקומען דעם באפעל!

פּאכאָמאָוו לאָזט ניט אראָפּ פון מאלינינען די אויגן:

— דאָ, אף מײַן פּאָסטן, וועל איך שטארבן, אָסיפּ סערגייעוויטש. און די באפעלן דײַנע — שרײַב זיי בעסער ניט...

הייבט זיך אָן א מײַסע מיטן געריכט, מיט שרײַבן אין אויספּירקאָם, אין מיניסטעריום, נאָר מאלינינען אײַנבייגן איז ניט אזוי גרינג, דערצו נאָך, אז דער אלטער קער זיך אים אָן דורך מארינען א שטיקל קאָרעוו.

מארינע טאקע לאָזט אים ניט צורו, מאלינינען.

געוואָרן דירעקטאָר, האָט ער אויסגעקליאנטשעט באם אויספּירקאָם א שפּאָגל־נײַעם „מאָסקוויטש״, פּעלט אים אָבער א פערזענלעכער שאָפער. וועמען זשע נעמען?

„מארינען!״ — פאלט אים אפן געדאנק.

פארטראכט נאָר מאלינין דאָס דאָזיקע שפּיצל, הייבט ער אָן אָנסטראָיען ראָכעלען, מארינעס כאווערטע. טאקע דעם זעלבן אפּדערנאכט זיצט ער שוין אין דיספּעטשערסקע, דרייט זיך ארום די מיידלעך, באטיילט זיי מיט קאָנפעטלעך.

— ראַיסא מאטווייעוונא, וועמען נעמט מען אפן „מאָסקוויטש״?

ראָכעלע שווײַגט. שווער צו זאָגן, ווער פון די שאָפערן קאָן בא זיך פּוי־עלן ארופנעמען אפן אייגענעם האלדז אזא יאָך.

— מע דארף איבעריידן מיט מײַן מארינען, — זאָגט בענעביי מאלינין.

— געוועזן אײַערע, אָסיפּ סערגייעוויטש...

מאלינינען ווערט נימעס די שפּיל, טוט ער א זאָג טרוקן און עפּעס צו דעליקאַט:

— סמיקון, מאָרגן, ווי נאָר פּאכאָמאָווא וועט קומען פון דער ליניע, שיקט זי ארײַן צו מיר.

ניט געזאָגט קיין „זײַ געזונט״, גייט ער ארויס.

יאָוועט זיך נאָר מארינע אין גאראזש, אזוי רינגלען זי ארום די מייד־לעך, באקרעכצן, באויקען זי. מארינע הערט אויס א ביסל צעמישט די שיי־

נע בסורע, און טיף אין הארצן בא איר טוט א צאפל איניינעם מיט מאָרע־
שכוירע אויך א ביסל פרויִשע האנאָע, וואָס ער רופט זי דאפקע ארויס,
ווייל מיט גוטן איר אײַנריידן זײַן מאמזערישן פארטראכט.

דאָ ניט ווײַט פאָרעט זיך מאָטל בא א לאסטמאשין, גלײַכט אויס א צע־
קארדאשעטן פליגל. ער קלאפט מיטן העמערל און רעדט בעשאסמײַסע צו
פאכאָמאָוון, וואָס זיצט אין קאבינע באם אָפענעם טירל, די פיס ארויסגע־
לאָזט אין דרויסן. מאָטל זאָגט, אז מארינע זאָל בעפּירעש יאָ ארײַנגיין
אויסהערן נאטשאלסטווע — בעקאָוועדיק, שטיל, פײַן, מיט קויעך וועט ער
זי דאָך ניט נעמען, מיט א קאנטשיק שלאָגן אוודע ניט.

זיצנדיק אין מאשין, כאפט פאכאָמאָוו א קוק אף אן אָפּגעריסענער ברעט
אין פלויט. פון יענער זײַט טשוכעט זיך א כאזערל, וואָס די באלעבאָסטע,
א שכיינע פונעם גאראזש, האָט מיסטאמע פארגעסן פארטרײַבן אף נאכט־
לעגער. זייער א ציכטיק כאזערל, נאָר עס קוויטשעט, גלײַך מע וואָלט עס
געקוילעט.

פאכאָמאָוו טראכט זיך זײַנס: אָט מאכט זיך א כאזערל — א קײַלעכיק
מאָרדעלע... איז אים, דעם אלטן שאָפער, ליבער קוקן אף דעם דאָווראכער,
איידער מאלינינס צורע אָנקוקן.

אזוי טראכט ער, פאכאָמאָוו, ווײַל פון זײַן קאבינע זעט ער אויך מאלי־
נינען, ווי ער שפּאצירט עס ארום אין שיינעם גארניטער לעבן דער קאָ־
לאָנקע, שטעלט זיך אָפּ, ווארפט בליקן, זוכט עמעצן. ביידע אלטע לײַט,
קוזמא און מאָטל, ווינקען זיך איבער, ס'הייסט: מאלינין זעט אויס ווי א
קאָטער, וואָס איז ארויסגעלאָפן פון שאָכנס בוידעם...

ניט אומזיסט נישטערט מאלינין ארום דער קאָלאָנקע. עס שטייט דאָ
באלאנדינס מאשין. קוקט ער זיך צו, צי עס פּוסט־און־פּאסעוועט ניט דאָ,
לעבן באלאנדינען, פאכאָמאָווא.

נאָר מארינע, א פארמאטערטע, גלײַך פון דער ליניע געקומען, עפנט די
דיקטענע טיר פון דער דיספּעטשערסקע, באגריסט זיך פונדערווײַטן מיטן
זיידן און מיט מאָטלען און לאָזט זיך גיין צו דער קאָלאָנקע. זי בלײַבט
שטיין צווישן ביידע מאנצבלען, צווישן באלאנדינען און מאלינינען, און,
ניט אופהייבנדיק די אויגן, רופט זי זיך אָן צום דירעקטאָר:

— איר האָט מיך ארויסגערופן... די מיידלעך זאָגן, אז איר ווילט מיך
זעצן אפן „מאָסקוויטש"...

מאלינין מאכט זײַן געוויינלעך כאניפעלע:

— געמיינט האָב איך דאָך, מארינע, ס'זאָל זײַן פאר דיר גרינגער...

מארינע פארשפּיליעט דאָס בעקעשל און טוט אף אים א בייזן קוק:

— אפן „מאָסקוויטש" וועל איך זיך ניט זעצן.

פון מארינעס ווערטער גיבן בא באלאנדינען א ציטער די הענט. ער
פארמאכט ראשיק דעם קאפּאָט פון דער מאשין און גייט צו נעענטער צו
מאלינינען. בא אָסיפּ סערגייעוויטשן בײַט זיך די פארב אין פּאָנעם, און ער
טוט א זאָג מיט אײַנגעהאלטענער רעציכע:

— קאפּריזן פיר מיטן זיידן דײַנעם. און איך בין דערווײַל דירעקטאָר,
כאווערטע פאכאָמאָווא!

מארינע גייט אָפּ א פּאָר טריט צו באלאנדינען, ווי זי וואָלט געזוכט בא אים אן אָנשפּאַר. זי גיט א שיט מאלינינען אין פּאָנעם אַרײַן:

— ווילסט זיך אין מיר נויקעם זײַן?..

באלאנדין שטייט מיטן לאָמיק אין איין האנט, און מיט דער צווייטער נעמט ער ארום מארינען פאר דער פּלייצע.

— ביסט א באלן זיך שלאָגן, באלאנדין? — דערזעט מאלינין דעם לאָמיק.

אלעקסאנדער ניקיפאָראָוויטש פארקארבט נאָך שטאַרקער דעם שטיק אײַזן אין האנט:

— אויב מע וועט דארפן, וועלן מיר זיך שלאָגן... ביז בלוט זיך שלאָגן... מארינען גיב איך דיר ניט אָפּ!

בא מאלינינען גיבן בייז א ציטער די ליפּן:

— אין וואלד אַרײַן!..ביידע אין וואלד אַרײַן!

מארינע האָט די לעצטע ווערטער ניט געהערט. א שווערע נאָגעניש איז איר אונטערגעגאנגען אונטערן הארצן. עס האָט א שווינדל געטאָן פאר די אויגן: מאלינינס אָנגעפּרעסן פּאָנעם, דאָס אײַזערנע לאָמיקל, די רויטע קאָלאָנקע און א שטיק אָנגעוואָלקנטער הימל. ביידע מאנצבלען, וואָס שטייען ווי צוויי הענער איינער אנטקעגן אנדערן, דערזעען פּלוצעם, אז מארינע זעצט זיך צו אַף דער ערד.

פּאַכאָמאָוו לויפט ארויס פון דער קאבינע, פארטשעפּעט זיך אין מאָטלס פּוס, שלאָגט ארויס פון זײַנע הענט דאָס העמערל און לאָזט זיך לויפן צו דער קאָלאָנקע.

באלאנדין האָט שוין אופגעהויבן מארינען, און ביזוואנען מאלינין איז א צעטראָגענער אוועק קלינגען אין טעלעפאָן, האָט ער מיט פּאַכאָמאָווס און מאָטלס הילף אַרײַנגעטראָגן זי אין דיספּעטשערסקע.

ראָכעלע גייט ארום מארינען, גיט איר א טרונק וואסער, סוידעט זיך מיט איר א רעגע און זאָגט פּאַכאָמאָוון מיט מיידלשער פארשעמטקײַט:

— זיידעניו, ערגערט זיך ניט. סאשע ווייסט דאָך, אז מארינקע איז טראָגעדיק פון מאלינינען...

— און מאלינין אליין? ער ווייסט?

— מאלינין! — שרײַט אויס ראָכעלע. — א מאקע אים אין די געדערים, זיידעניו! און ווען ער ווייסט, וואָלט עס אים דען אָפּגעשטעלט, דעם סאַמאָדור?..

קאפּיטל זיבן

## אין וואלד — איז אין וואלד!

שאָפערן שרעקן זיך גאָר ווייניק פאר א וואלד. נאָך גאָר ניט אזוי לאנג, אין די שווערע מילכאָמע־יאָרן, איז דאָרט געווען א היים: א בעט פון כוואָיע מיט א שינעל אַף זיך אײַנדעקן, א שײַטער, וואָס האָט געוואָ־

רעמט ווי אַן אייגענע מאמע. וואָכנווײַז האָט מען זיך געשפּײַזט דאָרט מיט ניסלעך, מיט ווילדע יאַגעדעס, פון וועלכע די צונג ווערט טערפּקע, כאָטש רײַב כריין אָף איר.

פונקט ווי דאָרט, אין דער סאָלדאַטישער אווטאָקאָלאָנע, בינדט מען איצט צו מיט שטריק צו די באָרטן פולע פעסער מיט בענזין. באַלאַנדין שטאָפּט אָן אַ בלעכענע פּושקע מיט סאָלידאָל און שרײַט צו מאַסליאַנקינען, ער זאָל ברענגען צו שלעפּן דעם בוקסיר — מע פאָרט ניט קיין קרעפּלעך עסן בא דער שוויגער...

מאַסליאַנקין האָט זיך זײַנס אין זינען: יאָ, אין וואַלד לעקט מען ניט קיין האָניק. די בריגאַדע שאָפערן, וואָס איז שוין דאָרט אַ פּײַן שטיקל צײַט, האָט גאַנצע צוויי ציסטערנעס בענזין אויסגעברענט, נאָר עפּעס זעט מען ניט, זיי זאָלן אַ שײַטל האָלץ אין שטאָט אַרײַנברענגען... בלאָזט ער אָן די באַקן, מאַסליאַנקין, און מאַכנדיק אַן אָנשטעל, אַז ער גייט נאָכן בוקסיר, שאַרט ער זיך אָפּ אין „פּילטער" אַן אייצע האַלטן זיך מיטן קאָרעק פונעם פלעשל.

אָט האָבן זיך שוין צונויפגענומען די כעוורע שאָפערן: שפּעט־אָסיענדיק אָנגעטאָנענע אין וואַטניקעס און אין יוכטענע שטיוול, מיט אויסגעדינטע סאָלדאַטישע אושאַנקעס אָף די קעפּ. פאַרן אַרויספאָרן האָט מען געכאַפּט אַ דרעמל, איז מען איצטער אַ ביסל אָנגעכמורעט און פאַרשלאָפן, ווי די בערן נאָך דער בערלאָגע.

פרידל מאַרגוליס וואַרפט אַרײַן אין קוזאָוו אַ פּאָר באַלקעס, אויסגעוויקטע ברעזענטן, עמערס און לייקעס. אַלץ מאָסטעט ער אײַן באַרעכנט און באַלעבאַטיש, טראַכטנדיק דערבײַ, אַז אָט אינגאַנצן צוויי שפּאַן פונדאַנען איז איצט ראָכעלע שטאַרק פאַרנומען מיטן פאַרגרייטן די פּוטיאָווקעס און די בענזין־טאַלאָנען, ראָזעווע צעטעלעך — צום טויער, און ווײַסע צעטעלעך — פאַרן פראַכט.

נאָר ווו איז מאַסליאַנקין? ווו איז דער בוקסיר? באַלאַנדין מיט מאַרגוליסן נישטערן איבערן גאַראַזש, זוכן אונטער די מאַשינעס, און אַז זיי קומען אַרײַן אין קאָנטאָר, דערזעען זיי אַזאַ בילד: אין צימערל זיצט מאַרינע לעבן ראָכעלען, זיי ריידן זיך אויס דאָס האַרץ, געזעגענען זיך, און פון יענער זײַט פענצטערל שטעקט אַרײַן מאַסליאַנקין אַ שיקערע צורע, וואָס פינקלט מיט ציגײַנערשע אייגעלעך, און האַלט אין איין אײַנריידן מיט אַ פאַרפלאָנטערטער צונג ראָכעלען, זי זאָל אָף אים כאָטש אַ קוק טאָן און צווינטשן אים האַצלאָכע אין וועג. אזוי, נודענדיק די נעשאָמע, ווערט ער מיטאַמאָל מיד און אָפּגעשוואַכט, כאָטש לייג אים קאַלטע פּריפּאַרקעס.

שטייט מען אזוי אַרום דעם „באַרמינעץ" און מע ווייסט ניט, וואָס צו טאָן מיט אים: אָפּטויוולען דעם שיקער אין דוש צי גאָר בעטן פּאַכאָמאָוון, ער זאָל מיט דער פײַערלעשער־קישקע אים אָפּמינטערן.

— מאַכן אַ „גוסאַק", — אייצעט ראָכעלע.

אַ גוסאַק — איז אַ גוסאַק... מאַרגוליס שלעפּט אַרויס פון דעם לײַבל אַ שטיקל וואַטין, באַלאַנדין רײַבט אויף אַ שוועבעלע, ווערט אַזאַ געשטאַנק, גלײַך מע סמאַליעט אַ כאַזער. דערפילט מאַסליאַנקין בא דער נאָז דעם

טשאַד, טשוכעט ער זיך אויס, שעלט די שאָפערן מיט טויטע קלאָלעס און מאַכט באַלד אַ פּאָנעם פון אַן אומשולדיק שעפעלע:

— פּוסטע מײַסעס... באַלד פאָרן מיר.

ראָכעלע דערלאַנגט אים אַ קוואַרטל וואַסער, טרינקט ער דאָס אויס מיט אַזאַ האַנאָע, גלײַך ער וואָלט ערשט אַ געזאַלצענעם פיש אײַנגעשלונ־גען.

די מאַשינעס זײַנען גרייט, מע דאַרף נאָר עפענען דעם טויער. אָבער דאָ איז נאָך דערווײַל באַלעבאָס פּאַכאָמאָוו. און פּאַכאָמאָוו אײַלט זיך ניט. דורך די אָראָפּגעלאָזטע ברעמען באַטראַכט ער שטרענג מאַרינען און רעדט איר אויס, פאַרוואָס זי האָט דאָס װאַרעמע קאָפּטל ניט מיטגענומען מיט זיך. דערנאָך גייט ער צו צו דער קאַבינע און, גלעטנדיק דעם ערשט אויסגע־פאַרבטן פײַערלעשער־באַלאָן, טײַנעט ער אײַן דעם אייניקל:

— באַנאַכט זאָלסטו זיך צום רודער ניט זעצן! הערסט, וואָס מע רעדט צו דיר? זאָלסט זיך ניט זעצן... זאָלן די כעוורע פאָרן, און דו כאַפּ אַ דרעמל...

מאַרינע קושט אים, דעם זיידן, כאַפּט אָן די באָרד זײַנע, טוליעט זיך צו איר. זי דערזעט ראָכעלען מיט מאַרגוליסן, ווי זיי קושן זיך אויך, — צע־קלינגט זי זיך איבערן גאַנצן גאַראַזש:

— קום זיך בײַטן, ראָכל! דו מיטן זיידן, און איך מיט מאַרגוליסן...

באַלאַנדין נעמט, לאַכנדיק, מאַרינען אַף די הענט און זעצט זי אַרײַן אין קאַבינע. דער סקריפּ פונעם אַלטן טויער מישט זיך צונויף מיטן רויש פון די מאָטאָרן.

אין דרויסן פרירט שוין. דער טראַקט איז פאַרצויגן מיט אַ דין אײַז־פּליווקעלע — ניט אַנדערש, די לעוואָנע, ליגנדיק אין איר נעסט אַפן הימל, האָט זיך אַ שפּיגל געשטעלט. אַ באַשאָטענער מיט ערשטע פראָסט־גרײַפּע־לעך, פינקלט אַזוי דער וועג, אַז באַם שאָפער אין קאַבינע פאַרזשמורען זיך די אויגן, און ס'איז נאָך גאָט צו דאַנקען, וואָס אַנטקעגן טראָגן זיך ניט קיין אַנדערע מאַשינעס, — זײַנען נאָך גאַנץ זייערע ביינער.

באַנאַכט איז שטיל אַפן טראַקט, נאָר ער אָטעמט שווער, ווי אין אַ היץ. אָט גיט אַ טרישטשע פון פראָסט דער אַספאַלט, גלײַך דאָס אײַז אַפן טײַך. פון דער פינצטערניש שווימט אַרויס אַ פײַערל. שאָפערן שטויסן זיך אָן: אַף אַ מאָטאָציקל טראָגט זיך אַרום סטראַכאָוו. ער זאָל נאָר וויסן, סטראַ־כאָוו, וויפל ביטערע טראָפּנס מאַסליאָנקין האָט הײַנט אין זיך אַרײַנגעגאָסן, זעצט ער אים גלײַך איבער אין וויגעלע פון זײַן מאָטאָציקל און ברענגט אים, ווי אַ קראַנק קינד, צו פירן אין קליניק, מע זאָל אים דאָרט אַרײַנלייגן אין מויל אַרײַן די סאָסקע פון ראַפּאָפּאָרטס פּרעפּאַראַט. ווען די דאָזיקע סאָסקע פאַלט אַרײַן אין מויל פון אַ שיקער, גיט זי אָפּ אַ געגוויעם דינ־וועכעזשבן סטראַכאָוון, און דער שיקער איז שוין קימאַט אויס שאָפער — אַף אים וואַרט שוין דער בעזעם אין גאַראַזש...

נאָך אומזיסט היצט זיך סטראַכאָוו. מאַרגוליס און באַלאַנדין האָבן באַ־וואָרנט, אַז מאַסליאָנקין זאָל זיך ניט וואַרפן אין די אויגן. ליגט ער איצט

אין קוזאָוו, אײַנגעדעקט מיט נאַסע ברעזענטן, ווי אין זײַנער אַן אײגענער אויסניכטער־קאַמער אַף רעדער. זאָל אַנאַטאָלי זיך אויסשלאָפֿן, די נאַכט איז גרויס — מע וועט נאָך האָבן קאַלטס און וואַרעמס.

אַז מע פֿאָרט גיכער, פֿאַלט מען ווייניקער אַראָפּ אין ריוו אַרײַן. אַ גליטשיקער וועג האָט פֿײַנט, אַז מע גייט טריט־וואַסער. פֿאָרט מען מיט אימפּעט. אַ טונקעלע בלויקײַט פֿאַרכאַפּט אַ האַלבן הימל, צוויי וואַלד־מאַסיוון ציִען זיך פֿון בײדע זײַטן, און אונטער די רעדער גלאַנצט און וויקלט זיך דער טראַקט, אַ באַשאָטענער מיט טויען־פֿראָסט.

מאַרינע זיצט לעבן באַלאַנדינען אויסערלעך אַ רויִקע, נאָר זי לאָזט ניט אַרויס פֿון אויג ניט סטראַכאָווס פּײַערל, וואָס שווינדלט אין דער ווײַט, און ניט מאַרגוליסעס מאַשין הינטער דעם אײגענעם קוזאָוו. מיטאַמאָל דערזעט זי: מאַרגוליס ליגט שוין אין ריוו...

— סאַשע! — שרײַט זי אַרײַן באַלאַנדינען אין אויער. — שטעל זיך אָפּ!

באַלאַנדין פֿאַרשטײט: אויב אים איז שווער מיט בײדע אויגן, הײַנט מאַרגוליסן...

ברעכט מען שוין צווײַגן פֿון צעוואַקסענע יאָדלעס, מע האַקט אונטער דאָס בערגל אין קיוועט: שאָפֿערן זײַנען געוווינט צו אַזעלכע מאַנעווערס. איין מאַשין שלעפּט די צווייטע.

— פֿאָרן איז פֿאָרן! — שרײַט מאַסליאַנקין פֿון קוזאָוו.

מאַרגוליס רוט ניט: ער בינדט איבער דעם טראָס, קאַרבט אײַן אַ שטיק שטאָלענעם דראָט מיט די מאָזאָליעדיקע הענט, מאַכט אַ האַטשיק, לויפֿט נאָך וואַסער אַף אָנפֿאָיען דעם ראַדיאַטאָר.

— אַנאַטאָלי, וווּ איז דער בוקסיר?

ווידער אַ מײַסע מיטן בוקסיר. שוין דאָס צווייטע מאָל גיט ער אים אויס, דער בוקסיר, מאַסליאַנקינען. מאַרגוליס זעט, ווי דער „קאָרעש" זײַנער טאַנצט אַראָפּ פֿון דער מאַשין, און ניט דעם בוקסיר טראָגט ער, נאָר אַ פֿליאַגע. וויל ער נאָר זי נעמען צום מויל, כאַפּט אים מאַרגוליס בײַ דער האַנט.

— טרינקסטו אויס כאָטש איין טראָפּן, מאַסליאַנקין, בינדן מיר דיך! ווערסט זיך אָפּוואַלגערן אין קוזאָוו ביזן וואַלד אַרײַן. געדענק!

— ס'און עסעריקע קעלט... דערוואַרעמען דאַרף מען זיך...

— עך דו, העלד מיטן פֿלעשל אין די הענט... — שאָקלט מיטן קאָפּ באַלאַנדין, — מיר האָבן אַזעלכע מאַשינעס, ווי די לייבן, און דו ווילסט, אַז בראַנפֿן זאָל דיך אין וואַלד אַרײַן ברענגען.

ווען די צוויי מאַשינעס פֿאָרן שוין ווידער איבער דעם פֿינקלדיקן טראַקט, לויפֿט ווידער אָן סטראַכאָוו אַף זײַן מאָטאָציקל. ער ווייסט ניט, וואָס פֿאַר אַ סכוירע די כעוורע שאָפֿערן פֿירן אין קוזאָוו אונטערן ברעזענט, שטעלט ער זיך אָפּ נאָר אַף אַ ווײַלע און שרײַט אויס מײַסע־באַלעבאָס:

— באַלאַנדין! אַף דער טראַסע איז אַלץ אין אָרדענונג?

— אין אָרדענונג, — ענטפֿערט מען אים אָפּ פֿון בײדע מאַשינעס.

# סיניאָרן

דער וואלד איז הארבסטיק־אויסגעטאָן. מע הערט שוין ניט זינגען קיין פייגל, בלויז די שטאמען סקריפּען פונעם ערשטן פראָסט.

ביימער איינגעזעסענע, איינגעפונדעוועטע האָבן ווי אָפּגעטראָטן דעם וועג פאר די צוויי מאשינעס, זיי פארנארט אין דער טיפעניש און איינגעשלונגען.

א ווארעמקייט האָט א זעץ געטאָן פון די רוישנדיקע מאָטאָרן. שאָפערן פון דער אלטער וואלד־בריגאדע זיינען געלאָפן אנטקעגן מיט אויסגעשטרעקטע הענט, פונקט זיי וואָלטן צו די מאָטאָרן געלאָפן זיך אָנווארעמען.

מע ווייסט שוין דאָ פונעם סאָד: אלעקסאנדער ניקיפאָראָוויטש באלאנדין מיט זיין בריגאדע פאָרט אהער אין וואלד אריין. קוקט מען אף די ערשטע געקומענע — ווער מיט פרייד, און ווער מיט א כויזעק־שמייכעלע. מע באקוקט די שטאָטיש אויסגעראזירטע פּענעמער, מע דרייט זיך ארום מארינען, סטארענדיק זיך מיט פארגרעבטע דלאָניעס צודעקן די קויטיקע שטשעטינע אף די אייגענע באקן.

דער ערשטער שפרינגט אריין אין קאָן מאסליאָנקין. זיך גוט אויסגעכראָפּעט אונטערן ברעזענט, פילט ער זיך איצט בעקוועך זיין דאָ, בא דער באגעגעניש, דער גאנצער מאכער. טוט ער זיך א שטעל פאר די קאָלעגן, שארט זיי פראָוואָרנע ארום מיט די ציגיינערשע אייגעלעך, פארייכערט א לאנגן „קאזבעק" און שיט ארויס:

— ווערליק איר זעט אויס, סיניאָרן, איז דאָ נאָענט קיין גאסטראָנאָם ניטאָ...

מארגוליס גיט אף אים א קוק, ווי איינער רעדט: דער הון כאָלעמט זיך אלץ פּראָסע.

— ווי לעבט מען, כעוורע? — פירט ער איבער מאסליאָנקינס פּוסטע רייד אף געוויינלעך מענטשלעך לאָשן.

— מע לעבט, — ענטפערט מען. — איר האָט געבראכט אינסטרוקציעס פון מאלינינען?

און צו באלאנדינען, וואָס האָט זיך נאָך ניט צעקאטשעט אף זאָגן א וואָרט, שרייט עמעצער אויס מיט אן אזעספּאָנעמדיקער היימישקייט:

— שפּאָן זיך שוין אויס פון דער שלייע, סאשע, און קוועטש ארויס א וואָרט.

און צווישן זיך שושקעט מען זיך מיט דערעכערעץ:

— באלאנדין איז געקומען.

— נו, איז וואָס, אז באלאנדין? א גאָט בא דיר?

— פּוסטע זיינען זיי אהער מיט מארגוליסן ניט געקומען.

— מע זאָגט, אז ער האָט צוגעטראכט: שליטנס אף פירן די קלעצער...

— מע ווייסט שוין דעם מעטאָד... אין טייגע איז דאָס אן אָפּגעשלאָגענע הוישיינע...

מאסליאַנקין ווערט באַלד א פאַניבראַט מיט אַלעמען. ער שפּײַט מיט קאַס אויס דעם „קאַזבעק" און שטופּט זיך צו איינעם אין רעדל שאַפּערן פאַרדרייען אַ ציגאַר טוטין.

— באַלאַנדין האָט געשעמט און וועט שעמען... אַליין דער סעקרעטאַר פונעם ראַיקאָם האָט אים ביזן סאָף שטאָט באַגלייט... סע שמעקט מיט אָרדענס...

שאַפּערן קוקן זיך איבער. נאָר מע שיסט גלײַך אויס אַ געלעכטער. מאַ־רינע האָט שטיפעריש זיך אַ שטעל געטאָן פאַר מאסליאַנקינען און מיט ביידע הענט אים אַנגערוקט איבער די אויגן דאָס היטל. אַפילו באַלאַנדין האָט באַקומען לאַשן:

— ווען מע גיט פאַר פלאַפּלערײַ אָרדענס, וואָלסטו, אַנאַטאָלי, דער ערשטער באַקומען...

וויבאַלד באַלאַנדין האָט שוין אָנגעהויבן ריידן, דאַרף מען אים די צונג ניט פּיקן. ער זעצט זיך צו אַף אַ פּניאָק און זאָגט מיט אַזאַ געשטעלטקייט, פונקט ווי מער גאָרניט, אויסער דער דראָשע צו די שאַפערן, וואָלט ער ניט געבראַכט מיט זיך אין וואַלד אַרײַן:

— ווער האָט עס אויסגעטראַכט, אַז מע קומט אַהער, ווי שטראַפניקעס פאַר זינד?

— דאָס האָט מאַלינין צוגעטראַכט, — מישט זיך אַרײַן מאסליאַנקין.

באַלאַנדין טוט אַף אים אַ מאַך מיט דער האַנט און זעצט פאָר:

— מיר קומען דאָ ניט אָפּ אין וואַלד. ס'אַ גרויסע זאַך — ברענגען דער שטאָט האָלץ אַף ווינטער...

— וועט מען געבן אַ פּאַטעפאָן מיט אַ זייגער? — פרעגט עמעצער פון רעדל.

— ניין, ס'וועט זײַן וואַרעם אין די הײַזער! דאָס איז די בעסטע פּרע־מיע...

באַלאַנדין הייבט זיך אוף פונעם פּניאָק און זעצט זיך ווידער אין קאַבי־נע אַרײַן.

שאַפּערן קריכן אומגעבעטן אין די קוזאָווס, פונקט ווי זיי אַליין וואָלטן אַפּסנײַ ערשט איצט אין וואַלד אַרײַן געקומען. די מאַשינעס, באַקלעפּטע מיט פריילעכע פאַרשוינען, רירן זיך ווײַטער אין וועג — צו דער זעמ־ליאַנקע.

שאָפערן זײַנען שטענדיק אַף די רעדער. די טראַסע איז זייער טיש און זייער בעט. און כאָטש דער גאַראַזש שטייט אין סאַמע ראַש פון שטאָט, איז דאָך די שטילקײַט פונעם וואַלד דעם שאָפערס סטיכיע.

ס'איז גוט אַזוי צו זיצן באַנאַכט בײַ אַ שײַטער, טשאַדען מיט מאַ־כאָרקע, אַרײַנדעכען אין זיך דעם סמאָלע־געערוך פון די נאָדלביימער. אין שײַן פון שײַטער ליגט דער וואַלד, ווי אַן אָטאַרע שאָף בײַ דעם פּאַסטעכס פיס. מאַשינעס שטייען דאָ ניט ווײַט אין באַלקע. פון דעם פײַער פאַרויט־לען זיך זייערע שטאָלענע פאַרצעפער, און זיי זעען אויס, ווי לעבעדיקע

נעפּאשעס, כאָטש פאַרפּוץ זיי אין בלומען־קרענץ, כאָטש פּיר זיי, ווי פערד, אָנפּאָיען.

נאָר לאַנג סטאַרטשען באַם שײַטער טאָר מען ניט. שאָפערן זעען פאַר די אויגן אָנגעוואַלגערטע קלעצער, כאַפּט מען זיך, אַז קיין שניי שיט נאָך ניט און די בלאָטע איז נאָך ניט אַזוי גרויס, דאַרף מען דאָך וואָס גיכער איבערפּעקלען דאָס געהילץ. מעג פּלאַצן אַ באַלאָן, זיך אָפּשליסן אַ באָרט אינמיטן וועג, נאָר דער שאָפער פירט אַקשאָנעסדיק זײַן מאַשין און ס׳איז אים קימאַט אַזוי גוט, ווי באַם שײַטער, ווײַל אין וואַלד, אין פאַרשיידענע ערטער, פינקלען אַ סאַך שײַטערס — די אָנגעצונדענע פאַרעס.

אַז מע פּאַקט אַף אַ בלאָטיקן וועג, ציט מען אָן אַף היגטערשטע רעדער קייטן, צי מע לייגט אויס אַ הילצערן בריקל. שאָפערן זשאַלעווען ניט די יוכטענע שטיוול, קריכן ביזן גאַרטל אין בלאָטע, קעדיי מיט דער לאָפּעטע אויסגראָבן דעם דישל פונעם „פּריצעפּ“[1], פאַרקניפּן דעם טראָס און אַף די אייגענע פּלייצעס אַרויסשלעפּן דאָס גרינע גאָלד פונעם וואַלד.

באַלאַנדין ווייסט זייער גוט, ווי אײַנמאָסטען און אײַנקרעמפּעווען אַ הורבע קלעצער אין קוזאָוו. גרעבערע לייגט מען אַפן דנאָ, דינערע באַ די זײַטן, זיי זאָלן ניט קאַליעטשען די באָרטן.

— זשאַלעוועט ניט קיין דראָט, — שרײַט ער צו די כעוורע, — קרעמ־פּעוועט בעסער אײַן — מע פירט ניט קיין מילך, און ס׳איז אײַך ניט קיין שאָסיי, נאָר גריבער אַף גריבער...

דערפאַר אָבער, אַז מאַשינעס רײַסן זיך אַרויס פונעם וואַלד, צעלאָזן שאָפערן די ווישקעס, און ביז דער סאַמע אײַזנבאַן פאָרט מען מיט אַ ווינט אין האַלדז־און־נאַקן, מע פאַרגעסט אַפילע אין סטראַכאָוון.

און בעשאַס אַף דעם פאַרוואָרפענעם באַצירק גייט אַזאַ שווערע און פריילעכע אַרבעט, פילט נאָר איין מענטש זיך געפאַלן און דערנידעריקט. ניין, גלייבט ניט אין מאַרינעס שטיפערישן געלעכטער, ווען זי שפּרינגט מיט אַזעספאָנעם אַרויס פאַר מאַסליאָנקינען. מאַרינען פאַרקלעמט פאַרן האַרצן, ווען זי בלײַבט אַליין אין זעמליאַנקע. אויסגעוואַשן שוין אַ העמד פאַר יעדן שאָפער, אופגעהאַנגען דאָס גרעט אַף שטריק איבער דעם אייוועלע, גייט זי אַרויס אין דרויסן, זעצט זיך צו אַפן ערד־אָנשיט, ווי אַף אַ פּריזבע, די פיס אונטערגעקליבן אונטערן בויך, און הערט זיך אײַן סײַ ווי עס רוישן אין וואַלד די מאָטאָרן, סײַ ווי עס צאַפּלט עפּעס אינעם אייגענעם לײַב אירן.

„מאַלינינס קינד, — טראַכט זי, — מאַלינינס בלוט...“

באַלאַנדין האָרעוועט מיט זײַנע אָדלערס אַפן באַצירק, און נאָר זי מוז איצט זיצן אַף דער זאַוואַלינקע. שאָפערן זײַנען איידעלע מענטשן, איז כאָטש מאַרינע האַלט נאָך ניט אין די הויכע כאָדאָשים און זי מעג אוואַדע נאָך אַרבעטן, לאָזן זיי זי ניט צו צו דער מאַשין. איז זי באַלע־באָסטע אין זעמליאַנקע — אַ שיינער טאַכלעס פאַר פּאַכאָמאָווס אייניקל...

[1] אַ לאַסטוואָגן, וואָס ווערט צוגעטשעפּעט צו אַ לאַסטמאַשין.

„אין אלץ איז שולדיק מאלינינס קינד, מאלינינס...״, — עגבערט זי ווײַטער דער געדאנק. פּלוצעם פאלט אף איר א סנאָפּ שײַן. זי דערהערט נאָענט דאָס רעווען פון א מאָטאָר און דערזעט פאר זיך מאסליאָנקינען.

— אנאטאָלי, פאָרסט שוין פון יארידז?

מאסליאָנקין דרייט זיך אײַן אינדרײַען, שלעפּט נאָך א פוס, הויקעט און קרעכצט.

— האָסט שוין ווידער געפאקט דעם ראדיקוליט, אנאטאָלי?

מאסליאָנקין שאָקלט מיטן קאָפּ אף יאָ.

מארינען ווערט מיטאמאָל פריילעך אפן הארצן. זי כאפּט ארום מאסליאָנקינען און רוימט אים אײַן אין אויער ארײַן:

— טאָליע, דו פארשטייסט... איך פאָר גלײַך מיט דיר... בא דער אײַזנבאן ווארף איך אראָפּ די קלעצער און דיך אויך פאריינוועגס... איך קער זיך אום אין װאלד, און דו כאפּ זיך ביז מאָרגן אראָפּ צום דאָקטער, נאָר זע פארבלאָנדזשע ניט אין „פילטער״. מיטן צווייטן רייס ברענג איך דיך צוריק א געזונטן אין װאלד ארײַן...

און בא זיך טראכט זי: „מאלינינס קינד... מאלינינס... הײַנט מוז איך פון דעם פאָטער ווערן!״

אין װאלד זיפּט זיך דורך דער קאיאָר. מארינע, אָן מאסליאָנקינען, איז געקומען צוריק. זי פארקלײַבט זיך אין א פארוואָרפן ווינקל, ווו שטאבעלן האָלץ זײַנען פארוואלגערט מיט ווינטברוך. דאָ וועט קיינער ניט זען, ווי זי ארבעט. זי ווארפט אָפּ דעם באָרט פון דער מאשין, הייבט אוף א שווערע קלאָץ און דערפילט א שטארקן ווייטעק אין די קריזשעס. נאָך א קלאָץ און נאָך א קלאָץ...

— וואָס טוסטו? — דערהערט זי פּלוצעם א געשריי.

באלאנדין!

זי בלײַבט שטיין מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ און אקשאָנעס אין די אויגן.

— וואָס טוסטו, מארינע? — פרעגט איבער באלאנדין. — ווו איז מאַ־סליאָנקין?

מארינע ענטפערט מיט געמאכטער רויִקײַט:

— מאסליאָנקין איז קראנק. און איך... וויל מאפּל זײַן...

— ביסט פון זינען אראָפּ, מארינקע!

זי קערעוועט זיך אָפּ פון אים, נעמט אראָפּ די פאטשיילע פונעם קאָפּ און ווישט מיט איר אויס די טרערן.

— סאשע, — גייט זי צו הארט צו באלאנדינען, — איצט ביסטו א ווײַ־כינקער, סאשע. נאָר וואָס וועסטו זאָגן אין צוויי־דרײַ יאָר ארום? מיט מאלינינס קינד וועסטו מיר די אויגן שטעכן...

— ס'איז דײַן קינד, מארינע, דײַנס! וועט עס אויך מײַנס זײַן. ווילסט מאכן פון זיך א קאליקע?

— איך בין אזוי אויך א קאליקע... אלע ארבעטן, און מיך פעסטעט איר.

באלאנדין האָט אף איר א בייזן קוק געטאָן און אָפּגעשניטן:

— קריך אין קאבינע ארײַן!

ער האָט זיך געזעצט בא דעם רודער און אָפּגעפירט מארינען צוריק אין זעמליאנקע.

ווען נאָך א שווערער נאכט זײַנען שאָפערן געקומען עסן פרישטיק, איז באלאנדין א טויט־מידער געשלאָפן אַף דער נארע, און לעבן אים איז געזעסן מארינע, געגלעט אים די צעשויבערטע האָר און געוויינט.

קאפיטל נײַן

## א טאטע ווערן דארף מען זויכע זײַן

זינט מארינע איז אוועקגעפאָרן אין וואלד, גייט מאלינין ארום ווי א שאָטן. מיטאמאָל איז ער עלטער געוואָרן, גלײַך ווי אנטרונען וואָלט די יוגנט זײַנע, איבערגעלאָפן יענע גאָלדענע צײַט, ווען ער פלעגט ווארפן מיט צענערלעך אין „פילטער":

— אן עסקאלאָפּ פון כאזערפלייש!

— זיסע מײַכאָלים פאר מארינען!

די נעשאָמע זײַנע פיבערט פון פארדראָס. מיט רוגזע הייבט זיך אָן דער טאָג ארבעט אין גאראזש. שאָפערן זײַנען אופגעטראָגן אַף אים:

— א טראָגעדיקע שיקן אין וואלד ארײַן!..

— מע דארף גיין אין ראיקאָם...

— שרײַבן נאטשאלסטווע...

— דאָרטן זיצט, ווײַזט אויס, דער פעטער זײַנער. וויפל יאָר מע נעמט אים אראָפּ, און ער איז נאָך אלץ אפן בענקל...

ווי א פארסאמטע מויז לויפט מאלינין ארום איבער די באָקסן, וויל כאָטש א שמעק טאָן אין ווינקל, וווּ מארינעס מאשין איז געשטאנען. א מאָדנע זאך איז געשען מיט אים: זינט מארינע קומט אָפּ איר אָפּקומעניש אין וואלד, בײַסט אים אזוי די הויט פונעם לײַב, גלײַך הונדערט עקזעמעס וואָלטן אים באפאלן. נאריש, אזוי נאריש אָפּגעטאָן! ניט באטראכט: אליין פארהאקט טיר־און־טויער... אזוי האָט ער כאָטש געהאט א מינדסטע האָפענונג: זי וועט זיך נאָך איבערבעטן. אָבער דאָרטן, אין וואלד, וווּהין ער האָט זי פארשיקט, וועט זי נאָך מער צוגעווינט ווערן צו באלאנדינען, צו זײַן כאליאסטרע שאָפערן, נאָך מער זיך ארײַנצײַען אין טאבאָר זייערן. איצט ווייסט ער שוין, מאלינין, אז אָנגעהויבן האָט ער מיט אויסגעפרוווטע שאָפערן — זוברען, וואָס קענען זייער שטעטל באשטיין.

— געמיינט האָסטו אונדז אומברענגען, אָסיפּ סערגייעוויטש, — אומ־זיסט דײַן טירכע. וועסט אליין בלײַבן באם נאר!

וואָס טראכט מען צו, קעדיי ארויסרײַסן מארינען פונעם וואלד? ווען ער האָט זי ארויסגעפעקלט אהין, האָט ער געמיינט, אז זי וועט פאלן פאר אים אַף די קני, בעטן ראכמים. איצט אָבער איז ער גרייט ווי א לעק פאר איר טאנצן, ווי א נאריש ציגעלע מעקען — זי זאָל נאָר אים מויכל זײַן.

מאלינין קומט אָפּטער אַרײַן אין דיספּעטשערסקע. שאָענלאַנג דרייט ער זיך ארום ראָכעלען, ווײַל נאָר זי קאָן עפּשער איצט פילן זײַן האַרץ. זי האָט דאָך אויך ניט קיין קליינעם כיילעק אין וואלד... און קוים יאָוועט זיך דער אַלטער פּאַכאָמאָוו פאר זײַנע אויגן, הייבט ער אָן, מאַלינין, פאַרשטעלט, געלאַסן ריידן מיט אים. זאָל דער זיידע וויסן, אַז דאָס, וואָס אָסיפּ סערגייעוויטש פלעגט אַמאָל מיִעס זידלען מארינען, זי א רייץ טאָן, — איז עס בלאָטע! און אויב זיך דערמאָנען אַנדערע פאַרדראָסן, האָט דאָך מאַלינין דעם שלעכטן באַפעל וועגן פּאַכאָמאָוון אָפּגעשאַפן: זאָל ער שטיין באַם טויער ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר. זיצט ער אַזוי, אָסיפּ סערגייעוויטש, אין דער אָנגעהייצטער דיספּעטשערסקע, רייניקט דעם פאַר־שטאָפּטן מונדשטוק און כאַנפעט זיך אונטער צו ראָכעלען. באַזונדערס גיט א שניט דעם מיידל באַם האַרצן, ווען ער טוט א באַהאַלטענעם זיפץ און זאָגט מיט א פאַרדעמפטן קאָל:

— ראיִסאַ מאַטווייעוונאַ, אין מיר רעדט דאָס געפיל פון א טאַטן. איר מיינט, א מאַנצבל איז פון שטיין? עס לאָזט מיך ניט לעבן מײַן כאַרפּע, ראיִסאַ מאַטווייעוונאַ...

„קאַלופּעט דיך, הייסט עס, יאָ באַם האַרצן, צווירער איינער?" — טראַכט ראָכעלע און טוט א פינקל אָף מאַלינינען מיט די אויגן:

— א טאַטע אָנגערופן ווערן דאַרף מען ווערט זײַן, אָסיפּ סערגייעוויטש!

נאָר ער קריכט אָף קאַראַטשקעס אַרום ראָכעלעס נעשאָמע, און זי איז שטאַרקער פון אײַזן, אַז זי דראַפּעט אים די אויגן ניט אויס. וואָס קריכט ער אין די געדערים אַרײַן, דער זוילעל־וועסויוועניק? און וואָס עפּעס צו איר גייט ער, צו ראָכעלען? שאַפערן ברײַען דאָך שוין, צי נעמט ער זיך ניט, מאַלינין, באַנײַס א קאָן שפּילן א ליבע? עפּעס דרייט ער זיך שוין צופיל אַרום דעם דיספּעטשער — נאָך איין מיידל וויל ער פּאַטערן?

און ראָכעלען אַליין איז דען ניט פריקרע דעם דירעקטאָרס פלירטע־ווען? זאָל זײַן, אַז איר איז גוט באַוווסט מאַלינינס מיין: ניט זי אינטע־רעסירט אים, נאָר מארינע. אָבער א גאַראַזש מיט שאָפערן וועלן איר ניט מויכל זײַן דאָס בעלעבעטשען מיטן פּראַנטעוואַטן דירעקטאָר, ווען פרידל מאַרגוליס איז אין וואלד.

דערצו נאָך גיט פון דער העלער הויט זיך א שטעל אַרײַן צו איר מאַסליאָנקין, בעשאַס מאַלינין זיצט אָן אומבאַמערקטער אין א זײַט.

— פונוואַנען ביסטו אַראָפּגעפאַלן, אַנאַטאָלי?

— פונעם וואלד, ראָכעלע, פון א הויכן בוים.

— אויב דער פּאַראַשוט האָט זיך ניט צעעפנט, ביסטו שוין געוויס מיט א ביולעטען אין קעשענע?

— מיט א ביולעטען בין איך באַזאָרגט, נאָר צי גייסטו הײַנט מיט מיר אין קינאָ — דאָס ווייס איך נאָך ניט.

ראָכעלע גיט אים אָף א קאַלטן קוק:

— מאַך זיך ניט נאַריש, בלײַענער פויגל! האָסט מיר געבראַכט א בריוול פונעם וואלד — איז גיב עס אָפּ.

מאסליאַנקין שיט אין איין אָטעם ארויס, אַז אין וואלד איז מען פאר־נומען מיט בילכערע זאכן, ס'איז ניטאָ ווען צו שרײַבן בריוו. דערצו איז נאָך קאלט און נאס, מע וואלגערט זיך, ניטאָ ווו דעם קאָפּ אוועקלייגן... באמערקט אים, מאסליאַנקינען, מאלינין און ווערט גלײַך מאָלע־רע־ציכע:

— דעזערטיר! איך וועל דיך מישפּעטן!.. אין אַ שאָ ארום זאָלסטו זײַן בײַ מיר אין קאבינעט... איצטער — גיי פונדאַנען!

אין אָוונט קומט מאלינין ארײַן צו מאָטל דעם בלעכער אין שטוב.

מאלקע, די מאמע ראָכעלעס, איז מאָלע־געדולע פון אָט דעם שיינעם אוירעך — מאלינין איז דאָך ניט אבי ווער, ניט פון דער כעוורע שאַפּערניא, נאָר דירעקטאָר פון דער גאנצער אווטאָבאזע. אפן זיבעטן הימל איז זי, וואָס ניט מארגוליס מאָפּס, ניט מאסליאַנקין שיקער — אליין אָסיפּ סער־גייעוויטש מאלינין איז בײַ איר טיש.

מיט אַ שטיקל פלאָדן, דערנאָך מיט אַ ווײַניק קאָמפּאָטל איז מאלקע מעכאַבעד דעם אָדן. נאָר מאָטל סוקעוואטע, ווי אַן אײַנגעוואקסענער אין דער ערד פּניאָק, טײַנעט זיך זײַנס אף מאמע־לאָשן, מאלינין זאָל אים ניט פארשטיין:

— בעסער וואָלט ער צו זײַן טאַטנס קיוועער געגאַן געווירע ווערן, וואָלט עס בײַ מיר מער אָנגעלייגט געווען, איידער זײַן פּארצעף בײַם אייגענעם טיש אָנקוקן.

מאלקע, פארקערט, רײַסט בלעך פונעם דאך: איר טאַטע איז קיינמאָל מיטן גראף דוכאָווסקי פּאָרוטש ניט געזעסן, און צום סקאָרב מיטן פּאָרע־צעס בריטשקעס און קארעטעס האָט ער אוואַדע אַ קליינע שײַכעס גע־האַט. און דאָ זיצט בײַ איר טיש דער באַלעבאָס פונעם גאנצן שטאָט־אײַנפאָר.

— סמיקון, — טוט אַ פרעג מאלינין, — וויפל ארבעטסטו שוין אין מײַן גאראַזש?

מאָטל דרייט אויס אַ פאַרהאָרעוועטע האַנט מיט דער דלאָניע ארויף און גראבלט אָפּ מיט אַ פארשמאָלצעוועטן נאָגל אײַנגעגעסענעם צינק.

דערנאָך נעמט ער פונעם טיש אַ טשוהונענעם פּאָלומעסעק, גלײַך ער וואָלט זיך געקליבן אים פארלייטן אָדער, באַהיט גאָט, מאלינינען אפן קאָפּ אים אָנטאָן:

— וויפל איך ארבעט בײַ דיר אין גאראַזש? — פרעגט ער איבער. — אַ סאך יאָרן ארבעט איך דאָ. ביסט נאָך דעמלט, האָב קיין פאריבל ניט, אין קורצע מײַטקעלעך געגאַנגען.

מאלינין צעלאַכט זיך גוטמוטיק, נעמט דערבײַ פון דער קעשענע ארויס אַ פלעשל ווערמוט און שטעלט עס באַלעבאַטיש אוועק אפן טיש.

— דערפאַר טאַקע, מאַטוויי מאָיסייעוויטש, פאַלט אַזאַ קאָווּעד אף די קינדער אײַערע... ראכיל איז אַ דיספּעטשער, און שלוימקען וועל איך מיט דער צײַט מאַכן פאַר אַ דעזשורנע...

מאלקע טוט א פליעסקע מיט די הענט און שלעפּט ראפּטום אראָפּ א סלאָי וויַינשל פון דער שאפע:

— פארזוכט מײַן ווארעניע, אָסיפּ סערגייעוויטש.

פון דער רעגע אָן זיצט שוין מאָטל מיט אָפּגעהאקטע פליגל, וואגט קיין וואָרט ניט אויסריידן, ווײַל מאלקע איז אים גרייט אויסגראבלען די אויגן. באם טיש זיצט ווי א גלײַכער שלוימעלע און טרינקט מיט מאלי־נינען ווערמוט. ראָכעלע האָט אויך אויסגעטרונקען א קעלישעקל און שפּירט נאָך מיט א פריילעכער מינע, ווי מאלינין באארבעט עס די מיש־פּאָכע אירע.

זי אליין, ראָכעלע, האָט שוין דאפקע געהאט גענוג צײַט באטראכטן דעם גאנצן איניען.

צוריק גערעדט, וואָס דארף זי זיך אזוי היטן פון מאלינינען? נעכטן האָט ער איר געזאָגט, אז ער גיט איר דעם „מאָסקוויטש" זײַנעם, זי זאָל צופאָרן אין וואלד. עמעס, ער וויל, זי זאָל דאָרט אָפּטאָן מיט מארינען א שווארץ שטיקל ארבעט: זי אײַנריידן, פּאכאַמאָוועז, זיך אומקערן אין גאראזש. דאָס וועט זי ניט טאָן, ראָכל! נאָר דורכפאָרן זיך אין וואלד, א קוק טאָן אף פרידלען און טאקע אויך אף אלע איבעריקע כעוורע — פארוואָס ניט?

אָסיפּ סערגייעוויטש האָט שוין באוויזן ארויסלייגן זײַן גאנצן פּלאַן פאר די סמיקונעס. ער גיט ראָכעלען דעם „מאָסקוויטש" און זעצט אוועק באם רודער מאסליאַנקינען. אלציינס דארף דאָך דער סימוליאנט צוריק פאָרן אין וואלד ארײַן.

אין גאראזש קערט זיך ראָכעלע אום ערשט אף מאָרגן, און די מאשין פירט שוין ניט דער נימעסער שיקער מאסליאַנקין, נאָר מארינע פּאכאָ־מאָווא.

מאָטל סמיקון טוט א באלמעלאָכיש שמייכעלע:

— א קאָפּ פון א מיניסטער האָסטו, אָסיפּ סערגייעוויטש. איך האָב שוין לאנג געזאָגט, אז מע דארף דיך צונעמען פונעם גאראזש און ארײַנ־זעצן אין די הויכע פענצטער...

ראָכעלע כאפּט ארום דעם טאטן באם האלדז, אז יענער שטיקט זיך שיר ניט:

— טאטע, איך וועל פאָרן... איאָ, איך וועל פאָרן?.. נאָר צווישן מיר און מאסליאַנקינען זעצן מיר אין „מאָסקוויטש" ארײַן דעם געראָטענעם סטאזשאָר אונדזערן — שלוימקען... זאָל ער אויך האנאָע האָבן פון א נעסיִע אין וואלד.

אין שלוימעלען צינדט זיך אָן דאָס סוקעוואטע בלוט, גיט ער זיך פון פרייד א שטעל אף די הענט, און, מעשונע וואָרפנדיק מיט די פיס אינדערלופטן, שרײַט ער מיט ווילדע קוילעס צו דעם פאָל, ווי אין א קרענעצע ארײַן:

— פיר פּאָר פּאַרצעלײַענע טעלער! מיר גאזויען, נאָך א מין גאזויען, ראַיסא מאטווייעוונא!

קאפיטל צען

# מאסליאַנקין פאַרט מיט הינטערגעסלעך

אין וואלד ברענען שײַטערס סײַ באַטאָג, סײַ באַנאַכט. ס׳איז סאָף אָקטיאבער. מיט צוויי רויטע אָנגעשוואָלענע באַקן שטייט די זון אין הימל, אָבער דאָס איז נאָר אַ דאַכטעניש — זי איז שוין אַ מאָגערע, די זון, און אומזיסט וואַרפט זי איר גינגאָלדענע בעריעשאַפט אָנצוװאַרעמען די ערד. עס ווייסן שוין אפילו טונקל־פאַרגליווערטע וואָלקנס, אַז די זון, וואָס האָט אַזוי געטרײַ געוואַרעמט אַ לאַנגן זומער, גרייט זיך שוין מאַכן פּלייטע אויף ווינטער.

אײַלן שאָפערן: די שטאָט דאַרף האָבן האָלץ. דער אַלטער וועג פון וואַלד צום טראַקט איז צעוואַלגערט און פאַרלאָזט. נאָר דאָרט, ווו באַ־לאַנדין מיט זײַנע אָדלערס שפאַרן אָן, לעבט אויף אפילו אַ פאַרוואָרפע־נער וועג. שאָפערן טראָגן צווײַגן, בערוועגעס, שטיינער, אַרבעטן מיט לאָם און לאָפּעטע, גלײַך מע זוכט דאָ אָן אוצער... עס מעג איצט אָן אופהער גיין אַ שניי מיט אַ רעגן, נאָר מאַשינעס וועלן לויפן צום טראַקט, פאַרסאָפּעטע און באַשפּריצטע מיט בלאָטע, באַלאָדענע ווי די פּליטן אויף אַ טײַך, מיט שווערע אַרומגעהאַקטע שטאַמען.

און בעשאַס די בריגאַדע גייט אָפּ מיט שווייס אויף אָט דעם צעקאַרדאַ־שעטן וועג, זוכט דערווײַל מאַרגוליס אָן אַנדערן, אַ קירצערן און באַקוועמערן וועג, וואָס האָט מילכאָמע־צײַט געדינט די פּאַרטיזאַנער און איז איצט פאַרגעסן געוואָרן.

ס׳האָט ערשט אָנגעהויבן טאָגן אין וואַלד, ווען פרידל איז אַרויס פון זעמליאַנקע זוכן דעם וועג. טרוקענע צווײַגן טרישטשען אונטער די פיס, ביימער און קוסטעס זײַנען אומרויק, בענקען נאָך אַוועקגעפלויגענע פייגעלעך.

דערמאָנט זיך מאַרגוליס, ווי מיט יאָרן צוריק האָט דער טאַטע זײַנער, דער סטעלמאַך, אים געפירט דורך אַ פרײַלעכן אוקראַאינער וואַלד אין שכייניש דאָרף אויף אַ יאַריד. אַ זניקל איז ער דעמלט געווען, נאָר געטראָגן שוין דעם טאַטנס אַל פון אײַנהאַנדלען האָלץ אויף אָבאָדיעס, ספּיצעס און דישלעס. פרידל איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם פויגל־געזאַנג אין דער געהיימער וואַלדישער וועלט. פאַרמאַלעכט זיך אַזוי, האָט ער גאָר פאַרגעסן, אַז דער טאַטע שפּאַנט אָנגעשפּאַרט אין שטעקן, פאַרדײַגעט וועגן פאַרנאָסע־זאַכן... אַ גאַנצן טאָג האָט פרידל איין־אַליין, פונקט אַזוי ווי איצט, אַרומגעבלאָנקעט אין וואַלד. פאַרנאַכט איז ער געזעסן באַם וואַלד־וועכטער אין בײַדל, געקײַט פּלעצל מיט מאָן, פאַר־טרונקען מיט מילך...

איצט גייט מאַרגוליס אויסזוכן אַ וועג פאַר די מאַשינעס, מע זאָל ביזן גרויסן שניי אַרויסכאַפּן די עטלעכע טויזנט קובאָמעטער געהילץ פאַר דער שטאָט.

פּאַרטיזאַנער האָבן אין דער צײַט פון דער מילכאָמע אויף יענעם וועג

געפּירט אין וואַלד אַרײַן זייער דאַברע־מאַזל: ברויט, ביקסן, בעטלעך, קוילן, מאַכאָרקע. איז גיי געפֿין אים, דעם וועג, אַז פֿון יענער צײַט זײַנען שוין יאָרן פֿאַרלאָפֿן, און דער וואַלד איז טיף, ווי דער יאַם, און ס׳איז שפּעטער אָסיען — אַ פֿאַרפּלייצונג פֿון פּיטש־נאַסן גראָז און אַראָפּגעפֿאַלענע בלעטער.

מענטשן, איר זײַט גליקלעך, וואָס איר האָטביידע אויגן, ציטערט ניט אַזוי אײַער נעשאָמע, אויב פֿון מידקײַט הייבט אָן שמאַרצן און נאָיען דאָס איינציקע אויג... פֿון זינט ראָכעלע האָט באַם סטערטעלע היי שטיפֿעריש פֿאַרשטעלט אים דאָס פּאָנעם, שרעקט אים עפּעס באַזונדערס, ער זאָל אינגאַנצן ניט בלינד ווערן. נאָר ניין, ער וויל ניט פֿאַטערן דעם טאַם פֿון לעבן, ער וועט ניט אוועקזעצן זיך אײַנגעהויקערט אָפֿן פּידאַשעק. דעריבער באַהאַלט ער טאַקע אַזוי אויס דעם ווייטעק אין די אויגן סײַ פֿון אייגענע כאַווײַרים, סײַ פֿון סטראַכאָוון.

נאָר דאָ אין טיפֿן וואַלד זעט דאָך אים קיינער ניט, זעצט ער זיך אוועק אַף אַ פּניאַק און דריקט צו מיט קויעך ביידע דלאָניעס צו די אויגן.

פּלוצעם דערטראַגט זיך צו אים דאָס שוואַכע הודיען פֿון אַ מאָטאָר. ער הערט זיך אײַן אַ ווײַלע און בלײַבט אַ פּרילישעטער. געשיקט זיך, הודיעט אַזוי דער ווייטעק אין קאָפּ? ער איז, דאַכט זיך, אינגאַנצן קראַנק, פּרידל, ווײַל ווי קומט אַהער אַ מאַשין?

ער שטייט שווער אויף פֿון אָרט און לאָזט זיך גיין אַהין, פֿונוואַנען עס דערטראָגט זיך דאָס זשומען פֿון מאָטאָר.

...די שענסטע פּאַרטלען וואַרפֿט אַרויס דאָס לעבן אַליין. ווײַל ווען, לעמאָשל, וואָלט געפֿאַלן אָפֿן זינען, אַז גראָד אָט דער פּוילישאַק מאַסליאַנקין וועט אומגעריכט פּאַר זיך אַליין אָנטאַפּן דעם פֿאַרלאָרענעם פּאַרטיזאַנישן וועג, וואָס מאַרגוליס איז איבער אים מאַמעש געפֿאַלן מיטן פּאָנעם צו דער ערד, נאָר טאַקע ניט געפֿונען!

און שולדיק איז אין דעם מאַסליאַנקינס שוואַכקײַט צו ראָכעלען.

ווי נאָר ער האָט פּאַר זיך דערזען די טונקלקײַט פֿונעם וואַלד, האָט ער גלײַך אָפּגעקערעוועט פֿונעם טראַקט און געגומען מיטן „מאָסקוויטש” אַרומנישטערן איבער זײַטיקע וועגן.

— מיינסט, ס׳איז אַזוי פּאָשעט אַרײַן אין בערלאָגע? — האָט ער געענטפֿערט אַף ראָכעלעס באַומרוּקטקײַט. — אַהער פֿירן ניט קיין פּראָספּעקטן, נאָר הינטערגעסלעך.

אַזוי לאַנג געדרייט איבער די הרודעס, ביזוואַנען ער האָט זיך אַליין פֿאַרכידעשט, דערזעענדיק אונטער די רעדער אַ צעשלאָגענע, נאָר אָן אויסגעבעטע קאָליע.

האָט ער דאָ זיך אָפּגעשטעלט, ווי אַף אַ פֿאַרשאָלטן אָרט, און קעדיי דער קונץ זײַנער זאָל ניט אַרויסרופֿן קיין כשאַד, אַרויסגעשלעפּט דעם קאָרעק פֿונעם ראַדיאַטאָר און אָנגעלאָזט אַ פֿולן מאָטאָר מיט פּאַרע. האָט אָנגעהויבן זידן דאָס וואַסער, ווי אין אַ פּאַראָוויק, און מאַסליאָנקין האָט אַ גנייווישן קוק געטאָן צו שלוימען:

— וועסט מוזן, ברודערקע, א לויף טאָן צום ריטשקעלע נאָך אן עמער וואסער.

ראָכעלען איז פּארקילט געוואָרן דער מאמעס מילך: בלײַבן אליין מיט מאסליאָנקינען אין וואלד! שטעלט זי זיך מיטן בויך צום ראדיִאטאָר, ווארעמט קלוימערשט אירע הענטלעך, טריקנט די הענטשקעס, נאָר שלוימע איז נאָך אלץ ניטאָ.

מאסליאָנקין דרייט זיך ארום ראָכעלען, ווי א בער ארום א לאקעמקע... מיטאמאָל גליטשט ער זיך ארויס פון אונטערן פליגל, טאַפּט קלוימערשט א פעדערשטע שינע און פאלט ארוף אפן מיידל, קושט זי אין די באקן, אין שטערן, אין דער נאָז:

— א בראנד מיר אין די ביינער, ראיִסא, און לאנג לעבן זאָל מאלינין פאר זײַן גלייבן אין מיר!..

ראָכעלע וויל זיך ארויסרײַסן פון מאסליאָנקינס הענט, נאָר אנטקעגן אים איז זי דאָך א שעפעלע.

און אין דער דאָזיקער רעגע גייט מארגוליס א מידער ארויס פונעם וואלד און דערזעט: פונעם טראקט ציט זיך אהער א צעשלאָגענע, נאָר אן אויסגעבעטע קאָליע — דער פארטיזאנישער וועג! וואָס שטייט עס דאָרט אף דער קאָליע? א „מאָסקוויטש" שטייט דאָרט. און לעם „מאָסקוויטש"... מארגוליס פארזשמורעט דאָס אויג ביז ווייטעק אין די שלייפן: לעבן „מאָסקוויטש" שטייען ארומגענומען אין א מאָדנער ראנגלעניש ראָכעלע און מאסליאָנקין...

ווען ער וואָלט גלײַך זיך ניט אויסגעדרייט אף צוריק, ווען ס׳וואָלט אים ניט א שטויס געטאָן די אומדערוואַרטע איבערראשונג, וואָלט ער אוודאי נאָך באוויזן זען, ווי צום „מאָסקוויטש" לויפט, צעפליעסקענדיק דאָס וואסער פונעם עמער, שלוימעלע. מאסליאָנקין שארט זיך געלאסן אָפּ פון ראָכעלען און שטעלט מיט באהאלטענעם פארדראָס צוריק ארײַן דעם קאָרעק אין ראדיִאטאָר.

און ווען מארגוליס קערט זיך צוריק אויס צום וועג, גרייט א וואָרף טאָן זיך לויפן צו דער מאשין, דערזעט ער נאָר א שווארץ רויכל פון דעם אוועקגעפאָרענעם „מאָסקוויטש". ער פּרוּווט נאָכלויפן, שרײַענדיק ניט מיט זײַן קאָל, נאָר עס העלפט ניט, און פרידל לאָזט זיך מיט א שווער געמיט אוועק צוריק אין וואלד.

אין זעמליאנקע שלאָפט א טויט־מידער נאָך דער שווערער נאכט באַ־לאנדין. מארינע האָט אים געטרײַ אײַנגעדעקט און איז אליין אוועק פארבײַטן אים אפן וואלד־באצירק.

— סאשע, שטיי אוף, סאשע!

— וואָס איז געשען, פרידל?

נאָך ניט קיין אויסגעטשוכעטער פון שלאָף, הערט אויס באלאנדין מארגוליסן, און, ארופציִענדיק די שטיוול אף די פיס, זאָגט ער מיט גע־מאכטער האָפערדיקײַט:

— פרידל, ס׳איז א גוטער סימען, אז דו ביסט אײַנגעליאפעט איבער די אויערן, ווײַל דו זעסט שוין ראָכעלען אפילע אין כאָלעם.

— דו גלייבסט ניט, סאשע?

פון באלאנדינס אויגן גאַנוועט זיך ארויס דער אומרו, וואָס גייט ניט דורך אומבאמערקט אויך פאַר מארגוליסן.

— דו ווייסט עפּעס, סאשע, נאָר דו זאָגסט מיר ניט!

— וואָס ווייס איך? איך בין דאָך געשלאָפן. איך ווייס נאָר, אַז מארינע האָט אָפּגעשיקט ביגנייווע מאסליאַנקינען אין גאראזש... שטיי, שטיי... זי האָט אָפּגעשיקט מאסליאַנקינען צו מאלינינען... ער האָט זיך אומגעקערט אָף מאלינינס „מאָסקוויטש". קום, פרידל, לאָמיר גיין!

אפן באצירק, הינטער א געדיכטן קוסט, שטייט ראָכעלע אנטקעגן מארינען און טײַנעט איר אײַן:

— דער רעצייעך האָט מיך ספּעציעל געשיקט אהער, איך זאָל דיך אײַנריידן. וואָרן איך דיך, זאָלסט ניט אײַנגיין אָף זײַן פּרימאַנקעלע... מאלינין, זאָלסטו וויסן, איז אַן אײַנגעשפּארטער, און דו הער זיך גוט צו, וואָס איך אייצע דיר...

צו באלאנדינען און מארגוליסן דערגייען נאָר די לעצטע ווערטער ראָכעלעס: „מאלינין... אײַנגעשפּארטער... הער זיך גוט צו..."

באלאנדין קריצט מיט די ציין. מארגוליס שארעוועט איבער די קוסטעס, זוכט דעם „מאָסקוויטש". ראָכעלע און מארינע שושקען זיך.

פריי זיך, מאלינין! האָסט זיך דײַנס דערשלאָגן: צווישן צעקריגטע פּאָרלעך קאָן עפּשער דײַן מאזל אויסשפּילן...

קאַפּיטל עלף

# א כאסענע אין וואלד

די קרירע האָט צוביסלעך געבראָכן דעם וואלדס ביינער, פּארקאָוועט די מאשינעס, וואָס שטייען אין באלקע פול אָנגעשטאָפּט די קוזאָווס מיט רייניסטן שניי. טשעריאָמוכעס, באצירטע מיט פּראָסט־טוי, זעען אויס, ווי זיי וואָלטן זיך שוין גאָר לאנג אָפּגעקינדלט, נאָר די ווײַסע קליבעס זייערע זײַנען נאָך אלץ אײַנגעפאלן.

אינעם שאלאש פון סאָסנע־צווײַגן, אָן א טיר, אָן פענצטער, אף טרו־קענער כוואָיע ליגט מיטן ציגאר אין מויל, מיט אַן אָנגעזאָליעט הארץ מארגוליס. פונקט ווי ס׳וואָלט אים דאָס קאדאָכעס באפאלן, אזוי גרילצט נאָך אלץ דער זשום פונעם „מאָסקוויטש" אין זײַנע אויערן.

מאלקע זאָל דאָ זײַן, די מאמע ראָכעלעס, טוט זי א זאָג אף איר אויפן: „וואָס איז די בעזהאָלאָווליע, פרעג איך אײַך? א שווארצע קאָץ איז אײַך דעם וועג איבערגעלאָפן, צי א פייגער ליגט דאָ אין וואלד באגראָבן? וואָס זשע דען מאָרדעוועט מיט אים אזוי, מיטן מאָפּס?"

מאלקע איז אַן אלטע יידענע — אבי געפּלאפּלט! אָבער צי דען האָט

אים ראָכעלע נעכטן אויך ניט געזאָגט דאָס אייגענע? געזעסן מיט אים, געשיילט א קאַרטאָפּליע און אַרײַנגעטײַנעט:

— טרײַב ארויס דעם טשאד פונעם קאָפּ, פרידל! זעסט דען אליין ניט, אז סע האָט די ווערט א פּעטרישקע. קענסט דאָך מאַסליאַנקינען...

ניט אזוי גרינג אָבער קילט זיך בא פרידלען אָפּ דאָס הארץ. אָט ליגט ער איצט א פּארדולטער אין דעם פּאַרוואָרפענעם זומערדיקן שאַלאַש און ער זעט פונדאַנען, ווי שאָפערן פון זײַן קאָלאָנע זיצן ארום דעם שײַטער און ריידן זיך דורך טאקע וועגן מאסליאַנקינען, וועמען זיי קלײַבן זיך פאַר דעם מיִעסן שפּיצל זײַנעם אָנרײַבן די מאָרדע. נאָר אים, מארגוליסן, „נעמט עס ניט". ער קערעוועט זיך אויס מיטן פּאָנעם צום פינצטערן ווינקל פונעם שאלאש און מאכט זיך ניט הערנדיק און ניט זעענדיק.

זיצן שאָפערן באַם שײַטער און מע האָט דאָס גרעסטע פאַרגעניגן צורייכערן פון איין און דעם זעלבן האָלאָוועשקעלע. און קוים ווערט אויסגעלאָשן דאָס פײַער, קוקן שפּענער ארויס פון אונטער דעם שניי, ווי פוקסן פון זייערע נאָרעס. נו, און שאָפערן זײַנען דען ניט כיטרער פון פוקסן? מע האָט זיך צו מארגוליסן ניט געלאשטשעט, ניט געלייגט אים קיין נאסע האנטעכער צום קאָפּ, אפילו אים ניט אופגעוועקט פון דעם געמאכטן דרעמל. זיך דורכגערעדט אף שאָפערישן שטומלאָשן, אײַ־נער צום אנדערן גנייוויש א ווונק געטאָן און ווי אויסגערונען געוואָרן.

ווען מארגוליס האָט געעפנט די אויגן, האָט ער דערזען שוין ניט דאָס רעדל שאָפערן, נאָר באלאנדינען, ווי ער לויפט צו אים מיט א צעלאָזט פעלצל און מיט אן אראָפּגעפּאָרענעם אף א זײַט היטל. באלאנדין האָט געשריגן נאָך פונדערווײַטנס:

— פרידל, שטיי אוף און העלף מיר פאקן מאסליאַנקינען!

מארגוליס פאַרשטייט ניט, וואָס דאָ קומט פאָר: ערשט איז באלאנדין געווען פונקט אזוי דערשלאָגן, ווי ער אליין, איז וואָס איז אים פּלוצעם דער גער באַפאלן?

און געשען איז אָט וואָס.

א גאנצן טאָג איז באלאנדין ארומגעגאנגען ווי מעוווּלוול, אויסגעמיטן מענטשן, מיט קיינעם א וואָרט ניט גערעדט. האָט ער זיך דען געקאָנט ריכטן אף אזא פאלשקײַט, מארינע זאָל אים אָנשפּײַען אין דער נעשאָמע? מיט הינטערגעדאַנק אָפּשיקן דעם שיקער צו מאלינינען, קעדיי זיך ווידער צונויפקאָמפּאַניען מיט אים, און אין דער זעלבער צײַט זיך בייגן אינדרײַען פאַר אים, פאַר באלאנדינען! איז אים ניט ניכע שוין דער וואַלד און דאָס גאנצע קלאָפּערגעצײַג, די אויסגעמוטשעטע ליבע מיט אזויפיל פאַרדראָסן און איבערלעבונגען. שטייט ער אפן בריקל, וואָס שאָפערן האָבן ערשט צונויפגעקלאפּט, און דערמאָנט זיך דאָס בריקל אין ראקיטנע, אין זײַן אלטן היימישן דערפל. וואָלט ער שוין בעסער דורך אָט דעם אלטן בריקל אומגעקערט זיך צו זײַן בידנער קינדהײַט מיט „דערבען־קאַלוגא", איידער איבערלעבן דעם ביזאָיען פון מארינעס פאַראַט.

אַײַ האָט ער ליב געהאַט, סאשקאָ, דער בעטלער, דאָס בריקל פון צוויי

שטיינער, דאָס אינדזעלע אינמיטן טײַכל און דאָס פּאסיקל אָטשערעט, וואָס האָט זיך ווי א שיינער טעפּיך געצויגן פון ברעג צו ברעג!
„ראקיטנע, ראקיטנע... דערבען־קאלוגא...״
א בודקעלע פון דינע ברעטלעך פארן הינטל, א שטאכעטן־פּארקנדל און א קארליק־ווערבעלע, וואָס איז קימאט ניט געוואקסן... ער דערמאָנט זיך זײַן היים: א דערשלאָגן שטיבעלע מיט אויסגעקרימטע פענצטער. איין גאָט ווייסט, ווי־אזוי עס קומט אהער עפּעס א גרויסשטאָטיש בוי־פעטל, נאָר אָן שופלאָדן און אָן א טירל — הוילע פּאָליצעס. און אין קיך־ווינקל א מארמאָרנע שיסל אף וואשן זיך, און דאפקע מיט א מעשן קרענטל, נאָר קיין וואסער גייט ניט... די פּאָקרישקע פונעם קוימען איז צוגעקאָוועט צום אויוון מיט א צוגעסמאליעט שטריקל. דער זייגער שטייט. די קאָץ מיט די קעצלעך ריידן צווישן זיך פון ניט קיין פריילעכע זאכן, און וואָס טיפער אין דער נאכט ארײַן, ווערט דער אומעט פונעם מיאוקען אלץ שטילער און טרויעריקער. דאָס הרובקעלע, אויסגעשמירט מיט גע־לער ליים, איז מיט א בײַכל, ווי א טראָגעדיק עלטער ווײַבל. אפן טיש — א שערל, א בלעכן קווערטל, א פלעשל מיט א רעצעפּט...
פון די דערמאָנונגען הייבט אָן בא באלאנדינען טריקענען אין מויל און ער איז גרייט פון דאָרשט אויסלעקן דעם ערשטן שניי אין וואלד.
ווי פון אונטער דער ערד קריכט פּלוצעם ארויס דער סטאזשאָר סמיי־קון. באלאנדין זוכט שוין לאנג שלוימען, קעדיי אויספרעגן אים, וואָס פאר א זאווערוכע האָט מאלינין ווידער אופגעהויבן.
דערציילט אים מאָטל דעם בלעכערס קאדיש פונעם דירעקטאָרס דער־הויבענעם וויזיט, ווי מע איז געזעסן באם טיש ארום מאלקעס מײַכאָלים. דעם פלאָדן מיטן סלאָי ווײַנשל און דאָס ווײַניקע קאָמפּאָטל פארגעסט ער ניט, שלוימע, צו דערמאָנען. נאָר באלאנדין מיינט ניט די קניידלעך, ער מיינט די האגאָדע: ניט וואָס מע האָט געגעסן וויל ער וויסן, נאָר וועגן וואָס מע האָט גערעדט.
טוט שלוימע א שיט ארויס, אז ראָכעלע לאכט פון אים, פונעם די־רעקטאָר, און אז די גאנצע מײַסע וועט מאלינינען אויספאלן באָקאָם, ווײַל געמיינט האָט זי, ראָכעלע, גראָד וואָרענען מארינען וועגן מאלינינס זלידנישע גענג, און געמיינט האָט זי, זײַן שוועסטער, זיך פּאָשעט זען מיטן געליבטן אירן, מיט מארגוליסן. פון מאסליאָנקינס מעשוגאסן וויל ער גאָר ניט ריידן. ראָכעלע אליין האָט מאסליאָנקינען טאקע דאָ באַלד געמאכט מיט דער בלאָטע גלײַך.
באלאנדין טוט מיטאמאָל א צעפּיר מיט די הענט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט א קלאַפּ טאָן אונטער די פאכוועס, דערוואָרעמען זיך. ער פאר־געסט גלײַך אין שלוימען און לויפט אוועק אָן אָטעם מיט א צעלאָזט פּעלצל און מיט אָן אראָפּגעפּאָרענעם אף א זײַט היטל. ער לויפט צום שאלאש רופן מארגוליסן.
פון מידקײַט און פון פרייד הייבט אָן פרידלען ווידעראמאָל צו שמארצן דאָס קראנקע אויג.
פון דער זעמליאנקע דערטראָגט זיך אהער א ווילדער הו־הא. באלאנ־

דין און מארגוליס לויפן ארויס פונעם שאלאש און דערזעען: שאָפערן, די זעלבע, וואָס זײַנען ערשט געזעסן ארום שײַטער און פּיקסלדיק גע־סוידעט זיך, שלעפן איצט פאר הענט־און־פיס מאסליאָנקינען צום פעסל מיט וואסער. אנאטאָלי בעריעט זיך ארויסצורײַסן פון זייערע לאפעס און בעט זיך בעשאס־מײַסע מיט א דין־קוויטשענדיק קעלעכל, ווי מע וואָלט אים געקיצלט:

— סיניאָרן, האָט ראכמאָנעס... סיניאָרן, איך וויל ניט טרינקען... איך בין ערשט נעכטן געווען אין באָד... זײַט מויכל, סיניאָרן!..

די כעוורע, דערזען לויפן באלאנדינען מיט מארגוליסן, מיינען, אז מאסליאָנקין וועט אויך דאָס מאָל באקומען אן אמניסטיע, לאָזן זיי אים הענגען אינדערלופטן און ווארטן אפן פסאק־דין פון דער נאטשאלסטווע.

נאטשאלסטווע אָבער כאפּט אליין אָן דעם יונגאטש — איינער בא די הענט און דער צווייטער בא די פיס — און מע טיוולט אים אונטער, ווי דעם רעכטן צאדיק, אין דער פאס קרירע־וואסער...

שאָפערן רײַסן קישקעס, זעענדיק, ווי דאָס וואסער רינט אזוי מ׳עס פון מאסליאָנקינס פלודערן. באלאנדין טוט אים אָן זײַן וואטניק, טראָגט ארויס פון זעמליאנקע א פּאָר שטיוול.

אײַ, מאסליאָנקין, מאסליאָנקין! שיר ניט צעקריגט אף אייביק צוויי פּאָרפאָלק מיטאמאָל, און נאָך אין וועלכער צײַט! ווען ארום דעם אפסנײַ אויסגעזוכטן טראקט פלאטערן שײַטערס א גאנצן מעסלעס. אף אָט דעם וועג, וואָס איז א סאך קירצער פונעם אלטן, פארשפּאָרט מען אומזיסט פּאטערן טאָנעס בענזין, און שאָפערן אליין הריזען טאקע ווינציקער מיט די נעזער די ערד. שוין טויזנטער קובאָמעטער האָלץ פארגרייט, מע קאָן א גאנצע שטאָט אויסבויען און זי אויך דערווארעמען — מעג זיך דאָך אוואדע פרייען דאָס הארץ בא שאָפערן!

וועט מען זיך טאקע פרייען.

מע גרייט זיך פראווען א ליאמע — א הוליאנקע, נאָר אייניקע זאָגן, אז ס׳איז ניט פּאָשעט א פריילעכע וועטשערע, נאָר א קנאסמאָל, און עמעצער זאָגט אפילע — א כאסענע. וועמענס כאסענע? ווארפט מען דער־ווײַל ארײַן א כאָכמע, אז ווו איז געהערט געוואָרן, די קאלע אף דער כאסענע זאָל גאָר זיצן מיט א בײַכל...

אזוי צי אזוי, נאָר ס׳וועט זיך טאָן אף טיש און אף בענק. ראָכעלע און מארינע לויפן ארום צעטראָגענע: ס׳איז דען אזוי פּראָסט אין וואלד אן איבעריקן טעלער געפינען צי גלעזער קלעפּקעוואטע, וואָס שאָפערן האָבן ליב פון זיי צו טרינקען?

הײַנט אויב א כאסענע, דארף מען דאָך א שפּאן מיט דרײַ רײַכע שפּאקעס, באהאנגענע מיט לענטעס און מיט גלעקלעך, אף ברענגען כאָסן־קאלע און אף פירן מעכוטאָנים. האָט מאסליאָנקין צוגעטראכט: מאלינינען דעם „מאָסקוויטש״ ניט אָפּשיקן. שאָפערן זײַנען א מאָטאָרנע פּאָלק, און אף א כאסענע מעג זיי אָנשטיין מאכן דעם ארויספּאָר אף א „מאָסקוויטש״ און אף מאלינינס כעזשבן! וועט מאסליאָנקין אײַנשפּאנען דעם דירעק־טאָרס עקיפּאזשל און כאָסן־קאלע ארומפירן מיטן גאנצן שיק. און ווער

דארף קרענץ געפלאָכטענע, ווען מען פעלן דען בלומען, אז דאָ ארום, אין געדיכטן וואלד, שפּיגלען זיך אין זייער אייגענער שיינקייט אייביק־גרינע סאָסנעס און יעלן?

אוי ווען מען זיך פרייען, אוי ווען מען פראווען א וועטשערע!

אויך זי, די טשעריאָמוכע, וואָס איז באצירט מיט פראָסט־טוי, בעט זיך זײַן א שטיקל מעכוטענעסטע, כאָטש זי ווייסט, אז ס'איז ניט זומער־לעבן, ווען זי איז באשענקט מיט צוויט און אראָמאט, נאָר אָנהייב ווינ־טער איז איצט, און זי איז הויל און בלויז... צאפּלדיק לויפט דורך איבערן קלאָר־ווײַסן שניי א פארבלאָנדזשעט העזעלע, גרינג ווי א פעדער. סע כאַנפּעט זיך מיט די קאָסע אייגעלעך צו מארינען און צו באלאנדינען — נעמט מיך אויך אף דער כאסענע...

שאט, שאט, עס הייבט זיך אָן! עס שמעקט מיט געבעקס, מיט גע־קעכטס. אין דער גרויסער זעמליאנקע, צווישן די זיבן סלופּעס, וועלכע שפּארן אונטער די סטעליע, וואָס איז צעצוויטעט מיט נאסלעכע ווינטער־קווייטן, זשומעט אַן ארומגעוואשענער און אויסגעגאָלטער אוילעם שאָ־פערן. און דאָרט, ווו עס שטייען די פלעשלעך, איז דער סאמע אָנגע־לייגטער מעכוטן — מאסליאָנקין. שלוימע סמיקון דרייט זיך ארום אים ווי א צוויטשערל:

— מיש ווייניקער דײַן פּאָלאָנעק, סיניאָר!

מאסליאָנקין קוקט אף אים פארכידעשט, גלײַך ער וואָלט אים ניט דערקענט:

— פּאצאן, נעם אײַן שטומעניש, ביסט דערוווּיל א האלבער שאָפער... גיי פריִער דורך סטראכאָווס שעויל־טאכטיִע...

שלוימע ווערט מאָלע־רעציכע:

— וועסט זיך דערשפּילן, אז מע וועט דיך נאָך אין טײַך אויך אונ־טערטויוולען!

שאָפערן האָבן פּײַנט אַן איבעריק מאָל טופּען מיט די פיס. איידער דרייען זיך אין קאָן, איז שוין ליבער זיצן ארום טיש, נעמען א גלעזל בראנפן און פארבײַסן מער מיט ציגארן־טשאד, איידער מיט עסן. דאָס עסן לאָזט מען איבער דער באלעבאָסטע אף מאָרגן.

טרעפט אויך א שטילע מינוט, ווען מעכוטאָנים בלײַבן זיצן אָן ווער־טער. דעמלט דערהערט מען, אז עס שפּילט א באיאן, כאַפּט זיך עמעצער ארויס מיט א ליד, און די זעמליאנקע ווערט ווידעראמאָל פול מיט שווע־רע מענערשע קוילעס, גלײַך שאָפערן וואָלטן דאָ, אין דער זעמליאנקע, פארפירט די מאשינעס זייערע.

די פארליבטע פּאָרלעך זיצן אין א זײַט. מארינע מיט באלאנדינען און מארגוליס מיט ראָכעלען. שאָפערן זײַנען בעטעווע גאָר ניט קיין שלעכטע מענטשן, מישט מען זיך ניט אין פרעמדע געשעפטן, מע באמערקט קלויי־מערשט ניט, ווי פרידל און ראָכעלע קושן זיך און קוקן לאנג־לאנג ארײַן איינער דעם צווייטן אין די אויגן. דער בעסטער סימען, אז באלאנדין איז גליקלעך, איז דאָס, וואָס ער בייזערט זיך ניט אף מאסליאָנקינען, ווען ער בעט אזוי געטרײַ אויס אין פינצטערן ווינקל פון זעמליאנקע א

בריית בעט פון סאָסנע־נאָדלען. מארינע טוט נאָר שטיפעריש־בייז זיך א קערעווע אויס צו מאסליאָנקינען און באשיט אים מיט א זשמעניע נאָדלעך:

— מירן אליין אונדזער שטעטל באשטיין, כאָליערעניק וויסטער!

אינמיטן דער כאסענע, פונקט דעמלט, ווען שאָפערן קלייַבן זיך דורכ־קאטייַען ביידע פאָרפאָלק, שטעלט זיך אריַין אין וואלד א ניט־געבעטענער מעכוטן. דער מעכוטן קריכט וואזשנע ארויס פון א שווארץ־לאקירטער מאשין און, באקוקנדיק מיט דערשראָקענע אויגן די שיינע כאליאסטרע יונגעלייַט, ווי זיי פלאָנטערן קוים מיט די פיס און פאַרען זיך בעריש ארום דעם „מאָסקוויטש" באם באזעצן די אויסגעסטראָצלטע מארינע, דערפילט ער, אז ס'באפאלט אים א קאַלטער שוויס.

דער ניט־געבעטענער מעכוטן איז טאקע אליין מאלינין אָסיפּ סער־גייעוויטש.

ניין, ניט דערוויסן זיך, צי שאָפערן אין וואלד האָבן פּוישטן מיט הענטשקעס, איז געקומען אהער דער דירעקטאָר, ניט א קוק טאָן אף די שטאבעלס מיט צוואנציק טויזנט קובאָמעטער האָלץ. אפילע ניט עסן און פרעסן אין דער פריילעכער זעמליאנקע. מאלינינען בראָט די הויט אן אנדער זאך. ער נעמט שיר ניט איַין א מיסע־מעשונע, וואָס ס'איז פאר־פאלן געוואָרן די קו מיטן שטריק — ניט דער „מאָסקוויטש" האָט זיך אין שטאָט אריַין אומגעקערט, ניט מארינע איז צוריק אהיים געקומען. האָט ער געוואָרפן קיניען מיט מיניען און זיך געלאָזט אף „קידעש־האשעם" — געקומען, דאָס ערשטע מאָל פארן גאנצן סעזאָן, צו באלאנדינס כעוורע.

דערזעט ער, די „סיניאָרן" זייַנע שטייען ארום זייַן פערסאָנעלן „מאָסקוויטש". אפן פליגל שאָקלט זיך א פלעשל, פארשטעקט מיט א קאָרעק פון פאפיר. איין מאסליאָנקין ווייסט פונעם סאָד, אז אין פלעשל בויטעט זיך קאלעמוטנע שניי־וואסער, אלע איבעריקע מיינען בעפיירעש, אז דאָס איז ריינער בראנפן. באלאנדין דארף צוויי מאָל ארומפירן מאַ־רינען, און פארייַנוועגס אויך דאָס פלעשל אפן פליגל, ארום דער זעמ־ליאנקע אזוי, אז די קאלע זאָל זייַן צופרידן און דאָס פלעשל זאָל בלייַבן גאנץ. עס ציטערן אים אזש די פיס, באלאנדינען, טאָמער, כאס־ווע־כאָלילע, קאָנפוזיעט ער זיך. בא מאלינינען צינדט זיך אויך אָן דער שאָפערישער אָדער. גלייַך פארגעסט ער אין זייַן גאנצער קריוודע און, ווי א יינגל אפן פּלויט פונעם סטאדיאָן, פאלט ער אריַין אין דער שפּיל.

גלייַך א שיפל אפן טייַך, אזוי גרינג־רירעוודיק בייגט דער „מאָסקוויטש" צוויי מאָל ארום די זעמליאנקע, אויסמיַידנדיק די פניאָקעס און די הרודעס, מאמעש דאָ וואָלט געווען אן עמעס אספאלטירטע טראסע.

מאלינין ווערט מיטאמאָל אָן דעם אינטערעס צו דער שפּיל. ער דער־מאָנט זיך, אז אָט איז ער, פונדעסטוועגן דירעקטאָר, באלעבאָס פונעם פּארק, צוגעפּאָרן מיט אזא קוראזש אף דער קאָמפּאָרטאבעלער מאשין, און קיין ליאדע שאָפערוק האָט אים אפילע קיין גוטמאָרגן ניט אָפּגעגעבן. מע האָט זיך אָנגעזשליאָקעט אף דער ארבעט, און נא דיר א באלאגאן!

— מײַן בענזין ברענסטו, באלאנדין! וואָס פארא קאָמעדיעס מאכסטו דאָ?

שאָפערן כאפן א קרומען און א ביסל א צעפּאָלאָכעטן קוק אפן די־רעקטאָר און אף זײַן מיניסטערישן פּאַטעאָנדל און מע וויל שוין ווערן לײַטישע סטאַטעקלעך, טוט מאסליאָנקין אין דער זײַט, אומגעריכט פאר זיך אליין, א זאָג:

— זײַן טאטנס בענזין...— און פון דעם איינציקן כוצפּעדיקן ווערטל קומט ווידער דער אוילעם צו־זיך און — שאָפערן בלײַבן שאָפערן.

— נו, אָסיפּ סערגייעוויטש, טרינק אויס, אזא וועג געפאָרן!

— דירעקטאָר, פרווו דו מאכן באלאנדינס קונץ!

מאלינין שטייט אײַנגעשרומפּן, מיט א שווערער צונג און א פארבי־טערט פּאָנעם. ווער ווייסט דען ניט, אז גראָד צו דער מעלאָכע שאָפערײַ האָט ער צוויי געליימטע הענט. לאכט מען, הייסט עס, פון אים? און ווער — אָט די כאליאסטרע? ער וועט זיי טרעטן מיט די פיס! פוילן אין וואלד וועלן זיי בא אים!

דערווײַל אָבער עפנט מאסליאָנקין מיט גרויס קאָוועד די קאבינע, ווי פאר א פירשט, לעמאָשל. און אז דער דירעקטאָר קריכט ניט צום רודער, נעמט ער, מאסליאָנקין, אראָפּ דאָס פלעשל פונעם פליגל און דערלאנגט עס מאלינינען פונקט מיט אזא פּראָוואָרנע טענצל, ווי עס מאכט עס דער אויסגעשפּילטער קעלנער אין „פּילטער". שאָפערן קענען סײַ באגע־גענען, סײַ ארויסבאגלייטן... „טרינקט אויס, כאָשעווער דירעקטאָר. און אויב מע האָט הײַנט א הוליע געטאָן — איז וואָס? האָט מען דען קיין צוואנציק טויזנט קובאָמעטער געהילץ ניט ארויסגעפירט?"

אויסטרינקען — איז אויסטרינקען... מאלינין נעמט מיט ציטעריקע הענט די גלאָז, מאסליאָנקין גיסט אים אָן מיט אזא פרום פּאָנעם, ווי מע גיסט הייליקע וואסער אין קלויסטער.

א שלונג געטאָן דאָס קאלעמוטנע שניי־וואסער, האָט מאלינין בייז אויסגעשפּיגן און א ביל געטאָן אף מאסליאָנקינען:

— פּאסקודניאק!

שאָפערן ווערן גלײַך ניכטער, קערן איבער די פּעל זייערע אף דער לינקער זײַט און רינגלען ארום מאלינינען:

— געוואָלט פון אונדז מאכן שטראַפניקעס?

— אויך מיר א באלעבאָס!

— מירן דיך אוועקזעצן צוריק צום בייגל!

און אז מאלינין זיצט שוין צוריק אין זײַן מאשין, שרײַט מען אים נאָך:

— נעם דעם „מאָסקוויטש" אפן בוקסיר!

— פארגעס ניט קויפן אין שטאָט ווינדעלעך פאר מארינעס קינד!..

— מאלינין, נעם מאסליאָנקינען פארן „קריאָסטנע"![1]

און מע פּראָוועט די כאסענע ווײַטער.

---

[1] טויף־פּאָטער.

# מאלקע ברעכט טעלער

פאַרנאַכט, ווען מאַטאָרן הערן אויף אַף אַ רעגע צו ברומען אין די באַקסן, ווערט אין גאַראַזש אַזוי שטיל, אַז דאָס שיפּען פון דער פּאַרע אין די רערן, דאָס מורמלען אין מעשענעם קרענטל — אַלץ גרילצט אַפּ אין די אויערן, ווי אַן אומגעריכטער געשריי פון אַ פלעדערמויז. דער גאַראַזש אַליין זעט אויס ווי אַ מין אַלטער צירק: באַלקעס געקרעמפּעוועט אין סקאַבלעס, פּרענטעס פלעכטן זיך אין דער סטעליע, וואַרשטאַטן מיט קייטן אַף אויפהייבן מאַטאָרן, וועגעלעך אַף שלעפּן רעסאָרן, בופערס, אַקסן, דיסקן, געקאַוועטע ראַמעס, — נאָר אַ מאַניעזש מיט לייבן פעלט דאָ.

אַסיען־צײַט שמירט מען אַרום די באַקסן מיט געלער פאַרב, באַרימען זיך אויסגעפּוצטע באַלקעס מיט זייער צירונג ביזן ערשטן רעגן. נאָר טוט אַ גאָס פון אַלע רינוועס די וואַסער, ווערט נאַס אין גאַראַזש, און באַקסן שטייען ווידער אָפּגעבליאַקעוועטע. מאָטל דער בלעכער האָט דעמלט אַרבעט באַם געלעכערטן דאַך ביזן ווינטער אַרײַן. צום ברומען און הוסטן פון די מאַטאָרן, צום שיפּען פון דער פּאַרע אין די רערן קומט צו אַ קלאַפּעניש איבערן בלעך אַף טויב צו ווערן.

הײַנטיקס יאָר האָט זיך דער רעמאָנט באַזונדערס פאַרצויגן. מאַלינין האָט ניט באַוואָרנט דעם בלעכער מיט די נייטיקע מאַטעריאַלן. שטייט איצט מאָטל סמיקון אַפן דאַך, אַ פאַרקאָטשעניִעטער פון קעלט, און עס קלעפּן זיך די שטיוול זײַנע צום דורכגעפרוירענעם בלעך. דערזעט קוזמאַ וואַרלאַמאָוויטש פּאַכאָמאָוו דעם כאַווער זײַנעם, מאַטוויי מאַקסייעוויטשן, אַפן דאַך, צינדט זיך אין אים אָן דער אָדער פון אַ פײַערלעשער און ער קריכט אַהין פלינקער פונעם בלעכער אַליין, גלײַך עס וואָלט די סטריכע געברענט.

מאָטל רײַסט אַפּ מיטן העמערל אַ פּאָר אַלטע שטיקער בלעך, וואַרפט זיי מיט אַ דונערײַ אַף דער ערד, טוט אַ נעם פונעם פרישן פּעקל אַ פּאָר צינקעווע טאָוולען, באַטראַכט אַ רעגע, וואָסער זײַט פאַרבייגן, מאַכן דעם פעסטן שלאָס אַף לאַנגע יאָרן, טוט אַ קלוגן שמייכל צום אומגעבעטענעם העלפער און זאָגט דאַפּקע אַף ייִדיש:

— איז געווען בענימכאַ, איז געווען בעסימכאָ...

מאָטל דרייט איבער דעם בלעך אַף דער צווייטער זײַט, טוט נאָך איין גלעט מיטן קישעף־העמערל און קלאַפּט דריבנע צו דעם שעמערירנדיקן צינק, ס׳זאָל אים קיין שום ווינט ניט אָפּרײַסן.

— אין דער טוירע, וואַרלאַמיטש, שטייט בעפּיירעש געשריבן, אַז יעדער באַשעפעניש מוז האָבן זײַן מאָקעם־מענוכע: אַ פייגעלע — אַ נעסט, אַ פערד — אַ סטאָילע, מאַשינעס, לעהאַוודל, — אַ טרוקענעם, אַ וואַרע־מען גאַראַזש...

פאַכאַמאַוו האָט קיינמאָל די הייליקע ספאָרים ניט געלייענט, נאָר דאָס ווייל ביסל יאָרן, וואָס ער האָט אָפּגעטאָפּטשעט אין גאַראַזש, האָבן אים אונטערגעזאָגט די זעלבע טוירע. אָט זעט ער פונעם דאַך, ווי עס שטייען אונטערן לויטערן הימל מאַשינעס. נאָר ניט יעדער נאַכט איז לויטער דער הימל, ניט יעדן טאָג שײַנט די געבענטשטע זון. אין פּראַסטיקן דרויסן נאָך אַ שנייִיקן ווינטער, ווען מע זעט ניט אַרויס אַפילע די שפּיץ נאָז בײַ די מאַשינעס, טוט ווי דאָס האַרץ צו קוקן, ווי פֿאַרגליווערט און פאַרשאָטן עס שטייט אָט די געטרײַע קראַפט. שטום, אָן לאָשן איז די אויסגעלאָשע־נע מאַשין, גיסט מען איר אַרײַן אין בויך צוויי קאָכיקע עמער וואַסער, איז איר קאַרג, כאַזערט מען נאָכאַמאָל איבער, ביז פּאַרע שלאָגט אַרויס פון אַלע שפּאַרונעס, עס הייבט אָן דעכען דער מאָטאָר — דאָס האָט די מאַשין זיך דערוואַרעמט דאָס האַרץ און די אייִוורים. און קאַלזמאַן דער שאָפער האָט זי נאָך ניט ווי ס׳געהער צו זײַן צעקאַטשעט, וועט זי נאָך גענעצן, שלוקערצן, הוסטן, ווי פון שלאָף, און צוביסלעך, צוביסלעך נע־מען שטעלן פּיס — זיך צוריק אַרופּכאַפּן אַפן שליאַך...

און קוקנדיק אַזוי פון אויבן אַף די מאַשינעס, ווי אַף לעבעדיקע נע־פּאַשעס, ריידן זיך די אַלטע לײַט דורך דעריקער וועגן יענע צוויי מאַשי־נעס, וואָס וועלן נאָך הײַנט זיך אַהער אַראָפּיאַווען פון וואַלד, און וועגן די קינדער, די שאָפערן פון אָט די מאַשינעס.

ס׳איז קאַלט אַפן דאַך, פּאַכאַמאַוו און סמיקון זײַנען פאַרגאַרטלט און טיף אײַנגעניורעט אין די הויכע אופגעשטעלטע קעלנער. זיי באַמערקן קלוימערשט ניט די קעלט און ריידן וועגן די קינדער זייערע. שטייענדיק מיט פאַרזשמורעטע אויגן אַפן דאַך, זײַנען זיי ענלעך אַף אויסקוקערס, וואָס זעען זייער ווײַט, נאָר זעען דערווײַל גאָרניט.

פון אונטן שטייט מיט אַ פּאַריסענעם קאָפּ מאַלינין און פרעגט זיך אָן באַם בלעכער, פּונקט ווי ער אַליין וואָלט ניט דירעקטאָר דאָ געווען, נאָר גלאַט אַזוי אַ פרעמדער מענטש:

— היי, סמיקון, אין אַזאַ קרירע האָסטו כיישעק אַרומקריכן אַפן דאַך?

צי מאָטל סמיקון האָט כיישעק! ניט דער ערשטער שניי פאַלט אים אַפן קאָפּ. אָט קוקט ער טאַקע אַפן שניי און טראַכט: ס׳וועט ווערן פון אים אַ שיינער טאַכלעס, פון דעם שניי, ער וועט, מירצעשעם, פאַרשוואַרצט ווערן, באַקומען דעם כיין פון דער אונטערשטער יויך און בלײַבן וועט פון אים סליאָטע און בלאָטע. אַז הײַנט פאַלט אַ שניי, דאַרף אַ דאַך זײַן באַוואָרנט, ס׳זאָל מאָרגן דאָס וואַסער ניט רינען אין שטוב אַרײַן... און מאַ־לינין פאַרשטייט עס ניט. כאַדאָשימלאַנג האָט ער דעליבעט די נאָז און קוים־קוים אונטערגעכאַסמעט דאָס פּאַפּירל אַף בלעך פאַרן דאַך. בורטשעט צו סמיקון:

— שטייט ווי אַ גאַנער מיט אַ פּאַריסענער ניאַניע... ער מיינט, מע פאַרשטייט ניט, אַז עס ציט אים אויך אַפן דאַך — אַבי גיכער דערזען די מאַשין מיט די קינדער אונדזערע.

— דערזען די קינדער — און נאָכאַמאָל אָנטאָן זיי צאָרעס, — גיט צו פּאַכאַמאַוו.

מאלינין שטויסט זיך אָן, אז די אויסקוקערס וועלן אים גאָרנישט ניט זאָגן, לאָזט ער זיך צוריק אין גאראזש אריַין, נאָר אפן וועג דעריאָגט אים פאכאָמאָווס קאָל:

— זע, מאטוויי, זיי פאָרן!

צוויי לאסטמאשינעס טראָגן זיך איבערן אויסגעפאָרענעם שליאך צו די טויערן פונעם גאראזש. פון די קאבינעס האָבן סיַי באלאנדין, סיַי מאַרינע, סיַי מארגוליס גליַיך דערזען בא דער זיַיט פון וועג אן אויסגעוואקסענעם מויער, וואָס מע האָט ערשט אָנהייב הארבסט געגומען בויען.

קראנען שטייען מיט פאריסענע מאָרדעס, ווי העלפאנדן מיט אָפענע מיַילער. א מין זשעדנעקיַיט בא אָט די קראנען: זיי שטייען בוי־בעשאָלעמדיק צו דער פאָרשטאָט, צום טראקט און גרילצן און פאָדערן: „ציגל! ברעטערן!” זאָרגט ניט, קראנען, עס וועט זיַין וואָס צו נעמען אין מויל אריַין, שאָפערן האָבן טאָג־איַין — טאָג־אויס קלעצער געפירט צו דער זעגמיל, וועלן זיַין ברעטער, ראמען, טירן. שלעפט זיי געזונטערהייט אַף די אייבערשטע שטאָקן, מע זאָל גיכער קענען אריַינטראָגן אין שטוב א וויגעלע, א מולטער, א טיש מיט בענקלעך...

די מאשינעס שטייען שוין באם טויער און רופן בענקענדיק מיט זייערע סיגנאלן פאכאָמאָוון. אָבער דעם אלטן איז ניט אזוי גרינג אראָפקריכן פון דאך, כאפט זיך מאלינין, וואָס שטייט נעענטער, און צעפראלט דעם טויער. מאסליאָנקין גיט א פריילעכן טאָרקע מארגוליסן:

— זע, א ניַיער וועכטער...

— מאלינינען איז עס ווי אָנגעמאָסטן! — ענטפערט אָפּ מארגוליס.

אָסיפּ סערגייעוויטש שטייט באם באָרט פון באלאנדינס מאשין, ווי א האָן הינטער א פרעמדן פארקן: די פליגל אונטערגעבראָכן, פיס געפּענטעט. ער קוקט, מאלינין, אף מארינעס גרויסן בויך און פאָנפעט אונטער דער נאָז עפעס אזוינס, וואָס ניט די שאָפערן, ניט ער אליין פארשטייען עס. דערנאָך זאָגט ער, מיַיסע־באלעבאָס, א פּאָר ווערטער פאכאָמאָוון און גייט אוועק אין קאָנטאָר אריַין.

שאָפערן, וואָס זיַינען זיך צונויפגעלאָפן באגעגענען באלאנדינס כעווּרע, ריידן צווישן זיך וועגן דעם, ווי די סיניטשקע זעט אויס:

— נישקאָשע פון א ביַיכל...

— באלאנדין וועט מוזן האָדעווען מאלינינס קאדעש...

מאסליאָנקין שפרינגט אויף דאָ דער ערשטער אין קאָן אריַין:

— סיניאָרן! ס'איז נאָך פרי צו טראכטן פון די יאָרשים! זאָגט בעסער — מאלינין קליַיבט זיך מאכן א וועטשערינקע לעקאָוועד די העלדן פונעם וואלד?

פרידל און ראָכעלע טאנצן ארויס פון דער קאבינע, און פונקט ווי איינער פון זיי וואָלט געקומען און די צווייטע וואָלט אים באגעגנט, צעקושן זיי זיך. פארן טאטן שעמט זיך ניט ראָכעלע: ער ווייסט גוט איר הארץ, ווארפט זי זיך מארגוליסן אפן האלדז און צעקושט זיך מיט אים נאָכאמאָל. מאָטל גייט סטאטעטשנע צו, כאפט ארום זיַין טעכטערל, דערלאנגט אויך דעם באָכער די האנט און טוט א טאפּ אין וואָגן:

— האָסט כאַטש, פרידל, אָפּגעשפּאָרט אין וואַלד א קערבל אַף א פּאָר הויזן צו דער כאַסענע?

מאַרגוליס ענטפערט אָפּ מיט אַפּשײַ:

— די כאַסענע נעם איך אַף זיך, גיט נאָר, פּאַטער, כופּע־וועקעדושין.

מאַטל שאָקלט מיטן קאָפּ:

— ניט אין מיר איז די מעניע... די מאַמע, קינדער, די מאַמע וועט אײַך שטיין ווי א ביין אין האַלדז... באַ איר ברעכט מען נאָך אַזוי גיך ניט קיין טעלער...

און פּונקט אַף דעם דאָזיקן וואָרט טראָגט עס אָן טאַקע זי, מאַלקע אַליין, א פּאַרפּינעטע, א צופרידענע — גלײַך פּונעם מאַגאַזין, וווּ זי האָט אײַנגעהאַנדלט א גאַנצן טוץ טעלער. איידער זיך אומקערן אַהיים, איז מאַלקע, ווי געוויינלעך, אַרײַן אין גאַראַזש נאָכן מאַן אירן. ציטערן הענט און פיס באַ איר, זי זאָל כאַסוועשאָלעם ניט געבן א טיציע מיטן געפעס אינמיטן גאַראַזש.

זי אײַלט זיך, מאַלקע: ס'איז פרײַטיק, און אין אויוון ברענט. מע דאַרף נאָך אַרויספּראָוואַדיען מאַטלען אין באָד אַרײַן, אַרײַנוואַרפן א פּאָר זיסע בורעקעס אין טשאָלנט, אָנרײַבן כריין, מאַכן די פּעציאַ, אָפּגיסן די פיש־יויך אין טעלער — יעדן קינד באַזונדער, אַראָפּכאַפּן פונעם טיש דעם קלאָר־ווײַסן טישטעך, מע זאָל אים ניט אויספלעקן, באַהאַלטן די מאָן־פלעצלעך מיטן באָרן־צימעס, דאָס זניקל שלוימעלע זאָל זיך ניט צוכאַפּן צו די מײַכאָלים. נו און א סאָטקעלע מאַשקע פאַר מאַטלען? סע זאָל אַפן טיש אַפילע שטיין די רעכטע געפילטע פיש מיט דער גאָלדענער מאַנדל־יויך און מיט דעם געשמאַקסטן צימעס פון ראָבע פּאַסאָליעס — איז דאָס ניט זײַנע מײַכאָלים, אויב דאָס סאָטקעלע שטייט ניט אַפן טיש.

מיט די דאָזיקע דײַגעס איז מאַלקע ראַפּטאָם צוגעלאָפן צום אוילעם אַרום די מאַשינעס און דערזען: דער אַלטער פּאַכאָמאָוו ליובעט זיך מיט זײַן מעובערעס אייניקל, און א ביסל ווײַטער, אונטער די ברייטע פּליי־צעס פון כעוורע שאָפערן, שטייט איר מאַטל... איר מאַטל שטייט... און לעם אים... לעבן אים קושט זיך ראָכעלע מיטן בלינדן מאָפּס!

מיט אַן אָפּן מויל, צעװומען ביידע הענט, ווי א גוילעם, בלײַבט מאַל־קע שטיין. דער גאַראַזש האָט אַזש א ציטער געטאָן, אַזא טראַסק האָט געגעבן דאָס געקויפטע געפעס, וואָס מאַלקע האָט א דערשלאָגענע אַרויס־געלאָזט פון די הענט.

דער אוילעם האָט געלאַכט:

— א כאַסענע אָן קלעזמער!

— נאָך א שענערע, ווי אין וואַלד!

— מע קאָן שוין שרײַבן טנאָים!

געוויינלעך, ווען קיינער לאַכט ניט, לאַכט מאַסליאַנקין. און דאָ האָט געקאָכט דער גאַנצער גאַראַזש, נאָר איין מאַסליאַנקין איז שטיין גע־בליבן מיט א זויערער מינע און מיט א פאַרדראָס אין די ציגײַנערשע אויגן.

— א שלעכטער סימען, אנאטאָלי סאפּראָנאָוויטש... האָסט געוואָלט א וועטשערינקעלע, וועסטו, דאכט זיך, טאנצן אַף ראַכעלעס כאסענע.

שאָפערן זײַנען גליקלעכע מענטשן. זיי פירן ארײַן דאָס גאָלד אין שטאָט און זיי פירן ארויס דאָס גאָלד פון דער שטאָט. פאר זיך אליין לאָזן זיי גאָרנישט ניט איבער: אוועקגעשטעלט נאָך דער ארבעט די מאַשין אין גאראזש, און אליין — צופוס אהיים. און נאָר איצט, דאָס ערשטע מאָל אין זײַן לעבן, האָט פרידל מארגוליס דערפילט, אז נאָך דער שווערער ארבעט אין וואלד האָט ער דאָס סאמע טײַערסטע גאָלד ארויסגעפירט פאר זיך, פאר זײַן אייגן מאזל.

קאפּיטל דרײַצן

## סטראכאָוו שנײַדט אָן א מעסער

א גאנץ קײַלעכיק יאָר מאָזאָליעט די אויגן אן אָפּגעבליאקעוועטער אופ־שריפט אַף א פאניער:

«ВОДИТЕЛЬ! ПОДГОТОВИЛ ЛИ ТЫ СВОЮ МАШИНУ К ТЕХНИЧЕСКОМУ ОСМОТРУ?»[1]

ניט פון רעוומאטיזם סקריפּען נאָכן שווערן סעזאָן אין וואלד די רעסאָ־רעס פון די לאסטמאשינעס, און אוואדע ניט פון מאסליאַנקיס ראדיקוליט איז אינדרײַען געבויגן אָט די פאָדערשטע אקס. נאָר סטראכאָוו, אגעוו, פרעגט ניט קיין קאשעס — פארוואָס און פאר וועו: אים דערלאנג צום טויער א געזונטע אופגעראמטע מאַשין.

מאַשינעס זײַנען אָבער ניט קיין פערד — דאָ קומט מען ניט אָפּ מיט ארײַנשיטן אין זשאָלאָב א מעסטל האָבער, מיט אונטערבעטן א זשמעניע שטרוי צי אויסקראצן די גריווע. ס'העלפט ניט די פּוזשעלע מיט דער לאנגער בײַטש. דעם מאָטאָר רוקט מען ניט ארײַן אין די אויסגעדריי־ווערטע ביינער א פּאָר בוכענצעס. פלאצט א רעסאָרע, באקומט דער שאָפער א פּאָפּלעקציע. ער וועט שוין אָן אנדערשמאָל באוואָרענען, אז אזעלכע אומגליקן זאָלן זיך אינמיטן שליאך ניט טרעפן!

צוליב דעם טאקע מאָזאָליעט די אויגן א גאנץ קײַלעכיק יאָר דער אָפּגעבליאקעוועטער נודנער אופשריפט אַף א פאניער:

«ВОДИТЕЛЬ! ПОДГОТОВИЛ ЛИ ТЫ СВОЮ МАШИНУ К ТЕХНИЧЕСКОМУ ОСМОТРУ?»

דער גאנצער מאכער בייס דעם טעכנישן דורכקוק איז סטראכאָוו. אים געפעלט בעפיירעש ניט, וואָס מע פּינעט ארום די מאַשינעס נאָר איין טאָג אין יאָר. צו וואָס ארויסשטעקן די צינגער? ניט איין מאָל אין א יויוול דארף מען רייניקן דעם מאָטאָר, נאָר נאָך יעדער וואכטע א וויש טאָן מיטן שמאטקעלע, ווי א זייגערמאכער דאָס רעדעלע פונעם זייגער.

אָבער טעכנישע אינספּעקציע בלײַבט טעכנישע אינספּעקציע. אין גאַ־

[1] שאָפער! צי האָסטו צוגעגרייט דײַן מאַשין צום טעכנישן דורכקוק?

ראזש איז טויהו־וואָוויהו. מאלינין האָט געמאָלדן אַז אווראל! אין אזעל־כע מינוטן באקומט די נאָז זײַנע א האָרביקל, גלײַך זי וואָלט זיך איבער עפּעס פארטראכט. און טראכטן איז דאָ פון וואָס: מיט סטראכאָוון שפּילט מען זיך ניט. היט זיך, רוסלאַן, קאָנסט אראָפּ פונעם פערד!..

טאָגן טאָקע און נעכטיקן שאָפערן אין גאראזש, שלאָפן ווי די פליגן, איין אויג אָפן, דאָס צווייטע דרעמלט. מע רייניקט פון די מאשינעס די בלאָטע פון א גאנץ יאָר. אפילו מאסליאָנקין איז הײַנט ניכטער, ער סטאַ־רעט זיך פארגלעטן זײַנע זינד: א קנייטש אפּן בופער, פרעמדע פארב אַף דעם רעכטן באָרט. אויב די צוגעזאָטענע בלאָטע קאָן מען שוין ניט אָפּשאָבן, פארשמירט ער דאָס שטשערבאטע אָרט מיט מער א ביסל פארב. שעמערירט שוין דער מאָטאָר, גלאנצן די דיסקן פון די רעדער, און אפּי־לע דאָס שפּיגעלע אין קאבינע איז שוין אויסגעווישט. איצט כאַפּט זיך מאסליאָנקין ארײַן צו ראָכעלען אין דיספּעטשערסקע, גאנוועט ארויס א רויט פּאפּירן קווייטעלע און שטעקט עס ארײַן צוליב שיינקייט הינטערן שפּיגעלע.

ס'איז שניט־צײַט! שלאָסערס וויסן ניט פון טאָג און נאכט, גאנצע מעסלעסן שוויצן מעכאניקער — פונקען פליִען פון זייערע ארבל, מע גאָלט, מע שערט און מע באשפּריצט מיט אָדעקאָלאָן די מאשינעס...

— אמאָל פלעגט דער סטארשינא מישפּעטן פאר געלט, דער שרײַבער אין וואָלאָסט פלעגט שרײַבן פאר ווײַן. אָבער סטראכאָוון קויפן איז אומעג־לעך, — זאָגט דער אלטער פּאכאָמאָוו. ער עפנט אוף דאָס טירל פון מאסליאָנקינס מאשין, טוט עס א סקריפּע, ווי אמאָל בא מאָטל סוקעוואטע די הויזנטיר. קוזמא ווארלאמאָוויטש שרײַט אַן אַף מאסליאָנקינען:

— מיט סאָלידאָל שמיר זיי אָן, די שארנירן, וועלן זיי פארשפּאָרן קרעכצן...

מאסליאָנקין הערט אים ניט: ער איז שוין פארטיק, ער איז שוין גרייט צו גיין אפּן צימבל צו סטראכאָוון. ער קאָן שוין אויך איצט א ביסל זיך א דריי טאָן ארום ראָכעלען... נאָר דעם דיספּעטשער גייען גאָר ניט אָן זײַנע כאָכמעס. כאָטש בא שאָפערן קערן זיך וועלטן, איז דאָך בא איר נאָך מער איבערקערעניש, נאָך ענגער אין שליטן. מע באקוקט די מאשי־נעס, מע רעמאָנטירט זיי, נאָר די ליניע וויל פון דעם ניט וויסן, רײַסט מען שטיקער אין אלע דרײַ טעלעפאָנען.

— דריי ניט קיין ספּאָדעק, אנאטאָלי. בעסער טו א קוק, ווי האלט מיט זײַן מאשין פרידל?

מאסליאָנקין מאכט זיך טאמעוואטע:

— דײַן שלוימע טאפּט ערשט דעם מאָטאָר.

— איך פרעג דיך בוידעם, ענטפערסטו לאָקשן...

מאסליאָנקין דערזעט, אז שאָפערן זיצן שוין אין ווײַטן ווינקל פון גאראזש, באם רויטן פעסל, ווו מע מעג רייכערן, נאָר עפּעס פירן זיי זיך צו שטיל, גלײַך מע וואָלט זיך געקליבן מאכן א לעכאַים. טוט ער א פאריבלדיקן קוק צו ראָכעלען און לויפט אוועק צום פעסל. דאָ האָט מען זיך צעלייגט ווי בא זיך אין דער היים. פונעם בופעט האָט מען געבראכט

א פּאָר פלעשלעך ביר, א טעלערל קרויט, א ווינעגרעטל. דער אלטער פּאַ־
כאָמאָוו גיט זיך אָפּ קאָנטעט מיט א פּאָרציע וווּרשטלעך, קײַט אָן יעדער
קישקעלע, און גלײַך ס'איז אָנגעפּילט מיט באָקסערן, אזוי באלעקט ער
געשמאק זײַנע פּײַכטע ליפּן. ניט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט אזא
גרויסע האנאָע פונעם ביסן, לאָזט דאָך קוזמא ווארלאמאָוויטש ניט דורך
קיין איין וואָרט פון דעם, וואָס „סיניאָרן" ריידן צווישן זיך.

ווי בינען ארום דער מאלקע, קלעפּן שאָפערן ארום באלאנדינען. זינט
מע האָט זיך אומגעקערט פון וואלד, איז אלעקסאנדער ניקיפאָראָוויטש
פּארטאָרג פונעם גאראזש. נעכטן איז ער געווען אין ראַיקאָם. פארשיי־
דענע איניאָנים פאראן: איינעם נעמט מען אָן אין פּארטיי, א צווייטן,
פארקערט, שליסט מען אויס. טוט אים, באלאנדינען, דער סעקרעטאר פון
ראַיקאָם דערוויַיל וואָס א פרעג:

— נו, פּאכאָמאָווס איידעם, וואָס קאלויצעט עפּעס דאָרט בא אײַך מאַ־
לינין מיטן פּאָלאָנעק?

ווערט באלאנדינען א ביסל פריקרע, נאָר קעדיי זיך ניט אויסגליטשן
מיטן ענטפער, טוט ער א כיטרע זאָג:

— פון מאלינינס קאלויצען, סעקרעטאר, וועלן הײַנט־מאָרגן די באל־
קעס אין גאראזש אײַנפאלן... סע גייט בא אים א גאנג — ער גרייט שוין
ווידער אן אווראל.

שיסט מען אויס אלע א געלעכטער: דער סעקרעטאר, דער אינסטרוק־
טאָר, און באלאנדין אויך בעסויכאָם.

— אָבער דאָס ווײַב בא מאלינינען, שמועסט מען, האָסטו קונציק צור־
געוומען... — זאָגט דער סעקרעטאר, און מע קאָן ניט וויסן, צי האלט ער
עס פאר גוט צי שלעכט.

וועגן דעם נעכטיקן שמועס אין ראַיקאָם האָבן זיך שאָפערן דערוווּסט
ניט פון באלאנדינען. א מאָדנע זאַך — ניטאָ אין גאראזש קיין סוידעס.
מאסליאָנקינען איז טשיקאווע, צי קלינגט מען אין ראַיקאָם, אויב א
מאשין האָט זיך, ניט דאָ געדאכט, צעקוועטשט מיט א קאָסק, אשטייגער.

— קיינער ווייסט ניט, ווען מען דער שוך קוועטשט... — שלינגט אראָפּ
א ווורשטל פּאכאָמאָוו.

— פארוואָס עפּעס ווייסט מען ניט? אין ראַיקאָם ווייסט מען אלץ, —
זאָגט באלאנדין, פארייכערנדיק א „בעלאָמאָר". „סיניאָרן" לאָזן זיך דער־
בײַ ניט בעטן, שטופּט מען די הענט אין פּעקל, ווי צו זיך אין קעשענע.
מע שטעלט אָן מויל און אויערן, מע בעט באלאנדינען, ער זאָל נאָך עפּעס
דערציילן.

יענע וואָך איז אלעקסאנדער ניקיפאָראָוויטשן אויסגעפאלן דעזשורען
אין ראַיקאָם. קאַיאָר קלינגט דער טעלעפאָן:

— צוויי מענטשן דערהארגעט, דער שאָפער איז אנטלאָפן. קיין הויף־
וועכטער זעט מען ניט. קיין מיליציאָנער אויך ניט... דאָס איז דער
ראַיקאָם?

— יאָ, דער ראַיקאָם.

— אן אומגליק!

— וואָס אומגליק? ווער אומגליק?.. דעם נומער האָט איר פארשריבן?
— ניט פארשריבן.
— וואָס פאר א מארקע?
— א „זיל״.
— מיט א פּריצעפּ?
— מיט צוויי פּריצעפּן.
— מעל האָט זי געפירט?
— יאָ, מעל.
— א דאנק, מומעניו.

האָט געדויערט בא באלאנדינען זיך דערוויסן דעם גאנצן איניען פּונקט צען מינוט. נאָר אצינד באם רויטן פּעסל באקוקט ער פארדעכטיק אלע קאָלעגן, און ווי זײַן טעווע איז, אײַלט ער זיך ניט דערפירן די מײַסע ביזן סאָף. ס'איז אים שוין פארבליבן איין ציגאר אין פּעקל, נאָר שאָפערן זײַנען גרייט פארצײַען א טשינאריק[1], אבי דערוויסן זיך דעם סאָף פון דער מײַסע. מעכײַעדיק זיך פארצויגן מיט רויך, קוקט אלץ באלאנדין אף מאסליאָנקינען, ווי גלײַך ער וויל אים פרעגן: „צי איז דאָס ניט געווען, ברודערל, דײַן ארבעט?״ ער שפּײַט אויס, ווארפט ארײַן אין רויטן פּעסל דעם אויסגערייכערטן פּאפּיראָס און עפנט שוין דאָס מויל, וויל יויצע זײַן פאר די כעוורע, דערציילן זיי דעם סאָף, — טוט א הייב זיך פונעם אָרט מאסליאָנקין, גלײַך דעם פּארטאָרגס פארדעכטיק קוקן וואָלט אף אן עמעס אָנגעוואָרפן אף אים א פּאכעד. ווי א קראָליקל פון דער נאָרקע, פליט ער ארויס פון הינטער דעם רויטן פּעסל און לאָזט זיך לויפן צו זײַן מאשין מיט א הייזעריק געשריי:
— סטראכאָוו פאָרט!..

צוואנציק יאָר זיצט סטראכאָוו אין אָט דעם ראיאָן, ווייסט ער אפילע, ווען מע האָט פארזעצט באם פּארקן די צעוואקסענע טאָפּאָלן און ווער ס'האָט אהער די פּאָר ווײַסע בעריאָזקעלעך ארײַנגעשטעקט. מיט זײַנע קאלטע שטעכיקע אויגן גיט ער איצט א באלעבאטישן קוק אף דעם צע־בראסטעטן אוילעם אין גאראזש, און עס געפעלט אים גלײַך ניט, וואָס גראָד הײַנט, צוליב זײַן קאָוועד וועגן שטייען די „פּריצעפּן״ אויסגע־שטעלט ווי הארמאטן, מיט די דישעלס צו גאָט, און ארום די פּעסער אוו־טאָל איז ריין אופגעראמט, ווי פארן ערשטן מײַ.

— אזוי דארף זײַן א גאנץ קײַלעכיק יאָר, — זאָגט סטראכאָוו צו מא־לינינען.

דער דירעקטאָר שאָקלט צו מיטן קאָפּ, ווי איינער רעדט: „ביסט אוואַ־דע גערעכט, נאָר ווען ווער איך שוין פּאָטער פון דיר?״

שאָפערן, פארקערט, מאכן אן אָנשטעל, אז זיי זײַנען פּאָשעט איבער־גליקלעך, וואָס דער באלעבאָס פון דער טראסע האָט זיי אָנגעטאָן קאָוועד מיט זײַן קומען. פאר זיך טראכט מען, אז ס'איז טאקע בעסער מיט אים האָבן צו טאָן אין גאראזש, איידער אף דער ליניע. עפנט מען נאָכגיביק

[1] א ציגאר־אָפּשניצל.

דעם קאפּאָט, מע ווײַזט דעם פּילטער, די ריינקײַט פונעם מאָטאָר, און זאָל סטראכאָוו געבן נאָר א פּיפּס, איז מען גרייט אפילע מיט א דאָמקראַט די מאשין אופהייבן. נאָר טאָמער מאכט זיך א פאַריאָסעמטע מאשין מיט א שמאַראָוואָזנעם הוילעך, א פעגירע מיט צעפּלעטשטע פּאַרעס, וואָס דער שאָפער האָט הײַנט באַנאכט געבראַכט א מאַטאָנע מאַלינינען און ניט באַוויזן זי צופוצן צום געבענטשטן דורכקוק, ווייסן שוין שאָפערן, וואָס מע האָט צו טאָן. פון אונטער דער ערד וואַקסט אויס א שפּאָגל־נײַער פליגל, א ראַדיאַטאָר. שלאָסערס באַקלעפּן די פעגירע און טוען אָפּ דאָס גאָלדענע שטיקל אַרבעט אין איין אָטעם. סטראכאָוו אליין איז צופרידן פון אזא מין שפּיצל: מאַמזעריש אָפּגעטאָן, א רועך אין זייער טאַטנס טאַטן!

דעם שאָפערס אָרט איז געוויינלעך אָדער אין קאַבינע, אָדער אונטער דער מאַשין. איצטער אָבער שטייען שאָפערן אין פראָנט בא די ראַדיאַטאָרס, פונקט ווי פּילאָטן בא די פּראָפּעלערס. און נאָר מאַרינע פּאָרעט זיך אליין בא דער מאַשין. אין קעשענע ליגט שוין בא איר אונטערגעשריבן דער באַפעל וועגן דעקרעט־אורלויב, נאָר צום דורכקוק איז זי געקומען. ווי דען? זאָל מען ניט זאָגן, אז פּאַכאָמאָווס אייניקל האָט איבערגעלאָזט א שלעכטע ירושע.

זי איז בא זיך שטאַרק געפאַלן, מאַרינע. דאַכט זיך, אלץ אָפּגעטאָן, די מאַשין שעמערירט ווי א נײַע, אָבער עס פעלט איין קליינינקײַט — די פּלאָמבע באַם ספּידאָמעטער. קאָן זי דען אזוי זיך באַווײַזן פאַר סטראַכאָוון? דעם עמעס געזאָגט, איז מאַרינע איצט מעקאַנע איר מאַן, באַלאַנדינען. מע האָט אים נאָר געהייסן ווײַזן דעם טאָרמאָז, אפילע דעם קאַפּאָט ניט אופגעשפּיליעט. סטראַכאָוו ווייסט, בא וועמען אַרײַנקוקן אין פּאַזעכע.

ווער זשע טויג זיך אויס צו מאַכן אפּגיך אזא שטיקל אַרבעט, ווי א פּלאָמבעלע?

— מאַרגוליס, טו א טויווע, אַניט וועל איך מאַפּל זײַן...

— מאָטל דער בלעכער, מײַן געראָטענער שוועער, טויג זיך אויס צו אזעלכע זאַכן, — טוט פרידל א ווונק צום וואַרשטאַט, ווו סמיקון איז פאַרפּאָרעט, ווי זײַן ווײַב אין סאַמע קורצן פּרײַטיק.

צוליב מאַרינען וואַרפט מאָטל דער בלעכער האַקל־באַקל און נעמט זיך אויסשערן מיט דער שער, אויסגלעטן מיטן העמערל א צינקעווע פּלאָמבעלע — דער גאַנצער וועלט אף כידושים. בעשאַסמײַסע כאַפּט ער א קוק אף מאַרינעס בעקעשל, וואָס קאָן זיך שוין ניט פאַרשפּיליען, און זאָגט מיט א כיטרער מינע:

— נאַ, טאָכטער, די פּלאָמבע און זע, אז מאַלינין זאָל שוין צו איר ניט צוקומען.

דערווײַל איז דער דורכקוק אין סאַמע ברען. מאַלינין וויל זיך אויספּײַנען, שרײַט ער אפן גאַנצן גאַראַזש:

— פּוסטעפּאַסניקעס, קאַליקעס!

סטראכאָוו לייגט שאָפּערן אַף די קוילן, קוילעט אָן א מעסער, אפילע דעם סטאזשאָר, שלוימעלע סמיקון, האָט ער ניט פארגעסן:

— וואָס קיצלסטו דעם מאָטאָר? גיי בעסער העלף דער מאמען באקן לאטקעס.

שלוימעלע, דער איינציקער, וואָס האָט דאָ ניט וואָס אײַנצושטעלן, רעדט מיט סטראכאָוון אָן דערעכערעץ:

— מאַלינין האָט שוין איינמאָל אונדזערע לאטקעס פארזוכט, איצט גייט איר צו מײַן מאמען עסן לאטקעס.

סטראכאָוו זאָל איצט ניט שטיין בא מאסליאַנקינס מאשין, וואָלט ער מיטן אזעספּאָנעם גאָר אנדערש א שמועס געטאָן. נאָר פאר זײַנע אויגן האָט זיך א שטעל געטאָן דאָס שיינע געשטאלט מאסליאַנקינס — אָן אָרעם שעפּעלע, מיט א קאָשער פּאָנעם, א נעבעכל, גאָט די נעשאָמע שולדיק, — האָט ער גלײַך פארגעסן אין שלוימעלען, איין קוק געטאָן אַף מאסליאַנ־קינס „דראָבאָוויק” און ראפּטאָם א זאָג געטאָן:

— הײַדא אַף איבערשמעלצן! א רעשעטע בא דיר, ניט קיין קאבינע. און מער זאָל איך דיך ניט זען אין איר.

אין דער־אָ קאָכעניש פּאָרט אָן מאַלינין מיט זײַן „מאָסקוויטש”. סטראַ־כאָוו באטראכט מיט א באזונדער אינטערעס דעם באַלעבאָס׳ עקיפּאזש, בא־קוקט אים פון אלע זײַטן און טראָגט טאקע דאָ פארן גאנצן אוילעם ארויס דעם אורטייל:

— שלעכט, זייער שלעכט, אָסיפּ סערגייעוויטש.

נאָר מאַלינין, ווי באוווּסט, איז ניט פון די, וואָס פאלט בא זיך אראָפּ. ער עפנט דאָס טירל, שפּארט זיך אזוי אָן אין ווייכן קישעלע, אז עס טוען אזש א קרעכץ די פּרוזשינעס. באלד וועט ער באווײַזן, וואָס פאר א מאַ־שין ער האָט! דער „מאָסקוויטש” דערפּילט גלײַך מאַלינינס שפּאָרן, צעיאָגט ער זיך גאנץ פּראָווּאָרנע און פליט ארוף אפן רויטן פּעסל, אין וועלכן שאָפּערן האָבן ערשט ארײַנגעוואָרפן א פּײַן ביסל ציגארן־אָפּשניצלעך.

שיסט דער אוילעם אויס א געלעכטער, מע נעמט אים אין דער ארבעט, דעם באַלעבאָס.

— פּוסטעפּאסניקעס, קאליקעס! — קרימט מען אים איבער.

— מיט דער צונג קלאַפּן איז גרינגער!

אײַנגעווייקטע אין מאזוט, אויסגעשמירטע, ווי נאָך א סרייפע, שטייען די „סיניאָרן” ארום דעם „מאָסקוויטש” און שטעלן צו א בענקעלע מאַלי־נינען:

— מע דארף אים שיקן אַף קורסן!

— ווי א דירעקטאָר האָט ער זײַנס שוין אָפּגעטאָן!

מארינע שטייט בא דער זײַט די הענט פארלייגט אפן בויך און קוקט אַף מאַלינינס מאפּאָלע, זי ווייסט זייער גוט, אז מאַלינינס שטיק קריכן שוין שאָפערן פון די געדערים, דאָך פארקלעמט איר באַם הארצן: זי האָט פּאָרט אמאָל געגלייבט אין אים, עפּשער אפילע ליב געהאט אָט דעם מענטשן, און דאָס קינד זײַנס, שוין א לעבעדיקס, צאפּלט בא איר אונ־טערן הארצן.

# אין פײַער

סוועטאָפּאָרן לאָזן דורך דעם טראַנספּאָרט. סוועטאָפּאָרן, פּאַרקערט, פּינטלען אָן אופהער מיטן רויטן פײַערל און זײַנען אימשטאַנד גאָר אינ־גאַנצן פאַרהאַלטן דעם האַסטיקן שטראָם פון אווטאָמאָבילן. פאַרנאַכט זעט אויס די טראַסע ווי אַ שטרעק אין דער שאַכטע. גלײַך ווי דאָס שאַכטיאָ־רישע לעמפּל, וואָס דינט אין דער קוילן־פּאַרפּלייצעניש פאַר אַ קאָנדוק־טאָר דעם שאַכטיאָר, אַזוי באַגלייטן סוועטאָפּאָרן דעם שאָפער אין זײַן מאָזלבראָכעדיקן וועג אַרײַן: אָט לאָזן זיי אים דורך, אָט פאַרהאַלטן זיי אים. און נאָר די „סאַניטאַרקעס" מיטן רויטן ציילעמל אויף דער נאָז און די גרויסע רויטע „פײַערלעשער" מאַכן זיך ניט קיין צימעס פונעם סוועט־טאָפּאָר און שווימען דורך גאָדלדיק, ווי מעיוכאָסים, הערן אפילו סטראַ־כאָוון אליין מיטן קאָטער.

סטראַכאָוו, דער באַלעבאָס פון דער טראַסע, גייט אַרום בעקאָוועדיק אַהין און צוריק. ס'איז בײַ אים אַ געוויינטע זאַך דאָס טראַכקען פון מאָ־טאָרן, דאָס שווינדלען פון פאַרעס, סטראַכאָוו קוקט נאָר פאָרויס, ער פאַרשפּאָרט מאַטרײַעך זײַן דעם קאָפּ און אים דרייען אויף צוריק, ער פילט מיט דער נעשאָמע דעם אָטעם פונעם וועג און, קוקנדיק פאָרויס, זעט ער, ווי אין אַ שפּיגל, וואָס ס'טוט זיך בײַ אים הינטער די פּלייצעס.

אָט טשאַדעט דאָרט עפּעס אַ מאַשין, און סטראַכאָוו דערקענט נאָך פונדערווײַטנס — ס'איז מאַסליאָנקין. טוט ער אַ פײַף, אַ קונציקן פאָך מיטן געטאָקטן שוואַרץ־ווײַסן מולעווקעלע, און — סטאָפּ מאַשי־נאַ!

— וואָס רייכערט זיך דאָרט בײַ דיר, פאַרשוין? יאָגסט אין דער וועלט אַרײַן, און דעם מאָטאָר דאַרף מען שוין מיט אַ וואַסער־קישקע לעשן...

מאַסליאָנקין שרײַט פון דער קאַבינע:

— ס'איז פונעם סטאַרטיאָר דער קאַבעל. ער האָט שוין ניט איין מאָל בײַ מיר געברענט.

— דאַרף מען איזאָלירן!

אַנאַטאָלי מאַסליאָנקין פאַלט ניט קוירים פאַרן אינספּעקטאָר, ווי אַנ־דערע שאָפערן. ניט דאָס ערשטע מאָל פּאַקט ער זיך אַרײַן צו סטראַ־כאָוון. ער ווייסט, סטראַכאָוו איז גאָר ניט אַזאַ שלעכטער מענטש, קוועטשט ער אָן אָפּן גאַז און וויל שוין אָפּטראָגן די ביינער, נאָר בײַ סטראַכאָוון גיבן אין איין און דער זעלבער רעגע אַ פינקל די שטעכיקע אויגן און דאָס גוטמוטיקע שמייכעלע. הייסט עס: שטיי, מאַסליאָנקין, אין געהאַקטע ווונדן!

— פּראַוואַ!

— פּאָזשאַלוסטאַ.

— טעכטאַלאָן!

— סעקונדאָטשקאַ.

— פּוטיאָוואָטשקאַ!

— ס אודאָוואָלסטוויִעם[1].

גייט אוועק א שמועס: וויפל איז דער שיר צו בויאַנעווען? בא מאַסליאָנקינען ציטערן אזש די הענט, ווען דער באַלעבאָס פון דער טראַסע נעמט קאַלטבלוטיק ארויס דאָס מאַשינקעלע אַף דורכשטעכן דעם טאַלאָן אַף די „רעכט". און ווען מאַסליאָנקין דערהערט דעם צאָק פון דעם קאָמפּאָסטער, דערפילט ער זיך אזוי, ווי מע וואָלט אים דאָ אפן אָרט אָפּגעשוירן פאַר א סאָלדאַט.

— איך וועל בא דיר צונעמען די „טעוועלעך", מאַסליאָנקין! — טוט גוטמוטיק א שמייכל סטראַכאָוו.

פּונקט ווי ס׳וואָלט גאָרנישט ניט געשען, וואַרפט זיך מאַסליאָנקין אַרײַן אין גאַראַזש. נאָר קוזמאַ וואַרלאַמאָוויטש פּאַכאָמאָוו באַגעגנט אים שוין באַם סאַמע טויער מיט דער קישקע, ווי גלײַך ער וואָלט אויך געווען אַף דער טראַסע און אונטערגעהערט סטראַכאָווס רייד. ניט איין מאָל האָט פּאַכאָמאָוו אים געוואָרנט, מאַסליאָנקינען, אַז א שאָפער אין זײַן קאַבינע איז סײַ א פּילאָט, סײַ א שטורמאַן, סײַ א ראַדיסט. און אַז ס׳טרעפט, לעמאָשל, אזוינס, וואָס ס׳האָט הײַנט מיט מאַסליאָנקינס מאַשין געטראָפן, דאַרף דער שאָפער זײַן אויך אַן עלעקטריק. ניין, פּאַכאָמאָוו קאָן ניט זאָגן, אַז אַנאַטאָלי פּילט ניט אויס דעם פּלאַן, צי ער מאַכט פּראָגולן. נאָר זאָל ער, מאַסליאָנקין, זיך צוקוקן צו באַלאַנדינען, צו מאַרגוליסן, און אפילע — וואָס דאַרף מען זיך שעמען, ער קאָן דאָס אייגענע אייניקל ברענגען פאַר א בײַשפּיל, — אפילע צו מאַרינען! זיי האָט מען נאָך פון דער ליניע אפן בוקסיר ניט געשלעפּט און אויך קיינמאָל מיט דער קישקע ניט געלאָשן.

מאַסליאָנקין וויל זיך אויסדרייען פון פּאַכאָמאָווס הענט, שוין בעסער האָבן צו טאָן מיט סטראַכאָוון, איידער מיט אָט דעם אַלטן וועטעראַן, וואָס מיינט בעפּיירעש, אַז פון מאַסליאָנקינען קאָן מען יאָ מאַכן א רעכטן שאָפער, ער זאָל ניט שלעפּן דעם גאַנצן גאַראַזש אַף צוריק. און דער אַלטער טרייבערט אים דערווײַל ווײַטער די נעשאָמע מיט זײַן מוסער זאָגן.

אפילע מאַסליאָנקינס אויסזען, דער ארויסגעלאָזטער טשוב, דאָס געלע רעקל, וואָס איז אזוי שמאָל אַף אים, אַז ער קאָן אפילע קיין באַלאָן ניט אוועקשטעלן אפן אָרט, — איז דעם אַלטן פּאַכאָמאָוו דערווידער.

— עך, דו! — וואַרפט ער פאָר מאַסליאָנקינען. — אין אזא פּידזשאַקעלע מעגסטו נאָר זיצן אין קאַבינע און לייענען גאַזעטן.

מאַסליאָנקין טוט א שפּיל מיט די ציגײַנערשע אייגעלעך:

— וואָס זשע ווילסטו, באַטיאַ, איך זאָל שוין קיין גאַזעטן אויך ניט לייענען?

פּאַכאָמאָוו איז אָפּגעזעסן באַם רודער אזויפיל יאָרן, אַז ער פאַרשפּאָרט

[1] די רעכט! — ביטע. — דעם טעכטאַלאָן! — איין סעקונדע. — די פּוטיאָווקע! — מיט פאַרגעניגן.

ארײַנקוקן אין צײַטונגען. דעמלט, ווען ער האָט גערימפּלט אַפּן „ראָלס־ראָיס״ צי אַפּן „טפרו־נאַ״, ווי שאָפערן האָבן גערופן דעם „רענאָ״, האָבן בלעטער און זשורנאַלן געלייענט די פײַנע פאַרשוינגען, וואָס ער האָט גע־פירט. און צו וואָס האָט ער באַדאַרפט אַ בלאַט? פאַר אַ טאָג הערט אַ שאָ־פער זיך אָן אַזויפיל זאַכן, אַז דער קאָפּ ווערט שיר ניט געשוואָלן, ער ווערט אַליין אַ לעבעדיקע בלאַט.

— ניין, גאַזעטן לייענען דאַרף מען, — טוט אַ בורטשע דער אַלטער, — נאָר ניט דעמלט, ווען דער קאַבעל ברענט... גיי ניט פּאָפּן און מאַך די מאַשין!

אַ שווערער אָפּדערנאַכט האָט זיך הײַנט אויסגעגעבן פאַר דעם אַלטן פאַכאָמאָוון. ניט קיין נאַכעס, נאָר צאָרעס ברענגט אים דער סאָף פון טאָג. איינער נאָכן אַנדערן יאָוועט זיך הײַנט פון דער ליניע די טאַלמידים זײַנע מיט צעשלאָגענע „נעזער״. ערשט האָט ער אָפּגעטײַנעט מיט מאַסליאַנקי־נען, איז גיי ריכט זיך, אַז ס׳וועט אים נאָך אויסקומען אָפּנעמען נאָך אַ פאַרדריסלעכן גרוס. און פון וועמען? פון מאַרגוליסן! יאָ, יאָ, פון מאַר־גוליסן אַליין.

דערזען דאָס צעקלאַפּטע קאַבינע־פענצטער בא מאַרגוליסן אין מאַשין, האָט פאַכאָמאָוו ארײַנגעפירט פרידלען אין דער פײַערלעשער־בודקע, צו־געמאַכט די טיר און מיט געזונטע שאָפערישע הענט אַ טרייסל געטאָן אים פאַר די אַקסל:

— דאָס האָט מען דיך אַ „קוש״ געטאָן, צי דו האָסט עמעצן „גע־קושט״?

— איך, — האָט, ווישנדיק די אויגן, מיד ארויסגעאָטעמט מאַרגוליס.

פרידל קוקט ניט אין פּאָנעם ארײַן דעם אַלטן לערער, דעם באַטיאַ, וואָס האָט אים אויסגעכאָוועט בא זיך אין קאַבינע, דעם רודער פון די אייגענע הענט אים איבערגעגעבן. בא קוזמאַ וואַרלאַמאָוויטשן טוט קיין אייוועד ניט קיין ציטער, ווען דאָס מויל זײַנס רעדט ארויס אַזעלכע האַרבע און אָפּגעפרעמדטע ווערטער:

— די „טעוועלעך״ זײַנען בא דיר? גיב זיי מיר אָפּ...

מיט שווערע צוויי פאַרשוואָלענע הענט נעמט מאַרגוליס ארויס דעם געלן בײַטל. די הענט, פילט ער, זײַנען ווי פאַרקילט, די פיס האַקן זיך אונטער. פופצן יאָר האָט ער אָפּגעאַרבעט. זיבעצן יאָר איז ער אַלט גע־ווען, ווען ער איז געקומען צו פאַכאָמאָוון.

און מיטאַמאָל דערפילט ער, פרידל, אַז דעם אַלטן פאַכאָמאָווס קאָל ווערט שטאַרק־שטאַרק, שוין אַפילע צו שטאַרק, היימיש און ווייך. מיט אַזאַ קאָל רעדט מיט זײַן זון אַ באַיאָרטער טאַטע, וואָס פון איבערלע־בעניש זײַנען אים די אויגן נאַס:

— שאָפערײַ, אַבראַמיטש, מוזסטו וואַרפן... מיט איין אויג אַרומפאָרן טאָרסטו מער ניט...

„איך האָב דיך אָף דער וועלט געבראַכט, איך וועל דיך אומברענ־גען״, — טוט זיך אַ בויטע אין מאַרגוליסעס אופגערודערטן מויעך. און אין דער זעלבער רעגע דערזעט ער די טראַסע, ווי זי וויקלט זיך און וויקלט

זיך און האָט גאָר קיין סאָף ניט. גוט איז זיך טראָגן איבער אזא וועג מיט צעעפנטע פענצטער אין דער קאבינע. דער מאָטאָר רעדט צו דיר מיט א פארשטענדלעך לאָשן, דער ווענטיליאַטאָר זינגט זיך זײַן לידל, און נאָר דער שאָפער קוקט מיט זײַן געניט אויג פאָרויס, באמערקט יעדער גריבעלע אפן אספאלט — ווו עס ליגט א לאטקעלע און ווו עס איז א קאליוזשקעלע...

דערנאָך קערט מען זיך אום פון דער ליניע, טוען א ציטער די רעדער אף דעם בריקל באם גאראזש, דער מעכאניקער כאפט פון דער זײַט א קוק ארײַן אין קאבינע, — נאָר דאָרט איז ריינער, ווי אין קאָנטאָר. מיטן רעכטן פוס פרווט דער מעכאניקער יעדן באלאָן באזונדער, צי זיי האלטן נאָך, דערנאָך קומט דער שאָפער, וואָס וועט איבערנעמען די מאשין אף דער נײַער וואכטע, קוקט דורך דעם אינסטרומענט.

פרידלס ניט פריילעכע מאכשאָוועס האָט איבערגעריסן א געשריי, וואָס טראָגט זיך פון דער קאָלאָנקע:

— א מאשין ברענט!..

ארויסגעלאָפן צוזאמען מיט פאכאָמאָוון פון דער בודקע, האָט ער דער־זען, ווי מאסליאָנקין האוועט אין קנוילן רויך ארום זײַן ברענענדיקער מאשין.

שאָפערן זײַנען זיך צונויפגעלאָפן, געשאָטן זאמד, געוואָרפן וואטני־קעס אפן מאָטאָר און מיט טויטע קלאָלעס געשאָלטן מאסליאָנקינען. און ער, דער שולדיקער, איז געשטאנען א פארלוירענער, אליין אויך אן אָפגעסמאליעטער, דאָס געלע רעקל האָט זיך געוואלגערט אף דער ערד א פארקוילטס, ווי א פאַשעטע רעדנע, אין וועלכער מע האָט פארוויקלט א טליִענדיקע האָלאָוועשקע. כעוורע לעשערס זײַנען צעהיצט: מע שפריצט און מע גיסט. אויב דער מאָטאָר איז, ניט היינט געדאכט, געווען אין אזעלכע שיינע הענט, ווי בא מאסליאָנקינען, — דאָ רינט א שטוצער, דאָרט קאפעט פון א טרײַבל, — דעמלט היט זיך, שאָפערן, עס קאָן פארברענט ווערן אײַער גאנצע באזע!..

— פארמאכט דעם קראנט! — שרײַט איבער דעם טומל פאכאָמאָוו.

מארגוליס ווארפט זיך אונטער דער מאשין. עס טוט אים א טשמעליע די היץ אין פאָנעם ארײַן, מיט איין האנט פארשטעלט ער זיך די אויגן, דאָס זעענדיקע און דאָס בלינדע, און מיט דער צווייטער האנט זוכט ער אין עסעריקן רויך דעם קראנט פונעם בענזין און געפינט אים ניט. דער ברענענדיקער בענזין צעגיסט ארום זיך א בלענדנדיקע שײַן מיט שוואר־צע פלעמעלעך און שטעכיקע פונקען... עס סארפעט די הויט בא מאר־גוליסן. איצט זוכט ער שוין דעם קראנט מיטביידע הענט, מיט אלע כושים זײַנע... אָט כאפט ער אים אָן און מיט די לעצטע קויכעס, ווי ער וואָלט א גרויסן דאָמקראט פארדרייט, מאכט ער אים צו... אף א ווײַלע פאלט פרידל צו צו דער ערד, ער הערט שוין ניט דעם טומל ארום דער מאשין, ער פילט נאָר, אז געזונטע הענט שלעפן אים פונעם פלאם, טראָגן אים אָפּ אין א זײַט. עס דוכט זיך אים, אז ארום ברענט נאָך א פײַער.

עס שמארצט די הויט און עס שטעכן די אויגן. און ארום אים, ווי ארום א געליטן קינד, טראָגן זיך אָפּגעווייטערטע קוילעס:

— דעם דאָקטער!

— דער בענזין האָט אים אויסגעברענט די אויגן.

— שטופּט אָפּ די מאשין פון דער קאָלאָנקע!

קאַפּיטל פופצן

## „צוציק־מוציק"

דער הימל ליגט פארקילט, ווי א געדיכטע שטיק ליים. אין געפּענקע־ניש בא דער כײַישער ווינטער־נאכט דרעמלט אינעם אויסגעלאָשענעם פינצטערן דרויסן א שטעטעלע. אין אלע שטיבער שלאָפט מען, און נאָר בא אווראָם מאָפּס אין הויף איז הײַנט גאָר פרי געוואָרן טאָג.

אווראָם מאָפּס, פרידלס טאטע, האָט ערשט באנײַס א קאָן ארײַנגע־שאָטן אין זשאָלאָב א קעסעלע האָבער, אונטערגעבעט דער כודאָבע פרי־שע שטרוי, א גלעט געטאָן די גריווע באם פערד.

— פריי זיך ניט, לאָשעק, מיט דעם פרימאָרגן, נאָר מיט דער גוטער שאָ!

אווראָם מאָפּס איז הײַנט אופגעלייגט. א קלייניקײַט, ער פאָרט צו פרידלען אף דער כאסענע.

איין פערד כאפּט פונעם מויל באם צווייטן, טוט דער באלעבאָס א מרוקע און א קנאק מיט דער בײַטש:

— סאם־האמאָוועס וועסטו בא מיר פרעסן, ליאדאשטשע שקאפּע!..

ער רוקט אויף דעם צווייטן סוס ארײַן א פאָר פּוזשעלעס אין די באַ־קעס, זידלט זיך אויס פאר קינדס־קינדער, פאריגלט די הויזנטיר און — גרייט אין וועג ארײַן:

— גענוג מיט די גריוועס טרייסלען, קלאָווים איינע... מיר פאָרן כאַ־סענע מאכן פרידלען, זאָלט איר וויסן. נו, וויאָ, וויאָ! אין אײַער קרעצי־קער פעלן!

ס'וועט שוין באלד שאריִען אף טאָג, דער הימל אליין האָט, ווײַזט אויס, עפּעס דערפילט אזוינס, פון וואָס ער האָט אראָפּגעוואָרפן די מאַרעשכוירע, זיך אויסגעקאשערט, ווי נאָכן אופּעסן א טרייפע זאך.

ניין, צו גאָט האָט ער גאָרניט, אווראָם מארגוליס. זײַן זון פרידל איז, דעם אייבערשטן צו דאנקען, ארויס לעבעדיק פון דער בלוטיקער מיל־כאָמע, און כאָטש ער האָט פארלאָרן אן אויג, לאָזט ער דאָך ניט ארויס דעם „בייגל" פון די הענט. און ער אליין, דער אלטער סטעלמאך פונעם שטעטלשן קאָלכאָז, איז דען ניט ארויס, ווי דורך א נעס, פונעם טויטס צוואנגען?

ווען די ערד האָט געברענט אונטער די פיס, איז ער, דער מאָפּס, ניט געלאָפן אין קעלער זיך אויסבאהאלטן, ווארטן, ביזוואנען מע וועט אף זײַן האלדז דעם שלייף פארציִען. טאָג און נאכט האָט ער געבלאָנקעט איבער די דערפער אין צעפליקטן סוויטקעלע, זומער און ווינטער, אָנגע־רוקט דעם יאָלעם איבער די אויגן, איז ער געגאנגען פון שטוב צו שטוב, און, פארשטעלנדיק זיך פאר א כאָסערדייע, געהאלטן אין איין מורמלען מיט א געמאכט דין קעלכל די צוויי היגטישע ווערטער:

— צוציק־מוציק...

„צוציק־מוציק" האָט מען געהערט אין קיך בא די דײַטשן; „צוציק־מוציק" — אין פּאָליציי־קאָמענדאטור; „צוציק־מוציק" — אפן וועג צום פּארטיזאנישן וואלד.

דײַטשן הערן זיך צו צום היגטישן בילן.

— צוציק־מוציק? צוריוק צוריוק! — טרײַבן זיי דעם מעשוגענעם. גיי פארשטיי, וואָס ער וויל.

אנדערע לאָכן, ער קרימט זיך ניט שלעכט נאָך „אײַן יודע"... אָבער קאָמאנדירן — פּארטיזאנער לאכן ניט פון מארגוליסן, זיי שמייכלען גוט־מוטיק: אף אזא אויסשפּירער קאָן מען זיך פארלאָזן.

פאר פיר יאָר מעקען „צוציק־מוציק" איז אווראָם מאָפּס אזוי געוווינט געוואָרן, אז אדהײַעם, ווען ער דויבעט א קלעצל פון א ראָד צי ער שאַ־ליעוועט א דראבינע, מורמלט ער בעשאסמײַסע מיט א כאזאָניש קעלכל:

— צוציק־מוציק, צוציק־מוציק...

אויך איצט, פאָרנדיק פונעם שטעטעלע אין ראיאָן־צענטער, מאכט ער דורך דעם וועג איבער באקאנטע גאסן פון ארומיקע דערפער, אונטער־זינגענדיק זײַן ניגנדל. דערפער, ערשט אופגעשטאנענע פון שלאָף, בא־גלייטן דעם אלטנס שליטן און גיבן איבער פון מויל צו מויל, אז דער באטיא מארגוליס, געזונט זאָל ער זײַן, פירט צו זײַן זון אף דער כאסענע א האלבן טוץ געקוילעטע גענדז מיט א זעקל געפליקטע פע־דערן.

אָבער אווראָם האָט קליינע דײַגעס, וואָס מענטשן ריידן זיך אין די ארבל. ווען ער באגעגנט, שטעקט ער אָפּ א ברייטן שאָלעם־אלייכעם, און צו די פערד גיט ער דערבײַ א געשמאקן צמאָקע, גיט א קנאק מיט דער בײַטש און א מרוקע ארויס:

— צוציק־מוציק! צוציק־מוציק!

אזוי פּאוואָלינקע קומט ער אין ראיאָן־צענטער און אפצולאָכעס דער וועלט, כאָטש ער האָט אן אייגענעם שפּאן מיט א פּאָר געזונטע פערד, שטעלט ער זיך אָפּ בא דער סטאנציע און טוט א קאָמאנ־דעווע:

— טרעגער! ווער איז דאָ דער טרעגער?

לויפן צו אים צו צוויי געזונטע יונגאטשעס מיט ווײַסע פארטעכער. איינער כאַפּט דעם זאק מיט פעדערן, דער צווייטער הענגט אוף אף זיך אלע זעקס גענדז, פּונקט ווי א יעגער נאָך א געראָטענער יאגד.

פון דער זײַט, אז מע זעט, ווי אווראָם מאָפּס פּאָרט זיי נאָך מיטן שליטן, קאָן מען מיינען, אז ער פירט ערשט דעם עמעסן באַראָן, וואָס אַף די הענט וועלן אים קיין דרײַ טרעגער ניט דערטראָגן.

דער מאָפּס זיצט אין שליטן און לאָזט פון די טרעגער קיין אויג ניט אַראָפּ. ער איז זיי, כאָלילע, אין גאָרנישט ניט כוישעד, נאָר מיט זיך איז ער זיך מעיאשעוו: „קוק, רעב אווראָם, דײַנע גענדז זאָלן ניט לעבעדיק ווערן"...

ווען די שיינע פּראָצעסיע איז שוין בא מאָטל סמיקונס קאַליטקעלע, טוט אווראָמען פּלוצעם א צופּ אין הארצן: דער ערשטער יונגאטש האָט זיך א ריב געטאָן אין פּלויט, צעריסן דעם זאק מיט די פעדערן, איז בא דעם מעכוטנס שטוב געוואָרן אַן עמעסע זאַווערוכע.

— א מאָפּס בלײַבט א מאָפּס! — זאָגט מאלקע סמיקון צו מאָטלען, קוקנדיק דורכן פענצטער אין דרויסן ארויס. — וואָס לויפט ער אין שטאָט מיט פולע זעק פעדערן?

מאָטל ווערט מאָלע־רעציכע אף דער ידענע. אפילע אין אזא גרויסן אומגליק קאָן זי אויך ניט אָפּשטעלן איר בייזע צונג.

— הער שוין אוף, יאכנע, צו פּלאפּלען מיט דער לעלע!.. גיי בעסער זײַ מוידיע די קינדער, אז דער מעכוטן איז געקומען, און איך וועל אים גיין באַגעגענען.

באם פּארקן האָט אווראָם מארגוליס זיך שוין צערעכנט מיט די טרעגער, צוגעבונדן די פערד צו א סלופּ. מיט א פריידיק קאָל שרײַט ער אין סאָד ארײַן:

— בענאָק, היי, בענאָק! קום טראָגן די גענדז מיט די פעדערן!

מיטאמאָל בלײַבט ער שטיין, ווי אַן אָפּגעקאָכטער. פון דער צעעפנטער טיר גייען ארויס אפן פארשנייטן גאנעק אין א גרויזאמען שטילשווײַגן פריער מאָטל סוקעוואטער, אָן א היטל, אין א צעכראַסטעטן זשילעט, און הינטער אים, מיט א פארגליווערט פּאָנעם און שטארק צעעפנטע בלינדע אויגן, דער זון זײַנער, פרידל, וועמען עס פירן אונטער די הענט מאלקע און ראָכעלע. פון אונטער דער פּאָרענטשע גיט זיך א שמוגל דורך אַן אומבאקאַנט שווארץ באָכערל און לויפט צו צום שליטן:

— שרעקט אײַך ניט, מעכוטן... מיר האָבן אײַך ניט געוואָלט שרײַבן... בא דער קאָלאָנקע האָט עס אים אָפּגעבראָטן...

אווראָם גיט זיך עפּעס מאָדנע א טאָפּטשע אף איין אָרט, פארלירט די בײַטש און, ווי ער וואָלט געזוכט זיך צו באהאלטן פון א פּאטש אין פּאָנעם, פאלט ער צו צו די פערד.

— טאטע... — זוכט אים מיט די אויסגעשטרעקטע הענט פרידל.

אווראָם גייט צו צום גאנעק און צעכליפּעט זיך:

— בלינד... זון מײַנער... אוי, א בראָך צום טאטן דײַנעם...

# א סאָף צו מאַלינינען

אין איין שיינעם טאָג קומט מאָטל סמיקון אהיים מיט דער גוטער בסורע:

— א סאָף צו מאַלינינען! דער גאַנצער גאַראַזש קאָכט און ברענט! געמאַכט א סאָף מיט מאַלינינען!

מאַלקע איז אַפּן זיבעטן הימל. גיי האָב טײַנעס צו א ייִדענע! אַז אָסיפּ סערגייעוויטש איז געווען „אַפּן פערד", האָט זי געטאַנצט אַרום אים, איצט אָבער איז זי גרייט אין א לעפל וואַסער אים דערטרינקען.

זי פאַרשטייט ניט, — טײַנעט מאַלקע צום מאַן אירן, — איין פּראָסטע זאַך. אַז מאַלינין האָט שוין יאָ, דעם אייבערשטן צו דאַנקען, געבראָכן דעם רוקן, זײַנען זיי קליין, די סעקרעטאַרן פון ראַיקאָם, אים שיקן ווידער אין צעך אַרײַן בײַטן די באַלאָנען אױף די מאַשינעס?

אַליין אױף דער ביוראָ איז מאָטל דער בלעכער ניט געווען, נאָר אין גאַראַזש זײַנען ניטאָ קיין סודעס...

לעכאַטשילע האָט מאַלינין בעפּיירעש געהאַלטן א פײַערדיקע דראָשע, נאָר אַז שאָפערן האָבן איינער נאָכן אַנדערן אים אָנגעהויבן ציילעמען אױף זייער טאַרגעם־לאָשן, האָט ער גאָר אײַנגאַנצן אופגעהערט צו דאַוונען.

ווי אַן אָקון גייט אין דער נעץ אַרײַן, אַזוי איז מאַלינין די לעצטע צײַט געקראָכן אַלץ טיפער און טיפער אין בלאָטע. מע האָט שוין געוווּסט, אַז ער פירט מאָדנע געשעפטלעך מיט בײַטן אַלטע מאַשינעס אױף נײַע, עפּעס האָט ער מיצקעדערינען זיך גענומען בויען א דאַטשע אין ראַ־קיטנע. אָבער וויפל דאָס בײַוועלע זאָל זיך ניט ווױקלען, מוז דאָך נעמען א סאָף פריִער אָדער שפּעטער...

מיט זײַנע אייגענע אויגן האָט מאָטל געזען, וויאַזוי עס האָט זיך אָנגעהויבן באַ מאַלינינען דער הײַנטיקער טאָג. געקומען איז ער צום טויער פון גאַראַזש אַן אויסגעווייקטער, מיט א צעקנייטשטער צורע נאָך א נאַכט הוליען דער רועך ווייסט ווו. אין בודקע האָט אים אָפּגעשטעלט פאַכאָמאָוו מיט א שטעכווערטל:

— לײַטישע מענטשן ווײַזן א צײַגעניש, אָסיפּ סערגייעוויטש.

מאַלינין האָט אָפּגעשטופּט דעם אַלטן אין א זײַט און מיט קאַס א בורטשע געטאָן:

— פאַרשטעל ניט דעם וועג, אַלטער! דערווײַל בין איך דאָ באַלעבאָס.

אַרײַן אין קאָנטאָר א צעקאָכטער, האָט ער אָנגעזאָגט דער סעקרע־טאַרשע:

— איך בין הײַנט פאַרנומען, לאָזט ניט די שאָפערניא אין מײַן קאַ־בינעט.

קומט פונקט אַרײַן א באַלאַנשטשיק, בעט זיך צום דירעקטאָר. דאָס ווײַב איז בא אים געשטאָרבן, וויל ער אויסשרײַבן אַן אוואַנס.

מאַלינין לויפט אַרויס מאַלע־רעציכע:

— איך האָב געזאָגט — קיינעם ניט אַרײַנלאָזן, און דו... און דו...

— ווען דען וועט איר אופֿנעמען, כאַוועער דירעקטאָר, די באַגרע־בערס?

דער באַלאָנשטשיק רײַסט זיך אַרײַן אין קאַבינעט, וואַרפֿט אַ פֿאַר־ביטערטן קוק אויף זײַן אייגענעם פּאָרטרעט, וואָס הענגט אויפֿן ערן־טאָוול באַם דירעקטאָרס שטול צוקאָפּנס, און שרײַט ניט מיט זײַן קאָל:

— ווער האָט דיך אוועקגעזעצט אויף אָט דעם בענקל, ביוראָקראַט אײנער?

מאַלינין קלינגט אין דער וועכטער־בודקע, מע זאָל קומען אַרויסוואַרפֿן דעם כוליגאַן פֿון קאַבינעט. אויפֿן קלונג לויפֿט אַרײַן קוזמאַ וואַרלאַמאָוויטש פּאַכאָמאָוו, ער קוקט אַ ווײַלע אויף דעם דערשלאָגענעם באַלאָנשטשיק און אויף מאַלינינס פֿאַרשוואָלן פּנים, הערט זיך צו צו ביידנס רייד און טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ:

— עך, מאַלינין, מאַלינין... אויב מע האָט דיך שוין יאָ געלאָזט באַ־לעבאַטעווען אין גאַראַזש, דאַרפֿסטו זיך דאָך אופּשטעלן, ווען אַ שאָפֿער גייט אַרײַן צו דיר אין קאַבינעט!

דאָס איז שוין איבער מאַלינינס קויכעס. ער כאַפּט אָן פּאַכאָמאָוון באַ די אַלטע אויסגעדרייטע אַקסל, צעפּראַלט מיט אַ פֿוס די טיר און שטופּט אים אַרויס פֿון קאַבינעט. דער אַלטער איז אומגעפֿאַלן און זיך אויסגע־בראָכן אַ האַנט.

דער וועטעראַן פֿון גאַראַזש איז הײַנט געשטאַנען אַרומגערינגלט מיט שאָפֿערן באַ דעם גרין־פֿאַרדעקטן טיש פֿון ראַיקאָם, באַ וועלכן עס איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אויך מאַלינין, און זיך געכידעשט, וויאַזוי ער, מאַלינין, איז „צו אַזאַ לעבן דערגאַנגען".

קוזמאַ וואַרלאַמאָוויטש טוט זיך אַ קרים פֿון דעם ווייטעק אין דער האַנט, מאַכט צורעכט דעם באַנדאַזש פֿון מאַרליע און זעצט פֿאָר דער־ציילן דאָס, וואָס אַלע באַם טיש — סײַ די ראַיקאָמאָווצעס, סײַ שאָפֿערן — ווייסן אייגנטלעך. מאַלינינס פֿאָטער איז געווען קאָטשעגאַר אין גאַראַזש, דערנאָך אַ טערמאָטעכניקער. שאָפֿערן מוזן געדענקען דעם קלייניטשקן גראָוון זאָקן. מיט די גרויסע שטיבלעטן פֿלעגט סערגיי וואַסיליעוויטש מאַלינין שלעפּן איבערן גאַראַזש — ניט גיין, נאָר לויפֿן פֿון איין באָקס אין צווייטן, צו יעדן טרײַבעלע אין דער הייץ־סיסטעם פֿלעגט דער אַל־טער מאַלינין צולייגן דעם ווײַסן קאָפּ, זיך צוהערן, ווי די פּאַרע שלאָגט זיך דורך דורך דער באַטאַריי. אָסיפּ סערגייעוויטש געדענקט דען ניט יענעם טאָג, ווען דער פֿאָטער זײַנער איז געשטאָרבן און דער גאַנצער גאַראַזש האָט אים אַרויסבאַגלייט?.. פֿאַרשטייט דעריבער ניט פּאַכאָמאָוו, ווי קומט צו אַזאַ לײַטישן, אין טאָך גערעדט, מענטשן, ווי דער אַלטער מאַלינין איז געווען, אַזאַ סאָרט זון?

באַלאַנדינען איז ניט גרינג געווען צו ריידן וועגן אָט דעם איניען, כאָטש ער איז פֿאַרטאָרג און מאַלינינס געננג דערלאַנגען אים ביז אין דער

זיבעטער ריפּ אַרײַן. ביז איצט געדענקט ער נאָך, באַלאַנדין, ווי דער סעקרעטאַר פון ראַיקאָם האָט אים אויסגעוואָרפן: „אָבער דאָס ווײַב בּאַ מאַלינינען האָסטו, שמועסט מען, קונציק צוגענומען..."

אומגעריכט פאַר זיך אַליין האָט ער זיך אַ הייב געטאָן פון אָרט און, קוקנדיק דעם סעקרעטאַר גלײַך אין די אויגן אַרײַן, ווי איינער רעדט: „מעגסט זיך טראַכטן, וואָס דו ווילסט, נאָר מײַן עמעס איז ריינער פון קרישטאָל", אַ קלאַפּ געגעבן מיטן פויסט אין טיש:

— שוין לאַנג צײַט מאַכן אַ סאָף מיט אָט דעם מאַלינינען!

...מאָטל דער בלעכער דערציילט דעם ווײַב זײַנעם, וואָס ס'איז פאָר־געקומען אין ראַיקאָם, פונקט ווי ער וואָלט דאָרט געווען אַמווייניקסטנס דער דריטער סעקרעטאַר. מאַלקען טוט באַנק איין זאַך: וואָס הייסט, באַלאַנדין פאַרבעט זי ניט אויף דער דאָזיקער ביוראָ? איי וואָלט זי אים צוגעלייגט אַ קנייטל, מאַלינינען!

בּאַ מאַלקען בײַטן די מיינונג וועגן אַ מענטשן דאַרף לאַנג ניט גע־דויערן. און דאָס איז עפּשער צום גוטן. אָט האָט זי גאָר ניט לאַנג אפילע הערן ניט געוואָלט וועגן פרידל מאַרגוליס, און איצט איז ניט שײַעך, ער איז שוין איר ווי אַן אייגן קינד. אַ סימען, ראָכעלע לעבט מיט אים. אַ מענטש איז ניט בּאַ זיך אין די הענט — אַפּן גלײַכן וועג ברעכט מען זיך אויך אויס אַ פוס. מאַלקע פאַרשטייט: דער איידעם אירער האָט אויף זײַנע פּלייצעס איבערגעטראָגן אַזאַ וויסטע מילכאָמע, די ריזע, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, געפּאַטערט. דער דאָזיקער מאַלינין זאָל אים ניט געווען שיקן אין וואַלד אַרײַן, וואָלט ער דען בלינד געוואָרן אויףביידע אויגן? נו, און דאָס ערשטע ווײַב מאַלינינס — מאַרינע? אַזאַ שטיק גאָלד! האָט ער זיך דען אין איר ניט נויקעם געווען, דער מאַלעכהאַמאָוועס? אַ רע־ציכע פון אַן אויסוווּרף: שיקן אַ מעובערעסע שלעפּן קלעצער! נאָר מאַכנאָ דער באַנדיט וואָלט אַזוינס געטאָן...

— וואָס טראַכטן זיי זיך דאָרט אין גאַראַזש? — טײַנעט ווײַטער מאַל־קע. — אַז מאַלינין האָט שוין יאָ באַקומען אַזאַ וויסטן סאָף, וואָלט דאָך געווען אַ יוישער, מע זאָל אַרויס צוליב דעם מיט אַ שטיקל פּרעמיע די שאָפערן, כאָטש אַ פּופּציקער אויף מאַכן קידעש!

קאַפּיטל זיבעצן

## פרישע קוואַלן

זינט פרידל מאַרגוליס איז אינגאַנצן בלינד געוואָרן, קומט מאַלקע אָפּט אַרײַן צו די קינדער. נאָר קערט זי זיך אום אַהיים, די מאַמע, זעצט איר אַזש אַ רויך פון די נאָזלעכער, אַזוי גרויס איז דער גרימצאָרן.

— מיט אַ געזונטן קאָפּ אין קראַנקן בעט!.. — הייבט זי אָן איר אַלט לידל.

מאָטל שרײַט איר אַרײַן אין אויער, גלײַך ער וואָלט בעשאַסמײַסע געקלאַפּט אַין אַ בלעך, און האָט מוירע, דאָס דונערײַ זאָל ניט פאַרטויבן די ווערטער זײַנע:

— מאַלקעניו, ס׳איז דיר דען ניט ניכע, וואָס באַלאַנדין אַליין קומט צו דײַן איידעם צורעכט מאַכן אַ פאַרטקע אָדער אין באָד אַרײַן אים אָפּפירן?

מאַלקע סטאַרטשעט אויס אַף אים די אויגן:

— אַ געדולע אַף דער באָבען!

אַזוי קומט פאָר אַלע מאָל, ווען מאַלקע זעט זיך מיט די קינדער. הײַנט אָבער וועט זי פאַרשפּאָרן טומלען, ווײַל מאָטל דעם בלעכערס גאַנץ גע־זינדל האָט זיך צונויפגענומען טאַקע דאָ, באַ טאַטע־מאַמע אין שטיבל, וואָס האָט זיך אײַנגעקאָרעניעט אין צעוואַקסענעם סאָד, ווי אַ פּליאַם אַ רויטער אינמיטן טײַך.

אַרום דעם מיזיניק, אַרום שלוימעלען, דרייט זיך איצט דאָס גאַנצע רעדל. הײַנט איז שלוימעלעס ערשטער אַרויספאָר אַף דער טראַסע. מאַל־קען טוט וויי דאָס האַרץ פאַרן קינד: נאָך איין שאָפער פעלט איר אין דער מישפּאָכע... זי ווייסט דען ניט, וואָס אַ שאָפער האָט אויסצושטיין, לע־מאָשל, ווינטער? די וויוגע רײַסט שטיקער, דער פראָסט ברענט און בראָט די הויט פונעם לײַב, נאָר דער שאָפער ליגט מיטן קאַלטן שליסל אין דער האַנט, דרייט די מוטערקע. פאַרקאָוועט זײַנען די פינגער, זאַשפּערעס פאַר־גייען... ניט איין מאָל טרעפט, אַז טראַקטאָרס דאַרפן אַרויסשלעפּן די מאַ־שין פונעם אָנגעוואַלגערטן שניי. באַנאַכט שלאָגט מען זיך אַראָפּ פון וועג און מע בלײַבט אינמיטן דער וויסטעניש פאַרהריזנעט ביזן גאַרטל. מע הערט ניט קיינעם, מע זעט ניט קיין נעפעש, פאַרשנייט איז די מאַשין... נאָך אַזאַ נאַכט קומט דער שאָפער אַהיים מיד, אָנגעפראָרן, ניט קיין עסן, ניט קיין טרינקען גייט אים ניט.

נאָר פונקט ווי קיינער וואָלט איצט ניט פאַרשטאַנען דער מאַמעס האַרץ, איז מען גאָר מאָלע־געדולע אין מאָטל סמיקונס שטוב. מע פרייט זיך און מע איז איבעראַשט: דערלעבט דעם טאָג! דער מיזיניק האָט זיך אויסגעפײַנט!

ס׳איז געקומען אַהער אויך אַלעקסאַנדער ניקיפאָראָוויטש באַלאַנדין — געקומען גלײַך פונעם קימפּעטאָרן־שפּיטאָל, וווהין ער האָט הײַנט, אין אַ מאַזלדיקער שאָ, אוועקגעפירט די „סיניטשקע״ זײַנע, מאַרינען. מאַרגוליס און באַלאַנדין דויבען אַרײַן, דאָס לעצטע מאָל פאַרן אַרויספאָרן, שלוי־מעלען אין קאָפּ: א) ער זאָל ניט אָפּוועגדן דעם בליק פונעם וועג; ב) ער זאָל ניט יאָגן ווי קיין דולער און ג) ער זאָל געדענקען דעם הויפּט־קלאַל פון אַ שאָפער — פאַרשטעל ניט קיין נאָר דעם וועג!

מאַרגוליס האָט ניט איין מאָל געלערנט שלוימען, אַז אַף אַ מאַשין קוקן הונדערטער אויגן, ניט נאָר סטראַכאָוו אַליין. באַ אים, באַ מאַרגו־ליסן, זעען שוין ניט די אייגענע אויגן, קאָן ער ניט נאָכטאַנצן שלוימעלען אַף זײַן וועג איבער דער ליניע. שיקט ער אים, פרידל, מיט גרויס אָפּשײַ

צו באַלאַנדינען. אין לאַנגע ווינטערדיקע פאַרנאַכטן, ווען ער האָט געלערנט באַלעק מיט זײַן שוואָגערל, פלעגט ער אַלעמאָל אַ זאָג געבן:

— פרעג בײַ באַלאַנדינען... באַלאַנדינס טוירע וועט דיר צוניץ קומען...

אַלעקסאַנדער ניקיפאָראָוויטש איז דערפאַר טאַקע געקומען צו לויפן אַזש פון זײַן קימפּעטאָרן, קעדיי בענטשן דעם סטאַזשאָר פאַרן אַרויס־פאָרן.

— געדענק: קעגן אַ טויער שטעלט מען זיך ניט אָפּ!

— דעם אינטערוואַל זאָלסטו האַלטן, מאַמזער!

די סמיקונעס מיט באַלאַנדינען באַגלייטן שלוימעלען אין גאַראַזש, ווי אין דער אַרמיי: אָט דער „סוטשאָק‟, וואָס האָט ערשט ניט לאַנג מוירע געהאַט פאַרן פּיפּס פון אַ סירענע, דאַרף זיך באַלד זעצן בײַם רודער.

אַ ביסל אַ פאַרשעמטער, שטייט שלוימעלע בײַם פענצטער פון דער דיספּעטשערסקע.

— סאָלאָמאָן מאַטווייעוויטש, — זאָגט מיט אַ פאַרשטעלטן שמייכל ראָכעלע, — האָסט נאָך ניט פאַרגעסן דעם נומער פון דײַן טאַבעלע?

— ער האָט אים נאָך ניט פאַרגעדענקט, — מישט זיך אַרײַן מאַס־ליאָנקין, וואָס איז געקומען אַ קוק טאָן, וויאַזוי שליאָמקע דער אַזעספּאָנעם וועט אָנהייבן שטעלן פּיס.

— דעם נומער פון דײַן מאַשין געדענקסטו, סמיקון? — האַלט זיך אין איין נויקעם זײַן ראָכעלע.

— צוויי הונדערט צוועלף, — ענטפערט גאַנץ רויִק שלוימע.

בעשאַס די דאָזיקע צוגרייטונגען גייט דערווײַל מאַרגוליס זיך דורך איבערן גאַראַזש. לעם אים דרייט זיך אַרום מאַסליאָנקין, וואָס האָט נאָך ניט געפּויעלט בײַ זיך, צי זאָל ער פירן אונטער דער האַנט דעם בלינדן לערער זײַנעם. עפּשער פּאַסט גאָר ניט דערמאָנען אים, אַז אין אייגענעם גאַראַזש קאָן ער דעם וועג ניט געפינען.

— וואָס פאַר אַ סימכע איז הײַנט? — פרעגט דער אַלטער פּאַכאָמאָוו, באַקוקנדיק פרידלס יאָמטעוודיקן קאָסטיום.

— מע קרוינט הײַנט, באַטיאַ, דעם „סוטשאָק‟.

— נו־נו! פּרישע קוואַלן — דאָס איז גוט.

בלינדערהייט פּילט מאַרגוליס דעם פּולס פון גאַראַזש. לויטן זשום פון מאָטאָר דערקענט ער מאַשינעס, לויטן לאָשן — שאָפערן.

— זשיליטשקין, זדראַוו!

— שאָלעם־אַלייכעם, פרילוצקי!

— לאַזאַרעוו, געדענקסט, ווי מיר האָבן מיט דיר אין איין שײַנעם פרײַטיק די פאָדערשטע ראָד פאַרלאָרן? — און ביידע לאַכן.

בײַ מאַסליאָנקינס מאַשין בלײַבט מאַרגוליס שטיין מיט אַ באַזונדערן נײַגער.

— פאַרפיר דעם מאָטאָר, אַנאַטאָלי.

צוהערנדיק זיך א רעגע, ווי צו א לעבעדיקער זאך, פאריכט פרידל דעם קאפאָט אַף דער מאשין, טוט א גלעט דעם פליגל:

— אזוי זאָל ער ארבעטן. אזוי, כאָווער מאסליאַנקין... און זע שלאָג זיך שוין מער ניט אראָפּ פונעם גלייַכן וועג...

אנאטאָלי טאנצט ארויס פון קאבינע, כאפּט ארום מארגוליסן, צעקושט זיך מיט אים און שווערט בא זייַן לעבן, אז פון דעם טאָג אָן וועט ער ארבעטן ניט ערגער פון אים, פון פרידלען אליין...

דער גאנצער גאראזש, אפילע די טאָפּאָלן באם פארקן, די מאשינעס אין די באָקסן, אפילע ראָכעלע אין דיספעטשערסקע, פּאַכאָמאָוו באם טויער, אפילע שלוימעלע דער אזעספּאָנעם — אלע מאכן אָן אָנשטעל, אז מע גלייבט מאסליאָנקינען. און נאָר ער איינער טוט אַף זיך אליין א פּאר־כידעשטן קוק אין שפּיגעלע פון קאבינע, מאכט א זויערע צורע, ווי אייבער רעדט: „אבי געפּלאפּלט...״

שאָפערן באם טויער נעמען שלוימעלען אפן צימבל:

— צי ווייסטו, ווו עס געפינט זיך דאָס געלע קלויסטערל, וואָס מע האָט פארצעניאָרן, אָלעווהאשאָלעם, אראָפּגעטראָגן?

— וויאזוי פּאָרט מען צום דאָרף פּאָפּיליכע?

— ווו געפינט זיך סטראכאָווס רעזידענציע?

— ווען פארמאכט מען דעם „פילטער״?..

שלוימעלע ענטפערט אַף אלע קאשעס אזוי פלינק און געניט, פּונקט ווי ער וואָלט עס ערשט אויסגעלייענט אינעם לערנבוך פאר שאָפערן פון דריטן קלאס.

ער קוועטשט אָן אפן סטארטיאָר, נאָר די מאשין פארפירט זיך ניט.

— נעם דאָס הענטל, כיטרעווע ניט, — זאָגט אונטער דער אלטער פּאַ־כאָמאָוו.

ווען דער מאָטאָר הייבט אָן רירן מיט די אייוורים, צאָקען און ציטערן, גייט אזש שלוימעלען דורך א גרויל איבערן לייַב. פונעם אוילעם דערטראָגן זיך צו אים פריילעכע קוילעס.

— ס׳קומט פון דיר מאהאריטש, פּאצאן, — גוואלדעוועט מאסליאָנקין.

— האלט פּאסאָן, סאָלאָמאָן מאטווייעוויטש, — רייצט זיך מיט אים ראָכעלע.

בעשאַסמייַסע כאפּט ראָכעלע ארום דעם מאן אירן, מארגוליסן, טוט זיך א דריי מיט אים, א דריק צו צו אים.

מיט א זייַט, קיינער קימאט באמערקט אים ניט, קומט ארייַן אין גאַ־ראזש אָסיפּ סערגייעוויטש מאלינין. ער איז אָפּגעבליאקעוועט אין אָנטאָן, פארעלטערט אין פּאָנעם. ער שמוגלט זיך דורך, ווי גלייַך ער האָט מוירע פארן דרויסן, פארן אוילעם, אפילע פארן יונגן שאָפער. הייַנט אינדער־פרי איז ער געשטאנען בא זיך אין דער אָפּגעלאָזטער קיך, געקאָכט עפּעס א סוף פון קארטאָפליעס. ניט קיין ווייַב, ניט קיין פרייַנט. אין קאָפּ בא אים האָט זיך געבאָמבלט א פּוסטער געדאנק, אז אָט אפילע קיין ציבעלע איז אין שטוב ניטאָ, א ביסל זאלץ לייַט ער באם שאָכן... איצט איז ער

דורכגעלאָפן זײַטיק און אומבאמערקט פאר אלעמען, גלײַך ער וואָלט דאָ קיינמאָל קיינעם ניט געקענט און אים קען קיינער ניט.

שלוימעלע איז אינגאנצן פארפאליעט. דורכן פענצטער פון דער קאבינע קוקט ער שולדיק אויף דער מאמען. מאלקע שטייט א ביסל אָפּגעזונדערט פון די שאָפערן, לאָזט פון זיך אויף קיין טראָט ניט אָפּ דעם בלעכער אירן און ווישט נעבעך מיטן שאלעכל די פארוויינטע אויגן.

שלוימקע פירט איבער דעם בליק אויף באלאנדינען, וואָס זיצט לעבן אים אין קאבינע, ווי איינער רעדט: „מוטשע ניט, קאָמאנדיר, הייס שוין פאָרן!"

אלעקסאנדער ניקיפאָראָוויטש טוט עס זייער פּראָסט, פּונקט ווי ס'וואָלט געווען א געוויינלעכער ארויספאָר:

— אויף וועמען ווארטסטו, סאלאָמאָן מאטווייעוויטש? א פּוטיאָווקע האָסטו, די „טעוועלעך" ליגן בא דיר אין קעשענע — פאָר!

— טרײַב אים ארויס, דעם לערער דײַנעם, פון קאבינע, — זאָגט מיט א שמייכעלע דער אלטער פּאכאָמאָוו, — דארפסט אים מער ניט האָבן.

— יאָ, יאָ, טרײַב מיך ארויס — דו ביסט באלעבאָס...

מאָטל דער בלעכער רײַסט זיך ארויס פון מאלקעס הענט און גייט צו צום זון מיט א צענערל אין דער האנט:

— נעם, זוניקל, טאָמער ספּאָטיקעסטו זיך ערגעץ אויפן גלײַכן וועג, איז באצאָל שטראָף — און אראָפּ פונעם מארק...

שאָפערן שיסן אויס א געלעכטער:

— סטראכאָוו נעמט ניט קיין געלט, מאטוויי מאָזעסייעוויטש...

— סטראכאָוו שינדט גלײַך אָפּ די הויט... ער נעמט צו די „רעכט", און אן עק!

שלוימע לאָזט ארויס באלאנדינען פון דער מאשין, טוט א פײַף און פאָרט ארויס פון גאראזש.

באם אָפענעם טויער שטייט מיט ברייט צעשטעלטע פיס א ריז, א דעמב — אלעקסאנדער באלאנדין. ער קוקט נאָך דער מאשין, ווי זי קריכט בארג־ארויף, בארג־ארויף צום דערפעלע ראקיטנע, צום אופגעלעבטן נעסטעלע פון זײַן אייגענער קינדהײַט. א קורצע רעגע טראכט ער נאָך וועגן שלוימע סמיקון, וואָס האָט זיך אוועקגעלאָזט אין ווײַטן וועג. דער־נאָך פליִען די אומרויִקע געדאנקען אוועק צום צווייטשטאָקיקן שפּיטאָל־הויז, וווּ עס ליגט איצט מארינע. און עפּשער געבוירט זי אים אין אָט דער־אָ מינוט א קינד.

בא ביידע זײַטן וועג שטייען סאָסנעס מיט פעסטע סמאָלע־שטאמען, היטן אָפּ, ווי שאָמרים, די קלאָר־ווײַסע בערעזקעלעך, קיין ווינט זאָל זיי ניט שאטן, קיין שניי זאָל זיי ניט פארשיטן.

באלאנדין קוקט אפן שליאַך, און ווען שלוימעס מאשין קערעוועט אָפּ אין וועלדל, דערמאָנט ער זיך: „דערבען־קאלוגא", „דערבען־קאַ־לוגא"...

די רעדער דרייען זיך, די יאָרן גייען זיך...

צווייטער טייל

קאַפּיטל איינס

# באַם געווינערן־הויז

פיר סאָסנעלעך קאַרליקלעך באַשיינען דעם נײַ־אויסגעבויטן ביניען פונעם געווינערן־הויז, גלײַך זיי אַליין, די סאָסנעלעך, וואָלטן אָט אָקאָרשט דאָ געבוירן געוואָרן.

ס׳איז שוין אַפּרעל, נאָר מע גייט נאָך אין ווארעמע פוטערס. קינדער ווילן זיי פון זיך אַראָפּוואַרפן, לאָזן ניט די מאַמעס.

א קאַלטער ווינטער געווען האַיאָר. פיל פייגעלעך זײַנען אויסגעפרוירן געוואָרן, נאָר ווער ס׳איז אַרויס גאַנץ, זיצט אין די נעסטן, אויף צווײַגן פון טאָפּאָלן און זינגט ווידער נײַע לידער.

באַם געווינערן־הויז דרייט זיך אַרום אַ פאַרשוין, ווי ער וואָלט זײַן צירונג דאָרט פאַרלוירן.

אויף מאַלינינען האָט זיך שוין לאַנג ניט געדרייט אַזוי דאָס היטל — ער איז שיר ניט מעשוגע געוואָרן דעם פרימאָרגן, אופגעשטאַנען אויף דער לינ־קער זײַט, כאָטש צערײַס דאָס העמד אויפן אייגענעם לײַב, אַזוי בייז האָט אים די „בין״ א ביס געטאָן.

אָסיפּ סערגייעוויטש מאַלינין שעמט זיך פאַר באַקענטע, שפּאַצירט ער באַם פּלויט פון געווינערן־הויז, ווי אַ גאַנעוו לעבן אַ פרעמדער שטוב, קוקט אַרײַן אין פענצטער, וויל מיט די אייגענע אויגן זען מאַרינען, איר מאַטעווע פּאָנעם, נאָך דעם ווי זי האָט געבוירן דעם זון.

אין אַ זײַט שטייט אַ רעדל מענטשן. מע האָט אַרומגערינגלט אַ גע־ווינערין. איינער אַ מאַיאָר וואַרפט פון זיך אַראָפּ דעם מאַנטל, וויקלט אײַן דאָס נײַ־געבוירענע נעפּעשל.

מאַלינין איז אים מעקאַנע. ער וואָלט מיט פאַרגעניגן דאָס זעלבע גע־טאָן פאַר זײַן מאַרינען, נאָר אים האָט ניט אָפּגעגליקט.

ניט מאַלינין האָט מאַרינען אַהער געבראַכט, ניט ער קאָן זי פונדאַנען אויסשרײַבן.

אַ קיל ווינטעלע טוט אַ פלאַטער, דרינגט דורך זײַן גוף מיט דער נע־שאָמע אינעינעם, צעכראַסטעט דעם פלאַשטש זײַנעם. אין פלאַשטש וואָלט ער, אָסיפּ סערגייעוויטש, אײַנגעהילט זײַן קינד, וואָס מאַרינע האָט מיט אכט טעג צוריק געבוירן.

...מאַרינע איז פון אים אַרויס אין איין העמד, ווי מע זאָגט, געלאָזט אַלע אירע קליידער, לאָדעטשקעס — געלע און שוואַרצע, אַ גוטן מאַנטל... נאָר וואָס איז עס פאַר אַ מאַשין, וואָס שטייט פון יענער זײַט, באַם אַרײַנ־גאַנג.

— מאַסליאַנקין?

מאַלינינען ווערט אַזש ניט גוט — באַלאַנדין וועט פירן מאַרינען מיטן קינד אויף אַ גרוזאָוויק? ניין, מאַלינין וועט אַזוינס ניט דערלאָזן.

אָפּגעשטעלט די ערשטע טאַקסי, פליט מאַלינין אוועק אַהיים, מאַכט אַ קלומעקל, וויקלט איַין מאַרינעס קליידער, קויפט אַ שיינעם בוקעט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ ליַיטישן מענטשן, פאַרט אונטער פון דער קעגנײבערדי־קער זיַיט צום גערוויַנערן־הויז, שושקעט זיך עפּעס לאַנג מיט דער מעדי־ציַין־שוועסטער, גיט איר איבער דאָס קלומעקל, וואַרט אין קאָרידאָר אויף זיַין מאַרינען.

פאַר דער ציַיט, וואָס זי איז געלעגן אין געווינערן־הויז, איז איר בלויז איין מאָל געקומען מאַלינין אַפן געדאַנק.

אַנדערע קינדער שפּריצט מען טראָפּנס אין די אויגן, איר זונדעלע ליגט ווי אַ סטאַטעקל, זויגט שטיל די ברוסט, און דער דאָקטער שמייכלט:

— אויף וועמענס נאָמען וועט איר, מאַרינע, דעם פּעמפּיק פאַרשריַיבן?

לאַנג טראַכטן האָט זי ניט וואָס, זיי האָבן שוין איינעם מיט אַלעק־סאַנדער ניקיפאָראָוויטשן באַשלאָסן:

— ניקאָלייַ באַלאַנדין, דאָקטער, ווילן מיר אים אָנרופן.

די שוועסטער דערלאַנגט מאַרינען דאָס פרעמדע פּעקעלע מיט אַ צע־טעלע:

„מאַרינע טיַיערע!

גאַנצע טעג גיי איך אַרום אַ געבראָטענער, איך האָב דיך ליב נאָך שטאַרקער...

איך וויל, מאַרינע, זאָלסט מיטן קינד קומען גליַיך צו מיר — די מאַשין וואַרט אויף דיר. איך וואַרט אויף דיר. אַנדערש קאָן ניט זיַין.

דיַין אָסיפּ".

אַ היץ טוט איר אַ קלאַפּ אין קאָפּ אַריַין. דער דאָקטער טוט נאָר איין קוק אויף דער געווינערן, פרעגט ער גליַיך:

— וואָס איז געשען?

שטרענג, שוין מיט אַן אַנדער שטים, באַפעלט ער דער קראַנקן־שווע־סטער:

— אָפּמעסטן די טעמפּעראַטור!

דערנאָך זאָגט ער מאַרינען:

— אין אַזאַ צושטאַנד קאָן איך איַיך ניט אויסשריַיבן. דריַי טעג מוזט איר נאָך בלייַבן.

באַלאַנדין ווייסט נאָך פון גאָרניט.

רויִק זיצט ער אין גרויסן זאַל מיטן קלומעקל. ער קוקט, ווי דער עלעקטריקער מאָנטירט אַ שיינע ליוסטרע.

— דאַרפסט געפינען דעם צענטראַלן שנור, — אײַיצעט אַלעקסאַנדער ניקיפאָראָוויטש דעם יונגן מאָנטיאָר.

דערנאָך נעמט ער אַליין דעם טעסטאָר, שטעלט אַקוראַט צו ביידע שטעפּסלען, פּרוּווט אַלע דריַי קאָנטאַקטן.

— זעסט, מיַיסטער, אָט דאָס איז דער צענטראַלער שנור.

אַלעקסאַנדער ניקיפאָראָוויטש ווייסט גוט, וואָס הייסט זוכן אַ קאָנ־טאַקט.

נאָר פארוואָס גייט ניט מארינע?

אנדערע קושן זיך, מע טוט אָן א געווינערן א שפּאָגל־נײַעם מאקינ־טאָש, מע נעמט מיט פארגעניגן דאָס קינד אף די הענט, פּאָרזיכטיק עפנט מען די טיר, מע לאָזט דורך די יונגע מאמע.

מארינע גייט ניט...

אין דרויסן מאראקעט א וועסנע־רעגנדל, דריבנע גרײַפּעלעך באדעקן די שויבן פונעם פענצטער.

פון צווייטן גאָרן לאָזט זיך אראָפּ די מעדיצין־שוועסטער, זאָגט אָן אלעקסאנדער ניקיפאָראָוויטשן די בסורע.

מארינע זיצט אין קאָרידאָר, שווער איז איר זיך רירן פונעם אָרט, כאָטש דער דאָקטער האָט שוין דאָס צווייטע מאָל זי געבעטן ארײַנגיין אין פאלאטע.

מאלינינס קלומעקל ליגט ווי א פרעמדס אפן טאבורעטקעלע, מארינע וויל אפילע ניט ארופּציִען די קליידער אף איר לײַב. גענוג! גוט, וואָס זי איז פּאָטער געוואָרן פון די שמאטעס!

און אין גאראזש פּאָרעט זיך דערווײַל דער זיידע פאכאָמאָוו ארום אלטן „צונדאפּ”, נאָר עפּעס פידלט עס הײַנט ניט, דער דראנדוליעט טשאדעט, פירקעט, קאכיקעט, נאָר גיין גייט ער ניט. באם אלטן שאָפער זאָל אזוינס טרעפן? טויטע מאשינעריעס ווערן בא אים לעבעדיק! דער „צונדאפּ” מוז פידלען, ניט אומזיסט איז ער פארשריבן באם אינספּעקטאָר סטראכאָוון אין קאטאלאָג.

דרײַ הונדערט מאשינעס זײַנען פאראן אין גאראזש — דרײַ הונדערט סוידעס. געפינען דעם פונק, וואָס האָט אָפּט א כאלאס זיך באהאלטן אין די הינטערשטע רעדער, פארשטיין דעם באטײַט פון פארטויבטן געזאנג פון די פּאָרשניעס, צי טרעפן, וואָס פאר א קלאפּאן פארמאכט זיך ניט, — דערוף איז פאכאָמאָוו דער גרעסטער אקאדעמיקער.

אקשנט זיך אָבער דער מאָטאָציקל, וויל זיך ניט רירן פון אָרט, כאָטש שלעפּ אים אין געווינערן־הויז אפן בוקסיר.

קומט אונטער שלוימע, מאָטל דעם בלעכערס מיזיניק, און זאָגט מיט א כניפע־שמייכעלע:

— קוזמא ווארלאמאָוויטש, דרייט אוף דאָס קרענטל.

— טפו זאָלסטו ווערן! — זידלט ער זיך אויס, דער אלטער, טוט א דריי דאָס קרענטל, און דער „צונדאפּ” ווערט מיטאמאָל יי:נגער.

— נו, זעץ זיך, סוטשאָק, האָסט פארדינט צו פאָרן אין אָט דער קארעטע.

ווי נאָר מע האָט א זאָג געטאָן דעם זיידן, אז מארינע האָט באקומען טעמפּעראטור, איז אים גלײַך אפן געדאנק געקומען מאלינין. ער דרייט אויס דעם קאָפּ, דערזעט ער אים, מאלינינען:

— האָסט ווידער פארקאָכט א קאשע, גראטש וויסטער!

שטייט מאלינין ווי א פארקאָוועטער, ווייסט ניט וווהין זיך אהינטאָן.

באלאנדין מיטן זיידן האָבן אים אזוי צוגעקוועטשט, אז מאלינין האָט ניט געוווּסט ווו א טראָט צו שטעלן. ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן, ווי־אזוי די טיר פונעם געווינערן־הויז צו געפינען.

קאפיטל צוויי

## א ביסעלע דערמאָנונג

ארויסבאגלייט באלאנדינען, דרייט זיך קוזמא ווארלאמאָוויטש נאָך לאנג ארום אין די באלויכטענע אלייעס פונעם געווינערן־הויז. דער זיידע טראכט אלץ וועגן זײַן אייניקל: באלאנדין האָט געטאָן ווי א לײַטישער מענטש, כאסענע געהאט פאר א טראַגעדיק ווײַבל. דער ביזאָיען, עמעס, איז קלענער, אָבער דער ווייטעק בלײַבט דער אייגענער — א פרעמד קינד.

אין גאראזש איז שאַ־שטיל, אָפּגעטאָן דאָס שטיקל ארבעט שיטאָ־קריטאָ[1]. כאסענע געהאט אין וואלד... אָבער דעם ווייטעק אויסבאהאלטן איז אומעגלעך!

אין אָט דער באנאכטיקער שאָ קומט אים, קוזמא ווארלאמאָוויטשן, אפן געדאנק מארינעס מאמע — אנא גערשאסימאָוונא.

דעמלט, אין יענע זאווערוכע־יאָרן, האָט נאָך קוזמא פּאכאָמאָוו גע־נעכטיקט אין א פינצטער ווינקל, ערגעץ לעבן קינאָ־טעאטער „קאָליזיי״. געפּוצט שיך, אונטערגעטראָגן א טשעמאָדאן און פון די בלוטיקע גראָשנס דאָס ערשטע צענערל צונויפגעקליבן.

מיטן צענערל טוט קוזמא ווארלאמאָוויטש א פּאָר אראָפּ אין דאָרף ארײַן, ער איז אָנגעטאָן אין שטיוול מיט קאלאָשן, אין א בלאָוו סאטינענעם העמדל, הויזן קליאָש און אין א קאשקעט מיט א גלאנצנדיקן דאשעק — פונעם שווייצארס קאָפּ, וואָס שטייט באם טעאטער „קאָליזיי״.

אין טראקטיר פון זײַן געבורטס־דאָרף קליין־ראקיטנע האָט טאניע צוגעטראָגן ביר די באזוכער. אלע מאנצבלען האָבן זיך פארקוקט אף אירע שווארצע ברענענדיקע אויגן.

דרייט ער זיך, פּאכאָמאָוו, אזוי ארום אין ראקיטנע, קומט אָפּט ארײַן אין דעם טראקטיר, און פארליבט זיך אין טאניען.

כאסענע־קליידער זײַנען שוין פארטיק. מיידלעך טאנצן און זינגען „סוויעטיט מיעסאץ״[2] בא דער אָקאָליצע, באָכערים קומען זיך דינגען פאר דער קאלע. ווערט אש און פּאַרעך פונעם צענערל. נאָר קוזמא לאָזט זיך ניט פּענטען די פיס מיט קיין שטריק. דעם כאָסן, וואָס קויפט זיך ניט אויס, טוען די כאוויירים אָפּ שפּיצלעך — נעמען ארויס דאָס פלעקל פון דער ראָד, דרייען איבער די בויד...

אין יענער צײַט האָט א כאָסן געמוזט פארמאָגן צו דער כאסענע א

---

[1] קיינער זאָל ניט וויסן; [2] עס שײַנט די לעוואָנע.

פיזן טולעפל. נאָר פונוואנען קומען צו קוזמא דעם שוך־פוצער אזעלכע זאכן?..

טאַניע איז אפן דריטן טאָג נאָך דער כאסענע שוין געלאָפן אין טראַקטיר. געטאָן דאָרט אירע געוווינטע זאכן.

פאַכאָמאָוו טוט א קוק: ע, ס'איז שלעכט! האָבן בעשוטפעס, מיטן גאַנצן דאָרף, א ווײַב — לוינט אים ניט... און קוזמא ווארלאַמאָוויטש פאָרט צוריק אוועק אין שטאָט אַרײַן.

גייט דורך א יאָר, פאַכאָמאָוו זיצט אזוי אף זײַן פוצער־בענקעלע, מאַכט א גלאַנץ אף פרעמדע שיך. איינמאָל שטעלט זיך אָפּ די מאַמע פאַר זײַנע פיס מיט א קינד פון זיבן יאָר — אַנקע. א מיידעלע א קאַרטינ־קע — אינגאַנצן די מוטער.

צו יענער צײַט איז פאַכאָמאָוו שוין אַרײַן אין די פעדערן — געדינט פאַר א שאָפער באַם פאַבריקאַנט נאָסאָוון. ווען דער באַלעבאָס האָט ניט געזען, פלעגט קוזמא ווארלאַמאָוויטש אַרומפירן אין דער מאַשין די טאָכטער זײַנע — אַנקען, זי געלערנט דרייען די באַראַנקע.

אזוי איז אַנקע צוביסלעך צוגעוווינט געוואָרן צו דער מאַשין, ביז זי האָט אליין גענומען פירן דעם באַלעבאָס. און ער האָט ווידער זיך געזעצט באַם טעאַטער „קאָליזיי", קעדיי אונטערפאַרדינען א פּאָר גראָשן.

קאַפּיטל דרײַ

# באַם פאָלוסטאַנעקל

מאַסליאָנקין ווייסט, אז מע געפינט א פידקאָווע, איז עס א גוטער סימען. אָבער אויב א צוואָק פון א ווערשאָק די לענג שטעקט זיך אַרײַן אין באַלאָן, איז שלעכט, ביז גאָר שלעכט!

שיפּעט שטילערהייט דערווײַל אין שינע, שטייט די מאַשין פאַריאָסעמט לעבן פאָלוסטאַנעק ראַקיטנע. די קורצע זומער־נאַכט כאַפּט זיך אויף פון איר פאַרכאָלעמט דרימעלע, טוט א דריי מיטן קאָפּ דער שיינער פרימאָרגן — מיט ווען רעדט מען אויס א וואָרט, ווען אלע העגער שלאָפן נאָך אזוי געשמאַק?

טוט ערגעץ א פאַראָוויקל א סווישטשע, קראַקעט א וואָראָנע, רעדט זיך דורך די פריילעכע כאַליאַסטרע זשאַבעס, מעקעט א קעלבל, קרייעט א האָן, לויפט דורך אן עלעקטראָוואָז, געשפּאַנט מיט נאָך איינעם, ווי סע וואָלט אים שווער געווען שלעפּן זיך אליין.

נאָר מאַסליאָנקין שטייט שטום, הערט מיט גרויס האַרצקלאַפּעניש דאָס שיפּען פון דער לופט, וואָס די שינע לאָזט אַרויס. וואָס טוט מען? כאָטש לייג זיך אף דער קאָליע און א סאָף זאָל נעמען צו מאַסליאָנקינס מוטשעניש.

ס'איז קעסיידער שוין אזוי: טרעפט מיט אַנאַטאָלי מאַסליאָנקינען אן אומגליק, כאַפּט אים ריישיס־קאָל אָן א מעשוגאַס — ער לאָזט שטיין די

מאשין אף א צען מינוט און גייט אוועק באטראכטן דאָס אָרט. אָט שפּאַנט ער צום פאַרוואָרלאָזטן קלויסטערל, עפּשער ליגט דאָרט א שטיין, צי א בערוועגע, צי עפּשער א פּאָר ברעטער.

פאַרייכערט מאסליאַנקין זײַן באליבטן „דוקאט”, פאַרציט זיך, עס זאָל גרינגער ווערן אף דער נעשאָמע, און באטראכט דאָס פאַרלאָזטע קלויסטערל: דאָ שפּראָצן ווילדע גראָזן, דער גלאָק קלינגט ניט, פאַרהאַקטע פאַרגראַטעוועטע פענצטער, וועגט — צעוואַלגערטע, ציגל־ברוך...

צום פּאָלוסטאַנעק קומען אָן מענטשן. עס הודען שוין די רעלסן, נאָר אנאטאָלי מאסליאַנקינס מאשין שטייט אף איין פּיסל מיטן פרישן ברויט אין קוזאָוו. מענטשן שטייען בא די קלייטן, קוקן צום קלויסטערל, ווו דער שאָפער דרייט זיך ארום.

ביז עפּעס וואָס טרײַבן שוין די פּאַסטעכער די טשערעדע אין פעלד ארײַן. בעהיימעס שמעקן מאסליאַנקינס „גאַזיק”, וואָס איז אָנגעפּאַקט מיט פריש ברויט. זיי וואָלטן בעסער געמאַכט א מויצע איבער א לעבל ברויט, איידער קײַען ביטער גראָז — טשערטאָפּאָלאָך.

— וואָס טוט מען? ס'זאָל כאָטש זײַן א טעלעפאָן אין דעם־אָ פאַרוואָר־פענעם ווינקל!

מענטשן שטעלן זיך אָפּ בא מאסליאַנקינס מאשין, באטראכטן דעם אומגליק זײַנעם. ווען דער „גאַזיק” טוט א פאַל פונעם דאָמקראַט און עס פּלאַצט די צווייטע שינע, לאַכט מען גאָר:

— מע דאַרף צולייגן א פּלייצע...

קומט אָן א בריגאַדע מיידלעך פון קאָלווירט, לאַכן זיי אויך פון אנאַ־טאָלין:

— מיסטאמע האָט דער שאָפער הײַנט געזינדיקט!

— מיט מיידלעך זיך געקושט!

— דעם שטיוול אפּן באָרוועסן פוס, אָדער דאָס העמד אף דער לינקער זײַט אָנגעטאָן!

— אָ, זעט, ווו די קנעפּלעך זײַנען באַם באָכער! — שטופּט א בלאָנדע מויד איר וואַרעם מיידלש הענטל צו אים אין בוזעם.

צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן איז א מיידלס האַנט אזוי נאָענט בא זײַן האַרץ...

גאָט מײַנער! וואָס פאַר א פרימאָרגן! קאָן זײַן, אז ניט קיין צוואָק, נאָר א גליקלעכע פּידקאָווע האָט דורכגעשטאָכן די גומענע שינע...

מיידלעך כאַפּן א בערוועגע — מע שטעלט דעם „גאַזיק” אף די פיס, מאסליאַנקין פיבערט, סע שווינדלען אים אין די אויגן ציגל, דאָמקראַטן, בראָך־אײַזנס, שינעס, נאָסאָסן, טשערעדעס, פּאַסטעכער און בלאָנדע שיינע מיידלעך.

מאסליאַנקינען דאַרף מען נאָר צערייצן, אופוועקן אין אים דעם פאַר־באָרגענעם קויעך. ווען ער טוט א נעם דעם שליסל אין די הענט, גייט אזש א פאַרע פון זײַנע פּלייצעס.

אָט קריכט ער ארויס א פאַרמורזעטער פון אונטער דער מאשין, קוקט זיך ארום: מיידלעך טראָגן ציגל צו דער מאשין, ווי מע טראָגט א גמי־

לעסכעסעד א פרומען מענטשן, און איינע פון זיי, טאקע זי, די בלאָנדע, קוקט אַף אים אזוי צארט.

אנאטאָלי וויל א פרעג טאָן, ווו זי וווינט, נאָר ער באוויַזט ניט. פונדערווייַטנס, פונעם דאַרף רופט זי עמעצער, פאָכנדיק מיטביידע הענט.

אריַין איז דאָס בלאָנדע מיידל אין טויער, די צווייטע שטוב פונעם געלן קלויסטערל.

איין זאך האָט מאסליאָנקין באוויזן אין דעם פרימאָרגן זיך דערוויסן: זינע רופט מען זי, די שטיפערן.

אינגיכן, טאקע גלייַך נאָך דער דאַזיקער באגעגעניש, פאָרט מאסליאָנקין קיין ראקיטנע אַף סמאָטרינעס, ווערן א כאָסן. ס׳איז אים שוין דערעסן דאָס אריַינקומען צום בלינדן מארגוליסן אין שטוב, דאָס זיצן מיט די בילעטן אין קעשענע און א גאנצן פארנאכט בעטן ראָכעלען, זי זאָל גיין מיט אים אין קינאָ. ראָכעלע, דער דיספעטשער, האלט פאסאָן, זי איז פארליבט אין פרידלען און טראכט אפילע ניט אים איבערלאָזן אַף איין מינוט.

מאלקע האָט שוין מאסליאָנקינען ניט איין מאָל צום נאר געשטעלט:

— מיין ניט, טאכשיט, אז מאָטל סמיקונס טאָכטער בייַט אלע מיטוואָך און דאָנערשטיק דעם מאן אירן, ווי מע בייַט, זאָלסט מיר מויכל זייַן, די שקארפעטקעס.

איז אים טאקע נימעס געוואָרן קומען צו מאָטל דעם בלעכער אין שטוב אריַין. וואָס קומט ארויס פון מעקאנע זייַן דעם בלינדן?

זינע פון קליין־ראקיטנע...

געוויס לעבט זי מיט דער מאמען, פאראן א קו, מיסטאמע, שאָף, א פאָר כאזיירימלעך און א האלבע שטוב אַף צו געבן נאדן דעם באשערטן, א גערעָטענעם איידעם.

פארשטייט זיך, ניט מיטאמאָל, נאָר צוביסלעך באארבעט מען דעם גאָרטן; מע זעצט אויפעס אַף א פאָר צענדליק אייער, לופען זיך אויס הינדעלעך, קאטשקעלעך, געגנדז... דערווייַל גיט די שוויגער א טעלעצע, און פון א טעלעצע ווערט א מעלקנדיקע קו, לייזט מען אלע טאָג א פרישן גראָשן פאר מילך.

מאסליאָנקינס ליבע איז אופגעגאנגען ווי די זון.

קאיאָר, אין טומל, צווישן האָנענקריי און קעלבערנעם מעקען, בא דעם שאלן פון פאסטעכס קישעף־פייַפעלע און בייַטשן־געקנאל, האָט זיך אָנגעצונדן אין מאסליאָנקינס נעשאָמע דאָס פארבאָרגענע פייַערל פון ליבע.

דערווייַל איז נאָך אלץ נעפלדיק, נאָר מיט דער צייַט וועט דאָס דאָרפישע מיידל זינע ווערן אן עמעסע קאלע, זי וועט אָנטאָן א קרעפמאראָקענען וויַס קלייד, ווערן צוגעלאָזט. ביידנס גליק וועט א שייַן טאָן, ווי די זון אינמיטן העלן טאָג, און, ווי אלע גרויסע ליבעס, בלי‌ען און וואקסן.

— א רועך דיר אין די ביינער! — זידלט מאסליאָנקין זיך אליין. — פארוואָס ביסטו ביז איצט אפן פאָלוסטאנעק ניט פארהריזנעט געוואָרן? דאָ איז דאָך אזוי שיין ארום און ארום: דאָס סאָסנע־וועלדל אונטערגע־

שוירן, דער קאמיש, ווי זייד און סאמעט — פליושענע שטעקעלעך וואקסן אין קאמיש.

בא פיר ווערבעס שטייען אָנגעגאָסענע מעלקשעפלעך מיט מילך. די טשערעדע שלאָפט, נאָר הערט ניט אויף צו מאלעגיירען. און אפן פאָ־לוסטאנעק פון קליין־ראקיטנע הודען און פירקען צוגן. פולמאנעס, אָנגע־לאָדענע מיט קאָקס, פאָרן צום גרויסן זאוואָד. קאָמביינען אף פלאטפאָר־מעס — אין ראיאָן ראקיטנע; „וואָלגעס" פירן די צוגן פאר שאכטיאָרן, און סאמאָסוואלן — פאר צעלינא.

אינגאנצן צוויי מינוט האָט אנאטאָלי מאסליאָנקין נעכטן געשמועסט מיטן מיידל, נאָר עס ציט אים צום שטיבל לעבן געלן קלויסטערל.

איר מאמע וועט אים עפענען די טיר:

— מאסליאָנקין! — ווער קען אים דען ניט דאָ אין ראיאָן, אָט דעם בויאָן.

— ביטע, קומט אריין, — וועט זי אים זאָגן. אזוי טראכט מאסליאָנקין.

אָבער א כאָסן דארף וויסן וואָס צו זאָגן. צוטראכטן א סיבע, פארוואָס ער איז אהער געקומען.

— איך האָב געהערט, אז איר פארקויפט א פאָר כאזיירימלעך, — וועט ער זאָגן.

זינע מעג לאכן אין די פויסטן. נאָר ווי קומט א באָכער אנדערש אריין אין א פרעמדער שטוב?

די מאשין גייט, ווי א מיזמער, און דאָס הארץ זינגט:

— פאָליוביל יא דיעוווּשקו קורנאָסויו...

סע זינגט זיך, א כוואַראָבע דיר אין די קישקעס, מאסליאָנקין.

צו וואָס כאזיירימלעך, אז מע קאָן פאָשעט אריין בעטן אן עמער וואסער.

אן אלט, געקאָרטשעט פאָנעם טוט בייז אן עפן די טיר און הייבט אָן מרוקען. גאָר א שטומע מאמע! גיי דערגיי א טאָלק, צי איז דאָ א זינע אין אָט דער שטוב, צי נאָר א שטומע באָבע?

קאפיטל פיר

## צוויי מעשומאָדים

שלוימע גייט אף מאסליאָנקינס וועג. ער האָט זיך שוין אויך אויסגע־לערנט שטעלן פאלשע כסימעס אף פוטיאָווקעס, אָפשטעלן זיך אינמיטן העלן טאָג באם טייך און זיך באָדן, און דערנאָך קומען אין גאראזש אריין אף די דיסקן, מיט צעמאָלטע שינעס.

— בארבאראָס איינער! — שרייט קוזמא ווארלאמאָוויטש. — ביסט קליין געווען איבערשטעלן די רעדער פון דער רעכטער זייט אף דער לינקער, ניט פאטערן קיין נייע שינעס? דער צווייטער מאסליאָנקין וואקסט!

האָט ער טאקע מיט אנאטאָלי מאסליאָנקינען ארויסגעוואָרפן א שפּאָגל־

נײַעם פּאָרטעל: מע האָט צוגעלאַקכנט פון גאַראַזש באַ איינעם אַ פּראָ־פעסאָר אַ נײַע מאַשין און אַוועקגעפּאָרן אין ראַיאָן, דערנאָך צום פּאָ־לוסטאַנעק ראַקיטנע אָפּזוכן מאַסליאַנקינס קאַלע, יענע זינע, וואָס האָט אַ שטומע באַבע. זאָל זי זען, זינע, ווער אַנאַטאָלי מאַסליאַנקין איז.

באַנאַכט, ווען זיי האָבן אַרויסגעפירט די מאַשין פונעם פּראָפעסאָרס גאַראַזש, איז געווען אַזאַ ווינט, ס׳האָט געליאַפּעט אַזאַ רעגן, אַז קיין מעשוגענעם הונט האָט מען אין ערגעץ ניט געזען.

באַם רול זיצט מאַסליאַנקין, נאָר ער זאָגט צו שלוימען, אַז ווי נאָר מע וועט אָפּפאָרן אַ ביסל ווײַטער פון ראַקיטנע, גיט ער אים אָפּ דעם רול אַף אַ גאַנצער נאַכט, זאָל שלוימע אים פירן, מאַסליאַנקין דאַרף זיך אויסשלאָפן, ער רוט ניט די נעכט — עס מאַרדעוועט מיט אים פון ליבע...

פאָרן דאַרף מען גיך, ווײַל אויב ניט, פּאַקט מען זיך אין קעסטל: סטראַכאָוו שלאָפט קיינמאָל ניט אין אַזאַ וועטער — פאַר אים דאַרף מען זיך היטן.

אָ, ווען שלוימע ווייסט, וואָס סע קומט פאַר אַזאַ טרייף שטיקל אַר־בעט, — טאַנצט ער אַרויס אינמיטן פעלד פון דער געגאַנוועטער מאַשין.

סטראַכאָוו שינדט אָפּ די זיבעטע פעל אפילע פאַר אַזאַ קלייניקײַט, ווי פאַר איבעריאָגן אַ צווייטע מאַשין. און אויב דער פּראָפעסאָר וועט גאַנצפרי קומען צו אים מיט אַזאַ בסורע, וועט סטראַכאָוו אַרײַנזעצן דעם קליִענט אין קאָליאַסקעלע, אופשטעלן דעם זאָנט פאַר די אויגן און אַרויס־פליִען איבער דער טראַסע אַ שמעק טאָן, וואָס עס טוט זיך דאָרטן. פון סטראַכאָוון זיך אויסבאַהאַלטן איז אומעגלעך.

מוז מען דעריבער שטעלן פּיס, אַז די פּיאַטעס זאָלן די ערד ניט פילן.

— ציפּויר — אַ פויגל, באַלעק — אַ בולקע, — באַמבלט זיך אין קאָפּ באַ שלוימען. די מאַמע זײַנע וועט דאָרט מעשוגע ווערן פון וואַרטעניש. מאַסליאַנקין יאָגט איבער איין מאַשין, אַ צווייטע, אפילע דער „ביק״, שטייט אָפּ פון דער געגאַנוועטער מאַשין, כאָטש דער שאָפער האָט אים שיר, מאַסליאַנקינען, ניט אַרײַנגעטריבן אין ריוו אַרײַן.

— וויפּערעדקעס איז וויפּערעדקעס! — שרײַט אַנאַטאָלי, — שומי, דאָראָגאַ! — און דער ווײַזער ווײַזט שוין זיבעציק, אַכציק קילאָמעטער.

שלוימען ווערט מיטאַמאָל פאַרקילט יעדער איווער. צו וואָס האָט ער זיך סקאָמפּאַניִעט מיט מאַסליאַנקינען? אָט ערשט ניט לאַנג מיט גרויסע צאָרעס באַקומען רעכט אַף פירן די מאַשין... באַלאַנדין וועט זיך דערוויסן וועגן די דאָזיקע מאַניפּאָרגעס, וועט ער אים לעבעדיקערהייט אופעסן:

„ביסט מאָטל דעם בלעכערט זון, ניט אַבי ווער! אַכצן יאָר אַרבעט דער טאַטע דײַנער דאָ אין גאַראַזש, האָט מען נאָך פון אים קיין שלעכטס וואָרט ניט געהערט. דערפאַר טאַקע האָט מען זיך מיט דיר געוואָדזגעט, „סו־טשאָק״, זיך געצאַצקעט מיט דיר, ווײַל דו האָסט אַזעלכע לײַטישע על־טערן״.

— ראָכעלע, מיינסטו, איז אומזיסט געוואָרן נאַטשאַלניק פון דיספּע־טשערסקע? ניין, ברודערקע...

מאָטל סמיקונס מיזיניק קלערט, אז ער האָט אופגעטאָן א נארישקייט, און מאסליאָנקין טרײַבט נאָך גיכער די געגאַנוועטע מאשין. דער מאָטאָר רײַסט שטיקער, פון ערגעץ שפריצט מיט פונקען, דער סיגנאַל רעוועט, דער וויכער ווילדעוועט, די וואסער שפריצט שלוימען אין פּאָנעם ארײַן, און מאסליאָנקין שרײַט:

— עך! שומי, דאָראָגאַ!

מע איז שוין ארויס פונעם וואלד, דורכגעפאָרן די לאנגע אליי. שלוימע נעמט איבער דעם רול אין זײַנע הענט, יאָגט אריבער נאָך איין „ביק", שטויסט זיך אָן אין א סלופּ און צעפּלעטשט א פליגל פונעם פּראָפעסאָרס מאשין, מאכט פון אים א מולטער.

מאסליאָנקין איז דער ערשטער ארויס פון קאבינע. שלוימע האָט פאר־טשעפּעט באַם טאָרמאָז דעם פליודער, נאָר אף קאַפּאָרעס צען פּאָר הויזן: זיי „ברענען"!..

צו וואָס האָט ער געדארפט זיך סקאָמפּאַניִען מיט מאסליאָנקינען? ס'איז דען ניט בעסער ברענגען דער מאמען דעם געהאלט, אויסשלאָפן זיך, לייע־נען א ביכל, ניט גאַנווענען קיין פרעמדע מאשינעס?

מאסליאָנקין וויל שוין לויפן, קלוימערשט נאָכן אינסטרומענט, נאָר באַלאַנדין וואקסט דאָ אויס בא דער צענעריקטער מאשין, ער שטעקט ארײַן דעם קאָפּ אינווייניק און דערזעט אין קאבינע מאלינינס בײַטעלע מיט די אָנגעמאָלטע צוויי אייזעלעך... אף דער צווייטער זײַט פונעם בײַ־טעלע איז אָנגעשריבן מ. אָ. ס. — מאלינין אָסיפּ סערגייעוויטש.

באַלאַנדין איז צופעליק דאָ געווען אין ראיאָן אף א רעוויזיע, שטייט ער איצט און באטראכט די מאשין.

„בא וועמען קאָן אין ראקיטנע זײַן אזא מאשין? ווײַזט אויס, אז באַם פּראָפעסאָר". מאלינין ווייסט ווו זיך אָפּזוכן א ווארעם ערטעלע. ער איז איצט א פערזענלעכער שאָפער — דאָרט באַם פּראָפעסאָר אין שטוב גע־נעצט א יונגע מאדאָנע, פאַרוויגט ער זי, אָסיפּ סערגייעוויטש...

לעם דער מאשין שטייען מיט אראָפּגעלאָזטע נעזער די צוויי מעשו־מאָדים. באַלאַנדין פרעגט זיי שטרענג:

— איר האָט זיך צונויפגעניוכעט מיט מאלינינען?

— ניין, — ענטפערט מאסליאָנקין, ווישנדיק די נאָז מיט א פארמאַס־ליעטן פינגער, — זיך ניט צונויפגעניוכעט, אפילע ניט געוווסט, מיט וועמען מע האָט צו טאָן. עס שטייט זיך, הייסט עס, א פארלאָזטע מאשין אין אן אלטן גאַראַזש, נו, מיר דארפן פאָרן צו מײַן קאַלע... דו ווייסט דאָך, באַלאַנדין, פון אזעלכע שפּיצלעך, דיך דארף מען לערנען? דו האָסט דאָך אליין אוועקגעגאַנוועט מארינען... און מיר האָבן דערווײַל נאָר א מאשין אנטליִען...

באַלאַנדין נעמט אים פארן קאָלנער און זעצט אים ארײַן אין מאשין. שלוימעלע קריכט אליין אין צעעפנטן טירל.

— פירט זי אָפּ צוריק אין גאַראַזש ארײַן, אַניט!..

באַלאַנדין דארף קיין סאך ניט דראָען. מע האָט פאר אים מוירע, קי־מאט אזוי ווי פאר סטראַכאָוון.

קאפיטל פינף

# קעדײ דאָס צווייטע מאָל געבוירן ווערן

ווען מארינע איז פון געווינערן־הויז געקומען מיט איר קינד אין באַ־לאנדינס גערוימען צימער, האָט קוזמא ווארלאמאָוויטש אופגעלעבט, גלײַך ער וואָלט א צווייט מאָל געבוירן געוואָרן. און טאקע בעעמעס, וויפל קאָן א שאַפער טראָגן ברעזענטענע מאטקעס פון א פּאַזשארניק, היטן גאנצע מעסלעסן די מעשענע קאסקעס, זיי זאָלן ניט שימלען, דרייען גומענע קישקעס אהער און אהין, כאָטש שיט זיי איבער מיט נאפטאלין...

פּאכאָמאָווס נעשאָמע פלאטערט, אלע זײַנע אייוורים בענקען נאָכן רול, ווי א קלעזמער נאָכן סמיק.

מער זאָל ער ניט הערן דאָס וואָרט פּאַזשארניק!

דאָס ביכעלע אף רעכט צו פירן א מאשין ליגט בא אים אין קעשענע, די אויגן דינען נאָך, טשעפּעט קוזמא ווארלאמאָוויטש אונטער צוויי פרײַ־צעפּן און מאכט גאנצע אָנדערהאלבן נאָרמעס.

מאָטל סוקעוואטע האָט אים איינמאָל א זאָג געטאָן:

— אין דײַנע יאָרן, קוזמא, וואָלט עפשער גלײַכער געווען, זאָלסט זיך זעצן אפן אווטאָבוס, פאָרט גרינגער, איידער שלעפּן צוויי פריצעפּן.

מאָטל האָט נאָך אזעלכס ניט געזען — פּאכאָמאָווס פּלייצע איז פון קרום געוואָרן גלײַך, דאָס פּאָנעם ייִנגער, די פיס טראָגן אים ווי מיט יאָרן צוריק. דארף ער טאנצן מיטן לייטערל און שמעקן ניליע אין פּאָזשארקע אָדער מיטן אווטאָבוס זיך שלעפּן, ווי מיט א פייגער, אז שאָפערן זאָלן לאכן פון אים, פון פּאכאָמאָוון?

דרײַ טעג האָט קוזמא ווארלאמאָוויטש נאָכן שמועס מיטן בלעכער ניט גערעדט.

ער האָט ליב, פּאכאָמאָוו, אָנגיסן הייסע טיי אין טערמאָס, ניט געכאפּט צעלאָזן זעכצן ציגעלעך צוקער, ארומלייגן מיט קאָטלעטן פיר ריפּטלעך ברויט און דעריקער ניט פארגעסן מיטנעמען אף דער ליניע דעם זשור־נאל „סלעדאָפּיט", קעדיי ערגעץ אף א לאָנקע אים א לייען טאָן.

ס'איז שוין מײַ, די טאָפּאָלן אין ראקיטנע, אונטערגעפּוצטע מיט ווײַ־סער ליים, זײַנען ייִנגער געוואָרן. אויך ער, פּאכאָמאָוו, איז געוואָרן ייִנ־גער און גענומען שפּילן א ליבע מיט דער שכיינע זײַנער, וואָס זיצט שוין גאנץ לאנג אָן א מאן.

דאָ, בא דער שכיינע אין שטוב, דארף מען ניט דעם טערמאָס. ער פּוצט זיך אויס אין קאָרטענעם קאָסטיום, טוט אָן א מאָדנע שניפּס, קעמט צו דאָס בערדל מיט די וואָנצעס, ווי א גרענאדער, און דער אלטער שאָפער שײַנט אזש.

ווען פּאכאָמאָוו האָט באקענט מאָטל דעם בלעכער מיט דער שכיינע, איז ער אזש צעמישט געוואָרן, מאָטל, און גענומען בלעטערן פּאכאָמאָווס זשורנאל־קאָלעקציע „סליעדאָפּיט".

— ביסט, קוזמא, ניט קיין שלעכטער מייוון אף ווײַבער, — ווינקט מאָטל צו דער שכיינעס פענצטער. — ס'איז גאָר קיין כידעש ניט, וואָס דו האָסט אוועקגעוואָרפן די פענסיע און זיך ווידער געגומען צו דער באַראַנקע.

פון פאַכאַמאָוון קומט מאָטל צו זיך אין שטוב א ביסל צעטראָגן, נאָר פון מאַלקעס אויג איז שווער אויסצובאַהאַלטן א סאָד.

דערוויסט זיך, אז קוזמא ווארלאַמאָוויטש האָט אף דער עלטער זיך פאַרליבט אין זײַן שכיינע, האָט מאַלקע אוועקגעלייגט א דראָשע:

— טויטע פונעם פעלד שלעפּט מען ניט, מאָטל, — האָט זי אָנגעהויבן גיין דעם קאָן מיטן מאַן. — אָפּגעזוכט זיך א כאַוועַר אף דער עלטער! שלוימעַ ברענגט איר זײַנע כסידים צום טיש, מאַסליאָנקינען מיט דער קוטשמע, און ער, מאָטל, קריכט מיטן פאָזשאַרניק צו פרעמדע ווײַבלעך!

די בלעכערן בלײַבט שטיין מיט פאַרלייגטע הענט אף איר הויכער ברוסט. אזוי שטייט זי אָפּ א שײַנע עטלעכע מינוט און רעדט צו זיך אליין:

— ריבוינעשעלוילעם! סאַראַ גוטער מאַלעך דו ביסט! האָסט באַשאַפן אַזויפיל באַלעכאַזים אף דער וועלט, און אַלעמען באַזאָרגט די ערד מיט שפּײַז. א קראַליק עסט א גרעזל, א הון פּיקט פּראָסע, א קו קײַט פּאַלאָווע, א הונט רײַסט שטיקער פון א געפּייגערט פערד, און נאָר דער מענטש, דער שלימאַזל, האָרעוועט מיט ריקעס שווייס צוליבן ביסן. מאַלקע דאַרף קנעטן צוויי דייזשקעס א וואָך, קאָכן פולע טשוהונען קאַרטאָפליעס. נעכײַ וואָלטן שוין די באַלעבאַטים פון דער שטאָט געלאָזט דעם נײַעם ברויט־זאַוואָד, וואָלט מאָטל דעם בלעכערס פלוינעסטע געוואָרן א פּריצע, ניט ערגער פונעם פאָזשאַרניקס שכיינע, זי וואָלט זיך פאַרפירט א פּאַליובאָוור־ניק, געמאַכט זיך מאַניקיור אף די נעגל, א פריזיור, ווי בא דער פּראָפּע־סאָרשע, און אויס!.. זי וואָלט אויך א צווייט מאָל געבוירן געוואָרן, ווי דער פאָזשאַרניק פאַכאָמאָוו, וואָס האָט ערשט באַנײַס א קאָן, אף דער על־טער, אָנגעהויבן שפּילן א ליבע.

קאַפּיטל זעקס

## מאַלקע איז אפן זיבעטן הימל

דאַנקען גאָט, מאַסליאָנקין האָט זיך שוין געפונען א קאַלע, וועט ער פאַרשפּאָרן, דער שמאַראָוואָזניק, לאַשטשען זיך צו ראָכעלען.

מאַלקע איז אפן זיבעטן הימל, ווי מע וואָלט איר געשמירט דאָס האַרץ מיט פּוטער. סאָנים וועלן ניט דערלעבן, אז מאָטל סמיקונס טאָכטער זאָל בײַטן דעם מאַן. אײַ וואָס ער איז, ניט דאָ געדאַכט, בלינד געוואָרן!

אָבער איין זאַך פאַרדריסט יאָ מאַלקען — צו וועלכע שלעק דאַרף ראָ־כעלע דערלאָזן, אז די באַרישניע פון טעכניקום זאָל אָפּזיצן מיט פרידלען גאַנצע אָפּדערנאַכטן און קנעלן.

בא איר, עמעס, קושט מען אזוי גרינג ניט די „מעזוזע" — מאַלקע איז

א מאמע און לאָזט דאָס אויג פֿון זיי ניט אראָפּ, ווען ראָכל איז אױף דעזשורסטווע. די טיר פֿונעם אלקער לאָזט זי שטיין אָפֿן. נישקאָשע, פֿון קיך וועט זי הערן, וואָס די מויד לערנט מיט איר בלינדן איידעם.

מאלקע ווישט דאָס געפֿעס, נאָר מאסליאָנקין קריכט איר פֿונעם קאָפּ ניט ארויס: א גרימעניש אים אין בויך, דעם ציגײַנער. זי וועט אים שוין אָפּבאקן א שטרודל, אבי ער זאָל זיך אָפּטשעפּען פֿון ראָכעלען.

יאָ, הײַנט איז די פּאָלוטשקע. שלוימע וועט שוין ווידער ברענגען די שיינע געסט צום טיש. אמאָל פֿלעגט כאָטש קומען מאלינין, איז ער עפּעס געוועוען א דירעקטאָר, געהאט א ווערט אין שטאָט, אָדער דאָ קומען פֿארשמאלצעוועטע שײדים, זעצן זיך אויף די נײַע בענקלעך, מיט זייערע שווארצע מאטקעס, מאכן טיל־טעל פֿונעם מעבל, זשליאָקען זיך אָן, פֿרעסן זיך אָן און זאָגן אפֿילע ניט קיין דאנק. צו וואָס דאַרף זי אזא לײַזיקע מישפּאָכע, די שאָפֿערניא בא איר טיש?! שלוימע איז ניט קליין אויסטרינקען מיט זיי אין „פֿילטער“? וואָס איז בא איר, אן אכסאניע?

מאלקע וויל ניט דעם העזעק און דאַרף ניט שלוימעס פֿארדינסטן.

מיילע, זיצן מענטשן באם טיש, זאָל מען כאָטש הערן א לײַטיש וואָרט, — שיטן זיך פֿון זייערע מײַלער נאָר שווארצע קלאָלעס, גלײַך מע זיצט אין שענק בא דער טיאָטיע מאָטיע.

— הער, מאָטל! טאָמער קומט דײַן מיזיניקל, שלוימעלע, מיט זײַן כעוורײַע, נעם איך א צעבער און גיס אים אויס אויף זייערע קעפּ. וואָס האָבן זיי זיך זאנאָדעט אהער!

מאָטל שמייכלט. ער ווייסט, דער בלעכער, אז עס מעג קומען אפֿילע א פֿעלד־גאזלען צו אים אין שטוב, וועט מאלקע אים קיין הונגעריקן ניט ארויסלאָזן. ער ווייסט גוט, אז די פֿלוינעסטע זײַנע האָט כיעס פֿון אופּנעמען געסט. די בעקעלעך ניטען זיך צו בא איר, די אויגן בלישטשען. זײַן מאלקע טוט אָן א ריין פֿארטעכל, קעמט צו איר גראָוון צאָפּ, גוידערט זיך פֿאר די שאָפֿערן, ווי זיי וואָלטן געוועזן מיניסטאָרן.

דערזעט נאָר מאלקע א מענטשן בא זיך אין שטוב, אזוי פֿליט זי אין זיבעטן הימל. קיינמאָל טרעפֿט ניט, זי זאָל ניט האָבן וואָס צו דערלאנגען צום טיש — עפּעס געפֿינט זיך בא איר שטענדיק. ניט אומזיסט ווייסן אלע, אז זי איז א גאָלדענע באלעבאָסטע.

נאָר אָט איז שוין די נײַנטע שאָ, און שלוימע איז נאָך ניטאָ.

— מאָטל, גיי טו א קוק אין „פֿילטער“, זיי קערן שוין מאכן שעכעיונע, — הייבט אָן מאלקע טאָטשען דעם מאן. נאָר מאָטל מאכט זיך טויבלעך, כאָטש ער הערט, ווי זי לייגט אויס א צעטל: — נעכײַ וואָלט א באָכער געקומען צום טיש. טרינק א גאנצע נאכט, עס ארט מיך דען? מע קאָן אים אויסטאָן דעם פּידזשאק, ארויסשלעפּן זײַנע דאָקומענטן. איך קען אים גוט, דעם רירעוודיקן האָז...

דאָ האלט שוין דער בלעכער ניט אויס, טוט א קלאפּ אין טיש ארײַן:

— מיט דיר, מאלקע, איז ניע סטאָן אי ניע ליאזש![1]

---

[1] ניט שטיי און ניט ליג!

און ער טוט אָן דעם מאנטל א גרייטער צו גיין:

— אָדער דײַן שטוב איז ניט קיין אכסאניע, אָדער דו ווערסט גוט, ווי לעקעך. שטעלסט ארויס פּאָלומעסיקעס קנישעס פאר דעם גאנצן גאראזש... מאך זיי נאָך פּאמפּושקעס מיט קנאָבל — וועט מען אוואדע קומען! — און ער טוט א פארמאך די טיר. — ווערסט אויוועבאָטל אף דער עלטער, מאלקע.

קאפּיטל זיבן

# אייפּער

אזוי איז שוין בא זיי אײַנגעפירט, באם יונגן פּאַרפּאַלק, — יעדן פארנאכט גייט מען ארויס שפּאצירן אף א פּאָר שעה.

הײַנט שווײַגט ראָכל. דאָס מויל אירס איז צוגעשלאָסן, זי דערציילט ניט דעם מאן, אז מאלינין דרייט שוין גאנץ פֿײַן דעם קאָפּ זײַן נײַער באלעבאָסטע און עס קאָן זייער שיין טרעפן, אז ער זאָל ווערן דער הויפּט־„אסיסטענט" באם פּראָפעסאָר.

פרידל וואָלט געוויס געלאכט, ווען ראָכל זאָל אים דערציילן, ווער עס האָט באנאכט ארויסגעגאנוועט די „קו" פון שטאל, דאָס הייסט ווער עס האָט „אנטליִען" די מאשין באם פּראָפעסאָר.

זי שווײַגט אָבער אקשאָנעסדיק, ראָכל.

נאָך דער כאסענע האָט זי געגנוג צאָרעס איבערגעלעבט מיטן בלינדן מאן. איצט איז שוין די פינצטערע צײַט אדורך: פרידל לערנט זיך, און זי, ראָכל, איז מיט דעם צופרידן. ער לייענט שוין פרײַ דעם אלעפבייס פאר בלינדע.

אפן קורס האָבן אלע אים ליב. רופט דעריבער בא קיינעם ניט ארויס קיין כשאד, אויב זינע, וואָס לערנט מיט פרידלען איביינעם, האָט פון דער ערשטער מינוט גענומען שעפטום איבערן בלינדן סטודענט.

ראָכל אָבער קריכט פון די קיילים ארויס — זי וויל, אז פרידל זאָל זיך אופהערן באגעגענען מיט אָט דער קוטשעראווער פאנאטישער סטודענטקע. איינמאָל פאר אלעמאָל!

הײַנט מוז זי עס אים זאָגן, פרידלען, כאָטש ס'איז איר שווער עפענען דאָס צוגעשלאָסענע מויל.

— אָדער איך, אָדער זינע!..

נאָר בא זיי זײַנען דאָך בלויז כאווערישע באציִונגען.

ניין, ניין! זי וויל אפילע ניט הערן! מאָרגן גייט זי, ראָכל, אליין אין פאקולטעט און וועט פאר אלע סטודענטן אין די אויגן זאָגן מוסער דער זינע, זאָל מען זי פארשטיינערן, די פאסקודסטווע.

אף אלץ האָט זיך פרידל געריכט, נאָר אז זײַן ראָכעלע וועט אזוי זיך נאריש מאכן, — דאָס ניט.

...געוויינלעך קלאפּן בלעכערס אָפּ מיטן העמערל בא דרײַסיק יאָר, דאן

פלאַצן באַ זיי די אויערן־הײַטלעך און זיי ווערן טויב. באַ מאָטל סמיקון איז עס פּאַרקערט, וואָס א יאָר הערט ער בעסער. אָט איז אויך איצט צו אים דערגאַנגען, ווי ראָכעלע שעפּטשעט זיך מיט דער מאַמען:

— מאַמע, מער קען איך ניט!

אַמאָל האָבן טשומאַקעס געטריבן אָקסן ביז אָדעס נאָך זאַלץ, זײַנען זיי טאַקע קאַרג געווען. און אים, מאָטלען, שיט מען פּודן זאַלץ אַפן לײַב גאָר אומזיסט?

דער פרימאָרגעדיקער הימל האָט זיך שוין אַרומגעוואַשן דאָס פּאָנעם, פאַרקעמט אַזוי גרויסאַרטיק די כמאַרע קוטשערן, וואָס שווימען פּאַמע־לעך קעגן דעם זון־אויפגאַנג.

פרידל שטייט באַם פּאַרקן, אים איז אַצינד אַלציינס, צי דרייט זיך די זון אַרום דער ערד, אָדער פּאַרקערט — די ערד אַרום דער זון.

מאָטל דערזעט דעם איידעם שטיין אַזוי פרי באַם פּאַרקן, דערמאָנט ער זיך אין ראָכעלעס ווייטעק־אויסגעשריי:

— מאַמע, מער קאָן איך ניט!

פרידל איז א מענטש אָן אָרנטלעכער, איז זאָל ער אים דערציילן, וואָס איז געשען.

ביידע קוקן אַפן שליאַך. ניט געײַלט שמועסן זיי — ראָכלס פאָטער און איר מאַן.

גלאַט גייט דאָס לעבן באַ קיינעם ניט — מאַסליאַנקין לויפט עפּעס נאָך א מיידל, זינע הייסט זי; שלוימע פירט אַרויס א מאַשין מיטן מע־שומעד מאַסליאָנקינען; מאַלינין קושט זיך ווידער מיט פרעמדע ווײַבלעך.

— וואָס זשע האָט אַזוינס באַ אײַך, שטילע טײַבעלעך, געטראָפן? — פרעגט דער אַלטער.

— זינע רופט מען זי? — פרעגט איבער פרידל.

— נו יאָ, דערטאַפּט עפּעס אין דאָרף קליין־ראַקיטנע א קראַסאָוויצע, זינע, יאָ, זינע — קענסט ניט מאַסליאָנקינען? — אַנאַטאָלי איז געווען מיט זײַן מאַשין באַם פּאָלוסטאַנעק, און דאָס מיידל, די סטודענטקע זינע, האָט דאָרט אין קליין־ראַקיטנע געהאָלפן סאָפּען בורעקעס, האָבן זיי זיך באַקענט. נו, און באַ אײַך, קינדער, וואָס האָט אַזוינס געטראָפן?

פרידל ווייסט ראָכלס פאָטער גאָרניט דערציילן. ס'איז א מיספאַרשטיי־עניש, אײַנגיכן וועט עס אופשווימען ווי בוימל אַפן וואַסער.

קאַפּיטל אכט

## דער גאַראַזש איז ניט קיין קלוב

בלעטער אין וואַלד שפּילן שוין מיט פרישן קוועקזילבער קעגן דער האַרבסטיקער זון. דערנאָך, טיפער אין שפּעטן אָסיען, ווערן די ביימער סײַ פּראָסטיק, סײַ געל ווי מעש, פּונקט ווי בערד באַ זקיינים.

ראַקיטנע איז שוין ניט דאָס געוועזענע שלעפּער־דאָרף מיט די פּאָ־

גאָרעלצעס, בא וועלכע די הויזן זײַנען א לאטע אף א לאטע, די היטלעך פון אויסגעקראָכענע שמויסן, און די פיס אָנגעטאָן אין פאָסטעלעס. דער נײַער קלוב וואָלט געפאסט פאר א פאלאץ אין א גרויסער שטאָט.

דער פארטאָרג באלאנדין וואָלט געוואָלט, אז אויך דאָס לעבן אין גאראזש זאָל זיך ענדערן, ווי עס האָט זיך געענדערט און אויסגעיידלט דאָס דערפעלע ראקיטנע. נאָר א גאראזש איז ניט קיין קלוב און שאָפערן זײַנען ניט קיין ארטיסטן, וואָס גרימירן זיך אָן און ווערן גלײַך אנדערע מענטשן.

אלעקסאנדער ניקיפאָראָוויטש האָט אף א פארטיי־פארזאמלונג שטארק קריטיקירט דעם צײַטוויַיליקן דירעקטאָר, וואָס ניט ער ווערט באלעבאָס, ניט ער גייט אוועק. סע גלוסט זיך אים ניט פאטערן קיין קויעך אף אויסצוראמען מאלינינס מיסט.

מארינע לאָזט אים ניט רוען, באלאנדינען:

— ווען וועלן שאָפערן אָנהייבן לעבן ווי מענטשן? — זי זאָגט עס אים אויך איצט, ווען ער גייט א מידער ארום איבער דעם גאראזש און קוקט מיט קאס אף מאסליאָנקינען און אף שלוימען.

מאסליאָנקין כאפט אונטער מארינעס מוסער־זאָגן:

— פארוואָס קומט אונדז, כעוורע, שלינגען רויך אפילע נאָך דער סמענע?

נאָר באלאנדין קוקט אף אים בייז, זאָגט רויק:

— שיינער מענטש, קום נאָר ארײַן צו מיר אין פארטקאָם!

שאָפערן ווייסן, אז ביידע יונגעלײַט, מאסליאָנקין און שלוימע, האָבן נאָך דער אווארֿיע אף דער טראסע זיך ארײַנגעגאנוועט אין קאָטעלנע און שטילערהייט געלייגט זיך שלאָפן.

באלאנדין האָט זיי ניט געוועקט, כאָטש ער האָט אויך געוווּסט פונעם סאָד.

פאכאָמאָוו האָט אים געייצעט זיי געבן ביידע עטלעכע שמיץ מיטן פּרוטיקל, וואָס ער האָט פונקט געהאלטן אין דער האנט. אָנשטאָט אָן ענטפער נעמט באלאנדין ארויס פון שופלאָד מאלינינס אינסטרומענט־בײַטעלע, קוקט אף דעם מיט ביטל.

— באטיע, — זאָגט באלאנדין און דערלאנגט אים דאָס בײַטעלע, — טוט מיר א טויווע, גיט איבער אָט דעם טראָפּיי מאלינינען.

קוזמא ווארלאמאָוויטש פארשטייט! וואָס זשע, ער איז א באָק צי א פרעמדער? נאָר עפעס קוקט דער אלטער אף באלאנדינען ניט ווי אלע־מאָל.

— ביסט א פארטאָרג צי ניט? אויב אזוי, טוסטו דאָך אלץ אין נאָמען פון דער פארטיי, איז צוליב וואָס דאָס שפּילן זיך אין באהעלטעניש מיט מאלינינען און אויך מיטן לאָשעק מאסליאָנקינען?

דאָס איז געזאָגט געוואָרן סײַ מיט הארץ, סײַ מיט רוגזע, נאָר באלאנדין האָט געוווּסט, אז דער אלטער איז גערעכט.

# זינע

אזוינס האָט מען נאָך אין ראַקיטנע ניט געהערט — סענטיאַבער כוידעש זאָל דונערן! דאָס גראָז איז גריַן, פרישע ראָמאַשקעס שפּראָצן פון דער ערד,ביימער אין וואַלד שטייען אין פולן פּראַכט, גליַיך דער פרילינג וואָלט ערשט אָנגעקומען. כאָטש גיב א רענדל פאַר א געל בלעטל. סע גייט א געדיכטער אראָמאַט פון דער געבענטשטער ערד — זי האָט ערשט ווידער אופגעלעבט.

אין אזא טאָג פּאַקט מאַסליאַנקין א נאַריאַד אף צו פירן פּרענטעס איַיזן אין אינסטיטוט.

סטודענטן קריכן אין קוזאָוו, און צום שאָפער אין קאַבינע שווימט אריַין זינע.

דער שמייכל בא איר — א פריילעכער. אירע אויגן ברענען פון סימכע. נאָר כעוורע סטודענטן פארשטייען נאָך ניט, וואָס, אייגנטלעך, גוידערט זי זיך אזוי? עמעס, דער שאָפער איז א כיינעוודיק קוטשעראַווע באָכערל... אויך מיר א מעציִע! העכער הונדערט ווערסט וועט מען דאַרפן פאָרן אין זאַוואָד אריַין נאָכן איַיזן, וועלן זיי אין דער קאַבינע באַוויַיזן זיך נימעס ווערן איינער דעם אנדערן.

זינע טוט א קוק אף מאַסליאָנקינען. יאָ, דאָס איז ער, יענער באָכער, וואָס זיי האָבן דעמלט געשלעפּט פון דער בלאָטע לעבן געלן קלויסטערל.

— ווּעסט נאָכאַמאָל אוועקזעצן די מאַשין, ווי דעמלט?

אנאַטאָלין באַשלאָגט אזש א שווייס. די פינקלדיקע שווארצע אייגעלעך זיַינע הייבן אָן צו שמייכלען. פארליבט קוקן זיי אף זינען — אָן זיַין ווילן פארמאַכן זיי זיך און עפענען זיך ווידער.

מע פאָרט. היַינט וועט אנאַטאָלי ניט שריַיען „שומי, דאָראָגאַ!”.

סאָליד, ווי א כאָסן אין א מאַנישקע, פירט ער די מאַשין. זינע זיצט פאָרוטש, זי פאָרט מיט אים אין וויַיטן וועג אריַין.

מאַסליאָנקין ווייסט, אז פאַר א גרויסער שטאָט דאַרף מען האָבן דערעכערעץ, מוז א שאָפער זיַין ניט פויל, אָפּשטעלן די מאַשין בא דער ערשטער ריטשקע און א וואַש טאָן די רעדער, אז סטראַכאָוו זאָל ניט זאָגן: פאָר צוריק אין גאַראַזש אריַין, פויליאַק איינער.

זינע איז ניט פון די מיידלעך, וואָס זיצן אין קאַבינע און שמייכלען. זי פארבינדט דאָס טיכל, נעמט ארויס דעם עמער פון קעסטל — טראָגן וואַסער איז טראָגן וואַסער!

סטודענטן קוקן פון קוזאָוו:

— היי, כעוורע, בא איַיך קאָנטאַטשעט עס ניט שלעכט אָן איבעריקע רייד.

ארומגעוואַשן די מאַשין, פאָרט מען וויַיטער. זינע פארציט עפּעס א טרויעריק לידעלע, אנאַטאָלי טוט מאַמזעריש א קוק דעם מיידל אין די אויגן — וואָס איז געשען?

אומגעבעטן הייבט זינע אָן דערציילן:

זי האָט געוווּסט, אַז זיי וועלן זיך באַגעגענען, אַנדערש האָט ניט געקאָנט זײַן.

— אָט יענע שטומע, באַם געלן קלויסטערל, וואָס קער זי זיך אָן מיט דיר, זינע?

מע האָט געשמועסט, ווי מענטשן, וואָס קענען שוין לאַנג איינער דעם אַנדערן.

אָנגעהויבן האָט זינע אַזוי, גלײַך ווי ניט וועגן זיך וואָלט זי גערעדט, נאָר וועגן אַ מענטשן, וואָס זיצט דאָרט אין קוזאָוו.

...פונעם ערשטן שאָס אַף דער מילכאָמע, קאָן מען רעכענען, איז זי געבליבן אַ יעסוימע. איר טאַטע איז געווען אַף דער גרענעץ. פינף יאָר איז זי דעמלט אַלט געווען, געדענקט זי ניט דעם פאָטער, נאָר אין קינדערגאָרטן פלעגט מען זי רופן קאָמיסאַרשע.

מיט דער מאַמען איז זי געלאָפן פון היטלערן, ביז מע איז געבליבן שטיין אין ראַקיטנע, און דאָ, באַ דעם באַרג־אַראָפּ, ווו זיי פאָרן איצט, האָבן פאַשיסטן צעשאָסן די מאַמע, די קאָמיסאַרשע...

...פאַשיסטן שיסן פון אווטאָמאַטן, דער יאַר איז נאַס פון בלוט, די ערד ציטערט אַזש פון שרעק. שטייט אַ פרוי באַם געלן קלויסטערל און זעט, ווי אַ קינד קריכט פונעם יאַר.

גייען אַוועק אַ פּאָר טעג, דאָס מיידעלע זיצט דערשראָקן אַפן אויוון פאַרגליווערט, פון אירע אויגן גיסן זיך טרערן. יאַוועט זיך ראָצכים, הייבן אָן נישטערן:

— ווו איז דאָס קינד?!

דער עסעסאָווער זאָל געווען אַ קוק טאָן אַפן אויוון, איז אויס זינע, נאָר די באַלעבאָסטע איז אַ שטומע, האָט זי אָנגעהויבן רעווען, געמאַכט אַזאַ טומל, אַז אַפילע די לאַנגע דײַטשן האָבן געמאַכט פּלייטע, און זינע איז געבליבן באַ דער שטומער פרוי.

דאָרטן, אין קליין־ראַקיטנע, האָט זי פאַרענדיקט צען קלאַסן. געהאָלפן באַאַרבעטן דעם גאָרטן, פירן די באַלעבאַטישקײַט, געראַמט און געוואַשן.

מאַסליאַנקינען איז דאָס בלוט פאַרקילט געוואָרן. דער רול האָט זיך אויסגעריסן פון זײַנע הענט, אַזוי שלעכט איז אים געוואָרן. מאַסליאַנקין האָט אָן איידעלע נעשאָמע, ער שטעלט זיך פאָר, ווי שווער ס'איז געווען זינען. אים ווערט שלעכט אַפן האַרצן, פונקט איר אומגליק וואָלט געווען זײַנער.

אין גאַראַזש האָט מען זינען שוין באַוויזן צו דערציילן וועגן אַנאַטאָליס שטיק, נאָר דעם גרעסטן סאָד האָט זי אַליין, פאָרנדיק מיטן באָכער אינעם ווײַטן וועג, זיך דערוווּסט: מאַסליאָנקין האָט אָן איידעלע נעשאָמע...

זאָל ער זיך באַרויִקן, די סטודענטן וועלן מיינען, אַז זי האָט אים מיט עפּעס באַליידיקט.

אָט איז יענץ באַקענטע בערעזקעלע, ווו זינע איז דעמלט געשטאַנען און געגענטפערט דעם שאָפער אַף זײַנע כאָכמעס.

אָט דאָ ניט ווײַט איז געלעגן פארזונקען מאסליאַנקינס מאשין, און די מיידלעך האָבן פון אים געמאכט דאָס גרעסטע געלעכטער.

מע זעט שוין דאָס בערגל מיטן שפּיץ פונעם געלן קלויסטערל.

זינע מוז אַרײַנלויפן אַף א פּאָר מינוט צו איר „מאמען". זי האָט ליב די שטומע, זי וועט אויך אָנרײַסן עפּל פונעם אייגענעם סאָד, זאָל אנאטאָלי צוווארטן.

פארשעמט, מיט א פארויטלט פּאָנעם, טוט זי א שפּרונג פון קאָבינע, ווען די מאשין גייט נאָך, און פארטשעפּעט זיך באם פריצעפּ...

ווי פון יענער־וועלט יאָוועט זיך אפן שליאך סטראכאָוו, מעסט דעם טאָרמאָז־וועג, קוקט ניט אַף קיינעם. ער זעט אפילע ניט, דער אינספּעק־טאָר, ווי געטרײַ מאסליאָנקין האלט אין זײַנע אָרעמס די געליטענע, ווי זינע כאפּט ארום דעם האלדז פונעם שאָפער.

— איך בין אליין שולדיק, אנאטאָלי, שולדיק בין איך...

סטודענטן שרײַען אין איין קאָל:

— כאוועד קאפּיטאַן! ס'איז ניט געפערלעך, א קלייניקע דראפּעלע. ס'איז ניט געפערלעך!

נאָר סטראכאָוו נעמט בא מאסליאָנקינען די נעשאָמע. אָט שרײַבט ער שוין עפּעס אפן טאלאָן.

— א שטרענגער אויסרייד.

— שרײַב, שרײַב, — טראכט אנאטאָלי. פּאר אָט דער מינוט, וואָס זינע האלט אים אזוי געטרײַ ארומגענומען, וואָלט ער אים אָפּגעגעבן, סטראַ־כאָוון, ביידע טעוועלעך — דאָס שאָפער־ביכל, וואָס איז אים אזוי טײַער, און אפילע דעם פריצעפּ מיטן דישל.

מיטאמאָל הייבט אָן צו דונערן, ווי זומער־לעבן, און אנאטאָלי כאפּט זינען צוריק אַרײַן אין קאָבינע. די שטומע „מאמע" דערזעט עס און מאכט מיטן מויל, רעדט עפּעס, נאָר קיינער, אויסער זינען, פארשטייט ניט, וואָס יענע וויל.

זינע האָט אזוי גליקלעך געשמייכלט פון דער קאָבינע, אז אפילע סטראַ־כאָוו, אָט די סטראשידלע, איז שטיין געבליבן אינמיטן שליאך און שוין גאָר כאראָטע געקראָגן, וואָס ער האָט מאסליאָנקינען אָנגעשריבן אפן טאלאָן.

— עפּשער איז דער דראפּע גאָר א פּאָרטל דעם מיידלס? — פרעגט ער בא דער שטומער, נאָר די אלטע קוקט אים שולדיק אין די אויגן, מאכט עפּעס מיט די ליפּן, מעקעט — גיי פארשטיי, וואָס זי מיינט!

דערווײַל איז ארויס די זון, און דאָס געלע קלויסטערל האָט אָנגעהויבן שפּילן מיט פארשיידענע פארבן, ווי עס וואָלט געשווירן בא די הייליקע צלאָמים, אז זינע פּאָליאַקאָווע און אנאטאָלי מאסליאָנקין האָבן זיך פאר־ליבט ניט אַף קאַטאָוועס.

מאסליאָנקין איז פארליבט! — דאָס איז פארן גאראזש שוין ניט קיין סאָד.

און אויב עס ווייסט עס דער גאראזש — איז די גאנצע שטאָט פול מיט דעם.

דעם אייגענעם פארנאכט, ווען צו מאָטל דעם בלעכער איז דערגאנגען

די בסורע, אַז מאַסליאַנקין האָט שוין געכאַפּט דעם טאַטער — געפֿונען זינען, איז מאַלקע געשטאַנען באַם פּאַרקן מיט פֿאַרלייגטע הענט אויף דער הויכער ברוסט, ווי איר שטייגער איז.

— ראָכל, — האָט זי געטייַנעט צו דער טאָכטער, — דאַרפֿסט זיך שטעלן אויף די קני פֿאַר אָט דער זינען, ווי פֿאַר אַ צאַדייקעס.

קאַפּיטל צען

## געלעבט איז געלעבט

באַלאַנדין קוקט מיט פֿאַרבענקטע אויגן אויף ראַקיטנע. צוויי בולדאָזערס הריזען מיט די ציין די פֿאַרלעגערטע פּלאַסטן.

מיט סאַראַטאָווער גאַז וועט מען הייצן אין ראַקיטנע די הרובעס.

דאָ איז אַמאָל באַלאַנדין אַרומגעגאַן מיט אַ בער און געבעטלט נעדאָ־וועס. איצט זיצט ער זיך מיטן ווייַב, מיט מאַרינען, אין זייַן אייגענער „פּאָ־בעדע״ — ער פֿאָרט פּראַווען דעם אַלטן פּאַכאָמאָווס כאַסענע!

טו אַ קוק, מאַלינין, אויף באַלאַנדינען, טו אויך אַ קוק אויף מאַרינען. צי ווייסטו, אָסיפּ סערגייעוויטש, וואָס פֿון איר וואָלט געוואָרן, ווען זי וואָלט ניט אוועק פֿון דיר?

נאָר צו וועלכע שלעק דייַן נאָמען דערמאָנען! אַלע ווייסן, אַז אָסיפּ סערגייעוויטש קאָן ניט פֿאַרגעסן מאַרינען. אין אַלע זייַנע אייוורים איז זי אים איַינגעבאַקן! זיצט ער גאַנצע טעג אין אַ פּיוואָ־וואָדי־בײַדל, זיצט, ווי אַ בעטלער יאָמטעוו באַם קלויסטער.

אויף די מאַרמאָרנע טישעלעך קריצט ער אויס שיקערערהייט מאַרינעס נאָמען. די ניכפּע באַקומט ער שיר ניט, אַזוי וויל ער זי זען, מאַרינקען.

שלים־שלימאַזל האָט אים אָנגעהויבן גיין פֿון יענעם טאָג, זינט מאַרינע איז אַרויס פֿון זייַן שטוב און כאַסענע געהאַט אין וואַלד מיט באַלאַנדינען.

פֿריִער, אין די גאָלדענע טעג פֿון זייַן יוגנט, פֿלעגט ער בייַטן יעדער אָוונט דאָס אויבערהעמדל, דעם שניפּס, געטראָגן מאָדעלנע שיך, באָסטאָן־קאָסטיומען.

דעמלט, ווען ער איז געווען אין גאַראַזש דער עלטסטער, האָבן שאָפֿערן צווישן זיך געטייַנעט, אַז באַלאַנדין וועט אים אוועקזעצן אויפֿן געהעריקן אָרט. ליגט ער טאַקע, מאַלינין, אויף די לאָפּעטקעס, קאָן זיך דעם רוקן ניט אויסגלייַכן. אַלע זעען איצט, אַז ער איז אַ שוואַך באַשעפֿעניש, וואָס פֿאַר־לירט די מייַטקעס פֿון ערשטן קלאַפּ. אַ שיקער, און מער גאָרניט. באַ שאָ־פֿערן אין די אויגן זעט ער איצט אויס, ווי אַ נאַריש שוואַך נעפֿעשל, וואָס באַהאַלט זיך אויס — נאָר דאָס פּלייצעלע זעט מען.

גוט האָט געזאָגט וועגן מאַלינינען פּאַכאָמאָוו:

— אַ גראָבער הונט דאַרף האָבן אַ געזונטן פּויסט...

דאָס לעבן שלאָגט מאַלינינען! ער האָט שוין, דאַכט זיך, גוט געכאָליעט די פּראָפּעסאָרשע, געפֿירט זי מאַכן מאַניקיור, אין מאַרק אַרייַן זיך מיט

איר געשלעפּט — פּיסקעלע צו פּיסקעלע. האָט מען זיך אויך וועגן דעם דערוווסט. אזא שמאַלץ־גרוב פּאַרלאָרן!

גייט ער איצט ווידער ארום שלינג־און־שלאַנג. פאַרשיקערט דאָס לעצטע העמד, אָן שיך — טראָגט קאַלאָשן אף די פיס, ווי דער שטאָט־מעשוגענער פון קליין־ראַקיטנע. מאַלקע די בלעכערקע האָט אים באַגעגנט אין מאַרק, זאָגט זי: זאָל ער האָבן אזא מאַזל, מאַליניו, וואָס פאַר א הוילעך ער האָט.

— אזא פּערעאַדעם, גאַנצע טעג גייט ער ארום און טראַכט נאָר, ווי צו פּאַקן מאַרינען אין א פינצטער ווינקל.

איז ווידעראַמאָל — צו וועלכע שלעק זײַן באַמען דערמאָנען — גלײַ־כער שוין מיט באַלאַנדינען און מיט מאַרינען צופאָרן צו מאָטל סוקעוואַ־טעס שטוב. מאַרינע צעקושט זיך מיט מאַלקען, און די ייִדענע לייגט פאַר איר אויס איר ביטער האַרץ: איר ראַכעלע האָט זיך אזוי לאַנג געבלאָזן אף איר באַשערטן, ביזוואַנען ס'איז איר נימעס געוואָרן. איצט איז שוין, דאַנקען דעם אייבערשטן, שאַלעם. נאָר וויפל האָט עס איר, מאַלקען, גע־קאָסט געזונט! יאָ, זי איז נעכטן געווען בא די קינדער אין דער נײַער דירע. זאָל איר מאַזל אזוי שײַנען, וואָס פאַר א מעדינע זיי האָבן באַקומען.

עפּשער דערפאַר טאַקע זעט הײַנט מאָטל דעם בלעכערס שטוב אויס אזוי ראַכוועסדיק! דאָ וועט מען פּראַווען פּאַכאַמאָוס כאַסענע. דער גאַנצער גאַראַזש גייט כאַדאַראַם. אין „פילטער״ טרינקען דערווײַל שאַפערן פאַר קוזמאַ וואַרלאַמאָוויטשעס געזונט.

אויב דאָס, וואָס די געלערנטע לעפּעשינסקאַיאַ זאָגט, איז אָן עמעס, אויב א מענטש וועט לעבן בא צוויי הונדערט יאָר, וויל פּאַכאַמאָוו דער ערשטער א פּרווו טאָן דאָס מײַכל.

מאָטל דער בלעכער גייט צו און טוט א שמייכל אין פּאָנעם אַרײַן קוז־מאַ וואַרלאַמאָוויטשן:

— אויב דײַן ווײַבל, ווי דו דערציילסט, מײַן פרײַנט, לאָזט דיך ניט לייגן זיך אפן געלעגער, ביז דו וואַשסט ניט די פיס, וועסטו לעבן דרײַ הונדערט יאָר!

און אָט איז אויך די קאַלע. זי זיצט אנטקעגן קוזמאַ וואַרלאַמאָוויטשן, שמייכלט שעמעוודיק, ווי איר וואָלט געווען א יאָר צוואַנציק. די ערשטע קאַטושקע, פופציק יאָר, האָט זי שוין צעוויקלט, נאָר זי קושט דעם כאָסן מיט הייסע ליפּן.

— ליובע מײַנע, — וויינט דער אלטער שיר ניט פון גליק. — האָסט מיך ליב?

— לערנט זיך, יונגעלײַט, קוקט, ווי מע דאַרף ליב האָבן א פרוי!

אינמיטן דעם שמועס פאָרט באַלאַנדין אונטער צום „פילטער״, זעצט אַרײַן כאָסן־קאַלע אין דער „פּאָבעדע״, מאַסליאַנקין און די איבעריקע מע־כוטאָנים — שאָפערן זעצן זיך אַרײַן אין א פּאָר גרוזאָוויקעס. און אָט אזוי, מיט א טראַסק און מיט קאָוועד, קומט מען אף דער כאַסענע.

— זאָלאָטאיא ראָטאָ! — רופט אויס אליין דער כאָסן קוזמא ווארלאמאָ־ וויטש. — הערט מײַן קאָמאנדע! — און ער לייגט פּאָר, אז די געסט זאָלן זיך שטעלן אין איין ריי. דער בלינדער מארגוליס גייט לענגויס דער ריי, דערלאנגט יעדן איינעם א ברייטן שאָלעם־אַלייכעם און טרעפט, ווער עס רעדט מיט אים.

— זאָל לעבן די ליבע! — טוט מאסליאַנקין א שפּרונג, מאכט א רעדל, כאַפּט מארינען און גייט מיט איר א וואלס.

פּאכאמאָוו איז מיטאמאָל מיד געוואָרן. צוגעטוליעט מארינען צום הארצן, נאָכדעם ווי זי איז ארויס פון מאסליאַנקינס הענט, בעט ער, זי זאָל אפן זיידן קיין פאריבל ניט האָבן, וואָס ער האָט אף דער עלטער כאסענע גע־ האט מיט א יונג ווײַבל, און אפילע די ברילן אוועקגעוואָרפן.

מארינע פארשטייט — דער זיידע איז געבליבן עלנט אף דער עלטער, ניטאָ מיט וועמען א וואָרט אויסצוריידן, און טאָמער, כאָלילע, ווערט ער ניט געזונט, איז ניטאָ, ווער עס זאָל אים אפילע א טרונק וואסער דערלאנ־ גען.

קאפּיטל עלף

# א מאָנאָלאָג פון מאלקע דער בלעכערן

מאלקע טײַנעט אלץ מיט מאסליאַנקינען:

— זאָלסט וויסן, טאכשיט, אז א מאמע, א ייִדענע נארט מען ניט אָפּ. די מײַסע האָט שוין א באָרד — ייִנגלעך פארליבן זיך, ווערן אויס מענטש, גאנצענע טעג גייען זיי ארום מיט פארגאָסענע אויגן, ווי מע וואָלט אָנגע־ שאָטן זאלץ זיי אין די באָלעכעס. דו מיינסט, מאסליאַנקין, אז א מיידל איז ווײַסע ליים, מע ניאַרעט זיך אויס און מע קען זיך אָפּטרייסלען. איז זאָל־ סטו וויסן, אז לײַטישע מיידלעך, אויב זיי האָבן נאָר געהירן אין קאָפּ, קענסטו שפּרינגען ארום זיי, מעשוגע ווערן טאנצנדיק, ווינקען, בײַסן זיך די ליפּן, וועט זי דיך פאר א מײַל האלטן, צי׳ען פון דיר די קליי, זיך מאכן פרידורקעוואטע, שמייכלען, נאָר דאָס בעקעלע ניט אונטערשטעלן.

דערפאר אָבער, מאסליאַנקין, אויב דו ווילסט פארמאָגן אליין א ווײַב אָן שוטפים, זינע זאָל זײַן א מאמע דײַנע קינדער, טאָ גיי, טאנע, אין אינ־ סטיטוט, שטיי אונטערן פענצטער, קוק, ווער פיטש־נאס פונעם רעגן. זע, ווי דײַן באשערטע טאנצט אָפּ א סטודענטישן אָוונט מיט א באברילטן יונ־ גערמאן, ווי ער רוימט איר עפּעס אײַן אין אויער, ווי זי לאכט — מיסטאמע פונעם שאָפער, וואָס ווייקט דאָרטן אין רעגן באם פענצטער.

אין א פּאָר וואכן ארום פּאָרט זי אוועק, זינע פּאָליאקאָווע. זי איז דאָך אָן אגראָנאָם. אין אויסרײַסעניש וועט זי אוועקפּאָרן, אף צעלינא. דאָרט זײַנען דאָ שענערע פון דיר, שאָפערוק.

ביסט געשוואָלן געוואָרן לויפנדיק, ביז דו האָסט זי געפונען, געמיינט, אז זינע איז א פּראָסט מיידל, מיט א שטומער באָבע, מיט א מעלקעדיקער

קו. לאָזט זיך גאָר אויס — אַן אגראָנאָם... צעלינא... מאָרגן באקומט זי דעם דיפּלאָם, פּײַפט זי דיר אָן אין היטל און פאָרט אוועק. פאָלג זשע מיך, יונ־גאטש, מאך זיך ניט טאמעוואטע, נעם צוויי בילעטן, פאָר אוועק מיטן מיידל. ביסט ניט קראנק דאָרטן אף דער צעלינא זיך לערנען לייענען און שרײַבן. א קאָפּ האָסטו אַן אײַזערנעם, ליב האָט זי דיך, וועט איר לייענען ראָמאנען, האָבן קינדער און קומען אין ראקיטנע צוגאַסט ווי מענטשן.

וועגן דעם לערנען זיך האָט זי, מאלקע, אזא מאָשל:

מאָטל סוקעוואטע האָט א טאָכטער ראָכעלע. איז געקומען א „מאָפּס”, א בלינדער דערצו, און אליין מאָטל האָט אים אָפּגעגעבן די טאָכטער. און דערנאָך, דערנאָך פלעגט ער און זי, מאלקע, ראָכלס מאמע, זיך דרייען אפן געלעגער און ניט קאָנען אײַנשלאָפן. באנאכט הערן זיי, ווי ראָכעלע פירט דעם בלינדן אין דרויסן. הייבט דעם טאטן אזש אָן ציטערן די אונטערשטע ליפּ, אזוי ווילט זיך אים אויסשרײַען:

— ראָכעלע! וויסטע דאָליע דײַנע! אלע יאָרן וועסטו זיך ארומפירן מיטן בלינדן מאן. אזוי ניט באטראכט, אזוי ניט באטראכט.

מאלקע שלאָפט דען? זי טוט זיך א דריי אף דער צווייטער זײַט:

— א וואָרט, מאָטל, איז ווי א קוליע, שפּארסט זיך אָן אף דעם און גייסט ווײַטער.

יאָ, אוואדע. דער פאָטער האָט זײַן האסקאָמע געגעבן, נאָר דעמלט איז פרידל געווען בלינד נאָר אף איין אויג. ער איז געזעסן באם רול. גיי ווייס, וואָס פאר אַן אומגליק סע וועט זי נאָך טרעפן.

קוקנדיק אפן טאטן און אף דער מאמען, ווי זיי נעמען זיך צום הארצן דעם איידעמס בלינדקײַט, מיינט די שטאָט, אז ס'איז שוין עק וועלט. אָבער א מענטש טאָר ניט פאלן בא זיך. מע לעבט מיט ביטאָכן, העלפט גאָט, און מארגוליס דער בלינדער ווערט זעענדיק. ווי:אזוי קאָן דאָס זײַן? ווײַל טוירע איז ליכט, און כאָכמע — גליק.

אזוי, אז נעם זיך צו דער לערע, אנאטאָלי, וועסטו אויך ווערן א מענטש.

אָט איז באלאנדין דער פארטאָרג ארויס פון די בעטלערס און ארײַן אין די פעדערן. געוואָרן א מענטש מיט אן אייגענער מאשין. באקומען א דירע. מארינע טראָגט שוין פון אים... און ווו, מיינסטו, זוכט ער דאָס מאזל? ער זוכט עס ארום זיך, טאקע אין גאראזש און צווישן מענטשן. ער לערנט זיך אויך, דער פארטאָרג.

מאלקען מוטשעט נאָר איר מיזיניק, שלוימע: וואָס קאָן ארויס פון אזא יונגאטש?

א שמאראָוואָזניק פון שמאראָוואָזנע לאנד! דער האלדז איז אים שווארץ, ווי ער זאָל ארבעטן ניט אף קיין מאשין, נאָר אין קאָטשעגארקע.

— וואש זיך ארום, שלוימע! — שרײַט זי אף אים. נאָר דער מיזיניק פוצט זיך אויס אין שמאָלע הויזן, לאָזט ארויס דאָס העמדל, ווי טעוויעס איידעם כוועדקע, און לויפט נאָך דעם פראָוויזערס טעכטערל, וואָס הערט אים, ווי דער פאראיאָריקער שניי. ווען שלוימעס מאמע זאָל זײַן א פּראָפע־

סאָרשע און מאַלינין זאָל זי פירן אין מארק אַרײַן, וואָלט דעמלט איר גע־פּאַסט אַזאַ שידעך.

...אַזוי איז מאַלקע אָפּגעשטאַנען באַם פּלויט פונעם עפּלסאָד אַ גאַנצע שאָ מיט מאַסליאַנקינען, אַלץ אין אים אַרײַנגעטײַנעט, אַז ער זאָל נעמען זײַנע בעבעכעס, אַ סאַך מאַכן מיט די פוילע שטיק און פאָרן מיט זינען אַף דער צעלינאַ.

אויב אָבער מאַסליאַנקין פאָלגט זי ניט, מאַלקען, וועט ער באַקומען דאָס קאַדאָכעס, אויסגעסאָכנעט ווערן נאָך זײַן געליבטער.

און זי, ווי אַלע מיידלעך, וועט זיך ניט נעמען צום האַרצן דערפון. ווי נאָר זי פאָרט אַרויס פון יענער זײַט טויער, פאַרגעסט זי אין אים, ווי אַ קאַץ פאַרגעסט די שטוב, ווו מע האָט איר אַ סמאַלע געטאָן דעם עק.

אַנאַטאָלי האָט אַף זײַן לעבן ניט ווייניק ווײַן אויסגעטרונקען, נאָר פון דער ייִדענעס רייד איז ער אַזוי שיקער געוואָרן, אַז קוים וואָס ער איז נאָך איר דראָשע אַף די פיס אײַנגעשטאַנען.

מאַסליאַנקין קומט הײַנט דאָס לעצטע מאָל אין גאַראַזש אַרײַן. ס'איז אים אַזוי גוט באַקאַנט דער טויער מיטן אַלטן זייגער, די טויבן־נעסט פון לינקס און דאָס גרין־געפּאַרבטע בײַדל פון רעכטס. אָט וואָלגערט זיך דאָס לייטערל, אַף וועלכן ער איז ערשט ניט לאַנג געקראָכן מיט שלוימען גאַנ־צע וועגען פון טויבנשלאַק אָן „ער" מיט אַ „זי".

דאָרטן, אין קליינעם פאַרוואָרפּענעם פײַערלעשער־בודקעלע, האָט אים פּאַכאָמאָוו געלערנט:

— היט זיך, מאַסליאַנקין, פון זעצן אין קאַבינע מיידלעך.

שאָפערן מוזן האַלטן דעם פּולווער טרוקן.

געזעגענענדיק זיך מיטן גאַראַזש, טראַכט אַנאַטאָלי:

„נו, גוט, לאָזט מען זיי ניט אין קאַבינע, די מיידלעך, קריכן זיי אָבער גלײַך אין האַרצן אַרײַן..."

---

יענעם אָסיען, כאָטש עס האָט מעסלעסנווײַז געטריפט אַן עסעריק־קאַלט דריבנע רעגנדל, האָט ראַקיטנע דערפון זיך ניט גענומען צום האַרצן. מע איז געגאַנגען אַף דער אַרבעט, געײַלט אַפן שפּאַציר, אין קלוב, אין טעאַ־טער, אַף כאַסענעס און וועטשערינקעס. נאָר שטאַרקער פונעם רעגן האָט אַ בינטל נײַס אַ רויש געטאָן איבער דער שטאָט: באַלאַנדינען שאַדכנט מען פאַר אינסטרוקטאָר פון ראַיאָן; מאַרגוליסן שיקט מען לערנען אין אוניווער־סיטעט; פּאַכאָמאָוו איז באַלעבאָס איבערן סקלאַד; מאַסליאַנקינס פּאַרטרעט, צוגעשיקט פון צעלינאַ, שעמערירט אַפן טאָוול אינעם נײַעם קלוב; סטראַ־כאָוון האָט מען אַריבערגעוואָרפן אַף אַן אַנדער אַרבעט — איצט איז ער נאַטשאַלניק פון אויטאָבאַזע...

מאָטל סוקעוואַטע האָט אַרײַנגעכאַפּט די פײַנע פּענסיע און שטייט הײַנט אין הויף פון גאַראַזש מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, ווי אַ צאָפּ, וואָס בעריעט זיך דעם נײַעם פאַרקן אַריבערטאַנצן... סײַווי וועט ער קומען, דער בלע־

כער, און צוויי כאַדאָשים אין יאָר דונערן אין קאָפּ אריַין מיט זיַין קישעף־העמערל.

מאַלקע איז צופרידן: זי וועט כאָטש האָבן מיט וועמען א וואָרט אויס־צוריידן, וויפל קאָן א ייִדענע זיצן איינע אליין אין שטוב?

דער מאַמען טוט ווי דאָס האַרץ פאַר איר מיזיניק. אָנגעהויבן האָט ער גוט — א סטאַזשאָר, דערנאָך געוואָרן שאָפער. דאַרף ער זיך צולאָנטשען צו א שלעכטער קאָמפּאַניע... וואָס וועט פון אים אַרויס? ער קומט אָפּ, שלוימע, זיַין אָפּקומעניש איז אין דער „מאָיקע”, דאָרט וואַשט ער די מאַ־שינעס. דער מאַמען זאָגט ער צו, אַז גאָר אינגיכן וועט ער זיך אויס־מענטשלען, אַז מע וועט אויך אים נעמען אָף צעלינאַ...



# דער לעצטער קייסער

אין איין נאכט איז מען פאָטער געוואָרן פונעם גזאר. מע האָט אויסגעשאָטן די גליִענדיקע פודן שרויט אפן קייסערס קאָפּ. ניקאָלקען מיט זײַן סוויטע האָט מען פארגראָבן נײַן איילן אין דער ערד. אָן מונדירן, אין אונטערשטע העמדער, אין איינע שלייקעס איז די קאָנטרע געלאָפן אין טאָבאָלסק און צום סיוואש, געפרוווט זיך אריבערשיפן אף יענער זײַט יאם, געוואָרפן פעלדער און וועלדער, בערג און טאָלן, זון און לעוואָנע, בלוי־ווײַסע פאָנען, פאבריקן און זאוואָדן. דאָס גאָלד מיטן צירונג — מיט זיך מיטגענומען.

מיטאמאָל איז די מעדינע געוואָרן העפקער פעטרעשקע — דאָס לעבן איז בילכער. גילדענע קנעפ האָבן גרינג זיך אָפּגעריסן פון דער מאמע־ערד, פונקט ווי פון א שמאטענעם קאמזויל. דאָס פאָלק האָט גוואלד געשריגן. ווי טוט מען עס אזא אוולע מיט דער אייגענער היים!

די אייגענע היים... הארציק־ליבע ראכוועסן מײַנע! אקאציע־ביימלעך באם טאטנס פענצטער, ליימיקער בארג, גרינע לעוואדעס, מײַן שאָכן פראָקאָפּס קליין קרענעטשקעלע, א קאלטער טרונק וואסער, דער סקריפע פון מײַן באָבעס הויזנטיר — אלץ איז מיר אזוי ליבהארציק, אז פארבײַטן עס אף פרעמדע שוועלן איז שוין בעסער דער טויט.

געלאָפֿן זײַנען די גילדענע קנעפּ ווי אויסגעשפּאַנטע פערד, מע האָט זיי ארויסגעשלײַדערט אַף יענער זײַט יאם, און געבליבן איז די מאטושקע־רוס ניט עלנט.

אין בודיאָניס און קאָטאָווסקיס קאַוואלעריע, צווישן סאָלדאטן פון דער רעוואָליוציע, האָבן אויך געדינט אווראָם גראָבמאנס זין: געזונטע, אָדערדיקע, ברייטביינערדיקע, מיט פולע הערצער סינע.

דאָוויד גראָבמאַן, דער בכאָר פונעם געזינד, האָט אלע זײַנע יאָרן ארומגעוואָגלט אין א לעדערנער וואָכע, געווייקט פעל, געטראָגן וואסער, קינדער אין כיידער אַף זײַנע געזונטע פּלייצעס געטאסקעט — רעבע־געלט ניט גענומען, נאדן דער קאַלע זײַנער ניט געגעבן, ארויסגעגאנוועט באַם שטאָט־גוויר לייב רוטעס זײַן איינציקע טאָכטער שעוועלע, ניט געשטעלט קיין כופּע, ניט געזאָגט דעם הארייַ־אט, ניט אָנגעטאָן איר דאָס פינגערל, ארײַן מיט איר אין וואלד ארײַן, מיט וועלישע ניס זי געקאָרמעט, יאָרנלאנג מיטן שווער זיך געשלאָגן פאַר יערושע: וועמען געהערט די שטילע טויב — דעם טאטן צי אים, דאָוויד גראָבמאנען?

די שוויגער, יודיס איזראַילעוונע, האָט אים, דאָווידן, געשפּיגעוועט, געסטריגעוועט, זי האָט געבראָכן איר הארץ, געוואָרן א לײַטישע באָבע, געפירט די פיר איינִיקלעך, די גראָבמאנס, אין מערכעץ ארײַן, געקאשערט זיי די מײַלער, זיי זאָלן, כאָלילע, פּייסעך כאָמעצדיק ניט זײַן: וואָס הייסט — ס'איז דאָך לייב רוטעסעס איינִיקלעך...

איז אָבער פון א גרויסער וווּנד דער שראַם א גרויסער. א ווינט, א זאווערוכע האָט אויך א סווישטשע געטאָן אונטער די פענצטער פון לייב רוטעסעס קלייטן, ווײַל אומעטום, אין גאנצן רוסישן לאנד, האָט זיך צעפלאַקערט דאָס פײַער פון אָקטיאבער.

די באַלעבאָסטע פון רוטעסעס נאכלע, יודיס איזראַילעוונע, האָט געהאט אזא היפּשן שמעקער, אז קוים שטעלט זי אריבער איר מענערשן שווערן פוס איבער דער שוועל, אזוי איז די ערשטע קאַשע:

— אוי, עפּעס ברענט?

נאָר דאָס מאָל, ווען די אלטע רוטעסיכע איז ארײַן אין שטוב צו דאָוויד גראָבמאנען און בעניבײַי, ווי איר טעווע איז, א שמעק געטאָן, האָט זי ניט געפרעגט, נאָר ארויסגעקרעכצט:

— אוי, עפּעס ברענט!

עס האָט בעעמעס געברענט אין דער גרויסער רוסישער אימפּעריע: מע האָט אראָפּגעוואָרפן ראָמאנאָווס דינאסטיע...

א העליש פײַער איז דורכגעגאנגען, אויסגעראַמט די גיטער, די פּאַלאצן, אויסגעסמאַליעט פון דאָרט דעם איפּעש מיטן שימל, די פּליושענע שטולן, מיט די טכוירענע טולופּן. און נאָר דער יאָדלע־וואלד איז יונג און גרין פארבליבן, ווײַל געווען איז דעמלט אָסיען און יאָדלע בלײַבט שטענדיק גרין... ווי א מעיוכעס, שטייט אויך דער גרעקאָוועד וואלד מיט זײַנע אלטע דעמבן ארומגעשטעלט. וווּ־ניט־וווּ ווארפט זיך דורך א

גראָווע האָר — אָן אָסינע, אַ סימען עפּשער פֿונעם איבערגעלעבטן. אַ ביסל ווײַטער אין וואַלד אַרײַן, באַם ברעג טײַך, שטייען טאָפּאָלן, ווי אום וועסנע די ווײַנשל־ביימער, אין צווײט שטייען זיי, אַף כּידושים דער גאַנצער נאַטור — אין בליִונג.

אָך דו, ריבוינעשעלוילעם, ווען דעמלט, אין זיבעצעטן, זאָלן שוין געווען זײַן בולדאָזערס, טשערפּאַקעס, — טוט מען אַ רייניק דאָס מיסט, ווערט רוסלאַנד אָפּגעראַמט פֿאַר איין זמאַן.

— אין אַ גרויסן מאַבל, — זאָגט דאָוויד גראָבמאַן, — איז ניט קאַלט, ער שווענקט אָבער אויס, דער מאַבל, באַ אַלעמען די ביינער, קלײַבט ניט איבער. און נאָך אים ווערט גרעסער די זון און קלענער דער שאָטן... מע האָט זיי, די ווײַסגוואַרדייער, אַרויסגעשמיסן פֿון די מײַזן־לעכער, צענדליי־קער שיפֿן זײַנען אַוועק אין ווײַטן יאַם אַרײַן, נאָר די ברעגן זײַנען גע־בליבן... אין קייסערס פֿירטקע וועט דער גרויסער העלפֿאַנד ניט אַרײַן, דערפֿאַר טאַקע האָט מען געמוזט עפֿענען ביידע גאָלדענע טויערן: קומט, באַלעבאַטים, געוועלטיקט איבער אײַער האָב־און־גוטס.

וואָס פֿאַר אַ כּײַעס ווינטער אין אוקראַיִנע! דער שניי פֿינקלט און סקריפּעט אונטער די פֿיס, ווי צוקער אין מויל. דער שניי פֿאַרשיט פֿיל ווונדן, אַלע שיידים פֿרירט אויס דער פֿראָסט, און דאָס לעבן באַ די גראָב־מאַנס גייט זיך ווײַטער.

קינדער וואַקסן צו צום טאַטן, ווי נעגל צו די פֿינגער. מע טיילט דעם ביסן, ווי איין ביין אַף צוויי הינט. שווער איז די אויסקומעניש, נאָר נאָכן אָקטיאַבער האָט דאָוויד גראָבמאַן אַראָפּגעוואָרפֿן די פֿוילע הויזן, ניט באַהאַלטן זײַנע געזונטע הענט פֿון קיינעם ניט: דאַרפֿסט אַ לאַטע אַפֿן דאַך צי אַ וואַנט איבערוואַרפֿן, דאַרפֿסט מאַכן אַ קעלער, אויסאַרבעטן אַ פּעלכל, גראָבן אַ קרענעצע, — זאָג דאָווידן, שטעלט ער זיך אַוועק מיט זײַנע מעשוירערים, שוויצט אָפּ אַ טאָג און צוויי און דרײַ, און דאָס שטיקל אַרבעט ווערט, גאָט צו דאַנקען, אָפּגעקאָכט.

ווען דאָס נײַע לעבן מאָסטעט זיך שוין אײַן, שווימט מיטאַמאָל אַרויס דער „נעפּ” אַפֿן טעלער, און די רוטעסיכע מאַכט אָן אָנשטעל, אַז זי גע־דענקט שוין ניט גראָבמאַנס ייִכעס. ניין, ער האָט ניט געפֿירט קיין בלעט־לעך, ניט געפּאָכעט מיט רויטע פֿענדלעך, באַ איר איז ער אָן איידעם און זי איז אַ מעלקנדיקע קו... איז נאַ דיר דערווײַל אַ בריטשקע און שנײַד זיך אויס אַף אַ מענטשן.

דאָוויד גראָבמאַן איז ניט אײַנגעגאַנגען צו ווערן אָן אָנטרײַבער באַ זײַן שוויגער, לייב רוטעסעס אַלמאָנע, און אויב ער איז שוין כאָטש איינ־מאָל דורכגעפֿאָרן אַף דער נעפּמאַנישער בריטשקע די שטאָט, האָט שוין יודיס איזראַיִלעוונע בעפֿיירעש געמעגט אים נאָכשרײַען איר ביטער ווער־טעלע:

— אוי, עפּעס ברענט!

און דאָוויד גראָבמאַן איז שיר ניט אָפּגעברענט געוואָרן — מע האָט אים געוואָלט אויסשליסן פֿונעם קאָמבעד, און כאָטש לייג זיך און שטאַרב: אָט־אָט, און ביסט שוין אַ פּאַרטיקער מעשאָרעס באַ די פֿעטע גוידערס.

— פאר וואָס, פאר ווען... — האָבן מענטשן געטײַנעט.

— נו, און אז מע פּאָרט דורך די שטאָט אף דער קאַרעטע, קומט טייטן א מענטשן? — האָט זיך געבעטן דאָוויד גראָבמאַן.

פונעם קייסערס פּאַלאַץ וואָלט מען אוואדע ניט דערהערט גראָבמאַנס קאָל, נאָר דער קרעמל האָט צוגעשיקט די אויסלייזונג. געגנוג געגנעפּמאַנע־ווער, שוין צײַט צו לעבן אפּסנײַ.

מיט מעסירעסנעפעש פירט דאָוויד גראָבמאַן זײַן אקשאָנעס מיט דער פאסקודסטוער וועלט. אָפּט גייט בלוט פון דער נאָז. נו איז וואָס, דאַרף מען דען בלײַבן שטיין?

לאַנג האָט יודיס איזראַזלעוונע געקליבן א כאָסן פאר איר באַסיעכיד־קע שעווע, געפּאַנקעוועט זי מיט מאַראַנצן, געשטופּט אין איר מאַרמעלאַדן, פײַגן און באָקסערן, דערלאַנגט איר דאָס טעלערל פון הימל. צום סאָף איז שעווע אויקער געוואָרן מיט דאָווידל גראָבמאַן, געפונען פאר זיך א טרייסט אין לעבן.

וואסער זוכט נידערפלאכן, בייזקײַט לעבט לאַנג אין נידעריקע מענטשן. זי ווייסט פונעם סאָד, שעווע: פון א בליץ וועסטו זיך גיכער אויסבאַהאַלטן, ווי פון א שלעכט אויג.

נאָר די מאמע איז ווי א גאַזלען: ניט באַטאָג, ניט באַנאַכט פלעגט זי ניט שלאָפן, צוטראַכטן נײַע פּאָרטלעך, ווי־אזוי איר איידעם, דאָווידלען, אַרײַנשטעקן א מעסער אין האַרצן.

די מאמע מיט דער טאָכטער זײַנען געווען — כוואַליע און שטיין, צוויי פאַרשיידענע מענטשן.

אויב יודיס איזראַזלעוונע האָט אמאָל צעריבן אין סטופּקע פלעדער־ווישן און טשאָלנט־בּרעטלעך און נאָכגעמאַכט א סקריפּ פון א טיר און א וויבריק פון א קעלבל, אויב זי האָט געקענט צומישן צו א רעפּוע א לאָך פון א בייגל, געקענט צונעמען בא שימען גאָרנבערגן, איר גע־ליבטן, דאָס געזונט, איז די טאָכטער, שעווע, פאַרקערט, געווען גאָר אַן אנדערע — א טויב אין שטוב.

יודיס איזראַזלעוונע פלעגט שרײַען: דאָוויד האָט זי אויסגעכאַפּט, זאָל ער זיך קוויקן מיט איר...

אין שטוב האָט געשמעקט מיט קאַטערינקע, מיט אַלטן שימל, גלײַך מע האָט ערשט אין רוטעסעס אימעניע אויסגערייניקט די וואַנצן.

יודיס איזראַזלעוונע פליט אַרום ווי א פלעדערמויז, און כאָטש זי איז גרויס ווי א הונט זיצנדיק, און כאָטש זי קוקט אַרום זיך מיט פאַרקיס־בעטע אויגן, דאָך פילט זי זיך גאַנץ גאָדלדיק, ווען זי שטעלט זיך אויף אף די שפּיץ פינגער, אָנגעשפּאַרט איר שווערן גוף אין שטעקן, און מישט מיטן פּאָלאָנעק אזוי לאַנג, ביז סע ווערט קאַלעמוטנע סײַ דער יויך אין טעפּל, סײַ שעווען מיט איר מאַן דאָוויד גראָבמאַנען אף דער נעשאָמע.

...אין גאַס, אף דער סאַדאָווע, שאַלן רויטע פענדלעך, מע קנאַקט קערלעך, און נײַע געזאַנגען הילכן אין די אויערן: „פּאַרמוטשעט אין פינצטערע טפּיסעס, אין קאַמף פאַר דער אַרבעטער־זאַך"...

געקאָוועטע פערד קלאַפּן מיט זייערע שווערע קאָפּעטעס, שטיינער שפּריצן מיט פײַער, פענצטער ציטערן פאַר זײַן דעך — קאַטאָווסקי פאָרט!

קיינער באַגיסט נאָך ניט די גאַסן. דער זאַוואָד „טרודאָוויק" שטייט פאַרקילט: ניטאָ קיין קוילן, גייען מענטשן אַרום פּוסט־און־פּאַס, מיט אָפּענע מײַלער. מע באַגעגנט קאַטאָווסקיס קאַוואַלעריע, אַן אָנגעטאָנענע אין לאַנגע שינעלן. שושקעט מען זיך אף סאַדאָווע:

— פונוואַנען נעמט עס זיך — נײַע שטיוול?

— אינגיכן וועט זײַן קאָנטריבוציע?

— לענין בעט ניט קיין נעדאָוועס...

— אָבער גאָלד נעמט ער?

דאָס לעבן ווערט אײַנגעזעסענער, מע לויפט מער ניט אויסבאַהאַלטן זיך אין גאָרנבערגס קעלער. אויסגעקראָכן טיוטיוניק, זעליאָנע מיט די קוטעסן, דעניקין מיט די שאַרפע שאַשקעס. אויס געפלאָכטענע אַראַפּניקעס, אויס נאַליאָטן, רויבערײַ. מע שלעפּט שוין ניט די שענסטע מיידלעך נאָך די פערד, מע שנײַדט ניט באַ פרויען די בריסטן. אין שטאָט האָט מען שוין געעפנט קלייטן, אַראָפּגענומען די לאָדן פון אַלע שטוב־פענצטער. הינט שטשערען שוין ניט אַזוי זייערע ציין. גרויסע לעמפּ אף דער גאַס צינדן זיך אָן יעדן אָפּדערנאַכט. ייִנגלעך און מיידלעך שפּאַצירן איבער סאַדאָווע. עס טשאַדעט שוין דער „טרודאָוויק", ס׳פּײַפט דער קוימען פונעם זאַוואָד טיף־נאַכט צו דער לעצטער סמענע. באַלד עפנט מען טאָרגסינען. גראָבט אַרויס אײַערע גאָלדענע מאַטבייעס, יודיס איזראַילעוונע, שטופּט אָן דעם מאָגן אײַערן, וויפל ס׳קריכט אין אים אַרײַן, און וועגן מאָרגן וועט זיך דאָווידל, אײַער איידעם, שוין זאָרגן...

דאָוויד גראָבמאַן איז אַרויס גאַנץ פונעם איבערשרעק מיט דער קאַרעטע. איצט וועט ער זײַן צאָרן אויסלאָדן אף דער שוויגערס קאָפּ.

מענטשן האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן אין די פּאָגראָמען, לויפט מען זעלטענער אין שול אַרײַן זאָגן ייִזקער. וועלדער וואַקסן, פיש מערן זיך, בעהיימעס קעלבן זיך — דאָס לעבן הייבט אָן צו געבן האָפענונג אף בעסערע צײַטן. איצט איז דער סיידער ווידער אַזאַ, ווי געווען: ווער איז גאַנצפרי באַלעבאָס אין וואַלד? פייגעלעך; ווער באַשײַנט אים? גרינע בלעטער; ווער מאַכט ליכטיק? די זון.

אָבער יודיס איזראַילעוונע — זי פירט זיך איר אייגענעם כעזשבן: דער דאָקטער האָט איר געזאָגט, אַז זי מוז מאָגערער ווערן אף צוואַנציק פונט. רײַסט די גווירנטע פון זיך שטיקער פלייש. גאַנצפרי עפנט זי נאָר די אויגן — כאַפּט זי זיך אַראָפּ פונעם בעט, קנײַפּט דעם בויך, טאָפּטשעט מיט ביידע קולעקעס די קישקעס, רײַסט צו דער סטעליע די קרומע פיס, לויפט אַרום ווי אַ קוקלע אַרום טיש, פאַרציט דעם קאָרסעט אַזוי, אַז עטעמען ווערט איר שווער.

מיט שמירעכץ שמירט זי דאָס צעקנייטשטע פּאָנעם, מאַכט מאַסאַזשן, גאָרנבערג זאָל קושן איר אַלטע צורע. זי פּלעכט איבער דעם שיטערן צאָפּ, פאַרציט דעם ליף, גלײַך אַ באַלערינע.

ניין, אַפילע אַ מיידל, אַפילע איר יונגע טאָכטער שעוועלע וועט אַזױנס ניט באַווײַזן, וואָס זי, די באָבע, אַרבעט עס אויס באַם טואַלעטנע טישע־לע, קעגן שפּיגל.

גאָרנבערג, אַ מאַנצבל, פּילט זיך נאָך אין קויעך, אָבער ער גייט וואָס אַ טאָג אַלץ ווייניקער צו דער רוטעסיכע, כאָטש יודיס איזראַילעוונע זעט אים דורכן פענצטער שפּאַצירן איבער סאַדאָווע.

יאָ, זי האָט שוין לאַנג געפילט, אַז גאָרנבערג ווערט קעלטער צו איר. נאָר זאָל ער ניט מיינען: יודיסן אָנשפּײַען אין פּאָנעם איז גאָר ניט אַזוי גרינג. קאַליע מאַכן קאָן זי אים זײַן ליב לעבן. געהאָדעוועט אַ שלאַנג אַף איר ברוסט! גאָרנבערג פאַרשטייט נאָך אַליין ניט, וואָס פאַר אַ מין סאָרט ביסל איז יודיס. זי האָט ניט איין פריילעכן יונגנמאַן געמאַכט ביטער אין מויל.

גאַנצפרי טוט זי אַ פאַרצי דעם קאָרסעט, שטופּט אָן וואַטין אין די בריסטן, שלעפּט אַרויף אַף זיך די אַלטמאָדישע קליידער, די שליאַפּע מיטן פעדער אַפן קאָפּ — און רעדט צו זיך אַליין:

— מיך שרעקן איז ניטאָ וואָס, גאָרנבערג! מאָרגן וועט באַ מײַנע פיס ליגן דער אַגיטפּראָפּ אַליין... איין ווונק — איז ער אין אַלקער. פּילסט, גאָרנבערג, סע נעמט מיך שוין דער זוד. כאָטש דער גלאָק איז צעשפּאַלטן, נאָר עס קלינגט נאָך...

איר פאַרשטאָרבענער מאַן, לייב רוטעס, האָט פאַרמאָגט פיר קלייטן, — פאַרשטייט זי ניט, יודיס איזראַילעוונע, צוליב וואָס איז ער, דער אָפּגעריי־סענער נאַר, אַזוי פרי אַוועק אַף יענער־וועלט. דען ניט גלײַכער קאַיאָר זיך אויספּוצן, נעמען דאָס ווײַסע טשובאַטע הינטעלע, אַוועק אין וואַלד שפּאַ־צירן, אַראָפּוואַרפן אַ פּאָר פּונט שמאַלץ פונעם לײַב? געהאָדעוועט האָט ער זי, לייב רוטעס, ווי צו דער שכיטע. אַצינד, איבערגעלאָזט איר אַזאַ האָב־און־גוטס — געלט, גאָלד, צירונג, — דאַרף זי נאָר איין זאַך: גאָרנ־בערג זאָל אופהערן דרייען מיט דער נאָז.

„מורעשקעס אַף צוקער לויפן אַליין... נאָר גאָרנבערג האָט זיך אָנגע־זעטיקט...״ — טראַכט זי אַזוי צו זיך אַליין, אַרײַנגעייענדיק אין ווערלדל.

אַ שאָד, וואָס אַצינד איז נאָך ווינטער. פרילינג איז דער אַראָפּ־באַרג באַוואַקסן מיט באָרד־און־פּייעס, און עס זעט אויס, ווי עס וואָלט זיך גאָר ניט געביטן, גלײַך די גרינע בלעטער זײַנען קיינמאָל געל ניט געוואָרן. מע האָט איבערגעלעבט אַזויפיל זאַווערוכעס...

ס'איז נאָך פרי, דער קאַיאָר קריכט ערשט אַרויס פון די ווײַטקײַטן, ערגעץ קרייעט דער האָן, די ציג רײַסט זיך פונעם שטריקל, איוועס באַם פאַרפרוירענעם ברעג קלאַפּן דורך מיט זייערע טרערן אַ פּאָלאָנקע, טרערן רינען פון זייערע אויגן — גלײַך אין וואַסער אַרײַן.

ביימער אין וואַלד שטייען פּלייצע צו פּלייצע, לעקן אויס דאָס שניי־וואַסער. בלעטער פאַלן ניט. ביימער האָבן אויך זייער מאַזל: אַנדערע האַקט

מען אויס, נאָר אָט דעם שטאָט־פּארק טשעפּעט קיינער ניט. א פּניאָק טוט זיך אָן א היטל שניי און זיצט אזוי, ווי א קינד בא זײַן שליטעלע. די בערעזע שטייט צווישן אָלשאניקעס, ווי גלײַך זי וואָלט זיך געקליבן צורופן זיי נעענטער צו זיך און אָנפּויען מיט בערעזע־האָניק.

גאָרנבערג, ער איז א קרומער בוים, וועט ער גלײַכער ניט ווערן. יודי־סעס פארמעגן וואָלט אריבער אין זײַנע הענט, ווײַל דער „נעפּ" וויקלט זיך נאָך צוביסלעך. מע קאָן צעפירן די הענט, מאכן פון א קערבל צוויי, דערוף דארף ער פארגעסן אין טשאָרנעס קלוב, ניט הערן די אגיטפּראָפּן. לעב, מענטש איינער, ווײַל קיינער האָט נאָך דײַן אָרט ניט פארנומען.

אמאָל, זײַענדיק מיט אים אין אלקער, האָט זי געטרוימט, אז זיי וועלן שפּאצירן אף קאווקאז, צווישן בערג און כוואליעס, שיפן זיך אף שיפן — פון סוכומי ביז באטומי, קריכן אף סקאלעס, לויפן אין יאם ארײַן, ווי קינ־דער, ברענען זיך קעגן דער זון.

און איצט איז ווינטער. יודיס איזראַילעוונע גייט ארום פארזאָרגט אין וואלד, מעסט מיט איר קאסאָקע אויג דעם שליאך. וויפל יאָר איז איר מאן, לייב רוטעס, דאָ געווען דער ארענדאטאָר? פּרווו נאָר א שפּענדל נעמען, האקט מען איבער די הענט! הײַנט שפּילן קינדער אפן פארפרוירענעם טײַכל, קערן דעם שניי מיט בעזעמער, ווי עכטע באלעבאטים, פאָרן אף קאָנקעס, הוליען, פרייען זיך, וואָס מע האָט צעעפנט טיר־און־טויער: ברוי־קעוועט, קינדער!

אין קאָפּ בא איר — א מישמאש, דאָס כײַעס גייט איר אויס, יודיס איזו־ראַילעוונען. זי כאלעשט מאמעש צו נעמען דער טאָכטער שעוועס א קינד אף די הענט, א קוש טאָן אן אייניקל, געבן דעם א לעקעכל. זינט יענער מײַסע מיט דער קארעטע קומט זי ניט אף דאָווידס שוועל. זאָל אים אָפּגיין, דעם איידעם, דער קאס. סײַווי וועט ער מוזן אָנקומען צו דער שוויגער — אלע יאָרן איז ער געווען א קליינער פארדינער. סאָוועטסקע וולאסט, מיינט ער, גראָבמאן, קאָן זיך שאפן נאָר מיט אָרעמעלײַט? נו, און ווו איז א דאָק־טער, א בוכהאלטער, אן אדוואָקאט, אן אינזשעניער? קאָן דען א שטאָט לעבן אָן א שארפן קאָפּ? צי עפּשער מיינט דאָווידל זיך נאָך לערנען? ס'איז שוין שפּעט, געדארפט געווען ייִנגלווײַז ווייניקער פּאָפּן, ניט לויפן אף די סכאָד־קעס, ניט גאנווענען די טאָכטער בא רוטעסן, געווען געדארפט בעסער זיך פארנעמען מיט טאָך־זאכן. ווער וועט אים הײַנט געבן א האנט, דעם יונגנ־מאן, אז ער קאָן ניט ציילן צוויי מאָל צוויי?

שעווע, עמעס, האָט געלערנט אין גימנאזיע, זי איז אָנגעלייענט, ווייסט בוכהאלטעריע, קען נייען אף דער מאשין, שפּילן פּיאנע, קאָכן און וואשן, אָבער די פיר קינדערלעך בינדן איר די הענט. זיצט זי, שעווע, ווי די קוואָ־טשקע אף דער סידעלע, הײַנט־מאָרגן מוז זי דאָך קומען צו דער מאמען: הונגער בלײַבט הונגער, נויט ברעכט אײַזן.

יודיס איזראַילעוונע גייט שוין פונעם וואלד. איר דוכט, אז זי האָט שוין אלץ באטראכט, בלײַבט נאָר גאָרנבערגן פארבינדן די אויגן און אים ברענגען צוריק צו איר אין אלקער ארײַן.

נאָר מיטאמאָל — זעט נאָר, זעט! — ער קומט איר אָן אנטקעגן טאקע דאָ באַם סאמע וואלד!

— א קרומע קליאטשע מוטשעט זיך אפילע אין כאָלעם, — זאָגט זי מיט א געלעכטער, — א בוים גיט א שאָטן, נאָר מע האקט אים אויס...

גאָרנבערג בייגט זיך אָן, הייבט אוף א שטיקל האָלץ, קוקט איר גלייַך אין פּאָנעם אריַין.

— איין מאָל אין לעבן וויל איך דיר זאָגן, יודיס, דעם עמעס. מיר מיט דיר האָבן געלעבט יאָרנלאנג אין שטאָט. פאלט אריַין א באנדע, שלאָגט זי קינד־און־קייט, אבי נאָר א ייִד... ווייסטו פארוואָס? איבער אזעלכע, ווי דו, שלאָגט זעליאָנע די ייִדן... נעכטן האָט מיך דאָוויד פארשלעפּט אין ליק־בעז. איך בין דאָרט אָפּגעזעסן דעם אפדערנאכט, איז מיר געוואָרן ליכטי־קער אין די אויגן... מיר האָבן שלעכט געלעבט, יודיס איזראַילעוונע. א מענטש מוז אמאָל אראָפּווארפן די זיבעטע פעל פון זיך...

— ע, גאָרנבערג, זיי האָבן דיר פארדרייט דיַין קאָפּ, גלייבסט שוין אין זייער ציילעם...

— יאָ, ניט ווילנדיק ווערט מען קליגער... און דו — וואָס ראנגלסטו זיך מיט א מעלוכע? פּירסט אקשאָנעס... די אייגענע אייניקלעך דיַינע פּוכנען פון הונגער... וויאזוי קריכט דיר דער ביסן אין מויל אריַין?..

— אהא, ווילסט ווערן א באָרוועסער, זוכסט ברודערשאפט מיט דאָוויד־לען, ער שלעפּט דיך אין דער רויטער ראָטע! וועמען, גאָטעניו, האָב איך מיַין ליבע געשענקט?.. געדענק מיַינע ווערטער, גאָרנבערג: א שטעלע בא זיי, בא די באָלשעוויקעס, וועסטו ניט באקומען, ביסט א שטיקל ברוך. צאָל צינזש, קלאפּ אין טעצל — בראַוואָ, בראַוואָ! בעטסט בא דאָווידלען פּיַיער, און בא דיר אליין ברענט די באָרד...

צעקאָכט זיַינען זיי ביידע ארויס פונעם וואלד, ס׳האָט זיך שוין גע־דוכט, אז די וועגן זייערע זיַינען זיך צעגאנגען, ווי א שערל.

די גווירנטע האָט זיך גערוקט, אָנגעשפּארט אפן שטעקן. אָפּגעלעבט ביזן גראָוון צאָפּ אריַין, האָט זי ערשט איצט זיך דערוווּסט דעם וואָרצל פו־נעם לעבן: אוי, עפּעס ברענט... דאכט זיך, אז זי, יודיס, האָט הײַנט אליין אָפּגעברענט.

גאָרנבערג פּירט אריַין יודיס איזראַילעוונען אין שטוב. זי לייגט זיך אוועק אף דער קאנאפּע, ער בעט איר אונטער א קישן, זעצט זיך אף דעם שטול. קעגן אים שטייט דער גרויסער שפּיגל, איבערן קאָפּ דער וואנטזייי־גער, קווייטן אפן פענצטער, פיר בענקלעך ארום קיַילעכדיקן טיש. דאָ דערביַי שלאָפט די אלטע ראבע קאץ. ס׳איז ווארעם, ווילט זיך אויך גאָרנ־בערגן כאפּן א דרעמל.

ניט דעם ערשטן שטאָך אין הארצן האָט געכאפּט יודיס איזראַילעוונע, נאָר דאָס מאָל האָט עס איר געטראָפן אין סאמע פּינטל. זי ליגט שטיל אפן בעט, גאָרנבערג הערט, ווי זי קלאָגט זיך אפן גוירל, אף דער עלנטקיַיט:

— א טאָכטער זאָל ניט וועלן וויסן פון א מאמע... אָפּגעשיידטע ביי־מער קומען אום. שייל אומיסטן אָפּ א שטיקל קאָרע פונעם בערעזע־בוים,

איז — פּאַרטיק, עס רינט אויס די יויך, ווערט די בערעזע צעטריקנט, גע־קנייטשט און צעשפּאָלטן. אַזוי אויך אַ מענטש...

גאַרנבערג פאַרמאַכט די אויגן, פילט ער, אַז עפּעס אַ זיסקייט צעגייט זיך אין אים אינווייניק. יאָ, ער האָט זי פונדעסטוועגן ליב, די רוטעסיכע. ער איז צוגעלאַנטשעט צו איר און פאַרגעסט אָפּט איר שלעכטע נאַטור, דאָס פאַרקיסנעטע אויג, די ווערעמדיקע רייד אירע. ס'איז אַ שטראָף פון גאָט!

דער טיף האָט באַ אים צוגענומען זײַן ווײַב. יודיס איזראַזלעווונע האָט געמיינט, אַז אַצינד וועט ער שוין אַריבערגיין צו איר, ווערן באַלעבאָס אין רוטעסעס פיר קלייטן, נעמען דאָס געשעפט אין זײַנע הענט. פון יענעם טאָג איז אַוועק אַ סאַך צײַט. מענטשן שאַרן גאָלד מיט לאָפּעטעס, דער „נעפּ" ציט זיך נאָך — נעם, עפן קלייטן, ברענג סכוירע, קלאַפּ און צייל!

האָט זיך אָבער געשטעלט צווישן אים און איר דאַוויד גראָבמאַן, טשאַר־נעס קלוב, די אַגיטפּראָפּן...

דרעמלענדיק, דערמאָנט זיך גאַרנבערג, אַז ער זיצט באַ יודיס איזראַז־לעוונען אין שטוב, טוט ער זיך אַ דריי אָפּן בענקל, עפנט די אויגן און דערזעט: די רוטעסיכע ליגט אָף דער קאַנאַפּע אין כאַלאַשעס.

טפילן האָט מען באַ די בניי־גראָבמאַנס ניט געלייגט. רימענדלעך רײַסן זיך, כאָטש וויקל פערדישע פּאַסטראָמקעס אָף די געזונטע הענט.

אין שטאָט האָט קיינער ניט געזען עמעצן פון די גראָבמאַנס אַרומשפּאַ־צירן איינער אַליין. מע פלעגט גיין טאַבונעסוויַיז, מענטשן זאָלן האַנאָע האָבן. די גאַנצע שטאָט האָט געקוקט אָף זייערע שיינע פּענעמער, אָף די פליישיקע נעז, געדיכטע שוואַרצע ברעמען. מע איז מעקאַנע געווען אָף די געזונטע, ברייטביינערדיקע פּלייצעס, פון וועלכע עס סטאַרטשען גראָבע, רירעוודיקע הענט, וואָס ווען זיי לאָזן אָפּ אַ פּאַטש, פאַרגעדענקט ער זיך אָפּן גאַנצן לעבן.

אַכוץ פיר ברידער — דאַוויד, פּינכעס, אײַזיק, קאַלמען, — זײַנען נאָך געווען שוועסטערקינדער, פּלעמעניקעס, ווײַטע קרויווים, וועלכע האָבן מיט קאָוועד געטראָגן דעם נאָמען גראָבמאַן.

אויב אַ באַנדע נישטערט נאָך אין שטאָט צי כאַפּט זיך פון מאָל צו מאָל אַרײַן אַהין פון הינטנאַרומער און דערוויסט זיך, אַז די גראָבמאַנס שלאָפן ניט, אַז זיי גייען אַרום מיט ביקסן און דישליעס איבער די גאַסן, — וועט זי שוין ניט פּויעלן באַ זיך אָנרירן דעם קאָוועד זייערן.

די אָבאָראָנע פון דער שטאָט איז אין פעסטע הענט. ניט קיין קאַליִ־קעס — יאָדערדיקע, סייכלדיקע, פלעגן די אָבאָראָנצעס אָנוואַרפן אַ פּאַ־כעד אָף די דריבנע באַנדיטן.

— מאַנצבלען! — פלעגט מען אין שטאָט שמועסן מיט אָפּשײַ וועגן די גראָבמאַנס פּאָר זייער ווינציק פלאַפּלען.

קליידער האָט מען געטראָגן ברייטע, פרײַ אונטער די פּאַכוועס, שטענ־דיק גרינג אָנגעטאָן. אַמאָליקע יאָרן האָט אַפילע דער מאַשגיַעך אַליין,

דער נאַדזיראַטעל פון אַלע פיר שטאָט־ווינקלען, אויך מוירע געהאַט פאַר די גראָבמאַנס. אַ סימען, אַז אַף זייער לעבן איז קיינער פון זיי אין טורמע ניט געזעסן.

— וואָרעמע כעוורע, — פלעגט גאָרנבערג זאָגן לייב רוטעסן, — דאָ־וויד וועט שוין יאַקאָס דײַן שעוועץ צולאַקכענען, מיט די גראָבמאַנס שפּילט מען זיך ניט...

— טיראַנען, — פלעגט זיך אָנבלאָזן דער שטאָט־טיראַן לייב רוטעס, — ווער סע פּאַקט צו זיי אין שטייסל, ווערט פון אים מאַצע־מעל...

איצט, אַז מע האָט שוין אָנגעהויבן רויִק לעבן אַף דער וועלט, גייט מען, ווי אַמאָל די טאַטעס, פרײַטיק אין מערכעץ אַרײַן.

אַרומגעוואַשן זיך די לײַבער, האָבן די בניי־גראָבמאַנס ניט פײַנט אָפּצו־שמײַסן די פּלייצע מיט אַ בעזעמל. מע טראָגט מיט זיך מיט אַן אייגן שעפעלע, קעדיי אין באָד ניט אַרײַנכאַפּן עפּעס אַ קראַצעניש.

אפילע דאָ אין באָד, ווען מע פּאַקט זיך אין די גראָבמאַנס הענט, פאַר־זאָגט מען קינדסקינדער מער זיך ניט לייגן אַף דער אייבערשטער באַנק. איידער אונטערשטעלן דאָוויד גראָבמאַנען די פּלייצע, איז שוין גלײַכער אַרויס פון מיקווע אַ ניט־געשמיסענער... דאָס ווייסט זייער גוט שימען גאָרנבערג, וואָס הײַנט האָט ער מיט אַ באַזונדערן מיין געטשאַטעוועט אַרײַנצופאַלן אין באָד אַרײַן אײנײנעם מיט די גראָבמאַנס.

ווי אַ מין קאָנטריבוציע פאַר זײַן יִכעס, באַדאַרף גאָרנבערג, ריישיס־כאָכמע, אַרײַנגיסן אין אָנגעגליטן אויוון אַ פּאָר שעפעלעך אָקרעפּ־וואַסער, די פּאַרע זאָל ווייכער מאַכן דאָס לײַב און די הערצער בא די גראָבמאַנס. דאַכט זיך, אָט וועט מען כאַלעשן, מע ברעכט שוין פּיסקעס, נאָר פון דער סאַמע אייבערשטער באַנק דערהערט זיך דאָוויד גראָבמאַנס קאָל:

— גאָרנבערג! גנייווישער שווער מײַנער! וואַרף נאָר אַרײַן אַ פּאָר שעפעלעך! פילסט דען ניט, אַז די נעשאָמע פרירט?

— קאָלבאַסניקעס! — בעט זיך גאָרנבערג. — וואָס האָט איר אָנגע־מאַכט, מע קאָן דאָך פון היץ די נעשאָמע אַרויסלאָזן... האָט ראַכמאָנעס, געוואַלד, קעלבער...

— אַ קרענק דיר, גאָרנבערג, אין די ביינער! — שרײַט פון אַ צווייטער פּאָליצע פינכעס גראָבמאַן.

— דו ווייסט דען ניט דעם נײַעם מינהעג, אַז פאַר זמירעס באַדאַרף מען פון די גווירים אויספּאַרען די טרייפענע נעשאָמעס?

— אויספּאַרען דעם יעיצערהאָרע, זאָלסט מער ניט וועלן קושן יו־דיסן... — כאַפּט אונטער אײַזיקל גראָבמאַן.

— זאָלסט כאָטש, גאָרנבערג, ניט מאַכן קיין בריס אַף דער עלטער... — לאַכט קאַלמען.

— וועהאָרײַע, זי טוט שוין מער דעם קאָרסעט ניט אויס, יודיס איזראַי־לעוונע, פאַרשטעלט דאָס בײַכל פון אַ גוט־אויג... — צעזינגט זיך דאָוויד און וואַרפט אליין אַרײַן מיט גרויס האַנאָע אַ שעפעלע וואַסער אין אויוון. —

אין באָד כאַלעשט מען ניט! קוש די מעזוזע... ס'איז א שטוב מיט קאָסע ווינקלען...

פּינכעס קאַטשעט זיך אַראָפּ פון דער פּאָליצע. די פּאַרע זעצט פון אים, ווי פון א פערד.

— געליימטע הענט, — כאַפּט ער בא גאָרנבערגן ארויס דאָס בעזעמל, — מע וואַרט אַף דײַן שעפּעלע, ווי אַף א קאַלטן טרונק וואַסער... און דו שטייסט — כאָטש שיק דיך נאָך א סוקע־שער... אָט קוק, ווי מע שמײַסט אָפּ א פּלייצע!

— אײַ־אײַ־אײַ! — צעשרײַט זיך גאָרנבערג פון ווייטעק.

די באָד לאַכט. לויטן געלעכטער זעט מען, אַז דאָ אין מערכעץ איז אָרעם און רײַך — אַלע גלײַך. מע ווייסט ניט, ווער פון די הוילע מאַנס־פּאַרשוינען איז אַמאָל א גוויר געווען און ווער א קאַפּצן, מע קאָן זיך ניט דערביוּוען, בא וועמען עס ליגן נאָך דאָלער אין די געלע שיימעס, גאָלד אין קעלער, בא וועמען איז פּאַרמויערט צירונג אין די ווענט...

שוין מיט אַן אָפּגעשמיסענער פּלייצע נעמט זיך שימען גאָרנבערג פּאַרן אייסעק, צוליב וועלכן ער האָט געטשאַטעוועט אַרײַנצופאַלן אין באָד אַרײַן איינײנעם מיט די גראָבמאַנס.

— דאָוויד, איי, דאָוויד... — שטעלט ער ארויס א צעפּאַרעטע צונג.

דאָוויד שפּריצט אים אָפּ מיט קאַלטער וואַסער:

— וואָס ווילסטו?

גאָרנבערג כאַפּט א ציטער:

— עפּשער בין איך אין טשאָרנעס קלוב געבליבן דאָך א פרעמדער?..

— וואָס עפּעס?

— נו, און בא די אגיטפּראָפּן האָב איך ניט קאַליע געמאַכט?

— וואָס קווּעטשסט דיך?

— זאָג, וווּהין גייט מען ווײַטער...

— אפן „טרודאָוויק"! פּאַר א שלאָסער!

— וואַרף אַרײַן א וואָרט פּאַר מיר, דאָוויד.

— אַפּילע צוויי ווערטער... איי, איר, אַמאָליקע מעשאָרסים, באַלמע־לאָכעס, בעסמעדרעשניקעס, גאַרטלט זיך אונטער: מע דאַרף באָוועון די שטאָט, סטרויען דאָס נײַע לעבן. פאַר דעם טויג אַפּילע א מאַטערקע אין „טרודאָוויק", א ציגל פון ציגעלנע... שפּאַנסט אײַן דאָס פערד, מוזטו זײַן דער אָנטרײַבער! לייג זשע אונטער א פּלייצע, גאָרנבערג, זשאַלעווע ניט דעם רוקן!..

פון דער באָד גייען די גראָבמאַנס מיט ווייכע טריט. פון זייערע רויט־בלוטיקע פּענעמער זעצט די גוורע, גיב זיי האָלאָבליעס אין די הענט, וועלן זיי באַלד איבערקערן לייב רוטעסעס שטוב מיטן אײַזערנעם שטאַ־כעטן־פּאַרקן, מיט ביידע אקאַציע־ביימער באַם פענצטער, וואָס גייט ארויס פון יודיס איזראַילעווונעס אַלקער.

מע ווייסט שוין, אַז די ערשטע גלאָז ביר קומט דאָווידן, די צווייטע —

פינכעסן. דערנאָך נעמט קאַלמען מיט בײדע זשמעניעס, אײַזיק טרינקט ווי א קלײן לאָשעקל, פארבײַסט מיט א געזאַלצן בײגעלע, און קוקנדיק קונדײסיש אױף גאָרנבערגן, וויאַזוי יענער באַלעקט זיך, ניט האָבנדיק קײן טרונק, טוט ער א זאָג צו די ברידער:

— ווען דער וואָלף עלטערט זיך, לאָכן פון אים די הינט...

גאָרנבערג שטײט ווי א נאָוויטנע שאָף. וואָסי, די גראָבמאַנס ווײסן דען ניט, אז ער וויל נאָר, מישטײנסגעזאָגט, ווערן א טשלען סאָיוזא, באַ־קומען מאַזאָלקעלעך אױף די הענט, שווארצקײַט אונטער די פארשלאָפענע אויגן? ער וועט מירצעשעם איבערטראָגן דעם טאָנעס, פאַקן דאָס רויטע ביכעלע — און דעמלט איז ער ניט אין דער סטאַדע און ניט אלײן א קאַלב. וויאַזוי עס צו דערגרײכן, ווײסט גאָרנבערג: זעץ זיך ניט אױף דער ערשטער באַנק, מע זאָל דיך ניט אוועקזעצן אױף דער לעצטער... און נאָך אָט וואָס: בא א הונגעריקן מאָגן זײַנען קײן אויערן ניט פאַראַן, וועט אים קײנער פאר די אויערן ניט שלעפּן. נאָר מע קאָן גאָרנבערגן א פרעג טאָן, ווי באַם אײזל: ווער אין דײַן יכעס, רעב שימען? וויל ער ענטפערן: טאָווארישטשעס, גלײבט מיר, אז אויב איך שלעפּ שוין ווי אן אײזל, איז מײַן יכעס באַוואָרנט...

נו, און אויב דאָוויד גראָבמאַנען, לעמאָשל, וועט זיך פאַרוועלן א טאָפּ טאָן אים וועגן זײער בײדנס מעכוטאָנעשאַפט, וועט ער פאר אים אויך געפינען א טערעץ: לײב רויטעס האָט זי, יודיסן, קײנמאָל ניט ליב געהאַט. ס׳איז דער מאַן געווען איבעריק. פאַרוואָס זשע זאָל פּוסטעווען אן אָרט?

בעקיצער, ס׳איז דאָ מיט וואָס זיך צו פאַרענטפערן. און מע קאָן פרעגן אויך אַזאַ קאַשע: א פערד פּרוּווט מען אויס פאר אײן כוידעש — זאָלן פאר א מענטשן קײן יאָרן ניט סטײַען?

גאָרנבערג רעדט, און די גראָבמאַנס טרינקען דערווײַל זײער גלאָז ביר. טרינקענדיק, לאָכן זײ: שימען גאָרנבערג איז א צעריבענע קאַרטאָפליע, דער קראָכמאַל איז שוין פון לאַנג אויסגעפּאָראָשעט, כאָטש פאַרזעץ די קאַרטאָפליע באַנײַס א קאָן...

אלע ווײסן: געדיכטע שווארצע שטיקער כמאַרע זײַנען יאָרנלאַנג גע־האַנגען איבער אלעמענס קעפּ. צוויי מעשאָרסים זײַנען זײ געווען בא לײב רויטעסן: גאָרנבערג און גראָבמאַן. גאָרנבערג, שלאָפנדיק מיטן באַ־לעבאָס׳ ווײַב, האָט צוגענומען דאָס גווירישע מינץ... ער, דער ערשטער מעשאָרעס, האָט אָפּגעשפּאָרט א שטיקל קאַפּיטאַל, געקויפט זיך אן אלטע מיל, אלײן געוואָרן א באַלעבעסל, ביז עס איז געקומען די מאַכט פון די גראָבמאַנס, און דאָס אַלץ האָט פאַרלאָרן דעם זין.

דאָוויד גראָבמאַן איז א ביסל קליגער, ער האָט אַרויסגעכאַפּט בא לײב רויטעסן דאָס אײנציקע טעכטערל זײַנס, שעווען, אַרויסגעכאַפּט אָן נאַדן, נאַקעט־באָרוועס, נאָר הײַנט איז ער רײַכער און שטאַרקער פון גאָרנבערגן.

ביר טרינקען די גראָבמאַנס, און שימען גאָרנבערג באַלעקט זיך...

...אָפּגעדונערט די געשלעגן. די וועסנע־רעגנס האָבן אויסגעוואַשן די גאַסן, אָראָפּגעשווענקט דעם שמוץ פונעם ווינטער, וואָס האָט געמאַכט שוואַרץ אַפילו די ווענט, די פענצטער־ראַמען, די טירן בײַ די פּאַסאַזשן, די אָפּגעבליאַקעוועטע גאַנעקלעך, די צעוואָרפענע טראָטואַרן.

און כאָטש ס'איז שוין וועסנע, קאָן מען נאָך ניט זאָגן, אַז אין גאַס איז שוין וואַרעם און אַז מע איז באַוואָרנט פון ווינטן. דאָוויד גראָבמאַן ווייסט גוט, פאַרוואָס פון אַסינע מאַכט מען ניט קיין פלעקלעך צו שיך, פאַרוואָס שוועבעלעך שפּאַלט מען דאַפקע פון טרוקענע בערעזע; אויך געדענקט ער גוט, דאָוויד, פאַרוואָס די וועווערקע גייט מיט קרום־געשלענגלטע וועגן: זי איז שטענדיק אין דרויסן, סײַ ווינטער, סײַ זומער... און אַזוי אויך די מישפּאָכע גראָבמאַנס: שטענדיק צווישן מענטשן, צווישן שלעגערײַען, אָפן ווינט. אויך שעווע איז מיט זיי — אַן אײַנגעבראָכן צווײַגל, נאָר מיט פרוכטן...

באַם טאַטן איז זי אַף שטרוי, כאָלילע, ניט געשלאָפן, באַרוועס ניט אַרומגעגאַנגען. צען אַזייגער — איז זי שוין אין דער היים, אַ באַלעבאַטיש קינד. אָבער דאָוויד גראָבמאַן האָט איר אײַנגעדויבעט: „קום מיט מיר. אַף די גראָבמאַנס קאָנסטו זיך אָנשפּאַרן”... וואָס זשע האָט זי, שעווע, אויסגעשפּילט? מע האָט זי ניט אָנגערירט, ווען זעליאָנעס באַנדיטן האָבן נאַקעטע ווײַבלעך געשלעפּט איבער די גאַסן. אירע קינדער טראָגן דאָוויד גראָבמאַנס נאָמען. מער גאָר, זי האָט געוווּנען דאָס לעבן.

איצט האָט זי אַן טאַטע־מאַמעס האַסקאָמע געבוירן אַ בינטל קינדער, צעלאָזט דאָס ווילדוואַרג איבער דער שטאָט. מענטשן פרעגן:

— וועמעס ביסטו אייניקל?

— לייב רוטעסעס...

אַ שיינער צולייג צו די פיר קלייטן... דען ניט גלײַכער, אַז די רוטע־סעס זאָלן בלײַבן רוטעסעס און די גראָבמאַנס — גראָבמאַנס?

ניין, די אייניקלעך דאַרפן ניט דעם זיידנס מאַיאָנטקעס. געשעפטן אַהער, געשעפטן אַהין — ניט דאָס איז זייער געווינס. געוווּנען האָבן זיי דאָס רעכט אָפן לעבן. דער אָקטיאַבער האָט אין זײַן שמעלץ־אויוון איבערגעשמעלצט די אָנגעטאָענענע מיט די נאַקעטע, די וואָכע מיט די שלעפּעריקע, צעדרויבלט די הרודעס ערד, פאַרזייט אַף די פעלדער גאָר אַנדערע זוימען, אוועקגעשטעלט אייגענע וואַך־טורעמס אין מאָסקווער קרעמל, — לעבט אײַך, מענטשן, פראַנק־און־פרײַ.

בײַ גאָט איז אײַנגעפירט: טראָגט מען דעם טויטן אַרויס, לעבן די לעבעדיקע.

און אויך זי, שעווע רוטעס, גייט מיט איר יונג געזינדל דעם לעבן אַנטקעגן, זי האָט, יודיסעס טאָכטער, נאָך אין די קאַלע־יאָרן אים אַרומ־געכאַפּט, דאָווידן, מיט ביידע הענט: היט מיך אָפּ, אוּוראָם גראָבמאַנס זון, ווײַל אויב דײַנע געזונטע הענט היטן אָפּ אַ שטאָט פון באַנדיטן — וועסטו מיך אַוודע פאַרהיטן.

יאָ, ער וועט, דאָוויד, אַוודע וועט ער שעוועלען פון זײַנע פעסטע הענט ניט אַרויסלאָזן.

און די לעוואָנע, א כוואַראָבע אַף איר, פאַרגעסט ניט אויך בא די נײַע לאַנד־באַלעבאַטים אירע אַלטע שטיק! קוקט זיך אונטער, ווי דאָס יונגע פּאַרפּאָלק ליובעט זיך: אָדער מע איז איניינעם פאַרפּאָרעט ווי די מערעשקעס, אָדער גאָר מע קושט זיך ביז כאַלאָשעס...

ס'איז געווען טאַקע נאָך דעם, ווי דאָווידן האָט מען אוועקגעזעצט אַף דעם שטול אין שטאָט־ראַט — פּראַווע, אווראָם גראָבמאַנס בענאָק, מיט דער וועלט. יודיס איזראַיִלעוונע, ווי נאָר זי איז געקומען צו־זיך, האָט זיך אָנגעטאָן א ביסל געמיינער און איז אַרײַן צו דער טאָכטער אין שטוב.

— ליגסט מיר טיף אין מײַן האַרצן, שעווע, ווי א יאַם־שטיינדל, — האָט זי איר געזאָגט. — דאָוויד, פון אים איז ניטאָ וואָס צו ריידן — א פּרעמד קערנדל. די גאַנצע שטאָט ווייסט, אַז אַרײַנגעפאַלן ביסטו אין דעם דאָזיקן יי:כעס קעגן טאַטע־מאַמעס ווילן...

די צײַטן בײַטן זיך, די מאַמע פאַרשטייט עס זייער גוט. בלויז זי איינע, שעווע, קאָן פילן איר מוטערס האַרץ... די שולד, וואָס שעוועלע איז אַרײַן צו אָט דעם רויטן קוטעס אין די לאַפּעס, נעמט די אַלטע קראַנקע מאַמע אַף זיך...

שעווע פאַרפּאַרעט טיי. זי הערט יעדעס וואָרט, וואָס יודיס איזראַיִ־לעוונע רעדט, און שלאָגט איר ניט איבער.

אַמאָל איז שעוועלע געווען א געפּעסטעט קינד. ווילסטו דער מאַמעס ווײַס בײַטשל קרעלן, — טו עס אָן אָפּן שיינעם האַלדז דײַנעם, סע פּאַסט צום רויטן קאָפּטעלע; געפעלט דיר, טעכטערל, א נײַע מאָדע, מע טראָגט „גראַפּירטע" קליידלעך, — פאַרפּוץ זיך, מעכטעייסע. נאָר קריך ניט אין טשאָרנעס קלוב צו די שלעפּער, לאָז זיך ניט אַרײַן אין טאַכשיט — אין דאָוויד גראָבמאַנען.

שעווע שטעלט די גלאָז טיי פאַר דער מאַמען, און דערבײַ דערמאָנט זי זיך, ווי זי פלעגט, קומענדיק פונעם שפּאַציר, צונויפקאַטשען איר „גראַפּירט" קליידל אין א קאַטשעלקע, איבערבינדן עס מיט צוויי רויטע שטריקלעך און אַרײַנלייגן אין א צעצויגענעם זאַק.

לייב רוטעס האָט איינמאָל אַפילע דערזען אין דעם א כעט:

— רויטע בענדלעך, א פאַרברענטע באַלשעוויטשקע...

— ניין, — רעדט ווײַטער יודיס איזראַיִלעוונע, — זי פאַרשטייט זייער גוט... קינדערלעך, זאָלן זיי זײַן געזונט און שטאַרק, וואַקסן, דאָוויד איז זיי א פאָטער...

אָט אָ־די ראָזשינקע האָט יודיס איזראַיִלעוונע שוין פון לאַנג אַראָפּ־געשלונגען, כאָטש אווראָם גראָבמאַנס זון האָט איר דאָס לעבן צעקאַ־ליעטשעט... דעם דאָזיקן ניסאָיען איז זי שוין, דאַכט זיך, דורכגעגאַנגען. צעקאַרדאַשעט, באַכראַקעט און באַשפּיגן איז זי אַרויס, די נעגידעסטע, פונעם איידעמס הענט, שרײַען קאַראַול איז אַן אומזיסטע טירכע, עס פּאַסט ניט פאַר לייב רוטעסעס ווײַב...

די מאמע וואָלט נאָר געוואָלט איין זאך: פאַרן שטאַרבן וויל זי אָפּטער זען אירע אייניקלעך...

יודיס איזראַיִלעוונע ווייסט: אינגיכן טראָגט מען זי אוועק אויפֿן קבֿרות. זי האָט שוין אַפֿילו געקויפֿט אַן אָרט, אַ צאַם וועלן מענטשן מאַכן... בעט זי, די מאַמע, שעווע זאָל מיט אים איבעררעדן, מיט דאָווידן. און דאָרט וועט מען אויך ירושה טיילן... זי ווייסט דאָך, שעוועלע, אַז ניט קיין אויסגעמעלויצעטע קאָנאָפּליעס ליגן בײַ דער מאַמען אין שופֿלאָד — ס'איז נאָך דעם טאַטנס מאָקער, דער וואָרצל ציט זיך פֿון לייב רוטעסן...

יודיס איזראַיִלעוונע ווייסט, אַז שעוועס מאַן וועט שוין קאָמאַנדעווען מיט דער שטאָט. די וועלט שטייט בעמיילע פֿאַפּערעק: ווער עס האָט געוווינט אין פּאַלאַצן, ליגט ער אַצינד אין דער הינטישער קאָנורע... נאָר מע איז אייגענע, לײַבלעכע, טאָר מען ניט וואַרפֿן אַ לעבעדיקע מאַמע אין קייווער אַרײַן.

מע טרינקט טיי, יודיס איזראַיִלעוונע זופּט מיט אירע צוויי טרוקענע ליפּן, קוקט אַרײַן אין ציכטיקן אַלקער: דאָס בעט איז פֿאַרשפּרייט מיט אַ נײַעם צודעק, די קינדער שלאָפֿן שוין, דאָוויד איז נאָך אין שטאָט־ראַט.

— מאַמע, — האָט שעווע ניט אויסגעהאַלטן, — וואָס האָסטו זיך, מאַמע, אַזוי שפּעט דערמאָנט?

יודיס איזראַיִלעוונע האָט פֿאַרגעסן, אַז ווען שעווע האָט כאַסענע געהאַט, ניט פֿאַרמאָגט אַפֿילו אַ קעמל אויף זיך צוקעמען, ניט געהאַט קיין העמד אויפֿן לײַב, האָט מען זי, די איינציקע טאָכטער, די קרוין פֿונעם קאָפּ, אַרויסגעטריבן פֿון דער שטוב, ניט געוואָלט הערן פֿון איר, פֿאַרשאָלטן איר געבײן.

שעווע האָט דעמלט די אויגן פֿון בושה אָפּגעקערט, ווען די מאַמע פֿלעגט פֿאָרן אויף דער קאַרעטע צום פּריסטעוו, אַרומטראָגן זיך מיטן ווײַסן באַנט, וואָס ער האָט איר געשענקט, דער יידן־קוילער... ברייטער ווי לענגער ווערן פֿלעגט די רוטעסיכע, פֿאַרגיסן אירע קישקעס מיט שמאַלץ, דעמלט ווען די אייגענע אייניקלעך האָבן געפּעכנעט אויף די פּיסקעס. דער טאַטע, לייב רוטעס, האָט געהאַלטן אַרענדע איבער וועלדער, ווען שעוועלע, זײַן באַסיעכידע, איז מיט די קינדערלעך אָן אַ שײַטל האַלץ געזעסן, די מילך אין די בריסטן פֿלעגט פֿאַרפֿרוירן ווערן. ווו איז דעמלט געווען דער מאַמעס האַרץ?..

— ליגסט בײַ מיר טיף אין האַרצן, שעווע, ווי אַ יאַם־שטיינדל, — כאַזערט נאָכאַמאָל איבער יודיס איזראַיִלעוונע און צעכליפּעט זיך.

שעווע וויל איבערבײַטן דעם געשפּרעך. פֿרעגט זי:

— מאַמע, און וואָס מאַכט דער פֿעטער גאָרנבערג?

גאָרנבערג באַהאַלט שוין ניט אויס, אַז זי ליגט אים איצט ניט אין קאָפּ, יודיס איזראַיִלעוונע, ער אַרבעט אויפֿן זאַוואָד „טרודאָוויק" פֿאַר אַ שלאָסער, ער וויל ווערן אַ טשלען סאָיוזאַ...

ניין, שעווע וועט פֿונדעסטוועגן דער מאַמען הײַנט ניט זאָגן, אַז אין טאַטנס טויט, אין דעם, וואָס ער האָט זיך אַליין אין פֿײַער אַרײַנגעוואָרפֿן, האָט זי, זײַן אייגן ווײַב, אַ גרויסן כיילעק. נאָר צי קאָן מען פֿאַרגעסן

יענע נאכט: דער טאטע קומט פונעם יאריד, טרעפט גאָרנבערגן שלאָפן אין זײַן בעט...

יודיס איזראַילעוונע שלאָגט איבער שעווען די געדאנקען. זי בעט איין זאך, שעווע זאָל איבעריידן מיט דאָווידן. ער איז א טאטע, וועט ער פארשטיין... די קראנקע מוטער מוז באקומען א צוטריט צו אירע אייניקלעך...

— איך האָב שוין פארקרענקט דעם שיינעם מאיאָנטעק, — האָט זי זיך נאָך שטארקער צעכליפּעט, וועלנדיק אופוועקן די קינדער.

נאָר שעווע שווײַגט, מער האָט זי ניט וואָס צו זאָגן.

— מאמע, כאָטש מיר האָבן אין איין קעסל זיך געקאָכט, וועט די פּינע זיך ניט אויסמישן, פארפאלן...

— א גוטע נאכט... — פארמאכט שעווע די טיר.

אין שטאָט־ראט איז הײַנט באזונדערס טומלדיק. דאָוויד גראָבמאן האָט ניט אומזיסט פארבעטן אהער דעם שעף פון דער מיליציע, באָריי־סאָוון מיט זײַנע כעוורע. דאָס האָט טאקע באָריסאָוו פאראיאָרן, איבער־געטאָן אין א סוויטקעלע און פאָרנדיק קלוימערשט פונעם יאריד, אונטערגעשאָסן דעם אָרטיקן באנדיט מיכייען, דערווײַל בלויז געטראָפן אים אין א פוס...

אין שטאָט און אין די ארומיקע דערפער רופט מען מיכייען „דער לעצטער קייסער". וואָס עפּעס אזא קאָוועד? מע האָט קוים מיט צאָרעס אראָפּגעוואָרפן דעם לעצטן פון ראָמאנאָווס הויזגעזינד. איז דען א טאכלעס איצט, בא אזא סאָוועטסקע וולאסט, קיין אײַנהאָרע, אויסגראָבן א מיכייען, א נײַעם מיקאָלקען? מע האָט געריסן די גאָרגלען: אז יענער מיקאָלקע איז דער לעצטער, באדארף מען נאָך איינעם? און פאָריאדקעווען זאָל ער דאפקע ניט אין פּעטערבארג, נאָר דאָ, אף דער ראקאָווקע?

איז די מײַסע פון דערפון אזוי. מיכיי, א גאנץ זלידנע באנדיטל, איז אָבער שוין אף אן עמעס פון די לעצטע, א ניט־דערקוילעטער האָן, אָדער בעסער געזאָגט — א וואָלף מיט אונטערגעהאקטע לאפּעס. שלעפּן שלעפּט ער זיך נאָך ארום, נאָר שוין ערגעץ אין די הינטערגעסלעך, בא די יאטקעס אָדער אין אָטשערעט. אמאָל לעקט ער טאקע אָפּ א ביינדל, נאָר ער ווארגט זיך שוין מיט דעם.

ס'איז אָבער ניט לאנג צוריק געווען די עמעסע צײַט פאר באנדיטן. אין די וועלדער פלעגן הוליען, אף די שליאכן ארומטאנצן — די מאכ־נאָס, די זעליאָנעס, די טיוטיוניקס, — און דאָס קליינטשיקע מיכייעלע, די בלינדע קישקע, וואָס אָט־אָט וועט מען זי אויסשנײַדן, האָט אויך געוואָלט זיך נאָכקרימען זײַנע ארויסגעמעשאלייעכטע עלטערע ברידער. האָט ער זיך פארפירט א באנדיטסקע סוויטע, אפילע א „קייסעריניע" און געפּרוווט זיך פאָריאדקעווען ארום דער שטאָט און אין די דערפער, אזוי ווי אין אן אייגענער אימפּעריע.

קלעפּיקע הענט באַם „לעצטן קייסער״. אין איין דאָרף באַלייגט ער די כאַטעס מיט „קאָנטריבוציע״, אין א צווייטן לאַקכנט ער פאָשעט צו א כאַזערל, א פאָר הינער, א קעלבל...

עס טרעפט אפילע, אַז אים גייט אַרײַן די פאַנטאַזיע — פארפוצן זיך אין א מין קייסערס קרוין, ווי א לעץ אין צירק, ארומטראָגן זיך אין א טאַטשאַנקע מיט זײַן סוויטע איבערן דאָרף, די „קייסערינ׳יע״ — אין לענטעס און רויטע שיך, אונטערגעפירט די ברעמען: בוקט זיך, הייסט עס, פאַר דעם נײַגעבאָרענעם אַנאַרכיסטל, שטעלט זיך אויך פאַר זײַן ליובעניו אַף די קני — א קייסער בלײַבט א קייסער, כאָטש א לעצטער.

בעקיצער, א שטאָט־מעשוגענער דער מיכיי, אָבער זײַן מעשוגאַס קאָסט בלוט...

א שטיקל צײַט, עמעס, האָט מען פון דער באַנדע ניט געהערט: באַ־ ריסאָוו האָט מיכייען אונטערגעשאָסן. נאָר אָט איז שוין א וואָך, ווי „דער לעצטער קייסער״ האָט זיך ווידער געיאַוועט פון זײַן נאָרע. פון מאָל צו מאָל כאַפּט ער זיך אַרײַן אין א הינטערגעסל, ראַבעוועט וועמען ער קאָן און ווערט ווידער נעלעם, כאָטש שיט אים אָן זאַלץ אַפן ווײדל.

דער אוילעם, כאָטש ס׳איז אים אָנגעזאָלעט פון דעם אַפן האַרצן, באַגלייט אים מיט בראָכעס:

— א געפּרווירענער קיזיק זאָל פון דיר ווערן...

— פאַראַיאָרן האָט מען אים גוט אַרײַנגעצײלט, שוין צײַט אַף אים א צײלעם שטעלן...

— זעט נאָר, ווי די קייסערינ׳יע האָט זיך עס אויסגעפּעדערט, — שרײַען די ווײַבער, — א צוגעברענטער טשאָלנט־קוגל...

אין שטאָט און אין די דערפער בענטשט מען אים, און ער גייט זיך אַרום, ווי ניט אים מיינט מען.

ער באַווײַזט זיך דאָ און דאָרט אין זײַן קורץ צעראַטן רעקל, ארומ־ געבונדן מיט רימענס, צוויי שפּײַערס באַ די זײַטן, גרינע קוטעסן אַף דער שייד פון דעם שטומפּיקן שאַשקעלע, פון אונטער דער „קרוין״ קוקן אַרויס קליינע מײַזן־אייגעלעך. אפילע באַטאָג כאַפּט ער זיך שוין צומאָל אַרײַן אין שטאָט, טוט א נישטער אין א ווײַט טונקל געסל און מאַכט פּלייטע, פּונקט ווי א וואָלף, וועלכער שלעפּט אַוועק די לעצטע שאָף פון דער אָטאַרע.

דאָוויד גראָבמאַן ייִשעווט זיך אויס מיט באָריסאָוון און מיט זײַנע כעווירע, וויִאַזויאַרום נעמען דעם מענוווול מיכייען אין זאַק אַרײַן.

אָפּגערעדט, האָט מען נאָכאַמאָל פאַרייכערט, אַרײַנגעזאָגט דאָס הונדערטסטע מאָל דעם באַנדיטיזם אין דער מאַמען אַרײַן און גענומען זיך שוין צעגיין, ווי אין סאַמע מיטן קאַראַש לויפט אַרײַן אין שטאָט־ ראַט שעווע, צעפּאַטלט, אָן א שאַלכל.

— מע האָט באַראַבעוועט די מאַמע, — שיט זי אויס א געוויין, — מיכיי האָט זי צעמאַזיקט...

דאָוויד און באָריסאָוו לויפֿן אָן אָטעם אהין, צום רוטעס. דאָרטן טרעפֿן זיי צעפּראַלטע טירן, אויסגעשלאָגענע פֿענצטער, יודיס איזראַזילעווגע ליגט פֿאַרבלוטיקט, דער דאָקטער מיטן פֿעלדשער בינדן זי איבער.

ס'איז שוין פֿאַרנאַכט. אין אַלקער קוקט אַרײַן די אַלטע לעוואָנע, דרייט זיך, ווי אַמאָל יודיס קעגן שפּיגל. אײַנמיטנדערינען ווערט זי פֿאַרפֿאַלן צווישן די געדיכטע אָפּגעריסענע שטיקער כמאַרע.

די רוטעסיכע, ווײַזט אויס, האָט אַרײַנגעכאַפּט פֿונעם „לעצטן קייסער" אַ שיינע פּאַרציע, ווײַל זי האַלט שוין באַם סאָף.

— לאָזט מיך איבער אײַנצווייען מיט דאָווידן, — שעפּטשעט זי.

באָריסאָוון, דעם שעף פֿון דער מיליציע, באַדאַרף מען די צונג ניט פּיקן, בעט ער אַלעמען אַרויסגיין און פֿאַרמאַכט די אַלקער־טיר.

— דאָוויד, — קרעכצט אַרויס פֿון זיך יודיס איזראַזילעווגע, — נאָר איין גאָרנבערג האָט געוווּסט, וווּ מײַן צירונג ליגט. דאָס איז זײַן אַרבעט...

— וואָס רעדט איר, שוויגער?..

— דאָוויד, ער האָט אויסגעניוכעט מײַן גאָלד מיט די פּערל... געזען, איך שטאַרב, דאַרף ער מיך שוין ניט האָבן... צוליבן צירונג האָט ער געבראַכט דעם באַנדיט... גיי אים נאָך, ווערסטו זען, אַז דאָס שנירעלע ציט זיך אין וואַלד אַרײַן...

— אַהאַ, אָט צוליב וואָס ער האָט געדאַרפֿט דאָס רויטע ביכעלע פֿון אַן אַרבעטורער, — שטייט שוין דאָוויד אויף דער שוועל קעגן באָריסאָוון, — ניט אומזיסט גייט ער, גאָרנבערג, אָפּן „טרודאָוויק" אַ טאָג איבער אַ טאָג: הײַנט אַ פּראָלעטאַריער, מאָרגן אַ וועגווײַזער באַ די באַנדיטן...

יודיס איזראַזילעווגע ווערט געלער אין פּאָנעם, זי וויל עפּעס זאָגן, נאָר די ליפּן פֿאַרשליסן זיך — יודיס איזראַזילעווגע ליגט, אַלע צען פֿינגער געבויגן צום האַרצן.

די רוטעסיכע איז געשטאָרבן.

...דער גרעקאָווער וואַלד איז געלעגן אין טשאַד. אַ געדיכטער רויך האָט אים פֿאַרוואָלקנט, אַלצייגס נאָך אַ סריפּע.

צעשלאָגענע און צעמאַזיקטע פֿון די פֿיל געשלעגן אַרום זיי, שטייען דיביימער נאַקעט־באָרוועס, ניטאָ קיין שוועמל באַם וואָרצל, הויל און בלויז איז צווישן די שטאַלטנע שטאַמען, אויסגעקראָכן די גרינע קוטשמעס, די פֿאַרקעמטע פֿונעם ווינט, די אויסגעוואַשענע פֿונעם רעגן, די פֿאַרסמאַלעטע אין סרייפֿעס.

און כאָטש ער זעט אויס פֿאַרלאָזט, דער גרעקאָווער וואַלד, טוט פֿונדעסטוועגן אַ צווײַגל אַ ציטער און פֿייגעלעך צעפּאָלאָכען זיך, ווען פֿינכעס גראָבמאַן שאַרט זיך דורך צווישן די ביימער, נאָכשפּירנדיק גאָרנבערגן.

ער זעט, ווי דער שלאָסער פֿון „טרודאָוויק" רוקט זיך מיט אַ זײַט, ווי אַ דערשלאָגן פֿערדל. אויף גאָרנבערגס פּאָנעם איז פּונקט ווי אָנגעשריבן: גיין גיי איך טאַקע צו דיר, מיכיי, קעדיי באַקומען מײַן כיילעק פֿון יודיסעס יערושע, נאָר צי וועל איך טאַקע עפּעס באַ דיר באַקומען — דאָס איז נאָך אַ כאָלעם...

שימען גאָרנבערגן איז מער גאָרנישט ניט פאַרבליבן, ווי גיין איבערן שטריק — אָדער אריבער, אָדער ארונטער, אָדער אין וואלד מיט מיכייען ארויסבאַקומען א גוטע פּויטעקע און דערנאָך זיך אָפּטראָגן פון אָט דער שטאָט, אָדער אַרײַנפאַלן אין די הענט צו דאָוויד גראָבמאַנען.

אזוי איז ער געגאַנגען איבערן וואלד און געטראַכט און האָט גאָר ניט געוווּסט, אז ער איז שוין אין קעסטל: פּינכעס גראָבמאַן, ארויסגע־שיקט פאָרויס פאַר די שטאָט־אָבאָראָנצעס, לאָזט אים שוין ניט אָפּ פונעם אויג. דאָס שנירעלע צווישן גאָרנבערגן און פּינכעסן וועט זיך מירצעשעם ענדיקן בא מיכייס נאָרע...

צוביסלעכוויַיז ווערט דער ראַנד פונעם וואלד פול מיט מענטשן. דאָס איז ארויס די אָבאָראָנע פון שטאָט — ניט קווייטן רײַסן, נאָר א סאָף מאַכן מיטן „לעצטן קייסער".

באַריסאָוון געפעלט ניט די שטילקייַט אין וואלד.

— מע דאַרף גיין וויַיטער, — שלאָגט אים איבער דאָוויד די געדאַנ־קען, — פּינכעס זאָל פון אונדז זיך ניט אָפּרײַסן...

מיטאַמאָל — א שיסערײַ, א פּיַיפערײַ. די באַנדיטן האָבן עפּעס דער־שמעקט. גאָרנבערג איז אַרײַן אין די קוסטעס. פּינכעס האָט זיך א וואָרף געטאָן נאָך אים.

— וווּהין טראָגט עס פּינכעסן!..

— זע — באַנדיטן!..

— גאָרנבערג צווישן זיי!...

ווי אַף אַן אָבלאַווע, בייס מע כאַפּט וועלף, האָט דער אָטריאַד זיך א לאָז געטאָן אין דער געדיכטעניש. און דאָ, אין סאַמע ברען פונעם געשלעג, האָט דאָוויד גראָבמאַן זיך פּלוצעם אָנגעשטויסן אַף פּינכעסעס טויטן קערפּער.

פון די קוסטעס און פון דער סטאָראָזשקע האָט מען שוין גענומען ארויסוואָלאָטשען איינעם נאָכן אַנדערן די געבונדענע באַנדיטן, ס'האָט שוין אויך מיט די ציין געהריזעט דעם שטריק אַף זיך מיכיי, דער „לעצטער קייסער", און דאָוויד גראָבמאַן איז נאָך אַלץ געשטאַנען איבער פּינכעסעס אָפענע אויגן, אין וועלכע עס האָט זיך אָפּגעשטעלט דער גרעקאָוער וואלד.

דערווײַל האָט באַריסאָוו געהאַלטן אין טרייסלען גאָרנבערגן, אונטער־כאַפּנדיק אים מיטביידע הענט אונטער די פּאַכוועס און אַרײַנשרײַענדיק גלײַך אין זײַן צעקרימטער צורע אַרײַן:

— פּאָדליעץ! ווערעמדיקע נעשאָמע! צעטרעטן וועלן מיר דיך מיט די באַנדיטן איניינעם!

אין וואלד ווערט קילער. דער שליאַך שלינגט אײַן דעם שטויב פונעם שווערן טאָג. דער קוימען פונעם „טרודאָוויק" לאָזט א פרישן רויך, פּונקט ווי מע וואָלט אים איצט צום ערשטן מאָל געלאָזט אין גאַנג.

די גאַנצע שטאָט איז ארויס אין גאַס. קינד־און־קייט באַגעגנט פּינכעס גראָבמאַנען, קינד־און־קייט באַגלייט ארויס דעם „לעצטן קייסער".



# ליבע מענטשן

ליזעס אָנדענק

אין די יונגע יאָרן פלעגט פּיִווויש פּארבער ניט שטיין לאנג אפן שווארצן מארק. מיט זײַן מוליער־בארשט, וואָס איר שטעקן איז געווען ארומגעוויקלט מיט רויטן סאמעט, פלעגט ער זיך אזוי ארויסזען, אז שטאָט־באלעבאטים האָבן אים דערקענט פאר א מײַל:

— קום, פּיִווויש, ווארף מיר איבער דאָס הרובקעלע...

מענטשן האָבן זיך ניט איין מאָל געבראָכן די קעפּ: ווו נעמט ער אזא ליים און וואָס אזוינס טוט ער אהין ארײַן, אז דער קוימען לעבט איבער די ווענט?

אייניקע מעווינים האָבן אפילע אויסגעטראכט, אז פּיִווויש גיסט ארײַן אינעם זאקוואס פּארע־מילך. אָבער פּארייכערטע קוימענס האלטן זיך פּאָרט ניט אף נעמאָנעס, מארטאָווע ווינטן דרייען דעם דרויסן, ווי מיידלעך די קעפּ בא באָכערים. בלײַבט דאָך ווידער א קאשע: פּארוואָס שטייען אזוי פעסט אף דאָר־דוירעס פּיִווויש פּארבערס אויוונס און הרובעס — דער וועלט אף כאריפעס.

פּיִווויש פּארבער האָט געלעבט ניט פון קיצווע, ווי אן אלטער דאָרפס־

הונט, נאָר פונעם קאָרעס־באַרג, באַ וועלכן ער אַליין מיט זײַנע אייגענע הענט פלעגט אויסגראָבן אַ ביסל ליים, טראָגן דעם אויצער אויף די פּלייצעס, מוירע האָבנדיק, די סכוירע זאָל, כאָלילע, ניט טריף ווערן.

שיווע־מעדורע־געגנעם איז מען אין אָט דעם ווינקעלע, באַם סאַמע רעכטן ברעג בוג, דורכגעגאַנגען: די כאַיונע געצויגן פון מוליערײַ, פון דרייען שטריק, פון כאַפּן הינט, פליקן פעדערן, קערן קוימענס. שווער איז אים אָנגעקומען, פּײַוויש, דער געזאַלצענער ביסן ברויט.

געוויינלעך, נאָך אַ גרעסטן שטיקל אַרבעט, פלעגט ער דאָך ליב האָבן זיך אָראָפּכאַפּן אויף דער „פּרומער" גאַס. דעמלט איז ער נאָך געווען אַ באָכער מיט געזונטע ביינער. אויף דער „פּרומער" גאַס פלעגט ער אָנמעסטן אויף זיך דעם שאַבעס און גלײַך אים אַראָפּוואַרפן — און טאָן עס מיטן ברייטן אַקסל, ווי איבערוואַרפנדיק אַ הרובע. אומזיסט פלעגן אים ביז צום פּאַנסקי טײַך נאָכלויפן די זיסע ריידעלעך:

— קומט גיכער, יונגערמאַן, מע דאַרף גיין אין שול אַרײַן...

אין יעדער שטוב, ווו פּײַוויש צעלייגט זיך מיט זײַן קלאַפּערגעצײַג, טוט זיך האָרע־קאָרע: דאָס מיסט קריכט אין אַלקער, לייגט זיך אויף שוואַרצע קאַפּאָטעס; פונעם סאַמאָוואַר ווערט אַנטרונען דער ניקל־גלאַנץ; וועטשערע קאָכט מען ניט אין אויוון, נאָר אויפן טריניזשקעלע — טרוקענע שפּענער ברענען מיט אַ קנאַק, ווי שטרוי, באַלד, דאַכט זיך, צינדט זיך אָן דעם שאָכן טראָכים גאָראָכס סטריכע. נאָר פּײַוויש טוט זיך ניט געכאַפּט זײַן געווינטע זאַך, ער לייגט אַ ציגל צו אַ ציגל, זינגט זיך דערבײַ אונטער:

אוי, ווען איך זאָל זײַן אַ באָכער, אַ באָ־כער
מיט אַלע זיבן זאַכן...

באַלעבאַטים שטייען אויף זייערע פּידאַשעקעס, קײַען קאָרענע שטרוי פון רעציכע, רעוועט ווי קעלבער:

— וויפל, פּײַוויש, איז דער שיר קראַצן דעם קוימען?..

דער מוליער נעמט אַ ביסל שמירעכץ אויפן לאָפּעטקעלע, טוט אומיסטן אַ ליאַפּע:

— קענסט בעסער די מעלאָכע, איז טו אָן מײַן פאַרטעך...

זלידניעס, ווער האָט אײַך אויסגעווײַסט די שטאָט־מיקווע, אַז איר זאָלט זיך ניט קראַצן? ווער האָט געלייגט דעם ערשטן שטיין אויפן שליאַך, איר זאָלט ניט קריכן אין בלאָטע? באַם טײַך האָט ווער אײַך געשטעלט די פוילע וואַנט, ס'זאָל אײַך, קלאָווים, ניט פאַרטרינקען, ווען איר כראָפּעט באַנאַכט אין אײַער ווילזײַן? ווער, אויב ניט פּײַוויש פאַרבער!

און, צוריקגערעדט, וואָס האָט ער, מישטיינסגעזאָגט, געהאַט, פּײַוויש, מיטן פאַרשמאָלצעוועטן קאַמזויל, פון זײַן שמירן הײַזער? אַז ווו אַ מײַזנלאָך, פלעגט מען זי מיט אים פאַרשטופּן. קריך, זײַ מויכל, אין פאַרסמאַליעטן קוימען, ווי אַ קאַץ באַם קעצקען זיך...

יאָ, פּיִוויש פאַרבער איז סײַ כּאַשעוו געווען בא דער שטאָט, סײַ געווען א פערד אין דער שלייע. אזוי אָדער אזוי, נאָר שטיין לאנג אפן מארק פלעגט ער ניט. מיט זײַן מוליער־בארשט, וואָס איר שטעקן איז געווען ארומגעוויקלט מיט רויטן סאמעט, פלעגט ער זיך אזוי ארויס־זען, אז שטאָט־באלעבאטים האָבן אים דערקענט פאר א מײַל: „קום, פּיִוויש, ווארף מיר איבער דאָס הרובקעלע...״

פון יענע צײַטן זײַנען שוין דורכגעלאָפן ווער ווייסט וויפל יאָרן. אָט שטייט ער אזוי, פּיִוויש, אָנגעשפּארט אין טראָכים גאָראָכס קרע־נעצע, קוקט ארײַן אין וואסער, אלציינס ער וואָלט דאָרט דערזען, ווי אין א גרויסן שפּיגל, די פארלאָפענע צאָרעס: היטלערס יונגען האָבן צעטראָטן א לעבעדיקע שטאָט, געמאכט פון איר אש און פאָרעך, גע־וואָרפן אין אָט דער קרענעצע קינדער און זקיינים, געוואלויטשעט יונגע מיידלעך פאר די צעפּ איבערן שליאך, וואָס פּיִוויש האָט אים אויסגעלייגט מיט זײַנע הענט.

טראָכים גאָראָך איז אין יענער שווערער צײַט געגאַן פון דאָרף צו דאָרף, פון שטוב צו שטוב, אויף דעם שאָכן זײַנעם ארײַנגעקוקט אין די אויגן: צי וויל פּיִוויש פארבער גיין מיט אים אין וואלד, אָדער ער וויל זיצן אפן פּידאשעק,ווארטן, ביז מע וועט קומען און צונעמען בא אים דאָס כּײַעס מיט דער נעשאָמע.

פארטיזאַנעווען וועט אויסקומען ניט איין טאָג, ווײַל די אָקופּאנטן זײַנען געקומען אויסשעכטן אוקראַינע.

אין די לעצטע מינוטן, בעשאס עס האָבן שוין ניט ווײַט פון שטעטל גערעוועט דײַטשישע טאַנקען, איז פּיִוויש נאָך געשטאַנען אף די רישטאָוואניעס, געלייגט א ציגל צו א ציגל, געוואָלט דערצײַען די וואנט, ס׳זאָל דער טשערעדע זײַן ווינטער ווארעם. דער דריבנער רעגן האָט אים געטריפט אין קאָלנער ארײַן, און די מילכאָמע האָט זיך געריסן צום שטעטל אף צו פארטרינקען זײַן האָרעוואניע. פּיִוויש טוט א קוק: זײַן דאָבציע שמירט נאָך די זאוואלינקע, שכיינעס קומען, ווי אלע אָסיען־טעג, פליקן פעדערן, נאָר אין שטוב איז קאלט, כאָטש שטעל א טעפּל קוילן בא די פּיס.

אין הארצן באם מוליער איז נאָך קעלטער, מע דארף עפּעס צוטראכטן, ווײַל די כמארעס ווערן געדיכטער, די בלאָטעס פונעם רעגן שיטערער. פון גרויס צאָרן דריקט אים, פּיִווישן, אין די שלייפן, סע שווינדלט אין די אויגן, פארגליווערט ווערן אלע אייוורים:

— וואָס טוט מען?

— קום אין וואלד, — זאָגט טראָכים גאָראָך, שטייענדיק אף דער שוועל מיטן זאק אף די פּלייצעס. — קום אין וואלד, פּיִוויש...

אפן מארק איז מיטאמאָל געוואָרן שטיל, די לאָדן פון די הײַזער פארהאקט, קוימענס טשאדען ניט, הינט האווקען ניט, טירן סקריפּען ניט, גלײַך מע האָט אלעמען מיט איין כאלעף די העלדזער איבערגעשניטן.

ווען פּיִוויש קערעוועט אויס דעם קאָפּ צו דער שטאָט, שווימט אים

אויף אין זיקאָרן א בילד פונעם אכצנטן יאָר: פורגאָנעס, אויסגעשמירטע אין בלוט... אין זיי, ווי אין נאסע קוואָרים, האָט מען געפירט צום גאלעכס ווערלדל פארבליבענע נאָך דער שכיטע נעפאשעס. עס דאכט זיך אים, אז דער טאטע זײַנער, לייווי־בער, לייענט נאָך איצט די בלאט אף דער קאנאפע, די מאמע קוקט אין שפיגל, אקוראט אזוי ווי ער איצט אין טראָכימס קרענעצע.

— גיי שוין אין שטוב אריַין, גיי שוין...— דערהערט ער דאָבציעס קאָל און טוט אזש א ציטער. ער גייט אוועק מיט אונטערגעהאקטע פיס.

פײַוווישן אָבער אָנטרעטן אף די פיאטעס איז ניט אזוי גרינג. פון איין זײַט — א צעבראָכענע שטאָט, צעוואלגערטע קוימענס, אײַנגעפאַלענע אויוונס; פון דער צווייטער זײַט, איז נאָך העכער געוואָרן דער ליימיקער בארג: טשערפּע, פײַוויש, דײַן סכוירע, געמישט מיט בלוט און מיט ביינער פון הארוגים...

ניטאָ די ציגל־וואנט באַם טײַך, געבליבן איז נאָר טראָכים גאָראָכס לעוואדע, ווו גראָזן און קראָפּעווע וואקסן, עס שמעקט אזוי מיט לעבן פון דער גרינער לאָנקע, כאָטש לייג זיך שלאָפן אין קאָפּנעלע היי.

פײַוויש פארבער איז ניט פון די לײַט, וואָס אינמיטן העלן טאָג נעמט אים דער שלאָף.

הענט בא די פארבערס — געזונטע, אויגן, סײַ באַם פאָטער, בא פײַווישן, סײַ בא זײַן זון, מענאשען, וואָס דאָבציע האָט אים געבוירן טאקע אין וואלד, און אויך בא דעם צווייטן בענאָק, בא מאקסן, — טיף־בלויע, ניט אנדערש, ווי פונעם הימל וואָלט אריבער אין זיי א ביסל פארב.

א מישפּאָכע, קיין אײַנהאָרע, די בניי־פּארבערס! אלע יאָרן האָט מען זיך געוואָרעמט ניט בא די הרובעס, — שײַטערס האָבן געוואָרעמט זייערע לײַבער. די שטוב בא די פארבערס איז א שיף אָן א רודער, נאָר זי שטעלט זיך קיינמאָל ניט אָפּ, די שיף שווימט אין אָפענעם יאַם אריַין.

מענאשע, דער בכאָר אין דער מישפּאָכע, דער כאָשעוו בא טאטע־מאַמע — געבוירן געוואָרן אין וואלד! — קוקט זיך צו, ווי דער שאָכן טראָכים גאָראָך לייגט אוועק אף קאלט א כאזער, — מעסט אָפּ מיט פיר פינגער אונטערן לאַפּקעלע, טאַפּט אָן דאָס ברוסט־ביינדל; איין שטאָך מיטן מעסער, און פארטיק, לאָז ארויס דאָס בלוט... מענאשע לויפט אוועק צום זיידן זײַנעם לייווי־בער אָנצוזאָגן די נײַס וועגן דעם, וואָס עס האָט זיך נאָרוואָס פארלאָפן אין הויף בא טראָכים גאָראָכן.

יאָ, פאר אים האָבן כעוורע דערעכערעץ — פארן זיידן!

לייווי־בער טוט א טופּע מיטן פוס: אזעספּאָנעמניקעס! — ציטערן אלע פיר ווענט. עס שטייען פײַווישעס באָנים, ווי לעמעלעך, כאָטש מעלק זיי אויס.

לייווי־בער האָט אף זײַן לעבן פיר ווײַבער באגראָבן, גוטע נעשאָמעס זײַנען די ווײַבער געווען, געפאלן בא לייווי־בערן, ווי די שאָף בא

א לעדאשטשע באַלעבאָס. נאָר די פינפטע האָט זיך צו אים געפּאַקט — א קליין פאַרזעעניש׳ל, זי האָט גאָר זיך ניט אײַנגעבויגן פאַר אזא „קאָפּנע היי״, ווי לייווי־בער...

דער זיידע טײַנעט אײַן מיטן אייניקל, מיט מענאַשען, יענער זאָל וויסן, מיט וועמען ער האָט צו טאָן: ביילקע, מענאַשעס קאַלע, איז ריוועקע דער כאַלפּנטעס אייניקל. די כאַלפּנטע האָט אמאָל געהאַלטן פּראָיעקט איבער שכיטע, אויך געביטן געלט אָף מינץ, אָפּגעפּליקט יענעם אָן אָף, פאַרקויפט פעדערן. אליין ביילקע איז אין קייסער־ריווקע די וועטערינאַרשע. אויב זי שרײַבט אונטער דאָס קוויטל, איז קאָשער די קו, טאָמער ניט, איז כאָטש זאַלץ די קו אײַן...

לייווי־בער געדענקט, ווי מע האָט אים אמאָל ארײַנגעטאָן ריוועקעס שוועסטער פאַרן ערשטן ווײַב. דעמלט איז בא דער כאַלפּנטע אפן פענצטער געשטאַנען א קינדערש קריסטירל, ריצנייל, קאַנדלצוקער — צום קאָקליוש.

בא ביילקען אין איר „אַפּטייק״ איז דער אַלטער בופעט אָנגעשטאָפּט מיט פלעשער קאַרבאָלקע, ספּירט. פונעם פענצטער זעצט אין דער נאָז ארײַן מיט פערדן־שווייס, אפילו פאַרבײַגייער דרייען מיט דער נאָז. אָבער ביילקע זאָל זאָגן מענאַשען: „שלאָף א גאַנצן זומער אונטער מײַן פענצטער, לעק דעם רויך פונעם קוימען און פאַרטרינק מיט קאַרבאָלקע״, — איז ער גרייט, דער נאַרישער אָקס, עס צו טאָן.

אין וואַלד האָט אים דאָבציע אַלע אינדערפרי געטאַסקעט צו דער ריטשקע, אפילו געקראָגן פאַר אים האָניק צו לעקן, סע זאָל אים, דעם זון, זײַן זיסער דאָס לעבן. זי האָט אזויפיל כאַדאָשים געטראָגן אים נאָכן אָבאָז, ווי א שווער קלעצל, ער זאָל זיך, כאָלילע, ניט פאַרשטעכן די באָרוועסע פיסלעך.

באַנאַכט, ווען פּאַרטיזאַנער זײַנען געשלאָפן, פלעגט זי אים, דאָבציע, זינגען אירע שטילע לידלעך, ער זאָל דאָס אייגענע לאָשן קענען...

וואָס אזוינס האָט מענאַשע אין ביילקען אָנגעטאַפּט — אין דער וועטערינאַרשע?

און ניט נאָר מיט איר פאַרקלאַפּט ער זיך דעם קאָפּ. דרײַ מאָל אין וואָך פאָרט ער אין שטאָט ארײַן, טאָגט און נעכטיקט בא די אעראָפּלאַנען...

קינדווײַז איז ער געפאַלן פונעם דאַך, ווידער אָף אים געקראָכן, ארומגעגאַן צו כאָלעם אפן בוידעם, צען מאָל צענעריקט זיך די ביינער, נאָכאמאָל געני־שטערט אין די רינוועס, — ס׳איז אים ארײַן א מאַנקאָליע, ער וויל נאָר פליִען אין די הימלען!

ריווקע די כאַלפּנטע פאַרשפּאַרט ביילקען אין אַלקער, זי זאָל זיך ניט ארומשליאָנדרען מיטן מוליערס טאַכשיט. מענאַשע גיט זיך אָן אייצע, ער ליגט אצינד בא טראָכים גאַראָכס לעוואַדע, שיקט דורכן שפּיגעלע א זונענשטראַל צו ביילקען, אין גרין־געפאַרבטן פענצטערל. אים איז אזוי גוט, ער

איז הײַנט ווידער געשפרונגען מיטן פאראשוט — ווען זאָגן, אויב ניט ביילקען?

דאָבציע, די מאמע, האָט אים שוין טויזנט מאָל געוואָרנט:

— קריך ניט, זונעניו, אין די קלײַען, וועלן דיך די כאזיירים ניט פרעסן און די הינער ניט פּיקן...

— פּול, פּול, פּול... — רופט דאָבציע די אינדיקעס, שיט זיי האָדיווליע. אינײינוועגס קוקט זי צו טראָכימס לעוואדע, רופט מענאשען מיטן צווייטן זון, מאקסן, זיי זאָלן גיין עסן וועטשערע.

— דאָבציע, דו שלאָפסט? — פרעגט פּײַוויש אינמיטן דער נאכט. — הערסט, ווי דער באָכער דרייט זיך? ווי מע זאָגט — דער ווינטער האָט אים געטראָפן אין זומערדיקע הויזן: ניט קיין האָלץ, ניט קיין שפענדל. ליגט ער און טראכט גאנצע נעכט פון ביילקען...

— א באָכער, פּײַוויש, — טוט דאָבציע א טיפן גענעץ, — איז ניט קיין מײַזל, וואָס ווייסט נאָר איין נאָרע...

— דערפאר, דאָבציע, וויל ער פליִען אין די הימלען?

— אויב דו פירסט א מענטשן, פיר אים ביזן ברעג...

— דאָבציע־לעבן, לייג נאָך צו א ביסל קויען, וועסטו אָן אײַזערנעם פּארקן אומוואָרפן. נארישע, צי געדענקסטו, וויאזוי איך האָב דיך גענומען?

— הינטיש פּלייש וועגט מען ניט אף דער וואָג...

— ניין, מײַן טײַערע, — טוט פּײַוויש א טרונק, — ניטאָ קיין שיידים, ווײַזט אויס, אף דער וועלט, עלע ניט, וואָלטן דײַנע באָנים — א פּאָר רו־כעס — געבראכט צו דיר אין שטוב ארײַן א גאנצן גארעם... מאקס, דײַן מיזיניק, דרייט א קאָפּ דעם קירזשנערס מיידל — אינגען; מענאשע, ער איז פארליאפּעט אין ריוועקעס אייניקל...

— זאָלסט מיט מענאשען ריידן, ווי א טאטע מיט א זון, ניט פארלאָזן זיך אפן זיידן. דער כאלפנטעס מויד, ביילקע, זי מוטשעט אים, נעבעך...

דאָבציע נעמט דאָס מעלקשעפל און גייט אוועק צו דער בעהיימע. עס הייבט זיך אָן א נײַער טאָג מיט נײַער האָרעוואַניע. די פארבערס לעבן דאָ, אין קייסעריוווקע, ווי געוווּנטשן, כאָטש איבערן מויל גיסט זיך ניט.

פון זיך אליין, דאכט זיך, קאָכט און פלאקערט דאָס לעבן אין די דאָזיקע מעקוימעס. דער שליאך רודערט, פעלדער בליִען. אָנגעקלאפּט די קאָסעס, גייט מען ארויס אין קוויטלדיקע העמדער קאָסיען היי פארן סקאָט. אָנ־בײַסן עסט מען קאָרן־ברויט מיט באָרשטש. ווען עס ברענען שײַטערס ארום קייסעריוווקע, ברענט אויך דאָס בלוט בא די בנײי־פּארבערס. אפילע דער זיידע לייווי־בער, אין זײַנע ברייטע לײַוונטענע מײַטקעס, שטייט ניט אָפּ פונעם יונגוואַרג. דאָרפס־מענטשן בלײַבן שטיין מיט אָפענע מײַלער:

— נו, קאָסארן־מאליארן!

יאָ, מע איז דאפקע פון די מוליערס, נאָר אויב קאָסיען, איז געקאָסיעט. מישטיינסגעזאָגט, וויפל באדארף זי, די ערד אונדזערע: א ביסל הני, א

גוטן רעגן, עטוואָס וואָרעמקייט פון דער זון, — שיט זי מיט ווייץ, ווי אַן איבערגעשטאַנענער סאָנעשניק מיט יאָדערן.

טראָכים גאָראָך קוקט פאַרגאַפט, ווי די קאָסאָרן־מאַליאָרן שפּאַרן שוין אָן צו דער לעוואַדע. ער געדענקט גוט די שווערע מילכאָמע־יאָרן, ווען מענטשן זײַנען געפאַלן פון הונגער, כאָטש לייג זיך אַפּן דנאָ פונעם פּאַנסקי טײַך.

— אנו, פּײַוויש, — טוט טראָכים א דערמאָן דעם שאָכן, — זאָג אליין, מיט וועלכע פּאַרנאָסעס האָבן מיר זיך געבאַלעוועט?

דאָרפסלײַט טוען אַלץ מיט די אייגענע הענט: לעשן קוילן אין גריבער, מאכן ליימענע טעפּ, פלעכטן בעזעמער, פאַרקויפן אָנגעהאַקט האָלץ. טראָכים מיינט צו זאָגן, אז פון אלע פּאַרנאָסעס — אפילו פון מוליערײַ! — בלײַבט דעם מענטשן איין פּאַרנאָסע — דאָס פּאָרען זיך ארום דער ערד. און ס׳איז ניט איבעריק א באַרים צו טאָן זיך: צי האָבן מיר זי ניט פאַרהיט, די ערד אונדזערע? הונדערט מאָל זי געאַקערט, באַשאָטן זי מיט הני, ווי א מאַמע באַשיט מאָן־פּלעצעלעך פאַר אירע קינדער.

דאָבציע קומט אָן פון הינטן־ארום מיט א טעפּל קווייטן. פון דער זײַט זעט עס אויס, אז זי טראָגט זיי אונטער פּײַווישן, גלײַך זי האָט אים א יאָר צײַט ניט געזען.

— גאָט מײַנער, — טראַכט דערבײַ טראָכים, — יעדער אָנגעגליטער סאַמאָוואַר קילט זיך אויס, נאָר ניט דאָבציעס ליבע צו פּײַווישן.

טראָכים פּאַנטעלייעוויטש איז פּײַווישן מעקאַנע.

פּאַסטעכער טרײַבן שוין די טשערעדע. שעפּעלעך זײַנען גרינגער אַף די פיס, לויפן די ערשטע פון די אָפענע טויערן.

אָט אזוי, ווי עס לויפן הײַנט פונעם פעלד די שעפּעלעך, איז אויך ביילקע איינמאָל אין א וועסנע־טאָג ארײַן אין שטוב, גרינג ווי א פעדער:

— באָבע, איך האָב ליב מענאַשען!

— האָסט זיך שוין געציאָמקעט מיטן מוליערס טאַכשיט?

ביילקען האָט די באָבע אָנגעהויבן צו פאַרשפּאָרן אין אלקער נאָכן קלײַבן ווײַנשל, ווען זי איז געוואָרן א באַרישניע, כאָטש זי האָט נאָך אפילע א צעפּל אליין פאַרפלעכטן ניט געקענט.

אוי וויל ניט ריוועקע, איר אייניקל זאָל ארײַנפאַלן צו די מוליערוקעס!

ביילקע איז שוין א גרויסע, און זינט די מאַמע איז אין לעצטן יאָר פון דער מילכאָמע דערהארגעט געוואָרן, ווייסט זי דעם טאַם פון פאַרדינען א שטיקל ברויט. פאַלט א קעלבל, צי דער פּאַסטעך פּאַיעט ניט אָן צו דער צײַט די טשערעדע, קומט זי איבערגעקאָכט, אלציינס מע האָט איר אליין טרינקען ניט געגעבן.

ריוועקע איז אַף מענאַשעס בריס ניט געווען, נאָר מענטשן ווייסן, אז דער טאַטע דאָבציעס איז צוויי יאָר אין נײַנטן קלאַס געזעסן, אַפּן דאַך ארומגעשפּאַצירט, ווי דער לונאַטיק, געשמירט הרובעס, געלעגן אין די קוימענס, ווי א שווארצער קאָטער, — וויל ער נאָך ביילקען אויך אהין שלעפּן.

אײַ, דער געבראָטענער, זאָגט מען, לױפֿט אפֿן אעראָדראָם, װיל װערן א ליאָטשיק, קאָן ער נאָר װעלן...

דער װאלד אינדערװײַטן איז שױן טונקל, דאָס קומט דער באנאכטיקער שאָטן די ביימער צו פֿארשלעפּערן.

מענאשע זיצט קעגן ביילקעס פֿענצטער, אים איז אזױ גוט באקאנט דאָס אױסגעגנײטע פֿירהענגל, ביילקעס באנטיקל אפֿן קאָפּ, דער בלאָנדער צאָפּ, װען זי צעקעמט אים.

מענאשע קוקט צום גאנעק: א קעצעלע קריכט ארױס פֿון דער הינטער־טיר, דראפּעט זיך אין דער שיסל געלער ליים, װאָס שטײט דאָ דערבײַ. שכײנעסדיקע הינט האװקען אָן אופֿהער.

ביילקען זעט מען ניט, די באָבע האָט זי פֿארשפּארט.

יאָ, אזױ זאָגט ער טאקע, דער זײדע לײװי־בער: א ביסעלע גליק איז בעסער פֿון א װאָגן אומגליק.

לײװי־בער שפּיגלט זיך אין די דרײַ באזילבערטע אעראָפּלאנדלעך, װעלכע מענאשע האָט פֿונעם אעראָדראָם געבראכט — א מאטאָגע פֿארן הונדערטסטן שפּרונג מיטן פֿאראשוט.

דער פֿרימאָרגן גאנװעט זיך אין פֿענצטער, ס'איז נאָך פֿינצטערלעך, נאָר מענאשע שלאָפֿט ניט. ער הערט פֿונעם אלקער דעם טאטנס װערטער:

— ריװעקע דארף אופֿהערן פּראװען אירע שטיק. מײַן באָכער האָט ליב איר טאָכטער, איז צו װאָס אָנטאָן איר אײגן קינד דאָס פּאָנעם־טיכל, האלטן ביילקען אף א שטריק?

דאָס רעדט ער אלץ צו דאָבציען. ער טוט אױך א דערמאָן די „פֿײגע־לעך”, װאָס מענאשע האָט נעכטן געבראכט פֿונעם אעראָדראָם. בא די מו־ליערס אין דער מישפּאָכע זײַנען געװען, כוץ טאקע מוליערס, אױך שנײַ־דערס און שוסטערס, לעדערװארגערס, טאנדעטניקעס, בלעכערס, קאָװאלס, נאָר ליאָטשיקעס, פֿאראשוטיסטן — דאָס ניט.

פּײַװיש אלײן איז ניט אײן מאָל פֿונעם דאך געפֿאלן, װײסט ער דעם טאם, װאָס עס הײסט כאפּן א נערעק אין די ביינער. נאָר װאָס זײַן זון טראכט זיך דערבײַ, װען ער פֿליט פֿונעם הימל צו דער ערד, װײסט אײן גאָט אין הימל.

— אָט זעסטו, דאָבציע, מיטן װישקראָב דײַנעם, מיט מאקסן, איז מיר ערגער דאָס געשעפֿט. ער אין די הימלען װיל עפּעס ניט פֿליִען...

די פּאָפּלעקציע האָט ער שיר ניט באקומען, פּײַװיש, ביז דאָבציע האָט אים, װען ער איז געװען איר כאָסן, געגעבן קרעדיט — פֿאר דער כאסענע א קוש.

גאָט האָט געהאָלפֿן, שױן אָפּגעשפּילט די כאסענע, פֿון דער מױד שפּריצט צײַטיקער װײַן, פּײַװיש גײט ארום שיקער־לאָט פֿון אירע רױטע

ווײַנשל־ליפּן, — קריכט די קאַלע אַרונטער אונטער אונטערן בעט, אָן אײַנגע־שפּאַרטע ציג — גײ שלעפּ זי אַרויס פֿון דאָרט.

אַכט טעג מיט אַכט נעכט, באַ פֿאַרמאַכטע לאָדן, האָט פּײַוויש זיך גע־מוטשעט מיט איר. דערנאָך, ווען ער צעווײנט זיך, ווי אַ פּיצל קינד, צע־נעמט דאָבציע אירע פֿליגל:

— נאַ, נעם מיך, גאַזלען!

פּײַוויש איז געוועזן אַ ספּריטנע יונגערמאַן, סע האָט אים געברענט לונג־און־לעבער צו אָט דער מויד, ניט אַנדערש, זי האָט אים אָפּגעטאָן אַ קישעף, נאָך ביז הײַנטיקן טאָג טרייסלט אים, ווי אין קאַדאָכעס, ווען ער דערזעט דאָבציען: שטראַלן פֿון איר מאַטעווע פּאָנעם שענקען אים פֿרישע קויכעס אַף איבערצוטראָגן די אַלע צאָרעס, וואָס די צײַט ברענגט אין שטוב אַרײַן.

מיטאַמאָל פֿאַלט אַרײַן צו די פֿאַרבערס ריוועקע די כאַלפֿנטע.

— סע קומט אונדז מאַזלטאָוו, — טוט זי אַ קרום דאָס געשנורעוועטע פּיסקעלע.

— מיט מאַזל זאָלט איר לעבן, — ענטפֿערט דאָבציע, און אײדער זי באַ־טראַכט איר קרויווע, זיצט שוין יענע אויבנאָן, ווי אַ שוטעפֿטע מיט אַ פֿאַלש וועקסעלע.

— אַ שיינע קאָמעדיע, — מעקעט אונטער דער נאָז די כאַלפֿנטע, — אונדזערע קינדער האָבן זיך פֿאַרשריבן.

דאָבציע טוט אַ פּליעסקע מיט די הענט:

— אַלע בייזע כאַלוימעס — אַף די סאָנימס קעפּ! מענאַשע דאַרף לער־נען, איז ער שוין אַרײַן אין דער יופּע. עס פֿעלט אים נאָר שלעפּן אַ ווײַב מיט קינדער אַף די פּלייצעס...

קאָלזמאַן איר זונעניו, מענאַשע, גייט נאָך אין קורצע הייזעלעך, קאָן קיין רייד ניט זײַן פֿון כאַסענעס.

— זאָלן די קינדער באַצײַטנס זיך קויפֿן אַ טאָרבע, — לאַכט דאָבציע מיט יאַשטשערקעס. — איר מיינט, הייסט עס, אַז באַ דאָרפֿס־מענטשן איז שוין אינגאַנצן קיין סייכל ניטאָ... מענאַשע איז ערשט פֿון אונטערן פּאָדע־לעק אַרויס, אַ שיינער ברויטגעבער!

— יאָ, נאָר די קינדער האָבן זיך פֿאַרשריבן...

— „די קינדער האָבן זיך פֿאַרשריבן״! — קרימט דאָבציע איבער. — פּײַוויש, טו אָן, זײַ מויכל, דײַן קאַמזויל, און לאָמיר זיך דורכגיין צו דער מעכוטענעסטע. אָן אַנדער ברײַרע האָבן מיר?

דאָבציע אַליין האָט זיך אויך אויסגעקנאַקט, אַ מוירע צו קוקן: די שאַל מיט די פֿרענדזלעך, אַ מופֿטע אַף די הענט, שיך מיט קאַלאָשן, אַ פּליושן קלייד...

— העכער דעם קאָפּ, פּײַוויש! מענטשן האָבן פּײַנט ראַכמאָנעס־פּענע־מער...

באַ דער שוועל שטעלט מען זיך אָפּ, טוט דאָבציע אַ זיפֿץ:
— די כאַלפּנטע געפּעלט מיר, פּיַווויש, מיט אירע גוטע ריידעלעך...
— בעסער פּיאַוואָקעס זיך שטעלן, איידער זיצן באַ אַ ווילד־פרעמדן טיש, — ווישט פּיַווויש אויס די טרוקענע ליפּן.

בייזע כאַלוימעס! פונעם אַלקער פאַרט אַרויס אַ טיש אַף רעדלעך, שוין צוגעגרייט פון קאַל־האַמינים שפּיַז.
ניט פונעם ערשטן גלעזל הייבט פּיַווויש אָן. אַז מע האָט שוין אויסגע־ליידיקט אַ פּאָר פלעשער וויַן און דאָס בלוט האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַריַין, גייט ער מיט דער מעכוטענעסטע אַ שער אַרום דעם טיש מיט די רעדלעך:
— ווער זיַט איר, און ווער זיַנען מיר?!
פּיַווויש רעדט שוין ניט פון אַנדערע זאַכן. פאַרשטייט זיך, די קינדער דאַרפן זיך לערנען. ניט שווימען מיטן וואַסער, ווי אָפּגעהאַקטע שפּענער...

קליינע קינדער — קליינע צאָרעס, גרויסע קינדער — גרויסע צאָרעס.
דאָבציע, דערזעט זי מאַקסן, ווערט איר פאַרקילט יעדער איווער. אינגע, דעם קירזשנערס באַסיעכידע, איז דען אַ וויַב פאַר אים? אַ לעבעדיקע טשאַכאָטקע.
ווען מענאַשע גייט אוועק אַפן אערעדראָם, ריַיסט זיך דער מאַמען שיר ניט אָפּ דאָס האַרץ, איידער זי דערלעבט אים זען צוריק אַ לעבעדיקן. מיט מאַקסן אָבער איז נאָך ערגער. ער טוט אָן זיַן גרין־קאָרטן גאַרניטערל, פאָרט אוועק מיט ראָטוסן, דעם אויסוואורף, אַף יענעמס „וואָלגע״ און נעמט פירן אין שטאָט עפּעס קויטיקע געשעפטן. אויב דאָבציע האַלט עס אויס, איז זי שטאַרקער פון איַיזן.

פונעם הימל שמעקט שוין מיט ווערסנע. אויסגעשאָטנט דעם שנייַ און זיך אַליין אויסגעלטיַטערט, קוקט אַראָפּ קאַיאָר די לעוואָנע מיט אַן אויס־געשלאָפן פּאָנעם, פרייט זיך, וואָס עס בלישטשען שוין ערשטע לויפנדיקע ריטשקעלעך.
— אָ, גאָט מייַנער! — גייט פּיַווויש אַרויס אין דרויסן אָנצוואַרעמען אַ ביסל די פאַרקילטע איוורים, — דו הערסט און זעסט, ריבוינעשעלוילעם, טוסט אויף מאָפּסים. איז פיר מיר אויס דאָס לעבן אַזוי, אַז מע זאָל אַף גאָרנישט ניט דאַרפן כאַראָטע האָבן...
אָנהייב ווערסנע אָטעמען די ביימער מיט פולע לונגען. קומסט אַריַין אין סאָד, זעסטו אַ ווידערגעבורט פון דער גאַנצער וועלט.
אַך, וואָס פאַר אַ גליקלעכן פּאַרנאַכט האָט ער היַינט, פּיַווויש! ווער ווייסט, צי וועט אים נאָך אויסקומען אַ סאָך מאָל אַזוי האַנאָע האָבן פון גאָטס ווערק. ניט באַוויזן זיך אַרומצוקוקן, איז אים שוין אַריבער די זעכ־ציק...
לאַנג קוקט ער נאָך דעם זון, מאַקסן, ווי יענער שפּאַצירט מיטן מיידל:

אָט אזוי, ניט געכאַפּט, פּלעגט ער אויך אין דער יוגנט מיט דאַבציען זיך ארומדרייען, ביז ער האָט איר טאַקע פאַרדרייט דעם קאָפּ...

אין דער זעלבער צײַט זיצט באַם קירזשנערס טיש אַן אַנדער כאָסן פאַר אינגען — אַן אויסגעטאָקטער מאַנצבל, ערשט פונעם לימאַן, ראַטוסעס ברודער.

מעכוטאָנים שטופּן זיך ארום טיש, מע שמועסט פון געשעפט־זאַכן, ראַ־טוס וואַרפט אַרײַן זײַנע אַ פּאָר ווערטער: קליינערהייט האָט ער נאָך גע־לערנט מישנײַעס...

בײַסט אינגעס מאַמע אירע דינע ליפּן: אַז גאָט וויל שטראָפן אַ מענטשן, נעמט ער צו באַ אים דעם סייכל... וויפל, אַשטייגער, איז אים ריינע יאָרן, דעם דאָזיקן כאָסן, אויב ער האָט נאָך געלערנט מישנײַעס?

אינמיטן די רייד, בעשאַס טאַטע־מאַמע קוקן אַרײַן דעם כאָסן גלײַך אין מויל אַרײַן, קלינגט אינגען אין אויער. דאָס רופט מאַקס זי צו זיך.

אינגע הערט שוין מער ניט, ווי דער כאָסן דערציילט, אַז געזעסן זײַנען זיי, די ראַטוסעס, ניט אין דער צולאָכעס־קלויז, נאָר אין דער ליטווישער. זי גייט צו צום פענצטער און קוקט אַרויס צו דער גאַס...

אומגעקערט זיך פון דער כאַלפּנטע, האָבן דאַבציע און פײַוויש, ווי די בוריאַטן, געטרונקען טיי מיט זאַלץ און גערעדט וועגן וואָס דאָס האַרץ גלוסט — נאָר ניט וועגן דער כאַלפּנטע. די קו שטייט אָן עסן, אַ בינטל שטרוי ניטאָ. אָבער זע, ווי דאָס לעבן האָט זיך אַ קערעווע געטאָן צום גוטן. צווישן צוויי לעוואַדעס, ווי אָנגעטאָן אין אַ יאָמטעווודיק גרין קלייד, שפּיגלט זיך קייסעריוּוקע אין טיפן טײַך, — מיט נײַע ווענט, מיט אויסגע־ווײַסטע קוימענס.

מע מעלויצעט שוין דעם אַרבעס. בורעקעס פירט מען ניט מיט אָקסן, ווי אַמאָליקע יאָרן, נאָר אַף מאַשינעס. טראַקטאָריסטן אַקערן, סע גייט אַזש אַ פּאַרע פון דער ערד. עס סטײַעט קיין צײַט ניט האָבן צו טאָן מיט ריוועקע דער כאַלפּנטע. טראַכים פּאַנטעלייעוויטש גאַראַך, דער שאָכן, האָט נעכטן געבעטן פײַווישן, ער זאָל אונטערהייבן באַ אים העכער אַ פּאָר עפּלביימער, זיי ווערן דערטרונקען.

אינדערפרי, אָנגעטאָן די סוויטקעלעך, אין גומענע שטיוול, פאַרקאַטשעט די פּליודערן, נעמען זיך פײַוויש און טראַכים צו דער אַרבעט.

— עך, צײַטן געווען, — כאַפּט טראַכים אַרויס די ליולקע פון מויל, וואָס האָט אים געדינט אין וואַלד, ווי אַ הרובקעלע.

מיט גרויס פאַרגעניגן וואַלטן זיי אַצינד, די געוועזענע פּאַרטיזאַנער, פאַרן אָפּטאָן דאָס איידעלע שטיקל אַרבעט פאַרזוכט אַ סוף פון געזשאַ־ווערטן הערינג, — דערמאָנען זיך אין מילכאָמע־שווערע יאָרן.

פײַוויש סאָרטירט די מאַלינע־צווײַגן, רײַסט אַרויס די פאַרטריקנטע

שטעקלעך, און עס בלײַבן נאָר יענע, וואָס וועסנע־צײַט וועלן זיי בליִען ווי
רויזן.

דאָס נארישע קעלבל קײַט א צווײַגל, קאטשקעס גייען פונעם טײַך, ווי
סאָלדאטן פון דער באָד.

אין כאפעניש, אינעם הו־הא פונעם לעבן, האָט פײַוויש זיך ערשט ארומ־
געקוקט, אז ער פארמאָגט אפילע ניט קיין איין אייניקל, ווענען איבערלאָזן
די האָרעוואניע זײַנע.

אײַ, וויל ער, פײַוויש, אז אין שטוב באם יונגן פאָרל זאָלן זײַן, ווי בא
דער מאמע דאָבציען, פולע קריגלעך סמעטענע, קרענץ ציבעלעס, א דייזש־
קע געזײַערטע קאווענעס...

ער כאפט א קוק צו זײַן דירע־מעלוכע, ווו אליין האָט ער די ציגל גע־
לייגט, צוואנציק מאָל געמאָסטן, די וואנט זאָל שטיין, ווי אלע ווענט, וואָס
ער האָט אין קייסעריוועקע געבויט.

פון דער לעוואדע דערגייט מענאשעס שטים:

טיר און טויער צוגעמאכט,
אין אייוועלע טוט פלאמען,
ווער זשע האָט עס צוגעטראכט,
מײַן ליבע זאָל זיך זאמען?

די כאלפנטע האָט אוועקגעלייגט א צעטל: מישטיינסגעזאָגט, מיט ווע־
מען האָט זי זיך מעשאדעך געווען! פײַוויש דעם מוליערס טאכשיט איז
שוין, גאָט צו דאנקען, איר איידעם... וואָס זשע, זי קען זיי ניט, די דאָרפס־
יידן? יאָרנלאנג ליגן זיי, אין קייסעריוועקע, אויסגעניוועט אין ליים, פאר־
שמאָלצעוועט, און שטענדיק — מיט טראָכים גאָראָכן פידרוטשקע.

מע זאָל זען דעם ייִכעס זײַנעם, פײַווישעס: שנײַץ די נאָז און שמיר
דאָס פּאָנעם... לייווי־בער, דער אלטער בעטלער, איז געקומען צום איי־
ניקל אפן קנאס, ווי דער קאטערינשטשיק, אין געקעסטלטע הויזן, גלײַך
ער איז, אמווייניקסטן, אופראווליאיעשטשע אין קייסעריוועקע. דראָשעגע־
שאנק האָט ער געבראכט, לייווי־בער, א פײַג, נאָר יעדן איינעם געזאָגט
מוסער. געכאפט פיש באם טיש, ארויסגעלאָזט דאָס העמד ווי א וואסער־
פירער, געבעטלט, ווער וויפל סע קאָן זאָל ארײַנוואָרפן אין פושקע.

לייווי־בער קוקט איר נאָך, דער מעכוטענעסטע, ווי זי גייט ארוף־
בארג. טוט אים הארציק באנק, וואָס די כאלפנטע פארשטייט ניט
איין זאך: א קינד וואקסט ניט צווישן קראָפּעווע, נאָר צווישן
מענטשן.

מענאשע, לעמאָשל, האָט געלעבט אין א שטוב, ווו טאטע־מאמע שטייען
אוף קאיאָר, ס׳איז נאָך גרוי־גרין אין די פענצטער, האקט מען שוין האָלץ,

מע טאסקעט דער בעהיימע היי. פאר די כאזיירים פארמישט מען א צע־בער. מע שיט אונטער די הינער א זשמעניע פראָסע. דעם הונט וואַרפט מען צו א פליישיקן ביין. דאָ שעכט מען א שעפעלע, דאָרטן פליקט מען א געקוילעטע קאטשקע. אין אויוון קאָכט זיך דער טאָפּ קארטאָפליעס. קליי־ווארג רײַסן איינער דעם אנדערן פארן טשוב.

ניין, מעכוטענעסטע, דעם רוקן דארף מען אָנהייבן בייגן, ווען מע איז א קינד נאָך און מע לויפט ארום פון בענקל צו בענקל.

מיט דער כאלפנטע וועט מען, יאקאָס, אויסקומען. אומזיסט איז זי צע־לעבענדעט. מע האָט איר געבראכט פון טאבאָר א שווארץ ציגײַנערל? מע־נאשע־ליאָטשיק האָט ערשט־אָ באקומען א גראמאָטע. כאָטש ער איז נאָך פון די יונגע, שיקט מען אים העכער פון די כמארעס — אויספרווון דעם רעאקטיוו.

— מע פליט, נארישע שכיינע, אזוי לאנג, ביז די ליפּן ווערן בלאָוו, — ווערט פּײַוויש בייזער.

פּײַוויש האָט ליב צו לייענען די פרישע בלאט, שטייענדיק באם ברע־נענדיקן אויוון.

— דריי זיך ניט פאר די פיס, ווי א נאָוויטנע האָן, — שרײַט אָף אים דאָבציע, — וואָלסט כאָטש דערציילט, וואָס מע שרײַבט אין די טראקטאטן. שיקורים קרעכצן, בראנפן איז טײַערער געוואָרן?

— וויעטנאמצעס גיבן פעטש...

פּײַוויש דרייט די בלאט אין די הענט, טוט א זיפץ:

— דער גרויסער פאקל ברענט שוין ווידער. קארג בלוט פארגאָסן? וואָס טראכט זי זיך, די נארישע וועלט?

פּײַווישן פארקלעמט פארן הארצן: דאָס ערשטע מאָל וועט מענאשע אוועקפאָרן פון דער היים אָף צו פליִען אין די הימלען. דערווײַל לייגט ער זיך אין שפיטאָל, מענאשע־פויגל, ווײַל קעדיי ווערן דער צווייטער קאָקי־נאקי, אויספרווון מאשינעס, מוז מען זיך פריִער אויסשנײַדן די מאנדלען.

מע גרייט מענאשען ווי א קימפעטאָרן: עסן, טרינקען — מיט אלע קאָ־ווערן. אָט וועט אוועק א סעדרע קאראנטין, טאָר מען שוין ניט ארײַן און ארויס פון שפיטאָל.

איין קלייניקײַט: מענאשע דארף ווערן קאָקינאקי...

דאָבציע פרעגט באם מאן:

— פּײַוויש, ווער איז קאָקינאקי?

פּײַוויש איז אזוי צעטראָגן, אז ער ענטפערט ניט. אין דער וועלט בלאָזט א ווינט, גלײַך גאָט האָט אָפגעשטעקט דעם קוימען. דער ווינט רײַסט דע־כער, צעפּאטלט סקירדעס שטרוי. וואָס איז געשען? מע שנײַדט מענאשען די מאנדלען. עס האלט זיך די טעמפעראטור, רעדן טאָר ער ניט, שלאָפן דארף ער ווי א האָנעכל, ניט קרייען און ניט כראָפּען.

דער זיידע לייווי־בער, גאָר ניט פון די גרויסע מאכערס, א שוימער גע־וועז אין קייסעריווקע. ווען ניט די פענסיע, וואָלט ער זיך שוין לאנג ספּאָ־טיקעט.

צי ס'איז זײַן ארבעט, צי ניט זײַן ארבעט, נאָר אויך איצט שארט ער זיך ארויס פון שטוב און ווערט צוריק דער סטאָראָזש. שטייענדיק אף זײַן פּאָסטן, קריגט ער זיך מיט דער לעוואָנע:

— אלטע פארזעסענע מויד, אָפּגעשניטן רייפטל! פון דיר שיטן זיך שוין ארבעסלעך. ווארט צו א ביסל, מירן צו דיר, מירצעשעם, דערגיין, טאקע אף צו בלײַבן. ווען מיר דיך דענסטמאָל א גוטן טרייסל טאָן...

פון דער אײַזנבאן קומט אָן א פארשוין און טוט א פרעג באם שוימער:

— ווער ביסטו, זיידע?

— סטאָראָזש אין פערמע.

— א היגער?

— יאָ, געבוירן אין קייסעריווקע.

— ווען היטסטו דאָ?

— לייג זיך שלאָפן, וועל איך דיך היטן.

לייווי־בער טוט בעשאסמײַסע א קוק אפן נײַעם פּאָנעם, ווי איינער רעדט: האָסט זיך שוין אלץ דערוווּסט, איצט גיב לאָשן. ער האלט, לייווי־בער, דעם שווערן שטעקן אין האנט.

דער נײַער מענטש לאָזט זיך הערן:

— ביסטו, הייסט עס, זיידע, א געבירטיקער דאָ היי?

יאָ, לייווי־בער איז נאָך פון יענע פארבערס, וואָס האָבן באם פּאָרעץ דעם דאך געפּארבט, געמויערט לעם טײַך די פוילע וואנט, סע זאָל זיי, די נעגידים, די קלאָווים, ניט פארטרינקען, ווען זיי כראָפּען באנאכט אין זייער ווילזײַן.

אינצווייען מיטן זון, מיט פײַווישן, האָבן זיי דעם ערשטן שטיין גע־לייגט אפן שליאך, אויסגעווײַסט די שטאָט־מיקווע, די זלידניעס זאָלן זיך ניט קראצן... דערנאָך האָט מען זיך גענומען א שטיקל ערד, געאקערט און געזייט, פון הונגער איז מען, כאָלילע, ניט געשטאָרבן...

— דאָס איז טאקע זייער גוט, נאָר וואָס קוקסטו אף מיר אזוי פארדעכ־טיק, זיידע?

— צו א מענטשן באדארף מען זיך צוקוקן, אלציינס מע סילעט ארײַן א בײַוועלע. זאָג מיר, וואָס האָט דיך אהער געבראכט?

ווײַזט זיך ארויס, אז דער מענטש איז פונעם ראיאָן — פון דער דאָר־טיקער בלאט, א קאָרעספּאָנדענט, הייסט עס. און זוכן זוכט ער איינעם א יונגן ליאָטשיק, מענאשע רופט מען אים. דער רעדאקטאָר וויל אָפּדרוקן זײַן פּאָרטרעט און א באשרײַבונג וועגן אים. נא דיר גאָר אזא פּאסירונג...

קייסעריווקע פּראוועט יאָמטעוו, מע איז זיך מעכײַע, וואָס מענאשע פּאָרט אוועק צו זײַן א ליאָטשיק — אויסצופּרווון רעאקטיוון. שפּילט, קלעז־מאָרים!

— א קינד זאָל קנייטשן דעם שטערן, — פלעג דאָבציע טײַנען אין וואלד, באם שײַטער, — טשיקאווע, פון וואָס טראכט ער?

מינאסטאם האָט ער שוין דעמלט זיך צוגעהערט, ווי אעראָפּלאַנען ריידן צווישן זיך: מיר פירן, מיר פירן, מיר פירן...

דאָבציע קען ניט ליַידן, וואָס די מאַנצבלען קליַיבן ניט איבער די ווער־טער. אָט, לעמאָשל, טוט א מאַך פּיַיוויש, לערנענדיק מענאשען סייכל:

— מענאשעניו, ברען, נאָר פּלי!

זי מאכט א געשריי, נאָר פּיַיוויש גיט זיך ניט אונטער:

— ס'זאָל נאָר זיַין א פּאָר פליגל, דאָבציע, דאָס איבעריקע וועלן די פּארבערס אָנמאָלן...

— אוי, וואָס איר קאָנט שוין אָנמאָלן... קונצנמאכערס, לייצאָנים...— כויזעקט דאָבציע. — די מאלפּע האָט שוין ביז איַיך באוויזן אלע פּאָקוסן...

נאָר ווו איז מאקס, דער מיזיניק?

ער איז מינאסטאמע באם אויסוווּרף, בא ראָטוסן, אנדערש ווו קאָן ער זיַין?

דער זיידע לייווי־בער האָט אין זינען צו פרעגן נאָכאמאָל בא פּיַיווישן:

— זיַי מיר מויכל, מיַין קינד, וואָס איך בין איבערגעגאַן פונעם דאַך אפן לייטער... זאָג מיר, זיַי מויכל, — ווו, פונדעסטוועגן, איז מאקס, דיַין מיזיניק?

— טאטע, — ענטפערט פּיַיוויש מיט א מאָשל, — אנטלאָפן פונעם רעגן, האָסטו זיך געפּאקט אונטערן האָגל...

צום וואָקזאל קומט אָן טראָכים פּאנטעלייעוויטש, מוז שוין מענאשע האלטן דעם עקזאמען פּארן באַלעבאָס פון קייסעריוועקע:

— זאָג מיר, באָכער, וואָס איז דער כילעק פון דעם באָמבאָוואָז ביס־קעלע דעם איסטרעביטעל?

— דער באָמבאָוואָז ווארפט אראָפּ די סכוירע ווו סע מאכט זיך, און דער איסטרעבאָק, פּאנטעלייִטש, — ער שלאָגט זיך: ווער וועמען...

אין דער ציַיט שמועסן צווישן זיך פּיַיוויש מיט דאָבציען. מאקס, דער מיזיניק, האָט געהאנדלט ניט גוט קעגן קירזשנערס מיידל. זעט איר, מע־נאשע איז גאָר עפּעס אנדערש. ביילקע, כאָטש די כאלפּנטע האָט זי אויס־באהאלטן, דאָך האָט זי זיך פון מענאשעס הענט ניט אויסגעדרייט. מע האָט זיך פּארשריבן, ווי ליַיטישע מענטשן. באם קלענערן, בא מאקסן, הייסט עס, באקומט זיך ניט שיין: אינגע איז געבליבן אָפּגעשמיסן — געמאכט זיך, נעבעך, א וויקידעש...

דערוויַיל זשומעט זיך באָם וואָקזאל. דער פּארשוין פון דער רעדאקציע פּאָטאָגראפירט מענאשען. וויַיבער שטעלן זיך אויך אריַין אין קאָן. די כאלפּנטע מיטן טעכטערל סטארען זיך, מע זאָל אָף דער פּאָטאָגראפיע זען, וויאזוי זיי האָבן ליב דעם ליאָטשיק...

מיטאמאָל פּאלט אראָפּ, ווי א שטערן פון הימל, פּיַיווישעס מיזיניק. געיאוועט זיך מיט א פּאפּירל פון וואָיענקאָמאט. אָט, ער גייט אוועק דינען, און ס'איז שוין פון פריִער אָפּגעמאכט, אז דינען וועט ער אין דער אוויִא־

ציע, ווײַל שטילערהייט האָט ער אויך עפּעס געגנאַשט פֿון די קורסן, אַף וועלכע עס האָט פֿון זיך געמאַכט א ליאַטשיק מענאַשע, דער ברודער זײַ־נער...

סע קאָן הייסן: פּײַוויש פֿאַרבער פֿאַרמאָגט שוין צוויי ליאַטשיקעס. מאַזלטאָוו!

דאַבציע האָט געפּרוּווט זאָגן מוסער. זאָל מאַקס ניט פֿאַרעדן די ציין. ער דאַרף ניט טאַנצן אַף פֿרעמדע כאַסענעס, יעדערער פֿאַרמאָגט זיך זײַן פּעקל. א ברודער פֿאָרט אַוועק, דאַרף מען אים באַגלייטן. און דאָ גאָר יאָ־וועט ער זיך — אויך, לעהאַוודל, א פֿליִער, איינער איז קאַרג!

נאָר אַז די מאַמע דערזעט, ווי די ברידערלעך צעקושן זיך, גייט זי איבער אַף דער צווייטער אָקטאַווע: א סאָלדאַט דאַרף זײַן מאָגער, אויס־געדייוועט, ווי א שטיוול, אָן מאָזאָליעס, ניט ווי מאַקס. א סאָלדאַט דאַרף זײַן געזונט, ער זאָל קאָנען צוואַנציק וויאָרסט טאָפּען און ארויס טרוקן.

— פּײַוויש! — שרײַט דאַבציע. — פֿאַרלאָז ניט אין דער לאַנגער באַנק אַרײַן! דערלאָז ניט, אַז א קינד זאָל אַראָפּ פֿון גלײַכן וועג...

— נאָר אונדזערע קינדער זײַנען אַפֿן רעכטן וועג, דאַבציע!

— נו, יאָ, זאָלן זיי טאָן, וואָס זיי טוען... געזונטערהייט... אינצווייען איז פֿאָרט היימלעכער.

ארויסבאַגלייט די קינדער, גייט מען ניט געכאַפּט: לייווי־בער, דאַבציע און פּײַוויש. מער פֿון אַלע רעדט די מאַמע — א שווער האַרץ...

ראָטוס איז די גרעסטע מויז אין מיל — אויסגעפּאַשעט, פֿעט, ווי א כאַזער. גאַנצע טעג שלאָגט מען בײַדעקעס, אָנעם פֿלעשל הייבט זיך ניט אָן דער טאָג מיט דער נאַכט. איין זאַך כידעשט זי, דאַבציען: ווי־אַזוי האָט ער זיך ארויסגעכאַפּט, איר מיזיניק, פֿונעם קאָמבינאַטאָרס לאַפּעס? די לעצטע צײַט, עמעס, איז מאַקס געשלאָפֿן אין דער היים, ווייניקער זיך געניוכעט מיטן אויסוווּרף...

פּײַוויש שלאָגט איר איבער די רייד:

— האָסט שוין געזען, דאַבציע, א מיל אָן מײַז?

דער זיידע לייווי־בער טוט א שלעפּ דעם שמועס גאָר אין אַן אַנדער זײַט, ער ווײַזט ארויס זײַן וויסנשאַפֿט אין אוויִאַציע. בעסאַכאַקל מיינט ער, אַז בא הײַנטיקע צײַטן פֿאַרנעמען גאָר אַזעלכע ערטעלעך, ווי אוויִאַציע, גאַנצע מישפּאָכעס. דאָס זעלבע, ווי אין קאָלווירטן, טאָקאַרנע צעכן. מע רופֿט אַזעלכע מישפּאָכעס — דינאַסטיעס...

דאַבציע צעווייִנט זיך: זיידע, וואָס זשע האָט איר פֿאַרגלײַכט טאָקערײַ מיט אוויִאַציע?

— פֿאַרשטייט זיך, דאַבצעניו, — נעמט זיך שוין אָן איר קריוודע פּײַ־

וויש. — אין הימל איז גאָר עפּעס אנדערש, קיין שום פאַרגלײַך ניט, טאטע...

און ער גיט צו מיט א קוועטש:

— באלד מאכט מען אויך מאקסן פאר א ליאָטשיק, ער איז ניט קליין פריִער דערלערנען די טוירע פונעם שטורמאַן. זײַן א באהעלפער בא מע־נאשען...

— אף איין אעראָפּלאַן? — דערשרעקט זיך די מאמע־דאָבציע. — טאָ־מער טרעפט אן אומגליק...

— קאָקינאקי פליט שוין, זינט איך געדענק מיך, און — דאנקען גאָט...

וואָס שײַעך רעזערוון, מיינט פײַוויש, אז מע וועט נאָך קומען פון שטאָט פרעגן:

— איר פאַרמאָגט ניט, פאַרבער, אויך א פּאָר קאָסמאָנאַווטן?..



# די באָבע נעסיע

די זון האָט געשײַנט מיט גאָלד און מיט זילבער, מיט ליבע צו די מענטשן, וואָס זײַנען זיך אויסגעשלאָפֿן, אויסגערוט זייערע פֿאַרהאָרעוועטע ביינער.

קאַיאָר איז שוין די באָבע נעסיע אויף די פֿיס. נאָך נעכטן האָט מען פֿאַרבעטן געסט, דאַרף זי צוגרייטן דעם טיש, ווײַל זי, די באָבע נעסיע, אַז זי מאַכט אַפֿילו הערינג צי לעבער מיט ציבעלעס, דאַרף זי דאָס מאַכן אַזוי, אַז מע זאָל לעקן דערפֿון די פֿינגער.

— די יויך איז בײַ איר טײַערער פֿון די פֿיש, — בייזערט זיך די שנור, ריטעטשקע. זי איז איר פּאָשעט מעקאַנע, דער שוויגער, וואָס בײַ איר, דער סאַרווערן, איז יעדער ביסן געשמאַק.

נעסיע, די באָבע, גייט שטענדיק אַרום מיטן באָבע־שמייכל אויף די ליפּן. קאַרג טרערן האָט זי פֿאַרגאָסן? נאָר הײַנט, אין אַזאַ שיינעם זומער־טאָג, מאַכן נאָס איר קאָפּטיכל? סײַווי וועט שוין דער מאַן אירער ניט אופֿשטיין פֿון קייווער.

זיאַמע, נעסיעס זון, ריטעס מאַן, טראָגט דעם זיידנס נאָמען, ווײַל אַ זיידע לעבט לאַנג, און זיאַמע איז געווען אַ ציטערדיקער בײַ איר. נאָר,

דאנקען גאָט, אונטערן טיש גייען אירע קינדער ניט ארום, זיי זײַנען אויס־געוואקסן, געוואָרן מיט מענטשן גלײַך.

— ניט אומזיסט, טאָכטער, — זאָגט נעסיע צו דער שנור, — לייגט מען אונדז, נארישע מענטשן, שערבעלעך צו די אויגן... קיינמאָל זאָלסטו יענעם ניט מעקאנע זײַן, האָסט הענט מיט פיס — טו אליין.

דער מאן נעסיעס האָט אף זײַן לעבן צו איר קיין טײַנעס ניט געהאט, לעמײַ איז הארב דער כריין, זויער דער באָרשטש, געזאַלצן די יויך. אויס־געטרונקען, פלעג זאָרעך ווידער אָנגיסן דעם בעכער און פריילעך זאָגן צו זיך אליין:

— דאָ פארקויפט מען וואָלוול גוטן ווײַן.

גרייטנדיק צום טיש אירע מײַכאָלים, דערמאָנט זי זיך, די באָבע נעסיע, אין איר זאָרעכן, וואָס האָט ליב געהאט נאָך א גוטער קויסע אויסזינגען א לידל.

דער כאזן פון דער קאָרשול איז געווען א שטומער אין פארגלײַך מיט איר מאן.

גענומען א שטאָף ווײַן, האָט ער פײַנט געהאט, רעב זאָרעך פליישמאן, צו פארבײַסן מיט אָפשניצלעך פון טרוקענער קישקע צי מיט א ביסל זוי־ער־קרויט. אים דערלאנג אן עסיקפלייש, א מארינירט שטיקעלע זאלאָם, פלייש מיט א מארך־ביינדל, עס זאָל זיך ניט פילן פון מויל דער ביטערער טראָפּן.

אין דרויסן שמעקט מיט זומער־רייכעס. בערעזע־זאפט שלאָגט אין דער נאָז ארײַן. די ביימער — פריש־גרינע, אָנגעפּאָמפּעטע מיט וועסנע, כאָטש דער זומער איז שוין ארײַן אין סאָד, צעלייגט זיך אין וואלד און איבערן שטויביקן שליאך.

נעכטן, פרײַטיק פארנאכט אין א פרײַער שאָ, איז די באָבע נעסיע געזעסן אף איר געל־געפארבט בענקל און געטראכט וועגן אירע אייגענע געשעפטן:

„זיאמע מיט זײַן ליכטיקן קאָפּ איז אוועק מיטן טאטנס וועג, ארײַן אין טאָקערײַ, לויפט פארשמאָלצעוועטערהייט לערנען, דערצו נאָך האָט ער אָנגעטאָן זיך אפן האלדז א שלייף, כאסענע געהאט, אז ניט, וואָלט ריטעטשקע, כאָלילע, פארזעסן? פאררדרייט זיך דעם קאָפּ”.

נעסיע קוקט צום שליאך. דאָרטן שפּילן זיך די קינדער. זי זעט, ווי זיי שרײַבן אפן זאמד, מאָלן אָן פאשיסטישע האקנקרייצן.

קליינע זניקלעך, און אלץ ווייסט מען. מע טאָר פאר זיי קיין וואָרט ניט אויסריידן.

אזוי איז אויך יענעם זונטיק געווען.

מיטאמאָל האָט אין דער ראדיאָ גענומען הילכן לעוויטאנס קאָל:

— אכטונג, אכטונג! עס ארבעטן אלע ראדיאָסטאנציעס!

זיאמע איז ארײַנגעפלויגן א צעהיצטער:

— א מילכאָמע!..

אן אנדערשמאָל וואָלט ער בא איר גוט אָפּגעלייזט, אָבער אין אזא

מינוט, ווען ער האָט איר געבראַכט די דאָזיקע פּינצטערע בסורע, זאָגט זי אים:
— א מאַמעס הארץ פילט, א גאַנצע נאַכט האָבן זיך מיר געכאָלעמט שווארצע, גרויסע פליגן.
מיטאַמאָל האָט זיך איר אָפּגעשטעלט דאָס בלוט אין די אָדערן,ביידע הענט זיינען געוואָרן בלאָ, די פיס אונטערגעהאַקט, כאָטש פאַל מיטן פּאָנעם צו דער ערד.

אָנהייב מילכאָמע מיט היטלערן האָט נעסיע פאַרלוירן דעם מאַן, און עפּעס אַזוי אומגעלומפּערט, אַז נאָך איצט, ווען זי דערמאָנט זיך אין זאָרעכן, ווערן בא איר רויטע פּליאַמעס אויפן שטערן.
די צייט איז א שפּילכל — זי לויפט, לויפט, לויפט!
זאָרעך פליישמאַן האָט געטרוימט לעבן לאַנג, ביי־קומען אלע וויסטע שלעק, וואָס שניידן איבער יענעם דעם האַלדז, טראָגן אַרום שאַרפע מעסערס אין קעשענע.
זאָרעך פליישמאַן איז געווען א שיינער מענטש. ניין, ניט פון די געכאָליעטע יונגעלייט — גאָר א געשטופּלטער, נאָר פלעגט ער עפענען זיין קלוג מויל, האָט מען געקאָנט אָפּזיצן מיט אים גאַנצע נעכט, א קישעפמאַכער — ניט קיין רעדנער.
זאָרעך איז געווען א טאָקער, שטענדיק זיינען אויפן טיש געלעגן אָנגעוואַלגערט צאַצקעס, אויסגעטאָקטע מיט זיינע צוויי גאָלדענע הענט, איבערגעוואַשענע, ווי באַם פּראָוויזאָר די פלעשלעך.
די קינדער זיינע האָט ער מיט גרויס ליבשאַפט איבערגעגעבן די מעלאָכע.
— כאַפּט זיך ניט, כעוורע, — האָט ער געטייַנעט, — איר וועט נאָך פאַרשוויצט ווערן, כאָלילע, זיך צוקילן, ווי יענער פּאָזשאַרניק אויפן פּאָזשאַר...
געגנדזעלעך מיט קאַטשקעלעך פלעגט זאָרעך אויסטאָקן מאַמעש אויף כאַריפּעס און אויסשטעלן זיי, ווי קווייטן:
— איר זייט ניט אַבי־ווער, קינדער, די גאַנצע מישפּאָכע אונדזערע שטאַמט פון טאָקערס.
יינגלווייז איז זאָרעך פליישמאַן געווען דער ערשטער מעכוטן אויף מאַיאָווקעס, געלאָפן אויף סכאָדקעס, געקלעפּט בלעטלעך. איין זאַך אָבער האָט ער ניט פאַרשטאַנען:
— פאַרוואָס שלעפּט דער באַלעבאָס זיינער, באַטאַשאָוו, אינמיטן זומער, מיטן שליטן אויף זאַלץ, ווי אויפן שניי.
— איבעריקע שמאַלץ האָט ער, באַטאַשאָוו, — האָט אים דער טאַטע דערקלערט.
זומער און ווינטער האָט זאָרעך פליישמאַן געאַרבעט אין דרויסן.
ביז גאָר א שווער לעבן האָט אָפּגעלעבט זאָרעך, הערשל פליישמאַנס זון.

זאָרעך איז מיט א שיינעם שאבעס עלטער געוועז פון נעסיען. דאָך האָט זי אים ליב געקראָגן און גליקלעך געוועזן מיט אים.

נעסיעס מאמע פלעגט קוים איבערקומען א טאָג מיט אירע זעקס מוידן. זיי זײַנען געוועזן ווי זעקס בלאָטערס אף איר האלדז־און־נאקן.

דערנאָך, אז דאָס מאזל האָט א שפּיל געטאָן, האָבן די מיידלעך גענומען לויפן אין ליקבעז לערנען איוורע, מע זאָל ניט זײַן אזוי פאר־גרעבט, קענען אָנשרײַבן אן אדרעס, איבערלייענען א בריוו.

שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן א מײַסע מיט כאסאנים — ווער דארף אזא אָרעמע סכוירע? כאָטש בעט דעם היצעל, ער זאָל אָפּלאָזן פון דער קייט די בייזע הינט — בעסער צעריסן ווערן, איידער בלײַבן א פאר־זעסענע מויד.

דער נאדן פון נעסיעס שוועסטער איז געוועזן געזונטע באקציינער אף איבערהריזשען דעם גאָרגל אפילע שעפּע שינדער.

דער גוואר שעפּע שינדער איז א באָכער מיט ברייטע פּלייצעס, אָנגעפּעלצט זומער און ווינטער אין א פוטערן רעקל, אָן ארבל. פאר איין אויגנבליק וואלגערט ער אנידער מיט זײַנע טרייפענע הענט דעם גרעסטן אָקס. אז מע דארף, שינדט ער אָפּ א נעוויילע, קוילעט א כאזער. אפילע יאָמקיפּער גייט ער ארום מיטן פלאָקן אין מויל, רייכערט באלע־באטים אפּצולאָכעס. איז אָט דער שעפּע שינדער וויל נעסיען אײַנבײַסן.

— קאצעוו, מעשומעד איינער! — טרײַבט אים נעסיעס מאמע צען מאָל אין טאָג פון דער שטוב.

באנאכט גאנוועט ער זיך, שעפּע, מיטן גויסעסדיקן ליכט, קריכט צו די מוידן, וואָס דרעמלען אין שאָפּע, ער זוכט, דער שינדער, צווישן די שלאָפנדיקע שוועסטער נעסיען. נאָר נעסיען גיב אים, וואָס אים קומט, דעם אויסוווּרף.

אָט זעט איר, זאָרעך פליישמאן, דער איז א ווילער באָכער. עמעס, אויך ניט פונעם הויכן גראַד, נאָר גאנוועט קאווענען אין מארק, זיבּ־גען, ווי שעפּעניו, באָסיאטשנע לידלעך — דאָס ניט. הערשל פליישמאנס בכאָר וועט זיך, מירצעשעם, אויסדינען, קומען אהיים. א מעלאָכע האָט ער, זאָרעך, אין די הענט, קאָן מען מיט אזא יונגאטש ריידן פון א שידעך.

אָבער שעפּע שינדער, ער וועט זי, נעסיען, צעקארדאשען, מאכן פאר אויס מיידל... און גיי רוף אים, דעם שמאראוואָזניק, קנאקניסל.

— היט זיך פאר אים! — האָט נעסיעס מאמע אף אלע זעקס מוידן געשריען, — שעפּען מעגן פריער די טרייפע הענט אָפּדארן, איידער ער וועט זיך צו אײַערע קאָשערע לײַבער צורירן.

קאיאָר גייט מען אף די בורעקעס. שפּעט באנאכט קומען די מייד־לעך — ווען ס'איז שוין שטאָקפינצטער. אויסהיטן פון אזא גאזלען די טעכטער באדארף מען א פאָלק סאָלדאטן.

די צײַט גייט זיך. דער הימל האָט שוין אויסגעגאָסן זײַן גרויסן צעבער און ס'איז געוואָרן א געדיכטע בלאָטע.

אף דרײַ פּאָר פּיס — איין פּאָר שטיוול. זיצט מען אפֿן אויוון און מע קנאַקט קערלעך. די בריסט ווערן אזש געשוואָלן, וואַרטנדיק אַף כאַסאַ־נים, און די כאַסאַנים דאַרפֿן קומען פֿונעם ראַמאַדאַנער פֿראָנט. מאַזל קויפֿט מען ניט, מיט מאַזל דאַרף מען געבוירן ווערן. און נעסיע האָט זיך לעסאָף דערוואַרט אף זאָרעכן.

געקומען איז דער סאָלדאַט פֿון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע פֿאַר־לײַזיקט, קויטיק, פֿאַריפֿעשט, נאָך צען מאָל ערגער פֿון שעפּעניו שינדער מיטן פֿאַרשמאָלצעוועטן קאַמזויל.

נעסיע, אַ מויד מיט צעפּלאָכטענע צעפּ, אויסגעצוואָגן, פֿאַרקעמט און צוגעפּוצט אין אַ זײַדן קאָפּטל, אין דער באָבעס יאָמטעוודיק שוואַרצן קליידל און אין אַ פּאָר געלינבנע שיך, — די סאָנים זאָלן אַ מאַקע וויסן, אַז מ׳איז אָרעם, — האָט געשײַנט מיט איר ראָז פּאָנעם.

זי איז אַרויס אפֿן וויהאָן און דערהערט דאָס קלינגען פֿונעם פֿורמאַנס גלעקעלעך, דאָס וויאָקען און טשמאָקען זײַנס צו ביידע לעדאַשטשע פֿערדלעך, וואָס האָבן געבראַכט צו פֿירן איר באַשערטן — איר זאָרעכן.

וויפֿל אפּדערנאַכטן זײַנען זיי דערנאָך געזעסן אף דער באָבעס פּריזבע, געזונגען לידער, דערציילט איינער דעם אַנדערן נאַרישע כאַ־לוימעס, זי האָט געדרעמלט בײַ זאָרעכן אפֿן לינקן אַקסל ביזן ווײַסן טאָג אַרײַן.

פֿינף שוועסטער, צען קוקערס זײַנען איר מעקאַנע געווען, נעסיען, וואָס אירע ליפּן ווערן רויטער וואָס אַ טאָג — געשוואָלענער.

סאָלדאַטן קומען פֿון פֿראָנט אויסגעהונגערטע, ווי די וועלף, גלײַך זיי וואָלטן אף זייער לעבן קיין מיידל ניט געזען.

אָך, קושט מען זיך! ביפֿראַט פֿאַרן קנאַסמאָל, ווען די באָבע באַקט שוין קמישברויט. ווײַזט אויס, אַז זאָרעך האָט פֿון ראַמאַדאַן געבראַכט די פֿײַנע פֿויטעקע. אויב ניט, איז פֿונוואַנען קומען צו נעסיען שוואַרצע לאַדעטשקעס מיט אַ געקווייטלט טיכל אפֿן קאָפּ.

די מיטלסטע שוועסטער, יעוועטשקע, האָט פֿון גרויס ווייטעק אַזש באַקומען בלאָווע סיניאַקעס אונטער די אויגן.

פֿאַרן שרײַבן טנאָיִם איז אין שטוב געוואָרן אַ בעהאָלע — עמעצער האָט געבראַכט די וויסטע בסורע:

— יעווע האָט אויקער געווען מיט שעפּע שינדער!

מירן איר מויכל זײַן, נעסיעס מאַמע, וואָס זי האָט אָפּגעטאָן דער וועלט אַ שפּיצל און געבוירן זעקס מוידן. דערפֿאַר האָט איר טאָכטער נעסיע אָפּגעטאָן נאָך שענער, ווי מע זאָגט, אף טערקיש, — זעקס באָכע־רים, ווי די לייבן, געבראַכט אף דער וועלט. אָבער איינער פֿון זיי, דער מיזיניק, אַרקאַשע פֿליישמאַן, האָט ווייניק מאַזל צו ווײַבער, כאָטש זיך, אַרקאַשע, אַ באָכער — ביזן גראָוון צאָפּ.

— אין וועלכער אפטייק, — זאָגט די מאמע נעסיע, — וועל איך פאר מײַן מיזיניק קריגן א ווײַב און פאר זיך א שנור?

ארקאשע, ער ווייסט ניט, דער באָכער, ווו די זאלץ שטייט, ווו סע ליגט דער לעפל. עמעס, ער, דער אינזשעניער, טויג זיך אויס צו אלץ: דארפט איר, מײַסטרעוועט ער אויס א שירמע מיט א שפּיגל, מאכט צורעכט דעם טעלעוויזאָר. ארקאשע פירט א גרופּע אפן זאוואָד, באקומט די שיינע פּראָגרעסיוקע.

דער ערשטער „ארויספאָר", דאָס כאסענע האָבן, הייסט עס, איז בא ארקאשען געווען מיט דער פּוטער אראָפּ.

פּאקט זיך צו אים דאָס ערשטע ווײַבעלע עפּעס אן אָנשיקעניש, ניט קיין מיידל — צאָרעס אף די פּיס. א מויד, זאָגט די באָבע נעסיע, פון די קאטערינשטשיקעס, אָנגעשטאָפּט מיט געלט, ווי א פּאָדאָליער מיט מאמעליגע.

די שאדכנטע איז געווען א פּארפּוצטע ליטוועטשקע, האָט זי ארקאַשען נאראיעט א קאלע פון איר מישפּאָכע, גיטעלע וואָלאָווס מיידל. ס'איז פון יענער קאָמפּאניע, מע שטעלט טאפּליעס: נא דיר, גיב מיר...

פונעם ערשטן טאָג אָן האָט גיטעלע, די מעכוטענעסטע, אָנגעצויגן די סטרונעס.

הריזען שטיינער צי אראָפּטאנצן פון בערג וואָלט גרינגער געווען פאר ארקאשען, איידער האָבן צו טאָן מיט אָט דער מישפּאכטע.

מע האָט אים געלייגט די שיינע לאטע אפן הארצן, ארקאשען, ער האָט גאָר איינגיכן באקומען „א מאקאראָנע פּאָכאָדקע", — שמועסן צווישן זיך די שכיינים.

און נעסיע, זי איז געוואָרן בא דער שנור אן אומזיסטע דינסט, אָן אָפּרו־טעג.

זאָגן א וואָרט — דערוועג זיך ניט, גיטעלע וואָלאָוו וועט זי אופּעסן...

גיטעלע וואָלאָוו, א ווערטעלע אויסצוריידן!

גיטעלען איז נאָך ביז הײַנטיקן טאָג געבליבן דער שטעל פון א גווירנטע.

מיילע, ווידעראמאָל דאָס אייגענע: אף א נידעריקביימל שפּרינגען די ציגן... נאָר איר זון, ארקאשע, איז א הויכער בוים...

וויפל, אשטייגער, האָט נעסיע זיך אָנגעמוטשעט מיט אירע באָנים, ביז זיי זײַנען ארויס פון די וויקעלעך?

געשלעפּט האָט זי ווי צוויי פערד איינעם, די נויט האָט זי געטריבן טאָן אזוינס, וואָס פאר א מענטשן איז איבער די קויכעס:

ציגל טאסקען אף רישטעוואניעס, פּאשען כאזיירים. דאָרטן, ניט דאָ געדאכט, אין דער עוואקואציע, קיינמאָל ניט ארויסגעלאָזט די כעוורע — זיאמען מיט ארקאשען — פון אויג, די זאָקן קיין צײַט ניט געהאט זיך צו פאריכטן.

נעסיע האָט דאָרטן אין פיש־קאָמבינאט געוויגן זאלץ. אף באנאכט פלעגט זי די איבערגעפרוירענע שיך פון די פיס ניט אראָפּנעמען, צובינדן מיט שטריקלעך, זיי זאָלן ניט אראָפּפאלן.

אין יאם האָט זי זיך ניט איין מאָל געוואָלט אַרײַנוואַרפֿן, אַזוי ביטער איז איר געווען אָפּן האַרצן — אָבער אַף וועמען לאָזט מען די קינדער?

נאָר ווען נעסיע זאָל געווען וויסן, אַז אַרקאַשע וועט פֿאַקן דאָס דאָזיקע אַנטיקל — גיטעלע וואָלאָווס טעכטערל, וואָס פֿאַרבערענט סײַ פּאַפּירגעלט, סײַ זילבערנס, — נעמט זי זיך דאָרטן, אין קאַזאַכסטאַן, דאָס לעבן.

פֿאַר איין כוידעש, באַלד נאָך דער כאַסענע, איז די שנור עלטער געוואָרן בעסאַכאַקל אַף פֿיר יאָר מיט פֿיר כאַדאָשים... קאָן זי דען, נעסיע, פֿאַרגעסן, ווי זי פֿלעגט אין דער עוואַקואַציע קויפֿן אַ ווערבליוד הײַ (אַזאַ נאַרמע איז דאָרט) און הייצן די הרובע. ס'איז טויזנט און איין נאַכט צו דערציילן, גרינגער איז איר געווען דורכגיין מיט די קינדער דעם מילכאָמע־הונגער, איידער די צאָרעס מיטן זון, וואָס איז, נעבעך, געבליבן אַן אַלטער פֿאַרזעסענער באָכער.

— ביזוואַנען וועט איר אים קעצקען? — פֿרעגן שכיינים. אָבער נאָר זי איינע, די מאַמע, ווייסט, וויפֿל מאָל זי האָט אים, אַרקאַשען, פֿאַרהיט פֿון פֿײַער, ער זאָל זיך אַ צווייט מאָל ניט אָפּבריִען.

רעדט ער, אַרקאַשע, מיט די שכיינים, איז ער אַ ראָוו. קערעוועט ער נאָר אויס דאָס פּאָנעם, דערזעט די מאַמע אַ שטעכיקן בודזיק.

מענטשן מיינען, אַז דער מיזיניק איז גאָר אַ צאַדיק. איר האָט אַ טאָעס, טײַערע שכיינים, אַרקאַשע איז גאָר ניט פֿון די זיסע ווײַנטרויבן.

סימכאַסטוירע איז זי געגאַנגען אין שול, געמיינט אויסקוקן אַ מיידל פֿאַרן מיזיניק.

נאָר איר מעגט נעסיען ניט מעקאַנע זײַן. גיטעלע וואָלאָוו, וועלכע זי האָט דאָרט געטראָפֿן, האָט איר געמאַכט אַ שיינעם יאָמטעוו. דער וואָלידאָל האָט איר אויך ניט געהאָלפֿן. זי איז קוים אַ לעבעדיקע געקומען אַהיים.

אַלץ, וואָס מיר האָבן דאָ דערציילט, זאָל בלײַבן צווישן אונדז. ווײַל וואָס העכער דער פּאַרקן, איז בעסער דער שאָכן.

יאָרן — פֿאַר געלט קויפֿט מען זיי ניט. די מאַמע האָט אַ גרויסן ווייטעק, און בעסאָד־סוידעס קאָן זי אײַך, נעסיע, זאָגן, אַז אָפּן קאָנסיליום אַפֿילע, צווישן די דאָקטוירים, איז זי אויך אַ בלינדער עסרעג...

די באָבע נעסיע קאָן אויסשטיין אַלע צאָרעס, וואָס גאָט שיקט איר צו, נאָר אַז אירע געהויבענע געסט הייבן אָן צו זינגען, זיצנדיק באַם יאָמטעוודיקן טיש, „זעקס ברידער זײַנען מיר געוועזן...״ — ווערט איר קאַלעמוטנע אָפּן האַרצן. ווען דער אוילעם צעגייט זיך, לייגט די באָבע נעסיע קאַרטאָפּליעס צו די שלייפֿן, אַזוי שיסט איר אין קאָפּ.

פֿיר פֿון אירע זעקס, ווי די ריזן, איינער שענער פֿונעם צווייטן, האָט די מילכאָמע פֿון איר האַרצן אָפּגעריסן. טריקענען זיך אירע אויגן קיינמאָל ניט אויס. טרערן, טרערן...

געבליבן זײַנען צוויי: זיאַמע און אַרקאַשע.

באַם מאַמײַעוו־קורגאַן ליגן צוויי — יאַשע און באָריס.

יאשע, דער טאנקיסט, פלעג טאָגן און נעכטיקן בא די טראַקטאָרס אין פעלד.

פאַר קיין שום מענטשן געדאַכט, די ווײַבער פלעגן זיך בא יאשען פּעלן. איינע איז אין א פּאָלאָנקע אַרײַנגעפאַלן — דערטרונקען געוואָרן, די צווייטע, ניט דאָ געדאַכט, איז פונעם געבורט־הויז אהיים ניט געקומען...

די באָבע נעסיע האָט פון זיך געצויגן די קליי, נאָר די יעסוימים דערצויגן.

אין פעלד אַרײַן פלעגט זי אים, יאשען, טראָגן עסן, זײַן גוט הארץ זאָל, כאָלילע, ניט פאַרכליאַנעט ווערן.

ווינציק צו זאָגן, אז יאשע האָט ליב געהאַט מאשינעריעס. טאָג־ווי־נאַכט פלעגט ער זיך פּאָרען מיט רעדעלעך, פּרוזשינעס. שניצן שיפן, קלעפּן לופט־באַלאָנען פון פּאַפּיר, מאַכן קאַטשקעלעך, טישעלעך און בענקעלעך.

עמעס, קיין ביקסעלעך האָט יאשע ניט ליב געהאַט. אין מילכאָמע, אפילע קליינערהייט, ניט געשפּילט. ער איז, ווי א טראָפּן וואַסער, געראָטן געווען אין פּאָטער.

באָריס, פּאַרקערט, האָט ליב געהאַט שפּילן „טשאַפּאַיעוון" — אָנקלעפּן וואָנצעס, באַהענגען זיך מיט הילצערנע שווערדן, מיט רימענס אַרום דער פּלייצע, שפּאָרן אף די פיס.

קאַיאָר לויפט ער שוין, באָריס, צום טײַך, וואַרפט זיך אין וואַסער, שווימט ווי א פיש, טאַנצט פונעם שיפל, וואָס יאשע האָט א גאַנצן ווינ־טער געמײַסטרעוועט.

יאשע פליישמאַן האָט, ווי דער פּאָטער זײַנער, ליב געהאַט צו לייענען. פאַרקליבן זיך ערגעץ אין א ווינקל, און לייענט, וואָס עס מאַכט זיך, — זשול ווערנען, טאָלסטאָיען, שאָלעם־אַלייכעמען.

באָריס פליישמאַן, פּאַרקערט, פלעגט קיין ביכל אין די הענט ניט נעמען, ער איז גאָר געוואָרן א שוימער אין אַן עפּלסאָד. מיט גרויס ליבע פלעגט ער אַרומשערן דיביימער, שמירן מיט ווײַסן די שטאַמען, די ווערעם זאָלן ניט קריכן. אַרומבינדן די ווונד מיט רעדנעס, דער עפּלבוים זאָל ניט אומקומען, דערבײַ זיך צוזינגען:

— ייִדל מיטן פידל, בערל מיטן באַס, שפּילט זשע מיר א לידל אפן מיטן גאַס...

יאשע גאַנוועט זיך אונטער, כאַפּט אַן עפּעלע, בײַסט אים געשמאַק:

— זעקס ברידער זײַנען מיר געוועזן.

באָבע נעסיע, באָבע נעסיע, ביסט שטאַרקער פון אײַזן, אז דו טראָגסט זיי איבער, די ווייטעקן, וואָס די מילכאָמע האָט געבראַכט צו דיר אין שטוב אַרײַן.

אָפּטמאָל עפנט די באָבע נעסיע די שאַפע, ווו עס הענגט דעם מאַנס פּידזשאַק. זי וואָלט אים שוין פון לאַנג באַדאַרפט ערגעץ באַהאַלטן, ער זאָל זיך ניט וואַרפן אין אירע אויסגעוויינטע אויגן, נאָר יאשע פלעגט אים אָפּט אָנמעסטן, לויפן אין קיך אַרײַן, באַרימען זיך פאַר דער מאַמען, ווי ער פּאַסט אים, דער פּידזשאַק.

באגלייט האָט זי זיי, די מאַמע, יאַשען מיט באָריסן אַפּן פּראָנט, אין איינעם און דעם זעלבן טאָג — פּרײַטיק.

בענטשן ליכט האָט זי שוין פון לאַנג פאַרגעסן. נאָר פון יענעם טאָג, זינט מע האָט איר געבראַכט די ידיעה, אַז ביידע זין זײַנען אונטער סטאַלינגראַד אומגעקומען, איז יעדן פרײַטיק צינדט די מאַמע אָן צוויי ליכט, זיצט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן בײַ דער גויסעסדיקער שײַן, קיין טרערן זײַנען שוין בעמיילע ניטאָ, אויסגעטריקנט די אויגן.

אַלע מײַלעס איינינעם איז ניטאָ בײַ קיינעם. די באָבע נעסיע געדענקט זיך פאַר אַ דערשראָקן מיידל, נאָר דאָס פלייש האָט זי געקענט איבער־וואַשן, ווען זאָרעך האָט איר אָנגעטאָן דאָס פינגערל.

אַרקאַשע, דער אינזשעניער, אַפילע אַ היטל דאַרף זי אים קויפן, די מאַמע: אַ קאָפּ, ווי אַ קירבעס — אָדער ס׳איז קליין, אָדער ס׳איז גרויס. טראָגט ער, דער כאַסן־באָכער, זומער און ווינטער אַ יאַרמלקע, אַ שוואַרצן בערעט. נאָר מיילע, זאָל ער זײַן געזונט און שטאַרק, אַרקאַשע, ער וועט אַזוי לאַנג קלײַבן אַ קאַלע, ביז סע וועט זיך אים פּאַקן אַ ווײַבעלע אַן אַנטיקל, ווי דודעלע קאָלבויניקן — מיט איין אויג... נאָר מיט אַ מום פּעלט איר! קאַרג האָט נעסיע געהאַט צו טאָן מיט אַרקאַשעס צייַן. דאָקטוירים זאָגן, אַז מע דאַרף פאַרען. שכיינים — פאַרקערט, ראָטן איר צולייגן אײַז צו די יאַסלעס. פאַרקילט מעגן שוין אַלע אירע סאָנים ווערן.

אַרקאַשע, מע קאָן דען מיט אים ריידן אַ וואָרט? פאַר דעם, ווי ער האָט זיך אָפּגעבריט, פּלעגט הערן די מאַמע, ווי ער קלינגט אין טעלע־פאָן צו אַ מיידל... און הײַנט, אַז ער איז שוין אַ ביסל אָפּגעבליאַקעוועט און האָט באַקומען דעם זיידנס געדיכטע ברעמען, שעמט ער זיך, אַר־קאַשע, פאַר ייִנגערס פון זיך, גיב אים זײַן גלײַכן — אַזוי, אַנערעך, פון אַ יאָר דרײַסיק, אָן קינדער.

פאַר די אויגן שטייען נעסיען יאַשע מיט באָריסן. דעם דריטן יול האָט זי זיי אופּגעוועקט קאַיאָר, דערלאַנגט צום טיש צוויי טעלער זיסן באָרשטש — די סאָלדאַטן זאָל אַפּן פראָנט קיינמאָל ביטער ניט זײַן, אָנגעשטאָפּט ביידע רוקזעקלעך וויפל ס׳האָט נאָר געקאָנט אַהין אַרײַן, צוגעזעצט זיך פאַרן אַרויסבאַגלייטן, ווי בײַ לײַטן פירט זיך, אַ קוש געטאָן ביידע זין אין די ליפּן אַרײַן:

— זײַט מאַצליעך, קינדער, פאַרשעמט אונדז ניט...

מע זאָל אין יענער מינוט געוועזן איר אויסשלאָגן צוויי ציין, וואָלט זי זיי אײַנגעשלונגען און ניט געפילט, אַזוי ווי זי שלינגט אירע געזאַל־צענע טרערן.

די נאַכט צאַנקט, אָט כאַפּט זי זיך אָן אין אַ גרין בלעטל, האַלט זיך קוים אַף איין צווײַגל. קומט פון מיזרעך דער ערשטער פאַס שײַן — איינינעם מיטן פרימאָרגן.

פארפאלן, דער טאָג פארבײַט די נאכט, געגנוג צו שלאָפן — מע דארף לעבן.

ארקאשע איז נעכטן געקומען שפעטלעך, האָט אים די מאמע געזאָגט:

— אז מע פארשפארט אין שטײַג די גאנדז, דעמלט ערשט ווייסט דער גאָנער איר פרײַז. האָסטו, זון מײַנער, ווידעראמאָל, פארקאָכט א קאשע, זשאלעווע ניט קיין פּוטער. — נעסיע קריכט ארויס פון בעט און זעצט פאָר. — קוים האָסטו ניט צונויפגענומען, ארקאשע, די קלעפּקעס, וועסטו קיין דייזשקע ניט מאכן.

— א פעסל אָן א דנאָ וועסטו, מאמע, מיט קיין וואסער ניט אָנגיסן. — דאָס רעדט מען אזוי אלץ וועגן נײַעם שידעך.

אמאָל האָט זי געמיינט, נעסיע, אז זאָרעך, איר מאן, פּוציעוועט איבער, טוט ארײַן א ביסל מער הייזון... פליישמאנס זין, אפילע דער זעקסטער, איז סײַווי פונעם זעלבן שטיק געוואנט געשניטן. ארקאשע איז זיך אויך צעוואקסן אין דער ברייט און אין דער לענג, ווי דער פאָטער. די רויטע ליפּן זײַנע בעטן — טו מיך א קוש!

אָבער אז זיאמע האָט געבראכט ריטען, די געראָטענע קאלע, ערגעץ פון אויסרײַסעניש, זאָגט זי אים, נעסיע:

— א פרעמדע נעשאָמע, מײַן זון, איז א טיפער יאם. מע האָט דיך, באָכער, אין דער פרעמד, ווײַזט אויס, וויניק אָנגעהארגעט. וועסט נאָך דאָ, בא זיך אין דער היים, כאפּן ניט איין קלאַפּ.

יאָ, דאכט זיך, אז זיאמען פעלט א טראָפּן הייזון.

דערמאָנט זיך אין זיאמעס ליבע־קרענק, הייבט איר אָן צו שווינדלען אין די אויגן. צוויי לעוואָנעס בוצקען זיך אין הימל.

זיאמעס ווײַבעלע, ריטעטשקע, מיט אירע כיין־גריבעלעך אף דער לינקער באק, — נאָך צוויי גריבעלעך אזעלכע האָט נעסיע אף איר לעבן בא קיין שלימאזל ניט געזען, — האָט פּאוואָלינקע, פּאוואָלינקע אָנגע־הויבן גיין מיט דער שוויגער דעם עמעסן קאָן.

גאנצפרי, ריטע עפּנט נאָר אירע אייגעלעך, פארדרייט דעם קובלעק, הייבט זי אָן צו קאָמאנדעווען:

— טרייסלט אויס, שוויגער, דאָס בעטגעוואנט!

דינסטן אפילע פלעגן רײַסן אזעלכע באלעבאָסטעס די האָר פונעם קאָפּ.

אויך אציגנד קאָכט און זידט בא נעסיען אין שטוב, ווי אין אן אלטער מיל.

מישטיינסגעזאָגט, וואָס אזוינס האָט זי איר נעכטן געזאָגט, דער שנור, ריטעטשקען? די „פּרימאדאָנע" זאָל אויסטאָן אירע שווארצע שמאָלע הייזלעך, זיי פּאסן איר, ווי דעם כאזער אוירינגלעך.

געגנוג, וואָס זי, נעסיע, פלעגט מילכאָמע־צײַט, זײַענדיק א שוימער אין קאָלווירט, א נאכט איבער א נאכט שליאָנדרען אין דאָרף, די וואָ־טאָווע הויזן פונעם לײַב ניט אויסטאָן. ניט די הויזן, ניט דעם טולופּ.

וואָס האָט זי געצויגן צו דער ערד: ווען עמעצער זאָל זי געווען א טאָר־קע געבן, וואָלט זי געפאלן, ווי א סנאָפּ.

מאמע טײַערע, איבערגעקומען אזא בלוטיקע צײַט! דער קאָרן איז נאָך גרין געווען און מע איז שוין קאיאָר געגאנגען מיט די סערפּן אים שנײַדן, ווײַל פון הונגער זײַנען בא נעסיען נעפּעשלעך די אויערן געווען אָנגעשוואָלן. ווי פּארקילטער כאָלאָדעץ האָבן זיי אויסגעזען. וואָס האָט זי ניט געטאָן, אז אירע קינדער זאָלן בלײַבן לעבן. מאכט זי איצט, די שנור, א פּסארניע בא איר אין שטוב. פאַרוואָס קומט איר אזוינס? מע טאָר שוין דער שנור א וואָרט ניט זאָגן.

ארקאשע איז טויזנט מאָל גערעכט, וואָס ער פילט זיך ניט קלינגען דער קוטשעראַוועער מויד. דעם מענטשן דארף מען קענען — א פּוד זאַלץ אינײנעם אופּעסן איז ווייניק.

נעסיע ווייסט גוט, אז א פאַרזעסענער באָכער איז ווי א ווילדער האָן.

נאָך דעמלט, אין די ערשטע טעג פון דער עוואקואציע, נעסיע האָט נאָך געהאט אף זיך א שטיקל הויט, איז ער איר דען ניט נאָכגעגאַן פּוסטריט, דער בוכהאַלטער פונעם קאָלווירט:

— גיי איבער, נעסיע, צו מיר אין שטוב, ווער די באַלעבאָסטע, וויפל קאָן אן אלמען לעבן איינער אליין?

נעסיע, כאָטש זי איז געווען א שיינע, פון יענע אלמאָנעס, אף וועלכע מע פאַרקוקט זיך נאָך, אָבער זי איז גרייט געווען מאקריוו זײַן מיט זיך אליין, אבי די קינדער זאָלן ניט וויסן פון קיין שטיפטאַטן.

ניין, נעסיע וועט בעסער ווייקן אין זאַלץ באַם אראַלער יאַם, טראָגן דעם שווערן טולופּ אף אירע פּלייצעס, נאָר ניט ארײַנעמען אין שטוב א פרעמדן מאַנצבל.

זי האָט טאַקע געמוזט אריבערפאָרן אין צווייטן דאָרף, שטעלן זיך פּאשען כאַזיירים, קעדיי ניט פאַרשעמען אירע קינדער.

לעמײַ זאָל זי זאָגן, נעסיע: ריטע, די געראָטענע שנור, האָט מיט זיאמען געלעבט שאָלעם־ווּעשאַלווע, ביז ס'איז צו איר ניט געקומען דער „פּערל", די שוועסטער, דערצו נאָך מיט א קינד.

פּערל מיטן געשנורעוועטן פּיסקעלע איז געראָטן אין ריטען ווי א טראָפּן וואסער. זי מאכט זיי, די כיין־גריבעלעך, אפילע, ווען זיי זײַנען ניטאָ: טאַקע פּארן זון, ארקאשען.

אָפּטמאָל דאכט זיך איר, נעסיען, אז די מיל אין שטוב האָט זיך אָפּגעשטעלט, ניט זי קאָוועט, ניט זי מאָלט.

ארקאשע קומט פון דער אַרבעט, לויפט ער שוין ניט צום זייגער, טרעפן זיך מיט דער קוטשעראַוועער מויד. ניין, אָדער ער ליגט אפן דיוואַן, לייענט א ביכל, אָדער פּאר א נויט, שפּיגלט ער זיך, ארקאשע, אין פּערעלען... ער פּויעלט בא איר, זי זאָל אים צוליב טאָן — דאָס שווארצע קאָפּטל ניט דערוועגן אָנטאָן, דאָס בעזשעווע פּאסט איר בעסער צום פּאָנעם. אָבער נעסיע ווייסט מער פונעם זון, — פּערלען טוט וויי די באָז, זי שוועכט די נאָזלעכער מיט זאַלץ־וואסער.

— מאָרגן גייען מיר אין טעאַטער, — זאָגט ארקאשע, זוכנדיק אפן פאָנעם באַם שוועסטערל נאָך א כיין־גריבעלע.

— ווער איז דער „מיר"? — ציטערט נעסיען די נעשאָמע. אלץ וועט זיך אויסלאָזן צו איר קאָפּ — נאָך מיט א קינד וויל זי אים, ריטעטשקע, פארשלייערן. צי ס'איז בא פערעלען, ריטעס שוועסטער, יאָ געווען א מאַן, ניט געווען, ווייסט זי ניט, נעסיע, און וויל ניט וויסן. איין זאַך איז איר קלאָר, דער מאַמען: ריטע שפּרייט זיך פאר איר זון, ארקאשען, ווי א יאָמטעוודיק טישטעכל, זי וויל אים נאָר פארשלייערן, דעם פארזעסע־נעם באָכער, פארן „אלמאָנעכל". און דאַפקע דעם דאָזיקן שידעך וויל נעסיע ניט דערלאָזן, כאָטש לייג איר הייסע קוילן צו די פיס.

אין דעם, אייגנטלעך, ליגט דער גאַנצער טאַראַראַם בא די פליישמאַנס אין שטוב. זיאמע קומט אָפּ, ווי זײַן טעווע איז, מיט שווײַגן, נאָר נעסיע וויל, אז איר מיזיניק ארקאשע זאָל נעמען א מיידל, ניט בײַסן דעם אלטגעבאַקענעם פּיפּאַלעק. נאָר אפן טויטן בעט, מיט פאַר־מאַכטע אויגן, וועט זי דערלאָזן, נעסיע, מע זאָל אים נעמען, ארקאשען, דעם אינזשעניער, דעם קראַסאַוועץ, פארביידע הענט, מיט ביידע פיס און ארײַנוואָרפן אין יאַם ארײַן — טרינק זיך, זאָרעך פליישמאַנס יוירעש...

פערל האָט זיך געיאָוועט צו איר שוועסטער, ריטען, ווי פון הינטערן באַרג, א פאַרציאָפּעטע, אויסגעווייקטע, פארמוטשעט, ניט אנדערש, מע האָט אף איר געאַקערט... מע האָט דאָס שוועסטערל אונטערגעפּאַשעט, אָנגעטאָן א נײַ קאָפּטל, מיט א קאַנטיקל — גאָר אן אַקטריסע.

נעסיע פרעגט ניט בא פערעלען, ווו איז דער טאַטע פונעם קינד. אז סע וועט קומען צו רייד, וועט מען זיך סײַוויסײַ דערוויסן, אזעלכע זאַכן באַהאַלט מען ניט אויס.

אָנגעהויבן האָט זיך בא זיי די „ליבע", ווען ארקאשע ·פלעגט איר אין די נאָזלעכער ארײַנשפּריצן קאָפּליעס. דערנאָך האָט פערל פארשפּילט אין קאָרטן. דאַרף זי אים, די בעהיימע, פּוצן די שיך, דעם שוואָגערל, א גאַנץ יאָר.

ברענגט ער איר צום אכטן מאַרט א פּאָר זאָקן, קאָנפעטן.

דער מאַמעס האַרץ ווערט דערוויײַל פון טאָג צו טאָג געשוואָלן. נעסיע פארשטייט מיט איר ווײַבערשן סייכל, אז צו קיין גוטס וועט אָט די שפּיל מיט פײַער ניט ברענגען.

זיאמע, דער פאַרהאָרעוועטער אָקס, כאַפּט זיך אראָפּ פונעם בעט, ניט געגעסן, ניט געטרונקען, אָנגעשמירט א שטיקל ברויט מיט פּוטער, צוויי ציבעלעס, דרײַ קאַלטע קאַרטאָפליעס געגנומען אין מויל ארײַן — פאַרטיק, ער לויפט שוין אפן זאַוואָד.

נעסיע געדענקט, ווען איר מאַן, זאָרעך, פלעגט נאָך דרעמלען, איז זי שוין געווען אף די פיס: געמאַכט פײַער, אָנגעוואַרעמט א לעפל גע־קעכטס, האָט ער טאַקע קויעך געהאַט געבן א ווײַב ברויט, אופּצוּען, קיין אײַנהאָרע, אזא מישפּאָכע.

דערמאָנט זיך אין דער גאָלדענער צײַט, האָט נעסיע געלאָזט א טרער און ניט באַמערקט, ווי ארקאשע איז שוין ארײַן צו פערעלען אין אלקער.

אופגעשטאַנען, נעמט ער זיך, דער פּרינץ, אויסגאָלן די שיינע מאָרדע, דערנאָך זעצט מען זיך טרינקען טיי, מיינען ביידע אויסגעלאָזטע ברוֹים, אַז נעסיע איז בלינד, זעט ניט, ווי מע צעטיילט איין קאָנפעט אַף צווייען. ס'איז שוין איינמאָל אַ שטיק פּערל!

אמאָל האָט אַ ווײַב געוווסט, אַז מע דאַרף אויסוואַשן דעם מאַן אַ העמד, פאַריכטן די פּליודערן, מאַכן אַ מערעשקעלע. הײַנט, דאַנקען גאָט, טראָגט מען דאָס וועש אין וועשערײַ, קאָטלעטן קויפט מען גרייטע. אַ טיכעלע וואַשט זי, ריטעטשקע, זיאַמען ניט אויס: זי אַרבעט אין „פּראָ־קאַט".

נעסיע, זי זאָל כאָטש מיט אירע אייגענע אויגן ניט זען, וואָלט עס זי אַזוי ניט געברענט און געבראָטן. נאָר מע ווינט פּאָרט אין איין שטוב. קינדער, פאַר יעדן טוט איר ווײ דאָס האַרץ. פינף פינגער אַף דער האַנט, טו איין פינגער אַ שניט...

זאָרעך, דער מאַן אירער, פלעגט אמאָל ליב האָבן זינגען:

איך בין אַ באַלעגאָלע
און איך האָרעווע אָן אַן עק...
איך שפּיל מיר אָפּ מײַן קליינע ראָלע
און איך פֿאָר אוועק.

אָבער וווהין זאָל זי לויפן, וועמען זאָגן, אויסריידן איר ביטער האַרץ. אַנדערע מאַמעס פריידן זיך, מע האָט נאַכעס פון קינדער. בא איר אין שטוב קאָכט און עס זידט פלאַם־פײַער, ווער איז דען בעקויעך איבער־דערציילן אַלץ.

זיאַמע קומט פון דער אַרבעט, וואַשט ער זיך אָרום, גייט ארײַן צו זיך אין אַלקער. קיינער ניטאָ — שאַ־שטיל.

— מאַמע, ווו איז ריטע?

נעסיע איז אויסער־זיך, באַלד וועט זי אים אָפּגיסן מיט אַ קאָך־שע־פּעלע וואַסער, ער זאָל ניט זײַן קיין בלינד פערד. צײַט שוין אַליין צו וויסן, וואָס זײַן ווײַבל טוט, און וווהין, מיט וועמען ריטע ווערט פאַרפאַלן.

— איך בין דיר ניט קיין מעשאָרעס, זיאַמע. אַרקאַשע האָט איבער־געוואָרפן אַזויפיל מיידלעך, געקליבן, געסאָרטעוועט, אַצינד וועט ער נעמען פּערעלען, נאָך מיט אַ צוויק, און דײַן ריטעטשקע איז די שאַדכנטע...

— מאַמע...

— יאָ, איך בין אַ מאַמע, און דערפאַר טוט מיר ווײ דאָס האַרץ.

ס'איז שוין שפּעט, נאָר דער אוילעם שלאָפט נאָך, נעכטן האָט מען זיך שפּעט געלייגט, אַרקאַשע מיט ריטעס שוועסטער זײַנען געקומען, ווען דער האָן האָט שוין געקרייעט.

זיאַמע שטייט שוין, מינאַסטאַם, באַם סטאַנאָק. וואָס־וואָס, נאָר אַר־בעטן האָט ער ליב. וועגן זײַן ווײַב ריטען זאָגט דער מאַן, אַז זי שלאָפט,

איז זי בעפּײרעש א װוילע מויד. צען אזייגער אינדערפרי גייט ריטע אין קלייט אַרײַן.

— וואָס זשע, טאָכטער, וועט ווײַטער זײַן? — האָט נעסיע געפּרוווט אָנהייבן דעם שמועס.

— אַרטיסטן שפּילן טעאַטער, און מיר קוקן.

— גייט מען מיטן מאַן. האָסט דאָך א מאַן ביז הונדערט מיט צוואַנ־ציק יאָר.

— איך בין דען געגאַנגען מיט א פרעמדן?

נעסיע וואָלט איר געענטפערט, נאָר זי קען ריטעס פּיסקעלע, זאָגט זי דער שנור ניט דאָס, וואָס איר האָט זיך געוואָלט, נאָר עפּעס אַנדערס:

— צוויי מאָל אין מײַן לעבן בין איך געווען שיקער, אויסגעטרונקען וואַלעריאַנאָווקע און די נעכטיקע פאַרציע...

„אַהאַ, די שוויגער וואַרפט דעם שטיין אין מײַן גאָרטן", — טוט ריטע א פאַרגלאַנץ די פאַרשלאָפענע אויגן.

— איר מיינט, שוויגער, אַז אַזוי גרינג גיסט מען צונויף צוויי הער־צער?

— מאַנעפּשעך, — שלאָגט זי איר איבער, ריטען, די געדאַנקען, — קענסטו ניט לעבן מיט מײַן זון, נעם א געט. נאָר דעם צווייטן, אַרקאַ־שען, גיב איך אײַך ניט. הערסט, וואָס איך זאָג?

— שוויגער...

— נאָר ניט שוויגער!

ריטע גייט אָפּ אין ווינקל. פונדאַנען, ווײַזט זיך איר אויס, וועט איר גרינגער זײַן צו ריידן.

— איר, מאַמע, זײַט צוויי מאָל אין אײַער לעבן געווען שיקער, אָבער זײַט וויסן, אַז איך, אײַער שנור, נאָר איין מאָל — מיט זיאַמען.

נעסיע וויקלט זיך אין וואָלענעם שאַלכל. ס׳איז איר מיטאַמאָל פאַר־קילט געוואָרן יעדער אייווער.

נעסיע איז עפּעס קלענער געוואָרן, א גלעט געטאָן דעם עק טיש, געזוכט שטיצע בא עמעצן:

— האָסט געפּאַקט דאָס גליק, אַרקאַשען, נאָר ער איז בא מיר דער לעצטער. כאָטש אַן אַלטער באָכער, נאָר ניט פאַר דײַן שוועסטער.

— מיט פערעלען וועט ער ייִנגער ווערן.

— איך וויים ניט, — האָט די מאַמע אויסגעווישט די טרוקענע אויגן.

נעסיע פליישמאַן געדענקט גוט, וואָס איר מאַן האָט איר איינמאָל געזאָגט:

— דער קויעך פון ליבע, טײַערע, איז שטאַרקער פון עם טויט אליין.

בעסער שוין געווען פאַרברענט ווערן, ווי דער שאָכן, וועלכן דער שוואַרצער בושעל האָט אונטערגעצונדן, איידער אַרומגיין בא זיך אין שטוב, ווי א „טויבע", זען, הערן און שווײַגן, ניט זאָגן א וואָרט. נאָר דערזעט זי, נעסיע, ריטעטשקעס שמייכעלע מיט אירע צוויי טיפע כיין־גריבעלעך, וואָס זײַנען פול מיט סאַם, אין וועלכע זיאַמעס גוטע נעשאָמע

איז אָפּגעסאמט געוואָרן, שטעלט זי זיך גלײַך פּאָר, אז אין פּערעלעס קיין־גריבלעך זײַנען נאָך מער גיפּט.

אין פּאַסעק שטייט געשריבן, נעסיע האָט אמאָל אויסגעלייענט אין דער מאמעס סידער: זאָלסט לעבן מיט דער שווערד.

שארפט זי טאקע אצינד, ריטעטשקע, מיטן פאלשן שמייכעלע דעם כאלעף אף איר צווייטן זון, ארקאשען, וויל אים איבערשנײַדן דעם האלדז. צוליב דעם האָט ער באדארפט, דער פארזעסענער באָכער, אזוי לאנג דרייען מיט זײַן לאנגער נאָז, קלײַבן און איבערקלײַבן, ארײַנפאלן, ניט אויסצוריידן מיטן מויל, אין אזא סליאָטע... צוליב דעם האָט נעסיע געוויקט אין זאלץ, געטראָגן אף אירע אקסלען דעם שווערן טולופּ. פארוואָס קומט איר אזוי געשטראָפט צו ווערן?

יאָ, פונעם יאם דאָס וואסער אויסשעפּן איז שווער, אָבער דער מאמען דעם ווייטעק אירן יענעם דערציילן איז נאָך שווערער.

אין דער מילכאָמע האָט עס זיי פארוואָרפן עפּעס אין א פארכוישעכט כיידערל. אן אייוועלע פון ציגל אויסגעמאָווערט, די שווארצע ווענט מיט קאלך אויסגעווײַסט. אפן מארק רײַסט מען פון טויט און פון לעבעדיק: א ביסל מעל — מיט גאָלד גלײַך. נאָר מע האָט געלעבט, ניט געפאלן בא זיך. און אצינד — כאָטש נעם זיך דאָס לעבן.

אין הימל שווימען שטיקער כמארע, ווי אפן טײַך אָנגעשפּאָלטענע הליבעס אײַז, נאָר די זון שײַנט אזוי גליקלעך, — עס שמעקט שוין ווידער מיט וועסנע.

זעקס זין, ווי די שקיטן, האָט זי געבוירן. פון צוויי ווייסט זי ניט, וווהין זייער געביין איז אהינגעקומען. יאשע מיט באָריסן ליגן מיט פארמאכטע אויגן באם מאמאיעוו־קורגאן. איין ליכט באשײַנט זייערע ליכטיקע פּנעמער. אזוי טאקע, ווי נעסיע פליישמאן האָט זיי דערמלט, יון־כוידעש, באגלייט אפן פראָנט, שטייען זיי,ביידע, פאר אירע אויגן — געזונטע, לעבעדיקע, פריילעכע.

קאיאָר שטייט הויך אין הימל די טאמעוואטע לעוואָנע. אָנגעשפּארט אין א דעמב, שײַנט זי ארויס פון צווישן די צווײַגן, הערט זיך אײַן אין נעסיעס רייד מיט אָנגעשפּיצטע אויערן. ווײַזט אויס, זי איז א ביסל טויבלעך, די פארזעסענע מויד, פארשטייט זי ניט, וואָס דאָ קומט פּאָר. פּערל, נו, זאָל זײַן פּערל: גיטעלע וואלאָווס מישפּאכטע איז בעסער?

אמאָל פלעגט מען גיין צום רעבן, אָבער פאר ווען זאָל נעסיע זיך קלאָגן: פארן אפּטייקער צי פאר דער אפּטייקערן? בא לײַטן האָבן על־טערן נאכעס פון קינדער, גרויסן באריש. און בא איר איז נאָר צאָרעס, ווייטעקן, גרימעניש.

אין שטעטל, געדענקט זי, נעסיע, האָט מען געפּאָקט און געמאָזלט, געטראָגן טשיפּעקעס פון פרומקײַט וועגן. נאָר אין דער גרויסער שטאָט גייען די דאָזיקע שטיק ניט אָן: שכיינים פארמאָגן געלעכערטע אויערן. טוסט א שלוקערץ — הערט מען, טוט די טיר א סקריפּע — שטייט מען שוין אין פענצטער.

אין דער עוואַקואַציע, פאַרשטופּט אין יענעם קליינעם צימערל, פאַר־האַקט די פענצטער מיט פאַניער, ווי אין טורמע, האָט נעסיען געפעלט א לעמפּל, מע זאָל זיך באַנאַכט ניט בוצקען, ווי די בלינדע שעפּעלעך. אָן וואַסער, אָן ברויט, די קינדער הריזען די ווענט, איז דער מאַמען געווען ניט אַזוי פינצטער אין די אויגן, ווי אַציינד: אוי, נאָגט איר דאָס האַרץ! וואָס וועט זיין?

באַטאָג קוקט זי אין פענצטער. דער שניי גייט, שוואַרצע וואָראָנעס, ווי אירע אייגענע געדאַנקען, וואָס וואַרפן אָן אויף איר א מאָרעשכוירע, פליען סטייעסווייז, שווימען אין הימל, פאַלן צו דער ערד.

— אַרקאַשע, אַרקאַשע,—טראַכט זי וועגן זונס גורל.

אַרקאַשע קומט אַריין, שלאָגט איר איבער די געדאַנקען:

— וואָס ביסטו אַזוי באַצאָרנט, מאַמע?

— גאָרניט, איך קוק אין פענצטער. צוויי יאָר האָט מען געמאָסטן, מע שטעלט שוין קוים פּלעקער.

— מירן נאָך דערלעבן, מאַמע, נייע דירעס.

— יאָ, מיין זון. וויפל דאָס הינטל זאָל ניט לעבן, אַפילו אינעם קייסערס פּאַלאַצן, סיי ווי רופט מען עס שטשענאָק,—גייט זי איבער אויף דער צווייטער אָקטאַווע.

— וואָס ווילסטו, מאַמע?

— איך וויל, אַז דאָס אַלמאָנעכל זאָל זיך מיר ניט דרייען פאַר די אויגן.

— איך פאַרשטיי גאָר ניט, בא מיר איז מיט פערעלען גאָרנישט ניט געווען.

— א טאָפּ ליים וועל איך איר אָפּן קאָפּ אָנטאָן.

— ביסט שוין באַלד אַזאַ דראַטשון, מאַמע, ווי דער סויכער קאַלאַשני־קאָוו.

— יאָ, איך דאַרף נאָר, אַרקאַשע, די אַרבל פאַרקאַטשען.

— וווּ איז דיין קאָפּטע, מאַמע, מיט די לאַנגע אַרבל?

— געדענקסט, אַרקאַשע, דעם טאַטנס לייבל? פלעגסט גיין אין דעם אויף דער אַרבעט.

אוואַדע געדענקט ער...

נעסיע ווישט אויס א טרער, קוקט דעם זון גלייך אין פּאָנעם אַריין:

— דערוף, אַרקאַשעניו, בין איך א מאַמע אויף צו כאַפּן דעם ערשטן קלאַפּ. וואָלט געלעבט דער טאַטע, מיילע: צאָרעס און פרייד—אויף צווייען, אָבער אַן אַלמאָנע—מוז איך שלינגען די ביטערע לימענע מיט די קערלעך,—ווישט זי מיטן פאַרטעך אירע פאַרוויינטע אויגן.—וואָס הייסט, זון מיינער—„גאָרנישט ניט געווען..."?

נעסיע גייט צו נעענטער, און זאָגט כליפּענדיק:

— ניין, אַרקאַשע, שולדיק בין איך, אייער מוטער, וואָס האָט אייך געבוירן, זעקס באָנים, ווי די שקיטן. און וואָס, מישטיינסגעזאָגט, איז מיר געבליבן?

אַרקאַשע קושט זי, דריקט זי אין די אָרעמס:

— מע דאַרף ניט, מאַמע...

גאַנצפרי קומט דער טראַקטאָר צו נעסיעס פּענצטער, שנײַדט דורך אַ וועג, וואַלגערט די הורבעס שניי־בערג, קאָרטשעט אויס דעם געדיכטן אָלשאַניק, ווײַזט אויס, אַז דאָ דערבײַ, אַ ביסל רעכטס פון די פלייש־מאַנס, וועט מען בויען נײַע הײַזער.

ווערט איר, נעסיען, ניט גוט אפן האַרצן. זומער־לעבן פלעגט זי קומען צום עפּלבוים, וואָס בליט אַזוי שיין, אָטעמען מיט פרישער לופט.

אונטער אָט דעם בוים זײַנען זיי אויסגעוואַקסן, אירע דימענטלעך, קומט גאָר אַ בייזער מענטש אין אַ זומערדיק פאַלטאָכל, באַפּוילט דעם עפּלבוים אויסקאָרטשען! טוט זי זיך אַ כאַפּ, נעסיע, פאַרן האַרצן. — און עפּשער איז גאָר אַזוי גלײַכער? נײַע צײַטן, נײַע לידער...

די וועסנע, זעט אויס, וועט זײַן אַ געראָטענע, אַ סימען — מע פירט שוין טויזנטער קאָמבײַנען אין פעלד אַרײַן. קאַזאַכסטאַן פאַרענדיקט דעם פאַרזיי — מעג מען שוין פראַווען כאַסענעס. כאַסענע מאַכן צוויי קינדער איז גאָר אַ גרויסע סימכע.

אַמאָל פלעגט מען איבערקערן די פעלצן אָף דער לינקער זײַט, שפּרייטן זיי אונטער די פיס — סימאָנים פון רײַכקײַט; אָנרירן די קאַלע מיטן עלנבויגן, מיט אַ צווײַגל, לייגן שלאָפן דאָס פאָרפאָלק נאָענט צום סקאָט, קעלבער זאָלן זיך מערן; שפּריצן אָף די בעהיימעס מיטן וואַסער, אין וועלכן די קאַלע האָט זיך געבאָדן...

אויסמישן ווײַנען, טרינקען און עסן איניינעם, דער „קניפּ" זאָל זײַן שטאַרקער, געבן דעם כאָסן פאַרזוכן לעקעך, וואָס איז געלעגן בא דער קאַלע אין מויל. נאָר וואָס פאַר אַ מאַטאָנע זאָל נעסיע געבן אַרקאַשען?

צווישן אַנדערע מעשוגאַסן זײַנען געוועןּ: קאַלופּען דעם אויוון, ווען מע פירט דאָס פאָרפאָלק צו דער כופּע, טוליען זיך צו דער הרובע, צע־פּאַטלען איר די האָר, וואַרפן אין קרענעצע געלט. נייטן די קאַלע, זי זאָל אויסטאָן דעם מאַן די שטיוול, אַ סימען, אַז זי וועט זײַן געהאָרכזאַם ביזן סאָף פון זייער לעבן.

הײַנט באַגייט מען זיך, דאַנקען גאָט, אָן „קניפּן", אָן דעם אַלעמען.

וועהאָרײַע, אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָבן אַרקאַשע מיט פערעלען זיך אַרויסגעכאַפּט פון שטוב און אין אַ פּאָר שאָ זיך אומגעקערט מיט שײַנענדיקע פּנעמער:

— איר קאָנט אונדז באַגריסן, — האָבן זיי ביידע אין איין קאָל אויס־געשריִען, — אָט ערשט האָבן מיר זיך פאַרשריבן.

איז וואָס זאָל נעסיע שוין געווען טאָן? אַן אַנדער ברייִרע האָט זי געהאַט? אַ מאַמע בלײַבט דאָך אַ מאַמע.

— זאָל זײַן מיט גליק, — האָט זי געזאָגט, און טרערן זײַנען איר געשטאַנען אין די אויגן.

# דער וועג אַף וואָלגאָגראַד

ציגײַנערס שלאָפֿן אין טאַבאָרס, פּאַסטעכער פֿון טאַבונען — אין יורטעלעך, טוריסטן — אין שלאָפֿזעק. מיר אָבער, שאָפֿערן פֿון שווערע לאַסט־אווטאָמאָבילן, נעכטיקן אין די קאַבינעס ערגעץ אינמיטן א שליאַך.

ווען א פֿאַרשלאָפֿענער טראַקטאָר כאַפּט זיך אוף ווײַט אינעם פֿעלד, הייסט עס — עס טאָגט שוין. עפֿנסט די אויגן: פֿייגעלעך רײַסן זיך בא די טשובן... זײַן מאַיעסטעט דער הירש גייט ניט געײַלט איבער פֿון איין וואַלד אין א צווייטן — געהוליעט ערגעץ בא פֿרעמדע הירשעכעס...

דער שלאָף בעט קיין עסן ניט, ווילט זיך נאָך א ביסעלע כאַפּן א דרעמל...

מיטראָפֿאַן מיטראָפֿאַנאָוויטש פּירסאָוו טוט א קוק אפֿן זייגער.

— ליכאַטשאָווצעס[1], גענוג צו כראָפּען!

די זון שטייט שוין אין הימל, ווי א פֿאָלאָנקע אינמיטן טײַך. דער וואַלד שמעקט מיט כוואָיע און פּרימאָרגן־טוי. סטרונעס הייבן אָן צו שפּילן אין די פּופּציק מאָטאָרן פֿון די אָנגעלאָדענע טראַלערס.

וואָלגאָגראַד „אַטאַקירט" מען דורך דעם דאָנעץ, דורך די שאַכטעס, נאָר מע קאָן פֿאָרן אהין אויך דורך מילעראָוואָ...

---

[1] דאָ האַנדלט זיך וועגן שאָפֿערן, וואָס פֿירן אווטאָמאָבילן פֿון דער מאַרקע „זיל" (זאַוואָד אַף ליכאַטשאָווס נאָמען).

— קאטיושע, — האָט פּירסאָוו זיך אָנגעפּרעגט בא דער טאַבעל־שטשיצע נאָך פאָרן ארויספאָרן פון מאָסקווע, — וויפל קינדער קומען היינט אין קינדער־גאָרטן?..

דאָס הייסט: וויפל שאָפערן קערן זיך היינט אום אין גאראזש פון וויַטע רייסן.

— זעכציק.

פּירסאָוו פארזשמורעט זיין לינק אויג, באלעקט די אונטערשטע גראָבע ליפּ:

— איבערגענוג, קאטיושע, איבערגענוג...

הונדערט מאשינעס האָט מען געגרייט אין וועג אריין: פּופּציק טראַלערס און אף יעדן טראלער — א סאמאָסוואל.

פון גלאָווק האָט מען געקלונגען יעדע שאָ: „וואָלגאָגראד, וואָלגאָגראד, וואָלגאָגראד"...

פּירסאָוו האָט געשריען אין טריַבל:

— יאָ, אלע זיינען שוין דאָ... מיר פאָרן נאָך היינט ארויס.

דער שאָפער פליאסונאָוו טוט זיך א קלאפּ מיטן פּרוטיקל אין קאָליעווע:

— וואָס כאפּט מען זיך אזוי?

געבנדיק א קרומען קוק אפן אזעספּאָנעם, דערלאנגט פּירסאָוו, דער בריגאַדיר, זיין קאָמאנדע:

— צום „מאלאכאָוו קורגאן"!

די זון טוט זיך א ריס ארויס פון די כמארעס און הייבט אָן אף איר אויפן צו שפּילן מיט דער וועלט.

— פּופּציק טראַלערס, — זאָגט פּירסאָוו, — איז א גאנצע ארמאדע. און אויב מיר גייען אף וואָלגאָגראד, רעכענען מיר זיך אין ראָדימצעווס דיוויזיע, וואָס האָט אזוי פּיין צענעריקט דעם דיַטש די מאָרדע...

ער מאכט פאר זיך אליין א כעזשבן:

— פּופּציק טראַלערס נעמען אף זיך פּופּציק סאמאָסוואלן. בלייבן בא קאטיושען צען שאָפערן אף אופראמען דעם גאראזש...

איידער מע צעגייט זיך צו די מאשינעס, איַלט זיך פליאסונאָוו אויסדערציילן זיין מיַסעלע. שאָפערן עפענען מויל און אויערן:

— ...וואָס זשע האָסטו זיך ניט אָפּגעשטעלט, פליאסונאָוו, איך האָב דאָך געפּיַפּט?..

— איך האָב געמיינט, כאָווער מיליציאָנער, אז איר דערוואַרעמט דאָס פּיַפּעלע...

עס געדויערט ניט קיין סאך — און אלע שאָפערן, ווי איין מענטש, לאָזן זיך אין וועג אריין.

— איַדא צו דער מאמעניו וואָלגע!..

— דורך די סאלסקער סטעפּעס!

— ווו פּאוליוס האָט פארלאָרן די הויזן...

מע כאפּט א קוק, ווי סטאטעטשנע א סאמאָסוואל זיצט אין טראלער, און מע כאָכמעט זיך:

„סטאַרי אָסיאָל מאָלאָדאָווואַ ווען זיאַט..."

צו דעם הילכיקן געוויש פון מאָטאָרן איז אויך דער מאָטאָר פון מײַן „זיל" אַ מעכוטן. איך זיץ באַ דער באַראַנקע און צי דערווײַל דאָס פּע־דעמל פון מײַנע מאכשאָוועס:

קינדווײַז פּלעג איך טרוימען, אַז גרויסערהייט וועל איך טראָגן, ווי דער טאַטע, אַ פּידזשאַק, פּאַרקעמען דעם שרונט, האָבן געדיכטע שוואַרצע ברעמען און דער מאַמעס שיינע, בענימעסדיקע שטילע אויגן. נאָר גע־וואָרן איז פון מיר אַ קאַבאַקעלע מיט צוויי פּאַרוואונדערטע, קעצישע איי־געלעך...

איך קוק אויף דער כעוורע שאָפערן, מײַן האַרץ קלאַפּט שטאַרק, ווען איך זע דעם סאַמאָסוואַל, וואָס שטייט מיט די שווערע רעדער אויפן טראַ־לער. באַלד נעם איך אים, דעם טראַלער, אין מײַנע הענט און פיר אים אַוועק — אויף וואָלגאָגראַד.

...און געקומען איז דער שיינער זומער־פרימאָרגן, ווען דער „זיל" האָט מיך געבראַכט אויף דער טראַסע: קוק און שפּיגל זיך, מייער באַלנעס' אייניקל.

וועלדלעך באָדן זיך אין געדיכטן נעפּל. פּונקט ווי באַם מענטשן צע־גיסן זיך ריטשקעלעך בלוט דורך די אָדערן, אַזוי פליסן טאָג און נאַכט מאַשינעס איבערן שליאַך — דאָס איז די אַרטעריע, וואָס פאַרבינדט שטעט און דערפער. אָן דעם זשום אויף דער טראַסע ווערט טויב די גאַנצע וועלט.

קוקט ניט, פּוסגייער, אַזוי קרום אויפן הוילעך מײַנעם. דער דאַשעק פונעם היטל איז טאַקע צעקנייטשט — איך בין אַ שאָפער, און דער קאַש־קעט איז מײַן צוקאָפּן־קישעלע באַנאַכט אין קאַבינע...

באַ דער ערשטער בענזין־קאָלאָנקע גייט פּירסאָוו צו צו מײַן מאַשין, באַטראַכט זי, עפנט דעם באַק:

— צי ווייסטו, בראַטאָק, לעמאָשל, וויפל די שיף „לענין" נעמט אַטאָם־שטאָף אין וועג אַרײַן?

— אויפן גאַנצן יאָר עטלעכע צענדליק קילאָגראַם, מיטראָפאַן מיטראָ־פאַנאָוויטש.

— עטלעכע צענדליק? גוט. אַלץ ווייסטו. אַנטראַציט אָבער וואָלט ער אָנגעזשעבערעוועט...

— הונדערט פופציק טויזנט טאָן.

— הײַנט פאַרשטייסטו, שיקעלע, אַז מיר מיט דיר פאָרן נאָך דער־ווײַל ניט מיט קיין אַטאָם־שטאָף... מיר זײַנען מיט דיר, גאָט צו דאַנקען, דורכגעגאַנגען אַזאַ געפערלעכע מילכאָמע, דאַרפסטו שוין קיין ניאַנקע ניט האָבן. גיס, זײַ מויכל, אָן פולער דעם באַק, ווײַל אַ וועג שטייט אונדז פאָר אַ שווערער...

דערנאָך גייט פּירסאָוו אונטער שטילערהייט צו פליאַסונאָווס טראַלער,

טוט א שאָקל דעם באַגאַזשניק, קוקט גלײַך פּליאַסונאָוון אין די אויגן אַרײַן:

— מיידלעך פּירסטו אין קאַבינע?

— יאָ, בריגאַדיר.

— איך האָב געזען, זיי טוען אָן דײַן היטל?

— נו...

— איז שוין דער קאָפּ אויך ניט דײַנער, פּליאַסונאָוו...

פּירסאָוו זעצט זיך צו אַפּן גראָז, פאַרײיכערט.

— בא דער קאַסע, בראַטישקעס מײַנע, שטייען מיר אַלע, נאָר אַר־בעטן וויל ניט יעדערער... מיר פאָרן ניט באָדן זיך אַף קאַווקאַז, פּליאַסו־נאָוו. מיר דאַרפן ברענגען די אַרמאַדע מאַשינעס קיין וואָלגאָגראַד, ווו מע קוקט אַרויס אַף אונדז, ווי מיט נײַנצן יאָר צוריק אַף ראָדימצעווס סאָלדאַטן.

די שאָפערן קוקן זיך איבער מיט א שמייכעלע: ווען דער בריגאַדיר פּירסאָוו מישט אַרײַן אין די רייד ראָדימצעווס דיוויזיע, כאַפּט ער שטענ־דיק איבער די מאָס, אָבער אים איז מען מוחל, ווײַל ווער ווייסט ניט, אַז ער אַליין איז געווען בא ראָדימצעוון אין סאַמע ברען, אַפּן וואָלגאָגראַ־דער פראָנט...

צוויי וועגן פאַרמאָגט די ערד: א ברייטן אַספאַלטירטן טראַקט און אין א זײַט פון אים — אַן אַלטן, צעקאַליעטשעטן „סעגינס" שליאַך, ווי עס רופן אים צווישן זיך שאָפערן.

טשומאַקעס פלעגן דאָ דערטרונקען ווערן, פאַרנדיק מיט די ברענענ־דיקע שטורקאַצן. זיי פלעגן באַקומען דאָס קאַדאָכעס, ווען נאָך א גוטן רעגן זײַנען געװען גערונען בלאָטיקע ריטשקעס אונטער די שווערע רעדער...

בורלאַקעס אַף דער וואָלגע האָבן, דורכט זיך, וויניקער געבויגן דעם רוקן, איידער די בינדיוזשניקעס און פורמאַנעס, ווען עס פלעגט פאַר־סטראַנעט ווערן דער שווערער וואָגן. האָלאָבליעס האָבן געטרישטשעט, ווישקעס און צײַמלעך זיך געריסן, פּוזשעלעס זיך געבראָכן אַף די פערדס ביינער:

— איי, נעוויילעס!..

אַף פערד האָט מען געאַקערט, געפירט בורעקעס, זשאָם, האָבער און גערשטן. מע איז געפאָרן מיט הילצערנע דראַבענעס אַף יאַרידן, געפירט כאָסן־קאַלע און לײַטישע באַלעבאַטים. געפירט האָט מען אַף די פערד וואַסער, געשלעפּט האָלץ פונעם וואַלד, שטיקער אײַז פונעם טײַך:

— איי, נעוויילעס!..

און אין מאָסקווע האָבן אין יענער צײַט פערציק טויזנט פורמאַנעס געצויגן די ליאַמקע. אַף די גאַסן איז געשטאַנען א געשטאַנק פון קיזיאַק, עס האָט זיך געהערט דאָס הירזשען פון אָגערס, דאָס קוויטשען פון לאָ־שעקעס, דאָס קנאַלן פון בײַטשן און שווערע טופּען פון געקאָוועטע קאָ־

פעטעס. קרעציקע נעווײלעס אין איין קאָן מיט ווײַסע טראַיקעס, בא וועלכע די רוקנס זײַנען געדעקט מיט פּערסישע טעפּיכער.

סאָכרים, וואָס פלעגן קומען אהער פון ווײַטע מעקוימעס, האָבן געהוליעט, געלאָזט אָף באַראַט זייערע לאָמאָוויקעס, וואָס האָבן געטאָפּטשעט די בלאָטע, געקראָכן טאָג און נאכט איבער „סעגינס" שליאַך.

— א שווער שטיקל ברויט געווען בא לאָמאָוויקעס... — פארייכערט פּירסאָוו א ציגײַער. ער שטייט אוף פונעם גראָז און הערט ניט אוף צו קוקן אין זיקאָרן אָף זיך אליין, ווי ער זיצט אָף דער קעלניע און האלט די בײַטש אין די הענט. יאָרנלאַנג האָט ער געפירט דעם שווערן וואָגן מיט א הוקע און טיוקע:

— איי, נעווײלעס!..

— ליכאטשאָווצי, פּאָ קאָניאַם!

פאָרן, איז געפאָרן!

איך זיץ אָף מײַן שאָפערישן קייסער־שטול אין קאבינע און טראכט: מײַנע אויגן האָבן געזען די גאנצע וועלט. פון קינדווײַז אָן לעב איך נאָר אין דרויסן. דרײַ מאָל אין טאָג פלעגט מיך דער זיידע מײַנער טראָגן יאָמים־נוראָים אין שול ארײַן, די מאמע זאָל מיר געבן די ברוסט. דער ווינט רײַסט שטיקער, דער רעגן גיסט, און איך שטעל מיר ארויס א פּיסל... אדהײַעם האָב איך ניט מוירע פאר שניי און פראָסט, פאר רעגן און זאווערוכע, פאר טומאנען און דער רועך ווייסט וואָס...

ווי א וועלפּיכע, טוט מײַן טראַלער א יאָג ארויס פון א באַלקע, טראָגנדיק אָף זיך, ווי א שעפעלע, דעם סאמאָוואַל. פרי בין איך הײַנט אופגעשטאנען און זיך באַם רודער א פארכושטער. פון דער קאבינע דערשפּיר איך דעם רייעך פון אוקראַינע, און די נעשאָמע טוט א צאַפּל.

גרינע, פארוואקסענע בערג און טאָלן. ראַכוועסן, וואָס מײַן אויג איז ניט בעקויעך זיי ארומכאַפּן. קליינע, אָבער שטאַרק געדיכטע וועלדער, ווו ביימער שטייען פארקילט אין שטילן ציטער, בלעטער קושן זיך אין פארכאָלעמטן שאָטן. פונעם וועלדל גאַנוועט זיך דער פרימאָרגן־טוי צום טראַקט, וויל אים אָפּטאָן א שפּיצל: מאכן אזוי, אז ער זאָל שײַנען, ווי א לאַנג שטיק פוילהאָלץ.

דער „זיל" מײַנער פליט ארויס פונעם יאַר, ווי אן אונטערוואַסער־שיפל פונעם יאַם. נאָך „סעגינס" שליאַך איז דער וועג ווידער אספאַל־טירט. ערשט ניט לאַנג איז זײַן רוקן געווען ארומגעלייגט מיט שטיינער, און שווערע קאָפּעטעס פון בודיאָניס און שטשאָרס קאוואַלעריע האָבן איבערגעלאָזט אָף זיי טיפע סימאָנים...

בא א פּלויט — א הוידעלקע, א בלאָוו וויגעלע. עס פליט ארויס פון טויער א מאָטאָראַלער. וועלאָסיפּעדן דרייען זיך אונטער די פיס. עס טוט א הודע דאָס קליינע „זאפּאָראָזשעצל", און אין איינקלאַנג מיט אים היר־זשעט א שקאָפּע צו אירע צוויי געלע לאָשעקלעך... מע פירט פארבײַ צום

ביק א ווײַסע טעלעצע אין רויטע פלעקן, עס גלאַנצן אירע ווילדע אויגן, הערנער — ווי פליגל.

איך זע מײַן גאַנץ פאַרמעגן פאַר די אויגן; עפּל־ביימער בלִיִען שוין אָפּ, ווינטער־ווייץ איז נאָך נידעריק. ווילט זיך מיר ארויס פון קאַבינע, אַנרײַסן א פולע זשמעניע זאַנגען און באַוויַיזן דער גאַנצער וועלט.

אָט דאָ בין איך געבוירן: אָט איז שוין מײַן שטעטעלע, און אָט — מײַן שטוב. שטאָט נאָך שטאָט, דאָרף נאָך דאָרף, מאַרשרוט נאָך מאַרשרוט, אַזויפיל טײַכן און יאַמען געזען מיט די אייגענע אויגן. קומט אָבער צום וואָרט „היים״ — בלײַבסטו זיצן ווי א פּיצל קינד אין וויגל...

פּריטשמעליעט איז מען אַמאָל דאָ, אין שנאָרער־געסל, אַרומגעגאַנ־גען, נויט און דאַקקעס האָבן געדרעמלט אַף יעדן פּידאַשעק. נאָר איצט איז דאָ שוין דאָס לעבן אַנדערש, כאָטש עפּעס איז נאָך פאַרבליבן פון אַמאָל.

ליפּע דעם וואַסערפירערס פּערדאַטש — עס גייט אים גאָר ניט אָן, וואָס אַפן שליאַך שטעלן זיך אָפּ אָנגעלאָדענע טראַלערס. אין יענער שווע־רער צײַט פון היטלערס ווילדער מעמשאָלע איז דאָס דאָזיקע טשיקאַווע פערדל גאָר געווען א מעיוכעס. דעם דײַטש איז אפילע אַפן געדאַנק ניט געקומען, אַז אַזא זלידניע פּירט אין סקריפּענדיקן שליטן קעסטלעך ביקסן...

שטייענדיק אינמיטן שליאַך, פאַפּערעק דעם וואָגן, טרײַבט זי, די בלינדע שקאַפּע, פון דער אָפּגעריבענער פעל בייזע פליגן און קוקט ניט צו דער נאָרוואָס אָנגעפּאַרענער כאַליאַסטרע שאָפערן. כאַלילע, די שאָ זאָל ניט זײַן, ווען זי ציט אויס אירע פיס, שטעלט זיך אין שטעטעלע אָפּ די פּאַטשטאַרניע מיט דער פעקאַרניע...

פאַרהאַנגען מיט סאַטינענע פאַרהאַנגען די גרויסע פענצטער, שטייט אין סאַמע אָנהייב פון דער גאַס דער אַרטעל „טרודאָוויק״. פון דאָרטן טראָגט זיך א זשומען פון עלעקטראָ־דרעלן, א רויש פון מאָטאָרן. מײַן אַמאָליקער שאָכן פראָקאָפּ טשאָרנאָדיד בראָקט דאָס בלעך מיט דער מע־כאַנישער שער. מיט יאָרן צוריק האָט ער אין שטעטל געמאַכט דושניקעס צו קוימענעס, ריבײַזנס און רינוועס, געשלאָפן אין א שאָפּע בא די פערד — דאָס היי האָט אים געשמעקט אין דער נאָז אַרײַן, ווי ראָזשינ־קעס... איך זע אַפן אַרטעל־הויף דאָוויד באַראַבאַש דעם סטעלמאַך, וואָס האָט מיך צום ערשטן מאָל געלערנט דובען מיט דער דאָלעטע א קלעצל. ער בויערט איצט מיטן מאַשין־עגבער זיבעציק קלעצלעך א שאָ.

און אפילע מאַטאָנע קאָוועלס קוזניע האָט זיך מיט א זײַט צוגערוקט צו דעם „טרודאָוויק״ און שפּריצט אַהין מיט פונקען. מאַטאָנע קאָוועט שוין די שינעס מיט אווטאָגען. פאַר א טאָג ווערן בא אים פאַרטיק צוועלף רעדער.

א ביסל ווײַטער פון דער קוזניע בויט מען א מעבל־צעך. כעוורע לייגט ציגל, קוקט פון די רישטעוואַניעס אַף די מעגושעמדיקע טראַלערס און פרעגט זיך אָן מיט א כיטרע מיין:

— וויפל, לעמאָשל, ווערסט איז פון מאָסקווע צום שנאָרער־געסל?..

דרײַ געדיכטע רויכן באַפּוצן דעם הימל אַרום מײַן שטעטעלע: לעבן דער נײַער שטאָט הייבט זיך אויף דער קוימען פונעם צוקער־זאַוואָד, אַ ביסעלע רעכטס טשאַדעט די גוראַלניע, און פון הינטערן אַלטן בעסוילעם טוט זיך אַ שטעל אויף אין זײַן גאַנצן וווּקס דער ציגל־זאַוואָד...

מאַזקיר זײַן די אומגעבראַכטע נעשאָמעס קומען מיר צום פּאָפּע־רעטשנע יאַר, וווּ עס ליגן העכער צוויי טויזנט האַרוגים...

אָנעם היטל שטייט מיטראָפּאַן מיטראָפּאַנאָוויטש פּירסאָוו, בעשאַס ליפּע וואַסערפּירער מאַכט אַ מאָלע. פּירסאָוו ציילעמט זיך ניט, נאָר די רעכטע האַנט דריקט ער צום האַרצן, עס זאָל פון דער ברוסט ניט אַרויס־פליִען דער ווייטעק, וואָס די שווערע צײַט האָט אין איר פאַרבאָרגן.

וויפל באַבעלעך אַפן פעלד, אַזויפל לעבעדיקע אומשולדיקע נעשאָ־מעס האָט דער פאַשיסט אין דער ערד אַרײַנגעלייגט.

בלוטיק־טײַערע טאַטע־מאַמע מײַנע... אין פאַרהאַקטע פורגאָנעס האָבן אײַך היטלערס היצליִעס געפירט צום פּאָפּערעטשנע יאַר...

מיטן פּאָנעם צו דער ערד ביסטו געפאַלן, אָרעמע מוטער, און גע־שריִען:

— קינדער, נעמט נעקאָמע!..

אין יענעם טאָג, ווען מע האָט אײַך דערמאָרדעט, בין איך מיט פּיר־סאָוון אין אַ טראַנשיי געזעסן אַף דער ליימיקער ערד, געריייניקט די ביקסן — מאָרגן ווידער אין אַטאַקע.

געזשאַווערט האָבן די אָקופּאַנטן הינטער רזשעוו — שווער איז געווען פון דאָרט זיי אַרויסקאַלופּען...

איצט איז שטיל סײַ לעבן פּאָפּערעטשנע יאַר, סײַ לעבן רזשעוו. די ערד שלאָפט, קיין בלעטעלע אַפן בוים טוט זיך ניט קיין טרייסל. שטיל איז אין מײַן שטעטעלע. נאָר באַם סוינע אין די פאַרבאַהאַלטענע קעלערס ליגן שוין ווידער באָמבעס, באַ אים שטייען נאָכאַמאָל צוגעגרייט דושע־הובקעס פאַר אונדז...

דערפאַר ליג איך גאַנצע נעכט אין קאַבינע מיט אָפענע אויגן: מיר קענען אײַך, האַדיוקעס, איר האָט ניט איין מאָל אונדז אופגעוועקט פונעם שלאָף. ניין, פּרוּווט ניט אונדזער געדולד, דעם צאָרן אונדזערן אויס־מײַדן וועט זיך אײַך ניט אײַנגעבן!..

...צוריק פונעם פּאָפּערעטשנע יאַר פאָרן מיר דורכן פּוילן בריקל. אָט וואַלגערט זיך באַם טײַך דער שטיין, אַ באַוואַקסענער מיט מאָך, אַף וועלכן מאַטאָנע קאָוועל האָט מיך געלערנט אָנציִען אַ שינע.

אין קוזניע, גאַנצפרי פאָרן קלאַפּן אַקסן, פלעגט מאַטאָנע אַ כאַפּ טאָן דעם צוואַנציקפונטיקן האַמער, די „מאַטריאַשע", און אַרײַנקלאַפּן אַ שוועבעלע אין דער ערד אַרײַן. שלאָגן זיך מיט מיר איז געווען מאַטאָנעס פאַרגעניגן. מיטאַמאָל פלעגט ער מיך אַ נעם טאָן פאַרן גאַרטל און ניט געכאַפּט זיך אָנהייבן „קושן" מיט מיר...

איז טו איך טאַקע אַ טאַנץ אונטער פון פאַרגעניגן, ווען איך דערזע, אַז דער קאָוועל גייט אונדז אַנטקעגן לעבן סאַמע שטיין און איז גרייט מיט מיר נאָכאַמאָל, אין אַ נאָוועניע, זיך „צעקושן".

אַראָפּגעכאַפּט דעם צעקאַרדאַשעטן קאַשקעט פונעם קאָפּ, אָנגעכאַפּט דעם קאָוועל פאַרן רימען, ווי ער מיך אַמאָל פאַרן גאַרטעלע, זעץ איך אים אַרײַן מיט די אויסגעברענטע הויזן אין באַליע וואַסער, וואָס אַ באַלעבאָסטע האָט דאָ איבערגעלאָזט...

די אַלטע ווערבע האָט זיך שוין אָפּגעשיילט, דינע צווײַגן שפּראָצן אַרויס, ווי פונעם הירש שטערן די יונגע פּאַנטעס. אַרום דער ווערבע ליגט אַ גאָרטן, מע גראָבט דאָרט יונגע קאַרטאָפּליעס. ווײַטער, אַראָפּבאַרג — לעוואַדעס, לעוואַדעס, לעוואַדעס...

אַרום די טראַלערס נעמען זיך מיט נײַגעריקײַט צונויף קינד־און־קייט.

— יאַגײַטאָ מאָצאָסאָ, — גייט צו דאָוויד באַראַבאַש צו מײַן קאַבינע: — האָסט געזוכט, שיקע, און האָסט געפונען... געפונען האָסטו אַ גרינגער שטיקל ברויט, איידער דער טאַטע דײַנער... פאַרמאָגסט די בראָכע אין די הענט, איז אַ גליק צו דײַן קאָפּ... ביסט אַ שאָפער, וועסטו שוין פון קיין נויט ניט וויסן.

לעוואָנעדיק איז אין דרויסן, ווען די טראַלערס, באַגלייט פונעם גאַנצן שטעטעלע, שווימען אַרויס אויפן ברייטן אַספאַלטירטן שליאַך.

...באַנאַכט, ווען דער שליאַך ווערט נאָכן מידן טאָג אַנשלאָפן, פּרוּווט אומיסטן צולייגן דעם אויער צום אַספאַלט. איר הערט, ווי ער רעדט פונעם שלאָף, דערציילט זײַנע מעשׂים...

אין דערפל באַסירקאָווע, אויפן סענאָוואַל, האָט מיטראָפּאַנאָוויטש אַ גענעץ געטאָן מיט גרויס האַנאָע און געזאָגט שמייכלענדיק:

— עס פאָרן הונדערט „זילן" אויף וואָלגאָגראַד...

דאָס פלעמל באַם שײַטער כאַפּט באַבעלעך; טראַקטאָרן, אײַנגעשפּאַנטע אין גרויסע טשערפּאַקעס, פירן ליים אויף שמירן די נײַע הײַזער. זיי גרילצן אַזוי, אַז אײַנשלאָפן איז אוממעגלעך.

טראַכט איך מיר מײַנע מאַכשאָוועס:

מיר איז, ווײַזט אויס, באַשערט אויסקוקן די גאַנצע וועלט מיט אירע וועלטעלעך...

אין דערפל באַסירקאָווע איז נעכטן געווען עפּעס אַ יאָמטעוו. באַלעבאַטים בעטן פאַרזוכן געפּרעגלטע פישלעך קאָריושקע, וואָס שמעקן אַ מעכײַע, ניט ווי אונדזערע פּלאָטוועצעס — וואָלוול, פויל און אַ סאַך...

נאָר איך וויל זיך ניט אופּכאַפּן פונעם דרעמל.

איך ענטפער פירסאָוון מיט אַ גענעץ און זאָג אים, ווי ער וואָלט עס ניט געוווּסט, אַז מיר פאָרן אויף וואָלגאָגראַד ניט קעדיי דעם קניאַז גאָליצינס הויז אָנקוקן, נאָר פאַרנייגן זיך פאַר דעם הויז פונעם סנײַפּער פּאַוולאָוו,

אוועקשטעלן אונדזערע נײַינקע מאשינעס לעבן דער פּאָזיציע פונעם העלד...

דערוויַיל איז ארויס די זון, כעוורע שאָפערן צעלויפט זיך צו די טראַ־לערס און פארפירט די מאָטאָרן.

א קליין קאטשקעלע שטייט אינמיטן שליאך — אָפּגעשטעלט דעם גאנצן טראנספּאָרט.

פירסאָוו קוקט דערוויַיל צום בורע קיִעלע, וואָס פירט די טשערעדע צום טײַך...

אמאָל האָט אים דער אייגענער טאטע אָפּגעגעבן אף ארענדע דעם באַלעגוף: פאשע פרעמדע כאזיירים, מיטראָפאן, טרײַב געגדז צום ריטש־קעלע...

— פאנענקע, — זאָגט מיטראָפאן מיטראָפאנאָוויטש צום קליינעם קאטשקעלע, — טו א פּאָכע מיט די פליגעלעך... האָסט דאָך ליב דעם טרונק, ווי אונדזער פליאסונאָוו...

קומט אָן דער גאָנער, גראַגערט עפּעס אף זײַן נאריש לאָשן, און שאָ־פערן שילטן אים אין טאטנס טאטן:

— גו, ריר זיך שוין, באלעבאָס!

דער טראַלער שטעלט פיס, שפּאנט, קיין אײַנהאָרע, — ניט אנדערש, ער האָט ארײַנגעשלונגען א מעסטל האָבער.

מענטשן פאָרן ווי מענטשן.

מיך אָבער האָט עס פארשלעפט קיין ראָסטאָוו. איינער א מיליציאָנער וויַיזט מיר א נײַעם מארשרוט צו דער וואָלגע דורך באטײַסק.

...קאַלמיקער סטעפּעס ליגן פארוואָרפן אין דער זײַט פונעם וועג, קאָכט דאָ ווייניקער, און ביזוואנען מע דערלעבט זען די סטאנציע פּראָ־לעטארסקאיא אָדער א פאָלוסטאנעק, קריכן ארויס די אויגן.

אויסגעבאָדן זיך אין טײַך מאניטש, פארקעמט דעם טשוב, אָפּגע־פרישט זיך, פאָר איך ארײַן טיף אין א באלקע, נאָר ווײַטער איז ווידער־אמאָל סטעפּ.

איך שלאָף איבער אין קאָטעלניקאָוואָ, טו א פרעג בא אן אָרטיקן, צי ווייסט ער ניט דעם וועג אף וואָלגאָגראַד.

— פארוואָס ניט? מע קאָן פאָרן מיטן אלטן גריידער, דורך די סאָ־ווירטן, מיט די עסטאקאדעס...

אופגעשטעלט זיך אף א פארוואָרפענער מאָלאָטילקע, שרײַ איך ניט מיט מײַן קאָל: א־הו! א־הו! א־הו!

קיינער ניטאָ.

בענזין אין באק — איין פערטל.

עסן — קאדאָכעס.

וווהין פאָרן? רעכטס, לינקס?..

נאָך א צוואנציק קילאָמעטער קריך איך מיט די עסטאקאדעס און שטעל זיך אָפּ.

אין פעלד שײַנט דער גאָלדענער װײץ, פײגעלעך זינגען, ערגעץ זשור־מעט א „כ.ט.ז.״.

װי פון אונטער דער ערד, יאװועט זיך א מאָטאָציקל.

— מענטש!

— נו, יאָ, איך בין א מענטש...

שיר ניט ארומגעכאפט קושן דעם קאָלװירטניק, זיך באַכגעפרעגט, װיאזוי ארויספאָרן אפן שליאך, און בין, װי גאַרניט װאָלט געשען, געקור־מען אין זשוטאָװוקע.

דאָרטן, אף דער סטאנציע, נעם איך אין קאבינע א באבעצי מיט א קעסטל אײער, און זי פארפירט מיך בעשאָלעם צו דער װאָלגע, װו איך יאָג אָן פירסאָװון מיט דער קאָלאָנע.

א פרײלעכע זאך: ארויסשפרינגען פון דער מאשין, אראָפּלאָזן זיך בארג־אראָפּ און הינטער א טיפער באלקע דערזען די װאָלגע...

צװײ צענדליק יאָר זײַנען אריבער נאָך דער מילכאָמע, האָסט שוין לאנג אויסגעטאָן די שינעל און דאָך — פונקט װי דעמלט, אין פעװראל טויזנט נײַן הונדערט צװײ און פערציק, פארבײג איך זיך אויך איצט פאר דער װאָלגע.

אָך, װי געשמאק עס טרינקט זיך דאָס װאסער, אין װעלכן די נאטור האָט מיט איר לעפעלע אויסגעמישט װײַנטרויבן־זאפט, דער מאמעס מילך און די זאפטן פון דער מאמעניו־ערד.

איך דערקען אין דײַן שטראָם דעם שטילן בוג, דעם האסטיקן אמור און אפילע דאָס ריטשקעלע, װאָס אין שטעטל האָט מען מיט אזױפיל היימישער ליבע גערופן בלאָטע־טײַך.

און איך װיל גאָר ניט װיסן, צי היטלער־סאָבאקע האָט דאָ געװואשן זײַנע ברודיקע קאָפּעטעס, כאָטש דאָס גרילצערײַ פון פרעמדע טאנקען ארום דעם טראקטאָר־זאװאָד קלינגט מיר אפילע נאָך הײַנט אין די אויערן.

אין דײַנע װאסערן פליסן אזױפיל פארגאָסענע טרערן — טרערן פון בורלאקישע ארטעלשטשיקעס און סאָלדאטסקע מאמעס...

צו פופצן יאָר בין איך שוין געװוען אף דײַנע ברעגן און פונדאנען זיך געלאָזט צו א צװײטן רוסישן טײַך —צום גרויסן אמור...

אָפּטמאָל פלעג איך בלײַבן שטײן, װי פאר צװײ קאלעס: װער פון אײַך ביידע איז שענער — די װאָלגע צי דער אמור? װאָס איז מיר ליבער: דער שיר־האשירים, „איי אוכניעם״, צי דאָס פארװיגנדיקע געזאנג פון דעם אמורער װאלס?

מיר שטײען מיט פירסאָװון בא דער װאָלגע, אײַנגעשלונגען װאָלטן מיר די כװאליע מיטן שוים, װי א פרישע גלאָז ביר... גיסן מיר אָן די פליאגעס מיט היימיש װאסער און טראָגן דעם אויצער צו די מאשינעס, װאָס װארטן מיט גרויס אומגעדולד.

...אזוי הייבט זיך אָן וואָלגאָגראַד:

אָן עפּל־סאָד פון רעכטס, ווײַנשל־סעדער — לינקס. קאָטעדזשן, ווי־דער ווײַנשל־סעדער, שטיבעלעך, ווי ליאַלקעס.

דאָס איז דער ערשטער וואָלגאָגראַד.

אין צווייטן וואָלגאָגראַד שטייען שוין זעקסגאָרנדיקע הײַזער פון ווײַסע ציגל. אפן ניצאָכן־פּלאַץ — א מאָנומענט פאר די סאָלדאַטן, וועלכע זײַנען געפאלן אין די שלאכטן פארן לעגענדארן צאַריצין, און פּליטעס פון גראַניט פאַר די גיבוירים, וואָס האָבן באַפרײַט וואָלגאָגראַד.

אופגענומען האָט מען אונדז מיט מוזיק. סאַמאָסוואַלן שטייען אף די טראָאלערס, ווי האַרמאַטן, גרייט סאַליוטירן.

פּירסאָוו קוקט אף מיר בייז. שוין דאָס וויפלטע מאָל — איינע און די זעלבע קאַשע: ווער האָט דיך געשיקט אין קאַלמיקער סטעפּעס? ער, דער בריגאַדיר, האָט אַלעמען געוואָרנט: בא דער ערשטער פּערעפּראַווע נעמט מען זיך צונויף.

איך שטיי פארן בריגאַדיר, ווי אַן אָפּגעשמיסענער, און האָב אים ניט וואָס צו ענטפערן. אַז איך קוק זיך גוט אײַן, דערזע איך אפן שליאַך זיך אַליין, א באָכערל מיט א צעריסן היטל, דעם דאַשעק אף הינטן, באָרוועס... דאָס איז די זאָרגלאָזע און אָרעמע קינדהײַט מײַנע. און ווי איך פיל זיך אזוי שולדיק און פארלאָרן, טוט מיך פּירסאָוו א טשמעליע אין פּלייצע:

— אָבער א שאָפער, שיקעלע, ביסטו אַן אײַזערנער, א רועך דיר אין די ביינער ארײַן!..

אין טרעסט, וווּהין מיר האָבן געבראַכט הונדערט נײַע מאַשינעס, האָט מען געמאַכט א געשמאַקן מאָלצײַט, און פּירסאָוו האָט מיך שטראָ־פירט מיט אַן איבעריק גלעזל...

נאָכן מאָלצײַט — א לעבלעכער דוש, ציכטיקע געלעגערס. גאַנצ־פרי — אפן אַעראָדראָם. מיטן אַעראָפּלאַן — אהיים.

וואָלגאָגראַד, 1961

# א טאָג אין בראַטסק

פאַרן ארויספאָרן אין ווײַטן וועג ארײַן גיי איך ארום, ווי אין א טהאָם. א גאַנצע נאַכט שלאָף איך ניט: וואָס וואַרט דאָרט אף מיר, אין סיביר?...

קינד־און־קייט ווייסט, אַז סיביר איז אמאָל געווען א דושעהובקע פאַר מענטשן. מיטן עטאַפּ האָט מען אהין געטריבן, ווי אין גענעם ארײַן. איך אָבער פאָר מיטן עקספּרעס אף בראַטסק — אין דער טײַגע, צו דעם וווּנדער־טײַך אַנגאַרא, וואָס נעמט זײַנע וואַסערן פונעם בלוי־גרינעם בײַקאַל.

אין דער פינפטער קופּע שפּילן שוין פאַרשוינען א זעקס־און־זעכציק. אין פענצטער האָט ווידער א שפּריץ געטאָן א רעגנדל, ווערט פרישער די

לופט. ס׳איז מיר גרינג צו עטעמען, ביפראט אז די זון מאָסטעט זיך שוין איַין אף נאכטלעגער אין איר קייסער־שטול, געמאכט פון צוויי שטיקער כמארעס...

— וועלכע סטאנציע?

— סעמיבראטאָוואָ...

אין וואגאָן שלאָפט מען שוין, נאָרביידע קאָרטנשפילער זיַינען וואך:

— די מאָשקארא דערלאנגט...

— מיך בײַסט זי ניט.

— איר טראָגט מיט זיך מיסטאמע האָלאָוועשקעס, וואָס רייכערן זיך.

— ביין, איך שמיר דאָס פּאָנעם מיט טײַגע־ראָסל.

— אפילע מיט דזעגעכץ העלפט ניט...

עס גייט אוועק א שמועס, וואָס נאָר אין וואגאָן הערט מען אזעלכס.

...באנאכט האָט זיך די אנגארא געלאָזט לויפן צו איר געליבטן יעניסיי, נאָר דער אלטער בײַקאל שלאָפט ניט, שנײַדט איר איבער דעם וועג, ווארפט שטיינער אין וואסער אריַין.

די ליבע איז אָבער שטארקער פונעם זאָקנס בייזן ווילן: קאיאָר, פאר־גליווערט פון קעלט, איז די אנגארא אריַינגעפאלן אין די אָרעמס צום יעניסיי. אדהײַעם שטעקן נאָך די שטיינערנע הליבעס — די פאדונער שוועלן — אין מיטן שטראָם, ווי א ביין אין האלדז, דער שיינער מויד...

קיינער ווייסט ניט, ווי׳אזוי און פון וועמען, נאָר לעגענדעס גייען ארום, אז זי האָט געהאט אויך קינדער, די אנגארא. א סימען האָט איר, אז בײַ־שכיינעס מיט דער מאמען רינט דאָס קליינע טײַכל קאָרשוניכע...

נאָך אין די דרײַסיקער יאָרן האָט עס אהער פּארטיעס געאָלאָגן פאר־ווארפן. מע האָט דורכגעשניטן שורפן און סקוואזשינעס, געפונען א גאנצן אויצער מיט אײַזנארץ.

יאָ, דאָ, אין די בראטסקער אָסטראָגן, לוינט אוואדע אוועקשטעלן א הידראָסטאנציע, ווײַל אף אויסשמעלצן איין טאָנע מעטאל דארף מען טויזנטער קילאָוואט־שאָ ענערגיע...

עס שאריַעט שוין אף טאָג. מיר פאָרן אריַין אלץ טיפער אין דער טײַגע. דורך עטוואָס אופגעעפנטע פענצטער שמעקט אין וואגאָן מיט סמאָלע.

...אף דער צווייטער פּאָלקע, קעגן מײַן געלעגער, פּאָרט א באָכער, וואָס גאָט אליין האָט אים צו מיר צוגעשיקט.

איוואן ניקאָלײַעוויטש באָריסאָוו איז אריַין אין קופּע אף א קליין פּאָלוסטאנעקל.

— איך בין פון בראטסק. מיסטאמע האָט איר געהערט: דעמידאָווס דינאסטיע...

— נו, — זאָג איך, — א באוווסטע זאך, דער אמאָליקער באלעבאָס פון אוראלער זאוואָדן...[1]

---

[1] געמיינט דעם אוראלער קאפּיטאליסט דעמידאָוו.

— מײַן בריגאַדיר איז דמיטרי דעמידאָוו.

— יענעם דעמידאָווס א פּרײַנטל?..

— ניין, ניטאָ מער אין סיביר די געלע ליכאָראַדקע... פּאַשעט איין פאַמיליע.

און ס׳איז אוועק א שמועס.

דעמידאָווס אָפּאַלובשטשיקעס, און אויך באַריסאָוו צווישן זיי, האָבן סאָף טויזנט נײַן הונדערט פופציק פערטן יאָר אומגעוואַלגערט דעם ערשטן בוים אין טײַגע, דערנאָך געהאַט די ערע שטעלן אָפּאַלובקעס צום ערשטן בלאָק, פּאַוואָליע זיך אויסגעלערנט באַלעבאַטעווען באַם צוויי־און־דרײַסיק־קילאָגראַמיקן וויבראַטאָר...

— דער בלאָק באַשטייט פון זיבן יאַרוסן. הייבן מיר איצט אָן פונעם ערשטן, — אַזוי האָט דמ׳טרי דעמידאָוו געלערנט באַריסאָוון, — קוק זיך צו, ווי מע לייגט דעם בעטאָן, ער זאָל דעם בלאָק ניט אומוואַלגערן...

יאָרן זײַנען דורכגעפלויגן, מע האָט זיך שוין פון לאַנג „אָפּגעריסן״ פון דער ערד. צום בלויען הימל גייט איצט דער גרויסער בעטאָן. סקעפּטיקער האָבן שטיקער געריסן פונעם הויפּט־אינזשעניער גינדינען, אַז צוימען די אַנגאַראַ קאָן מען נאָר זומער. אָבער ער, מאָרדכע דעם זייפנמאַכערס זון, ווייסט שוין, וויאַזוי דעם ווילדן טײַך אָנזייפן א מאָרדע. אַף זײַן לעבן האָט ער ניט איין טײַך אײַנגעשטילט.

אין קופּע שפּילט מען אין „אַקולינע״, מע טוט אָן איינער דעם אַנדערן „פּעלצן״. דער לאָקאָמאָטיוו טאַסקעט אונדז אָן ראַכמאָנעס. רעדער שמועסן צווישן זיך איינטאָניק: טײַשעט, טײַשעט...[1]

דאָרט, וווּ דער וועג איז א נײַער און עס איז דאָ בלויז איין ליניע, שטייען מיר באַ א סטאַנציע טשונאַ, וואַרטן אין וויכראָווקע. די וואַגאָנעס קריכן פּאַמעלעך אַרום די סאָפּקעס, ווי שלענג.

פאַר די אויגן שווימען וווּקסיקע יעלן, פּיכטעס, זעלטענער טוט א שעמעריר די קלאָר־ווײַסע בעריאָזע. עס וואַרפט זיך דורך א מאָנגאָלישער דעמב.

זייער זעלטן זעט מען א פאַרזייט שטיקל ערד. פון צײַט צו צײַט טוט זיך צווישן די וועלדער א וואָרף, ווי א פּישעלע, דער זוניק־בלענדיקער טײַך טשונאַ.

באָריסאָוו טאַנצט פריילעך אַראָפּ פון דער פּאָלקע: מיר זײַנען שוין אין דער היים...

און פּונקט ווי די קאָנדוקטאָרשע וואָלט ספּעציעל אויסגעטײַטשט איוואַן ניקאָלײַעוויטשעס ווערטער, טוט זי א רוף אויס:

— אָסינאָווקאַ! (אַזוי האָט געהייסן דאָס קליינע סטאַנציעלע, וואָס רופט זיך שוין אַצינד הידראָסטראָ׳טעל).

— אַף דער פינפטער מיקראָגאָס, — זאָגט איוואַן ניקאָלײַעוויטש צום שאָפער.

— מיקראָ?..

[1] א שטאָט אין סיביר.

פאר מײַנע אויגן עפנט זיך די פּאַנאָראַמע פונעם קאָמפּלעקסנעם מיקראָ־קאָמבינאַט: דרײַגאָרנדיקע פון ציגל געבויטע הײַזער. מיקראָ — הייסט קליין. נאָר אזוי רעדט זיך נאָר. דער קאָמבינאַט הייסט „מיקראָ" דערפאַר, ווײַל, פאַרקערט, אין אים גייען אריַין צענדליקער קאָמבינאַטן...

א שטאָט ווי א שטאָט — מיט א קינאָ־טעאַטער און מיט קלייטן. באם קלוב שפּילט מוזיק, מע שיסט אין „טיר", וואָס שטייט, ווי אף ליַיטיש געלעכטער, אין דער טײַגע. א סאך מענטשן אין צירולניע, קינדער הוידען זיך אף דער הוידעלקע...

אלעקסאנדער מוכא, א קראַנאָװשטשיק, וואָס ארבעט אויך אין דעמי־דאָװס בריגאַדע, באגעגנט איוואַן ניקאָליַיעוויטשן, נעמט אים ארום:

— С новосельем!

פאר דעם כוידעש, וואָס באָריסאָוו איז געווען אין אורלויב, האָט זײַן ווײַב באקומען א נײַע דירע: צוויי צימערן, וואסער, א וואנע.

איך נעם ניט אראָפּ די אויגן פונעם קראַנאָװשטשיק — שיין, געזונט. ווער האָט אים געקרוינט מיט אזא פאמיליע — מוכא...

קומט דער טאָג, גייט די זון אוף אין סיביר ברייט און ליכטיק, ווי דאָס קומט, ווארשײַנלעך, דעם לוסטיקן קאַנט.

מיט ציטעריקע טריט גיי איך צו צו דער אנגאַרא.

— אָט זײַנען זיי, די פּאָדונער שוועלן, — טוט מיך באָריסאָוו א שטויס אין אַקסל.

מיטאַמאָל באוויַיזט זיך די דאמבע! פונעם ברעג זעט זי אויס, ווי א מין גרויסע שיף. פינף פּאָרטאַלנע קראַנען שטייען אף די עסטאַקאַדעס...

יינגלוויַיז פלעג איך פון ליים מאכן מילן און שיפן. נאָר טוט א גאָס פון די רינוועס, צעשווענקט דאָס וואסער מײַן האָרעוואַניע...

נו, און דאָ איז אוואדע געמאכט פעסטער...

אין מיר צעשפּילט זיך דאָס יינגל. איך נעם א שטיינדל באם ברעג און לייג עס אריַין אין פּאַזעכע.

נאָכאמאָל טו איך א קוק צו דער דאמבע און בין איבערגליקלעך, ווײַל נאָר א מאזלדיקן מענטשן איז באשערט אזוינס מיט די אייגענע אויגן צו זען.

יאָ, קינדוויַיז פלעג איך אויך מאכן טורבינעס: צוגעלאקכנט א דייזש־קעלע בא נאכמען דעם באָנדער, אריַין מיט דעם אין ריטשקע, געווייקט דאָרט אזוי לאנג, ביז עס פלעגט זיך פאַרדרייען דער קאָפּ...

דער שאָטן פונעם וואלד מאכט טונקלער און אפילע א ביסעלע מוטנע דאָס וואסער, נאָר סײַוויסײַ ווילט זיך מיר א טרונק טאָן פונעם טײַך — אָנזעטיקן מײַן דאָרשטיקע נעשאָמע.

טײַגע־ביימער שווימען אין מוטנע וואסער, ווי אָפּגעשווינדענע ביינער...

אויסגעצויגן די לאַפּעס, ווי א וועלפּיכע, שפּארט זיך אָן די גרויזאמע דאמבע פון לינקס און פון רעכטס אף צוויי גראניטענע פונדאמענטן.

פינף־און־צוואנציקטאָניקע לאסט־אויטאָמאָבילן וואַלגערן אָן ארום די סקאַלעס שטיינער און ברוך, די דאַמבע זאָל זיך ניט כאַלילע קיין רוק טאָן אין א זײַט.

מיטן שמאָלן סטעזשקעלע לאָז איך זיך אראָפּ נעענטער, נעענטער....

אפן רעכטן ברעג זשומען בעטאָן־זאַוואָדן. דאָרט איז דער הידראָמאָנ־טאַזש.

צוואנציק טורבינעס קוקן מיט זייערע אָפענע מײַלער צוביידע עס־טאַקאַדעס:

— שיט בעטאָן! וואָס מערער בעטאָן!

איך שטיי אזוי פארכאָלעמט אין סאמע קאָך בא דער דאַמבע און זע, ווי דאָס פלינקע מיידל ליליע זײַצעווע פירט זיך ארום מיט די קראַנען: „מײַנא — ווירא“! אראָפּ — ארוף...

ארום דער בעטאָן־עסטאַקאַדע דרייט זיך די גאַנצע כאַסענע: ווען קלעזמער זאָלן א דרינגדזשע טאָן מיט זייערע טאַצן, וואָלטן כעוורע אוועק א טאַנץ — אזוי לעבעדיק און פריילעך ארבעט זיך דאָ. ס'איז פּאָשעט א פארגעניגן צו שפּיגלען זיך אין אָט דער שיינער פּאַנאָראַמע און זען, ווי־אזוי די פּאַדונער פעלדזן גלײַכט מען אויס די ביינער...

— אָט גייט מיכאַיל דאַווידאָוויטש אָסאָווסקי, דער באַלעבאָס פון דער טײַגע! — שרײַט צו מיר באָריסאָוו. ער דערציילט, אז דער אינזשעניער אָסאָווסקי פירט אָן מיט די מענטשן, וואָס רייניקן אָפּ פונעם אייביקן וואַלד דאָס אָרט פאַר דער בויונג.

— ווען איך קוק אין טײַך ארײַן, — שמייכלט, צוקומענדיק, מיכאַיל דאַווידאָוויטש, — ווײַזט זיך מיר אויס, אז א קינד טרינקט זיך און אַלע די, וואָס גייען דאָ ארום דער אַנגאַראַ, ראַטעווען דאָס נעפּעשל...

ס'איז פּאָשעט א פארגעניגן צו הערן, ווי עס רעדט דער אינזשעניער אָסאָווסקי.

ער פאַרײַסט דעם קאָפּ צום פּאָרטאַלנע קראַן, שמייכלט:

— בעטאָן פונעם קאָך... מע קאָן די בריגאַדע גאָר ניט אָנהאָדעווען... איר האָט שוין עפּעס געגומען אין מויל ארײַן?..

מיר זעצן זיך אפן פּאַנעל, און איך באַמערק, אז בא אָסאָווסקין פונעם ארבל קוקט ארויס א פּראָטעז אין א שווארצער לעדערנער הענטשקע.

ענטפערנדיק אף מײַן קוק, זאָגט ער:

— אמאָליקע יאָרן פלעגט מען אָן א האַנט זײַן אן אינוואַליד. און הײַנט איז מען עס בלויז דאַן, ווען מען איז אָן א קאָפּ...

...שטאַמען שטאַמט מיכאַיל דאַווידאָוויטש פון ראָסטאָוו. געווען פון די אויסגעשפּילטע כעוורע אף דער גאַס קאָנקריסטיאַ... צי ניט דערפאַר טאַקע האָט אָסאָווסקי־קאַוואַלעריסט, בעשאַסן געשלעג מיטן דײַטש, דעם סאמע געזונטן היטלעראָווועץ אף זײַן שאַרפער שווערד גענומען, ווי א בורעק אפן צוואָק?..

די טײַגע איז מיכאַיל דאַווידאָוויטש דורכגעגאַנגען פֿון אַקינסקער וואַלד־מאַסיוו ביז אַזיאַרנאַיאַ — דער סיבירער „ריצאַ". אַצינד ראַמט ער די זאַגע פֿונעם קומענדיקן בראַטסקער יאַם. „ניט אַנדערש, איך בין אַ מין דוואָרניק"... — לאַכט ער, דער באַרימטער אינזשעניער.

דאָס אַלץ וואָלט אַוואַדע געווען גוט, ווען די אַנגאַראַ זאָל זײַן אַ באַ־לעבאַטישע טאָכטער, ניט פֿאַרטרינקען אָסאָווסקיס האַרעוואַניע. נאָך אַ פֿאַרפֿלייצונג טראָגט עס אָן קלעצער, פֿניאַקעס, שפּענער, בורעלאָם — רייניקט מען אָפּ די זאַגע, קעדיי שיפֿן זאָלן מיט דער צײַט דאָ שווי־מען, ווי אין דעם שוואַרצן יאַם.

— פֿאַראַן דאָ ווו צעלאָזן די ווישקעס, מיכאַיל דאַווידאָוויטש, — טו איך אַ זאָג און קוק, ווי די פֿאַדונער פֿעלדזן שלאָפֿן נאָך פֿלייצע־צו־פֿליי־צע, אָבער ערגעץ צווישן זיי צינדט זיך שוין אָן די ערשטע שײַן. אָסאָוו־סקי מאָלט אָפּ זאַמד אַלייעס און גאַסן, פֿאַרקן און פֿלעצער. ס׳וועט זיך צעוואַקסן אַ שטאָט... ס׳וועלן זײַן פֿאַבריקן און שיפֿן, און אַ יאַם וועט זײַן, און אויך אַ יאַם מיט שײַן...

איך דראַפּע זיך אַרויף צו דמיטרי דעמידאָווס בריגאַדע — הונדערט זעקס און צוואַנציק מעטער אָן אַ לייטער.

דעמידאָוו — ניט קיין הויכער יונגערמאַן מיט שטאַרקע הענט און הונגעריקע אויגן, וואָס בעטן:

— בעטאָן, בעטאָן...

אַלעקסאַנדער מוכאַ, פֿאַרקערט, אַ לאַנגער באָכער, וואָס שפּאַרט אונ־טער די צווייטע עסטאַקאַדע. אין פֿאַרטאַלנע קראַן זיצט ער מיט אַ זײַט און אַ ביסל אײַנגעהויקערט, נאָר זען זעט ער פֿאַר אַ מײַל...

אָט גרילצט אין קאָטלאָוואַן באַריסאָוו מיט זײַן געמבע:

— ליליע איוואַנאָוונע! שיט, זײַט מוחל, אונטער אַ פּאָר לעפּל סמע־טענע...

זײַצעווע רייניקט מיט דער לאָפּעטע די דייזשע פֿונעם צוגעזאָטענעם בעטאָן, ווי אַ גוטע באַלעבאָסטע דאָס טייג אין באַקדייזשע. זי קוקט דערבײַ צום קראַנאָוושטשיק: וואָס דרייט ער זיך הײַנט, מוכאַ, אין טורעמל פֿון דעם קראַן, ווי די אַנגאַראַ באַ דער פּלאָטינע?..

ניין, ער זעט אַלצדינג, ער זעט אַף אַ מײַל, אַלעקסאַנדער מוכאַ. אין אַ רעגע אַרום איז שוין דעמידאָוו צופֿרידן: בעטאָן גייט, סוואַרשטשיקעס שפּריצן מיט פֿײַער, זײַצעווע נעמט פֿלינק אויף די מאָרדע פֿונעם קראַן — שפּיל, שפּיל, מוכאַ, מיטן קאָכלעפֿל, ווי אַ פֿוטבאָליסט מיטן מיאַטשיקל...

— וויפֿל גיסט איר אַרײַן בעטאָן אין די בלאָקן פֿאַר איין וואַכטע? — טו איך אַ פֿרעג באַם בריגאַדיר.

— דרײַ הונדערט קובאָמעטער, — ענטפֿערט דעמידאָוו, — די נאָר־מע איז הונדערט זיבעציק...

באָריסאָוו שרײַט פֿונעם בלאָק:

— ליליעטשקע! מע דארף דיך כאסענע מאכן, וועט גיין בעסער דער בעטאָן!..

נאָר דעמידאָוו קוקט שוין אפן זייגער, ווי עס טוט א ריכטער אפן סטאדיאָן:

— פארענדיקט דעם מאטש, סאָף סמענע!

נאָכן מאָלציַיט גייען מיר מיט דמיטרי איוואנאָוויטשן צוריק אף דער דאמבע, און אין איינוועגס דערציילט ער מיר דעם יִכוס פון „דעמי־דאָווס דינאסטיע".

יאָרנלאנג האָט מען זיך געשיפט איבערן יעניסיי אף פליטן. ווילד און אומעטיק, קויטיק און פארוויסט איז אמאָל געווען סיביר. מיטן אָרעמען סקארב איז דעמידאָווס זיידע, איניינעם מיט נאָך א סאך געפּענטעטע קאטאָרזשניקעס, געקראָכן אהער קיין אָסינאָווקע. ניט איין מאָל האָט מען זיך געטרונקען אָדער געלעגן בא א כּיַע צווישן די נעגל, ניט איין מאָל געשוואָלן געוואָרן פון הונגער...

דעמידאָווס כּעוורע ארבעטן היַינט אפן ערשטן אגרעגאט. ווי די ריזן, נעמען זיי ארום און פאראנקערן די פעלדזן אפן רעכטן ברעג טיַיך. צוויי טויזנט קובאָמעטער בעטאָן איוסערן פלאן האָט מען אריַינגעוואָרפן אין די בלאָקן.

אלץ איז דאָ גרויס, ווי עס וואָלטן פארבלאָנדזשעט אהער פארציַיטיקע שימשון־האגיבערס. איין קראן לאָזט אראָפּ אין קאָטלאָוואן אריַין דעם צווייטן, ווי א קינד פונעם בוידעם. און דאָרט, אין קאָטלאָוואן, שטעלט דער צווייטער, דאָס קינד, הייסט עס, ארויס דעם כּאָבעט, נעמט א טראק־טאָר אונטער די פּאכוועס און טראָגט אים איבער אף דער צווייטער עס־טאקאדע...

אומזיסט ווילדעוועט דער טיַיך, ווי א צאפּ אפן שטריק; דעמידאָוו מיט זיַינע סיביריאקעס פוילן זיך ניט סיַי זומער, סיַי ווינטער. ניטאָ זיך וואָס צו בריקעווען — לייג זיך, טאטעניו, אף די לאָפּאטקעס...

הונדערט פיר טאָן וועגט דאָס רעדעלע פונעם אגרעגאט, יעדע טור־בינע וועט געבן צוויי הונדערט טויזנט קילאָוואט־שאָ, אלע צוואנציק טור־בינעס — סאכאקל פיר מיליאָן!

א זעלטן ווארעמער סיבירער טאָג. אווטאָבוסן און לאסטמאשינעס פירן דעם ארבעטער־קלאס: וועמען אפן רעכטן ברעג, וועמען אפן לינקן און וועמען צו די בעטאָן־זאוואָדן.

פיר אזייגער באטאָג בײַטן זיך די מישמוירעס. דערזע איך פון א הויך אָרט, פון דער בראטסקער פעסטונג, וואָס שטייט שוין דריַי הונדערט יאָר, א מעכטיַיעדיק בילד: אף די עסטאקאדעס גייען מענטשן אין דער ריי, ווי אין לעבינס מאוזאָליי...

אזוי פירט זיך שוין דאָס לעבן: אפילע די פאדונער פעלדזן קאָן מען

אַנטאָן א צוים, אפילע די אנגארא קאָן מען אָפּשטעלן, פארקאָוועז זי אין גראניט און בײַטן איר דעם גאנג.

אָבער אָפּשטעלן די מענטשן, וועז זיי גייען אף דער ארבעט, די מענטשן, וואָס גיבן שײַן דער וועלט, — אף אָפּשטעלן זיי איז נישטאָ אזא קראפט.

בראַטסק, 1961

# שאכטיאָרן

װעלדער שמעקן מיט ניס, מיט כוואָיע און בערעזע־זאפט, מיט דעמבענער קאָרע און ליפּע; אנדערש איז דער רייעך אין דעם קאנט באם דאָנעץ. פאָרט איר נאָר דורך איזיום, די פאָרשטאָט פון דאָנ־באסער באסיין, אזוי טוען אײַך א קלאפּ אין דער נאָז ארײַן פרישע, גע־שמאקע קוילן־רייכעס, וואָס דערמאָנען מיט עפּעס דעם רייעך פון ברויט.

א זון גייט דאָ אוף, אין דאָנבאס, א פארהאָרעוועטע און אויסגעמאָ־טערטע פון דער נאכט, — א זון מיט רויטע מאנצבלשע אויגן.

ווולקאנישע דונערס האָבן דער מאמעניו־ערד צעקנייטשט איר צורע, אָנגעוואלגערט בערג און טאָלן, טאָלן און בערג. פעלדער ליגן דאָ צע־קרימט און צעקאָרטשעט פון די ווייטעקן און גרימענישן. ווײַזט אויס, אז עס האָט זיי געקאָסט ניט ווייניק בלוט און שווייס, ביז די אויצרעס בארג־מינים האָבן זיך אײַנגעמאָסטעט אין דער ערד. דערפאר אָבער קוקן אויך אזוי צעפּעסטעט די שאכטע־קאָפּנעס מיט זייערע פולע מילך־בריסטן, נאָך ניט קיין אויסגעמאָלקענע.

ווען איר פאָרט באנאכט פארבײַ דעם יִשעוו דעבאלצעוואָ, איז איבע־ריק צו פרעגן, ווו עס געפינט זיך א שאכטע: מענוירע־לעמפּעלעך ווינ־קען פונעם פארנעפּלטן טעריקאָן, און וואָס העכער עס איז דער בארג אש, אלץ עלטער איז, אפּאָנעם, די שאכטע.

פּיאָדאָר וואסיליעוויטש דודין, דער בארימטער שאכטיאָר, ווען איך האָב אין דאָנבאס, צו מאזל, באגעגנט, איז אפילע נאָך עלטער פונעם אָנגעשאָטענעם בארג, וואָס ליגט אין דער טיף פונעם דאָנעצער באסיין.

דער צאָפן־דאָנעץ רינגלט דאָ ארום די פעלדער, ווי א שנירל פּערל ארום האלדז. ניין, ניט די באכמוטקע, ניט די ריטשקע ליכאיא, — זאָגט פּיאָדאָר וואסיליעוויטש דודין, — נאָר דער דאָנעץ, וואָס איז אליין בע־בעך זשעדנע אף אן איבעריקן טראָפּן, איז בעקויעך אויסשווענקען דאָס פארטריקנטע מויל פון דאָנבאס.

דאָך, ניט געקוקט אף דער טריקעניש, זײַנען פארשיידענע מיסיאָנערן געקראָכן אהער, אין דער שטויביקער היץ. געקראָכן אהער איז דער פראנצויז לע־פּלע, דער ענגלענדער מורטשיסאָן, דער דײַטש גיל... זיי האָבן ניט ווייניק בלוט און שווייס אויסגעצאפּט בא די בניי־דודינס.

ס'איז געווען אמאָל: פאַלט אראָפּ די טאַטשקע פון דער קאָלייע, שפּאַרט פיאָדאָר דודין אונטער די „לימאָנאַדקע" — זײַן ברייטע פּלייצע, וואַרפט אָן די קוילן אפן שליטן, שפּאַנט זיך אײַן, ווי דאָס בלינדע פערד. עס וויאָקעט אַף אים דער רײַכער דײַטש גיל:

— שנעלער, שנעלער!

פּרוּוו נאָר פיאָדאָר א זאָג טאָן דעם באַלעבאָס: „טרײַב מיך ניט, די שטאָט אַקסיי ברענט ניט", — טוט אים גיל א שניט איבערן רוקן מיט דער אײַזערנער רוט:

— פאַרפלוכטער שווײַן, שנעלער, שנעלער!

א לאַנגע פינצטערע נאַכט איז געשטאַנען איבערן קאָפּ, נאָר פיאָדאָר דודין האָט דאָס שאַכטיאָרישע העמערל ניט געוואָרפן, טאָג־אײַן, טאָג־אויס געגעבן קוילן אַרויף. שיפן, אויוונס און קעסלען האָט דודין געהייצט מיטן גאָלדענעם אַנטראַציט. שאַכטיאָרן פלעגן בלינד ווערן, דערזעענדיק נאָך דער טיפער פינצטערניש די ליכטיקע שײַן.

אָנגעוואַרעמט זיך, האָט מאַטושקע־רוס א טרייסל געטאָן מיט די שטאַרקע אַקסל. שיסט די „אַווראָרע", רויטגוואַרדייער שטורמעווען סמאָלני, אויך דודין צווישן זיי. דערנאָך — ווידער אין שאַכטע, די קעסלען, שמעלץ־אויוונס זאָלן קאָכן, זידן און ברענגען וואַרעמקײַט, ליכט...

שטאַרקער פון דודינס פּלייצע איז עפּשער נאָר די ערד אַליין, ווײַל וויפל מאָל אין זײַן לעבן האָט פיאָדאָר וואַסיליעוויטש געבויגן דעם רוקן זײַנעם, און ניט דער דײַטש גיל, ניט די דרײַ מילכאָמעס האָבן אים ניט אײַנגעבראָכן.

געקומען פון בערלין אין פינף־און־פערציקסטן, איז פיאָדאָר דודין גלײַך אַוועק אין שטרעק האַקן קוילן.

פיר באָנים דודינס — אין איין בריגאַדע מיטן טאַטן.

אין ברעזענטענע רעקלעך, איינער געזינטער פונעם אַנדערן, שטייען לעבן פיאָדאָר וואַסיליעוויטשן און מאַטריאָנאַ איוואַנאָוונען, זײַן ווײַב, די זין זייערע: פּיאָטער, איוואַן, סערגיי און — מייער...

איך הייב אָן צו פינטלען מיט די אויגן. פיאָדאָרס פאַרקוילט פּאָנעם, זײַנע שטופּלען שמייכלען, און מיך נעמט ניט קיין געלעכטער, איך מוז איבערפרעגן: מייער?

— מייער.

— מײַן זיידע האָט געהייסן מייער, פיאָדאָר וואַסיליעוויטש, — לאַך איך שוין, — אָבער ווי קומט צו דודינען?..

— מיר האָרעווען, מיר אַרבעטן און אַקערן די ערד... — פאַרציט מייער דודין א לידל, הענגט אויף איבערן אַקסל דאָס שאַכטיאָרישע לעמפּל, און מיר לאָזן זיך אין וועג אַרײַן.

בא דער שאַכטע שטיי איך צווישן די שאַכטיאָרן — אויך אין ברעזענטענע הויזן און אין גומענע שטיוול, דאָס קישעף־לעמפּעלע מיטן „ראַטעווע"־קעסטל איבערן אַקסל. עמעס, קיין זעכצנפונטיק העמערל, קיין

שטאנגען, קראַנקעס־געצײַג, מיט וועלכן מע דערביוועט קוילן, האָט מען מיר ניט מיטגעגעבן, ווײַל מײַן זאַך איז — שרײַבן.

וועלוול שפּונט, דער בארג־מײַסטער, כאַטש אים קומט אויס אָפּטער פון מיר קריכן אין שאכטע, איז דאָך פּאַרטראַכט און ערנסט, ווי באַם טאָן א ניט געוויינלעכע זאַך. ס׳איז צו באַמערקן, אז זײַנע שווארצע ברעמען ווערן אופגעבלאָזן, ווי דעם אינדיקס פעדערן פאַרן וויכער. בא די שאכטיאָרן צינדן זיך אָן אַפן שטערן די לעמפּעלעך, ניט אנדערש, מע פּרוווט, צי זיי זײַנען טאַקע אָף אָן עמעס עפּעס ווערט, אָט די קאַנעצלעך, אָדער ס׳איז דאָס זעלבע, ווי דער טאַטע מײַנער פלעגט אָנטאָן דעם שעלראָש, קעדיי פאַרבלענדן דער וועלט די אויגן, קלוימערשט ער דאַוונט...

מייער דודין קוקט אַף מיר שטיפעריש: נישקאָשע, זאָגן זײַנע אויגן, פון א מאָרדע בא אונדזער גאַסט, ס׳איז קיין אײַנהאָרע פאַראַן וואָס אויס־צושמירן מיט קוילן־שטויב...

אין ליפט פאָרן דערווײַל דרײַטאָניקע וואַגאָנעס מיט באַלקעס, ווי מע וואָלט אים אויסגעפּרוווט, צי ער וועט מיך אויסהאַלטן.

— וועלוול, — טו איך א זאָג צום בארג־מײַסטער, — צו וואָס מו־טשעסטו מיך אזוי? דו פיר מיך אין לאַווע, ווו קאָמבײַנען מעלויצען און שנײַדן קוילן...

— אונדזער שאכטע, — זאָגט שפּונט, — איז דיר ניט די ארשינקע צי די פּוגאַטשאָווקע אין ניקיטאָווקע. — און ווי דער אינזשעניער וואָלט מיר וועלן גרינגער מאכן אַף דער נעשאָמע, שמייכלט ער מיט זײַן גאַנצן טונקל־ברוינעם פּאָנעם, קאָסעט מיט די אויגן. — אין דער לאַווע, וווּהין מירן הײַנט גיין, איז דער ווערשלאַג, די פּאָראָדע אזוי צו זאָגן, די גאַנצע צײַט אין באַוועגונג...

שאכטיאָרן ריידן דערווײַל זיך דורך:

— מאַליוטינס רעקאָרד? נו, וואָס, מאַליוטין! — שרײַט איינער איבער דעם אנדערן, ווײַל טראָסן ציִען זיך שוין אָן אַף צו נעמען אונדז אין שטרעק אַרײַן.

— גיב פאָראָזשניאַק צו דער צײַט!.. מאַך מיר די פּאָסאַדקע, פיאָדאָר וואַסיליעוויטש!

אין ליפט קלינגט שוין דער גלאָק, ווי אַף א קליינער אײַזנבאַן־סטאַנ־ציע. מייער דודין נעמט מיך איידל, אזוי ווי א כאָסן, אונטערן אָרעם: קום, הייסט עס, אין קאַלטן בעסמעדרעש, יעשוע מיט דער באָרד.

איך מעג שווערן, אז אין דער מינוט האָב איך געטראַכט פון מײַן היים: קאַיאָר פאָרן מיר ארויס מיטן טאַטן פון דער שטאָט. די זון וואַרפט זיך כאַפּן פיש אין דניעפּער, כאַפּט ארויס א קאַרפ מיט גאָלדענע פליגל... אַפן פעלד איז טערפקע פריש. די ערד קאָכט שוין דעם וואַלד וואַרמעס, האָגנען קרייען, דער פרימאָרגן איז פול מיט פייגל־געזאַנג, א הימל א מאַלכעס, שאַ־שטיל...

— פּאָיעכאַלי! — שרײַט מיר אין אויער מייער דודין, וואָס האָט, ווײַזט אויס, באַמערקט מײַן פאַרמאַלעכטקײַט.

אין א מינוט ארום בין איך שוין גאָר אין אַן אנדער וועלט: קאָרבעס סקריפּען, טראָסן ציִען זיך אַן, דער רעגן גיסט פון די ווענט.

— אין דרויסן איז קאַלט, נאָר דאָס געלט אין קעשענע צעגייט זיך, — כאָכמענען זיך שאכטיאָרן, און איך נעם אַלץ אָן אַף מײַן כעזשבן.

אַף צוויי יאַקאָרס האַלט זיך פעסטער די שיף: ווען וועלוועלע שפּונט שמייכלט צו מיר, מייער דודין ווערטלט זיך, איז מיר, לעמיַי זאָל איך זאָגן, א ביסל פריילעכער אַפן האַרצן.

ס'איז דורך ניט קיין סאַך, און מיר שפּאַנען שוין מיט די קאַנעצלעך אין פינצטערן טונעל.

וועלוועלע שפּונט ציילט די שאכטיאָרן, צי אַלע זײַנען דאָ אַפן אָרט. מע קריכט, ווי אונטערן אויוון נאָך א זיסן בורעק: טוט א קאַפּע אין קאָל־נער, מאַכט עס ניט אויס, אבי דער קאָפּ איז גאַנץ.

פיאָדאָר דודינס בריגאַדע מאַכט די פּאָסאַדקע, עס קרעכצט אַזש די ערד.

מיטאַמאָל — ווייניק ענערגיע, שווער דעם קאָמבײַן „דאָנבאַס" וואַלוי־טשען נאָך זיך די לענטע. שטייט דער טראַנספּאָרטיאָר, גייען ניט די קוילן אַפן באַרג, וועט מען באַם אויסצאָלן דעם לוין באַקומען וואַסער אַף קאַשע.

— גיב דעם קאַנאַט, מייער!

— היט זיך!

— וואַסיע, נעם דאָס קלעצל!

— פּאָיעכאַלי!

וואַסיל טשאָרנאָבוי, דער קאָמבײַנער, קוועטשט אָן ביידע קנאָפּקעס, דאָס מעסער הייבט אָן שנײַדן „לעקעך", ווערט אַזש פריילעכער אַפן האַרצן — פיר הונדערט טאָן קוילן גיט די לאַווע פאַר איין ציקל. אין פאָבריקן יאָרהונדערט האָט דער גאַנצער דאָנעצער באַסיין געגעבן נײַן טויזנט טאָן — וווּנדער, אַף מײַן וואָרט, וווּנדער.

מייער דודין נעמט איבער די וואַכטע.

כײַע־ריווע דאַווידאָוונע, וועלוועלע שפּונטס מוטער, א יאַשער־קויעך אײַך פאַר אײַער זון. ער קען גוט די מעלאָכע, ניט אומזיסט האָט איר אים געזויגן און געקעכלט, געגעבן אים שוואַרץ ברויט מיט פּוטער, הרעטשענע קאַשע און ווײַניקע אוקראַינער עפּל.

וועלוועלע שפּונט שפּינט גאָלד אין שאַכטע. ער גייט אין טיפן שטרעק מיט אַזאַ פאַרגעניגן, אַז עס דוכט זיך: אויב ניט געבן אים שטיינקוילן צו שמעקן, וועט ער, ניט גערדאַכט זאָל זײַן, דערשטיקט ווערן.

יאָ, וואָלאָדימיר איסײַעוויטש שפּונט ווייסט יעדער באַליק אין שאַכטע, די אײַזנבעטאָנענע רייפן ציילט ער, ווי מע ציילט גילדענע צענערלעך:

— נעכטן ערשט איז די פערצנטע סעקציע געשטאַנען ווי א פּאַר־כאַסמעטע, הײַנט האָט זי זיך א רוק געטאָן...

פינף הונדערט נײַן און צוואַנציק מעטער טיף אונטער דער ערד פירט

דער סמענע־מײַסטער דעם כעזשבן, קוקט נאָך זײַן באַלעבאַטישקײַט, ווי ער, כײַע־ריוועס בכאָר, וואָלט אַמווייניקסטן געווען אַן אופראַוולײַע־שטשע פון אַן אימעניע. ער פירט מיך אַרום איבער די גיטער און לאָזט מיך איבער דאָרט, ווו פיאָדאָר וואַסיליעוויטש דודין פאַרוואַלקעוועט מיט זײַנע באָנים די סטעליע. דודין טוט עס אַזוי היימיש, ווי זײַן פלוינעס־טע — מאַטריאָנע, ווען זי שמירט דעם פריפּעטשעק. ער שטעלט אַ נײַע קראָקווע, טאַסקעט אַרויס דעם אויסגעריבענעם באַליק, האָרעוועט ביי־טער, אַז די זין זײַנע, וואַסיען און מייערן, זאָל פרײַער ווערן דער וועג.

פיאָדאָר וואַסיליעוויטש נעמט אַראָפּ די קאַסקע, ווישט אויס דעם שווייס מיטן אַרבל:

— מאַטריאָנע האָט מיר נעכטן געקויפט אַ היטל, אַ גוט היטל...

ווען ער דערמאָנט זיך אין זײַן אַלטער, ווערט אים אַפילע דאָ, אין שאַכטע, גרינגער, און זאַטער, און וואַרעמער...

וואַסיע פאַרציט זײַן באַליבטע ליד:

ווערכאָווינאַ, מאַטי מאָיאַ,
ווסיאַ קראַסאַ טשודאָווואַ טוואָיאַ...[1]

עס כאַפּט אונטער מייער, ער פילט לעבן זיך איוואַנס קרעפטיקן אַקסל.

אין דאָנבאַס איז יעדע שטוב אַ שאַכטע. אין דודינס גרויס געזינד, לעמאָשל, וואָס נעמט אַרײַן אין זיך, אויסער די זין, אויך פלעמעניקעס, פעטערס און ווײַטערע קרויווים, האָט איר אײַך סײַ כעוורע, וואָס האַקן קוילן, סײַ אויך אַזוינע, וואָס קרעמפּעווען די שטאָלנע, קאַטשען אָפּ וואַ־גאָנעטקעס, זײַנען מאַשיניסטן באַם קאָמבײַן.

די נעשאָמע פון דער שאַכטע „דודין", איר מאַמע, איז מאַטריאָנאַ איוואַנאָוונאַ.

איינמאָל, אין אַ שוין איצט שטאַרק ווײַטן טרויעריקן טאָג, איז מאַ־טריאָנאַ איוואַנאָוונאַ, גייענדיק ווי געוויינלעך אין כוטאָר טיכאַ־פּוסטין זוכן אַ ביסל זאַלץ, זויכע געווען צו באַגעגענען אָט דאָס קוטשעראַווע ייִדישע ייִנגל, מייערן. אַפילע דאָס דורכטראָגן אַ לויט זאַלץ באַ היטלערס כאָליערעניקעס איז געווען אַ גרויסע קונץ. הײַנט ראַטעווען אַ ייִדיש קינד מיט אַזאַ קוטשמע האָר, מיט צוויי שוואַרצע אויגן, פול מיט ייִדישן כיין. מייער איז געבליבן איינער אַליין נאָכן באָמבע־וויכער, די מאַמע — אין גרוב פאַרשאָטן...

דרײַ קינדער הונגערן, וועט מאַטריאָנע זיך מוטשען מיט נאָך איינעם. און דאָס איז אַלץ, וואָס זי האָט געבראַכט. און מער גאָרניט.

געבראַכט דאָס קינד אין כוטאָר, האָט דודינאַ, ריישיס־כאָכמע, אַראָפּ־געכאַפּט אים די האָר פונעם קאָפּ. איז מייער געבליבן, ווי אַן אָפּגעשוירן

[1] ווערכאָווינאַ, מאַמע מײַנע,
די ווונדערלעכע שיינקײַט דײַנע...

שעפּעלע. אָבער די אויגן... ווו טוט מען אהין זײַנע אויגן? מאטריאָנע הייבט אים אָן וואשן דאָס פּענעמל מיט מילך, ער זאָל ווערן א ביסעלע ווײַסער, דעם דײַטש זיך אזוי ניט ווארפן אין די אויגן ארײַן.

טויזנט מאָל האָט מאטריאָנא איוואנאָוונא מיט ווייטעק און מוירע באגלייט פיאָדאָרן אין שאכטע. אין פּאָסטעלעס אָדער אין גומענע קאלאָשן אף די הוילע פיס פלעגט ער זיך אראָפּלאָזן אין לאווע אף קידעש־האשעם, ניט וויסנדיק, צי הײַנט פאלט אײַן דער בארג קוילן אף זײַן קאָפּ, צי מאָרגן. יאָ, מאָרגן מוז ער ווידער קריכן אין פינצטערן האָרע־כוישעך, לייגן דעם קאָפּ פארן אָרעמען שטיקל ברויט. גאנץ שטיקן אים, קייטן קלינגען אין די אויערן, דאָס לעמפל לעשט זיך, בלײַבסטו אָפּט אין נאסן שטרעק פארשאָטן. גילס טאכשיט, וואָס האָט זיך אומגעקערט באלעבאטעווען, ווערט דיך ניט לויפן זוכן. גיב אים אפּן בארג וואָס מער קוילן, ווער דערדישעט, נאָר שלעפּ דעם שווערן וואָגן, ווי דאָס בלינדע פערד.

שווער, זייער שווער איז געווען מאטריאָנען צו דערווארטן זיך טאָג־אײַן, טאָג־אויס אף איר מאן. נאָר אויסצובאהאלטן מייערן פון די גאזלאָנים, לעמײַ זאָל זי זאָגן, איז געווען שווערער.

דרײַ מאָל האָט מען מאטריאָנא איוואנאָוונען געפירט אין געסטאפּאָ, זי זאָל נאָר זאָגן, ווו איז אהינגעקומען דער „יודע". דודינא שפּײַט שיר ניט אויס די נעשאָמע, זי איז גרייט אומקומען, נאָר דאָס קינד אין זייערע ברודיקע לאַפּעס גיט זי ניט אָפּ.

מייער פאשעט זיך דערווײַל אין כוטאָר טיכא־פוסטין. די מאמע מאטריאָנע גייט ארום איבער די נאָענטע דערפער, בעטלט אויס א פּאָר סעכערס. די פיס באָ איר געשוואָלן פון הונגער, דער מויעך טריקנט אויס, טראכטנדיק, ווו נעמט מען א פונט הירזש אָפּצוקאָכן א קאשע פאר די קינדער?

מאטריאָנע האָט געוווסט: פיאָדאָר וועט נעמען די באָנים מיט זיך אין שאכטע, ווי וואסיל פיאָדאָראָוויטש, דער טאטע זײַנער, האָט אמאָל מיט אים אליין געטאָן. ער וועט זיי לערנען פירן טאטשקעס, האקן קוילן, שארן מיט דער לאָפּעטע. מוז זי די כעוורע אונטערפאשען, זיי זאָלן זײַן געזונטע שאכטיאָרן.

מייער דודינס לעבנס־געשיכטע האָב איך זיך דערוווסט אין שטרעק, ווו פיאָדאָר וואסיליעוויטש האָט מיר געוויזן די בעריעשאפט, מיט וועלכער זײַן געזינדל ארבעט.

איך דארף זיך מוידע זײַן: כ'בין שטארק מעקאנע מייערן, וואָס אים גליקט אָפּ צו שטעלן זיך יעדן טאָג באנאנד מיט די דאָנבאסער שאכטיאָרן, גיין צום ליפּט, אראָפּלאָזן זיך אין שאכטע, פילן דעם טאם פון קוילן־שטויב.

ווען מיר הייבן זיך אוף צוריק אף דער ליכטיקער שײַן, פירט מיך

מייער צום ערן־טאָוול, ווײַזט, וויפל טאָן פיאָדאָר דודינס בריגאַדע האָט געגעבן פאר הײַנטיקער וואָך.

דערנאָך, כאָטש מייער זאָגט, מע טאָר ניט ווײַזן מיטן פינגער, דאָך האלט ער ניט אויס:

— אָט איז זי, אונדזער שאכטע...

א צוגעזאָטענער, שטיי איך א רעגע אין דרויסן, און ווײַזט אויס, אז אינווייניק, בא מיר אין מײַן אייגענער „שאכטע", האָט זיך אויך אָנגע־צונדן אן אייביק פײַערל.

מיר לאָזן זיך גיין צו די דודינס אין שטוב ארײַן, דאָרטן ווארטן אף אונדז הרעטשענע לאטקעס, וואָס די מאמע מאטריאָנע האָט נעכטן צו־געזאָגט.

מאטריאָנא איוואנאָוונא פילט זיך שוואך אין געזונט, איז אָבער איר מאזל אזא: קומען די כעוורע פון דער שאכטע, פארגעסט זי אירע ווייִ־טעקן. איוואן נעמט די הארמאָניק, מייער — די באלאלײַקע, הייבט מען אָן צו שפילן, כאָטש גיי אוועק א טאנץ.

— מע באדארף אים שוין כאסענע מאכן, מייערן, — זאָגט מאטריאָנא איוואנאָוונא, שטעלנדיק דעם סאמאָוואר אפן טיש.

פיאָדאָר וואסיליעוויטש שווײַגט, בעשאס מאטריאָנע רעדט אויס איר הארץ, נאָר, אָנגיסנדיק די גלעזלעך ווײַן, זאָגט ער, קלאפנדיק מייערן אין פלייצע:

— פריי זיך ניט, זון מײַנער, ווײַט וועלן מיר דיך ניט אָפגעבן, כאָטש פאר א הינדעלע, נאָר אפן אייגענעם געסעלע...

שטראלן פון דער זון פליושקען זיך שוין ערגעץ אין פרימאָרגן־טוי, טומאנען קײַקלען זיך איבערן יאר, ווי א רויך פונעם קוימען, און דאָ, אין שאכטיאָרס שטיבל, איז לעבעדיק־פריילעך פונעם ווילזײַן, מענטשן ווערן ייִנגער, זיצנדיק בא אזא פריידיקן, באלעבאטישן טיש.

דעבאלצעוואָ, 1963

## דער באלעבאָס פון יאם

— זע נאָר, ער בלאָזט אפן וואסער, ווי אף הייסער מילך!.. — טוט מיך עמעצער א שווערן טאָרקע אין פלייצע.

איך קוק זיך אום, עס שטייט פאר מיר א פארשויִן, מע זעט גלײַך, ס'איז א פישער: אף די פיס — הויכע גומענע שטיוול, דאָס פּאָנעם — רויט־פארבראָטן פון געזאלצענעם יאם־ווינט.

— וויגדאָר! — דערקען איך אים גלײַך. — זאָרעך דעם פישערס אייִ־ניקל! וואָס טוסטו דאָ?

— איך כאפ פיש, אָט שטייט מײַן טראולער, — ווײַזט ער מיר אפן יאם מיט אזא מינע, גלײַך ער האָט דאָ, ווי אמאָל באם שטעטלדיקן בלאָ־טע־טײַך, ערשט צוגעטריבן צום ברעג זײַן זיידנס אלט שיפל.

— פיש, מײַן קינד, גייען ניט אין דער נעץ, ווי הינט אף דער

קליוטשקע, — פלעגט אים לערנען דער זיידע. — העכט פאַרמאַגן זיך זייער פּאָוואדקע, קארפּן פּליושקען זיך באם ברעג... געוווין זיך צו באַ־צײַטנס אַרײַנשטעלן דעם יאטיער, ביסטו באַלעבאָס איבערן טײַך.

בא אונדז אין שטעטל איז באם יונגוואַרג כאַפּן פישעלעך געווען קײַ־און־שפּײַ: מיר פלעגן מאכן א קנופּ אין העמד אָדער כאַפּן פיש אין דער באָבעס דורשלאק, מיט דער זיפּ, מיט א טאָרבע, קריכן ביזן האלדז אין וואסער. דאָס שיפל טרינקט זיך פון דעם ייִנגלשן טארעראם, כעוורע רײַסן זיך פאר די העמדער, טשיפּען זיך פאר א פוילער פלאָטעצע. אזוי־פיל טײַכן אף דער וועלט, אָבער בא אונדז אין שטעטל איז דאָ בלויז איין ריטשקע. גרויס איז זי ווי א גענעץ, נאָר אלע זומער נעמט זי צו א קינד...

— איך געדענק, וויגדאָר, האָסט געהייצט אין צוקער־זאַוואָד די קאָ־טשעגארקע. אזא היץ געווען, אז מע פלעגט דיך אף נאָסילקעס ארויס־טראָגן. נאָך דער וואכטע פלעגסטו ליגן אײַנגעוויקלט אין פּראָקאָפּס סוויטקע, קיין טראָפּן בלוט אין פּאָנעם ניט געווען.

אין שטאָט באקט די זון אומראכמאָנעסדיק, די היץ איז ווי אין דער קאָטשעגארקע, מע שטעקט ארויס די צינגער, ניטאָ מיט וואָס צו עטעמען. נאָר אָט קומסטו צום טײַך, און איך זע, ווי עס בײַט זיך דײַן אויסזען, גלײַך דו וואָלסט א נײַע הויט אף זיך ארופגעצויגן.

דער הימל, ריין פון כמארעס, איז נאָך ניט אויסגעשטערנט, נאָר דער אפּדערנאכט איז שוין צוגעפאלן און די שקיִע וויקלט זיך ארום דעם האלדז מיט זײַדענע שארפעלעך, כאָלילע זיך ניט פארקילן.

— זע נאָר, זאָרעך, לאָז ניט אָפּ דאָס פישל, — בעט זיך וויגדאָרס באָבע, זיצנדיק מיטן זיידן באם ברעג טײַך.

און איידער דער זיידע צעוויקלט זײַן גרויסע נעץ, כאַפּט וויגדאָר ארויס אף דעם האטשיק א בלישטשענדיקע באשעפעניש, וואָס בעריעט זיך דערנאָך אין טיפן גראָז, באם ברעג, דרייט זיך און בייגט זיך אויס, רײַסט שטיקער פון זיך אליין, בײַסט בא וויגדאָרן די פינגער, ווי א קע־לעוו. מע לייגט אים ארײַן צווישן די שארפע ציין צוויי שטעקעלעך, שטיקט ער זיך, דער פיש, אזוי לאנג, ביז ער ווערט דערוואָרגן.

— זעסט, בלינדער ליוויאָסן, — שרײַט פריילעך די באָבע, — וויגדאָר איז שוין מער קנאקער פון דיר.

וויגדאָר נעמט זיך ניט איבער, מער ניט, ער פארציט זײַן באליבט לידל:

> יאָ, איך ווייס, די מאמע וועט ניט הייסן
> און וועט זאָגן: ביסט נאָך יונג און קליין,
> נאָר מירביידע ווייסן שוין און ווייסן,
> אז באנאכט איז בעסער זײַן אליין...

דערנאָך קומען טעג און ווידער טעג. אף דעם געפלאָכטענעם שטרויע־נעם פארקן הענגט דאָס גאנצע קלאָפּערגעצײַג. דער זיידע, זאָרעך דער פישער, שמירט מיט סמאָלע דאָס איינציקע צעלעכערטע שיפל, לאטעט די אונטערגעפוילטע סיטקע. אָנגעשפּארט צום פּלויט שטייען וועסלעס...

ניין, ניט זאָרעך דער אַלטער און ניט זײַן אייניקל וויגדאָר האָבן דעמלט ניט געטראַכט פון אַזאַ גרויסן און ברייטן וואַסער, ווי די באַלטיק, ווו עס איז איצט וויגדאָר: אַ יאַם מיט שיפן, קראַנען, זעגלען, טראַולערס... דער ווײַסער באַקען — פון רעכטס, דער רויטער באַקען — פון לינקס. גאַרטל זיך אונטער, וויגדאָר זאַכאַראָוויטש פישמאַן, מאָרגן אין יאַם אַרײַן!

וויגדאָר האָט ניט פאַרגעסן יענעם טאָג, ווען ער האָט באַקומען דעם דיפּלאָם פון אַ קאַפּיטאַן און צום ערשטן מאָל מײַסע־באַלעבאָס פאַרנומען זײַן אָרט אינעם טראַולער, וואָס איז אַוועק אין אָפענעם יאַם. יאָ, דאָס ערשטע פּידפּאַלעקל האָט וויגדאָר פאַרברענט, אָפגעלאָזט דעם קאָסיאַק צוריק אין וואַסער, אַפילע מיטן אויג אַ פּינטל טאָן ניט באַוויזן...

— פישמאַן, — האָט געזאָגט צו אים דער פּאָרזיצער פונעם סאָוועט, — פאַרשרײַבט אין אײַער פּלאַנשעט דעם נײַעם קוואַדראַט, שמעקט אַליין אָן, ווו די פיש דרייען זיך אַרום...

די ערד ליגט דערווײַל וויגדאָרן צוקאָפּנס, און אין יאַם, דוכט זיך אים אויס, איז צו טומלדיק, כאָטש לייג אונטער אַ קישעלע אונטער דער בייזער כוואַליע, זי זאָל אַזוי ניט קלאַפּן אין קאָפּ אַרײַן. וויגדאָר קוקט זיך אַרום — שוין וועסנע, פאַר איין נאַכט ווערט גרין דער וואַלד, איז וואָס האָסטו מוירע, מענטש אייגנער, פאַר דײַן אייגענער וועסנע, וואָס איז נאָך גרין, נאָר עס קומט שוין נאָך איר די רײַפקײַט?

אַזוי האָט ער געטראַכט, וויגדאָר, אין יענע טעג, ווען ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צ׳ען דעם ייִכעס פון פישער איז טאַקע גוט, נאָר פונדעסטוועגן איז דער יאַם אַ יאַם און די ריטשקע אין שטעטל, דער בלאָטע־טײַך, איז טאַקע אַ ריטשקע, אַ בלאָטע־טײַך.

און דאָך... דאָך איז אים גוט געווען דעמלט און גוט איז אים איצט. קאַיאָר איז דעם יאַמס פּאָנעם פאַרצויגן מיט אַ גרינעם צודעק, די אויגן פאַרקיסנעט. עס שמעקט פון אים מיט זאַלץ, מיט אייל, מיט ליסקע. וויגדאָר פישמאַן גייט אַרום און ווערטלט זיך מיט זיך אַליין: אַ ייִד שטופּט זיך כאַפּן פיש... אַ ייִד מיינט, אַז ס'איז גענוג צו זײַן זאָרעך דעם פישערס אייניקל... דעריקער מוז אַ שיפסקאַפּיטאַן פאַרמאָגן אַ קלעפּקע, וויסן, ווען די פיש גייען כאָפּטעסווײַז, ניט האָדעווען אומזיסט די פייגל. מע האָט דיר, וויגדאָר זאַכאַראָוויטש, געגעבן ניט קיין מולטער. פונעם רעמאָנט אין קלײַפּעדאַ האָסטו גענומען דעם אויסגעפּאַרבטן טראַולער, דאַרפסטו וויסן, ווו און ווען אַרויסוואַרפן די סיטקע, וויפל זאַלץ מיטנעמען, וויפל פּעסער, שטריק, טרינק־וואַסער. נעם מיט זיך אויך אַ גוטן קעכער צו קאָכן אָנבײַסן: אףּ דער שיףּ ביסטו סײַ דער טאַטע, סײַ די מאַמע, — דו ביסט באַלעבאָס!

באַטאָג און באַנאַכט אַקערן פיש־טראַולערס דעם יאַם, ווי טראַקטאָרס די נײַערד.

זיבן־אַכט טעג געדויערט דער וועג אין אָקעאַן צו די קוואַדראַטן, דערנאָך, אַז מע איז שוין אויפן אָרט, טוט וויגדאָר זאַכאַראָוויטש אָן דאָס ווא־

טאָווע רעקל, ווײַל נעמען קאָמאַנדעווען מיט די מאַטראַסן איז שוין קיין צײַט ניטאָ, מע דאַרף אַליין קאַטשען פעסער, זאַלצן פיש, שלעפּן דעם טראַל פונעם יאַם, איבערכיטרעווען די סאַלאַקע, זי זאָל מיט אַ זײַטל זיך ניט אַרײַנוואַרפן צוריק אין וואַסער.

די שיף איז ניט שלעכט צוגעגרייט צום פישפאַנג, זי טראָגט זיך זיכער און רירעוודיק. די מאַטראָסן זײַנען צופרידן מיטן רעמאָנט: נײַע נעצן לויטן מעטראַזש, שטריק שטײַפע, פּופּציק טאָן ברענשטאָף; פאַראַן גענוג פעסער, שיפלעד, זאַלץ, טרינק־וואַסער, אַלערליי געצײַג.

אין אַזאַ מין „שטיבעלע" — אין דעם קאַפּיטאַנס קאַיוטע — זיץ איך זיך גאַנץ ברייטלעך, איך, דער שאָפער אַף די ערדישע וועגן. ווײַל עפּעס קער איך זיך דאָך אָן מיט אים אַ שטיקל מעכותן. דאָרט, אין שטעטל, האָבן מיר זיך אַף איין הוידעלקע געהוידעט, געכאַפּט איביינעם פיש. און וויפל מאָל פלעג איך אים, דעם איצטיקן יאַטעבעדאַם, דעם קאַפּיטאַן, אַרײַנקוועטשן אין אַ פּאַס פון הערינג, אַראָפּקאַטשען אים גלײַך אין טײַך אַרײַן...

איז טאַקע גרויס אַצינד דער ביזאָיען צו ווײַזן זיך פאַר וויגדאָר זאַכאַראָוויטשן, ווי איך טרייסל זיך אין קאַיוטע, מוטשע זיך, קאַטשע נעבעך וואַסער פונעם בויך. אויסגעפּאָרן פאַר מײַן לעבן מיטן סאַמאָסוואַל אַזויפיל ווערסטן, זומער און ווינטער, דורך רעגנס, דורך שנייען און זאַווערוכעס, כאָלילע ניט קיין געפּעסטעט בעניאָכידל, זיץ איך גאָר אין קאַיוטע אָפּן פליושענעם בעטל, קוק אין קײַלעכדיקן פענצטערל, ווי דער שטאָרם וואַלויטשעט די מאַטראָסן, פאַרטרינקט און פאַרפּליעסקעט אַלץ מיט־אַנאַנדער.

וויגדאָר רײַסט זיך אַרײַן צו מיר מיט אַ שטאַרקן, נאַסן ווינט:

— גיי זאַלצן פיש, ליג ניט אין קאַיוטע...

יאָ, איך וועל באַ מײַן בען־איר דורכגיין די כוילעניפלע־שטיק פונעם יאַם, ווערן אַן עמעסער פישער.

דער קאַפּיטאַן רעדט מיט מיר איידל:

— קלײַבסט זיך, ווי דער נאָגיד, אַף דער קרענק! גייסט אַ כאָסן ווערן, צי וואָס?..

וואַרפט עס מיך אַרײַן אין טומל פון די פישער. דער באָצמאַן כאַוואַלקע לאָזט מיך אַראָפּ שעפּן דאָס וואַסער. וויגדאָר שרײַט מיר אַרײַן אין אויער אַרײַן:

— אין יאַם, נאָר אין יאַם איז אונדזער מאַזל...

מאָטאָרן זשומען, כוואַליעס שרײַען זיי איבער, דער באָצמאַן לויפט צו צום שטורמאַן, זאָגט אים עפּעס אַרײַן. יענער גוואַלדעוועט אויך עפּעס, לאַכט, צו מיר דערגייען אַ פּאָר קלוגע, אָפּגעריסענע ווערטער, וואָס מיינען, ווײַזט אויס, צו אונטערשטרײַכן, אַז בלויז מיט זײַן קויעך דאַרף דער מענטש ענטפערן דעם אָקעאַן:

— פונעם האָנס געשריי וועט דער טאָג ניט קומען...

— נאָר פון אַ נערעק מיטן שטעקן ווערט דער בער אַן אייזל...

די שיף קריכט אין הימל, נאָר מע האלט זי גוט פארן צײַמל. מיך ווארפט עס איבער דער דעק, ווי א ליידיק פעסל. איך נעם זיך אָן פעסטער פאר די באָרטן, נאָר דער טראולער איז ניט דער באָבעס קאָרעטע, פּראָזשעקטאָרן קוקן נאָך יעדן טראָט, וואָס איך מאך. ווייסט מען שוין מיסטאמע אין קאפיטאנס רובקע, אז בא אונדז, מענטשן פון די ערדישע וועגן, איז דער יאם גאָר ניט קיין גרויסער מעיוכעס. און ס'איז גאָר ניט אזוי שרעקלעך, ווען עס רינט פון אלע פאָלעס, עס קלינגט אזוי אין די אויערן, אז דו מיינסט: עס גייט איבער דײַן קאָפּ א שטארקער גוסרעגן. מיטאמאָל אָבער ווערט א ביסל שטילער, און איך דערהער, ווי דער יינגסטער פון די מאטראָסן, יעמעליאנאָוו, זאָגט מיט אזא געמיטלעך קאָל, ווי ער וואָלט געלעגן אונטער אן עפלבוים און געקײַט א גרעזעלע:

Только там, в океане,
Быть положено кораблю...[1]

קיינמאָל אין מײַן לעבן איז מיר נאָך אזוי גוט ניט געווען, ווי נאָכן שטאָרם, באם זאלצן פיש. מיר שווימען אף דער פאלובע, ווי די קאטשקעס אין סטאוואָק. איך טראכט וועגן דורכגעלעבטן, און עס כאפט מיך אָן א דערשטיקעניש: וואָסי, ער, וויגדאָר, איז פון אן אנדער טייג געקנאָטן? צי דען האָבן מיר ביידע אלע יאָרן ניט געדרוקט אין בויך ארײַן כערסאָנער קאווענעס, געבראָטענע בורעקעס, דארע בארלעך, הערינג מיט קארטאָפליעס, — דארף איך מוירע האָבן פארן בייזן וויכער, כאליאטשען אפן פליושענעם בעטל, אויסשפּײַען די גאל בייס א געווײַנלעך ווינטל אין אָקעאן, און ער, זאָרעך דעם פישערס אייניקל, מעג פארעכנט ווערן צווישן די גוואלדאָוונע יאמלײַט?

וויגדאָר זאכאראָוויטש שטייט באם שטורוואל און קוקט צו, ווי לעפיש די זון שטעלט אים ארויס איר רויטע צונג: קארג, הייסט עס, א גאנצן טאָג ארומגעשמײַעט, זיך געבאקן אף דעם יאמס סקאָוורעדע, ווילסטו אויך באנאכט אף הייסע קוילן גליִען? אנו, שוואליאָם, שלאָפן!

שלאָפן? וואָס פאר א שלאָפן, ווען דער ערד גייט קוים אָפּ דאָס געשווילעכץ פונעם קורצן באנאכטיקן דערפרירעכץ, און מאטראָסן, ביז די קני אין דעם קאיאָר, וואלויטשען שוין דעם טראל פונעם יאם? אזויפיל סאלאקע האָט מען א שלעפּ געטאָן צום ברעג, אז עס פרייט זיך דאָס הארץ, העגט זשאלעווען ניט קיין אָדערן, אזוי ווי באם שניט אין פעלד.

באלד וועט די זון ווידער א טשמעליע טאָן, איז באהאלט, זײַט מויכל, וואָס גיכער די סאלאקע, זאלצט זי גלײַך אײַן, לייגט זי ארום מיט אײַז, ווײַל פאר א פאָר שאָ ווערן רויט בא איר די בעקעלעך, און דער בויך בא איר — בלאָוו, ווי מילץ, כאָטש ווארף זי צוריק אין יאם ארײַן.

מאטראָסן אף דער פאלובע האָרעווען ביז דעם זיבעטן שווייס. זיי פארשטייען אפן ווונק דעם קאפיטאנס קאָמאנדע.

---

[1] בלויז דאָרט, אין יאם,
דארף זיך געפינען די שיף...

שטורמאנעס גיבן איבער: אין יאם הייבט זיך ווידער אָן א שטאָרם פון אכט־נײַן באלן...

אף א פּאָר מינוט שטעלט מען זיך אָפּ פאררייכערן, הייבט אָן כאָוואלקע דער באַצמאַן דערציילן, ווי אמאָל האָבן מאטראָסן זיך געווייקט אין זאלץ — די העמדער פלעגן גאָר קיינמאָל ניט אויסגעטריקנט ווערן, מאַמעש געפוילט אף די לײַבער.

מע וואָלט אזוי שאָענלאנג געהערט דעם באַצמאַנס ביטערע רייד, נאָר עס קומט ארײַן ווינדאָר זאכאראָוויטש, פארבעט די מאטראָסן צום טיש — עסן וואַרמעס.

— אנו, גיב נאָר א שעפּ פון דנאָ א ביסל שיטערס, — לאכט כאָוואלקע צום קאשעוואר, — נעכטן האָב איך געזען מײַן אייגן דאָרף אין באָרשטש...

ווינדאָר זאכאראָוויטש זשמורעט צו די אויגן, ווי ער וואָלט געקוקט אין א שפּעלטעלע און געזען דאָרט די פארגאנגענע יאָרן:

— געדענקסט, זעמליאַק, ווען עס פלעגט זיך ניט כאפּן קיין פיש, פלעגט שרײַען דער זיידע זאָרעך: רײַסט אוף די בריק, לאָזט ארויס די נעשאָמע פונעם בלאָטע־טײַך, די פיש מאכן זיך א לעבן, בעשאס מענטשן פעכנען פון הונגער!..

ווי נאָר עס פלעגט ווערן טונקל אין דרויסן, האָט זאָרעך דער פישער געכאפּט זײַנע קינדער מיט די אייניקלעך, מיטן גאנצן קלאפּערגעצײַג: די סיטקעס, יאטיערס, די סמאָלע, די ווערסלעס. זײַן גאנצער מאיאָנטעק פלעגט גיין אין טײַך ארײַן, — ניט אף כאפּן גאָלדענע פישעלעך, נאָר אף ראטעווען א שטאָט, מע זאָל ניט פארוואַרפן די ציין אף די באָנטעס.

זאָרעך דער פישער האָט קיינמאָל ניט געפּארבעט דאָס שיפל זײַנס, פלעגט עס באוואקסן ווערן מיט גרינעם מאָך, צעגעסן ווערן פון זון און פראָסט. אויך הײַנט, ווי מע דערציילט, ליגט זײַן שיפל אפן הויכן ברעג פונעם בלאָטע־טײַך, אפן „בארג", קעגן דער כאלופּקע פון מעני־ראָכל דער „טיגערן" (ווײַט אָפּגעשיידט זאָל זי זײַן — דער פּאשיסט האָט זי טאקע אף זאָרעכס אלט שיפל אָפּגעפּירט אינמיטן בלאָטע־טײַך און דערטרונקען...). מע זאָגט אויך, אז ביז איצט איז דאָס שיפל פול מיט ליסקעס ווי מיט לושפּײַקעס. כאָטש עס זעט אויס ווי א פארוואָרפענע מאציייווע.

איך פארשטיי גוט ווינדאָרן, ווען ער זשמורעט צו די אויגן און קוקט ארײַן אין שפּעלטעלע צו די פארגאנגענע יאָרן:

— געדענקסט, זעמליאַק?..

אין דער אויסגעטריקנטער ריטשקע זײַנען פּלאָטעצעס געוועזן מיט גאָלד גלײַך, מע האָט זיך מאמעש געהארגעט פאר א קאָרעסל, ווײַל וואָסער מאָגן אין שטעטל האָט פײַנט געפּילטע פיש, צי געפּרעגלטע פיש, צי א יויך פון פיש, צי א קארטאָפליע, צוגעפּראוועט מיט פיש־ראָסל?..

דאנק איך דיר, ווינדאָר זאכאראָוויטש, וואָס דו האָסט מיך גענומען אפן טראַולער, צו באווײַזן מיר נאָך א שטיק לעבן און צו דערמאָנען מיר אין יענעם. טײַטלסט גוט מיטן טײַטל, זאָרעך דעם פישערס אייניקל, איך פארשטיי די גרויסע לעבר דײַנע: זע, גוטערברודער, פונוואנען עס נעמט זיך א סאָוועטישער שיפּסקאפּיטאַן...

...אך, סארא פארגעניגן, ווען דער יאם, נאָך א כמורנעם טאָג, בעט אויס צו פארנאכט־צו א ביסל שייַן; ליכטיק ווערט אין די אויגן, דער הימל פינקלט מיט כיין, יעדע כוואליע — א דימענט־אָפּשייַן אף דער דורכזיכטיקער שיף.

מיט א מין גאדלעס שטייט די שיף באם ברעג, סע הייסט: איך האָב מייַנס אָפּגעטאָן, קומט מיר אוואדע א ביסעלע מענטשלעכע רו.

מאטראָסן, מייַנע נייַע פרייַנט, איך לאָז אייַך איבער באם יאם און בין זיכער, אז איר וועט אויך ווייַטער שפּינען גאָלד מיט אייַערע מאָזאָליעדיקע הענט. וואָס מער איך קוק זיך צו צו אייַך, אלץ טיפער פארקלייַב איך זיך אין אייַערע בלויע יאם־אויגן, אין וועלכע איך זע, אכוץ דער ווייכקייַט פון א כוואליע, אויך אן אָפּשייַן פון סקאלעס, אָפּגעשליפענע פון שטורעמס.

זיבן טויזנט ליטער בלוט טרייַבט איבער דאָס מענטשישע הארץ פארן מעסלעס, וויפל זשע, אשטייגער, ווארפן איבער יאם־צופלוסן עמערס וואסער? — איך שטיי אזוי ווידער באם ברעג, באטראכט דעם יאם און באטראכט די ערד און דערפיל נאָכאמאָל דעם קויעך פון דער מאמעניו־יאבאָשע און דעם קויעך פון דעם טאטעניו־יאם.

דער יאם האָט אָפּשיי פאר דער ערד. ער ווייסט זייַנע גרענעצן. זעלטן ווען טוט ער א שפּיל אף זייַן אויפן, נאָר שטילט זיך ווידעראמאָל אייַן, ווייַל אזוי דארף זייַן, אזוי איז בעסער... גאנצע מעסלעסן קושן זיי זיך — דער יאם מיט דער ערד.

פאלט די זון ארייַן אין די פארנאכטיקע כמארעס, ווערט זי א צווייפענעמדיקע, א לעץ מיט א רויטער צונג — א שווימערן אין די יאם־וויַטקייַטן.

מאטראָסן זעען: די זון אפן סאמע ראנד פון הימל ליגט ווי א געבראָטענע קארטאָפּליע, שפּעטער ווערט זי א בארל, א ווייַניק עפּעלע, א קאנעצל...

בידעריק זייַנען די ברעגן, ווי די שטאָט וואָלט זיך אָנגעבויגן אף אויסצוּוואשן זיך דאָ דאָס פּאָנעם. נאָר מע באלייגט אים שוין די זייַטן, דעם יאם, ער זאָל ניט צעשווענקען דעם ווייכן רוקן פון דער ליבער ערד.

ווייַט אין יאם, ווו מיר האָבן איבערגעלאָזט אנדערע טראולערס־רעפריזשעראטאָרס, שטייען נאָך מאטראָסן אף זייער וואכטע, און עס הערט זיך דורכן שלאָף די געוווינטע קאָמאַנדע.

און דאָ קרעכצט די הייב־מאשין, מע שטייט אף די פיס פיר און צוואַנציק שאָ אין מעסלעס, קעדיי מיליאסן זילבערנע קאָרעסלעך זאָלן רוקנדל צו רוקנדל זיך לייגן אין פעסער, ווי סטאטעקלעך, און שמעקן זאָל ארום זיי מיט פעפער, בסאָמים־נעגעלעך, פעטן בוימל...

געבענטשט זאָלן זייַן די פארהאָרעוועטע הענט, וואָס ברענגען אפן ברעג אזא האָב־און־גוטס, דעם מענטשן צום פארגעניגן.

קאלינינגראד, 1963

# סומגאיִט

איך האָב זיך הײַנטיקס מאָל לאַנג געשלאָגן מיט דער דייע, וועלכן פאַיעטאָן אײַנצושפּאַנען: פליִען מיטן אַעראָפּלאַן, צי זיך אַרײַנזעצן אין עקספּרעס, צי ווידער פאָרן מײַסע שאָפער אין קאַבינע אַף מײַן „זיל", — אַליין באַלעבאָס, ווילסטו, שפּאַנסטו זיך גאָר אויס פון דער שלייע, פאָרסט אַרײַן אין וועלדל און דערפילסט זיך אין שאָטן פון די סאָסנעס ווי בא זיך אין דער היים.

פּונקט אַזוי, אָן אַ פּאַרוואָס און אָן אַ פּאַרווען, גיי איך אַרײַן אָפּעסן אין אַ נײַער גאָרקיך, וואָס שטייט באַם שליאַך. שפּיגלען, קווייטן, בענקלעך רויטינקע און ווײַסע, קליינע פּאַלמעס אַף די פענצטער. זיצנדיק אין אָט דער געמיטלעכקײַט, דערמאָן איך זיך, אַז מײַן רײַזע הייבט זיך ערשט אָן, פונדאַנען ביז באַקו איז נאָך גאַנץ ווײַט.

אַ וואַרעמער רעגן באַגלייט מיך אַרויס. דער הימל גיט אָפּ זײַן כוווו פאַרן טרוקענעם זעכציק דריטן יאָר. די פעלדער גרינען, זיי טרינקען דאָרשטיק.

מיטאַמאָל ווערט אַזאַ גאָס, אַז, דאַכט זיך, אפילו מײַן סאַמאָסוואַל, וואָס איז געמאַכט אַפן באַרימטן ליכאַטשאָוו־זאַוואָד, וועט באַלד צעווייקט ווערן.

פאַרמאַכט מען פאַר דער סאַמע נאָז דעם שלאַגבוים, נו, איז וואָס? איך האָב דאָך ליב, אַז מע גייט מיר איבער מיט פולן: עס שווימט דורך אַ לאַנגער עשעלאָן מיט אָנגעגאָסענע ציסטערנעס, צוויי טעפלאָוואָזן גיבן מיר אָפּ דעם געהעריקן סאַליוט, ס'ווערט ווידער שטיל, פייגעלעך זינגען, די פאָרשנעס פון מײַן מאָטאָר האַלטן זיי אונטער, ווי די מעשוירערים. עס טוט אַ סקריפּע דער שלאַגבוימישער „דישעל", לעשן זיך אויס די סוועטאָפאָרן, און איך פאָר ווײַטער אין מײַן ווײַטן וועג אַרײַן.

ניטאָ די מאָסקווער ציפערבלאַטן — די זון איז מײַן זייגער. צווישן צוויי זילבערנע כמאַרעס שמייכלט זי מיר אין פּאָנעם אַרײַן.

אָך, גאָטעניו, איך בין פּאָשעט פאַרליבט אין די בלויע רויכלעך, זיי דעקן צו גאַנצע דערפער, ס'איז גאָרניט קיין טומאַן, עפּעס אַ מין פאָרהאַנג הענגט איבער די טיפע באַלקעס.

דער אוילעם זעצט שוין קאַרטאָפליעס, וועלן זיי וואַקסן נאָך דעם רעגן, ווי שוואָמען.

אין טיף־רוסישן יִישעוו פּאַטיעזש שטייט די זון אויף פריִער ווי געוויינלעך. זשאַבעס האָבן אַ גאַנצע נאַכט ניט געלאָזט שלאָפן, קורסקער סאָלאָווייען האָבן ניט געשאַנעוועט דעם מענטשנס האַרץ, און איך פאָר און פאָר: ווען עס דרייען זיך די רעדער, פרייט זיך די נעשאָמע, שטעלן זיך אָפּ די רעדער — וועלן ניט העלפן אפילו די סאָלאָווייען...

אין ראָסטאָוו גיב איך אָפּ דעם „זיל" און זעץ זיך פאָרן אַף באַקו מיטן עקספּרעס.

אין איין קופּע מיט מיר — דרײַ דאַגעסטאַנער טשאַבאַנעס, אָנגעטאָן

אין יאַלעמס, צוויי מאָל גרעסערע פון די קעפּ. עס שמעקט פון די טשאַ־באַנעס מיט געפּרעגלטע ניס.

די פליכעוואטע בערג באַ גיל־גיל־טשאַן זײַנען פאַרשטעלט מיט אַ געדיכטן נעפּל. אויף דער סטאַנציע ליגן נײַע בענזין־פעסער, זייעלקעס, קאָמבײַנען. מע זעט קוים פונדאַנען די הויכקײַטן, וווּ עס הייבן זיך אָן די סקוואַזשינעס, עס קומט אויס, אַז פון די בערג רינט נאַפט. די נאַטור האָט צוגעדעקט די נאַפט־קוואַלן מיט שטיינער, ווי מע דעקט צו אַ דייזשקע, דער ראָסל זאָל ניט אַרויס.

אין אַאול קאָסיעט מען שוין דאָס היי. די זון רײַסט שטיקער פון דער ערד. ביימער וואַקסן ווילד־צעשויבערטע, בלעטער — גרויסע, ווי די פּאַפּאַכעס באַ די אײַנוווינער פונעם אַאול.

וואָס נעענטער צו באַקו, זײַנען געדיכטער די עסטאַקאַדעס. מאַטש־טעס שטייען אין טרוקענעם סטעפּ, ווי אין דער מידבער דאָרשטיקע קעמלען. פּאָמפּעס שאָקלען מיט די מאָרדעס, קאַטשען נאַפט: יאָ — ניין, ניין — יאָ...

דער ערשטער מענטש, וועמען איך האָב באַגעגנט אין באַקו, דער שטאָט, וואָס באַ דער געדיכטער רויטער שקיִע זעט זי אויס, ווי אַ סאַמאָ־וואַר אויף הייסע קוילן, אין וועלכן עס בולבעט און רײַסט זיך אַרופּצו נאַפט, — דער ערשטער מענטש, וועמען איך האָב דאָ באַגעגנט, איז גע־ווען פּאַוועל איסאַיעוויטש קאַטשאַלין.

פאַר ניקאָלײַס צײַטן איז ער געווען אַ מאַסאַזשיסט, אַן אָפּיציאַנט, אַ שווייצאַר באַם זעמסקע נאַטשאַלניק, אין פרײַע שאָען האָט ער געלאַ־טעט שיך, אָנגעגאָסן שפּיגלען. ער האָט געכאַפּט פּעטש פון די זשאַנדאַר־מען אויף מאַיאָוויקעס. באַ די באָלשעוויקעס אָבער איז קאַטשאַלין טייקעף געוואָרן „קאָמיסאַר יוסטיציע", געשטעלט צו דער וואַנט די קאָנטרע, טאָג און נאַכט דאָס אויג ניט אַראָפּגעלאָזט פון ספּעקוליאַנטן, וועלכע האָבן אַרויסגעריסן דעם ביסן באַם הונגעריקן פאָלק.

ווען צום רעדל זײַנען אויף אַ צײַט געקומען די קאָלטשאַקאָווצעס און געדונגענע באָסיאַקעס, האָבן זיי געוואָלט אויסהאַרגענען ביז איין באָל־שעוויק, איז פּאַוועל איסאַיעוויטש אַנטלאָפן פון ריאַזאַן אַזש צו דעם קאַספּי — קאַטשען נאַפט.

דער געוועזענער „קאָמיסאַר יוסטיציע" האָט זיך ניט איין מאָל אָפּ־געטויוולט אין דעם קאַספּי, געזוכט, געגנישטערט, געלעכערט אים דעם בויך, ביזוואַנען ער האָט באַ אים אַרויסגענאַרט דאָס ביסל נאַפט.

הונדערט מאָל האָט ער מיט דער דאָלעטע געגראָבן קרענעצעס, דורכ־געגאַנגען, דאַכט זיך, דעם ערדקויל אויף דורך און דורך, זיך ניט שטאַרק געבייזערט, ווען עס האָט געטראָפן, אַז דאָס בויערן די סקוואַזשינע גייט גאָר ניט אַזוי גלאַט, עס פאַרהאַקט זיך מיטאַמאָל דאָס דאָלעטקעלע פון צוועלף טאָן, — גיי שלעפּ עס אַרויס פון אַזאַ טיפעניש.

נו, אויב פּאַוועל איסאַיעוויטש וועט אָנהייבן דערציילן וואָרט בא
וואָרט, וויאַזוי ער האָט איבערגעכיטרעוועט דעם אַלטן קאַספּי און אַרויס־
באַקומען פון אים דעם אומופהערלעכן שטראָם פון נאַפט, וואָס שלאָגט
נאָך אַדהײַנט — אויב דאָס אַלץ דערלאַנגען אָף טעלערלעך, וואָלט ער
דאָך געדאַרפט זיך אָוועקזעצן אָף אַ טאָג צי צוויי און בלויז ריידן, ריידן,
ריידן... און ווײַל צײַט איז ווייניק, וועט ער עפּשער נאָר זאָגן, אַז אָט
יענע סקוואַזשינע (ער באַווײַזט זי מיר אָף דער קאַרטע), וואָס געפינט
זיך אָפן לינקן ברעג טערעק, איז זײַן לעצט שטיקל אַרבעט און האַלטן
האַלט זי פינף טויזנט מעטער די טיף.

יאָ, דאָס איז טאַקע ניט קיין קליין שטיקל אַרבעט, נאָר אויב זאָגן
דעם עמעס, פאַרשטייט פּאַוועל איסאַיעוויטש נאָך ביז הײַנטיקן טאָג ניט
דער ערדס קאַפּריזן: סע רינט איר מאַמעש איבער דער באָרד, נאָר צע־
שיידן זיך מיט דעם פעטן ביסן — דאָס ניט, דאָס ביסל נאַפט קומט אָן
דעם מענטשן מיט בויך־ווייטעק.

פּאַוועל איסאַיעוויטש גלעט זיך דאָס ציגן־בערדל:

— מע האָט גענוג צאָרעס, ביז די אויגן דערלעבן צו זען דער ערדס
סטעלניק.

אָט בא דעם געברענטן און געבראָטענעם מײַסטער האָט עס מײַן אַל־
טער באַקאַנטער ניומעביידער זיך געלערנט די מלאָכע, וויאַזוי אַרויס־
דערביווען פון די טיפעניש שוואַרץ גאָלד.

— הערט אַ מײַסע, הערט נאָר, הערט! פון דער ערשטער מינוט, ווען
מיר שטעלן נאָר אַרײַן אין דער ערד דעם שפּיץ פונעם עגבער, —
קוועלט אָן ניומע, ווײַזנדיק זײַנע ווײַסע ציין, — שלאָפט שוין קיינער ניט
מיטן געוויינלעכן שלאָף. איין אויג דרעמלט, דאָס צווייטע קוקט, צי עס
דרייט זיך די דאָלעטע... און אויב די מיל מאָלט, מאָטאָרן רודערן, וועט
זײַן נאַפט — טראַקטאָרן וועלן אַקערן, אַעראָפּלאַנען פליִען, שיפן וועלן
שווימען, קאָמבײַנען — מעלויצען, אווטאָמאָבילן וועלן זשעבערעווען בענ־
זין, ווי די פערד האָבער.

ווען מיר בלײַבן מיט ניומען אינצווייען, בעט איך אים, ער זאָל מיר
דערציילן, ווי עס לעבן די מענטשן אין אַזאַ וועסנע אָף דער וועלט, ווען
די ערד האָט זיך אָנגעטאָן אין גרינע גראָז, דער וואַלד — אין בלעטער,
פונעם הימל שײַנט אַזוי וואַרעם די זון, אַ פּאַרע גייט פונעם קאַספּי,
גלײַך ער וויל זיך אָפּקעלבן.

מיר זעצן זיך אַוועק אָפן גראָז, פּאָלין שמעקט אין דער נאָז אַרײַן,
איך קוק אָף ניומעס פאַרשמאָלצעוועט רעקל — איז ער מיר נאָך ליבער,
דער באָכער פון וואָלין. ניומעס טאַטע האָט מיט קיין נאַפט ניט גע־
האַנדלט, געווען איז ער אַ שנײַדער אַזוי זיך, גאָר ניט פון די פויגלדיקע
באַלמעלאָכעס: איין פּאָלע קירצער, איין אַרבל לענגער, אַ קעשענע אַרויף,
אַ קעשענע אַראָפּ — פאַרטיק דאָס סוויטקעלע.

נאָר גאָר אנדערש האָט ניומען געלערנט פּאַוועל איסאַיעוויטש קאַטשאַלין: אָף דעם שטול זיך געזעצט, פאַרגעס ניט אין בענקל, באַלמעלאָכעס פאַלן ניט פון הימל.

און ווײַטער טײַנעט ער, קאַטשאַלין: ער איז שוין אַן אָפּגעשפּילטער בילעט פון דער לאָטערײ... די אַלטע איז אינגאַנצן בלינד. קומט אים אויס באַלעבאַטעווען אויך אין שטוב, אײַניקלעך דרייען זיך אַרום, זין און טעכטער פאָרן אַראָפּ צום זיידן זיך אָפּרוען. קעדיי זיי זאָלן ניט וויסן פון זײַנע צאָרעס, שלאָפט ער ווייניקער, גייט אַליין אין מאַרק אַרײַן, קויפט אײַן גרינס, כוידעש־רעטעכלעך, סמעטענע פאַרן קליינוואַרג, פריש פליייש...

יאָ, קאַטשאַלין איז שוין אַלט, נאָר אַרום אים איז אַזוי אַפּצולאָכעסדיק יונג דאָס לעבן, אַז ס'איז קיין כידעש ניט, וואָס ער היט אַזוי זײַן קישעף־שטעקעלע, דעם עגבער, די זיבן דיזעל־מאָטאָרן, זײַן גאַנצע האָרעוואַניע, וואָס ער האָט פאַר זײַן לעבן אָפּגעטאָן, — און ער גיט עס איבער דעם יונגוואַרג, ניומען מיט זײַן בריגאַדע.

אַכצן ברייטע רערן ציִען זיך לענגויס די שפּיגל־וואַסערן פון דעם קאַספּי. „וווּהין?" — פרעג איך בא ניומע ביידערן. צום סופּערפּאָספּאַטקאָמבינאַט ציִען זיי זיך, צום קאַוטשוק־זאַוואָד, וואָס מע רופט אים סומגאַיִטער ערשטלינג.

באַם אַרײַנפאָר אין סומגאַיִט שטייט שוואַרץ אָף ווײַס אָנגעשריבן: „היט די מינוטן".

אין האָטעל פאַרהאַלט איך זיך ניט, א ביסל מער זיץ איך אין דער גאָרקיך. קאַשטאַנען בליִען דאָ הינטערן פענצטער, זיי קוקן אומפאַרשעמט אין קיך אַרײַן, כאָטש גיב זיי א ביסל געקעכטס.

איך הייב אויף די אויגן פונעם טעלער: אָף מײַן וואָרט — דער יאַם איז דאָ צופיל היימיש, עס זעט אויס, ווי די ערד וואָלט אים אַרויסגעשלעפּט נאָך פון א גרעסערן יאַם און ער, אַזא גרויסער, ווילער ליוויאָסן, האָט זיך דאָ צוגעמאָסטעט לעבן דער נײַער שטאָט סומגאַיִט — און טשעפּעט אים ניט, וועט ער אײַך אויך ניט טשעפּען.

א נײַע, יונגע שטאָט. יונגע סקווערן, קליינוווקסיקע סעדער. ווײַסע ריינע טראַמווײַען און טראָליייבוסן. שטיל גייען זיי פאַרבײַ, ווי טויבן, באַמאָלטע און פאַרפּוצטע, ווי צו א גרויסן יאָמטעוו.

באַם זאַוואָד פון סינטעטישן קאַוטשוק שטעל איך זיך אָפּ: איך דאַרף דאָ געפינען דעם דאָצענט שימען סאָלאָמאָנאָוויטש שטשעגאָל, דעם אָנפירער פון דער צענטראַלער לאַבאָראַטאָריע פונעם זאַוואָד.

שימען איז געבוירן געוואָרן אין סעוואַסטאָפּאָל. צו זעכצן יאָר איז ער שוין אין דער העלדן־שטאָט א סאָלדאַט אין דער קאָמיוגישער אָפּאָלטשעניע. דער פאָטער זײַנער, סאָלאָמאָן שטשעגאָל, איז לאַנגע יאָרן דער הויפּט־אינזשעניער פון די רעמאָנט־וואַרשטאַטן אין סעוואַסטאָפּאָלער פּאָרט.

אין טואפסע, דערנאָך אין דער שטאָט פּאָטי, וווּהין מע האָט מיל־כאָמע־צײַט עוואַקויִרט די שיפן פון סעוואַסטאָפּאָל, האָט סאָלאָמאָן שטשעגאָל אופגעשטעלט ניט איין צעמאַזיקטן עסמינעץ, אים אומגעקערט אפן שווארצן יאם.

שימען האָט געארבעט אפן זאַוואָד איניינעם מיטן טאַטן. נאָך דער מילכאָמע האָט ער פארענדיקט דעם אָדעסער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט און שפּעטער אָנגעקומען אין אַספּיראַנטור.

שימען איז זייער מיד, ווײַל ערשט האָט זיך פארענדיקט, אונטער זײַן אָנפירונג, די קאָנפערענץ פון כימיקער, וואָס זײַנען געקומען אין דער יוגנט־שטאָט איבערצונעמען די קונץ, ווי־אַזוי צו ארויסבאַקומען גוטן, ווי פּערוואַק־ספּירט, קאַוטשוק, און איצט אײַלט ער שוין, דער דאָצענט, עפּעס אף א סעמינאַר — לייענען א לעקציע. און ווײַטער? ווײַטער גייט דער יונגער שטשעגאָל אויך ניט ארום ליידיק. „איך גרייט די דאָקטאָרסקע דיסערטאַציע. ס'איז א געפּיל אַזאַ, פּונקט איך וואָלט ווידער געוואָרן א לערן־ייִנגל!..”

פינף און צוואַנציק אָפּגעדרוקטע ארבעטן, צוועלף פּאַטענטן אף דער־פינדונגען — א גוויר א ייִד, אָט דער שימען סאָלאָמאָנאָוויטש, — און ער לויפט נאָך קנעלן אין „כיידער” ארײַן.

אידע יעווסייעוונע שטשעגאָל, שימענס פרוי, יאַשע דעם פּראָווי־זאָרס טאָכטער, איז אויך אף אָט דעם יוגנט־זאַוואָד. זיי האָבן איניינעם פארענדיקט דעם אינסטיטוט, ארבעט זי מיט שימענען אין דער זאַוואָ־דישער לאַבאָראַטאָריע.

אָט האָט איר אײַך — סומגאַיִט!

— יאָ, איר האָט געזען אונדזער דעוויז באַם ארײַנפאָר אין סומ־גאַיִט? „היט די מינוטן”!

שימען געזעגנט זיך אָפּ מיט מיר און ווערט פארשוווּנדן.

סומגאַיִט! אויסגעוואַשן זײַנען דײַנע זאַמד־ברעגן, באַלייגט מיט קיזל־שטיינער און אָנגעוואַרעמט פון דער שטארקער זון. קארגע פּופּצן יאָר שטייט שוין אָט די יוגנט־שטאָט.

פארשיידענע קאָלירן באַקומט דער קאַספּי: אָט איז ער גרין פון די נאַפט־פלעקן, און אָט איז ער ראָז פון דער זון. אין געדיכטן טומאַן אײַנ־געהילט, קימאַט גרוי, ווי דער ראַנד פונעם הימל, שלאָפט אײַן סומגאַיִט.

איך בין א גאַסט אין סומגאַיִט. מאָרגן פאָר איך אוועק פונדאַנען מײַן איבערגעפולט מיט גרויסער פרייד וואָרעם הארץ. סומגאַיִט איז די טײַטש: „קער זיך אום”. ווי אין אָרטיקן סייפער־האַזיכרוינעס שטייט גע־שריבן, האָט סום — דער יונג געוואָרפן די דאָזיקע מעקוימעס, געלאָפן אין דער וועלט ארײַן צו געפינען דאָס מאַזל. „סום־גאַיִט, קער זיך אום!” — האָט אים זײַן געליבטע מיידל גערופן צוריק. — „סום־גאַיִט!”

אין ראַדיאָ שפּילט מען אָגינסקיס פּאָלאָנעז, ווי א מאַטאָנע דער לע־וואָנע, וואָס באַשײַנט די מאַזלדיקע יאַם־שטאָט.

גאנצפרי בין איך שוין אף די פיס, איך גיי דאָס לעצטע מאָל דורך די גאסן פון סומגאַיִט.

מאשינעס הודען דאָ שוין, עקסקאוואטאָרס גראָבן נײַע קאָטלאָוואנען פאר פונדאמענטן. בולדאָזערס רײַסן די הארבע שטיינערנע ערד, מאכן טיל־טעל פון כורוועס. נײַע הײַזער ווערן געבוירן אזוי גיך, ווי א פינטל מיטן אויג.

און אָט איז א סאָד באם יאם. איילבירטן וואקסן אין הילצערנע דייזש־קעלעך, ווײַל די ערד איז דאָ געזאלצן. שטייען זיי לענגויס דער קינדער־שער אײַזנבאַן־ליניע, בא דעם פּיאָנער־לאגער פון דער שטאָט. אזוי געטרײַ אויסגעזעצט, וואקסן זיי באגאָסענע מיט זון, באשאָטענע מיט שווארצערד. געגנוג עסן און טרינקען איז פארגרייט פאר די שייניקע איילבירטן, וואָס קוקן מיט נײַגער אפן קליינעם פאראָוויקל מיט די וואגאָנטשיקעס, וועלכע האָבן, מידע פונעם טאָג, אזויפיל קינדער־פאר־שווינדלעך הײַנט איבערגעטאסקעט פאזע דעם ברעג, פאזע די כוואליעס.

ניין, אויסטראכטן אזעלכס איז אומעגלעך, די נעשאָמע מוז זינגען, דאָס הארץ קלאפן, די אויגן גלאנצן פון פרייד, ווען איר דערזעט אזא יונג לעבן אין דעם פארק באם וואסער.

די שטאָט סומגאַיִט איז שטענדיק אין ווארטעניש: זי ווארט, מע זאָל איר אונטערוואַרפן רויען נאפט — וועט זי אים איבערארבעטן אף אירע כימישע זאוואָדן.

איך טראכט אלץ פון אמאָל. כ׳געדענק: א קאנעצל פון א שטיקל קאר־טאָפליע אָדער א קנויט אין בוימל... עס שטייט אוף די מאמע פארטאָג פארקנעטן די באקדייזשע.

— ווי קומט צו דיר, מאָטיע, אזויפיל קינדער?

— ניטאָ קיין גאז...

— נו, א מאָשל־קאפּאָשל... ניטאָ קיין גאז — איז פינצטער.

— יאָ, ליפע, פינצטער — ווערן געבוירן קינדער...

דאָ, אין דער אזערבײַדזשאנער יוגנט־שטאָט סומגאַיִט, איז פאראן אזויפיל שײַן, וויפל שטערן אין הימל, כאָטש נעם זיי, מאמעניו מײַנע, אין דער זיפּ ארײַן, ווי אויסגעלופּעטע הינדעלעך...

ווידער אין באקו!

זונטיק, קוים דערלעבט דעם זיבעטן טאָג פון דער וואָך, אויסגעצ־שפּאנט זיך פון דער האוועניש, געקויפט א פרישע צײַטונג „באקינסקי ראבאָטשי״, הייב איך אָן ארײַנקוקן אין די הויפן פון דער הויפּטשטאָט פון אזערבײַדזשאן. באקו פארמאָגט פיל בולווארן, גרינע סעדער, ווײַנטרויבן וואקסן דאָ בֿא די פענצטער, אונטער די דעכער, פארהיט מיט אײַזערנע גראטעס, די קינדער זאָלן זיי ניט איבעררײַסן די אָדערן.

איוועס, ווי צעשויבערטע מאכשייפעס, אינמיטן שטאָט, אָנגעווארעמט זיך פון דער סארפנדיקער זון, מאכן זיי פון איר דאָס גרעסטע געלעכ־

טער. טפו, טפו, טפו... אף מײַנע סאָנימס קעפּ. איוועס לאכן? זיי דארפן גאָר װײנען!..

דאָס אייביקע פײַער ברענט באַם דענקמאָל פון די טראגיש אומגעקו־מענע זעקס און צוואנציק קאָמיסארן. באַ אָט דער בראָנזע נעמט מען אראָפּ די היטלען, מע שטייט מיט פארפרעסטע ליפּן, מע ווייסט, אז קאַגאנאָוו, פּאָלוכין, בערג, באסין זײַנען צעשאָסן געוואָרן דורך דער אַנטאַנטע, ווײַל זי האָט געוואָלט ווערן באַלעבאָס איבער באַקינער נאַפט־אויצ־רעס.

און איך גיב צו מײַנעם א געדאַנק צו דעם, וואָס אלע טראכטן: שימען שטשעגאָל וואָלט דען געוועזן צווישן די באַלעבאַטים פון סומגאַיִט? ער וואָלט דען ארומגעגאַנגען אזוי שטאָלץ מיט זײַן טעכטערל עטעלען איבער דער נײַער שטאָט, ווען דער טאַטע זײַנער סאָלאָמאָן שטשעגאָל און ער אליין — אויך אין דער קאָמיוגישער אָפּאָלטשעניע — וואָלטן ניט גע־שלאָגן דעם פּאַשיסט?

„באסין, איינער פון די זעקס און צוואנציק, — לייען איך אפן טאָוול, — איז געבוירן געוואָרן אין טשעריקאָוו, מאָהילעווער גובערניע״. באסין, דער ייִדישער באָכער מיט צוויי ליכטיקע אויגן, האָט געטרוימט, אז שימענס טעכטערל עטעלע זאָל וואקסן צווישן פּאַלמעס, וואָס ווערן קיינמאָל ניט עלטער...

אף דער גאַס ניזאמי לאָדט מען מעל. מיט ווײַסן שטויב זײַנען באַ־דעקט די מאשינעס. און דאָ גלײַך גרינען די טאָפּאָלן, מע שערט זיי אונ־טער די פּייעס, קינדער מארשירן צום קיראָוו־פּארק. פּײַקלעך קלאַפּן אויס דעם מארש פון יונגע לעגינצעס. מיטאמאָל שטעלט די קאָלאָנע זיך אָפּ, לאָזט דורך אן אינוואליד, וואָס מיט דער הילצערנער קוליע לאָזט ער נאָך זיך שפּורן פון דער פארגאנגענער מילכאָמע.

אינמיטן שטאָט — פייגעלעך. זיי זינגען אין די נעסטן פונקט אף דעם אָרט, ווו צווישן די בלײַענדיקע אקאציעס בויט מען דעם באַקינער מעטראָ.

— איר ווילט פארזוכן ייִדישע געפילטע פיש מיט כריין אָדער וואַ־רעניקעס מיט קעז? — טוט מיך דער בריגאדיר, ניומע ביידער, אומגע־ריכט א שלעפּ פארן ארבל. — קומט צו די וואָלינער.

— וואַרעניקעס מיט קעז? וועקט מיך אוף אינמיטן דער נאכט, בין איך גרייט צו גיין אפילע הונדערט ווערסט צופוס.

גוטמאַנס שטוב שטייט ניט ווײַט פונעם נײַעם מיקראָ־ראַיאָן. ס׳איז א מעכײַע צו זען, וואָס אין אָט דער ליכטיקער דירע־מעלוכע ארבעט זיך אויס: זיבן זין — אלע אינזשעניערן, זיבן שניר, קימאט זיבן מאָל זיבן אייניקלעך, זיבן טירן, זיבן גרויסע ליוסטרעס באַשײַנען דאָס לעבן, וואָס איז אין פולן ברען.

— א מישפּאָכע, קיין איינהאָרע, — זאָגט ניומע, — צו גאָט און צו לײַט. טאָג און נאכט פּראָיעקטירט מען. ס׳איז, זאָג איך אײַך, ניט קיין פּאַ־מיליע, נאָר א מין סוויטע באַ די סקוואזשינעס...

דער אלטער זאלמען גוטמאן ווייסט ניט פון קיין שאבעס, פון קיין יאָמטעוו. אפילע דעם הייַנטיקן ערשטן מייַ, ווען גאנץ באקו האָט געשפּילט אפן דודעלע, איז ער מיט א פּאָר זין זייַנע געגאנגען אין די ברייטע ברעזענטענע הויזן אף איינעם א באצירק, ווו ס'האָט זיך געפּאָדערט עפּעס א דרינגענדיק שטיקל ארבעט.

יעדן קאיאָר ציִנדן זיך אָן אין גוטמאנס דירע די זיבן לאָמפּן. עס מאכן זיך אוף אלע זיבן טירן, און אָט איז שוין קיין זייכער ניטאָ פון א לעבעדיקן נעפּעש. א גאנצן טאָג — נאָר מע שמאָרעט ערגעץ בא די פּאָמפּעס מיט די לאנגע נעזער. אלי סולטאמאָוו, זייער נאטשאלניק, גייט אָפּ מיט שווייס, ער קאָן פון די גוטמאנעס ניט פּאָטער ווערן...

זאלמענען רופט מען „זיידע ניזאמי”. בא גוטמאנען אין בוזעם־קעשענע ליגט א סייפערל, דאָרט פירט זאלמען דעם כעזשבן, וועלכע סקוואַזשינעס עס דארפן זיך נאָך מעלקן און בא וועלכע מע דארף נאָכאמאָל א טאָפּ טאָן די אייַטערס...

די בניי־גוטמאנס זייַנען וואָלינער יידן — דאָס האָבן זיי טאַקע אהער פארשלעפּט אויך ניומע ביידערן, געמאכט פונעם שנייַדער־יונג א קרענעצע־גרעבער.

— איר זעט, — טוט ניומע א ווייַז מיט דער האנט, — דער קיניג פון נאפט זאלמען גוטמאן זיצט שוין אין זייַן שטול, בא דער גאנצער סוויטע זייַנען די באקן אין נאפט אויסגעניאָרעט, הייסט עס, אז מע האָט געפונען דאָס, וואָס מע האָט געזוכט.

בא די גוטמאנס מאכט מען קידעש נאָר אין דעם פאל, אויב די האָרעוואַניע פארשאפט פארגעניגן.

שטייען דעמלט מאשינעס ארום דער שטוב, גלייַך ברענגט מען צו פירן פּאוועל איסאיעוויטש קאטשאלינען, דעם פּאטריאַרך פון באקו. זיבן ליוסטרעס ציִנדן זיך אָן, ווי אין דער גרויסער אָפּערע: מיט גינגאָלד, מיט צאצקעס און גלעזערנע גלעקעלעך. זאלמען נעמט זייַן אלט פידעלע, די זיבן זין — זייערע פּייַקלעך און טרומייטן, — און די גאנצע גאס הערט זיך שוין צו, וויאזוי עס שפּילט די קאפּעלע פון די גוטמאנס.

ארום זאלמענס שטוב שטייען א וועלט מיט קראנען, ווי העלפאנדן, וואָס ווילן זי מאמעש אייַנשלינגען. ס'איז נאָך אָן אלטער ביניען מיט קאווקאזער קארניזן.

אלי סולטאמאָוו איז שוין גראָוו געוואָרן, טראכטנדיק, מיט וואָס צו פארפּוצן דעם נייַעם הויף, דאָס הויז, וואָס בויט זיך אין מיקראָ־ראיאָן. ביז איצט האָט ער נאָך ניט באשלאָסן, וועלכע דירע אויסצוטיילן דאָרט פאר גוטמאנס הויזגעזינד — דער קאָפּ מאמעש שפּאלט זיך אים, דעם נאטשאלניק פון דער נאפט־קאָנטאָר.

אין שטוב בא די וואָלינער שמעקט מיט געפילטע פיש, מיט פּעפּער און געזייַערטער שארלאָטע.

דער טאטע זאלמען נעמט דעם פולן בעכער, טוט א שמייכל:

— דער פּאָנטאן אינמיטן שטאָט וואשט זיך דאָס פּאָנעם מיט וואסער. מיר שמירן זיך מיט נאפט, אָבער טרינקען דארף מען, קינדער, ווייַן...

...איך האָב, דאכט זיך, שטענדיק געקײַט א בײַוועלע, די מאמע זאָל מיר ניט פארנייען דעם סייכל, נאָר אז מע האָט מיך געבראכט אף א שיף צו דער אויסטערלישער שטאָט „נאפט־שטיינער", האָב איך אויסגעגלאָצט א פּאָר נארישע אויגן און גלייבן ניט געוואָלט, אז אזעלכע מאָפּסים קאָנען גאָר געשען: די שטאָט הענגט אף גאָרניט...

א קראך אף אײַזערנע באלקנס אין אָפענעם יאם. פאראן דאָ אלץ, וואָס א שטאָט דארף האָבן: אפילע אספאלט און טראמווײַען, האָטעלן און קינדער־יאסליעס, אווטאָבוסן און צײַטונגס־קיאָסקן.

מאכטיאר מאמעדאָוו, — ער פירט אָן מיטן „יאם־פלאָט" ארום די „נאפט־שטיינער", — פארבעט מיך אָנקוקן די ערשטע סקוואזשינע, וואָס פון איר, אייגנטלעך, הייבן זיך אָן די פילצאָליקע קוואלן פון פליסיקן גאָלד. דאָ, שטייענדיק באם בארימטן אָרט, עפנט ער מיר דעם סאָד, אז די „נאפט־שטיינער" רופן זיך נאָך מיט א צווייטן נאָמען: „פרײַנטשאפט־אינדזל", ווײַל אין אָט דער־אָ וווּנדערשטאָט ארבעטן פינף און צוואנציק נאציאָנאליטעטן.

פארטראכטנדיק זיך אף א רעגע, זאָגט צו מיר מאכטיאר מאמעדאָוו:

— יאָ, יאָ, אונדזער פרײַנטשאפט איז פונקט אזוי אומעגלעך אויסצושעפּן, ווי די קוואלן אין קאספּי...

איך קוק צו די גאנעקלעך פון די נײַע הײַזער, דאָרטן שטייען אייוועלעך אף צו פרעגלען שאשליקן — אהער, ווײַזט אויס, האָט גוט דערלאנגט דער געפעפערטער אזערבײַדזשאנער שטייגער.

און אויך דאָס נײַע האָט מיט אקשאָנעס זיך ארײַנגעריסן אהער. אפילע די אקאציעס אף די גאסן זײַנען דאָ נײַ — צוזאמען מיט דער ערד און מיטן טרונק וואסער פאר די ביימער, וואָס מע ברענגט פון דער יאבאָשע. זיי קילן, די אקאציעס, דעם אָטעם פון דער שטאָט, די זון זאָל אזוי ניט טשמעליען איר אין קאָפּ ארײַן.

פונדאנען, פון די „נאפט־שטיינער", קוק איך אף באקו. איך טראכט, אז זאלמען גוטמאן מיט זײַנע באָנים איז שוין ערגעץ אין סטעפּ בא די פּאָמפּעס. דער אלטער אינזשעניער קוקט ארײַן אין זײַן סייפערל: בא וועלכער סקוואזשינע קאָן מען אויסמעלקן נאָך א פּאָר הונדערט טאָן פעטראָלעום צושטײַער דעם לאנד, וואָס וועט, אימײַרצעהאשעם, אין א צײַט ארום, ווי די בלעטער שרײַבן, געבן זיבן הונדערט מיליאָן טאָן נאפט, — ס'וועט זײַן א גלײַכער כעזשבן: זיבן זין, זיבן שניר, זיבן הונדערט מיליאָן טאָן נאפט.

האקלאל, מע דארף פאָרן אהיים — גלײַך פון די „נאפט־שטיינער" צום באקינער וואָקזאל, קיין מאָסקווע, צום שרײַבטיש, צום ווײַסן ביייגעלע פאפיר.

נאפט־פּאָמפּעס באגלייטן מיך ארויס. „זײַ געזונט, פאָר געזונט!" — שאָקלען זיי מיט די קעפּלעך.

אין סטעפּ ברענט דאָס גראָז, די זון קילט ניט אָפּ איר סארפענדיקע נעשאָמע: „זײַ געזונט, פאָר געזונט!"

סומגאיט, 1964

# אינהאלט

## דערציילונגען און נאָוועלן



## אייגענע מענטשן (פאַרצייכענונגען)




*Губницкий Александр Матвеевич*

МОЕ БОГАТСТВО

*(На еврейском языке)*

М. «Советский писатель», 1973, 360 стр. План выпуска 1973 г. № 193. Художник Г. А. Кравцов. Редактор М. С. Беленький. Худож. редактор Д. С. Мухин. Техн. редактор И. М. Минская. Корректор А. Б. Стрельник.

Сдано в набор 2/IV.1973 г. Подписано к печати 22/XI.1973 г. Бумага 84×108 1/32, № 1. Печ. л. 11 1/4 (18,9). Уч.-изд. л. 21,45. Тираж 2700 экз. Заказ № 264. Цена 80 коп. Издательство «Советский писатель». Москва К-9, Б. Гнездниковский пер., 10. Ордена Трудового Красного Знамени Московская типография № 7 «Искра революции» «Союзполиграфпрома» при Государственном Комитете Совета Министров СССР по делам издательств, полиграфии и книжной торговли. Москва, Г-19, пер. Аксакова, 13.